


אַרויסגעגעבן פונעם דאַווידזאָן בוך-קאָמיטעט
ניו-יאָרק, 1949

**TZU GAST BAI DER VELT**

**"VISITING THE WORLD"**

**Episodes of an Autobiography**



**H. DAVIDSON**

2855 Barker Ave., Bronx 67, New York

Published by Davidson Book-Committee, 1949

Printed in the United States of America by

The Shoulson Press, New York

 255

---

## פון זעלבן מעכאַבער זענען ביז איצט דערשינען די פאָלגנדיקע ביכער:

„געשלאָסענע רייען" (דערציילונגען) ........................ 224 זייטן, 1935

„אין אַזאַ צייט לעבן מיר" (דערציילונגען) .................. 298 זייטן, 1938

„בייטשלאַנד" (אַנטי־נאַצי דערציילונגען) .................. 48 זייטן, 1939

„איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער" (מילכאָמע־טרילאָגיע וועגן דער ערשטער וועלט־מילכאָמע און רעוואָלוציע) (באַנד 1) 1941; (באַנד 2) 1942; (באַנד 3) 1944 — 900 זייטן

„אַט אַזוי זעגט אַ סטאָליער" (געטאָ־דערציילונג) ............ 32 זייטן, 1945

„מיט דער דראַטווע — אַ צי" (געטאָ־דערציילונג) ............ 32 זייטן, 1945

„רויטע קאַרשעלעך רייסט מען" (געטאָ־דערציילונג) .......... 32 זייטן, 1946

„די גרויסע פאַרשווערונג" (פון מייקל סעיערס און אַלבערט ע. קאַהן) איבערזעצונג .......... 463 זייטן, 1946

„פאַרהאַנג" (איינאַקטערס און מאָנאָלאָגן) .................. 208 זייטן, 1947

# דערקלערונג פון מעכאַבער



כאַים מאָרגאַלעס־דאַווידזאָן

ווי אָנגעגעבן אפן שאַאַר־בלאַט, איז דאָס בוך „צו גאַסט ביי דער וועלט" אַ באַנד מיט עפּיזאָדן פון מיין אויטאָביאָגראַפיע. איך האָב פון מיין זיקאָרן אָפּגעקליבן אַ צאָל דראַמאַטישע עפּיזאָדן, און זיך אָפּגעשטעלט אף געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע געשעענישן בלויז אף אַזויפיל אף וויפל זיי האָבן געהאַט אַ דירעקטע שייכעס מיט מיר אַליין, אָדער אַזעלכע וואָס האָבן געדאַרפט דינען פאַר אַ הינטערגרונט, קעדיי בוילעטער אַרויסצוברענגען אַ געגעבענעם עפּיזאָד.

איך האָב זיך אָבער באַמיט אָנצוהאַלטן אין דעם בוך אַ געוויסע העמשעכדיקייט, — אַ פאַר־בינדונג צווישן די עפּיזאָדן, קעדיי עס זאָל זיך באַקומען אַ גאַנץ בילד פון אַלע זיגזאַגישע פּאַזעס אין מיין לעבן, און אויך קעדיי צו געבן אַ פליסיקן נאַראַטיוו, אָן בלויזן.

מיך פאַרדריסט, אַגעוו, צו באַמערקן, אַז ווי עס זעט אויס, וועט דאָס איצטיקע בוך זיין דאָס לעצטע וואָס איך אַליין גיב אַרויס. סיבעס זענען פאַראַן זייער אַ סאַך — סיי פּערזענלעכע און סיי אַלגעמיינע. דער טראַגישער צושטאַנד פון אידישן בוך־פאַרקויף איז באַקאַנט יעדן אינטעליגענטן לייענער און עס איז נישט נויטיק דאָ צו רעדן וועגן דעם. איך דאַרף בלויז צוגעבן, אַז איבער מיין פיזישן צושטאַנד, וואָס באַרויבט מיך פון צו קאָנען קומען אין פּער־זענלעכן באַריר מיט די לייענער־מאַסן, איז אַ ברייטער פאַרשפּרייט פון מיינס אַ בוך קימאַט ווי אומעגלעך. די צאָל פּערזענלעכע פריינט, אָדער סטאַם ליבהאָבער פון אידישן געדרוקטן וואָרט ביכלאַל און פון מיין שאַפן ביפראַט, איז אויך — טאַקע איבער מיין געצוואונגענער אָפּגעריסנ־קייט פון עפנטלעכן אַקטיוון לעבן — געוואָרן ווי איינגעשרומפּן.

דערפאַר טאַקע וויל איך דאָ אויסדריקן מיין טיפסטן דאַנק צו מיינע געציילטע פריינט און כאַוויירים, וועלכע האָבן פריער און אויך איצט געהאָלפן ברענגען מיינע ווערק צו די לייענער. מיט אַ געפיל פון אנערקענונג דרוק איך דעריבער זייערע נעמען אף אַ ספּעציעלער זייט אין דעם בוך, און איך האָף, אַז דאָס וועט זיין פאַר זיי אַ געוויסע באַלוינונג פאַר דער אַרבעט וואָס איז פאַרבונדן מיטן פאַרשפּרייטן פון אַ אידישן בוך. זאָל דאָס אויך זיין ווי אַן אייביקע באַשטע־טיקונג, אַז די דאָזיקע מענטשן האָבן זיך נישט באַנוגנט מיט רעדן, אַז מען דאַרף בויען די אידיש־פּראָגרעסיווע ליטעראַטור, נאָר זיי האָבן זי טאַקע מיט זייערע הענט און אייגענער מי געבויט און אויסגעטראָגן...

איך וויל דאָ אויך פאַרצייכענען מיין באַזונדערן דאַנק און אנערקענונג צום קולטור־טוער, פריינט איסראָעל לעווין, פאַר זיין פרייוויליקער ביישטייערונג פון די קאָסטבאַרע מעשענע פּלאַטן פאַר די בוך־טאָוולען; ווי אויך אַ דאַנק דעם פריינט א. שאָולזאָן — דעם אייגנטימער פון דער דרוקעריי — פאַר זיין וואונדערלעך־פיינער באַציאונג און ערלעכער צוזאַמענאַרבעט אין זעצן און אָפּדרוקן דאָס דאָזיקע בוך...

**און צום סאָף — אַ וואָרט צו מיינע לייענער:**

נעמט צו מיין האַרציקן דאַנק פאַר אייער באַציאונג צו מיר אין די אַלע יאָרן, און פאַר אייער גרייטקייט אויפצונעמען און לייענען מיינע ווערק. איך האָב זיך באַמיט צו דינען אייך, מיין קלאַס און פאָלק, מיט מיין פעדער. איך האָף, אַז איר האָט האַנאָע געהאַט פון זיי און איך וויל גלויבן, אַז אויך פון דעם פאַרגעלייגטן בוך וועט איר האָבן דעם זעלבן גייסטיקן פאַרגעניגן. יעדנפאַלס, לאָזט הערן פון זיך. עס וועט ביי מיר זיין זייער כאַשעווּ...

* * * * *

# נאָכאַמאָל און מער וועגן פאָנעטישן אויסלייג

צוליב אַ צאָל אָנפראַגעס און אַרגומענטן, וואָס זענען אַרויסגערופן געוואָרן דורך מיין עסעי וועגן דעם פאָנעטישן אויסלייג פון די העברייאיִשע עלעמענטן אין אידיש, וואָס איך האָב געהאַט אָפּגעדרוקט אין מיין פריערדיקן בוך „פאַרהאַנג״, — געפין איך פאַר נויטיק נאָכאַמאָל אָפּצודרוקן די זעלביקע עסעי אין דעם פאַרגעלייגטן בוך, אָבער דאָסמאָל — פולער, און מיט ענטפערס אף די נייע אַרגומענטן און טאַינעס, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט געוואָרן.

אָפּצודרוקן דעם ערשטן מאָל די עסעי, האָב איך געהאַט באַשלאָסן, נאָכדעם ווי איך האָב דער־האַלטן אַ צאָל בריוו פון לייענער — טייל מיט פריינטלעכע פראַגעס, אָבער אַנדערע מאַמעש מיט זידלערייען, פאַרוואָס איך בין אַזוי „מעכאַלעל״ דעם „לאָשן־קוידעש״ און לייג אויס די העברייאיִשע ווערטער פונקט ווי זיי וואָלטן געווען אידישע. איינער האָט אַפילע געפרעגט, פאַרוואָס איך שמאַד זיך נישט און פאָטער אַן אייסעק (אָט אַזוי־אָ!)...

דערקלער איך דאָ, אַז איך לייג אויס די געוויזענע העברייאיִשע ווערטער אין מיינע ביכער ווי אידיש, ווייל זיי זענען אידיש! איך האַלט, אַז ווען אַ וואָרט ווערט אַריינגענומען אין אַ שפּראַך און ווערט אַן אינטעגראַלער טייל פון איר, דאַרף עס קריגן די זעלביקע באַהאַנדלונג און בירגער־רעכט אינעם אויסלייג, ווי אַלע אַנדערע ווערטער פון איר באַשטאַנד, אָן שום באַזונדערע „פּרימעטעס״.

איך גלויב, אַז אידיש, ווי אַ מאָדערנע אייראָפּעאישע שפּראַך, טאָר נישט אָנהאַלטן קיין פאַר־עלטערטע טראַדיציעס און גרוזעצן פון אַ לאָשן, וואָס איז געשאַפן געוואָרן מיט טויזנטער יאָרן צוריק, ווען מען האָט זיך נאָך נישט געקאָנט דערטראַכטן צו זעלבסט־הילכיקע בוכשטאַבן (וואָ־קאַלן). איך גלויב אַפילע, אַז אויך פאַר העברייאיִש אַליין וואָלט געווען פיל געזינטער ווען מען זאָל אין דעם לאָשן אַריינברענגען די וואָקאַלן, פונקט ווי מען האָט אַמאָל אַריינגעבראַכט די נעקודעס. איך בין זיכער, אַז עס וועט נאָך קומען אַ צייט, ווען די פירער און פילאָלאָגן פון איסראָעל וועלן דאָס איינפירן אויך אין העברייאיִש, קעדיי צו מאַכן אַז דאָס לאָשן זאָל זיין לייכט און צוגענגלעך פאַר די ברייטסטע פאָלקס־מאַסן...

אָבער איך קלויב זיך דאָ נישט צו געבן אייצעס די העברייער ווי אויסצולייגן זייערע ווערטער. קלאָר איז אָבער, אַז יעדע זעלבסט־רעספּעקטירנדיקע שפּראַך לייגט אויס די אַריינגענומענע פרעמד־ווערטער לויט אירע אייגענע געזעצן און טראַדיציעס, און נישט ווי זיי ווערן אויסגעלייגט אין דער שפּראַך פון וועלכער זיי זענען אַמאָל גענומען געוואָרן, ספּעציעל נאָך ווען דער אַלטער אויסלייג מאַכט שווערער און קאָמפּליצירטער דעם פליסיקן גאַנג פונעם לייענען.

העברייאיִש אַליין, ווען זי נעמט אַריין אַ ניי פרעמד־וואָרט אין זיך, אַסימילירט זי עס גלייך און לייגט עס אויס לויט אירע געזעצן. דאָ, פאַרשטייט זיך, קאָן איך זיך נישט ברייט אָפּשטעלן צו געבן מוסטערן, אָבער עס איז גענוג צו ברענגען אַ ביישפּיל פון עטלעכע ווערטער: „אַמעריקאַ, פילאַדעלפיאַ, טעלעפאָנע, דאַווידזאָן״, לעמאָשל, שרייבט מען אין העברייאיִש: „אמריקה,

פילדלפיה, טלפון, דודזון" א. אַ. וו. פאַרוואָס זשע זאָל מען אין אונדזער אידיש דאַווקע יאָ אָנהאַלטן די פרעמדע „געבורט־צייכנס"?...

געווען אַ צייט, ווען מען האָט די דייטשישע עלעמענטן אין אידיש אויך אויסגעלייגט מיט די „געבורט־פּרימעטעס", ווי טאָפּל־בוכשטאַבן, שטומע בוכשטאַבן א. ד. ג. אָבער מיר האָבן זיך שוין באַפרייט דערפון און עס איז געווען צום געזונט און וואוילזיין פון אידיש. פאַרוואָס־זשע זאָלן מיר אָנהאַלטן דעם „הויקער" בענויגייע די געוועזענע העברייאישע ווערטער?...

אַז זיי זענען געוועזענע, איז קלאָר דערפון, וואָס דאָס אידישע פאָלק, די וואָס האָבן געשאַפן און זיך אויסגעלעבט אין אידיש, האָבן אָט די העברייאישע ווערטער שוין לאַנג פאַראידישט. דאָס ראָוו ווערן זיי אַפילע נישט אַרויסגערעדט ווי אין העברייאיש. אָנשטאָט „שאַבאָס" — זאָגט מען אין אידיש „שאַבעס"; אָנשטאָט „שאָלוים" — „שאָלעם"; אָנשטאָט „דוירויס" — „דוירעס"; „שאַיאָכוס" — „שאַיכעס" ; „קליי־זעמער" — „קלעזמער ; „יוים־טויוו" — „יאָנטעוו" א. אַ. וו. דער זעלבער איד, וואָס זאָגט ביים דאַוונען אין סידער: „בעיוים האַשאַבאָס", זאָגט ביים רעדן: „גוט־שאַבעס", „גוט־יאָנטעוו"... טייל ווערטער האָבן אין אידיש גאָר אַן אַנדערן באַדייט ווי זיי האָבן אין העברייאיש. אַנדערע, ווידער, דאַרפן האָבן אַ אידישן געהילף־ווערב, ווי „טויעם־זיין, האַנאָע־האָבן, צדאָקע־טאָן, כאַסענע־מאכן", וואָס אָן דעם וואָלט דאָס העברייאישע וואָרט קיין שום האַפט נישט געהאַט. עס זענען אַפילע דאָ פאַלן וואו דאָס פאָלק האָט געביטן דעם געשלעכט פון ווערטער. לעמאָשל: „ראַכמאָנעס", „זכוס", וואָס זענען אין העברייאיש בעלאָשן נעקייווע, ווערן לאָשן זאָכער אין אידיש, און פאַרקערט : „מוירע" וואָס איז אין העברייאיש בעלאָשן זאָכער, ווערט אין אידיש לאָשן נעקייווע. דאָס אידישע פאָלק האָט ביכלאַל אַראָפּגענומען דעם שטייפן קאָרסעט, וואָס האָט געהאַלטן די געוועזענע העברייאישע ווערטער געקרעמפּעוועט מיט אַקצענטן אף די לעצטע זילבן. אין העברייאיש זאָגט מען אייליק, ווי אונטערגעהונקען: „שאַבאָס, עמעס, שאָלוים, כאָסאָן, קאַלאָ, מעכוטאָן, מעכוטאָנים, איסראָעל" א. ד. ג. אין אידיש, אָבער, ווערט דער אַקצענט איבערגעטראָגן, לויז־געלאָזט. אידיש האָט די דאָזיקע ווערטער געמאַכט פריי, באַוועגלעך, לייכט, און מען זאָגט ברייט, בימנוכע: „שאַבעס, עמעס, שאָלעם, כאָסן, קאַלע, מעכוטן, מעכוטאָנים, איסראָעל" א. אַ. וו. דאָס פאָלק האָט אף אַן אייגנאַרטיקן אופן פאַראידישט די געוועזענע העברייאישע שטייפע ווערטער, וואָס עס האָט אַרייגענומען אין אידישן לאָשן.

עס פרעגט זיך דעריבער: אויב דאָס פאָלק, וואָס איז דער „פּויסיק־אַכראָן", האָט — סיי לויט דער טנוע און סיי לויטן אַקצענט — מיט זיין מויל פאַראידישט די דאָזיקע ווערטער, ווי זשע קומט עס, וואָס די שרייבערס זענען געבליבן פאַראַקשנט און שרייבן די נעמלעכע ווערטער דאַווקע אין אַזאַ אויסלייג, וואָס אַנטשפּרעכט נישט דעם כאַראַקטער און דעם קלאַנג פון אידיש?...

און אויב עס איז אַמאָל נאָך געווען אַ פאַרענטפער פאַרן אָנהאַלטן דעם אָריגינעלן אויסלייג פון די העברייאישע עלעמענטן אין אידיש, פאַלט עס איצט אויך אַוועק. מיט דער באַשאַפונג פון דער איסראָעל־מעדינע, וואו מען רעדט העברייאיש לויט דער ספאַרדישער האַוואָרע, וועט עס שוין מער נישט זיין „שאַבאָס", נאָר „שאַבאַט", נישט „שאָלוים" — נאָר „שאַלאָם", נישט „אוילאָם", נאָר „אָלאַם" — ווערטער, וואָס ווערן אַלץ מער פאַרפרעמדט פאַרן אידיש־רעדנדיקן אויער... וואָס זשע וועלן די קאָנסערוואַטאָרן פאָרשלאָגן קעדיי ווייטער אָנצוהאַלטן די גאָענטקייט? וועלן זיי נאָך עפּשער פאָרשלאָגן, אַז מען זאָל אויך אין אידיש אַרויסרעדן די העברייאישע עלעמענטן לויט דער ספאַרדישער האַוואָרע? דאָס וואָלט, כ'לעבן, געווען אויסגעהאַלטן. אַי, ווי אונדזער אידיש וועט דעמאָלט אויסזען, דאָס לאָז איך איבער צו דער פאַנטאַזיע פון די פאַראַקשנטע קאָנסערוואַטיווע אידישיסטן...

קאָנט איר זיך פאָרשטעלן ווי אונדזער אידיש וועט אין אַ דאָר אַרום אויסקומען אין מויל פון אַ איסראָעל־טוישעוו, אָדער פון אַזאַ וואָס וועט דאָ האָבן געלערנט העברייאיש לויט דער ספאַרדישער האַוואָרע, בעאייס צו אים אין האַנט וועט אַריינפאַלן אַ אידישע צייטונג אָדער ביך? אונדזער

לאָשן וועט ווערן צעדרייט, קאָרופּטירט — אַן עמעסער זשאַרגאָן... וואָס וועט ווערן מיטן ריטם פון אונדזערע פאָלקס־לידער, ווי „אַ דודעלע", „אַ דין־טוירע מיט גאָט"? בלויז דורך פאָנעטישן אויס־לייג וועט קאָנען אָפּגעהיט ווערן דער אידישער כאַראַקטער פון יענע ווערטער...

נו, ערשט די אומפּראַקטישקייט פון דעם אַלטן אויסלייג! אָט, זאָל מיר ווער, אַדרבא, זאָגן, ווי פּראַקטיש, ווי געזונט עס איז פאַר אידיש, ווען מען דאַרף לערנען טאָפּלטע געזעצן פאַרן אויס־לייג. זאָל מיר ווער זאָגן, וויפל אידן וועלן ריכטיק איבערלייענען ביי מענדעלען (אין 5טן באַנד, אַרויסגעגעבן פון דעם „איקוף") דעם זאַץ: „אַ איד האָט מעגן געווען דאָס ווייב..." מען זאָל אַפילע זיין מיט צען קעפּ וועט דער לייענער ביים ערשטן קוק נישט וויסן וואָס דאָס מייגט, וועט עס לייענען עטלעכע מאָל און ערשט שפּעטער וועט ער זיך כאַפּן, אַז דאָס איז אַ העברייאיש וואָרט און דאַרף זיך לייענען „מעאַגן". צי נעמט אַזאַ וואָרט ווי „געגט". ווער וועט דאָס אפן ערשטן בליק זיך כאַפּן, אַז דאָס איז אַ געמיש פון אידיש־העברייאיש? די ערשטע העלפט „גע" (דער פּרעפיקס) איז אויסגעלייגט לויט אידיש, מיט אַן „ע", אָבער די צווייטע העלפט — כאָטש זי האָט דעם זעלבן קלאַנג — האָט שוין נישט קיין „ע" (און געוויסע צייטשריפטן האָבן אַפילע באַזייטיקט דעם אַפּאָס־טראָף). דאַן קומען ווערטער, ווי: „נוגע, בולט, פוגע, פליטה", וועלכע דאָס ראָוו לייענער לייענען ווי זיי זענען אויסגעלייגט, און נישט ווי זיי דאַרפן געלייענט ווערן: „נויגייע, בוילעט, פויגייע, פליטע". דאָס לעצטע האָב איך אַנומלטן געהאַט געהערט אַ ראַדיאָ־קאָמענטאַטאָר, וועלכער איז אויך אַ שרייבער אין אַ „גרויסער" אידישער צייטונג, אַרויסרעדן „פליטע", און לעצטנס איז מיר אויסגעקומען צו הערן ווי אַ געוויסער קולטור־טוער האָט די ווערטער „מעת לעתן" איבערגעלייענט „מאָעס לעאוטן"... היינט די אומפּראַקטישקייט פון לערנען קינדער, אַז „בעט" קומט מיט אַן „ע" ווייל עס איז אידיש, און אַז „גט" — כאָטש עס האָט דעם זעלבן קלאַנג — קומט שוין אָן אַן „ע", ווייל עס איז העברייאיש; אַז „זשאַבעס" שרייבט מען מיט די וואָקאַלן „אַ" און „ע" און מיט אַ „ס" ביים סאָף, אָבער „שאַבעס" — מיט גענוי די זעלבע קלאַנגען — שוין אָן די צוויי וואָקאַלן און גאָר מיט אַ „ת" ביים סאָף. אַזאַ סיסטעם פון לערנען וואָלט נאָך עפּשער געווען פאַרשטענדלעך, ווען מען זאָל די העברייאישע עלעמענטן דרוקן מיט עפּעס אַ צווייטער קאָליר, קעדיי זיי אויסצו־טיילן פון די איבעריקע. אַנדערש, ווי וועט דאָס קינד (און אָפט אויך דערוואַקסענער) וויסן, צי איז דאָס אַ העברייאיש וואָרט, אָדער נישט, און צי קומט דאָ יאָ אַ וואָקאַל, אָדער נישט?

טייל קאָרעספּאָנדענטן — צווישן זיי כאָשעווע שרייבערס — האָבן געהאַט אַזאַ מין טאַינע: „סטייטש, מען לייענט דאָך ,וויזועל', דאָס הייסט, מען לייענט נישט קיין בוכשטאַבן, נאָר וואָרט־בילדער, ווי זיי האָבן זיך איינגעקריצט אין די אויגן־געדאַנקען, פון זינט מען האָט געלערנט אין כיידער, אָדער אין דער יעשיווע, און טאָמער וועט מען, כאָלילע, בייטן דעם אויסלייג, וועט מען זיין פאַרלוירענע..." די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענטן מאַכן דאָ דעם קליינעם טאָעס, וואָס זיי האָבן שטענדיק אינזינען זייערס גלייכן — אַזעלכע, וואָס זענען געגאַנגען אין כאַדאָרים און יעשיוועס. אָבער וואָס זאָלן מיר פאָרט טאָן מיט יענע, וואָס זענען אין קיין יעשיוועס נישט געגאַנגען — דער איקער פרויען און קינדער, ספּעציעל אַמעריקאַנישע?...

אונדזערע זיידעס־טאַטעס זענען געווען פיל פּראַקטישער אין דעם זין. באַ אידן האָט זיך געפירט, אַז ווען דער באַל־קוירע האָט בעאייסן לייענען די סייפער־טוירע באַמערקט אַן אָפּגע־קראַצטן אָס, האָט מען נישט צוגערופן דעם ראָוו, אָדער אַזוי אַ איד אַ לאַמדן, וואָס זאָל פּאַסקענען צי מען קאָן דערקענען דאָס אָס, נאָר מען האָט דאַווקע גענומען אַ כיידער־אינגל, אַזאַ וואָס לערנט בלויז איוורע און נאָך נישט קיין כומעש. איז אויב ער האָט דערקענט וואָסער אָס דאָס איז, איז די סייפער־טוירע געווען קאָשער, אויב, אָבער, ער האָט נישט געקאָנט דערקענען, איז די סייפער־טוירע געווען פּאָסל און מען האָט זי געמוזט שיקן צום סויפער, ער זאָל דאָס אָס איבערשרייבן... מיר, אָבער, ווילן דאַווקע שרייבן אידיש פאַר די יעכידיי־סגולע, פאַר די וואויל־געלערנטע...

אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק מיטן אויסלייג פון די העברייאישע עלעמענטן אין אידיש, האָט

מען זיך געכאַפּט נאָך מיט אַ צייט צוריק. דער פאַקט איז, אַז געוויסע אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס — צווישן זיי דער „איוואָ", לעמאָשל, — האָבן אָנגעהויבן אַריינשטעלן אין געוויסע העברייאישע ווערטער אַן איבעריקן „יוד", אַ צווייטן „וואָוו", קעדיי זיי אויסצוקלאָרן. מען שרייבט איצט „מיצווה" אָנשטאָט „מצוה", „שיכור" — אָנשטאָט „שכור", „צוואה" — אָנשטאָט „צואה", און נאָך און נאָך... פרעגט זיך: אויב מען האָט שוין יאָ „געוואַגט" אָנצורירן די „הייליקייט" פון העברייאישן אויסלייג אין אידיש, פאַרוואָס זיך באַנוגענען מיט האַלבע טריט? דער טירעץ איז מיסטאָמע, ווי איין קאָרעספּאָנדענט האָט מיר געשריבן: „וואָס הייסט? אַזוי לייגן דאָך אויס ,יענע' דאָרט, ווי קאָנט איר, ווי מעגן מיר...?"

קלוגעטשקע אידן קומען אָפּט מיט קלוגע אייצעס: „זאָלן די לייענער האַלטן אַ ווערטערבוך בעאייסן לייענען און אַריינקוקן ווען זיי שטויסן זיך אָן אין אַזאַ וואָרט וואָס זיי קאָנען נישט איבערלייענען, אָדער פאַרשטייען נישט." אַ פיינע אייצע, כ'לעבן, פאַר אַ „לידיקגייער"! דער מאַסן־לייענער — אַ מידער, אויסגעהאָרעוועטער שניידער, פרעסער, היטל־מאַכער, קרעמער א. אַ. וו. איז צו מיד צו אַזעלכע זאַכן. אין בעסטן פאַל וועט ער דאָס „מאָדנע־אויסגעלייגטע" וואָרט איבערלייענען פאַרגרייזט און אַזוי וועט עס שוין ביי אים פאַרפיקסירט ווערן. אַפילע דער אינטעליגענטער לייענער, אויב עס וועט אים אָפּט אויסקומען זיך צו פאַרהיקען, אַז ער זאָל קעסיידער דאַרפן נאָכזוכן אין אַ ווערטערבוך, וועט ער זיין בוך אינגאַנצן אַוועקלייגן.

איך וויס פון מענטשן, וועלכע האָבן געקויפט שאָלעם־אַלייכעמס ווערק און זיך געשמאַק צוגעכאַפּט צום לייענען. אָבער אַזוי גיך ווי זיי זענען נאָר צוגעקומען צו טעוויע דער מילכיקער און זיך אָנגעשלאָגן אף די העברייאישע ווערטלעך, האָבן זיי — ווייל זיי האָבן פּאָשעט נישט געקענט צונויפשטעלן און איבערלייענען די ווערטער — פאַרמאַכט דאָס בוך און עס מער נישט געעפנט. ווער־זשע האָט דאָ געוואונען דערפון?...

די נעמלעכע קלוגיטשקע אידן, די דייע־זאָגערס, וואָס האַלטן, אַז מען דאַרף אין אידיש אָפּהיטן די אויסנאַם־געזעצן פון אויסלייג פאַר די העברייאישע עלעמענטן, וועט אַפילע נישט איינפאַלן צו פאָדערן פון אַנדערע שפּראַכן (ווי ענגליש, לעמאָשל), אַז מען זאָל די העברייאישע ווערטער, וואָס זיי באַנוצן אַמאָל, אויסלייגן לויטן העברייאישן — אָן וואָקאַלן. זיי וועלן נישט פאָדערן, אַז מען זאָל אין אַן ענגלישער שריפט שרייבן: "Htkvh", ווייל אין העברייאיש לייגט מען אויס „ה־ת־ק־ו־ה". דאָרט איז עס גאָר קיין „כילול־האַקוידעש" נישט, אַז מען שרייבט "Hatikvah" מיט וואָקאַלן, אָדער "Sabbath" און נישט "Sbth" בלויז פון אידיש, — סיי דערפאַר וואָס עס ווערט געשריבן מיט דעם זעלביקן שריפט ווי העברייאיש, און סיי צוליב זייער קאָנסערוואַטיוון קוק פון אויבן אַראָפּ אף אידיש ווי אף אַ דינסט־מויד, — האָבן זיי די האָזע דאָס צו פאָדערן. באַ זיי איז רעכט אָנצוהענגען אף דער „דינסט־מויד" דער „באַלעבאָסטעס" אַלטע קרינאָלינע, כאָטש עס הענגט אף איר ווי אַ זאַק (אַגעוו, איז דאָס וואָרט „באַלעבאָסטע" גאָר קיין העברייאיש נישט, כאָטש עס ווערט אויסגעלייגט לויט העברייאיש: „בעל־הביתטע"). אַי, אַ גרויסע צאָל אידיש־לייענער האָבן קנאַפּ, אָדער קימאַט גאָרנישט געלערנט קיין העברייאיש, און דאָס ביסל וואָס זיי האָבן יאָ געלערנט, איז געווען באַפּינטלט מיט נעקודעס; אַי אָן נעקודעס, אָדער אָן וואָקאַלן קענען זיי אַזעלכע ווערטער נישט צונויפשטעלן, אָפּגערעדט פון איבערלייענען און פאַרשטיין? — דאָס אַרט נישט די „דייע־זאָגערס". פאַרקערט: זיי זענען שטאַרק צופרידן דערפון. וואָרים אויב די מאַסן וועלן דאַרפן האָרעוועןביים לייענען און ערשט עס נישט פאַרשטיין, וועלן זיי דאָך אינגאַנצן נישט לייענען קיין אידיש, און דאַן...

עמעס, איך פיל פּאָשעטע אידן, פאָלקס־מענטשן (איינגעשלאָסן פּראָגרעסיווע), זענען קעגן איינפירן אויסבעסערונגען אין דעם אויסלייג,— כאָטש צוליב גאָר אַנדערע מאָטיוון, מערסטנס צוליב טראַדיציע און צוגעוואוינטקייט. צו אָט די מענטשן וויל איך זאָגן אָט־וואָס:

ביי נאָרמאַלע פעלקער איז גאָר קיין נייעס נישט איינצופירן אויסבעסערונגען און פאַרלייכ־

טערונגען אין זייער לאָשן און אינעם אויסלייג פון די ווערטער. גענוג אַ קוק צו טאָן אין אַלטע ענגלישע ביכער צו זען די גוואַלדיקע ענדערונגען וואָס ענגליש איז דורכגעגאַנגען אין די לעצטע פּאָר הונדערט יאָר. אָפט איז שווער צו דערקענען אַ געווים וואָרט לויט ווי עס איז אַמאָל אויסגעלייגט געוואָרן. נאָרמאַלע פעלקער שרעקן זיך אַפילע נישט אָפּ צו בייטן זייער אַלט־נאַציאָנאַלן שריפט און אָנצונעמען אַ מער מאָדערנעם, קעדיי דאָס פאָלק זאָל עס לייכטער קאָנען נוצן. די טערקן, לעמאָשל, האָבן ערשט מיט עטלעכע און צוואַנציק יאָר צוריק אָנגענומען דעם לאַטייניש שריפט אָנשטאָט זייער פריערדיקן, דעם אַלט־אַראַבישן. אַפילע מיר אידן האָבן אין עזרעס צייטן אויפגעגעבן דעם אַלט־סעמיטישן אַלעף־בייס (און מערקט אייך: דאָס איז געווען דער שריפט אין וועלכן די „אַסערעס האַדיבערעס" זענען געווען אויסגעקריצט אָף די לוכעס!) און אים פאַרביטן מיט דעם אַראַמישן שריפט — דער שריפט, וואָס ווערט איצט פון קימאַט אַלע אידן באַטראַכט פאַר הייליק (אין פאָלקס־ליד: „טייערינקע אויסיעלעך, הייליקע אויסיעלעך"). און עס איז גאָר קיין אַוולע נישט! וואָרים ווען עס איז געוואָרן אידיש און אייגן, איז עס אויך געוואָרן ליב און הייליק...

און אויב מען האָט געמעגט אין העברייאיש, אין דעם הייליקן לאָשן, אָננעמען אַ נייעם שריפט, קעדיי לייכטער צו מאַכן פאַרן פאָלק דעם פּראָצעס פון לייענען, זע איך נישט איין קיין שום „כילול־האַקוידעש", קיין שום פאַרשוועכונג, ווען מיר וועלן אין אונדזער מאָדערנעם אידיש־לאָשן מאַכן אָט די קליינע, אָבער זייער וויכטיקע אויסבעסערונג פון איינפירן אַן איינהייטלעכן פאָנעטישן אויסלייג פאַר אַלע ווערטער (איבערהויפּט די פון העברייאישן אָפּשטאַם), קעדיי פאַר קליין און גרויס, פאַר דעם פּאָשעטן פאָלקס־מענטש, פּונקט ווי פאַר דעם וואויל־געלערנטן, צו מאַכן לייכטער און פליסיקער דאָס לייענען...

איך האָף דעריבער, אַז די אידישע שרייבערס, די שאַפערס אין אידיש, וועלן זיך פאַרטראַכטן וועגן דעם און וועלן העלפן איינפירן דעם פאָנעטישן אויסלייג. וואָרים פאַרשטיין די העברייאישע ווערטער, וואָס זענען געוואָרן אַ באַשטאַנד־טייל פון אידיש, פאַרשטייען דאָך יאָ די ברייטע פאָלקס־מאַסן. דער אומגליק איז נאָר, וואָס זיי קענען די ווערטער נישט איבערלייענען אין דער פרעמדער פאָר זיי אויסלייגעכץ. דער לייענער פאַרשטייט דאָס וואָרט „נויגייע" אָבער בעשום אויפן נישט אַ וואָרט „נוגע", און נאָך אַזעלכע ענלעכע ווערטער... איז ווען מיר וועלן אָפּוואַרפן יענע פּרעטענזיעס, זיך באַציען מיט טיפן ערנסט צו אונדזער אייגענעם אידיש־קוידעש, און איינפירן אַן איינהייטלעכע אויסלייגעכץ פאַר אַלע ווערטער, פון וואַנען זיי זאָלן נישט אָפּשטאַמען, — וועלן עס די מאַסן פיל לייכטער, און דערפאַר אויך ליבער, אויפנעמען. דאַן וועט געשאַפן ווערן יענער קלאַס לייענער אָף וועמען די אידישע ליטעראַטור וועט זיך קאָנען אָנשפּאַרן, און אונדזער אידיש וועט זין נאָך שענער צעבליען. אַן איינהייטלעכע אויסלייגעכץ אין אידיש פאַר אַלע פרעמד־ווערטער, מעגן זיי קומען פון לאָשן־קוידעש, לאָשן־טערקיש, לאָשן־דייטש, וועט אַרויפהייבן די כשיוועס צו אונדזער לאָשן און באַשאַפן אַ דערעך־ערעץ מיצאַד די זעלביקע, וועלכע באַטראַכטן נאָך אונדזער אידיש־קוידעש פאַר אַ דינסט־מויד...

און מיינע לייענער רוף איך: איר, דאָס פאָלק, האָט געשאַפן דאָס אידישע לאָשן, איר האָט פאַראידישט און פאַרווייכערט די אַריינגענומענע ווערטער, אַז זיי זאָלן האָבן דעם אידישן כיין, — נוצט איר אין אייער שרייבן דעם פאָנעטישן אויסלייג און צווינגט מיט אייער אַקציע די וואָרט־מייסטערס אייך נאָכצופאָלגן...

וואָס שאַיך מיר, וועל איך אויך ווייטער זיך האַלטן ביים איינהייטלעכן פאָנעטישן אויסלייג און איך האָף, אַז איך האָב אין דעם די באַגיטיקונג פון דאָס ראָוו פון מיינע לייענער...

כאַים מאַרגאָלעס־דאַווידזאָן.

## באַמערקטע גרייזן

| זייט | שורע | איז געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 51 | 4 | אַנטשלאָפן | אַנשלאָפן |
| 83 | 27 | יאָמטעוודיק | יאָנטעוודיק |
| 86 | 1 | פּיאָווקעס | פּיאָווקעס |
| 103 | 18 | סאָכעריי | סויכעריי |
| 165 | 7 | דער עמערל | דעם עמערל |
| 168 | 14 | „דראָנג" | „דראָנג" |
| 176 | 16 | שטיק־שיכלעך | שטעק־שיכלעך |
| 198 | 28 | גאָס | גאָס |
| 200 | 33 | אין שטוב אין | אין שטוב איז |
| 209 | 21 | צוים | בוים |
| 226 | 16 | דינער | דינען |
| 232 | 5 | קמערל | קעמערל |
| 237 | 37 | אייער | אייערס |
| 267 | 18 | צעקניגן | צעקריגן |
| 293 | 28 | אַוועקגעפאָרן | אַוועקפאָרן |

# די ערשטע דראַמע

לויט ווי טאַטע־מאַמע האָבן מיר אין שפּעטערע יאָרן געזאָגט, און ווי איך אַליין האָב דערנאָך געזען אויפגעשריבן אפן פאָדערבלאַט פון טאַטנס אַ כומעש: „בני חיים משה יואל ב״י, נולד ה׳ בשבט, שנת תרנ״א, לפ״ק וואַרשוי״ — בין איך, הייסט עס, געבוירן געוואָרן 5 טעג אין שוואַט, אין וואַרשע. אין שפּעטערדיקע יאָרן האָב איך נאָכגעקוקט אין אַ 500 יאָריקן לועך און אויס־געפונען, אַז דאָס איז געווען דעם 14טן יאַנואַר 1891. אָבער נישט איך געדענק אָט די זייער וויכטיקע געשעעניש און נישט איך וויל פּרוּוון טרעפן. איך ווייס נאָר, אַז מיין פולער נאָמען, כאַים מוישע יויעל, איז מיר געגעבן געוואָרן באַ מיין בריס און איז נישט שפּעטער צוגעזעצט געוואָרן, ווי עס איז געווען דער שטייגער ביי אידן. די צוויי לעצטע נעמען זענען געווען נאָך מיינע ביידע זיידעס, און דער ערשטער — צום לעבן, ווייל ביי טאַטע־מאַמע האָבן זיך קיין קינדער נישט געהאַלטן, און איך — כאָטש דער עלטסטער — בין דאָך געווען דאָס פינפטע קינד באַ זיי...

די ערשטע פּאַסירונג, וואָס האָט זיך מיר שטאַרק איינגעקריצט אין מיין זי־קאָרן ביזן היינטיקן טאָג, איז געשען — ווי מיין מאַמע האָט מיך אָפט שפּעטער פאַרזיכערט — בעאייס איך בין אַלט געווען קוים צוויי יאָר. איך געדענקט דאָס אָבער אַזוי קלאָר, אַקוראַט ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען געטראָפן.

איך בין דעמאָלט, געדענק איך, געשטאַנען אַ פאַרוויינטער אפן טיש, וואָס איז געשטאַנען ביי אונדז אין מיטן שטוב. די מאַמע איז געשטאַנען לעבן מיר און מיך געהאַלטן אַרומגענומען ווי צום באַשיצן מיך. איך האָב זיך געטוליעט צו איר אַקוראַט ווי איך וואָלט, פון גרויס שרעק, געוואָלט אַריינקריכן צו איר אין לייב אַריין. ביי דער צעעפנטער טיר איז געשטאַנען די יוזעפאָווע, אונדזער סטרוזשס ווייב. איך געדענק נאָך היינט, אַז זי האָט געהאַט אַ שפּיציק־בייז פּאַנים מיט אַ קאָפּ צעשויבערטע האָר, וואָס האָבן אויסגעזאָסן אַ שרעקלעכע מוירע אף אונדז, די קינדער פונעם הויף, אַפילע ווען זי, יוזעפאָווע, האָט געלאַכט. מיט איין האַנט האָט זי צוגעהאַלטן לעבן זיך איר צוויי־יעריק בלאָנד טעכטערל סטאַשקאַ, וועלכע האָט אויך — אַזוי ווי איך — שטאַרק געוויינט. מיט דער צווייטער האַנט האָט זי אף מיר געפאָכעט מיט עפּעס אַ ברעטל, אין וועלכן עס זענען געווען דורכגעשלאָגן טשווע־קעס, און זי האָט דערביי געשריגן:

— אַז וועסט זי מיר נאָכאַמאָל אָנרירן, וועל איך דיך מיט דעם־אַ...

וואָס זי וועט טאָן מיט דעם־אַ האָט זי נישט געזאָגט. און ווען זי וואָלט עס

אַפילו יאָ געזאָגט, וואָלט איך עס אַוואַדע אויך נישט פאַרשטאַנען, ווייל זי האָט גערעדט פויליש — די שפּראַך, וואָס איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געקענט. אָבער לויט איר פּאָכען מיט דעם ברעטל האָב איך גאַנץ גוט באַגריפן וואָס זי מיינט. איך האָב שטאַרק מוירע געהאַט פאַר די שאַרפע טשוועקעס־שפּיצן און האָב זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעוויינט.

די מאַמע האָט גערעדט צו דער יוזעפאָווע אויך עפּעס אַף פויליש און יענע איז ענדלעך אַוועק. איך האָב אָבער נאָך אַלץ געוויינט, כאָטש איצט איז עס שוין געווען נישט פון מוירע פאַרן טשוועקעדיקן ברעטל, נאָר פון כאַראָטע אַפּאָנים. איך האָב עס געוואָלט זאָגן דער מאַמען, און געהאַלטן אין איין איבערכאַזערן:

— איך אַזוי לעבן, מאַמע, איך נישט מער, נישט מער...

די מאַמע האָט אָבער, זעט אויס, געפילט, אַז זי דאַרף מיך פאַרט באַשטראָפן. זי האָט גענומען פּאַטשן מיר איבער די הענט און דערביי געשריגן:

— נו, אַ אינגל זאָל זיין אַזאַ טיוול. אַזאַ שייגעץ! קוים דאָס ערשטע מאָל אים אַרויסגעלאָזט אַליין אַפן הויף אַרויס און ער — גלייך ווי אַ גאַזלען — גענומען רייסן די האָר ביים שיקסל! ווי פּאַסט עס פאַר דיר? אַ אינגל וואָס דאַרף שוין באַלד אָנהויבן גיין אין כיידער אַריין... זאָלסט וויסן, אַז אַ אידיש קינד טאָר נישט גיין מיט די הענט. אַ אידיש אינגעלע דאַרף זיין אַ סטאַטיק!...

און אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט ערשט די מאַמע מיר „צוגעשטעלט אַ בענקעלע” פאַר אים:

— אַ שיינער טאַכשעט וואַקסט ער, — האָט זי זיך באַקלאָגט פאַר אים, — ווען איך נעם אים נישט צו פון דער יוזעפאָוועס הענט, וואָלט זי איר גאַנצע טרייפענע יוכע אויסגעגאָסן אַף אים. הער אַ מאַיסע, אַ אידיש אינגל זאָל זיך גאָר וועלן שפּילן מיט ליאַלקעס...

דער טאַטע האָט מיך אַ מעסט אָפּ געטאָן פון אויבן ביז אַרונטער און גאַנץ טרוקן אַ וואָרף צו געטאָן זיין פּסאַק־דין:

— לאָז אים מער נישט אַרויס איינעם אַליין אין הויף אַריין! אויב ער קאָן נישט זיין קיין מענטש, טאָ זאָל ער זיצן אין שטוב!...

און אַזוי איז געבליבן, איך בין נישט קיין מענטש און די מאַמע האָט מיך שוין מער נישט אַרויסגעלאָזט איינעם אַליין אַפן הויף, פאַר אַ שטיק צייט...

* * * * *

**די שטוב**, וואו איך בין געבוירן געוואָרן און געלעבט ביז איך בין אַלט געוואָרן זיבן יאָר, איז באַשטאַנען פון אַן איינציקן לענגלעך־שמאָלן צימער. דאָס איינציקע פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען צו אַ שוואַרצער הילצערנער וואַנט פון אַ שפּייכלער, וואָס איז געשטאַנען אָפּגערוקט פונעם פענצטער אַף עפשער אַ זעקס אָדער אַכט טריט. גאַנצע טעג איז קיין ליכט, קיין זון־שטראַל נישט צוגעקומען צו אונדז, און דעם הימל האָט מען געקאָנט זען בלויז אויב מען האָט אַרויסגערוקט דעם קאָפּ דורכן פענצטער און אויסגעדרייט דאָס פּאָנים אַרויפצו...

אין שטוב, ביי דער רעכטער וואַנט, באַלד לעבן דער טיר, איז אַף אַ לאַנגן בענקל געשטאַנען אַ לענגלעכער הילצערנער „פּאָמיעס־שאַף", וואָס דער טאַטע — ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט — האָט יעדן אָוונט אַרויסגעגאָסן אין אָפּטריט, וואָס איז געווען אין הויף. אפן צווייטן ברעג פונעם בענקל איז געשטאַנען אַ הילצערנער עמער מיט טרינק־וואַסער, וואָס איז געווען איבערגעדעקט מיט אַ טאָמיד־נאַסן ברעטל. איבערן עמער, אַף אַ טשוואָק אין דער וואַנט, איז גע־האַנגען אַ גרויסע קופּערנע קוואַרט מיט צוויי אויערן, אַף צום טרינקען און די הענט צו וואַשן. ווייטער אַביסל איז געשטאַנען אַ ווייס־געפאַרבט קרעדענצל מיט טירלעך און שופלעדלעך. די אויבערשטע טייל איז געווען פאַר וועש און בעט־גע־צייג; די אונטערשטע — פאַר שפּייז, צוקער, ברויט און אַנדערע זאַכן. ווייטער אַרויפצו, נעענטער צום פענצטער, איז געשטאַנען אַ קליידער־שאַפקע, וואו דער טאַטע האָט — אַ כוץ די מאַלבושים — געהאַלטן זיינע כומאָשים, מאַכזוירים און אַנדערע ספאָרים, און די מאַמע — איר קאָרבן־מינכע סידער מיט דער גרויסער „צענע־ווערענע" און אַלערליי טכינעס. ביי דער הינטערשטער וואַנט, לינקס פון דער טיר, איז געשטאַנען אַ ווייס־געקאַלעכטער ציגל־אויוון, איבער וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי פּאָליצעס — באַשטעלטע מיט פאַרשידענע מינים טעפּ, ראָנדלעס, רייִנדלעך און פאַטעלנעס. לעבן דער קיך, ביי דער וואַנט, איז געשטאַ־נען אַ קליין, נישט־געפאַרבט קיך־טישל, אַף וועלכן די מאַמע האָט געקנאָטן פאַרפל, אָדער געטאָן אַנדערע קיך־אַרבעטן. ביי דער לינקער וואַנט, פונעם סאַמע קיך־טישל ביז אַרויפצו צום סאַמע פענצטער, זענען לענגאויס געשטאַנען צוויי הילצערנע פּאַליטורטע בעטן מיט די קיילעכדיקע קעפּ־שטיק איינס צום צווייטן. אַרויפצו, נישט ווייט פונעם פענצטער און צווישן די בעטן און דעם קליידער־שענקל, איז געשטאַנען אַ טיש מיט עטלעכע ווינער שטולן אַרום אים, אַזוי אַז עס איז שווער געווען זיך דורכצושפּאַרן צום פענצטער. דער דיל — פון פּאַשעטע, נישט־געפאַרבטע ברעטער — איז געווען צעשטשערבעט און מיט גריבלעך.

נישט געקוקט אף דער ענגשאַפט, האָט די מאַמע געהאַלטן דאָס צימער ריין און געמיטלעך. אין די פרייטיקס און אין די ערעוו יאָנטויוומס האָט זי דעם דיל געוואַשן, געסקראָבעט און — קעדיי ער זאָל אויסזען שיין און ליכטיק לעקאָוועד די הייליקע טעג — אים באַשאָטן מיט ווייסן זאַמד, וואָס זי פלעגט קויפן פאַר אַ גראָשן ביי אַ פּויער, וועלכער פלעגט יעדע וואָך קומען אין הויף אַריין מיט אַ שעפעלע זאַמד אפן אַקסל און מיט אַ ניגן אויסגעזונגען זיין סכוירע:

— ביאַלע־גאַ־אַ־גאַ, פּיאַסקו ביאַלע־גאַ־אַ־גאַ־אַ!... (ווייסער זאַמד).

דעם טאַטן האָב איך זעלטן געזען אין די וואָכן־טעג. ער פלעגט גאַנץ פרי אַוועקגיין אַרבעטן אין דער זייף־פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אף דער צווייטער זייט גאַס, אין הויף פון דער שטולן־פאַבריק, און אַהיים איז ער געקומען שפּעט, ווען איך בין שוין געלעגן אין זיין בעט און געשלאָפן. אַמאָל פלעג איך אים זען אַ דרימלענדיקן ביים טיש און די מאַמע האָט אים געוועקט:

— מאָרדכע, הייב זיך אויף און לייג זיך שלאָפן אין בעט אַריין!...

טיילמאָל, אַז איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פאַרטאָג, האָב איך געזען דעם טאַטן אין טאַלעס און טפילן לעבן פענצטער, שאָקלענדיק זיך ביים דאַווענען.

דער טאַטע איז געווען אַ מייסטער זייף־זידער ביי רעב איטשע גוטראַטן, און איז געווען באַליבט ביי די שכיינים צוליב זיין פאַשעטקייט און מעיושעוודיקייט. זיי פלעגן אים אָפּגעבן קאָוועד און אָפּט געקומען זיך האַלטן אייצעס מיט אים. מען פלעגט אים אויסקלייבן פאַר אַ גאַבע, ווען מען האָט געדאַרפט צונויפמאַכן עטלעכע רובל פאַר אַ נויטבאַדאַרפטיקן, אָדער קעדיי כאַסענע צו מאַכן אַן אָרעמע יעסוימע. ער איז געווען אַ שיינער, אַ שטאַלטנער, האָט פאַרמאָגט אַ ברייטע, געט־צעקעמטע שוואַרצע באָרד, אַ געמאָסטענעם טראָט, און האָט ביי אַלעמען אַרויס־גערופן דרעך ערעץ און אָפּשיי.

די מאַמע איז געווען עטוואָס נידעריקער פון אים און געהאַט אַ שיין קיילעכ־דיק פּאָנים מיט אַ פּאָר גרויסע שוואַרצע אויגן, עפּעס נאָר ווי צוויי גרויסע, בליש־טשענדיקע שוואַרצע לאָמפּן. זי איז געווען אַ מילדע, אָבער אַז זי האָט אַמאָל אַ באַוועג געטאָן מיט איינער פון אירע שוואַרצע ברעמען, איז אָנגעפאַלן אַ מוירע אַף מיר. זי האָט געהאַט אַ פיין־געשניצטע נאָז, נישט איבעריק־פולע ליפּן און אַ ליבלעך־וואונדערלעכן שמייכל, וואָס האָט עטוואָס אויפגעדעקט אַ מויל מיט רעגל־מעסיק־גלייכע, ווייסע ציין. זי האָט אָבער גאַנץ זעלטן געשמייכלט. טאָמיד איז זי געווען פאַרדאַיגעט, פאַראומערט, עפּעס אַקוראַט ווי דער גאַנצער אידישער גאָלעס וואָלט געלעגן אַף אירע פּלייצעס. זי איז געווען אַ זייער פרומע און טאָמיד — ווען זי האָט נאָר געהאַט אַ פרייע מינוט צייט — געדאַוונט, אָדער געלייענט דעם טייטש־כומעש. זי האָט געפּלעגט דערציילן, נישט אָן שטאָלץ, אַז זי איז אַ טאָכ־טער פון אַ גרויסן לאַמדן, קימאַט אַ ראָוו:

— דיין זיידע, — פלעגט זי אָכצן, — האָט נעבעך קיין מאָזל נישט געהאַט און אַנשטאָט צו ווערן אַ ראָוו, ווי ער האָט עס קאָשער פאַרדינט, איז ער גאָר גע־וואָרן אַ געמאָרע־מעלאַמעד און געקנעלט מיט קינדער...

דערפאַר, אַפּאָנים, האָט די מאַמע מיינע געקענט גוט איוורע און אַפילע אַ פּאַרשע כומעש מיט ראַשע און אַ שטיקל געמאָרע. דאַוונען האָט זי געקענט נאָר ווי אַ מאַנצביל. נישט איינמאָל האָט דער טאַטע זיך געקריגט מיט איר איבער דעם וואָס זי דאַוונט דריי מאָל אַ טאָג:

— אַ אידענע, — האָט ער צו איר געטאַינעט, — איז פּאַטער פון אַט די אַלע מיצוועס!...

די מאַמע האָט זיך אָבער געטאָן אירס און געענטפערט:

— פּאַטער יאָק פּאַטער, אָבער קיין אַוויירע איז עס דאָך זיכער נישט. היינט וואָס אַרט עס דיך, אַז איך טו יאָ מיצוועס?!...

אַף איין זאַך זענען זיי אָבער ביידע איינגעגאַנגען און מאַסקים געווען. זיי האָבן ביידע געוואָלט, אַז איך, זייער עלטסטער זון, זאָל זיין „עפּעס“...

איך בין געווען אַ ציטערדיקער ביי טאַטע־מאַמע, דערפאַר וואָס פיר קינדער, פאַר מיר, זענען באַ זיי געשטאָרבן נאָך איידער איך בין געבוירן געוואָרן. די מאַמע פלעגט דעריבער ביים לעכט־בענטשן זיך אויסטאַינען מיט גאָט:

— הייליקער פאָטער אין הימל, דער דו טוסט רוען מיט דיין כעסעד איבער דער גאַנצער וועלט, ביסט טאַקע גרעסער און דיר קומט מער פון מיר, אָבער איך, דיין דינסט מאַרגאַלע באַס מוישע־יויכבענען, בעט דיך, נעם נישט צו אַלע פון מיר! דו האָסט זיך גענומען פיר פון מיין טראַכט, לאָז מיר די איבעריקע!...

און איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ שטיל געוויין, ביז זי האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז שאַבעס און עס איז אַן אַווירע צו וויינען אום שאַבעס...

* * * * *

קרולס הויף — אַזוי האָט מען גערופן דאָס הויז אַף גענשע נומער 71, וואו איך בין געבוירן געוואָרן — איז געווען אַ הויף ווי דאָס ראָוו אַנדערע הייף אַף דער גאַס. פון פאָרנט, ביים טראָטואַר, — אַ פּאַרקן פון הילצערנע שטאַכייטן, און אַ קליינע כאַלופּקע, וואו עס האָט געוואוינט דער סטרוזש, יוזעף, — אַ געפּאַקטער, מיטל־יעריקער אויסגעדינטער סאָלדאַט, פאַר וועמען די קינדער האָבן געציטערט איימעס־מאָוועס, — צוזאַמען מיט זיין ווייב, די יוזעפאָווע, און זייער צוויי־יעריק טעכטערל סטאַשקאַ, ביי וועלכער איך האָב געהאַט אויסגעריסן די האָר, ווייל זי האָט מיר נישט געוואָלט געבן צו האַלטן איר שמאַטע־ליאַלקע.

אַנטקעגן, אין הויף, איז געשטאַנען אַ צוויי־שטאָקיק הילצערן הויז, מיט פּאַציאַטקעס (בוידעם־שטיבלעך), פון וועלכע די אַרויסגערוקטע פענצטער אַפן דאַך אַרויס האָבן אויסגעזען ווי זעלנערשע וואַך־בודקעס. דאָס דאָזיקע הויז, — האָט מען געשמועסט, — איז מיט יאָרן צוריק געבויט געוואָרן ווי אַ מאַטאָנע פאַרן ווירט, דעם פּאַן קרול, צו זיין כאַסענע.

אַז דאָס איז אַמאָל געווען אַ פּריציש הויז, אַ פּאַלאַץ מאַמעש, האָט מען געקאָנט דערקענען לויט דעם ראַכוועסדיק־ברייטן קאָרידאָר און לויט די שיין־געשניצטע פאָרענטשעס און זיילן ביי די שטיגן, וואָס האָבן געפירט צום צווייטן שטאָק, — די פּאַציאַטקעס. קרול אַליין, וועלכער האָט שוין פון יאָרן געוואוינט ערגעץ אין אַ דאָרף אַף זיינס אַ מאַיאָנטעק, מיט פּאַראָבקעס און באַדינער, — האָט דאָס גאַנצע הויז איינגעטיילט אין איינציקע און צוויי־כאַדאָרימדיקע דירעס און זיי פאַרדונגען צו שכיינים־לאָקאַטאָרן.

לינקס אַפן הויף איז געשטאַנען דער מיסט־קאַסטן און דאָס אָפּטריט, וואָס האָט געבלאָזן מיט יענע שטיקנדיקע רייכעס, וואָס איז באַקאַנט יעדן איינעם וואָס האָט געהאַט די געלעגנהייט צו קענען די דאָזיקע איינריכטונג, דער איקער טאַקע אין יענע געוויסע טעג, ווען מען איז אָנגעקומען מיט וואָגן־פעסלעך און גענומען דאָס אויספּאָמפּען און אויסרייניקן...

לעבן דעם אָפּטריט זענען געשטאַנען אַ ריי צונויפגעקלאַפּטע נידעריקע קעמערלעך, וואו יעדער שאָכן האָט אונטער שלאָס געהאַלטן דאָס פייסעכדיקע געפעס,

האַלץ אַף ווינטער און אַלע אַנדערע מינים זאַכן און שמאַטעס, פאַר וועלכע מען האָט נישט געהאַט קיין פּלאַץ אין שטוב גופא.

אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַן אייזערנע פּלומפּ, מיט אַ לאַנגן אָרעם, וואָס מען האָט געדאַרפט פּאָמפּען, צו לאָזן לויפן דאָס וואַסער. אַרום דעם פּלומפּ, איבערן זליוויניק, זענען געווען אַנגעלייגט עטלעכע ברעטער, קעדיי מען זאָל נישט דאַרפן טאַפּטשען אין דער בלאָטע, בעאַייסן אַנפּאָמפּען אַן עמער וואַסער...

רעכטס אין הויז איז געשטאַנען דער שפּייכלער, וואָס האָט מיט אַ זייט פאַר־שטעלט די זון פון אונדזער פענצטער. די דאָזיקע שאָפּע האָט געהאַט צוויי גרויסע טויערן. איין טויער האָט געפירט אין אַ פערד־שטאַל און איז קימאַט קעסיידער געשטאַנען אויפגעפּראַלט. דער צווייטער טויער, פאַר דער גרעסערער העלפט פון דער שאָפּע, איז אָבער טאָמיד געווען פאַרמאַכט מיט אַ שווערן אייזערנעם פּרענט, און באַהאַנגען מיט צוויי ריזיקע שלעסער. אַהינצו איז קיינמאָל קיינער נישט אַריינגעגאַנגען, אַ כוץ דער ווירט פונעם הויף, דער אַלטער קרול, וואָס פלעגט אַמאָל קומען, אויפשליסן די פאַרטקע און, — אַריינכאַפּנדיק זיך אין שפּייכלער אַריין — גלייך זיך פאַרשליסן פון אינעווייניק. נישט די שכיינים און אַפילו נישט יוזעף דער סטרוזש האָבן געוואוסט וואָס דאָרט אין דעם שפּייכלער געפינט זיך.

דער הויף, די עטלעכע און צוואַנציק שכיינים, איז געווען געבענטשט מיט אַ סאַך קינדערלעך, אַזוי אַז עס איז פּאַשעט נישט געווען קיין אָרט וואו זיך צו שפּילן און אַז דער „שטומער" אַזריעל האָט נאָך אָוועקגעשטעלט אַפן הויף זיין פלאַטפאָרמע־וואָגן, ווען ער איז געקומען צו פאָרן, אָדער אַזוי אין שאַבאָסיט,— איז קוים געבליבן אַ פינף און צוואַנציק טריט פאַר אונדז, קינדער. איז מען דעריבער שטענדיק געווען איינער אין צווייטנס וועג, וואָס האָט געפירט צו גע־שלעגן און קריגערייען...

* * * * *

**פון די שכיינים** אין הויף געדענק איך בלויז דריי. קוידעם־קאָל — דעם „שטומען" אַזריעל מיט זיין ווייב לייע, וועמען די שכיינים האָבן גערופן: „די ליאָשע", און זייער בנאָק, יאַנקל „בענקאָט"; די צווייטע — דעם „פעטער" אַווראָם מיט דער „מומע" סאָרע; און די דריטע — נאָטע „דער דייטש" מיט זיין ווייב יענ־טע־גיטל...

דער „שטומער" אַזריעל איז, אייגנטלעך, גאָר קיין שטומער נישט געווען, נאָר פאַרקערט: ער האָט שוין גאָר אַ סאַך גערעדט, ניין, נישט גערעדט, נאָר געשריגן. עס איז נישט געווען דער טאָג, ווען ער — ווי ער איז נאָר געקומען צו פאָרן מיט זיין פלאַטפאָרמע־וואָגן — זאָל נישט נעמען שרייען. זיין קאָל איז געווען עפּעס אַזאַ מאָדנע. געדאַכט האָט זיך, אַז עס קומט נישט פון זיין מויל, נאָר ווי פון ערגעץ צווישן דער רויטער קאָלטענעוואַטער באָרד זיינער, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ צונויפגעפּלאָנטערטע שמאַטע. זיין רעדן איז געווען עפּעס אַזוי פאַרדומפּן־פאַנפּע־דיק, וואָס האָט געמאַכט שווער אויפצוכאַפּן וואָס ער זאָגט. ביי די קינדער פונעם

הויף פלעגט זיין רעדן אָפּט אַרויסרופן אַ געלעכטער, און ער פלעגט דערפאַר, אַ בייזער, פאָכען מיט דער בייטש. דער איקער פלעגט ער זיך יאָגן מיט דער בייטש אף די קינדער, וואָס פלעגן אין די אָוונטן, אָדער אין די שאַבאָסים אַרויפקריכן אף זיין וואָגן קאָמאַנדעווען. דעמאָלט האָט ער געזידלט:

— נאָנזאַירעם, קאָפּעזשאַנעס, אַ כאָגערע אין אַרע נאַבער אַראָן! ביש אַמ־דערש געפוינט, נאָר אף מאָן פנאַפּאָרנע זיך צו שפּירן!... אַ־שו, אַ־שו!...

און ווי אַזריעל — אַזוי אויך זיין „ליאָשע”. „איין פּיסק אין דער וועלט”, — פלעגט מען זאָגן וועגן איר. זי האָט מאַמעש נישט געקאָנט אַרויסרעדן קיין וואָרט אָן זידלערייען. זי פלעגט שעלטן, זידלען און זיך וואָרפן שלאָגן פאַר דער קלענס־טער זאַך. זי האָט געדראַפּעט מיט אירע נעגל די פּענימער און די אויגן, געריסן די האָר און אַרונטערגעפּליקט די שייטלען פון די קעפּ ביי די ווייבער פונעם הויף. דערביי פלעגט זי נאָך קווישען מיט אַזעלכע קוילעס, פּונקט ווי מען וואָלט גאָר זי געקוילעט. אין הויף האָט מען געוווּסט, אַז זי האָט קלעפּיקע הענט און מען טאָר נישט לאָזן ליגן פאַר אירע אויגן די מינדסטע זאַך. זי איז געווען אַזאַ שלעכטס, אַז די שכיינים האָבן זי אויסגעמיטן און נישט געוואָלט האָבן קיין אַסאָקים מיט איר.

און ווי זאָגט די וועלט: „דאָס עפּעלע פאַלט נישט ווייט פונעם ביימעלע.” דער עלטסטער זון זייערער, יאַנקל „בענקאַט”, ווי מען האָט אים גערופן, — אַ יונג פון אַ יאָר צוועלף, וואָס פלעגט שוין אַרויספאָרן מיטן פאָטער אף דער פלאַט־פאָרמע און געהאָלפן שמייסן דאָס פערד, — האָט פאַשעט געמיימעסט די קינדער פונעם הויף. מאַמעס האָבן געוואָרנט זייערע קינדער זיך צו היטן פאַר אים און נישט אַריינגיין, כאָלילע, צוזאַמען מיט אים אין אָפּטריט, מאַכמעס, ווי מען האָט דערציילט, ער טוט אָפּ זייער נישט קיין שיינע מאַיסים...

די צווייטע מישפּאָכע, — נאָטע „דער דייטש” און זיין ווייב יענטע גיטל, האָבן געוואוינט אין אַנדערן עק פאַרהויז, אַ צען־צוועלף טירן פון אונדזער דירע. ער, נאָטע, איז געווען אַ פאַשעטער איד מיט אַ לאַנגער און ברייטער שוואַרצער באָרד, און טאַקע פון אָט דער באָרד האָט ער געהאַט זיין פּאַרנאָסע. ער האָט געאַרבעט אין דער אידישער גמינע. דעם צונאָמען „דייטש” האָט ער געקראָגן דערפאַר, ווייל ער פלעגט גיין זיצן באַ רייכע באַר־מינאַנס, און דערנאָך, ביי די לעוואַיעס — אָן אָנגעטאָענער אין אַ שוואַרצער פּאַלערינע און אַ שוואַרצן צילינדער — געפירט באַם ציימל איינעם פון די פיר פערד, וואָס זענען געווען געשפּאַנט „באַ־שפּיץ” אין די געפּוצטע אַגאָלעס, ווי עס איז געווען דער שטייגער באַ די רייכע אידן, וועלכע מען האָט אין וואַרשע גערופן „דאַטשן”...

יענטע־גיטל איז געווען אַ דיקע אידענע, אַ שטילע און פריינטלעכע. קיין אייגענע קינדער האָבן זיי נישט געהאַט. האָט זי אָבער דערפאַר געהאַט אַ פולע שטוב מיט וויכאָוואַניקעס, אומגליקלעכע נישט־דערבאַקענע יעסוימים, אידיאָטן און סטאָם פאַרזעעניש, וואָס די אידישע גמינע פלעגט איר אָפּגעבן אף אויפצו־פּאַסן. ביי איר אין שטוב איז דעריבער טאָמיד געווען אַ טומל ווי אף אַ יאַריד, מיט

אַ געמיש פון אומפאַרשטענדלעכע קוילעס. דאָס געשטאַנק פון די אומגליקלעכע, הילפלאָזע באַשעפענישן האָט דורכגעזעצט דורך דער טיר איבערן גאַנצן פאָרהויז, און די געשרייען האָבן מאַמעש געלעכערט די אויערן...

די דירע זייערע איז באַשטאַנען פון איין גרויסער שטוב, וואָס איז געווען איינגעטיילט אין מיטן מיט צוויי ליילעכער־פאָרהאַנגען. הינטער דעם פאָרהאַנג זענען געשטאַנען די צוויי בעטן, נאָטעס און יענטע־גיטלס. אין דער ערשטער העלפט, וואו עס איז אויך געווען דער קיך־אויוון, איז אין איין ווינקל געשטאַנען אַ קליין אַלט אייזערן בעטל, וואו עס האָט געוואוינט מיין „קליינע" באָבע, — דער מאַמעס מאַמע, און אין אַנדערן ווינקל — עטלעכע שמאַטעס, אויף וועלכע זי, יענ־טע־גיטל, האָט געלייגט שלאָפן די פאַרזעענישן...

זי, יענטע־גיטל, האָט בעעמעס געדאַרפט זיין שטאַרקער פון אייזן און האָבן דעם געדולד פון אַן אייזל, צו קאָנען אַרומגיין אַרום די זעקס־אַכט אומבאַהאָלפענע באַשעפענישן, וואָס האָבן זיך געפונען ביי איר, און אַכטונג געבן, אַז זיי זאָלן זיין זאַט און ריין. דערפאַר זענען זיי טאַקע טאָמיד געווען הונגעריק, שמוציק און אָפּ־געלאָזן. אָבער געוויינטלעך האָבן זיי זיך לאַנג נישט געהאַלטן. זיי זענען גיך קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. אויף זייערע פּלעצער האָט די גמינע צוגעשיקט אַנדערע אומגליקלעכע אויסטערלישע באַשעפענישן און... יענטע־גיטל האָט ווידער גע־האָרעוועט ווי אַן אייזל אַרום זיי...

די דריטע מישפּאָכע — דער „פעטער" אַווראָם און די „מומע" סאָרע. זיי זע־נען, אין דער עמעסן, גאָר קיין פעטער און קיין מומע אונדזערע נישט געווען, און אַפילע נישט קיין ווייטע קרויווים. אָבער אַלע קינדער פונעם הויף האָבן זיי אַזוי גערופן צוליב זייער צוגעלאָזנקייט און גוטהאַרציקער ליבלעכקייט.

דאָס איז געווען אַן עלטער פּאָרל, שטילינקע מענטשן, וואָס מען האָט זייערע טריט אַפילע נישט געהערט.

ער, דער „פעטער", איז געווען אַ הויכער און דאַרער, מיט שאַרף־אַרויסגע־שטאַרטע באַקן־ביינער. אַן אויסגעטריקנטער און מיט אַ פּאָנים — ווי די מאַמע האָט עס אָנגערופן — ווי רעב צאָדעקס פייג, אויף וועלכן עס האָט געשפּראָצט אַ ווייס פוכיק שפּיציק בערדעלע, אַן וואָנצעס. ער איז געווען דער „זשאַנדצע" פון דעם הויף, וואָס האָט געדאַרפט איינמעלדן און אויסמעלדן די איינוואוינער אין דעם פּאָליציי־בוך אַריין. אַ חוץ דעם איז ער אויך געווען אַ „קאָלעקטאָר" פון צעטעלעך, און אַלע אידן פונעם הויף — אויך מיין טאַטע — פלעגן ביי אים קויפן אַכטעלעך פון בראָנשווייגער, אָדער גערער צעטעלעך פאַר יאָרן לאַנג, כאָטש קיינער האָט קיינמאָל קיין גראָשן נישט געוואונען... די קינדער פון הויף האָבן אים גאָר שטאַרק ליב געהאַט און אים אַרומגערינגלט, ווען נאָר מען האָט אים געזען אָנקומען פון גאַס, און אים געבעטן, ער זאָל דערציילן עפּעס אַ שיינע מאַיסע...

זיין ווייב, די „מומע" סאָרע, — עטוואָס נידעריקער און פולער פון אים — האָט מען אין דער גאַנצער גאַס גערופן „די דאָקטערקע". וואָרים קוים איז ביי

עמעצן אין הויף, אָדער אין גאַס, כּאַלילע קראַנק געוואָרן אַ קינד, איז זי, די „מומע" סאַרע גלייך געווען באַ זיין בעט. זי האָט דעם קינד איינגעגעבן ריצן־אייל, גע־שטעלט באַנקעס, פאַרקאָכט טיי פון עפּעס אַזעלכע בלעטלעך, אָדער גאָר געגעבן מאַלינעס, פון וואָס מען האָט געשוויצט און געזונט געוואָרן... און אויב עס איז, כּאַלילע, עמעצער אין הויף געשטאָרבן, איז זי, די „מומע" סאַרע, געווען די ערשטע זיך אַרומצופאָרען מיט דער לעוואַיע און די ערשטע צו טרייסטן...

געוואוינט האָט דאָס אַלטע פּאָרל אין איינער פון די „פּאַציאַטקעס", פּונקט איבער אונדזער שטוב. די מאַמע פלעגט זאָגן, אַז דאָס זענען נישט קיין מענטשן, נאָר מאַלאָכים מאַמעש, שטילע טויבן וואָס מען הערט זיי נישט. אין די פרימאָרגנס האָט מען אים געזען גיין פון שול מיטן טאַלעס־זעקל, און אין די שאַבאָסים — מיטן גרויסן וואָלענעם טאַלעס אָנגעטאָן אף זיך, מאַכמעס ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צום אירעוו, מוירע געהאַט טאָמער איז ער כּאַלילע צעריסן, און ער האָט נישט געוואָלט טאָן קיין אַוויירע אַפּילע אומגערן...

דער „פעטער" אַווראָם האָט מיך שטאַרק ליב געהאַט און מיר געקויפט שיינע מאַטאָנעס. איינמאָל, געדענק איך, האָט ער מיר געקויפט אַ פּאָר שיינע שטיוועלעך מיט גרינע כּאַלעווקעס, אף וועלכע עס זענען געווען איינגעקוועטשט אַזעלכע פיגו־רעלעך, און אַ גרין יעגער־קאַפּעלישל מיט אַ רויטער פעדער. שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען אַ כיידער־אינגל, פלעגט ער מיך אָפּט אָפּשטעלן, מיר אַ קנופּ טאָן אין בעקל און ליבלעך־לאַכנדיק געזאָגט:

— ני, ביסט כּאַטש עפּעס אַ גיט אינגעלע אין כאַידער? קים זשע נאָר אַהער, אַכבעראָש, אין לאָמיך הערן וואָס די האָסט האַנט געלאָרנט אין כאַידער!

און איך האָב מיט פאַרגעניגן און פלייס איבערגעזאָגט פאַר אים וואָס איך האָב דעמאָלט געלערנט, צי דאָס איז געווען אַ שטיקל פון כומעש, אָדער גאָר פון דער געמאָרע, און ער האָט מאַמעש צופרידן אָנגעקוואָלן:

— אַזוי־אַזוי, עלן מיר נאָך הובן נאַכעס פין דיר!...

טיילמאָל, אין די שאַבאָסים, אָדער יאָנטויווים, פלעגט דער „פעטער" זיך אַוועקזעצן אף דעם נידעריקסטן טרעפּל פון די שטיגן אינעם פאָרהויז, די גאַנצע כאַפּטע קינדער פון הויף — אַרום אים, און ער האָט זיי דערציילט שיינע מאַיסעס. אַמאָל פלעגט זיך פאַרפלעכטן אַ לעבעדיקער שמועס צווישן די קינדער און דעם „פעטער" אַווראָם:

— פעטער אַווראָם, פעטער אַווראָם, — האָט ווער פון די קינדער געפרעגט, — ווי זעט אויס אַ קוק?...

— אַ קי, — האָט ער געלאַכט מיט זיין מויל אָן ציין, — אַ קי זעט אויס ווי רעב אַזריעלס פערדל, נאָר האָט הערנער און גיט מילך!...

— און ווי זעט אויס אַ הון, פעטער אַווראָם? — האָבן די קינדער אים ווײַ־טער געפרעגט.

— אַ הין, — פלעגט ער זיך פאַרטראַכטן, ווי צו געפינען דעם בעסטן אויפן

עס צו דערקלערן פאַר די קינדער, — אַ הין זעט אויס פונקט ווי אַ פייגעלע, נאָר אַביסל גרעסער, מיט אַ רויטער קאַסקע אפן קאָפּ און לייגט אייער!

און ווי, און ווי זעט אויס אַ קאַטשקע, אַ גאַנדז, אַ לייב, אַ בער? — האָבן די קינדער, איינער נאָכן אַנדערן און צוזאַמען, אים געגומען באַוואַרפן מיט פראַגעס וועגן באַשעפענישן, וואָס זענען זיי נאָר אף די געדאַנקען געקומען און וואָס זיי האָבן געהערט אַז עס עקזיסטירן.

דער „פעטער" אַווראַם פלעגט גוטמוטיק ענטפערן אף אַלע פראַגעס פון די קינדער. טאָמער האָט ער אַמאָל נישט געפונען אַזוי גיך קיין ענטפער, וואָס זאָל פאַר די קינדער קאָנען קלאָר און גענוי דערקלערן וואָס זיי ווילן וויסן, האָט ער בלויז אומבאַקוועם אַ שמייכל געטאָן און געדראָעט מיט אַ פינגער:

— פאַוואָלינקע, קינדערלעך, נישט אַזוי גיך! וואָרים אויב איר וועט וועלן אַלץ אַזוי פרי וויסן, וועט איר צו גיך אַלט ווערן, אָט אַזוי ווי איך, מיט אָט אַזעלכע ווייסע בערדעלעך, כע־כע־כע...

און ער האָט אָנגעהויבן איינטיילן, יעדן איינעם פון די קינדער, דעם אַ קיצל און דעם אַ קנופּ אין בעקל מיט אַזאַ ליבשאַפט, ווי נאָר אַזאַ האַרציק־ליבער אַל־טיטשקער קאָן עס טאָן...

די קינדער האָבן געשפּירט זיין ליבשאַפט און געענטפערט מיט גרויס ליב־שאַפט צו אים. ווי מען האָט אים נאָר געזען אָנקומען פון שטוב, אָדער פון גאַס, זענען קינדערלעך אים אַנטקעגנגעלאָפן מיט פריילעכע באַגריסונגען:

— גוט נאָוונט, פעטער אַווראַם! גוט שאַבעס, פעטער אַווראַם!...

און דאָס וואָס מען האָט געוויינטלעך נישט געוואָלט פאָלגן טאַטע־מאַמע, האָט מען מיט פרייד געטאָן ווען דער „פעטער" אַווראַם האָט עס געהייסן...



דעם מעכאַבערס עלטערן, מאָרדכע און מאַרגאָלע דאַווידזאָן,
(פאָטאָגראַפירט אין שפּעטערדיקע יאָרן אין אַמעריקע).

# פאַן קרול און זיין שפּייכלער

דער אַלטער פאַן קרול, דער ווירט פון אונדזער הויף, איז געווען אַ מיטל־וואוקסיקער מאַן און נישט קיין איבעריק דיקער. און כאָטש איך געדענק נישט, אַז איך זאָל אים ווען עס איז האָבן געזען נישט אָנגעטאָן ריין און רייך, האָט ער דאָך אויסגעזען נישט אַנדערש ווי איינער פון די פּויערים, וואָס פלעגן קומען פון די דערפער אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן די אידן „פּולקאָשקעס" (געפלאָכטענער סכאַך פאַר די סוקעס), אָדער גרינע „קוויטשערס" אף שעוואועס, צי נאָך אַנדערע ענלעכע אַרטיקלען. פונדעסטוועגן האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק פון פּוילישער אַריסטאָקראַטישקייט, סיי מיט זיינע גרויסע, גרויע וואָנצעס, וואָס האָבן זיך געצויגן מיט טיילן פון דער העלפט פון זיינע באַקן, ביז אין דער באָרד און סיי מיט זיינע גרויע, גלאַט־צוגעקעמטע האָר מיט אַ שרונט אין סאַמע מיטן. זיין פּאָנים איז געווען אַ רויטס, אַ געזונטס, אַז עס האָט זיך געדאַכט עס שפּראָצט מיט פרישע עפּל, ווייץ און פעלד־קאָניצינע...

ער, דער אַלטער קרול, פלעגט קומען צו אונדז אין הויף אַריין איינמאָל אַ וואָך, אַ כוץ אין די וואָכן ווען עס איז אויסגעפאַלן דער ערשטער פונעם כוידעש און ער איז געקומען אַ צווייטמאָל, קעדיי איינצוקאַסירן דאָס דירע־געלט באַ די שכיינים־לאָקאַטאָרן. ער פלעגט קומען, אויפשליסן דאָס פאַרטקעלע, וואָס איז גע־ווען אין איינער פון די צוויי העלפטן פונעם פאַרשלאָסענעם טויער, עס געעפנט אף אַ שמאָל שפּעלטעלע, אַזוי אַז ער אַליין האָט זיך קוים דורכגערוקט דורך דעם, און זיך גלייך פאַרשלאָסן פון אינעווייניק.

און ווייל דער אַלטער קרול האָט זיך אַזוי שטאַרק געהיטן, אַז מען זאָל נישט וויסן וואָס אין שפּייכלער געפינט זיך, האָבן ערשט די שכיינים ספּעקולירט און זיך געפּרואווט דערטראַכטן, אָבער קיינמאָל צו קיין טאָלק נישט געקאָנט דערגיין. און אויב עמעצער האָט אַמאָל דורך אַ קונצל זיך געפּראָבירט אַריינכאַפּן אַהינצו, אָדער כאָטש אַ בליק אַריין טאָן דורך אַ שפּאַרע, — איז אויך גאָרנישט געלונגען אויסצוגעפינען, מאַכמעס אינעווייניק איז געווען פינצטער כוישעך. אַפילו יאַנקל „בענקאַט" — דעם „שטומען" אַזריעלס זון — ווען ער האָט איינמאָל געפּראָבירט אונטערגראָבן אַ טונעל פון דער שטאַל, וואו זיין פאָטער, דער באַלעגאָלע, האָט געהאַלטן די קליאַטשע, איז עס אים אויך נישט געלונגען, ווייל ער האָט זיך אָנגע־טראָפן אף שטיינער. וואָס עס האָט זיך געפונען אינעווייניק, אין שפּייכלער, איז געבליבן אַ סאָד פאַר די שכיינים אף אַ לאַנגער צייט...

ווען דער אַלטער פֿאַן קרול איז געגאַנגען איינמאָנען דאָס דירע־געלט, פֿלעגט ער גיין פֿון טיר צו טיר, שטיל אָנגעקלאַפּט און, ווען מען האָט פֿאַר אים געעפֿנט די טיר, האָט ער מיט אַ שמייכעלע, פֿריינטלעך אַ זאָג געטאָן:

— דזשען דאָברי, לודזשי, האָט איר פֿאַר מיר די „קאָמאָרנע”?...

ער האָט געלאָזן איבערגעציילט די עטלעכע גילדן, וואָס מען האָט אים גע־געבן, זיי אַריינגעלייגט אין אַ לאַנגן שמאָלן לעדערנעם בייטעלע און געזאָגט:

— דזשענקויע באַרדזאָ, ניעך פּאַן־בוג דאַיע שטשענשטשע אי זדראָוויע!...

טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז עמעצער האָט אים אָקוראַט נישט געהאַט צו געבן דאָס דירע־געלט, האָט ער אין פֿאַרלעגנהייט אַ דריי געטאָן אַ העלפֿט וואָנצע און, ווי אַ געקוועלטער, אומבאַקוועם געפֿרעגט:

— איז עפּעס, ניע דאַי בוג, נישט אין אָרדנונג ביי אייך?...

די שכיינים פֿונעם הויף האָבן אים שטאַרק ליב געהאַט, דעם אַלטן קרול, און מען האָט צווישן זיך געשמועסט, אַז ער איז נישט אַנדערש ווי נאָר איינער פֿון די די געציילטע כסידיי־אומעס־האָוילעם, ווייל ער האָט נאָך קיינעם קיינמאָל נישט אַרויסגעוואָרפֿן פֿון קיין דירע. ער פֿלעגט אָפּנעמען און רעכענען דאָס דירע־געלט לויטן גילדן, און נישט לויטן רוסישן רובל — זעקס גילדן מיט צוואַנציק גראָשן פֿאַרן רובל. און טאָמער האָט ביי עמעצן געטראָפֿן קראַנקהייט, אָדער אַרבעטלאָ־זיקייט און מען האָט אים נישט געקאָנט געבן דירע־געלט, האָט ער געוואַרט און געוואַרט און מיט קיינעם נישט געהאַט קיין איבעררייד.

די איינציקע אינעם הויף, מיט וועמען ער האָט יאָ געהאַט צאַרעס, איז געווען דעם „שטומען” אַזריעלס ווייב, „די ליאַשע”. אָפּט, ווען קרול האָט אָנגעקלאַפּט אין איר טיר וועגן דירע־געלט, איז זי אים באַפֿאַלן מיט געשרייען:

— כ'האָב דאָך אייך ערשט יענע וואָך געגעבן דירע־געלט, פּאַניע קרול! וואָס זשע זענט איר שוין ווידער געקומען מאָנען?...

קרול האָט זיך נערוועז גענומען דרייען די וואָנצעס און גוטמוטיק געזאָגט:

— פּשעפּראַשאַם פּאַני, דאָס איז דאָך געווען פֿאַרן דירע־געלט וואָס איז מיר געקומען פֿאַר נאָך פֿון צוויי כאַדאָשים צוריק!...

— צוויי כאַדאָשים, דריי כאַדאָשים, — האָט זי איבערגעקרימט, — וואָס דרייט איר אַ קאָפּ? איר וועט מוזן וואַרטן, פּאַניע קרול! מיין מאַן איז איצט נישט געזונט און פֿאַרדינט קימאַט גאָרנישט די לעצטע צייטן, — האָט זי געזאָגט אַ ליגן.

דערהערט, אַז איר מאַן איז נישט געזונט, האָט קרול זיך ווי פֿאַרשעמט וואָס ער האָט עס נישט געוואוסט. ער האָט גענומען גראַבלען ביי זיך אין קעשענע, אָדער אינעם טיפֿן בייטעלע, אַרויסגענומען עטלעכע גילדן און דערלאַנגט:

— פּשעפּראַשאַם באַרדזאָ! — האָט ער מיטפֿילנדיק געזאָגט, — נאַט, גייט רופֿט אַ דאָקטער און ניעך פּאַן־בוג פּאָמאָזשע!...

זי האָט צוגענומען דאָס געלט, אַפֿילו נישט באַדאַנקט מיט קיין איינציק וואָרט און אַ קלאַפּ צו געטאָן די טיר קימאַט אין זיין פּאָנים אַריין.

די שכיינים פונעם הויף זענען שטאַרק בייז געווען אויף איר דערפאַר און מען פלעגט צווישן זיך שמועסן:

— עס איז נאָך אַ כילעל האַשעם, ווי די אידענע פירט זיך, בענעמאַנעס! אָפּצונאַרן אַזאַ פיינעם גאַי ווי פאַן קרול איז, איז פונקט ווי צו באַגאַנווענען אַ אידן — אַ כאַרפּע און אַ שאַנד!...

אָבער „די ליאָשע" — אויב זי האָט אויפגעכאַפּט אַזעלכע רייד — האָט ערשט גענומען זידלען, שעלטן און טיילמאָל זיך אַפילע געוואָרפן שלאָגן, שרייענדיק:

— ס'אי ניש איאַ פראַנצעוואַטע איסיק זעד אַראַנצימישן אין מיאַ געיבן איצעס אין זוגן מיסאַ! יאַך על טין ווי מיאַ געפעלט אין עץ קאָנט זעד אַלע אַפילע אָפּהענגען!...

האָט מען אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און זיך אָפּגעקערט פון איר. אין הויף האָבן זיך אַפילע געפונען עטלעכע ווייבלעך, וואָס האָבן געוואָלט דערציילן דעם פאַן קרול דעם עמעס וועגן „דער ליאָשע", אָבער די מאַנצבילן האָבן עס נישט געלאָזט:

— עס איז נישט קיין אידישע מידע צו מאַסערן, — האָבן זיי געזאָגט, — זאָל די „קלאָווטע" אָנקומען אויף אַנדערע הענט!...

נאָכן „פעטער" אַווראָם, האָבן די קינדער פונעם הויף ליב געהאַט דעם אַלטן פאַניע קרול. פון די עלטערן האָט מען געהערט שמועסן, אַז פאַניע קרול האָט אַמאָל געהאַט, אָדער האָט נאָך אַוואַדע איצט, אַ אידיש ווייב. ער אַליין האָט קיינמאָל נישט געזאָגט דאָס וואָרט „זשיד", נאָר „סטאַראָזאַקאָנני" (פון דעם אַלטן גלויבן). יעדעסמאָל, ווען ער איז נאָר געקומען אין הויף אַריין, האָט ער מיט זיך מיטגעבראַכט אַ גרויסן פּאַפּירענעם בייטל מיט צוקערקעס אָדער פרוכטן, און דאָס אויסגעטיילט צו די קינדער. נאָכדעם האָט ער אַלע קינדער געהייסן זיך אויסשטעלן אין אַ ריי אינמיטן הויף און זיי גענומען לערנען זינגען:

— „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגיניעלאַ,

פוקי מי זשיעמי..."

נאָך דעם זינגען האָט פאַן קרול אויסגעזעצט די קינדער אויף די ברייטע טרעפּ אין פאַרהויז, אַליין זיך אַוועקגעזעצט אין סאַמע מיטן צווישן די קינדער, און האָט מיט פריידיק־פאַרבענגטע רייד גענומען אויסדערציילן אַזעלכע שיינע מאָדנע מאַיסעס, וואָס מען האָט ווינציק פאַרשטאַנען. טיילמאָל, אַז דער „פעטער" אַווראָם איז גראַד געווען אינדערהיים, האָט פאַניע קרול אויך אים געבעטן זיך אַוועקזעצן מיט אים און ער, דער „פעטער", האָט פאַר די קינדער איבערגעגעבן אויף אידיש וואָס פאַן קרול האָט דערציילט.

און פאַן קרול האָט דערציילט מיט שטאָלצער פרייד וועגן וואונדערלעכע העלדן, פּאַטריאָטן פון פוילן, וואָס האָבן העלדיש געקעמפט און געהיטן דאָס לאַנד פון פרעמדע אַריינדרינגענדיקע סאָנים...

אָבער באַלד האָט דער טאָן פון זיין דערציילן זיך געביטן. אַ בייזער, אַן אויפגערודערטער האָט ער גענומען דערציילן, אַז איינמאָל זענען פון דער פרעמד אָנגע־

קומען די מאַסקאַליעס און האָבן מיט ביקסן און שווערדן פאַרנומען און פאַר־שקלאַפּט דאָס שיינע לאַנד פּוילן...

— אָבער נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן! — האָט ער באַלד צוריק אַ לויכט אויף געטאָן און זיינע גרויע אויגן האָבן זיך צעפינקלט מיט אַזעלכע מאָדנע פייערלעך, — מיר וועלן נאָך באַפרייען אונדזער פּוילן פון די פרעמדע הינט! איך, ווי אַלט איך בין, וועל זיך נאָך אויך שלאָגן קעגן זיי. איך בין אַן אָפיציר פון דער פּוילישער אַרמיי!... און איר, קינדערלעך, ווען איר וועט אויפוואַקסן און זיין גרויסע, געזונטע, וועט איר אויך זיין פּוילישע פּאַטריאָטן ווי בערעק יאָסעלעוויטש, און זיך אויך שלאָגן פאַר דער באַפרייאונג פון אונדזער לאַנד פּוילן!...

און ווידעראַמאָל פאַרענדיקט מיט זינגען אינאיינעם מיט די קינדער:

— „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגיניעלאַ,
פּוקי מי זשיעמי!...

* * * * *

**עס זענען** פאַרביי עטלעכע יאָר נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך שוין געהאַט פון דאָרט אַרויסגעצויגן. איינמאָל, בעאייס איך בין גראָד געקומען באַזוכן דעם „פעטער" אַווראָם, וועלכער איז געווען שטאַרק קראַנק, איז דער אַלטער פּאַן קרול — ווי אַלעמאָל — געזעסן מיט די יונגע קינדער פונעם הויף אינעם פאַרהויז אַף די טרעפּ און, ווי געוויינטלעך, דערציילט די מאַיסעס וועגן דעם שיינעם לאַנד פּוילן. מיטאַמאָל האָט זיך פון דרויסן, פונעם הויף, פּלוצים דערהערט אַ מאָדנע געטומל. דער אַלטער קרול האָט איבערגעהאַקט דאָס דערציילן, איז צוגעגאַנגען צו דער געגלאָזטער אַריינגאַנג־טיר און באַלד זיך אַ כאַפּ געטאָן ביים קאָפּ מיט אַ פאַרצווייפלטן אויסגעשריי:

— מאַטקאַ באָסקאַ טשענסטאָכאָסקאַ! די מאַסקאַליעס!...

ער האָט זיך איבערגעציילעמט, געבליבן אַף אַ רעגע ווי פאַרלוירן, נישט־וויסנדיק און אָפּאָנים נאָכטראַכטנדיק וואָס צו טאָן. באַלד — אַ דריי טוענדיק ביי זיך אַ וואָנצע — האָט ער זיך געטאָן אַ גלייך אויס און גענומען מיט דרייסטע, ברייטע טריט אַרויסגיין אין הויף אַריין.

די קינדער — פאַרכידעשטע פון זיין פּלוצימדיקן איבערענדערן זיך — זענען נאָכגעלאָפן און — טוליענדיק זיך אַלע צוזאַמען אין ציטערניש — זיך געהאַלטן אַן אַ זייט. אין די אָפענע פענצטער פון די דירעס האָבן זיך באַוויזן קעפּ פון די שכיינים. אַ טייל מענטשן — אויך איך, דעמאָלט אַ אינגל פון 11־12 יאָר, צווישן זיי — זענען אַרויס אפן הויף און האָבן זיך מיט מוירע צוגעקוקט צו דעם וואָס דאָרט איז פאַרגעקומען.

אפן הויף — האָבן מיר געזען — זענען געשטאַנען אַ מאַסע זעלנער און „סטאַיקאָוועס" מיט „רעוויראָוועס" (פּאָסטן־פּאָליציאַנטן און געגנט־פּאָליציאַנטן). צוויי „סטאַיקאָוועס", מיט העק אין די הענט, האָבן געקנאַקט איבער די שלעסער פון פאַרמאַכטן שפּייכלער־טויער און צעשמעטערט דעם הילצערנעם פרענט אַף

פּיץ־פּיצלעך. נאָכדעם האָבן זיי אַ צעעפֿן געטאָן דעם טויער און גלייך האָבן זיך אַ לאָז אַריין געטאָן אַהינצו אַ צאָל זעלנער און „סטאַיקאָוועס״ מיט אָנגעשטעלטע רעוואָלווערן און ביקסן אין די הענט. עס האָט גענומען אַ ווייל און באַלד האָבן פֿון אינעווייניק גענומען פֿליען אַפֿן הויף אַרויס מאַסן פּעק און זעק מיט בלויע זעל־נערשע מונדירן, רויטע הויזן, היטלען מיט פֿיר־עקיקע דעקן און גלאַנציק־שוואַרצע דאַשקעס, שטיוול, זאָטלען, ציימלעך, רימענס. אַנדערע זעלנער האָבן אַרויסגע־טראָגן און אין קופּעס אָוועקגעלייגט — מאַסן לאַנגע ביקסן מיט אַרויפֿגעשטעקטע פּיקעס, שווערדן אין שוואַרצע שיידלעך, מאַסן לעדערנע קוילן־טעשלעך און אַ סאַך שווערע הילצערנע קאַסטנס און קעסטלעך. דער הויף איז אין עטלעכע מינוט פֿול געוואָרן מיט אַ צאָל באַזונדערע פֿאַרשידענע קופּקעס.

איבער דער גאַנצער צייט פֿונעם אַרויסטראָגן די זאַכן זענען באַביידע זייטן פֿונעם צעעפֿנטן שפּייכלער־טויער געשטאַנען צוויי „רעוויראָוועס״, אָנגעטאָן אין ליכטיק־גרויע שינעלן, און האָבן אויף פּאַפּירן פֿאַרשריבן יעדע אַרויסגעטראָגענע זאַך פֿון אינעווייניק.

אַז די פּאָליציאַנטן זענען פֿאַרטיק געוואָרן מיטן אויסליידיקן דעם שפּייכלער, האָבן די זעלנער ערשט גענומען לאָפּעטעס, אַריין אינעווייניק און דאָרט, אין דעם שפּייכלער, גענומען גראָבן אין דער ערד. אינגיכן האָט זיך פֿון אינעווייניק דער־הערט אַ צופֿרידענער אויסגעשריי און פֿיל זעלנער האָבן פֿון אינעווייניק אַרויס־געטראָגן צוויי שווערע קופּערטס. איינער פֿון די „רעוויראָוועס״ האָט געהייסן צעזעצן מיט אַ האַק די דעקן און, אַזוי גיך ווי מען האָט דאָס געטאָן, — האָבן פֿון די קופּערטס אַ בלישטש אַרויס געטאָן צעשטראָלונגען פֿון גאָלדענע מאַטבייעס, אַזוי אַז די אַרומשטייענדיקע פּאָליציאַנטן האָבן זיך אַזש אַ כאַפּ געטאָן ביי די קעפּ פֿון איבעראַשונג...

בעאייס דאָס אַלץ איז פֿאָרגעקומען, איז דער אַלטער פּאַן קרול געשטאַנען אין אַ זייט צווישן דעם אוילעם, אין מיטן פֿון די קינדער, און האָט געשוויגן. מען האָט אָבער געקאָנט זען, אַז ער איז אומרואיק, מאַכט יעדע ווייל אַ באַוועגונג ווי צוצוגיין, אָבער קאָן זיך אַפּאַנים נישט באַשליסן. זיינע אויגן זענען געווען אָנ־געגאָסן מיט טרערן און עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער ווערט געבויגן אַלץ נידעריי־קער און נידעריקער, אָט נאָר זיך אַרונטערצוזעצן אויף דער ערד...

ענדלעך האָט ער זיך אַ גלייך אויס געטאָן, אַ דריי געטאָן אָט דעם שפּיץ פֿון איין האַלבער וואָנצע, אָט אַ שפּיץ פֿון דער צווייטער העלפֿט, און איז מיט דרייסטע געמאָסטענע טריט צוגעטראָטן צו די פּאָליציאַנטן, זאָגנדיק:

— איר זוכט דאָך אַוואַדע דעם אייגנטימער, פּאַן קרול. דאָס בין איך!...

— אַ! — האָט איינער פֿון די פּאָליציאַנטן אויסגערופֿן, אָנקוקנדיק אים מיט אומגלויבן, — דאָס ביסטו עס דער פֿויגל? אויב אַזוי, איז דאָך טאַקע גוט וואָס ביסט אַליין געקומען און מיר וועלן דיך פֿאַרשפּאָרן זוכן!...

ער האָט עפּעס אַ זאָג געטאָן צו איינעם פֿון די „סטאַיקאָוועס״ און יענער איז

צוגעטראָטן צום פאַן קרול, אין אַ פאַרזוך אים אָנצוטאָן קייטן אויף די הענט. דער אַלטער האָט זיך אָבער אַ צי צוריק געטאָן און שטאָלץ געזאָגט:

— איר וועט מיר קיין קייטן נישט אָנטאָן! איך בין נישט קיין קאָטאָרזשאַן, נאָר אַ פּוילישער פּאַטריאָט! איך האָב קיינעם נישט דערהאַרגעט און וועל זיך אייך אויך נישט אַנטקעגנשטעלן! געדענקט אָבער, מאָסקאַליעס, אַז עס וועט נאָך קומען אייער טאָג און דאָס פּוילישע פאָלק וועט אייך אַרויסטרייבן פון אונדזער לאַנד!...

ער האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון אונטער די אויגן און פאַרגעזעגנט:

— דאָ, מאָסקאַליעס, האָט איר געפונען בלויז אַן איינציקן שפּייכלער מיט אַמוניציע. איר זאָלט אָבער וויסן זיין, אַז מיר, דאָס פּוילישע פאָלק, פאַרמאָגט איבערן גאַנצן לאַנד, איבער גאַנץ פּוילן טויזנטער אַזעלכע אַרסענאַלן און ווען דער געהעריקער טאָג וועט קומען...

מער האָט פאַן קרול נישט באַוויזן צו רעדן. איינער פון די „רעוויראָוועס", וועלכער איז געשטאַנען לעבן אים, האָט אַ הייב אויף געטאָן זיין שווערדן־שיידל איבער אים און מיטן גאַנצן קויעך אַ זעץ געטאָן דערמיט איבער דעם אַלטן פאַן קרולס קאָפּ, אַזש בלוט האָט גלייך גענומען גיסן און ער איז אומגעפאַלן אויף דער ערד ווי אַן אונטערגעשאָסענער, ווי אַ טויטער...

די קינדער און די פרויען, וואָס זענען געשטאַנען אין הויף, האָבן — דער־זעענדיק דאָס — אויפגעהויבן אַ יאָמערלעך געוויין און זיך געלאָזט לויפן, צעשראָ־קענע, אין די שטובן אַריין. צוויי ווייבער האָבן ספּאַזמירט און געפאַלן אין כאַלאָ־שעס בעאייסן לויפן...

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און עס זענען אָנגעקומען צו פאָרן צוויי גרויסע פלאַטפאָרמע־וועגענער אין הויף אַריין. די זעלנער האָבן אַרויפגעלאָדן אויף זיי די אַלע אַרויסגענומענע זאַכן און זיי אַוועקגעפירט צוזאַמען מיטן אַלטן פאַן קרול, וועמען זיי האָבן — ווי אַ נעוויילע — אַרויפגעוואָרפן אויף איינער פון די פלאַטפאָרמעס.

פון דעמאָלט אָן איז אויך דער צווייטער טויער, דער וואָס פונעם אויסגע־ליידיקטן שפּייכלער, שוין שטענדיק געשטאַנען אָפן און די קינדער פונעם הויף האָבן געהאַט אַ ניי פּלאַץ וואו זיך צו שפּילן...

* * * * *

# דער רעבע מיט ריצן־אייל

איינמאָל, איידער דער טאַטע איז אינדערפרי אַוועק צו דער אַרבעט אין פֿאַבריק אַריין, האָט ער מיך אַרויסגענומען פֿונעם בעט, וואו איך פֿלעג שלאָפֿן צוזאַמען מיט אים, און מיך פּלוצים אַ פֿרעג געטאָן:

— גו, טאַכשעטע מיינער, ווייסטו כאָטש וואָס היינט איז?...

אַ דערשראָקענער האָב איך אים אָנגעקוקט און נישט געוואוסט וואָס ער מיינט.

— היינט איז פֿינף טאָג אין שוואַט! היינט ווערסטו קענעהאָרע דריי יאָר אַלט!

— האָט ער געזאָגט, מיך אַריבערגעלייגט צו זיך אויף די קני, מיר געגעבן דריי לייכטע פּעטשעלעך אין הינטן אַריין און צוגעגעבן, — ביסט שוין, הייסט עס, אַ גרויסער באָכער און וועסט דאַרפֿן אָנהויבן גיין אין כיידער אַריין...

ער האָט מיר געגעבן אַ גלאָטן קופּערנעם דרייער, געהייסן דער מאַמען, זי זאָל מיר דערפֿאַר קויפֿן צוקערלעך, מיר געגעבן אַ פּעטשל אין באַק אַריין און איז, אַ צופֿרידענער, אַוועק צו דער אַרבעט.

שפּעטער, ווען די מאַמע איז פֿאַרטיק געוואָרן און מיר געגעבן אָפּצועסן, האָט זי מיך אָנגעטאָן וואַרעם, מיט אַ שאַליק אַרום האַלדז, מיך גענומען אויף דער האַנט, אונטער איר פֿאַטשיילע, און מיך געטראָגן אָנצודינגען אין כיידער אַריין.

דאָס כיידער — אַ פּאָר הייזער פֿון אונדזער הויף, האָט זיך געפֿונען אויף אַ צווייטן שטאָק, אין אַ „פּאַציאַטקע״־צימער, ביים רעבן אין דער דירע, וואָס איז געווען פֿינצטערלעך און ענג־אָנגעשטעלט מיט שטוב־זאַכן. אינמיטן שטוב איז געשטאַנען אַ גרויסער, לענגלעכער טיש, און אַ צאָל קינדער — טייל אין מיין עלטער און טייל אַביסל עלטער פֿון מיר — זענען געזעסן אויף צוויי לאַנגע היל־צערנע בענק אין ביידע זייטן. אין פֿאָרנט פֿון יעדן איינעם איז געלעגן אויסגע־שפּרייט אַן אָפֿענער סידער, און זיי, די קינדער — צושאָקלענדיק זיך צום טאַקט פֿון זייער לערנען — האָבן אויסגעזונגען מיט שפּיציקע קעלעכלעך:

— קומעץ אַלעף — אָו, קומעץ באַיס — בו, קומעץ גימל — גו...

ווען די מאַמע — אַ מידע פֿון טראָגן מיך אַרויפֿצו אויף די טרעפּ — איז מיט מיר אַריינגעקומען, איז דאָס לערנען מיטאַמאָל איבערגעהאַקט געוואָרן, עפּעס נאָר ווי איבערגעשניטן מיט אַ מעסער. עס איז פּלוצים געוואָרן אַזוי מוירעדיק־שטיל, אַז איך האָב זיך אַזש דערשראָקן און אָנגעהויבן וויינען.

די מאַמע האָט מיך אַוועקגעשטעלט אויף עפּעס אַ גרין־געפֿאַרבטן קופֿערט, וואָס איז געשטאַנען ביי איינער פֿון די שיפֿע ווענט, אַזוי אַז מיין קאָפּ האָט אַזש אָנגע־

רירט דעם האַלב־וואַנט האַלב־בעליק. זי האָט גענומען אָפּוויקלען פון מיר דעם שאַליק, אויפגעקנעפּלט דאָס פּאַלטנדל אַף מיר און — אַ קוק טוענדיק פון דער זייט צום רעבן, ווי זי וואָלט אים גערופן — גיזאָגט:

— רעבע, איך בין געקומען אַנדינגען מיין אינגל צו אייך. איך וויל, אַז איר זאָלט אים צונעמען אין כיידער און אים לערנען די הייליקע טוירע!...

דער רעבע האָט זיך אויפגעשטעלט פונעם בענקל, לעבן טיש, וואו ער איז געזעסן, און איז צוגעקומען. דאָס איז געווען אַ קליין, דאַר אידעלע, מיט אַ פּלאַ־כער, שטאַרק־באַפּעדערטער סאַמעטענער יאַרמלקע, פון אונטער וועלכער עס האָבן זיך אַרום און אַרום געשפּרייט גערדיכטע, ווילד־צעשויבערטע געלע האָר. אַפּן פּי־צעלע פּעניםל — אַ געלע באָרד און גערדיכטע געלע ברעמען, אַזוי באַוואַקסן, אַז מען האָט בלויז אַרויסגעזען אַ פּאָר טרערנדיקע, מיט רויטער ראָפּע אַרומגעליאָמע־ווען אויגן. וואָס האָבן מאַמעש אַנגעוואָרפן אַ מוירע אַף מיר, אַז איך האָב אַזש גענומען ציטערן. אין מיין קינדערשן געדאַנק האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַן איינ־דרוק, אַז דער רעבע איז אינגאַנצן פון און מיט ריצן־אייל. ער האָט זיך נאָענט צוגעבויגן צו מיר, אַז איך האָב אַזש דערשפּירט זיין הייסן אָטעם אַף זיך, און — אַ קנופּ טוענדיק מיר אין באַק — האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— אוי, אַ וואויל באָכערל, כלעבן! אַ שייינקער! וואו ערגעץ האָט איר עס אים געקראָגן, ווייבל? אוי־אוי, אַזאַ וואויל אינגעלע, קענעהאָרע!...

און צו מיר:

— וואָס זשע, אינגעלע, ווילסטו גיין צו מיר אין כיידער אַריין? ווילסטו לערנען די הייליקע טוירע?...

איך האָב זיך ערשט אַף אַן עמעס צעכליפּעט:

— איך וויל אַהיימגיין! — האָב איך גענומען שרייען, — מאַמע, נעם מיך אַהיים! איך וויל נישט דאָ!...

דער רעבע האָט מיר ווידער אַ קנופּ געטאָן:

— אַי, פּע, נישט שיין אַז אַ אידיש אינגעלע זאָל גאָר וויינען און נישט וועלן גיין אין כיידער אַריין! זעסט? — האָט ער אַ וויַיז אַן געטאָן אַף די קינדער וואָס אַרום דעם טיש, — זעסט, זיי זענען אויך קליינע אידישע אינגעלעך און זיי האָבן ליב צו גיין אין כיידער אַריין צו לערנען גאָטס טוירע...

ער האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו די קינדער:

— אַ־יאָ, קינדערלעך, איר האָט ליב צו גיין אין כיידער אַריין? נו, איז וויַיזט זשע טאַקע דעם נייעם אינגעלע ווי שיין איר קענט לערנען. זאָגט זשע אַלע צוזאַ־מען: קומעץ אַלעף — אָ, קומעץ באַיס — בו, קומעץ גימל...

די קינדער האָבן אויפגעכאַפּט זיין געגעבענעם ריטם, האָבן זיך צעשאָקלט און גענומען אויסזינגען:

— קומעץ גימל — גו, קומעץ דאַלעט — דו, קומעץ האַי — הו...

— אָט אַזוי, אָט אַזוי! — האָט דער רעבע זיך צעשאָקלט און צוגעפּאַטשט

מיט די הענט צום טאַקט, און צו מיר אַ זאָג געטאָן, — זאָג זשע מיט, אינגעלע, לערן מיט, באַכערל, קומעץ זאַיען — זו. קומעץ כעס — כו, קומעץ טעס...

איך בין זיך פאַרגאַנגען אין ספּאַזמאַטישן געוויין.

— נעם מיך אַהיים, מאַמע! איך וויל אַהיים!...

די מאַמע האָט מיך גענומען קושן, גלעטן, צערטלען און איינגעמען:

— זיי נישט קיין נאַרעלע. ביסט שוין אַ גרויסער באָכער, קענעהאָרע, און דאַרפסט שוין אָנהויבן צו לערנען גאָטס טוירע!...

און אַז איך האָב אַלץ נישט אויפגעהערט כליפּען, האָט זי מיר פאָרגעוואָרפן:

— אָבי אינדערהיים האָסטו געזאָגט, אַז דו ווילסט יאָ גיין אין כיידער אַריין! וואָס זשע האָסטו דאָ נישט ליב, זאָג מיר! זע נאָר, אָט די אַלע שיינע און פיינע אינגעלעך וועסטו דאָך האָבן פאַר כאַוויירים און זיך שפּילן מיט זיי. פאַר וועמען האָסטו דאָ מוירע?...

— פאַרן רעבן! — האָב איך וויינענדיק אויסגעשאָסן און זיך אָפּגעקערט.

— פאַרן רעבן גאָר? פאַרוואָס האָסטו מוירע פאַר אים?...

— ווייל ער, ווייל ער... ער איז אַ רעבע מיט ריצן־אייל — האָב איך געכלי־פּעט, — איך וויל אים נישט...

איך האָב מיט מיין האַנט אַ וויז אָן געטאָן אָפן רעבן, וועלכער איז געשטאַנען לעבן מיר און, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, מיר געוואָלט איינגעבן אַ לעפל ריצן־אייל און מיך אָוועקזעצן ביים טיש מיט אַלע אַנדערע אינגלעך. און אַזוי ווי ער האָט טאַקע באַלד אויסגעצויגן אַ האַנט צו מיר און מיך געוואָלט אַ נעם טאָן, האָב איך אים גענומען קאָפּען מיט אַ פוס אין בויך אַריין און קנאַקן מיטביידע הענט איבער זיין פּאָנים. די מאַמע האָט מיך אַ כאַפּ אַרום געטאָן, מיר פאַרהאַלטן די הענט, און דערביי שוין בייז פאָרגעוואָרפן:

— פע, עס איז נישט שיין פאַר אַ אידיש אינגעלע אַזוי צו טאָן! אַ רעבע איז אַ היילִיקער איד און מען טאָר אים נישט שלאָגן. נו, גוט, ווילסט אַהיימגיין, ווילסט נישט גיין אין כיידער אַריין — זייער גוט! וועל איך עס כאַטש דערציילן דעם פּע־טער אַווראָם, זאָל ער עס וויסן! שעם זיך, האָסט דעם פעטער אַווראָם צוגעזאָגט צו גיין אין כיידער אַריין און זיך גוט לערנען...

דאָס וואָס די מאַמע האָט דערמאָנט דעם נאָמען „פעטער״ אַווראָם, האָט טאַקע געהאָלפן. איך האָב גלייך אויפגעהערט וויינען און זיך אונטערגעגעבן...

דער רעבע האָט מיך גענומען ביי אַ האַנט, מיך צוגעפירט צו איינער פון די צוויי בענק, מיך אַריינגעזעצט צווישן צוויי קינדער, אַוועקגעלייגט אַ סידער אין פאַרנט פון מיר, אויפגעמישט אַ גרויסן אַלעף־בייס, אָנגעוויזן מיט אַ הילצערנעם טייטל אַף די אויסיעס און גענומען אויסזינגען מיט אַ ניגון:

— אוי־ווויי, לערנט אַ אינגעלע, וואָס איז דאָס? זאָג מיר נאָך, אינגעלע, אַן אַלעף! זעסט, אַזאַ קרום פּאַסיקל מיט אַ קעפּעלע און אַ פיסעלע, וואָס זעט אויס ווי אַ זיצנדיק קעצעלע, הייסט אַלעף! זאָג זשע מיר נאָך, אינגעלע, — אַלעף!...

איך האָב מיט ציטערניש אין האַרץ און מיט אַ כליפּ אין האַלדז מעכאַניש נאָכגעזאָגט, טראַכטנדיק דערביי וועגן דעם „פּעטער" אַוראָם...

— און דאָס־אַ, אינגעלע, — האָט דער רעבע ווייטער געזונגען, — דאָס־אַ, וואָס זעט אויס ווי אַ שטיבעלע אָן אַ טיר, איז אַ באַיס! זאָג זשע, אַ באַיס!...

— אַ באַיס, — האָב איך נאָכגעזאָגט מיט דער נעשאָמע אויף די ליפּן, נישט געבנדיק אַפילע קיין קוק אויפן שטיבעלע אָן דער טיר...

— זייער גוט! — האָט דער רעבע מיר ווידער אַ קנופּ געטאָן אין באַק, — אויף דערווייל וועט עס זיין גענוג. שפּעטער וועלן מיר לערנען נאָך!...

די מאַמע, האָב איך געזען, איז געשטאַנען דערביי און, — ווי זי וואָלט נישט באַנומען אַז מיין האַרץ צאַפּלט זיך, — געשטראַלט פון פרייד. ערשט איצט האָב איך געזען ווי זי האָט גענומען ווישן מיט איר פאַרטעך די טרערן פון אירע אויגן. מיטאַמאָל האָט זי אַ נעם געטאָן דעם פּאַפּירענעם בייטל, וואָס זי האָט די גאַנצע צייט געהאַלטן, אים געעפנט און גענומען אַרומטיילן צוקערקעס און ראָזשינקעס צו די קינדער. אין מיטן דעם, בעאייס מיינע אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט דער מאַמעס האַנט, האָט דער רעבע מיטאַמאָל פריידיק אויסגעשריגן:

— זעט נאָר, אינגעלעס מאַמע, זע נאָר, אינגעלע, אַ מאַלעך האָט נאָר־וואָס דיר אַרונטערגעוואָרפן אַ גראָשן פון הימל, פאַר דיין גוטן לערנען!...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף דעם סידער, אין סאַמע פאַרנט פון מיר, און געזען ווי דערויף איז געלעגן אַ גלאַנציק־רויטער, בלישטשענדיקער גראָשן. איך האָב זיך אָבער מוירע געהאַט צוצורירן צו אים. עפּעס האָב איך זיך געשראָקן, צי דער מאַלעך איז אויך נישט אַמאָל מיט ריצן־אייל פּונקט ווי דער רעבע...

די מאַמע האָט מיר אַ קוש געטאָן, נאָכאַמאָל מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיין אַ גוט אינגעלע, פאָלגן דעם רעבן, און זיך גוט לערנען, ווי איך האָב צוגעזאָגט דעם „פּעטער" אַוראָם.

זי איז אַוועק אַהיים און איך בין געבליבן אין כיידער. פון גרויס שרעק האָב איך שוין געשוויגן און אַפילע מוירע געהאַט אַ קוק צו טאָן אויפן רעבן. אָבער באַלד נאָך דער מאַמעס אַוועקגיין, בעאייס דער רעבע האָט זיך ווידער גענומען צום לערנען מיט די קינדער, האָט מיין שרעק אָפּאַנים נאָכגעלאָזט, און איך האָב מיט־אַמאָל ווידער אַ פלאַץ אויס געטאָן מיט אַ יאָמערלעך געוויין:

— איך וויל אַהיים! — האָב איך זיך גענומען צאַפּלען און וואָרפן, — איך וויל נישט זיין אין כיידער!...

דער רעבע האָט מיך שוין נישט געפּרואווט איינצונעמען און באַרואיקן ווי פריער, בעאייס די מאַמע איז געווען. ער האָט פון אַ שופלעדל אינעם טיש אַרויס־גענומען אַ קאַנטשיק מיט עטלעכע לאָקשן־רימענדלעך, דערמיט אַ פּאַטש געטאָן איבערן טיש, אַז עס האָט אַזש אָפּגעהילכט איבער דער שטוב מיט אַ הילכיקן קנאַק, פון וואָס איך בין ווי פאַרשמעלעט געוואָרן און שטיל געבליבן.

— שאַ זאָל זיין! — האָט דער רעבע בייז אויסגעשריגן, — קיין דוך זאָל איך

מער נישט הערן פון דיר, דו שטינקערל, אַז נישט וועל איך דיר מיט אַט דעם קאַנטשיק אָנפּיצקען אַ טוכעס, אַז ער וועט דיר געשוואָלן ווערן ווי אַ באַרג!

איך האָב שטיל געכליפּעט, היטנדיק זיך, אַז דער רעבע זאָל עס נישט באַמערקן, און האָב מעכאַניש נאָכגעזאָגט וואָס דער רעבע האָט פאַרגעזונגען:

—אַ־אַלע־עף!... באַ־באַי־איס!... גי־אימל!... דאַ־אַ־אַלעט!...

אָפּגעלערנט אַ פּאָר מינוט מיט מיר, האָט דער רעבע זיך צוריק גענומען צו די אַנדערע קינדער און אָנגעהויבן זינגען מיט זיי, ווי פריער, קומעץ־אַלעף — אָו, קומעץ־באַיס — בו, קומעץ־גימל — גו!...

פלוצים האָט ער ווידער אַ קנאַק געטאָן מיטן קאַנטשיק איבערן טיש און געהייסן די קינדער שטיל זיין. ער האָט אַרויסגערופן איינעם פון זיי, גענומען שרייען און זיך בייזערן אויף אים, אַז דאָס קינד האָט אַזש גענומען שטאַרק וויינען. דער רעבע האָט אָבער מער גאָרנישט גערעדט. געלאָזן האָט ער אויפגעקנעפּלט ביי דעם אינגעלע די הייזעלעך, אים אַריבערגעלייגט אויפן בענקל, וואָס איז געשטאַנען לעבן אים, און אים גענומען שמייסן, ציילנדיק בײַ יעדן שמיץ:

— איינס — פאַר לאַכן. צוויי — פאַר רעדן צו אַנדערע אינגעלעך אינמיטן לערנען. דריי — פאַר נישט קוקן אין סידערל אַריין בעת׳ן לערנען. פיר — פאַר נישט פאָלגן דעם רעבן. פינף — זאָלסט געדענקען אויף נאָכאַמאָל!...

נאָכדעם, ווי דער רעבע האָט אַליין צוריק צוגעקנעפּלט די הייזעלעך ביים אינגעלע און אים געהייסן זיך צוריקזעצן אויף זיין אָרט, האָט ער אַ זאָג געטאָן:

— נו, קינדערלעך, איצט לאָמיר ווייזן דעם נייעם אינגעלע, וואָס מיר אַלע זינגען אין כיידער נאָך אַן אָפּשמייסן!

און די קינדער — צוזאַמען מיטן רעבן — האָבן גענומען אויסזינגען אויף פאַרשידענע פּישטשענדיקע שטימעלעך אַזאַ לידעלע:

„געשמיסענער טוכעס,<br>
מיט צוואַי ברוכעס,<br>
מיט צוואַי לאַטעס,<br>
מיט צוואַי שמאַטעס.<br>
די כיפּע געשטעלט,<br>
די כיפּע געריסן,<br>
אין יאַנקעלעס טוכעס<br>
אַריינגעשמיסן...״

איך האָב שטיל געכליפּעט, אַקוראַט ווי איך וואָלט עס געווען דער אָפּגעשמיסענער, און זיך קוים דערוואַרט אויף דער מאַמען זי זאָל מיך אַהיימנעמען...

אין עטלעכע טעג בין איך פונדעסטוועגן געוואָרן היימיש אין כיידער און נישט נאָר האָב איך מער נישט געוויינט ווען די מאַמע האָט מיך געדאַרפט נעמען פירן אין כיידער אַריין, נאָר איך האָב שוין געוויינט, אויב זי האָט זיך אַביסל פאַרשפּעטיקט און מיך נישט אַזוי גיך געקאָנט אַהינטראָגן...

עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך שוין געקענט דעם אַלעף־בייס און געלערנט די נעקודעס. יעדן טאָג בין איך געקומען צו דער מאַמען מיט פרייד פון דער נייער זאַך, אַקוראַט ווי איך וואָלט אַנטפּלעקט אַ נייע וואונדערלעכע וועלט:

— זע, מאַמע, — האָב איך איר דערציילט, — אַז מען וויל, מאַכט עס באַ; אַז מען וויל, מאַכט עס באָ, אָדער בי, אָדער בו, אָדער ביי, אָדער בוי...

ווען די מאַמע האָט דערציילט דעם טאַטן וועגן מיין „כאָכמע” און באַגער צו לערנען, האָט עס אים שטאַרק געפרייט. און אַפּאָנים קעדיי זיך אויסצופּיינען מיט מיר, האָט ער מיך גענומען אין פאַבריק אַריין און מיך פאָרגעשטעלט פאַר זיין פריינט ברעסלערן, דעם בוכהאַלטער פון פאַבריק, וועלכער איז טאַקע געווען אַ ליטוואַק, אָבער זייער אַ געלערנטער מענטש און אַ גרויסער וויצלער.

דער טאַטע האָט מיך געהייסן איבערזאָגן די „כאָכמע” פאַר ברעסלערן, אָבער איך האָב זיך אַפּאָנים דערשראָקן פאַר אים און זיך שטאַרק צעוויינט.

— וואָס זשע וויינסטו, נאַרעלע? — האָט ברעסלער מיר אַ גלעט געטאָן דעם קאָפּ, — ווען לערנען איז טאַקע זייער גוט. אָבער זאָג דיין טאַטן, אַז ער איז אַ כניאָק. זאָל ער וואַרטן מיטן באַרימען זיך כאָטש נאָך אַ צען יאָר. דערווייל זאָל ער בעסער זען, אַז דו זאָלסט נישט אויסוואַקסן קיין כניאָק!...

דער טאַטע האָט געשמייכלט און ברויגעזלעך צוגעוואָרפן:

— אַי, ברעסלער, זענט איר אַן אַפּיקוירעס! ווערט מען אייך דאָס שמייסן!...

— נו, ווערט מען שמייסן! — האָט ברעסלער געלאַכט. — דערויף בין איך דאָך אַ ליטוואַק. אָבער וואָס אַרט דאָס אייך? אייך וועט דאָך נישט ווי טאָן...

און באַלד, דערזעענדיק דעם באַלעבאָס, רעב איטשע גוטראָט, פאַרבייגיין, האָט ער מיט די אויגן אַ וויז געטאָן אָף אים און צו מיר געזאָגט:

— זעסט, אינגעלע, יענעם נעפעש דאָרט? ער איז אַ כניאָק, אַ גאָטס־גאַנעוו! ער איז שטאַרק פרום, ווייל עס לוינט אים אַזוי. ער פאַרדינט אַ סאַך געלט פון דעם. אָבער דיין טאַטע, וואָס האָט ער דערפון?...

דער טאַטע האָט אויסגעשפּיגן און, אַהיימטראָגנדיק מיך, געמורמלט:

— איז דאָס אַ טרייפענער אַפּיקוירעס, זאָל מען נאָר באַהיט ווערן!...

* * * * *

# דער קייסער האָט „געמעסט"

בעאַיס די מאַמע האָט מיך איינמאָל, נאָכן עסן מיטיק, געהאַלטן ביים פירן צוריק אין כיידער אַריין, איז דער טאַטע פּלוצים אַנגעלאָפן פון פאַבריק און האָט מיט שרעק אפן פּאָנים אַ זאָג געטאָן צו איר:

— האָסט שוין געהערט וואָס עס האָט זיך געטראָפן? דער קייסער... דער קייסער האָט דאָך „געמעסט"!

די מאַמע איז געבליבן שטיין אינמיטן אָנטאָן מיך און אים איבערגעפרעגט:

— וואָס זאָגסטו?... כ'מיין אָן עמעס...

— דער קייסער האָט „געמעסט", — האָט דער טאַטע איבערגעכאַזערט.

די מאַמע איז בלאַס געוואָרן, האָט פרום אַ הייב געטאָן די אויגן צום בעליק און געזאָגט:

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר! „געמעסט"? באָרעך דאַיען עמעס!...

זי האָט ווידער געוואָלט מיך אָנטאָן, אָבער דער טאַטע האָט זי אָפּגעשטעלט:

— נעם אים נישט אין כיידער אַריין! — האָט ער געזאָגט, — זאָל ער היינט בלייבן אינדערהיים. מען ווייסט נישט וואָס עס קאָן נאָך כאַלילע טרעפן...

אייגנטלעך, וואָס עס איז אַ קייסער און וואָס ער האָט געמעסט, האָב איך נישט פאַרשטאַנען. איך האָב בלויז באַגריפן, אַז עס מוז זיין אַ גוטע זאַך. אַ סימען: מען גייט נישט אין כיידער אַריין פּונקט ווי אין אַ יאָנטעוו. איך האָב שטאַרק האַנאָע געהאַט דערפון און זיך געוואונטשן, אַז אַלעוואַי „מעסט" דער קייסער אַלע טאָג, וועל איך פאַרשפּאָרן גיין אין כיידער צום רעבן מיט ריצן־אייל.

איך בין אַרויסגעלאָפן אפן הויף צו שפּילן זיך מיט די קינדער. אָבער יוזעף, דער סטרוזש, האָט בייז געוואָרנט, אַז מען זאָל זיין שטיל און נישט מאַכן קיין געטומל. עס האָט מיך אָבער געכידעשט, פאַרוואָס קימאַט אַלע שכיינים פונעם הויף — אַפילע דער „פעטער" אַווראָם — זענען אַרומגעגאַנגען מיט כמורנע פּע־נימער און זיך געסוידעט. איך האָב אַפילע אויפגעכאַפּט, ווי רעב נאָטע „דאַטש" האָט מיט אַ זיפץ שטיל אַ זאָג געטאָן צום „פעטער" אַווראָם:

— אַז עס זאָל נאָר, כאַלילע, נישט אויסברעכן קיין ראַבונעק, אַט אַזוי ווי עס איז געווען נאָכדעם ווען דער טאַטע זיינער האָט „געמעסט"...

דער „פעטער" אַווראָם, האָב איך געזען, האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— עס וועט גאָרנישט זיין. אַבי מען האָט אים נאָר נישט דערהאַרגעט...

רעב נאָטע האָט אָלץ געזיפצט:

— טאָמיד איז דער איד באַ זיי דאָס קאַפּאָרע־הינדל, צי׳ עס ווערט ביים קיי־סער געבוירן אַ נאַסלעדניק, צי דער קייסער „מעסט". אַלעמאָל — דער איד...

דער „פּעטער" אווראָם האָט אַ קוק געטאָן צום הימל און אויך געזיפצט:

— נישקאָשע, דער ריבוינע־שעל־אוילעם וועט העלפן. ער מוז העלפן!...

די דאָזיקע רייד זענען פאַר מיר, אַ קינד פון דריי מיט אַ האַלב יאָר, געווען ווי אַ רעטעניש וואָס איך האָב נישט געקאָנט פאַרשטיין. אָבער די כמורנעקייט און די שרעק זייערע האָט אַפּאָנים אויך מיך באַווירקט און איך האָב זיך מאַמעש קיין אָרט נישט געקאָנט געפינען. איך בין אַריין אין שטוב, אַרויס פון שטוב, אַז די מאַמע האָט אַזש אָנגעהויבן שרייען וואָס איך פּלאָנטער זיך איר אונטער די פיס. צום סאָף האָב איך שוין מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און, זעענדיק דעם „פּע־טער" אווראָם אָנקומען פון גאַס, האָב איך אים גענומען פרעגן קאַשיעס.

אָט יענער שמועס צווישן מיר און דעם „פּעטער" אווראָם, אַף וויפל ער האָט זיך פאַרהיטן ביי מיר אין זיקאָרן פון דעמאָלט אָן און אַף וויפל דער „פּעטער" אווראָם און טאַטע־מאַמע פלעגן מיך יאָרן לאַנג נאָכדעם דערמאַנען, איז צוגע־גאַנגען אומגעפער אַזוי:

— וואָס מיינט עס אַזעלכעס, פּעטער אווראָם, אַ קייסער, האַ?...

דער „פּעטער" אווראָם האָט מיך אַריינגענומען אין פאַרהויז אַריין און גאַנץ שטיל גענומען מיר געבן צו פאַרשטיין:

— אַ קייסער מיינט אַ מעלעך, אַ געזאַלבטער פון גאָט, וואָס קיניגט מיט זיין כעסעד איבער רוסלאַנד און פוילן, אָט אַקוראַט ווי אַכאַשווייראָש האָט געקיניגט איבער פּאַראַס־אומאָדאַי, און ווי שלוימע האַמעלעך, לעהאַוודל, האָט געטאָן קי־ניגן איבער יערושאָלאַיִם...

איך האָב נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען וואָס עס מיינט אַ קייסער. דער „פּעטער" אווראָם האָט ווייטער מיר געגעבן צו פאַרשטיין:

— פויערשער קאָפּ! אַ קייסער איז אַ מעלעך, אַזוי ווי דו זאָגסט יעדן איב־דערפרי און יעדן אָוונט, ביים קרישמע־לייענען, „אייל מעלעך נעמאָן"...

— אַ, — האָב איך זיך געכאַפּט, — אַ קייסער איז גאָט!...

— ביסט אַ פויער און האָסט אַ גראָבן קאָפּ! — האָט דער „פּעטער" זיך גע־בייזערט, — אַ קייסער איז נישט גאָט. ער איז בלויז אַ געזאַלבטער פון גאָט!

איך האָב, מאַשמאָעס, נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען:

— וואָס זשע האָט ער געמעסט? — האָב איך ווייטער געפרעגט, דערמאַנענדיק זיך בעאייס דעם, ווי די מאַמע האָט ערשט נישט לאַנג צוריק אַרויסגעלייענט אפן קאָל פון איר טייטש־כומעש, אַז גאָט־באָרעך־הו זיצט און וועגט און מעסט אַלע זינד פון די מענטשן.

— דו ביסט אַן עמעסער פערע־אָדעם! — איז דער „פּעטער" געוואָרן אומגע־דולדיק, — „געמעסט" מיינט נישט, אַז ער האָט געמאָסטן ווי מען מעסט אַ קוואַ־טירל נאָפּט באַ גיטלען אין געוועלבל. אַז מען זאָגט, „דער קייסער האָט געמעסט",

— מיינט עס, ער איז געשטאָרבן. דאָס נעמט זיך פון וואָרט „מעס״ — געשטאָרבן.

— פאַרוואָס זשע זאָגט מען נישט, אַז ער איז געשטאָרבן? — האָב איך שוין געוואָלט וויסן.

— ווייל ער איז נישט קיין איד. — האָט דער „פעטער״ פאַשעט געענטפערט.

— נישט קיין איד? — האָב איך זיך געכידעשט, — פאַרוואָס זשע זאָגט מען נישט, אַז ער איז געפּייגערט, ווי מען זאָגט אַף אַלע גאָים?...

— ווייל ער איז נישט ווי אַלע גאָים! — האָט דער „פעטער״ ווידער טרוקן אָפּגעהאַקט, — ער איז אַ קייסער, אַ מעלעך, אַ געזאַלבטער פון גאָט, אַ הייליקער...

— אַ הייליקער? — האָב איך ווידער געפרעגט, — פאַרוואָס זשע...

דער „פעטער״ האָט מיך שוין נישט געלאָזט ווייטער רעדן. ער האָט בייז אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אַ אינגעלע אין דיינע יאָרן דאַרף פרעגן ווינציקער קאַשיעס! — האָט ער שטרענג געזאָגט אין אַזאַ טאָן, וואָס איך האָב קיינמאָל פריער פון אים נישט גע־הערט. — אַזוי פירט זיך די וועלט און פרעג נישט פאַרוואָס!...

איך האָב, וואָס די וואָרעט, געהאַט נאָך עטלעכע קאַשיעס צו פרעגן, אַשטייגער, פאַרוואָס מען גייט נישט אין כיידער אַריין? פאַרוואָס מען איז אַזוי צעשראָקן און פאַרדאַיגעט, אָבער איך האָב נישט געוואָלט דערצערענען דעם „פעטער״ אַוראַם, און געטראַכט דאָס אַלץ שפּעטער צו פרעגן ביי דער מאַמען. איך האָב זיך אָבער פאַרשפּילט און אינגאַנצן פאַרגעסן צו פרעגן.

אין אָוונט, אַז דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט ער אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

— נעם אים שפּעטער אַרויס אַף דער גאַס, ער זאָל זען די „לומינאַציע״!

איך האָב נישט געוואוסט וואָס דאָס מיינט אַזעלכעס „לעמענאַציע״ און מוירע געהאַט צו פרעגן ביים טאַטן. גראָד האָט ער געדאַרפט אַוועקגיין צו אַן אַסיפע פון זיין כעווירע „האַכנאָסעס־קאַלע״, צו באַשמועסן — ווי ער האָט געזאָגט — וועגן דעם „קייל־מאַלע־ראַכמים״, וואָס מען וועט דאַרפן מאַכן שאַבעס אין שול, איבער דעם וואָס דער קייסער האָט „געמעסט״. איך בין דעריבער צוגעשטאַנען צו דער מאַמען און אַלץ געהאַלטן אין איין פרעגן און פרעגן:

— מאַמע, וואָס מיינט „לעמענאַציע״? וואָס טוט מען מיט דעם? וואו איז עס? ווען וועסטו עס מיר וויזן?...

די מאַמע האָט עטלעכע מאָל אָנגעשריגן אַף מיר, געדראָעט, אַז אויב איך וועל איר נישט אויפהערן דרייען אַ קאָפּ און זיך פּלאָנטערן אונטער אירע פיס, וועט זי מיך נישט אַרויסנעמען ווייזן די „לעמענאַציע״, און זיך געקלאָגט:

— נו, אַן אומגליק! אַ קינד זאָל דאָס האָבן אַ טעווע אַזויפיל קאַשיעס צו פרעגן?! האָב געדולד, עס וועט ווערן נאַכט, וועל איך דיך אַרויסנעמען אַף דער גאַס און דיר וויזן וואָס אַ „לעמענאַציע״ איז!...

איך האָב שוין מער נישט געפרעגט גאָר. איך האָב מוירע געהאַט, אַז זי וועט

טאַקע האַלטן וואָרט און מיך לייגן שלאָפן, נישט ווייזנדיק מיר וואָס דאָס איז אַזעלכעס. האָב איך זיך אָוועקגעזעצט ביים טיש, ווי אַ סטאַטיק, און געוואָרט און געוואָרט, ביז איך בין — זיצנדיק אַזוי — אַנשלאָפן געוואָרן...

די מאַמע האָט מיך אָבער נישט אַנטוישט. ווען עס איז אָנגעקומען די גע־העריקע צייט האָט זי מיך אויפגעוועקט און מיר געזאָגט, אַז מיר גייען אַרויס אויף דער גאַס צו זען די „לעמענאַציע״.

אין דרויסן איז געווען שטאַרק פינצטער. דער הימל איז געווען שוואַרץ, און דאָס — צוזאַמען מיט דער אָנגעכמורעטקייט פון גאַנצן נאַכמיטיק — האָט אויסגע־גאָסן אַ פּאַכעד אויף מיר. דאָס וואָרט „לעמענאַציע״ אַליין, כאָטש עס האָט מיך גע־לאָקט, האָט מיך געשראָקן. ביז דעמאָלט בין איך בלויז עטלעכע מאָל געווען אַזוי שפּעט אויף דער גאַס און יעדע זאַך האָט מיר אויסגעזען פרעמד. די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיך האַלטן לעבן איר און זיך נישט אָוועקשלעפּן, ווייל איך וועל פאַרבלאָנדזשעט ווערן אין אַזאַ כוישעך־מיצראַים...

אַז מיר זענען אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָט די מאַמע אַ הייב געטאָן אַ האַנט, אָנווייזנדיק אויף די דערבייאיקע הייזער, און געזאָגט:

— זעסט, אָט איז די „לעמענאַציע״!...

איך האָב זיך אַרומגעקוקט און גאָר קיין באַזונדערס נישט געזען. איך האָב פּאַשעט נישט געוואוסט מיט וואָס די נאַכט איז אַנדערש פון אַלע אַנדערע נעכט פון אַ גאַנץ יאָר. די מאַמע האָט ווידעראַמאָל אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף די הייזער דערלעבן און געזאָגט:

— אָט, די לעמפּעלעך, זעסט דען נישט? דאָס איז די „לעמענאַציע״!...

איצט האָב איך שוין געזען, ווי אין פאָרנט פון די שכיינישע הייזער, אַרום אונדזערן, האָבן געברענט מאַסן קליינע, פיל קאָלירטע לעמפּעלעך, וואָס זענען געווען אויפגעהאַנגען אין דער הויך, איבער די געוועלבלעך. די גלעזלעך פון די לעמפּלעך — געלע, רויטע, גרינע, בלויע, — זענען אויף העלפט געווען פאַרדעקט מיט שוואַרצן. פאַר אונדזער הויף — ווייל עס איז אין פאָרנט קיין הויז נישט גע־שטאַנען, נאָר אַ נידעריקער פּאַרקן פון שטאַכייטן — זענען קיין לעמפּלעך נישט געווען. אַנשטאָט לעמפּלעך האָט יוזעף, דער סטרוזש, אַריינגעשטעלט אין ריינ־שטאַק אַריין — איבער דער גאַנצער לענג פונעם פּאַרקן, אין פאָרנט פון אונדזער הויף — אַזעלכע קליינע ערדענע טעפּעלעך, ווי פון בלומען־טעפּ. אין אָט די טעפּ־לעך, האָבן די שכיינים געזאָגט, האָט ער אָנגעגאָסן עפּעס אַזאַ סמאָלע, אָדער כיילעוו, צי גאָר אייל, אַריינגעשטעקט אין יעדן טעפּעלע אַריין אַ שטיק שמאַטע און דאָס אָנגעצונדן. האָבן די שמאַטעס טאַקע געברענט, אָבער דערביי שטאַרק געראויכערט, געצאַנקט און זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, לויטן ווינט, צעטראָגנדיק דערביי אַרום און אַרום אַ שאַרפן, שטיקנדיקן געשטאַנק...

נאָכן אָפּזיצן אַביסל אויף דער גאַס, האָט די מאַמע — פּונקט ווי אַנדערע ווייבער זייערע קינדער — מיך אַ נעם געטאָן און געזאָגט:

— נו, שוין צייט אַריינצוגיין שלאָפֿן. אין אַזאַ נאַכט טאָר מען נישט בלייבן זיצן אויף דער גאַס צו לאַנג. עס קאָנען נאָך אַמאָל, כאַלילע, אַנלויפֿן שיקערע זעלנער און נעמען שלאָגן...

מיר זענען אַריין אין שטוב און די מאַמע האָט מיך געלייגט שלאָפֿן. אָבער באַלד ווי איך בין אַנשלאָפֿן געוואָרן האָבן מיך גענומען מאַטערן שרעקעוודיקע כאַלוימעס. מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אַז איך זע אַכאַשווייִרעשן, ווי ער שטייט ביי גיטלען אין געוועלבל און מעסט מיר אָפּ אַ קוואַטירל נאַפּט, נאָך וואָס די מאַמע האָט מיך געשיקט, און ער לאַכט אַזוי מיט כויזעק:

— ביסט אַ אידיש אינגעלע? גייסט אין כיידער אַריין צום רעבן מיט ריצן־איילי! אָבער איך בין אַ שיקערער זעלנער און וועל דיך באַלד שלאָגן!...

איך האָב זיך אַפּאָנים אויפגעכאַפּט מיט אַ געוואַלד. וואָרים די מאַמע איז געשטאַנען לעבן מיר, מיך געפרעגט וואָס איך האָב אַזוי געשריגן אין שלאָף און וואָס מיר האָט זיך געכאַלעמט. דערנאָך האָט זי אויסגעשפיגן דריי מאָל:

— טפו־טפו־טפו! אויף פוסטע וועלדער און וויסטע פעלדער!...

זי האָט מיך געהייסן נאָכאַמאָל לייענען קרישמע און געזאָגט, אַז מאָרגן, „מערטשעם״, באַלד אין דער פרי, וועט זי בעטן די „מומע״ סאָרע, אַז זי זאָל מיר אָפּשפּרעכן אַן אַין־האָרע...

אויף צומאָרגנס, נאָכדעם ווי די „מומע״ סאָרע האָט מיר אָפּגעשפּראָכן אַ גוט־אויג, האָט די מאַמע מיך אַוועקגעפירט אין כיידער אַריין. די גאַס איז געווען שטיל און רואיק ווי אַלעמאָל. עס האָט אויסגעזען, ווי אַלע האָבן שוין פאַרגעסן וועגן דעם, אַז עס איז געווען אַ קייסער וואָס האָט ערשט נעכטן „געמעסט״...

* * * * *

# מיר בלייבן אָדאָם־נאַקעט

זעלטן, עפּשער איין מאָל אין אַ כוידעש, פלעגט צו אונדז אין הויף אַריין קומען אַ פּאַטשטאַליאָן. איך געדענק נישט, אַז מיר זאָלן ווען עס איז האָבן געקראָגן אַ בריוו פון עמעצן. קיין מישפּאָכע אין אַמעריקע האָבן מיר צו יענער צייט נישט געהאַט, און די ווייטע קרויווים האָבן ביכלאַל נישט געשריבן. דערפאַר געדענק איך, ווי איינמאָל — איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַריבער זעקס יאָר — איז יאָ אָנגעקומען אַ בריוו. דער פּאַטשטאַליאָן האָט אים מיר געגעבן אין דער האַנט אַריין, אַז איך זאָל אים איבערגעבן דער מאַמען.

שפּעטער, בעאַיס דער טאַטע איז אַהיימגעקומען אַף מיטיק פון פאַבריק און די מאַמע האָט אים דערלאַנגט דעם בריוו, איז ער געווען שטאַרק איבעראַשט. ער האָט גענומען דעם קאָנווערט אין דער האַנט אַריין, אים געדרייט און באַטראַכט פון אַלע זייטן, געקוקט אין אים אַנטקעגן דער ליכט פון פענצטער און דערביי פאַרכידעשט געהויבן מיט די אַקסלען:

— וואָס קאָן דאָס זיין פאַר אַ בריוו? — האָט ער אַלץ געמורמלט.

— וואָס דאַרפסטו קלערן? — האָט די מאַמע געזאָגט. — עפן, וועסטו וויסן!

— עפּעס ציטערט מיר דאָס האַרץ, — האָט דער טאַטע געענטפערט, — וואָס גאָר פלוצים אַ בריוו אינמיטן דערינען. פון וועמען זאָל עס זיין?...

ער האָט געעפנט דעם קאָנווערט און גענומען לייענען פאַר זיך:

— ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! — האָט ער מיטאַמאָל איבערגעהאַקט דאָס לייענען, — ס׳איז פון שאָלעם־לייבן, פון יוזעפאָוו...

— וואָס שרייבט ער? — האָט די מאַמע שוין אומגעדולדיק אַ פרעג געטאָן.

— ס׳איז מיר גוט! — האָט דער טאַטע איר אומדירעקט געענטפערט, — עס הויבט זיך שוין ווידער אָן! שוין לאַנג מיך געלאָזט אָפּאָטעמען אַביסל. ער שרייבט, אַז איך זאָל זיך די טעג ריכטן אַף אַ וויזיט פון דער פּאָליציע!...

— וואָס זשע ביסטו אַזוי דערשלאָגן? — האָט די מאַמע אים געפרעגט, — דאַנק גאָט, וואָס דו האָסט אַ שוועסטערקינד אַ דאָזאָר אין שטעטל און ער קאָן דיך באַצייטנס וואָרענען, אַז זאָלסט זיך ריכטן און זיין צוגעגרייט...

דער טאַטע איז אָבער אַלץ געווען נערוועז און אַזש געציטערט:

— אַ געדולע האָט מיך געטראָפן, וואָס ער קאָן מיך וואָרענען! זאָל ער בעסער זען עפּעס צו טאָן, אַז מען זאָל פון מיר איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַראָפּנעמען דעם יאָך פון די פּלייצעס; אַז מען זאָל מיך אויפהערן יאָגן...

— צייט איך לעב! — האָט די מאַמע געהויבן מיט די אַקסלען, — נע, מען זאָל דאָס פאַרגעסן אויסצומעלדן אַ געשטאָרבן קינד...

דער טאַטע האָט גענומען רעדן אין אויפרעגונג:

— איך האָב דיר שוין וויפל מאָל געזאָגט, אַז דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן פאַרגעסן. מען האָט אויסגעמאָלדן. דער טאַטע, אָלעוו־האַשאָלעם, איז — באַלד ווי דאָס קינד איז געשטאָרבן — אַליין אַוועק אין דער גמינע אויסצומעלדן. דאָס האָט דער שרייבער פון דער גמינע, אַ גרויסער שיקער, אַ פויליאַק, צוגענומען די פאָר גראָשן און „פאַרגעסן" אויסצושרייבן...

אַ ווייל האָבן זייביידע געשוויגן, אַפּאָנים נישט געקאָנט רעדן איבער דער צעווייטיקטקייט. דער טאַטע האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער און, ווי אַלע־מאָל בעאייס ער איז געווען שטאַרק פאַרזאָרגט, אונטערגעברומט אַ מאָדנע פראַזע:

— ווײ־צו, ווײ־צו, ווײ־צו, וואָס הויבט מען איצט אָן צו טאָן?...

— אַז איך קאָן עס גאָרנישט סויוול זיין, — האָט די מאַמע פּלוצים אַ זאָג געטאָן, — איך קאָן גאָרנישט פאַרשטיין פאַרוואָס דו ביסט שולדיק צי מען האָט יאָ אָדער נישט אויסגעמאָלדן דיינס אַ געשטאָרבענעם ברודער, בעאייס דו אַליין ביסט נאָך געווען אַ קינד... פאַרוואָס מאָנען זיי באַ דיר דריי הונדערט רובל?...

— פאַרוואָס? — האָט דער טאַטע ביטער געשמייכלט, — ווייל עס איז פּאָניע; ווייל מען וויל אונדז שטיקן און דריקן, אַז מיר זאָלן נישט קאָנען לעבן. דאָס איז בלויז איינס פון די מאַסן אידישע רעכטלאָזיקייטן וואָס מען טיילט אונדז צו.

די מאַמע האָט גענומען ברעכן די הענט:

— מען זאָל אַזוי מוטשען יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, אַז מען זאָל נישט טאָרן האָבן קיין קישן אונטערן קאָפּ, קיין אייגענעם מאַנטל, איז דאָך עפּעס אַזוינס, וואָס... נע, מען זאָל גאָר דאַרפן באַצאָלן פאַר געשטאָרבענע מענטשן...

— הערסט דאָך, — האָט דער טאַטע אַלץ פאַרביטערט גערעדט, — דער גרעס־טער פאַרדראָס איז דאָס, וואָס אַלע אין שטעטל, אַפילע דער נאַטשאַלניק, וויסן די מאַיסע. צענדליקער אידעס האָט מען צוגעשטעלט. אַפילע דער סאָלטיס אַליין האָט געשוואוירן און אידעס געזאָגט, אַז ער אַליין איז געווען ביי דער לעוואַיע. אָבער עס העלפט נישט. קאַזנאַ האַלט, אַז ער איז אַנטלאָפן קיין אַמעריקע, קעדיי נישט צו גיין דינען אין מיליטער, און דערפאַר דאַרף איך באַצאָלן שטראָף...

— אַז געשטראָפט זאָלן זיי שוין ווערן פונעם ריבוינע־שעל־אוילעם, טאַטע פאָטער, — האָט די מאַמע פרום געזאָגט, — דאָס איז דאָך פּאָשעט גאַזלאָוואָי!...

— האָסטו נאָך אַן אַוולע ביי פּאָניע גאַנעוו! — האָט דער טאַטע אַזש געקריצט מיט די ציין פון קאַאַס, — ביי גאָים מאָנען זיי נישט אַזאַ שטראָף. דאָס מוטשען זיי נאָר אַזוי אונדז אידן, געהאַרגעט זאָלן זיי ווערן!...

דער טאַטע האָט זיך אַוועקגעזעצט אף אַ בענקל, אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אף די הענט און פאַרזאָרגט געטראַכט. מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט:

— סיי ווי סיי, עס וועט גאָרנישט העלפן. מען דאַרף זען קריגן אַ פּלאַץ,

וואוהין אַריינצוטראָגן די זאַכן ביז מען וועט עס איבערקומען. איך רעכן, אַז עס וואָלט גוט געווען אַרויפצוטראָגן אַלץ צום אַלטן רעב אוראַם, וואָס זאָגסטו?

די מאַמע האָט אומצופרידן אַ הייב געטאָן די אַקסלען:

— ס׳איז פאַלג מיך אַ גאַנג, אַרויפצושלעפּן אַלע זאַכן צו זיי אַרויף. איך וועל זען, עפּשער וועט יענטע־גיטל זיין וויליק צו לאָזן...

— באַ יענטע־גיטלען? — האָט דער טאַטע איבערגעשלאָגן, — וואו וועט זי דאָס גאָר קאָנען האַלטן, אַז די שטוב איז ביי איר אַזוי אויך אָנגעפּאַקט מיט די וויכאַוואַניקעס אירע. אַ כוץ דעם, האָב איך מוירע אַז עס וועט דאָרט פאַרלויזיקט ווערן ביי איר...

— איז עפּשער גאָר צו דער „ליאַשע“? — האָט די מאַמע אומדרייסט געפרעגט, — עס איז אַ טיר אין אַ טיר, ווי אַריינצוטראָגן פון איין כיידער אין צווייטן...

— כ׳ווייס, — האָט דער טאַטע פּאַסיוו געענטפערט, — גיי אַריין פרעג זי.

די מאַמע איז אַריין צום „שטומען“ אַזריעלס ווייב און איז אין עטלעכע מינוט צוריקגעקומען, זאָגנדיק דעם טאַטן, אַז די „ליאַשע“ איז וויליק צו טאָן אונדז די טויווע אַפילע אַף אַ וואָך צייט, אויב עס איז נויטיק...

דעם זעלבן אָוונט, נאָכדעם ווי דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פון דער אַר־בעט און אָפּגעגעסן וועטשערע, האָט ער אַרויסגענומען פון דעם שאַפקעלע זיינע און דער מאַמעס מאַלבושים, די נייע געהאַקטע קאַפּאָטע, דעם פּליושענעם מאַנטל, און זיי אַריינגעטראָגן צו דער „ליאַשע“ אין שטוב אַריין. דערנאָך האָט ער אָפּן בעט אויסגעשפּרייט אַ ליילעך און גענומען אין דעם אַריינפּאַקן אַלע מינים כאַפּיי־צים פון הויז, וואָס האָבן נאָר עפּעס אַ ווערט געהאַט, — די צוויי פּליושענע דעקן און דער מאַמעס וואָלענע פאַטשיילע. צווישן די זאַכן האָט ער אַריינגעלייגט דעם מעשענעם מאַרזשער מיטן שטייסל, דעם אַלטן מעשענעם כאַנוקע־לאָמפּ, די פיר מעשענע לייכטערלעך און די צוויי גרויסע, נייע „פּלאַטינענע“ לייכטער, וואָס ער האָט ערשט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געקויפט אַף אויסצאָלן. ער האָט אויך אַהין אַריינגעשטופּט זיינע כומאָשים־מאַכזוירים און דער מאַמעס טייטש־כומעש מיט דעם „צענע־וורענע“. דעם גאָלדענעם זייגער, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט נאָך פון זיינע כאַסענע־מאַטאָנעס, דער מאַמעס גאָלדענע זייגערל מיטן קייטל, אירע דימענטענע אויערינגלעך און דאָס קידושן־פינגערל, — די אַלע זאַכן האָט ער איינ־געוויקלט אין אַ נאָז־טיכל, אַריינגעלייגט עס אין אַ שאַכטל פון פּאַפּיראָסן־גילדזן, און עס אויך אַריינגעטראָגן צו דער „ליאַשע“...

נאָכדעם ווי אַלץ איז שוין געווען אַריינגעטראָגן צו דער „ליאַשע“, איז זי אַריינגעקומען צו אונדז און, שטייענדיק ביי דער טיר, אַ זאָג געטאָן:

— זעיך נאַ, עץ געטראַט מאָ אפּן וואָרעטצ? עץ נעמט גורניש באַ מאָ קאָ קוויטל, אַז יאַך אָב געניִמען ענקערע זאַכן צי באַהאַלטן?...

— אַז מען געטרויט נישט איינעם אָן אַ קוויטל, — האָט דער טאַטע גע־שמייכלט, — איז שוין בעסער יענעם נישט צו געטרויען אַפילע מיט אַ קוויטל...

איר איז אָפּאָנים געפעלן דעם טאַטנס ענטפער און זי האָט געזאָגט:

— זאָץ ריאיק, ענקערע זאַכן עלן זאַן גאַנץ באַ מיאַ, יאַך זאַל שאַין טאַקע אַזאַי לעיבן אין געזינט זאַן מיט מאַ מאַן אין קינדאַ אינאַיינעם...

אַז זי איז אַוועק, האָט דער טאַטע אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

— נו, קאָן מען אָפּשאַצן אַ אידישע נעשאָמע? דאַכט זיך מע רעדט, אָבער...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען אינמיטן טאָג צו אונדז אין שטוב מאַמעש ווי אַריינגעפאַלן עטלעכע „סטאַיקאָוועס" מיט אַ „רעווירהאָווע". דער „רעווירהאָווע" האָט אַרויסגעלייענט עפּעס פון אַ פּאַפּיר און דערנאָך אַ זאָג געטאָן דער מאַמען:

— איר האָט פאַרשטאַנען? עס קומט דער קאַזנאַ ביי אייך דריי הונדערט רובל. איך בין געקומען דאָס איינמאָנען ביי אייך!...

די מאַמע האָט גענומען בעטן ביי אים:

— מיר זענען אָרימע מענטשן, פּאַניע „רעווירהאָווע". מיר פאַרמאָגן גאָרנישט און האָבן גאָרנישט. פון וואַנען זאָלן מיר נעמען אַזויפיל געלט?...

— נו, וועל איך מוזן אָפּשרייבן אייערע זאַכן און זיי פאַרכאַסמענען ביז מען וועט קומען זיי פאַרקויפן אַף ליצטאַציע! — האָט ער טרוקן געזאָגט.

די פּאָליציאַנטן האָבן זיך גלייך אַ נעם געטאָן צום זוכן. זיי האָבן געעפנט דאָס שענקל — עס איז געווען ליידיק. זיי האָבן צעוואָרפן ביידע בעטן, געזוכט אונטער די שטרוי־זעק־מאַטראַצן, אָבער אויך דאָרט גאָרנישט געפונען. איין „סטאַיקאָווע" האָט זיך אַראָפּגעבויגן, געקוקט אונטער די בעטן און אַרויסגעשלעפּט פון אונטערן טאַטנס בעט דאָס שטיוול־ציערל, — אַזאַ אויסגעשניטן ברעטל, וואָס דער טאַטע האָט גענוצט אַף אויסצוטאָן די שטיוול:

— פּשאַ־קרעוו! — האָט דער „רעווירהאָווע" זיך אַ בייזער געטאָן אַף פּויליש.

— וואָס איז, איר האָט גאָר קיין קליידער נישט, קיין מאַנטלען, קיין קישנס, קיין קאָלדרעס? ווי אַזוי לעבט איר דאָ, צו אַלדע טייוול?!...

די מאַמע האָט אים קלוג געענטפערט:

— פּונקט ווי מיר וואָלטן געלעבט, אויב מיר וואָלטן יאָ געהאַט אָט די אַלע זאַכן, נאָר איר וואָלט זיי פון אונדז צוגענומען. האָבן מיר גאָרנישט און מיר פאַרשפּאָרן, אַז איר זאָלט עס פון אונדז צונעמען...

דער „רעווירהאָווע" האָט אַ דריי געטאָן די בלאָנדע וואָנצעס און געשמייכלט:

— ביסט אַ קלוגע זשידאָווקע, יעי באָגו, אָבער האָלט ס׳מויל!...

ער האָט זיך צוגעזעצט צום טיש און גענומען שרייבן אַ פּראָטאָקאָל. אָפּגע־שריבן, האָט ער זיך פאַרנומען צום אַוועקגיין און שוין ביי דער טיר צוגעגעבן:

— געדענק זשע אָבער, קאָביעטאַ, אַז אויב מיר וועלן נאָכאַמאָל קומען און וועלן האָבן אויסגעפונען, אַז דו האָסט אונדז אָפּגענאַרט און באַהאַלטן דיינע זאַכן, וועט דיר קומען אַ האַרבע שטראָף!...

די פּאָליציאַנטן זענען אַוועק. אין אָונט, ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען, האָט ער געוואָלט אַריינגיין צו דער „ליאָשע" אָפּצונעמען צוריק די זאַכן. אָבער

די מאַמע האָט געהאַלטן, אַז עס וואָלט געזינטער געווען זיי דאָרט צו לאָזן נאָך עטלעכע טעג, טאָמער זענען די פּאָליציאַנטן זיך מעיאַשעוו און קומען ווידער.

אַ צוויי וואָכן זענען אַריבער און אונדזערע זאַכן זענען נאָך אַלץ געווען ביי דער „ליאָשע“. ערשט נאָך דעם ווי עס איז ווידער אָנגעקומען אַ בריוו פון שאָלעם־לייבן, אַז עס איז שוין צוריקגעקומען דער רעפּאָרט פון דער פּאָליציי, אַז מען האָט גאָרנישט געפונען ביי אונדז וואָס אָפּצושרייבן, און אַז מיר קאָנען שוין זיין רואיק פאַר אַ שטיק צייט, ערשט דאַן האָט דער טאַטע אָנגעהויבן צוריק אַריינברענגען אַלע אונדזערע זאַכן אין שטוב אַריין.

אַ וואָך שפּעטער, נאָכדעם ווי די גאַנצע מאַיסע איז שוין קימאַט ווי פאַרגעסן געוואָרן, האָט די מאַמע — בעאייס זי איז צוריקגעקומען פון איינקויפן — דערזען אין פאָרהויז, אין פראָנט פון אונדזער צוגעמאַכטער טיר, שטיין אונדזער בענקל מיט די צוויי עמערס. זי האָט מיט האַרץ־קלאַפּעניש אַזש אויסגעשריגן:

— אַ וויטיק האָט מיך געטראָפן! וואָסער צאָרע איז עס איצט געשען?...

אַ צעשויבערטע איז די „ליאָשע“ אַרויסגעקומען פון איר שטוב, איז צוגעגאַנגען צו דער מאַמען און, ברעכנדיק די הענט, גענומען גיך מאָלן:

— אײ־וואַי, אַן אימגליק דוס איז! מען זאָל ניש טורן אַראָסגאַין פין האָז אָף אַ מיניט! עץ הערט, אַזאַי ווי זי זענען נאָר אַוועק, אָבעך דערהערט ווי עמעצער פּאָרעט זעך ביי ענק אין שטיב. אָבעך געמאַינט אַז דוס איז ווידער די פּאָליציע געקימען אין בין ניש אַראָנגעגאַנגען. דערנוך אָבעך אָבער דערך מאָן פענצטער געזען ווי צוואַי מענטשן, ניש קאָ פּאָליציע, זענען אַראָס פון דאַנען מיט פעק אָף די פּלייצעס. אָבעך שאָין פאַרשטאַנען, אַז דוס זענען גאַנאָווים און כאָב זיי געוואָלט נוכלויפן. אָבער איידער כאָב געזדאָנזשעט צי כאַפּן עפּעס אָף זעך, זענען זיי שאָין ניש געווען — כאָטש שראַ געוואָלד!...

זי האָט דערקלערט דער מאַמען, אַז זי האָט עס אינמיסטן אַוועקגעשטעלט דאָס בענקל מיט די צוויי עמערס אין פאָרנט פון דער טיר, קעדיי אויב די גאַנאָווים וועלן קומען אַ צווייטמאָל, זאָלן זיי נישט קאָנען אַריינגיין.

— גיבן זי שאָין כאָטש אַ קיק וואָוס זיי האָבן ביי אין ציגעגאַנוועט, — האָט זי מיט אומשולד אַ זאָג געטאָן און גענומען אָפּרוקן דאָס בענקל.

די מאַמע האָט נישט געקאָנט קיין וואָרט אויסרעדן פון צעווייטיקטקייט. זי האָט זיך קוים צוגעשלעפּט צום שאַפקעלע, עס געעפנט און דערזען, אַז עס איז אין דעם קימאַט גאָרנישט דאָ. עס איז נישט געווען דעם טאַטנס נייע געהאַקטע קאַפּאָטע, וואָס ער האָט ערשט מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק זיך געלאָזט אויפנייען, נישט איר ווינטער־מאַנטל, נישט אירע קליידער און נישט די פּליושענע דעקן. עס האָבן אויך געפעלט דעם טאַטנס גאָלדענער זייגער און דער מאַמעס צירונג. בלויז די קישנס, דער מאָרזשער, די לייכטער און די ספאָרים — זענען געבליבן. די שטוב איז קימאַט אינגאַנצן געווען אויסגעליידיקט...

די מאַמע האָט אַ הייב אויף געטאָן די אויגן, אַ קוק געטאָן אָף דער „ליאָשע“

און איז געפאַלן כאַלאַשעס. עס איז געוואָרן אַ געוואַלד און ווייבער זענען אַנגעלאָפן. אין געפילדער האָט איינע איבערגעקערט דעם עמער מיט וואַסער, וואָס איז גע־שטאַנען לעבן דער טיר אינדרויסן. יענע האָט זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אַ גלאָז וואַסער אַף אָפּצומונטערן די מאַמע, געוואָלט אַריינלויפן צו דער „ליאַשע", ווייל איר טיר איז געווען די נאָענטסטע, אָבער זי, די „ליאַשע", האָט זיך אַ שטעל געטאָן לעבן איר טיר און יענע נישט אַריינגעלאָזט צו זיך:

— ס'איז באַ מיר נישט צוגערוימט, אַ מוישעוו! — האָט זי געזאָגט.

טאַטע־מאַמע זענען געווען פאַרצווייפלט און זיך געשעמט צו קוקן איינער אין צווייטנס אויגן אַריין. באַ זיי, פּונקט ווי ביי אַלע שכיינים פונעם הויף, איז קיין שום סאָפעק נישט געווען, אַז די גנייווע איז אַ „היימישע". דער „פּעטער" אַווראָם און די „מומע" סאָרע האָבן געהאַלטן, אַז מען זאָל אָנקלאָגן די „ליאַשע" אין גנייווע. דער טאַטע האָט אָבער געזאָגט, אַז ער קאָן דאָס נישט טאָן, ווייל זי וועט דאָך האָבן קאָשערע איידעס, טאָקע די פּאָליציי אַליין, אַז מיר האָבן גאָר אַזעלכע זאַכן נישט געהאַט, מאַכמעס ווען יענע זענען געווען ביי אונדז בוידעק זיין, האָבן זיי אַזעלכע זאַכן ביי אונדז נישט געפונען...

צעוויייטיקטע און צעפייניקטע האָבן טאַטע־מאַמע אָפּגעווישט די מיילער און פאַרשוויגן דעם גאַנצן איניען. דער „פּעטער" אַווראָם האָט געאייצעט, אַז מען זאָל די „ליאַשע" און דעם „שטומען" אַזריעל רופן צום ראָוו אַף אַ דין־טוירע. אָבער דער טאַטע האָט געהאַלטן, אַז כאָטש עס איז קלאָר, אַז זי האָט עס אונדז באַגאַנוועט, און כאָטש מען האָט אָפילע אויסגעפונען, אַז זי האָט פאַרזעצט דער מאַמעס אויערינג־לעך אין אַ לאָמבאַרד, וויל ער נישט האָבן צו טאָן מיט זיי:

— זאָל זי זיין אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע, די „קלאַווטע", — האָט ער געזאָגט, — זאָל זי קומען אַף אַנדערע הענט!...

און עס איז געבליבן שטיל, פאַרגעסן, אַקוראַט ווי מיר וואָלטן קיינמאָל יענע זאַכן נישט געהאַט אָפילע, און — מיר זענען געבליבן אַדאָם־נאַקעט...

* * * * *

# מיטן רעבנס קויעך

אין מעשעך פון יאָרן פלעגן מיינע טאַטע־מאַמע באַ יעדער געלעגנהייט דערציילן, אַז אין כוידעש טאַמוז, 1898, בעאייס איך בין אַלט געווען זיבן און אַ האַלב יאָר, בין איך זייער שטאַרק פאַרשלאַפט געוואָרן און זיי האָבן געמיינט, אַז אויך איך וועל אַוועק אפן וועג פון זייערע פריערדיקע פיר קינדער, וואָס זענען געשטאָרבן פאַר מיין געבוירן ווערן. פון אָט יענער קראַנקהייט איז אין מיין זיקאָרן פאַרבליבן אָפגעשטעמפלט אָט וואָס:

עס איז געווען אַ שרעקלעך־הייסער טאָג. איך בין געווען אפן וועג פונעם כיידער אַהיים, צו עסן מיטיק. אפן גאַנצן וועג, פון דער סמאָטשע גאַס, וואו דאָס כיידער האָט זיך געפונען, ביז אַהיים, אף גענשע נומער 71, נישט ווייט פון דעם בעסוילעם, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן דער מאַיסע פון קוירעכן, ווי ער מיט זיין באַנדע איז איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד, אַזוי ווי דער רעבע האָט יענעם טאָג געלערנט מיט אונדז אין דער סעדרע קוירעך.

מיין שרעק איז אַזוי גרויס געווען, אַז מיר האָט זיך אַלץ געדאַכט, אָט־אָט וועט זיך לעבן מיר שפּאַלטן די ערד און וועט מיך אויך איינשלינגען.

אייגנטלעך, פאַרוואָס די ערד דאַרף מיך איינשלינגען, האָב איך נישט געוואוסט. אָבער דער רעבע, רעב פראָיעם־בער, דער מעלאַמעד פונעם „קאָשערן" כיידער, וואו איך האָב געלערנט, האָט אָנגעוואָרפן אַזאַ שרעק אף אונדז קינדער מיט זיינע שטראָף־רייד און אָנזאָגונגען, אַז אינגלעך, וואָס מאַכן כויזעק פון רעבן הינטער זיינע פלייצעס; אינגלעך, וואָס ווילן נישט לערנען, זענען מאַפסיק אָדער היפּען־איבער אין דאַווענען, ווערן שווער באַשטראָפט...

איך האָב געציטערט. געטראַכט האָב איך וועגן דעם, ווי ערשט אַנומלטן האָבן מיר, די טאַלמידים פון דער צווייטער קיטע, — בעאייס דער רעבע איז אף אַ ווייל אַרויס פון כיידער — צונויפגעשטעלט אַ לידל פון אַ פּאָסיק אין כומעש און האָבן עס מיט אַ שפּאַסיקן טייטש אויסגעזונגען לויטן ניגן פונעם לערנען:

„וואַיקראָ — ט׳געקרייעט,
מוישע — דער האָן,
אַרן — אפן פּיעקעליק,
ליימויר — ט׳געפירט אַ וואָגן מיט ציבעלעס..."

ווען דער רעבע איז אָנגעקומען און דאָס דערהערט, האָט ער זיך שטאַרק געבייזערט אף אונדז און — אָנשטעלנדיק זיינע שווערע ברעמען, דער איקער אף מיר,

ווי ער וואָלט כוישעד געווען אַז איך האָב געמאַכט דאָס לידל — געזאָגט, אַז גאָט וועט אונדז שווער שטראָפן פאַר כויזעק מאַכן פון זיין הייליקער טוירע...

דער רעבע, רעב פראַיעם־בער, איז געווען אַ שטאַרק פרומער איד. איך געדענק נאָך איצט זיין רויטלעך־שטראַלנדיק צופרידן פּאָנים מיט די גלאַנציקע עפּל־באַקן; זיין גליייכן, כאָטש עטוואָס שווערן גאַנג אין די גרויסע שווערע שטיוול. דער איקער קאָן איך נישט פאַרגעסן די געלע קאַפּאָטע, וואָס ער איז טאָמיד געגאַנגען אָנגעטאָן, און וועלכע האָט געהאַט דעם זעלבן קאָליר ווי טיילן פון זיינע באָרד און וואָנצעס, וואָס זענען — כאָטש ברוינע — געווען פאַרגעלט פון טאַביק, וואָס ער פלעגט קעסיידער שמעקן. אַז ער פלעגט זיך אָוועקשטעלן ביי אַ וואַנט אין כיידער דאַוונען מינכע, איז ער געשטאַנען אויסגעצויגן גלייך ווי אַ ווירע, מיט די הענט אַראָפּגעלאָזט ביי די זייטן, און זיך דעם מינדסטן באַוועג נישט געטאָן. ער פלעגט זאָגן:

— מאַ־דאָך ווען אַ איד רעדט צו אַ „סטאַיקאָווע" אָדער אַ „רעוויראָווע", ווער שמועסט נאָך צום „פּאָפּעטשיטעל", וואָס קומט אַמאָל אין עטלעכע כאַדאָשים נאָכצוקוקן ווי דאָס כיידער זעט אויס, צי עס איז ריין און ווי עס האַלט מיטן לערנען,— מאַ־דאָך מען שטייט פאַר זיי אויסגעצויגן גלייך, מיקאָלשקן שוין ווען מען שטייט פאַרן מעלעך מאַלכיי האַמלאָכים האַקאָדויש באָרוך הו!...

ער פלעגט אויסלאַכן די כסידים, וואָס וואַרפן זיך ביים דאַוונען ווי ווילדע מענטשן, און מאַכן משוגענע האַוואַיעס מיט קרעכצענישן, אַז עס פּאַלט אַזש אָן אַ כאַלאָשעס. ער אַליין האָט געדאַוונט שטיל, אָבער גענוג הויך, אַז מיר האָבן געקאָנט הערן ווי ער פּערלט אויס די ווערטער געלאָסן, גלאָט און מאָנאָטאָן, פּונקט ווי ער פלעגט אָפּגעבן אַ רעפּאָרט דעם „פּאָפּעטשיטעל", ווען יענער איז אַמאָל געקומען.

די מוירע איבער קוירעכן איז געלעגן טיף איינגעגראָבן אין מיין האַרצן און איך האָב געשטעלט יעדן טראָט מיינעם פּאַוואָליע, לייכט און פאָרזיכטיק, ווי אָנצוטאַפּן, צי די ערד אונטער מיר איז גענוג פעסט מיך צו האַלטן...

אַז איך בין אַהיימגעקומען, האָב איך זיך געפילט עפּעס אַזוי מאָדנע שווער, מיד און צעליאַפּעט־נאָכגעלאָזט. די פיס אונטער מיר, האָט זיך מיר געדאַכט, ברעכן זיך איין. איך האָב זיך געזעצט צום טיש, אָבער נישט געקאָנט עסן. דאָס מויל מיינס האָט זיך פּאָשעט אָפּגעזאָגט צו עפענען זיך און פאַרמאַכן. איך האָב אָפּגערוקט דעם טעלער פון זיך און געפאַלן מיטן קאָפּ צום טיש.

די מאַמע האָט זיך געבייזערט, פאַרגעוואָרפן וואָס איך וויל נישט עסן, און מיר גענומען איינרעדן, אַז איך זאָל כאָטש אויפעסן עטלעכע לעפל זופּ. איך האָב געפּרואווט פאָלגן, אָבער אַז איך האָב גענומען אַ לעפל זופּ אין מויל אַריין, איז עס געווען זויער און ביטער און איך האָב עס נישט געקאָנט אַראָפּשלינגען.

אַ פאַרזאָרגטע האָט די מאַמע מיר אַ טאַפּ געטאָן ביים שטערן און געזאָגט:

— האָסט אַביסל וואַרעמקייט! עס איז אַוואַדע איבער די היצן. נו, גיי לייג זיך צו אַביסל. וועסט שוין היינט נישט צוריקגיין אין כיידער אַריין!...

זי האָט געוואָלט עפענען דעם טאַטנס בעט, וואָס איז געווען פאַרבעט און צוגעדעקט מיט אַ דעק. אָבער גלייך האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און געזאָגט:

— אין אַזאַ סריפע ווי עס איז היינט, וועט דיר זיין צו הייס צו ליגן אין בעט. איך וועל דיר בעסער אויסבעטן אַ געלעגער אויף דער ערד, אין דער קיל!

די מאַמע האָט אַרויסגענומען פונעם בעט אַ קאָלדרע, זי אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, לעבן פענצטער, אַוועקגעלייגט אַ קישן צו דער וואַנט, האָט פון מיר אַראָפּגעצויגן די קליידער און מיך געהייסן זיך אַוועקלייגן.

איך בין איינגעשלאָפן. שפּעטער, ווען דער טאַטע איז אין אָוונט געקומען אַהיים פון פאַבריק און מיך געפונען איבערטראָגן אין בעט אַריין, האָט ער — אַ צעשראָקענער — אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען:

— ער ברענט דאָך ווי אַ פייער! מען דאַרף אַריינרופן דעם פעלדשער!...

ער האָט מיך אַוועקגעלייגט אין בעט אויף זיין קישן און מיך צוגעדעקט. דעם פעלדשער האָב איך שוין נישט געזען. איך בין שוין געלעגן אין גרויסער היץ און, ווי טאַטע־מאַמע האָבן מיר דערנאָך דערציילט, גערעדט פון וועג און קיינעם נישט דערקענט.

ווען איך האָב מיט וואָכן שפּעטער אָנגעהויבן צוריק געזונט ווערן, האָט דער טאַטע — זיצנדיק לעבן בעט און דערלאַנגענדיק מיר פאַרשידענע שפּילצייג, וועלכע איך האָב קיין קויעך נישט געהאַט אָנצורירן — דערציילט:

— „ביסט געווען פאַרביי! ווען דער פעלדשער איז יענעם אָוונט געקומען, ביסטו שוין געווען מער דאָרט ווי דאָ... מען האָט שוין מער נישט געהאַלטן פון דיר... שפּעטער האָבן מיר אויסגעפונען, אַז האָסט געהאַט אויף זיך אַ טאָפּלט פעקל: נירן־אָנצינדונג און לונגען־אָנצינדונג...

„די מאַמע" — האָט ער ווייטער דערציילט, — „איז גאָר געווען אַ פאַרלוירענע און אַ צעבראָכענע. זי האָט די אַנדערע קינדער געלאָזט אויף הפקר. אַ גליק וואָס די „מומע" סאַרע האָט זיי אַרויפגענומען צו זיך און אויפגעפּאַסט אויף זיי... די מאַמע און די באָבע זענען קימאַט נישט אָפּגעטראָטן פון דיין בעט און געהאַלטן וואָך טאָג און נאַכט ביז זיי האָבן זיך פון די קויכעס אַרויסגעשלאָגן. מיר האָבן דאָ עטלעכע מאָל געהאַט דעם דאָקטער קנאַסטער, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז דיין לעבן איז אינגאַנצן אין גאָטס הענט...

„איך אַליין האָב אויך אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן מיין אַרבעט, נישט געקומען אין צייט אין פאַבריק אַריין און נישט איין קאָך זייף קאַליע געמאַכט מיט מיינע טרערן. און מיין באַלעבאָס, רעב איטשעלע גוטראַט האָט נאָך געדראָעט, אַז אויב איך וועל נאָך איין קאָך זייף קאַליע מאַכן און דערנאָך דאַרפן אַרבעטן טעג אויף צו פאַריכטן, וועט ער מיך אָפּשאַפן און צונעמען אַן אַנדערן מייסטער.

„זענען מיר, ווי פאַרמישפּעטע, געזעסן און געוואַרט, אַז אָט־אָט וועט זיין דער סאָף. ביי מיר אין שול האָט די גאַנצע כעוורע „האַכנאָסעס־קאַלע" איינמאָל און נאָכאַמאָל געזאָגט טילים און געבעטן גאָט אויף אַ רעפוּע שעליימע פאַר דיר. עס

האָט אָבער אויסגעזען, אַז די שאַריי ראַכמים זענען פאַרשלאָסן פאַר אונדז. ביידע באָבעס זענען געלאָפן אין שול אַריין, געריסן דאָס פּאָרויכעס, געגאַנגען אפן פעלד, געבעטן אף די קוואָרים פון „גוטע־אידן“, אַז זיי זאָלן זיך מיען ביים ריבוינע־שעל־אוילעם פאַר דיר, אָבער... עס האָט גאָרנישט געהאָלפן. עס האָט אויסגעזען, אַז דער גזאַר־דין איז פאַרכאַסמעט...

„דעמאָלט איז די מאַמע צוגעשטאַנען צו מיר, אַז איך זאָל טייקעף אַריבער־פאָרן צום הייליקן רעבן קיין נאָוואָ־מינסק און אים בעטן טפילע צו טאָן פאַר דיר ביים ריבוינע־שעל־אוילעם, ער זאָל צערייסן דעם בייזן גזאַר־דין...

„צו זאָגן, אַז איך בין מיט גרויס כיישעק געפאָרן צום רעבן — קאָן איך נישט. איך האָב נישט געהאַלטן, אַז גוטע־אידן קאָנען באַווייזן אַזעלכע ניסים, וואָס דאָקטוירים קאָנען נישט. אָבער ווען די מאַמע האָט מיר געזאָגט, אַז איך וועל זיין שולדיק אויב, כאָלילע, דו וועסט שטאַרבן, בין איך געפאָרן צום רעבן...

„סיי ווי סיי“ — האָט דער טאַטע, מיט אַ שמייכל אף די ליפּן, איבערגעשלאָגן זיינע אייגענע רייד מיט אַ שפּאַסיקער באַמערקונג, — „ביז היינט צו טאָג ווייס איך נאָך אַלץ נישט אף זיכער, וואָס עס האָט מער געפּויעלט ביי גאָט, צי דעם הייליקן רעבנס בראָכעס, צי מיינע הייסע טרערן וואָס איך האָב פאַרגאָסן זינט איך בין יענעם נאָכמיטיק אַרויסגעגאַנגען פון שטוב, סיי גייענדיק אף דער גאַס, סיי ביים וואַרטן אין וואַקזאַל אפן צוג און סיי אין וואַגאָן בעאַייסן פאָרן צום רעבן...

„האַקלאַל, איך האָב זיך קוים מיט אַנגסטן דערוואַרט און בין אָנגעקומען צום רעבן. אַז איך בין אָנגעקומען, האָב איך — ווי דער שטייגער איז — געגומען ביים גאַבע אַ קוויטל פאַר דריי מאָל ‚כאַי‘ — וואָס דאָס באַטרעפט 54 גילדן, אָדער געגויער: אַכט רובל מיט צען קאָפּיקעס, און מיט אומגעדולד געגומען וואַרטן אף מיין ריי אַריינגעלאָזט צו ווערן צום רעבן אין כיידער...

„און גראָד דעמאָלט, ווי אף צו לעהאַכעס, איז ביים רעבן געווען אַ גרויסער אוילעם מיט אידן און אידענעס, און ווער ווייסט ווי לאַנג מיר וואָלט אויסגעקו־מען צו וואַרטן. אָבער דער אוילעם — זעענדיק מיין ביטער געוויין — האָט מיס־טאָמע באַגריפן אַז עס איז פּיקועך נעפעש, אַז עפּעס אַ גרויסע סאַקאָנע הויערט אף מיר, און איז ווייליק געווען מיך צו לאָזן אַריינגיין צום רעבן פריער...

„מיט ציטערדיקע הענט און וואַקלענדיקע פיס, מיט אַנגסטן און מיט טרערן, וואָס האָבן זיך געגאָסן פון מיר, האָב איך — ווי אַ פאַרווירטער, אָבער דאָך מיט אַ שטיקל האָפענונג אין האַרצן — געטראָטן מאַמעש ווי אף הייסע קוילן צום רעבן אין כיידער אַריין...

„מיט אַ צאַפּלדיק האַרץ, אַז עס זאָל אַמאָל, כאָלילע, נישט זיין צו שפּעט ווען איך וועל דערגרייכן דעם רעבן און אים אויסדערציילן וועגן וואָס איך בין געקו־מען, — האָב איך געעפנט און צוגעמאַכט די טיר פון רעבנס כיידער.

„דער רעבע — אַ האַדרעס־פּאָנימדיקער איד מיט אַ גרויסער ווייסער באָרד און מיט גרויסע ווייסע ברעמען, איז געזעסן אַנטקעגן דער טיר, אין צווייטן עק

פון צימער אַף זיין קיסע־האַראַבאַניס — אַ ווייך־געבעטע פּאָטער־שטול — און האָט באַ מיין אַריינקומען אַ שטעל אָן געטאָן אַף מיר אַ פּאָר דורכדרינגענדיקע טיף־אַריינגעזעצטע אויגן פון אונטער די אַרויפגעהויבענע ברעמען, אַז עס האָט אַזש אַף מיר אַ פּאַכעד אָנגעוואָרפן:

— יונגערמאַן, — האָט ער מיר שטרענג אַ זאָג געטאָן, בעאייס איך האָב אים אויסגעשטרעקט מיין האַנט צו געבן און צו נעמען ביי אים שאָלעם, — יונגערמאַן, די טיר רופט דיך!...

„אַ פאַרשעמטער און דערשראָקענער האָב איך זיך אַ דריי אויס געטאָן, צו כאַפּן אַ קוק אַף דער טיר און בעאייס דעם אַ טראַכט געטאָן, אַז אין מיין גרויס צעטומלטקייט און צעבראָכנקייט האָב איך זי אָוואַדע פאַרגעסן צו פאַרמאַכן...

„בין איך צוריקגעגאַנגען צו דער טיר, געוואָלט זי צומאַכן, ווי דער רעבע האָט געגעבן אָנצוהערן, אָבער... זי איז געווען צוגעמאַכט. האָב איך — אין גיפּאַלנ־קייט — זי צוריק געעפנט און זי ווידער צוגעמאַכט, קעדיי צו זיין זיכער, און בין ווידער צוגעטראָטן צום רעבן מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט פאַר שאָלעם. דער רעבע האָט מיך אָבער ווידעראַמאָל שטרענג אָנגעקוקט און ווידער געזאָגט:

„— יונגערמאַן, איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז די טיר רופט דיך!...

„איך בין געוואָרן געפּלעפט:

„— הייליקער רעבע, — האָב איך, אַ צעבראָכנער, זיך גענומען בעטן, — איך האָב דאָך צוגעמאַכט די טיר. צוויי מאָל זי צוגעמאַכט...

„— נו, יונגערמאַן, — האָט דער רעבע ווידער גערעדט צו מיר מיט רעמאָזים, פון וואָס איך בין נאָך מער מעוואולבל געוואָרן, ווייל מיין האַרץ אין מיר האָט זיך געצאַפּלט מיט אומרו און אומגעדולד וואָס גיכער שוין אויסדערציילן דעם רעבן נאָך וואָס איך בין געקומען, און קריגן פון אים זיין בראָכע און צוזאָג. אָבער ער, דער רעבע, האָט דאָסמאָל, אַפּאָנים, נישט געזען אָדער נישט געוואָלט זען דורכן רועך־האַקוידעש, אַז ביי מיר אין דער היים ליגט אַ קינד נויטע לאָמעס און אַז בלויז אַ נעס קאָן אים ראַטעווען. איך האָב זיך געצאַפּלט און ער האָט מיך ווייטער געפייניקט: — און וואָס אַזוילכעס, יונגערמאַן, געפינט זיך אַף דער טיר, ווייסטו?...

„באַ מיין צעטומלטקייט האָב איך בעשום אויפן נישט געקאָנט אויפכאַפּן דעם רעבנס מיין. איך האָב אָנגעהויבן טראַכטן, אַז דער רעבע ווייסט שוין אַפּאָנים וועגן דעם בייזן גזאַר־דין און ער קאָן שוין גאָרנישט העלפן דערצו... איך האָב אָבער דאָך, ווי עס זעט אויס, דורכגעדרינגען צו מיין מויעך און זיך פּאַרט געפּרואווט דערגרונטעווען וואָס דער רעבע מיינט. איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אָ, דער הייליקער רעבע מיינט די מעזוזע?...

„דער רעבע האָט מיט זיינע שווערע ברעמען אַ שאָקל געטאָן אַף יאָ.

„און כאָטש איך בין בעאייס דעם זיכער געווען, אַז איך האָב ביים אַריינקומען אין ביידער אַ קוש געטאָן די מעזוזע, האָב איך פונדעסטוועגן געמאַכט אַן אָב־שטרענגונג, בין נאָכאַמאָל צוגעגאַנגען צו דער טיר, ווידער אַ קוש געטאָן די מע־

זוזע אוןווידער צוגעטראָטן צום רעבן, גרייט מיט מיין האַנט צו געבן און צו נעמען דעם שאָלעם־אַלייכעם, און דערציילן וועגן וואָס איך בין געקומען...

„דער רעבע האָט מיך אָבער נאָך אַלץ נישט אָפּגעלאָזט און ווייטער געפייניקט:

— גיי, יונגערמאַן, צוריק און קוש די מעזוזע!...

— אָבער... הייליקער רעבע, — האָב איך אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין און אַזש געגומען שטאַמלען, — איך... איך האָב דאָך... געקושט די מעזוזע...

— נייך, יונגערמאַן, — איז דער רעבע נאָך אַלץ שטרענג געווען און זיך נאָר ווי געררייצט מיט מיר, — נישט די מעזוזע האָסטו געקושט, נאָר דיינע פינגער... אַ איד טאָר אַזוי נישט קושן די מעזוזע. אַ איד דאַרף קושן אַ מעזוזע דירעקט מיטן מויל און נישט דורך אַנרירן זי מיט די פינגער...

„מיך האָט שוין שטאַרק פאַרדראָסן אַפן רעבן פאַר זיין פייניקן מיך, אָבער זיין בייטשן מיך איז געווען אַזוי דרינגענדיק, אַז איך האָב זיך פאַרשעמט וואָס איך האָב אַליין נישט געהאַט קיין סייכל, אין אַזאַ פאַל, ביים רעבן אין הויז און אין זיין צוזען, — צו קושן די מעזוזע נישט ווי מען טוט עס געוויינטלעך. איך האָב זיך שווייגנדיק אויסגעדרייט, צוגעגאַנגען צו דער טיר און — צובייגנדיק זיך מיטן קאָפּ צום ביישטידל — אַ קוש געטאָן מיטן מויל די מעזוזע...

„פול מיט אויפגעוואַכטער האָפענונג, וואָס איך בין שוין איבערגעקומען די שמיץ און וועל שוין קאָנען רעדן צום רעבן, האָב איך אים צוגעטראָגן מיין האַנט. דער רעבע האָט מיר דערלאַנגט „שאָלעם”, מיר אָנגעוויזן אַף אַ שטול לעבן זיין טיש, רעכטס פון זיך, און ענדלעך אַ זאָג געטאָן:

— נו, דערצייל, יונגערמאַן, וואָס איז דיין באַקאָשעו?!...

„איך האָב גענומען רעדן און ווידער האָט אַ קוואַל מיט פרישע טרערן זיך אַ גאָס געטאָן פון מיינע אויגן, בעאייס איך האָב געזאָגט:

— הייליקער רעבע, עס האַלטן זיך נישט קיין קינדער ביי מיר! דאָס פינפטע קינד ליגט ביי מיר קראַנק סאַקאָנעס נעפאָשעס און די דאָקטוירים האָבן אים אויפגעגעבן. פריער גאָט און נאָכדעם איר, הייליקער רעבע, קאָן אים ראַטעווען. בין איך געקומען צו אייך, הייליקער רעבע, האָט ראַכמאָנעס, העלפט מיר!...

„דער רעבע האָט צוגעמאַכט די אויגן, זיך פאַרטראַכט אַ וויַל, ווידער געעפנט די אויגן, מיך באַטראַכט מיט דורכדרינגענדיקע בליקן און אַ זאָג געטאָן:

— נו, אַוואַדע קאָנען זיך ביי דיר, יונגערמאַן, נישט האַלטן קיין קינדער. אַוואַדע מוזן זיי, נעבעך, שטאַרבן...

„איך בין געבליבן זיצן ווי אַ פאַרגליווערטער. איך האָב דערשפּירט, אַז אָט־אָט וועל איך אָוועקכאַלעשן. דעם רעבנס לעצטע פּאָר ווערטער האָבן אַ שניט געטאָן אין מיין לייב ווי אַ שויכעטס אַ כאַלעף און איך האָב גענומען שטאַמלען:

— וואָס רעדט איר, הייליקער רעבע... פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שרעקלעכער גזאַר־דין?... מיט וואָס האָב איך, אָדער מיין וויַב, אַ קאָשערע אידישע טאָכטער, זיך אַזוי פאַרזינדיקט ביים ריבוינע־שעל־אוילעם?...

„דער רעבע איז אַפּאַנים נישט ניספּאַעל געוואָרן און קאַלט געזאָגט:
— זאָג מיר נאָר, יונגערמאַן, ווי אַזוי קאָנסטו גאָר וועלן, אַז ביי דיר זאָלן זיך האַלטן קינדער, בעאייס זיי האָבן זיך נישט אין וואָס אַנצוהאַלטן?...
„איך האָב אויסגעשטעלט מיינע פאַרטרערטע אויגן אפן רעבן. געדעדט האָב איך גאָרנישט. איך האָב שוין נישט געקאָנט רעדן. טרערן אָדער בלוט האָט אָנ־געגאָסן מיין האַלדז און מיך געשטיקט, געשטיקט...
— זאָג מיר, יונגערמאַן, — איז דער רעבע ווידער אָנגעגאַנגען מיט זיין פּיי־ניקן מיך, — ווען אַ איד נעמט אַ קינד צו זיך אף דער האַנט אַרויף, ביי וואָס כאַפּט זיך, געוויינטלעך, אַן אַ קינד, האַ?...
— ביי וואָס עס כאַפּט זיך אָן? — האָב איך איבערגעפרעגט, נישט אויפכאַפּנ־דיק און נישט באַגרייפנדיק וואָס דער רעבע מיינט און וואָס איך דאַרף אים דאָ ענטפערן. ער האָט געשוויגן און געוואָרט אף מיין ענטפער. איך האָב גענומען טראַכטן און זיך ענדלעך אַ כאַפּ געטאָן, — אַ קינד, הייליקער רעבע, אַ קינד כאַפּט זיך, געוויינטלעך, אָן ביים פּאָטערס באָרד...
— עמעס, ביי דער באָרד! — האָט דער רעבע זיגעריש אַ שניט געטאָן און זיך צעזונגען מיט אַ געמאָרע־ניגן, — היינט אויב דעם קינדס פּאָטער האָט נישט קיין באָרד, האָט דאָך דאָס קינד נישט ביי וואָס זיך אָנצוהאַלטן און עס מוז דעריי־בער, נעבעך, אַראָפּפאַלן און, נישט דאָ געדאַכט, אומקומען...
„איך האָב אַלץ נישט פאַרשטאַנען וואוהין דער רעבע צילט. אינסטינקטיוו האָב איך זיך אַ טאַפּ געטאָן ביי דער באָרד מיינער, אין מוירע, אַז עפּשער איז, כאַלילע, עפּעס געשען מיט דער באָרד מיינער אפן וועג אַהערצו און איך האָב זי ערגעץ אפן וועג אָנגעוואוירן. אָבער די באָרד מיינע, אָט די זעלביקע באָרד, איז געווען דאָרט וואו זי איז אַלעמאָל. איך האָב יעדע האָר אירע געפילט אין מיינע פינגער און, שוין אינגאַנצן אַ צעטומלטער, האָב איך גענומען שטאַמלען:
— אָבער, הייליקער רעבע, אף מיר איז עס דאָך נישט כאַלי! איך האָב דאָך, אָן אַן אַין־האָרע, אַ שיינע אידישע באָרד!...
— ניין, יונגערמאַן, — האָט דער רעבע מיך ווידער געפּאַסעוועט מיטן מויל זיינעם, — דו האָסט נאָר אַ טייל פון אַ באָרד, די אונטערשטע טייל! די אויבערשטע טייל פון דער באָרד איז ביי דיר נישטאָ. זי איז אָפּגעשוירן! היינט ווי קאָנסטו פאַר־לאַנגען, יונגערמאַן, פונעם ריבוינע־שעל־אוילעם, אַז ער זאָל אויפהאַלטן ביים לעבן דיינע קינדער, בעאייס דו גיסט זיי נישט אין וואָס זיך אָנצוהאַלטן?!...
„איך בין שוין געווען אויס מענטש מאַמעש. איך האָב שוין פאַרלוירן אַלע מיינע כושים, אַלע מיינע באַגריפן: „וואָס טוט זיך דאָ?" — האָב איך גענומען זוכן אַן ענטפער ביי זיך אין געדאַנק, — „פאַרוואָס מאַטערט מיך אַזוי דער רעבע? פאַר־וואָס מאַכט ער כויזעק פון מיר? אַלע יאָרן מיינע, ווייס איך, האָט קיין שער און קיין גאַל־מעסער נישט אָנגערירט מיין באָרד, קיין איינציקע האָר אירע אַפילע נישט, און דאָ קומט גאָר דער הייליקער רעבע און זאָגט מיר, אַז די אויבערשטע

טייל באָרד האָב איך נישט. וואָס טוט זיך דאָ אַזוינס?...״

„און ווייל קיין פאַרענטפער האָב איך דערויף נישט געהאַט, האָב איך אין יענער רגע גענומען טראַכטן, אַז עפּשער איז דאָס אַלץ גאָר אַ ביטערער כאַלעם אַזעלכער; אַז עפּשער בין איך גאָר אַנטשלאָפן געוואָרן פאַרנדיק אין וואַגאָן פון צוג און דאָס פּייניקן מיך גאָר אַזוי אין כאָלעם מיינע איבערטראַכטונגען פון די פאַרגאַנגענע פאָר וואָכן פון זינט דו ביסט קראַנק געוואָרן... איך האָב זיך אַ קנופּ געטאָן דאָס פלייש פון מיין האַלדז און געזען אַז איך בין וואַך. הייסט עס דאָך, אַז עס איז יאָ אַף דער וואָר און איך הער טאַקע דעם רעבנס רייד... עס האָט מיך אַזוי פאַרקלעמט ביים האַרצן, אַז איך האָב אַזש גענומען וויינען פאַר אים:

— זאָל דער הייליקער רעבע ראַכמאָנעס האָבן אָף מיר! די פאָר וואָכן וואָס מיין קינד איז פאַרשלאָפט, בין איך שוין גענוג געפּייניקט געוואָרן. און אויב עס איז טאַקע פאַראַן אַזאַ שרעקלעכער גזאַר־דין אין הימל, אַז אויך דאָס פינפטע קינד מיינס דאַרף אומקומען, טאָ זאָל דער הייליקער רעבע מיר עס זאָגן אָפן, פראַנק און פריי, און איך וועל זיך פלייסן שאָלעם צו מאַכן מיט דעם ביטערן גזאַר־דין, כאָטש איך ווייס נישט מיט וואָס איך, אָדער מיין ווייב, האָבן זיך אַזוי פאַר־זינדיקט ביים ריבוינע־שעל־אוילעם, אַז ער זאָל אונדז אַזוי שווער שטראָפן...

„דער רעבע איז אַפּאָנים גערירט געוואָרן פון מיינע רייד און ער האָט שוין גענומען ווייכער רעדן:

— איך מיין נישט, כאָלילע, יונגערמאַן, צו זאָגן, אַז דו ביסט אַ גאַליעך, אַז דו שערסט זיך די באָרד בעמייזיד. זאָלסט אָבער וויסן זיין, יונגערמאַן, אַז דאָ־אָ, דריי פינגער איבער די אויערן, רעכנט עס זיך שוין פאַר באָרד, כאָטש עס קומט אויס ווי די האָר פונעם קאָפּ. די דאָזיקע האָר, דריי פינגער איבער די אויערן, טאָר מען אויך נישט שערן...

„ער האָט מיט זיינס אַ פינגער אַ קריץ געטאָן אין מיין קאָפּ, איבער די אויערן, קעדיי מיר צו ווייזן וואו דאָס פּלאַץ איז, און צוגעגעבן:

— זאָלסט עס וויסן זיין און אָנזאָגן דיין שערער, אַז פון דאַנען אָן זאָל ער נישט טשעפּען. האָסטו פאַרשטאַנען?...

„איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אין האַסקאָמע.

„דער רעבע האָט זיך אויסגעהוסט, גענומען אַ שמעק טאַביק, צוגעטראָגן צו מיר דאָס טאַביק־פּושקעלע, געהייסן מיך נעמען אַ שמעק טאַביק און, — אַזוי ווי איך האָב אַ נאָס געטאָן דערפון, — צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— נו, יונגערמאַן, האָסט איצט גענאָסן פאַרן געזונט ווערן פון דיין שלאָף קינד און גאָט וועט אים־אירצע־האַשעם העלפן. ער וועט געזונט ווערן!...

„איך האָב אויפגעלויכטן פון פרייד, און געזאָגט:

— גאָט זאָל אייך בענטשן, הייליקער רעבע, דערפאַר וואָס איר האָט מיר אָט איצט אַ נייע נעשאָמע אַריינגעזעצט!

— נו, איצט יונגערמאַן, — האָט דער רעבע מיר גענומען אָנזאָגן, — פאַר

אַהיים געזונטערהייט. פונעם וואָקזאַל זאָלסטו נישט פאָרן אין טראַמוואַי, נאָר דו זאָלסט נעמען אַ דראָשקע. בעאייסן פאָרן זאָלסטו האַלטן דיינע אויגן אָפן, קוקן איןביידע זייטן פון די גאַסן וואָס דו וועסט פאַרבייפאָרן און, — באַלד ווי דו וועסט דערזען דאָס ערשטע שילדל פון אַ דאָקטער אָדער אַ רויפע, אַ פעלדשער, — זאָל־סטו הייסן אָפּשטעלן די דראָשקע, אַריינגיין צום רויפע און אים רופן צו דיין קינד. און דער ריבוינע־שעל־אוילעם וועט שוין דורך זיינע הענט שיקן די רפואָ שעליימע פאַר דיין כוילע...

„איך האָב זיך גענומען געזעגענען און דער רעבע האָט צוגעגעבן:

— הער זשע, יונגערמאַן, נאָכדעם ווי דיין זון וועט געזונט ווערן, זאָלסטו לעמאַאַן האַשעם אַהערקומען מיט אים, וועל איך אים געבן מיין בראָכע!...

„אַזוי, מיין קינד״, — איז דער טאַטע אַנגעגאַנגען מיטן דערציילן, — „בין איך אַוועק פונעם רעבן אַ פריילעכער, אַ האָפּעדיקער. דעם רעבנס צוזאָג איז ביי מיר געוועזן הייליק זיכער און איך האָב שוין מער נישט געוויינט. ניין, איך האָב גע־שפּירט ווי צו זינגען, טאַנצן און אַלעמען אויסדערציילן וועגן דעם גרויסן נעס, וואָס גאָט גייט טאָן מיט מיר, מיט דיר, מיט אונדז אַלעמען...

„האַקלאַל, איך בין געפאָרן אַף דער דראָשקע און זיך געפלייסט צו טאָן ווי דער רעבע האָט באַפוילן. איך האָב געבעטן דעם דראָשקאַזש צו פאָרן געלאַסן, און אים צוגעזאָגט דערפאַר צו באַפרידיקן. דער דראָשקאַזש — אַפּאַנים אַ פרומער איד — אַז ער האָט געהערט פון מיר די סיבע פון בעטן אים צו פאָרן פּאַמעלעך, איז געוועזן שטאַרק צופרידן צו זיין גאָטס שעליעך און אַ געהילף צום רעבן אין אָט דעם גרויסן נעס... זענען מיר געפאָרן קימאַט טריט ביי טריט, כאָטש מיין האַרץ האָט מיך געצויגן צו זיין שוין וואָס גיכער אין דער היים. און מאָדנע: כאָטש בעאייסן פאָרן אַהינצו, צום רעבן, האָב איך אַלץ געציטערט, אַז טאָמער קום איך צו אים, כאַלילע, צו שפּעט און עס וועט שוין נישט זיין וועמען צו ראַטעווען, — האָב איך אָבער, צוריקפאָרנדיק, קיין איינציק מאָל נישט קיין טראַכט געטאָן וועגן דעם. ביי מיר איז שוין מער קיין שום סאָפיק נישט געוועזן, אַז דו לעבסט און וועסט מיטן הייליקן רעבנס קויעך טאַקע בעעמעס געזונט ווערן...

„מיר זענען שוין באַלד געוועזן נאָענט פון דער היים, אָבער קיין שילד, נישט פון קיין דאָקטער און נישט פון קיין פעלדשער, האָב איך נאָך אַלץ נישט באַמערקט, כאָטש עס זענען, אָן צווייפל, איבערן וועג געוועזן מיסטאָמע אַ סאַך שילדלעך סיי פון דאָקטוירים און סיי פון פעלדשערס...

„אָבער אָט, אַזוי ווי מיר האָבן זיך נאָר אַריינגעקערעוועט פון דער דזשיקע אין דער גענשע גאַס אַריין, האָב איך גלייך דערזען די געוויינטלעכע דריי מע־שענע טעלער־טאַצן פון אַ פעלדשער, מיט אַ שילדל אונטער זיי:

„סטאַרשי פעלדשער, געטריידע!״

„איך האָב, פאַרשטייט זיך, גלייך געהייסן אָפּשטעלן די דראָשקע, בין אַריין צום פעלדשער, אים בעקיצער אויסדערציילט וואָס איך וויל, און אים שטאַרק

געבעטן, ער זאָל טאַקע שוין מיטפֿאָרן מיט מיר אויף דער דראָשקע, קעדיי ער זאָל וואָס־גיכער דיך קאָנען באַטראַכטן...

„האָט ער געשמייכלט, דער פעלדשער געטריידע, און איז געפֿאָרן מיט מיר.

„ווען ער איז אָנגעקומען אַהער, האָט ער דיך גענומען באַטראַכטן. ער האָט באַקוקט דיין צונג, אַריינגעקוקט אין דיינע אויגן, אויסגעקלאַפּט דיין לייב מיט די פינגער, ווי מיט אַ העמערל, זיך איינגעהערט מיט אַן אויער פון פאָרנט און פון הינטן און נאָך יעדער זאַך געהאַלטן אין איין זאָגן: „אַהאַ, אַזוי, אַהאַ". דו ביסט נאָך אַלץ געלעגן אין גרויסער היץ, אַ באַוואוסטלאָזער. געטריידע האָט איבער־געמאָסטן די היץ באַ דיר, אַ סמאָטשקע געטאָן מיט די ליפּן, ווי איינער זאָגט: „עס איז נישט קיין שפּילעכל", געהייסן זיך געבן אַ לעפעלע און אַ לעכטל, גע־נומען אַביסל פון דיין „שטאָנע" אפן לעפעלע אַרויף, עס געקאָכט אויף דעם לעכט־פלעמל, און נאָכדעם אַ זאָג געטאָן:

— אָו־הום, דאָס וואָס איך האָב כּוישעד געווען! אָבער איצט, אַז איך ווייס שוין וואָס די צאָרע איז, וועל איך, אַזוי האָף איך, מיטן הייליקן רעבנס קויעך, אים וויסן וואָס איינצוגעבן און אים קאָנען צוריקשטעלן אויף די פיס...

„נאָך דעם האָט ער דיר איינגעגעבן עפּעס אַ פּראָשיק און גענומען אָנזאָגן אונדז, וואָס מיר זאָלן באַזאָרגן און צוגרייטן, קעדיי — ווען ער וועט פאַרנאַכט צוקומען — זאָל ער אַלץ האָבן גרייט דיך צו באַהאַנדלען...

„צום אָוונט האָבן מיר שוין אַלץ געהאַט צוגעגרייט ווי געטריידע האָט באַ־פוילן, און ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט, ווייזנדיק דערביי אונדז, וואָס און ווי אַזוי דאָס צו טאָן צוויי מאָל אַ טאָג, אין מעשעך פון אַ דריי־פיר טעג קעסיי־דער, ביז גאָט וועט העלפן... און אָט, זון מיינער, דאָס איז טאַקע דאָס זעלביקע מיטל, וואָס מיר וועלן היינט אין אָוונט — און איך האָף, צום לעצטן מאָל — דיר דאַרפן טאָן..."

דער טאַטע האָט געהאַט פאַרענדיקט זיין דערציילן. גרויסע טראָפּנס שווייס — ווי גלאַנציק־זילבערנע אַרבעס — זענען געשטאַנען אויף זיין שטערן. איך האָב אַ קוק געטאָן צו דער ערד צו, לעבן דער מאַמעס בעט, וואו דער טאַטע האָט מיר געהאַט אָנגעוויזן, און איך האָב אַזש אויפגעציטערט. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, וואָס איך דאַרף באַלד דורכגיין דעם זעלבן ברענענדיקן געהענעם וואָס איך בין דורכגעגאַנגען צו צוויי מאָל אַ טאָג, אין מעשעך פון עטלעכע טעג, דער איקער היינט אינדערפרי, בעאייס איך האָב עס דעם ערשטן מאָל געזען און טאַקע געפילט, נאָכדעם ווי איך האָב געהאַט צוריקגעקראָגן מיין באַוואוסטזיין...

* * * * *

**פאַרנאַכט־צו** האָט די מאַמע צוגעשטעלט קאָכן וואַסער אפן קיך־אויוון אין אַ גרויסן טאָפּ, אין וועלכן זי פלעגט געווייינטלעך טאָמיר אויסקאָכן די וועש. ווען דאָס וואַסער האָט שוין גענומען זידן, האָט זי אין טאָפּ אַריינגעלייגט צוויי ליילעכער. אין דער זעלבער צייט האָט דער טאַטע מיך אַרויסגענומען פונעם

בעט און מיך אַריינגעזעצט, אַף אַן איבערגעקערטן טאָפּ, אין דער בלעכענער וואַנע, וואָס איז געשטאַנען לעבן דער מאַמעס בעט, און וועלכע ער האָט ערגעץ געהאַט געדונגען פאַר נוץ־געלט. צו דער וואַנע איז געווען צוגעמאָסטעט אַ דעק פון ברע־טער, אַזוי צוגעפּאַסט צו דער עפענונג, אַז קיין מינדסט שפּעלטל איז נישט געווען. אין אַט דעם דאָזיקן ברעט איז — אין איין ברעג, דאָרט וואו מען האָט מיך אַוועק־געזעצט — געווען אויסגעשניטן אַ קיילעכדיק לאָך, דורך וועלכן מיין קאָפּ זאָל קאָנען אַרויסשטעקן אינדרויסן אַרויס. אין צווייטן עק פון דער וואַנע, אינעווייניק און פּונקט אַנטקעגן מיר, האָט דער טאַטע אַוועקגעשטעלט אַ טאָפּ פול מיט שפּיר־טעס און מיט אַ קנויל וואַטע אַריינגעשטעקט אין דעם...

באַלד נאָכדעם ווי דער טאַטע האָט מיך אַוועקגעזעצט אין דער וואַנע, אַף דעם איבערגעקערטן טאָפּ, האָט ער אָנגעצונדן די וואַטע, אַז עס האָט דערפון אַזש אַ טראַג געטאָן אַ ברייטער בלויער פלאַם איבער דעם גאַנצן אינעווייניק פון דער וואַנע. גלייך האָט דער טאַטע אַ דעק צו געטאָן די דעק־טיר אויבן און אַף איר אַוועקגעלייגט אַ פּערינע, קישנס, קאָלדרעס און עטלעכע אַלטע מאַלבושים, קעדיי די היץ זאָל נישט אַרויס פון אינעווייניק...

איך בין געזעסן ווי אַ געפּאַנגענער. דאָס פייער האָט געסאַרפּעט מיין לייב, אַז איך האָב אַזש געגומען שרייען פון ווייטיק. דער טאַטע איז געשטאַנען אין איין זייט, די מאַמע און די „מומע" סאַרע — ביי דער צווייטער, און אַלע האָבן מיך גע־גלעט, געלאַשטשעט, איינגענומען, באַרואיקט און, וויינענדיקע, צוגעוואונטשן:

— עס זאָל דיר זיין צו רעפּוע, קינד מיינס! האַלט נאָר אויס די עטלעכע רעגעלעך! דאָס וועט, מיט גאָטס הילף, זיין דאָס לעצטע מאָל!...

אַזוי בין איך אָפּגעזעסן אין אַט דעם סאַרפּעדיקן געהענעם אַ צייט לאַנג, ביז דער שפּירטעס האָט זיך אינגאַנצן אויסגעברענט און די וואַטע האָט גענומען זעצן מיט רויך פון צווישן די שפּאַרונגעס אַרום מיין האַלדז. דעמאָלט האָט דער טאַטע — מיט אַ צעעפנטן טרוקענעם לײלעך אין דער האַנט — אַרויסגעכאַפּט די צוויי פאַ־רעדיקע לײלעכער פונעם טאָפּ אַרויס, זיי איינגעוויקלט, דערלאַנגט איין עק דער מאַמען צו האַלטן, און ביידע צוזאַמען האָבן זיי גענומען דרייען דעם קנויל לײַ־לעכער, קעדיי אַרויסצודרענגען דאָס וואַסער פון זיי.

אַז דאָס וואַסער איז שוין געווען אויסגעדרענגט, האָט דער טאַטע גאָר גיך אַוועקגעוואָרפן דאָס אויבערשטע לײלעך, מיך פלינק אַ כאַפּ אַריין געטאָן אין די הייסע לײלעכער, פון וועלכע עס האָט געזעצט אַ מוירעדיקע פּאַרע, און אַזוי — אין די לײלעכער איינגעוויקלט — מיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין און מיך גוט צוגעדעקט מיט פּערינעס...

נאָך אַט דער פּייניקונג־פּראָצעדורע, בין איך — אַ מידער און אָפּגעשוואַכ־טער — איינגעשלאָפן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פון דעם שלאָף, איז שוין געווען זייער שפּעט אין דער נאַכט. די מאַמע, האָב איך געזען, איז געלעגן אַף איר בעט, אינעם אָנטועכץ, און דער טאַטע — זיצנדיק אַף אַ שטול לעבן מיין

בעט — האָט זיך שטיל אונטערגעשאָקלט, ווי ער וואָלט געדאַוונט אָדער געזאָגט טילים. אַזוי ווי איך האָב נאָר געעפנט די אויגן און זיך אַ באַוועג געטאָן, איז ער אויפגעשפּרונגען און מיך אַ פרעג געטאָן:

— נו, ווי פילסטו זיך, קינד מיינס? טוט דיר נאָך עפּעס וויי?...

— איך וויל עסן! — האָב איך גענומען בעטן מיט אַ שוואַך קאָל, — איך בין הונגעריק!... גיב מיר עפּעס עסן!...

דער טאַטע, מיט אַנזעבאַרער פרייד, האָט אויפגעוועקט די מאַמע און — אַן אויפגעהייטערטער — צו איר אַ זאָג געטאָן:

— האָסט געהערט? ער איז הונגעריק, זאָגט ער! גיי, גיב אים עפּעס אין מויל אַריין! דער פעלדשער האָט געזאָגט...

די מאַמע — אַ פאַרשלאָפענע — האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ קוק געטאָן צום בעליק, ווי צום הימל אַרויף, און פרום אַ זאָג געטאָן:

— איך דאַנק דיר, ריבוינע־שעל־אוילעם, פאַרן כעסעד! געלויבט איז דיין הייליקער נאָמען!...

זי איז אַוועק צום קרעדענצל, עס געעפנט און דערביי עפּעס שטיל געמורמלט. דער טאַטע האָט פריידיק גערעדט:

— געטריידע האָט אָבער פריער געזאָגט, אַז ער וועט זיך איינמאָל פלוצים אויפכאַפּן מיט אַ געשריי, אַז ער וויל עסן, וועט דאָס זיין אַ סימען, אַז ער איז אַרויס פון געפאַר און וועט מיט גאָטס הילף געזונט ווערן!...

די מאַמע האָט מיר צוגעטראָגן אַן אָפּגעשיילטן פּאָמעראַנץ, וואָס זי האָט נאָך פון פריער, אַפּאָנים, געהאַט צוגעגרייט, האָט אים פאַנאַנדערגענומען אויף די טיי־לעכלעך און — מאַשמאָעס נאָך אַלץ מוירע האָבנדיק, אַז עס איז צו פריצייטיק צו געבן מיר עסן דאָס סאָלידע — גענומען אַריינקוועטשן דעם פּאָמעראַנצן־זאַפט אין מיין מויל אַריין. איך בין אָבער דערפון נישט צופרידן געווען:

— איך וויל עסן! — האָב איך גענומען שרייען און זיך אויפגעזעצט אין בעט, — איך בין הונגעריק! איך וויל נישט קיין פּאָמעראַנצן! איך וויל ברויט!...

דער טאַטע האָט פּראָבירט מיך איינרעדן, דערקלערנדיק, אַז נאָך אַזאַ שווע־רער קראַנקהייט, וואָס איך האָב ערשט דורכגעמאַכט, טאָר מען זיך נישט צוכאַפּן מיטאַמאָל צום עסן; אַז מען מוז עס טאָן פּאַמעלעך, צו ביסלעך, גראַדנווייז. ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז אינדערפרי, מערטשעם, ווען דער פעלדשער געטריידע וועט קומען, וועט מען אים פרעגן און אויב ער וועט נאָר הייסן, וועט מען מיר געבן נישט נאָר ברויט, נאָר אַפילע אַביסעלע זופּ און עפּשער טאַקע אויך אָף. — דערווייל, אָבער, וועט גענוג זיין אַביסל פּאָמעראַנצן־זאַפט...

איך האָב קיין אַנדערע ברייררע נישט געהאַט און געלאָזט דער מאַמען מיר אַריינשפּריצן צו ביסלעך פונעם פּאָמעראַנצן־זאַפט. איך בין אָבער אַפּאָנים נאָך שטאַרק אָפּגעשוואַכט געווען און בין אינמיטן דעם שלינגען אַוועקגעפאַלן אויף דעם קישן אַ מידער, אַן אויסגעשעפּטער, און בין אַזוי איינגעשלאָפן...

מיט דריי טעג שפּעטער האָט מען מיך שוין אַראָפּגעלאָזט פונעם בעט. איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטוב, קוים קאָנענדיק איינשטיין אױף די פיס. עס איז אָבער קלאָר געווען, אַז נישט נאָר איז די סאַקאָנע שוין אינגאַנצן געווען פאַרביי, נאָר אַז עס וועט נעמען עטלעכע טעג און איך וועל אינגאַנצן געזונט ווערן. דערוויל האָט די מאַמע מיך צוגעזען מיט פאַרשידענע לאַקאָמקעס, מיך גע־קאָרמעט מיט הינערשע יאַיכלעך און שטיקלעך הון, מיט פרוכטן און איינגעמאַכטס, וואָס זי האָט געהאַט שטיין פאַר ספּעציעלע געלעגנהייטן, אָדער מיט ווישניאַק, וואָס די „מומע" סאָרע און אַנדערע שכיינים האָבן געבראַכט פאַר מיר...

אַז איך בין אינגאַנצן געזונט געוואָרן און צוריק אָנגעהויבן גיין אין כיידער אַריין, האָט דער טאַטע געבעטן דעם מעלאַמעד מיינעם, רעב פראַיעם־בער, ער זאָל מיך אויסלערנען אַ פּשעטל, קעדיי ווען ער וועט פאָרן מיט מיר צום הייליקן רעבן, ווי ער האָט אָנגעזאָגט, צו קריגן פון אים זיין בראָכע, — זאָלן מיר נישט פאַרשעמט ווערן; אויב ער וועט מיך וועלן פאַרהערן...

אַ טאָג פאַר ערעוו יאָמקיפּער האָט דער טאַטע נישט געאַרבעט. ער האָט באַ־פוילן דער מאַמען, זי זאָל מיך אָנטאָן אין די ניי־געקויפטע יאָנטעווודיקע מאַל־בושים, און ער איז מיט מיר אַוועקגעפאָרן צום הייליקן גוטן־אידן, דעם רעבן פון נאָוואָ־מינסק, קעדיי צו קריגן פון אים די צוגעזאָגטע בראָכע...

* * * * *

# פאַרברעכן און שטראָף

צווישן אונדזערע קרויווים האָבן מיר געהאַט דעם טאַטנס אַ גליד־שוועסטערקינד, איינעם אַ „פעטער" מענדל, וועלכער איז געווען דער פאַר־וואַלטער פונעם „ברודנער" אידישן בעסוילעם אין פראַגע.

דער „פעטער" מענדל איז געווען אַ איד אַ ריז, מיט אַ גרויסער רויטער באָרד ווי פייער, — אַ באָרד, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי אַ גאַבע אין אַ שול, אָדער ווי עפּעס אַ גרויסער מאַנופאַקטור־סויכער.

ער איז געגאַנגען מיט אַ ברייטן, באַלעבאַטיש־זיכערן גאַנג און, — איך ווייס נישט פאַרוואָס — געמאַכט דעם איינדרוק פון זייער אַ בייזן מענטש. ווען איך וואָלט נישט געוואוסט, אַז אַ קויען טאָר נישט זיין אף קיין בעסוילעם, וואָלט איך געקאָנט שווערן, אַז ער איז אַ קויען. דער עמעס איז אָבער געווען, אַז ער איז גאָר קיין קאַיסן נישט געווען, נאָר פאַרקערט: אַ גוטמוטיקער, פריילעכער און אַ גרוי־סער וויצלער. די מאַמע פלעגט אָפט מיט כידעש זאָגן וועגן אים:

— ווי אַזאַ פריילעכער לונג־און־לעבער קומט צו זיין אַ מאַשגיעך איבער אַ בעסוילעם און האָבן צו טאָן מיט מייסים, פאַרשטיי איך נישט! אַזאַ איד ווי מענדל וואָלט געפּאַסט צו זיין אַ דאַיען, אַ גאַבע ביי אַ רעבן, אָדער אַ דאָזאָר...

אַפּאָנים, אַז דער „פעטער" מענדל אַליין האָט זיך אויך געכידעשט איבער דעם און נישט שטאַרק ליב געהאַט זיין באַשעפטיקונג. ווען ער האָט נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט פלעגט ער זיך אַרויסכאַפּן פון זיין קאַנטאָר, דאָרט אפן פּראַגער בעסוילעם, און געקומען קיין וואַרשע, צו פאַרברענגען מיט מיין טאַטן.

אָפט, אין אַ שאַבעס־צו־נאַכט, פלעגט ער דעם טאַטן נעמען אין אַ טעאַטער אַריין. טיילמאָל פלעגט ער אַריינפאַלן אין מיטן טאָג און נעמען דעם טאַטן און מיך צו זען עפּעס אַ נייע אויסטערלישע זאַך. איינמאָל האָט ער אונדז גענומען זען ווי דער ערשטער מענטש וועט פליען. מיר זענען, געדענק איך, געשטאַנען אף דער גאַס, הינטערן פּלויט פון „ווישטשיגע"־פּלאַץ — די פערד־געיעג — ביז מיר האָבן דערזען ווי עפּעס אַזאַ קאַסטן פון דרענגלעך און שטריק איז געטאָן אַ פלי פאַרביי אינעווייניק. אַן אַנדערשמאָל האָט ער אונדז גענומען אפן טעאַטער־פּלאַץ, צו אַ פאַראַד פאַרן שאַך פון פערסיע, וועלכער איז געקומען צו גאַסט... ער איז געווען אַ פריילעך־לעבעדיקער איד, אָט דער „פעטער" מענדל...

אָ, וואָסערע שיינע וויצן און גלייכווערטלעך ער פלעגט דאָס אונדז דערציילן, בעאייס ער איז געקומען צו אונדז! דער טאַטע האָט ברייט געלאַכט און שטאַרק

האָנאָע געהאַט. אַפילע די מאַמע, וואָס פלעגט זעלטן לאַכן, האָט מיטגעשמייכלט, אָבער דערביי אים טאַקע אויך אויסגערעדט:

— ווי קומט עס, רעב מענדל, — פלעגט זי זאָגן, — אַז אַזאַ איד ווי איר, קענעהאָרע, זאָל גאָר קיין פּיצל גאַלעס נישט טראָגן אָף זיך? דאַכט זיך, אַ מענטש ווי איר, וואָס זעט זיך אָן טאָג־איין טאָג־אויס מיט מייסים, וואָלט געדאַרפט וויסן דעם ווערט, משטיינסגעזאָגט, פונעם מענטשנס לעבן, און זיין אַביסעלע מער געזעצטער, אַביסעלע ערנסטער...

דער „פעטער״ מענדל פלעגט דערויף שפּאַסיק אַ מאַך טאָן מיט דער האַנט:

— גאַלעס? וואָס איז, איך האָב נאָך ווינציק גאַלעס אָף זיך, וואָס איך דאַרף זיצן אָף אַ בעסאַקוואָרעס, צווישן מייסים, און נישט האָבן מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן? און צי דען האָב איך נאָך ווינציק מיין אייגענעם גאַלעס, איך מיין טאַקע מיין אידענע, אַז איך זאָל נישט טאָרן אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם אידישן גאַלעס־הויקער אָף קיין איינציקער מינוט?...

און איז ווידער אַוועק מיט זיינע וויצן און ווערטלעך...

מער פון ווערטלעך און וויצן האָט דער „פעטער״ מענדל אָבער ליב געהאַט צו שמועסן וועגן רעבייאים, גוטע־אידן, דאָס הייסט, זיי אויסלאַכן און אָפּשפּעטן פון זיי, דער איקער טאַקע כויזעק מאַכן פון די „בעהיימעס״ — די אידענעס, וואָס פאָרן צו זיי, בעטן אָף קינדער און פּאַרנאָסע, און צאָלן „פעטע״ קוויטלעך...

איינמאָל האָט ער איבערגעגעבן מיט סיגעס און מימיק ווי אַזוי איינער אַ איד איז אַמאָל געפאָרן צו אַ רעבן בעטן אָף פּאַרנאָסע פאַר זיך, זיין ווייב און זייערע פיר קינדער, און ווי דער רעבע — נאָכדעם ווי ער האָט ביי דעם אידן צוגענומען דעם פּידיען — האָט אים געבענטשט און געזאָגט:

— גיי אַהיים, יונגערמאַן, גאָט וועט דיר צושיקן דעם ריכטיקן זיווּעג!...

און ער איז אַוועק מיט פאַרשטעלן, ווי אַזוי דער איד, נעבעך, האָט זיך דערנאָך געמאַטערט צו פאַרשטיין דעם הויכן מיין פונעם רעבנס רייד און האָט אַלץ געפראַבירט אַריינטייטשן רעמאָזים. עס איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז דער רעבע האָט אים אַפילע ריכטיק נישט אויסגעהערט, נאָר האָט מעכאַניש אָפּגעזאָגט זיין ווינטשעוואַניע...

אין אַזעלכע פאַלן, באַלד ווי דער „פעטער״ מענדל האָט גענומען כויזעק מאַכן פון רעבייאים, האָט די מאַמע, און טיילמאָל אויך דער טאַטע, מיך גלייך אַוועקגעשיקט פונעם טיש, אַז איך זאָל נישט הערן די זינדיקע רייד. זיי האָבן מיך געהייסן אַריינגיין צו דער שכיינע יענטע־גיטל, אַ קוק טאָן וואָס די באָבע מאַכט. דעם „פעטערס״ מאַיסעס זענען אָבער געווען אַזעלכע פאַרכאַפּנדיק־שיינע, אַזעלכע איבטריגירנדיקע, אַז איך האָב טאָמיד געהאַט פאַרטיק אַ טערעץ, אַז עס טוט מיר עפּעס וויי, אָדער איך האָב געפונען אַן אַנדערן אויסרייד, קעדיי צו קאָנען בלייבן זיצן אין שטוב און זיך צוהערן צו די שיינע מאַיסעס...

אָפּטמאָל, אַז דער „פעטער״ מענדל האָט צוליב געוויסע איניאָנים געדאַרפט

זיין אין שטאָט איבערן שאַבעסדיקן טאָג, — איז ער געקומען צו אונדז פּרייטיק פאַר לעכט־בענטשן און געשטאַנען ביז נאָך האַוודאָלע, קעדיי צו קאָנען אַהיימפאָרן מיטן טראַמוואַי, און נישט דאַרפן גיין צופוס אַזאַ מעהאַלעך־ראַוו. דעמאָלט איז ער — צוזאַמען מיטן טאַטן און מיט מיר — געגאַנגען דאַוונען אין דער שול פון טאַטנס כעוורע „האַכנאָסעס־קאַלע" און טאַקע מעקאַבל שאַבעס געווען פאַר דעם אָמעד, פון וואָס אַלע האָבן האַנאָע געהאַט. בעאַייסן עסן האָט ער געזונגען זמירעס מיט אַזאַ ברען און מעסיקעס, אַז עס איז געווען אַ כיעס צו הערן. די מאַמע פלעגט פאַשעט אָנקוועלן, אָבער דערביי אים אויך באַדויערן. באַלד נאָכן עסן האָט ער זיך גענומען צו זיין באַליבטן שמועס וועגן רעבייאים, און גענומען אָפּלאַכן פון די „כאַמוירים" און „בעהיימעס", וואָס פאָרן צו זיי:

— דאָס איז אַוואַוידע־זאָרע, — האָט ער געטיינעט, — ס'איז כוקאַס האַגאָי! עס פעלט נאָך בלויז דאָס „איספאַוויעדוועןֹ" זיך, און מ'איז קאַטויליקן...

די מאַמע האָט גלייך איבערגעהאַקט דעם שמועס זיינעם. זי האָט געזאָגט, אַז עס איז שוין שפּעט און מען דאַרף זיך לייגן שלאָפן. זי האָט אויסגעבעט אף בענק־לעך אַ געלעגער פאַרן „פעטער", און אים געוואונטשן אַ גוטע נאַכט.

אינדערפרי איז דער „פעטער" ווידער געגאַנגען דאַוונען מיט אונדז אין דער כעוורע־שול, בעאַייסן לייענען די טוירע זיך דורכגעשמועסט מיט דעם וואָס ער האָט געדאַרפט זען און באַזאָרגט וואָס ער האָט געדאַרפט. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט און פריילעך געשמועסט מיטן טאַטןביים אַהיימגיין...

באַלד נאָכן עסן האָט דער „פעטער" מענדל זיך ווידער אַ נעם געטאָן צו זיין באַליבטן שמועס. דאָסמאָל האָט ער אָפּגעשפּעט און כויזעק געמאַכט פון דעם נייעם פּראַגער רעבן, רעב פייוועלע. און דאָ האָט ער שוין נישט בלויז געכויזעקט, נאָר טאַקע פאַשעט געזידלט. ער האָט געזאָגט, אַז דאָס פּראַגער רעבעלע, וועלכער איז געווען זיינס אַ נאָענטער שאָכן, איז אַ פאַשעטער גאַנעוו און שווינדלער, און — אָנשטאָט אים צו רופן מיטן נאָמען, רעב פייוועלע, ווי דער רעבע האָט געהייסן — אים גאָר גערופן: „רעב פעליקס דער שניידער".

ער האָט דערציילט, ווי אַזוי אָט דאָס פּראַגער רעבעלע, אַ געוועזענער דאַמסקע שניידער, האָט זיך פּלוצים מעיאַשעוו געווען, אַז פון „דער נאָדל קאָן מען נישט ווערן קיין גאָדל" און אַז „פון יעגיעס קאַפּאַאים קריכן אַרויס די אַנאַאים", האָט ער אַוועקגעוואָרפן דאָס שניידעריי און זיך געלאָזט „ניסגאַלע" ווערן — געוואָרן אַ גוטער־איד ביי אידן. פון דעמאָלט אָן האָבן צו אים גענומען ציען מאַכנעס אידישע ווייבער, אויסצוגיסן פאַר אים זייערע פאַרביטערטע הערצער, בעטן ביי אים אף פּאַרנאָסע און קינדער, און באַצאָלן אים דערפאַר היפּשע אַפּויטיקעס פאַר קוויט־לעך און קאַמאַיעס...

— אָ, ער איז אַ בעריע, דער רעב פעליקס! — האָט דער „פעטער" אַ פינטל געטאָן מיט אָן אויג צום טאַטן, — מיילע, וועגן פּאַרנאָסע, צי ער קאָן העלפן די אידענעס, — ווייס איך נישט. אָבער וועגן קינדער האָבן, זאָגט מען, האָט ער גאָר

אַ גרויסן צאַד אין הימל, און יעדע אידענע, וואָס קומט צו אים בעטן אַ בראָכע אף קינדער צו האָבן, ווערט טאַקע אין ניין כאַדאָשים שפּעטער געהאָלפן...

ער האָט פלוצים איבערגעהאַקט דעם פריילעך־לייכטן טאָן זיינעם און גאַנץ בייז צוגעגעבן:

— מען וואָלט אים געדאַרפט, דעם שווינדלער, אין אָסטראָג איינזעצן, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן! — האָט ער זיך געקאָכט, — אין סיביר אף קאַטאָרגע פאַרשיקן!... באַשווינדלען אַ מענטשנס נעשאָמע איז פיל ערגער ווי צו באַשווינדלען אים מיט געלט. ווען מיר וואָלטן דאָ געהאַט אַ אידישע מעלוכע, וואָלט מען אַזאַ ווי פעליקס שווינדלער זיכער געוועזן פאַרשטיינט!...

די מאַמע מיינע, אַז זי האָט דערהערט אָט די רייד דעם „פעטערס“, האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, נישט וועלנדיק הערן די אַפּיקאָרסישע רייד זיינע. אויך דער טאַטע — כאָטש ער אַליין איז אויך נישט געוועזן קיין צו שטאַרק פאַרגלויבטער אין גוטע־אידן — האָט נישט געקאָנט פאַרטראָגן דעם „פעטער“ מענדלס זידלע־רייען און אים גענומען אויסרעדן:

— פע, מענדל, מען טאָר אַזוי נישט רעדן וועגן אַ רעבן! מאַלע מיט וואָס אַ איד פאַרנעמט זיך און פון וואָס ער ציט פאַרנאָסע... אָט, דו, לעמאָשל, לעבסט פון טויטע, און ער — פון לעבעדיקע... דו עסט דיין ברויט פון טויטע גופים און ער — פון טויטע נעשאָמעס. וואָס איז דער כילעק?...

— דו רעכנסט אים פאַר אַ רעבן? — האָט דער „פעטער“ מענדל גענומען טאַינען, — קיין רעכט אידיש וואָרט קאָן ער דאָך אין מויל נישט נעמען, אַן אַם־האָאָרעץ פיערווי סאָרט — און ווערט אַ רעבע, אַ גוטער־איד ביי אידן!...

ער האָט גענומען אויסמאָלן פאַרן טאַטן ווי אַזוי אָט דאָס פּראַגער רעבעלע פּראַוועט זיינע שטיק; ווי ער זיצט גאַנצע טעג ביי זיך אין אַ פאַרמאַכטן ביידער און שפילט זיך מיט קעץ. אַלערליי קעץ, ווייסע, ראַבע, שוואַרצע — מאַכנעס קעץ אַרום און אַרום. ער גלעט זיי און צערטלט זיי, שפּייזט זיי און וואַשט זיי, דער־קלערנדיק צו זיינע בניי־באַיס, אַז דאָס זענען גילגולים פון זינדיקע נעשאָמעס, וואָס זענען, נעבעך, צוריקגעשיקט געוואָרן אף דער וועלט אָפּצוקומען פאַר זייערע זינד, און אַז מען דאַרף זיי העלפן וואָס גיכער אויסגעלייזט צו ווערן פון דער האַרבער שטראָף און צו קריגן אַ טיקן... און בעאייס דאָס פּראַגער רעבעלע שפּילט זיך מיט די קעץ, באַלאַגערן זיין הויז מאַכנעס ווייבער, וואָס וואַרטן צו זען דעם רעבן און קריגן פון אים אַ בראָכע. ער נעמט זיי אָבער נישט אויף. ער זאָגט אָן זיין גאַבע — אויך אַזאַ שווינדלער ווי ער — אַז ער זאָל צו אים קיינעם נישט אַריינלאָזן... ביסלעכווייז ווערן אָבער די ווייבער אומגעדולדיק און טוען זיך מיט קויעך אַ לאָז צו דער טיר און נעמען זי אויפברעכן. דאָס רעבעלע וואַרפט דעמאָלט אַראָפּ די קאַץ, וואָס ער האָט געהאַלטן ביי זיך אף די קני, שפּרינגט אַרויס דורכן פענצטער אין הויף אַרויס, לאָזט זיך לויפן איבערן פעלד ווי אַ צעדולטער, און די ווייבער — נאָך אים — מיט געשרייען:

— הייליקער רעבע, האָט ראַכמאָנעס, גיט אונדז אייער בראָכע!...

טיילמאַל, — דערציילט דער „פּעטער" מענדל ווייטער, — טיילמאָל געלינגט עס די ווייבער צו כאַפּן דעם רעבעלע און אים צוריק אַריינפירן אין כיידער אַריין, וואו ער „מוז" זיי אויפנעמען. אָבער אָפטער ווערט ער פאַרלוירן אין דער פינצ־טערער נאַכט אַריין און די ווייבער דאַרפן איבערוואַרטן איבער נאַכט, אין האָפע־נונג, אַז צומאָרגנס וועלן זיי עפּשער פאַרט קאָנען אָנקומען צו אים און קריגן אַ בראָכע אָף זייערע פאַרלאַנגען. דערוויל דאַרפן זיי שוין בלייבן שלאָפן אין דעם רעבעלעס איינפאָר־הויז און עסן אין רעבעלעס גאַרקיך, פאַר וואָס זיי דאַרפן באַ־צאָלן אַ היפּשע מאַטבייע... ער דערלייגט נישט צו די געטלעכע געשעפטן!...

די מאַמע האָט אַפּאָנים שוין מער נישט געקאָנט איבערטראָגן דעם „פּעטער" מענדלס רייד און האָט צו אים בייז אַ זאָג געטאָן:

— אַי, רעב מענדל, רעב מענדל, איר רעדט דאָך, נישט דאָ געדאַכט, עפּעס גאָר ווי אַ משומעד צו לעהאַכעס! אַי וועט אייך גאָט שטראָפן דערפאַר, אַי וועט מען דאָס אייך שמייסן פאַר אַזעלכע רייד!...

— זאָל מען שמייסן! — האָט דער „פּעטער" מענדל געלאַכט, — איך בין אָבער זיכער, אַז דאָס וועט נישט זיין איבער דעם שניידער יונג, רעב פעליקס!...

* * * * *

נאָכן עסן האָט דער „פּעטער" מענדל און דער טאַטע זיך אַוועק־געלייגט כאַפּן אַ דרעמל. זיי האָבן זיך געלייגט אין דער ברייט פונעם בעט, מיט די פיס אָף צוגעשטעלטע צוויי שטולן. אָבער אנשטאָט איינצודרימלען, האָט גאָר דער „פּעטער" מענדל געהאַלטן אין איין דערציילן וועגן דעם פּראָגער רעבעלע:

— האָסט געדאַרפט זען, — האָט ער פון דאָס ביי אָנגעהויבן, — ווי אַזוי אָט דער גאַנעוו פעליקס, צוזאַמען מיט זיינע באָנים און דעם שאַמעס, טוען זיך יעדן פרייטיק און סטאַם ערעוו יאָנטויווים אַ לאָז אַרויס איבער די געמאַרקן אין פּראָגע, קעדיי צונויפצושנאָרען ביי די קרעמער פאַרשידענע שפּייז־פּראָדוקטן און סכוירעס, ווי ברויטן, כאַלעס, פליישׂ, פיש, אויפּעס, אייער, מיקלוימערשט פאַר די כסידים וואָס קומען צו אים, אָבער אין דער עמעסן פאַר זיין גאָרקיך גאָר, און דאָס שענצטע איז, וואָס די קרעמער גיבן אים, ווייל זיי האָבן פּאָשעט מוירע פאַר זיין טרייפענעם פּיסק און זיינע זידלערייען...

נאָכן דרימל האָט די מאַמע דערלאַנגט צום טיש דעם קאָשערן טיי, וואָס זי האָט — צוזאַמען מיטן טשאָלנט — געהאַט געשטעלט ביים בעקער אין אויוון און וואָס זי האָט געהאַלטן אין אַ גרויסן ערדענעם טאָפּ מיט אַ שמאָל העלדזל, אין איר בעט, צוגעדעקט מיט פּערענעס, קעדיי עס זאָל אָנהאַלטן די וואַרעמקייט. דער „פּעטער" מענדל — אַפּאָנים אַ גרויסער ליבהאָבער פון טיי — האָט געטרונקען איין גלאָז נאָכן צווייטן און דערביי אַלץ געהאַלטן אין איין רעדן און דערציילן וועגן דעם פּראָגער רעבעלע. די מאַמע, בעאייסן אָנגיסן פאַר אים אַ פרישן גלאָז טיי, האָט אים באַטראַכט מיט אַ ראַכמאָנעס־בליק און אַ זיפץ געטאָן:

— אַ איד זאָל אַזוי זינדיקן... אַן אַווירע וואָס מען לאָזט אייך אַריין אין אַ אידיש הויז און מען גיט אייך אַ גלאָז וואַסער צו טרינקען...

איך, כאָטש איך האָב האַנאָע געהאַט פון „פעטער" מענדלס שיינע מאַיסעס, האָב פונדעסטוועגן געהאַלטן מיט דער מאַמען. איך האָב געטראָגן אַ פאַרבאָרגענע סינע אף אים, זינט מען האָט ביי מיר אומגעריכט אָפּגעשוירן מיינע שיינע, לאַנגע געקרייזלטע פּייעס, מיט וועלכע איך האָב זיך געגרויסט צווישן די אינגלעך אין כיידער ביי רעב עפראַיעם־בערן.

פון זיין שטענדיקן אָפּלאַכן פון די „כניאַקעס" וואָס טראָגן קאָלטענעוואַטע פּייעס ביזן גאַרטל, האָב איך געדרונגען, אַז דאָס איז ער געווען די שלאַנג, וואָס האָט צוגערעדט דעם טאַטן אָפּצושערן מיינע פּייעס. איינמאָל, נאָך אַ באַזוך זיינען ביי אונדז, האָט דער טאַטע — ווען ער האָט מיך און מיין ברודער באָרעכן גע־נומען צום פעלדשער צו לאָזן אונדז אָפּשערן די קעפּלעך — אַ שטילן וואונק געטאָן צום פעלדשער געטריידע, און יענער — ווי אַ קאַלטער גאַזלען — האָט מיך פּאָשעט אומגליקלעך געמאַכט...

נאָכן אָפּשערן, ווען איך האָב אַ קוק געטאָן אף זיך אין שפּיגל און דערזען, אַז איך האָב מער נישט קיין פּייעס, — האָב איך גענומען היסטעריש וויינען און שרייען, האָב זיך געוואָרפן אף דער ערד און געשוואוירן, אַז איך וועל מער נישט גיין צו רעב פראַיעם־בער אין כיידער אַריין.

איך בין שטאַרק בייז געווען אויפן טאַטן, אויפן פעלדשער געטריידע און, דער איקער, אויפן „פעטער" מענדל. איך האָב נישט געקאָנט באַגרייפן ווי אַזוי זיי, וואָס האָבן גוט געוואוסט וואָסער גרויסער נעס עס איז געשען מיט מיר נאָך מיין קרענק, זאָלן אַזוי זינדיקן און נאָך מיך ברענגען צו אַ זינד.

איך האָב געוואָלט זאָגן דעם „פעטער" מענדל, אַז ער איז אַ ראָשע־מערושע, אַ יעראָוואָם־בען־נעוואַט, אָבער האָב נישט געהאַט גענוג מוט דערצו. איך האָב דעריבער בלויז באַ זיך אין האַרצן גאָט געבעטן, אַז ער זאָל דעם „פעטער" צוריק אַרויספירן אויפן גלייכן וועג, דורך באַווייזן אים אַ נעס אויפן אָרט, אָפּנעמען ביי אים דאָס לאָשן כאָטש אף אַ מינוט, בעאייס ער וועט דאָס מויל עפענען צו זינדיקן און כויזעק מאַכן פון הייליקן פראַגער רעבן...

מיין טפילע איז אָבער אַפּאָנים נישט אָנגענומען געוואָרן. דאָס לאָשן איז ביים „פעטער" מענדל נישט אָפּגענומען געוואָרן, כאָטש ער האָט ווייטער געהאַלטן אין איין אָפּלאַכן און כויזעק מאַכן פון דעם רעבן.

שפּעטער, אַז עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט און דער טאַטע האָט געמאַכט האַוודאָלע, האָט דער „פעטער" מענדל זיך פאַרנומען אַהיימצופאָרן. ער האָט מיר געגעבן אַ זעקסער „לעצט־געלט" און איז אַוועק. איך האָב זיך געכידעשט פון וואַנען האָט ער דאָס פּלוצים גענומען געלט אף צום געבן מיר, וואָרים מיר איז דאָך קלאָר געווען, אַז קיין געלט האָט ער נישט געקאָנט האָבן מיט זיך, מאַכמעס עס איז דאָך געווען שאַבעס. און שפּעטער — האָב איך מיטאַמאָל אָנגעהויבן אים

כווישעד צו זיין — עפּשער איז ער נישט נאָר אַן אַפּיקוירעס, וואָס לאַכט אָפּ פון הייליקע אידן, רעבייאים, נאָר ער איז גאָר אַ פּאָשעטער גאָי, אַ מעשומעד, אַ טרייפניאַק, וואָס טראָגט מיט זיך געלט אום שאַבעס?... דער טאַטע האָט מיר אָבער שפּעטער געזאָגט, אַז דער „פּעטער" מענדל האָט מיט זיך אום שאַבעס טאַקע קיין געלט נישט געטראָגן, ווייל ער האָט עס אָוועקגעלייגט ביי אונדז אין דער שאַפּע אף איבער שאַבעס, און איצט האָט ער עס גענומען, קעדיי צו געבן מיר „לעצט־געלט" און צו האָבן אף הויצאָעס אַהיימצופאָרן...

— אַזוי איז ער אַ גאַנץ וואוילער און פרומער איד, — האָט דער טאַטע געזאָגט צו דער מאַמען נאָך דעם „פּעטער" מענדלס אָוועקגיין, — די איינציקע צאָרע מיט אים איז דאָס וואָס ער האָט זיך אַריינגענומען אַ מאַנקאָליע אין קאָפּ אַריין צו רעדן אף גוטע־אידן...

— אוי, ריבוינע־שעל־אוילעם, — האָט די מאַמע אַ הייב אויף געטאָן די אויגן, ווי אין אַ טפילע, און אַ זיפץ געטאָן, — זאָלסט אים נאָר נישט צו האַרב שטראָפן דערפאַר, ווייל ער ווייסט נישט וואָס ער רעדט. אָבער אַ גוטן פּסאַק וואָלסטו אים יאָ געדאַרפט געבן, אַז ער זאָל וויסן נישט צו פּיסקעווען!...

* * * * *

נאָך דעם ווי דער „פּעטער" מענדל איז אַהיימגעפאָרן צו זיך קיין פּראַגע, האָט דער טאַטע געזונגען די שאַבעס־צו־נאַכטיקע זמירעס און זיך אַוועקגעזעצט — ווי ער פלעגט דאָס טאָן יעדן שאַבעס־צו־נאַכט — אָנצושטאָפּן פּאַפּי־ראָסן פאַר דער גאַנצער וואָך פאַר זיך. די מאַמע, ווידער, האָט זיך אַוועקגעזעצט אף אַ קליין בענקעלע לעבן דעם קיך־אויוון, און געשלייסט פעדערן פון דער גאַנדז, וואָס זי האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געהאַט אויסגעפּרעגלט אף פּייסעכדיק שמאַלץ. איך — ווי די צוויי אַנדערע ברידערלעך — בין שוין געלעגן אין בעט און געהאַלטן ביים אַנשלאָפן ווערן. מיטאַמאָל איז מיט אימפּעט צו אונדז אין שטוב אַריינגעלאָפן דער אַלטער וואַוזשעניעץ מיט די גרויסע ברעמען און וואָנצעס, — דער וועכטער פון דער זייף־פאַבריק, וואו דער טאַטע האָט געאַרבעט, און ער האָט אַיין אָטעם געזאָגט:

— פּאַניע מאָרדקאָ, גייט גיכער אַריין צום טעלעפאָן! עפּעס איינער, אַ פּאַן מענדל פון ברודנע, רופט אייך! ער זאָגט, עס איז זייער און וויכטיק!...

דער טאַטע האָט אף זיך אַ כאַפּ געטאָן דעם ווינטער־מאַנטל מיט די קאַלאָשן און זיך אַ לאָז געטאָן לויפן מיט וואַוזשעניעצן אין קאַנטאָר פון דער פאַבריק, וואָס אף דער צווייטער זייט הויף. אין עטלעכע מינוט אַרום איז דער טאַטע צוריק־געקומען אַ בלאַסער, אַ נערוועזער, און האָט אויסגעשטאַמלט צו דער מאַמען:

— הער... הער נאָר דאָס גרויסע אומגליק וואָס האָט געטראָפן מענדלען, נעבעך... בעאייס ער איז געווען דאָ, ביי אונדז, האָבן די צוויי ינגסטע קינדער זיינע זיך פאַרסאַמט מיט וויטריאָל און...

די מאַמע, דערהערנדיק די בסורע, האָט אַזש אַ קוויטש געטאָן:

— אוי, אַ גרויסער ווייטיק האָט מיך געטראָפן! וואָס רעדסטו? ווען, ווי אַזוי, אוי, ווי איז מיר, באַרעד דאַיען עמעס!...

און זי איז זיך פאַרגאַנגען אין אַ יאָמערלעך געוויין:

— גאָט האָט אים געשטראָפט! געשטראָפט פאַר זיין טרייפע מויל!...

איך האָב זיך אָפּגערופן:

— ווי אַזוי האָט גאָט אים געשטראָפט? דאָס האָט ער דאָך גאָר געשטראָפט די צוויי קינדער, וואָס האָבן דאָך גאָרנישט געזינדיקט אַפילו...

די מאַמע האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר:

— אַזוי שטייט געשריבן אין די הייליקע ספרים, די קינדער באַצאָלן פאַר די זינד פון זייערע עלטערן...

און זיך אַלץ נישט געקאָנט באַרואיקן פון וויינען:

— איך, — האָט זי זיך געקלאַפּט אין האַרצן אַריין, — איך האָב אים פאַרשאָלטן!... איך האָב אין אַ שלעכטער מינוט זיך אַרויסגעכאַפּט מיט אַ בייז וואָרט... איך האָב עס אָבער נישט געמיינט, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד...

זי האָט גענומען אַזוי שטאַרק וויינען, אַז זי איז זיך אַזש פאַרגאַנגען אין ספּאַזמעס און דער טאַטע האָט זי קוים געקאָנט אָפּמינטערן. זי האָט אַלץ געטאַינעט, אַז דאָס אומגליק איז געשען בלויז דערפאַר, וואָס זי האָט אים געזאָגט, אַז גאָט באַרוך־הו וועט אים באַשטראָפן פאַר זיינע זינדיקע רייד.

עס האָט נישט געהאָלפן דעם טאַטנס באַרואיקן און זיין זאָגן איר, אַז זי זאָל נישט רעדן קיין נאַרישקייטן. די מאַמע האָט זיך געהאַלטן ביי איינס, אַז זי איז געוועזן דער קאַטייגער און וועט דעריבער דאַרפן פאַסטן אַ טאַנעס, קעדיי צו קריגן אַ מעכילע אויף אירע זינד...

אויף צומאָרגנס זענען מיר אַוועק קיין פּראַגע צו דער לעוואַיע פון „פּעטער" מענדלס צוויי קינדער. דאָס שטיקל פּלאַץ אַפן בעסוילעם, לעבן דעם הויז וואו דער „פּעטער" האָט געוואוינט, איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן, וואָס האָבן געוויינט, געבראָכן די הענט און איבערגעפּרעגט איינער דעם אַנדערן וועגן די פּראַטים פון דעם אומגליק. דער „פּעטער" מענדל אַליין איז געווען עפּעס ווי גאָר אַן אַנדערער מענטש, אַ צעבראָכענער און צעווייטיקטער. זיין ברייטע, שיינע רויטע באָרד האָט גיכער אויסגעזען ווי עפּעס אַ נאַסער פאַרפּלאָנטערטער קנויל פאָדים, איידער אַ באָרד. די „מומע" כאַנע, זיין ווייב, האָט געריסן די האָר און הויט פון זיך, וואָרפנדיק צעווייטיקטע בליקן אַפן מאַן. ער האָט קיין איינציק וואָרט נישט גערעדט, נאָר אַלץ געקוקט מיט פאַרגלעזערטע אויגן צום הימל.

ביים קיווער, בעאייסן קאַדיש זאָגן, האָט דער „פּעטער" שטאַרק געוויינט און ביים סאָף זיך גאָר אַ לאָז געטאָן און זיך געוואָלט אַריינוואַרפן אין קיווער אַריין. עס איז דעם טאַטן מיינעם און נאָך עטלעכע אידן אָנגעקומען גאַנץ שווער אים איינצוהאַלטן און באַרואיקן.

נאָך דער לעוואַיע זענען מיר, פון דער מישפּאָכע, אַרויפגעגאַנגען צום „פּע־

טער״ אין שטוב אַריין. דער טאַטע האָט דערנאָך געזאָגט, אַז עס איז געווען אַ מוירע אים צו לאָזן אַליין, ער זאָל זיך אַמאָל קיין מאַיסע נישט אָנטאָן.

ווען דער „פּעטער״ האָט אויסגעטאָן די שיך און זיך אָוועקגעזעצט שיווע, האָט ער ערשט מיט אַ געבראָכן געמיט גענומען רעדן ווי אין דער וועלט אַריין:

— יאָ, גאָטס האַנט איז דאָס געווען! גאָטס שטראָף! פּונקט פינף אַזייגער, בעאייס איך בין געווען ביי אייך אין שטוב און לויז געלאָזט מיין ווערעמדיק מויל קעגן גאָטס הייליקן איד, האָבן מיינע צוויי אומשולדיקע פייגעלעך נעבעך באַצאָלט דערפאַר מיט זייערע לעבנס. זיי האָבן ערגעץ אין פאָדערהויז דערטאַפּט אַ פלאַש מיט וויטריאָל, געמיינט, אַפּאָנים, אַז דאָס איז וואַסער און זיך אָפּגעסאַרפּעט...

און זיך פאַנאַנדערגעוויינט ווי אַ קינד:

— מיינע אומשולדיקע קינדערלעך, אָרעמע שוועלבעלעך! וואָס זענען זיי נע־בעך שולדיק געווען? פאַרוואָס האָט גאָט נישט געשטראָפט מיך? פאַרוואָס האָט ער מיר נישט דעם טויט געגעבן? איך וועל זיך דאָס קיינמאָל נישט מויכל זיין...

עס האָט נישט געהאָלפן קיין שום באַרואיקן און קיין שום טרייסטן. ער האָט אַלץ געוויינט און געקלאָגט:

— ווער ווייסט, צי דאָס איז די איינציקע שטראָף פון זיין ליבן נאָמען?!... ווער קאָן זאָגן ווען זיין שטראָף וועט זיך אָפּטאָן פון מיר?!...

ער האָט אפן אָרט אַ ניידער געטאָן, אַז באַלד, אַזוי גיך ווי ער וועט זיך נאָר אויפהייבן פון שיווע זיצן, וועט ער אַליין אַריבערגיין צום הייליקן רעבן, רעב פּיזועלע, און וועט אים בעטן מעכילע, אַז ער זאָל טפילע טאָן פאַר אים און אָפּ־שרייען דעם בייזן גזאַר־דין...

און ער האָט געהאַלטן וואָרט. דער טאַטע האָט דערנאָך דערציילט, אַז פון דעמאָלט אָן איז דער „פּעטער״ מענדל געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש. נישט נאָר האָט ער אַליין מער נישט גערעדט, כאָלילע, אָף קיין רעבן, דער איקער טאַקע אָף רעב פּיזועלען פון פּראַגע, נאָר ער איז נאָך געוואָרן זיינס אַ גרויסער כאָסיד און יעדן פרייטיק אָדער ערעוו יאָנטעוו אים צוגעשיקט אַ מאַטאָנע עטלעכע רובל, אַז דער רעבע זאָל קאָנען שטיצן זיינע נויטבאַדערפטיקע כסידים...

* * * * *

# דער טאַטע עקספּערימענטירט

גאַר פּלוצים האָט דער טאַטע אָנגעהויבן אַרומגיין אַ שטאַרק־פאַרזאָרגטער, אַקוראַט ווי די גאַנצע וועלט וואָלט געלעגן אויף זיינע פּלייצעס. יעדן אָוונט, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט און, ווי געוויינטלעך, זיך געזעצט צום טיש, וואַרטן די מאַמע זאָל דערלאַנגען וועטשערע, האָט ער דער־ווייל — ווי אַלעמאָל בעאייס ער האָט געהאַט זאָרגן — גענומען שטיל אונטערזינגען זיין ספּעציפיש ניגנדל:

— וויי־צע, וויי־צע, וויי־צע!...

די מאַמע האָט שוין געקענט דאָס זיפצעלע און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז שוין ווידער געשען? וואָס האָסטו זיך אַזוי צעווייצעט?...

דער טאַטע האָט עס פּראָבירט אָפּפּאַטערן מיט אַ מאַך פון דער האַנט. די מאַמע האָט אָבער דערקענט, אַז עס איז נישט סתּם אַזוי זיך און איז צוגעשטאַנען צום טאַטן, ער זאָל עס איר זאָגן.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען די געשעפטן פון זיין באַלעבאָס נישט געגאַנגען איבעריק גוט די לעצטע צייטן. עפּעס אַ זייף־פאַבריק אין דייטשלאַנד האָט אָנגעהויבן פאַרפלייצן דעם מאַרק מיט אַ נייעם זייף פאַר אַ ביליקערן פּרייז, קעגן וועלכן רעב איטשע גוטראַט האָט נישט געקאָנט קאָנקורירן. האָט ער אַריינ־גערופן דעם טאַטן צו זיך אין קאַנטאָר אַריין, אים געוויזן אַ שטיקל פון דעם נייעם דייטשישן זייף, און געזאָגט:

— טו אַ קוק וואָס דאָס איז פאַר אַ סכוירע און זע צי דו ווייסט עס קאָנען נאָכמאַכן! איך וועל דאַרפן קאָנקורירן מיט די דייטשן, אָדער איך וועל זיין גע־צוואונגען אײַנגאַנצן צו פאַרמאַכן די פאַבריק!...

דער טאַטע האָט מיט אַ דראַט אָפּגעשניטן אַ שטיקל פון דעם זייף, דאָס אַהיימ־גענומען, עס אָוועקגעשטעלט קאָכן אין אַן אַלטן טעפּל און אויסגעפונען, אַז — אַ כוץ די געוויינטלעכע מאַטעריאַלן — האָבן די דייטשן אַריינגעטאָן אין דעם זייף אַ געוויסע מאָס פּאָשעטן טייך־זאַמד, ערשטנס, קעדיי עס זאָל זיי קאָסטן ביליקער צו מאַכן; צווייטנס, אַז דער זייף זאָל גיין שווער אויף דער וואָג; און, דריטנס, צווינ־גען דורך דעם די באַלעבאָסטעס צו קויפן מער זייף פאַר זייער געברויך...

דער טאַטע האָט פאַרגעשלאָגן זיין באַלעבאָס, אַז ער זאָל אים אַהיימגעבן צו ביסלעך פון די נויטיקע רוי־מאַטעריאַלן, וועט ער אין די אָוונטן עקספּערימענטירן און פּראָבירן אויסגעפינען ווי צו מאַכן דעם זייף מיט זאַמד.

מיט עטלעכע אָוונטן שפּעטער האָט דער טאַטע אַהיימגעבראַכט אַ צאָל פּעק־לעך און פּלעשלעך, און זיך גענומען צו אויסמייסטרעווען פון אַ הילצערנעם קעסטל אַ פורעם, פון וועלכן די זייטלעך זאָלן זיך קאָנען צענעמען, און אין וועלכן אַרייג־צוגיסן דעם אָנגעקאָכטן זייף אָפּצוקילן און פאַרהאַרטעווען צו ווערן.

ווען ער איז פאַרטיק געוואָרן מיטן קעסטל־פורעם, האָט ער גענומען ביי דער מאַמען דעם גרויסן טאָפּ, אין וועלכן זי פלעגט קאָכן די וועש, און אָוועקגעשטעלט אַף דער קיך־פּליטע קאָכן דעם נייעם זאַמד־זייף...

ער האָט אויסגעפּאַקט די פּעקלעך, וואָס ער האָט געבראַכט פון פאַבריק, אָפּ־געוואויגן און אָפּגעמאָסטן די געהעריקע וואָג כיילעוו, זשיוויצע, סאָדע, זאַלץ און לויג. דערביי האָט ער פאַרשריבן אין אַ ביכעלע די מאָס פון יעדער זאַך, וואָס ער האָט אַריינגעטאָן אין טאָפּ אַריין, קעדיי צו געדענקען און האַלטן קאָנטראָל.

נאָך אַ פּאָר שאָ קאָכן, האָט דער טאַטע אַרויסגענומען מיט אַ העלצל אַביסל פון דער סמאָלע־אַרטיקער מאַסע, גענומען אַ טראָפּן דערפון אַף אַ פינגער, אַ לעק געטאָן מיט דער צונג, קעדיי צו פאַרזוכן די שטאַרקייט, געצויגן די מאַסע צווישן זיינע צוויי פינגער, צו פּראָבירן די קלעפּיקייט, געבלאָזן דערויף, אַז עס זאָל זיך אָפּקילן, קעדיי צו זען די גופיקייט, און ווייטער געלאָזט קאָכן...

אָפּגעקאָכט, האָט ער איבערגעגאָסן די מאַסע אין דעם קעסטל־פורעם אַריין, אַריינגעשאָטן אַהינצו אַ געוויסע מאָס ווייסן טייך־זאַמד, און זיך אָוועקגעשטעלט מישן און איבערוואַרפן די מאַסע מיט אַזאַ העלצל, צו וועלכן עס איז פון אונטן געווען צוגעקלאַפּט, ווי אַ דנאָ, אַ פלאַך ברעטל מיט עטלעכע רונדע לעכער.

דער טאַטע איז געווען צופרידן און פול מיט האָפענונג, אַז עס איז אים געלונגען, און ער האָט מיט אומגעדולד גענומען וואַרטן די עטלעכע טעג, ביז די מאַסע אין דעם פורעם וועט זיין אָפּגעקילט און פאַרהאַרטעוועט.

אין עטלעכע טעג אַרום, ווען דער טאַטע האָט פאַנאַנדערגענומען די זייטלעך פונעם פורעם, איז ער געוואָרן בלאַס און גרויסע טראָפּנס שווייס האָבן זיך אַ גאָס געטאָן פון זיין פּאָנים. דער זייף איז נישט געווען געראָטן. דער גאַנצער זאַמד איז געווען אָפּגעזעצט סאַמע אונטן, ביים דנאָ, בעאייס דער זייף אַליין, אין דער הויך, איז געווען שיטערלעך, ווי אַ געלע בלאָטע...

דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַן אַנטוישטער און צעווייטיקטער, און ווידער גענומען אונטערזינגען זיין טרויעריק לידל: „וויי־צע, וויי־צע", אַז די מאַמע איז שוין אַזש בייז געוואָרן און אים אויפגעוואָרפן:

— וואָס דו נעמסט זיך אַזוי דאָס לעבן, פאַרשטיי איך נישט! אויב איטשע גוטראַט וויל גאַנווענען, זאָל ער עס טאָן וויפל ער וויל. וואָס דאַרפסטו נאָך זיין אַ שוטעף מיט קאָפּ־ווייטיקן צו דעם? און דער איקער, זאָג מיר, וואָס ווערסטו דאָס האָבן דערפון, אַז וועסט שוין יאָ אויסגעפינען דעם סאָד? ער וועט דאָך דיר אַפילע קיין אייגציקן גראָשן אַ הויסאָפע נישט געבן...

דער טאַטע האָט פאַנאַנדערגענומען די הענט:

— דאָס זעלבע טאַינעט דער ליטוואַק ברעסלער. ער זאָגט, אַז גוטראַט איז אַ פּיאַווקע, אַ בלוטזויגער, און אַז ער האָט מיך בעקיוון געמאַכט פאַר אַ ציאָניסט, קעדיי ער זאָל מיך קאָנען האַלטן פאַרשקלאַפּט. באַלד סטראַשעט ער...

דער טאַטע האָט אַרויסגעוואָרפן דעם זייף אין אָפּטריט אַריין, און ווידער־אַמאָל — מאַכנדיק אַ געוויסן בייט אין דער מאָס פון יעדן רוי־מאַטעריאַל — גענומען אָף דאָס ניי קאָכן אַן אַנדערן טאָפּ זייף.

ווידער האָבן זיך פאַרן טאַטן און פאַר אונדז אָנגעהויבן טעג און נעכט פון אומגעדולדיקן וואַרטן, ביז דער זייף אינעם פורעם האָט זיך אָפּגעקילט.

ווען ער האָט דאָסמאָל געעפנט דעם פורעם, איז דער טאַטע שוין געווען פריי־לעכער און האָפערדיקער. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער זייף — כאָטש ווייט פון גוט — דאָסמאָל שוין געווען פיל בעסער, און דער טאַטע איז זיכער געווען, אַז נאָך עטלעכע מאָל קאָכן און ער וועט זיך דערגרונטעווען צום סאָד...

אַ פריידיקער איז ער אָף צומאָרגנס אַוועק צו דער אַרבעט און ווען ער איז אין אָוונט צוריקגעקומען, האָט ער דער מאַמען דערציילט, אַז איטשע גוטראַט איז געווען זייער צופרידן פון דער צוזאָגנדיקער בסורע און ער האָט אים דערפאַר געשענקט צוויי בילעטן צו גיין זען ציניזעליס צירק, מיט אַ צוזאָג אים גוט צו באַפרידיקן, ווען ער וועט קומען מיט אַ פולן דערפאָלג...

די מאַמע איז אָבער געווען נישט צו שטאַרק באַגייסטערט פון די צירק־בי־לעטן. ערשטנס, האָט זי געהאַלטן, איז דאָס נישט מער ווי אַ צוגעוואָרפן ביינדל. צווייטנס, האָט זי ביכלאַל נישט געזען קיין ניצלעכקייט אין די בילעטן, ווייל זי האָט נישט געוואָלט גיין צו קיין שום פאַרווײלונג, מאַכמעס, ווי זי האָט געטאַינעט, קאָל זמאַן דאָס בעסמיקדאָש איז כאָרעוו און אידן זענען אין גאָלעס, טאָר מען זיך נישט מעסאַמייעך זיין מיט אַזעלכע נאַרישע זאַכן...

דער טאַטע איז אָבער נישט אָפּגעטראָטן, געבעטן און זי מאַמעש באַשוואוירן, זי זאָל אים דאָסמאָל צוליב טאָן און גיין מיט אים אין צירק אַריין:

— קיין אַווירע איז עס דאָך זיכער נישט, — האָט ער איר געזאָגט, — וואָרים אָט, דו זעסט דאָך אַמאָל און האָסט האַנאָע פון די קונצן־מאַכערס, וואָס קומען אין הויף אַריין ווייזן זייערע שטיק. היינט פאַרוואָס זאָלסטו נישט וועלן גיין אין אַן עמעסן צירק, וואו מען באַווייזט טאַקע עמעסע קונצן?!...

די מאַמע האָט אָנגעהויבן נאָכגעבן, אָבער איידער זי האָט אינגאַנצן צוגע־שטימט, האָט זי פריער געוואָלט וויסן אַקוראַט, צי אין צירק זינגען נישט און טאַנצן נישט קיין פאַרשייטע נאַקעטע בעקייוועס, ווי אין טעאַטער...

סאָף כל סאָף האָט זי איינגעוויליקט צו גיין מיטן טאַטן אין צירק אַריין און, וואונדער איבער וואונדער, ווען זי איז צוריקגעקומען, איז זי געווען אַזוי באַגייס־טערט, אַז זי האָט פאַר טעג קעסיידער נישט אויפגעהערט רעדן און דערציילן וועגן דעם צירק צו אַלע שכיינים:

— איך זאָג אייך, עס איז מאַמעש גאָטס וואונדער, עמעסע ניסים. ערשטנס

איז דאָרט אַזוי ליכטיק — נאָר ווי פון עמעסע זונען. צווייטנס — די קלעזמאָרים — זייער שפּילן, ווי אַף גווירישע כאַסענעס. ערשט די קונצן־מאַכערס אַליין — נו־נו, נאָר ווי וואָרע מאַלאָכים מיט פליגל...

די מאַמע האָט געגלויבט בעעמונעס שעליימע, אַז די אַלע כידושים און די גוואורעס, וואָס די קונצן־מאַכערס האָבן דאָרט באַוויזן, זענען גאָטס ניסים און אַז גאָטס מאַלאָכים היטן אָפּ די וואָס גייען אַף שטריק, אָדער פאָרן אַף די רייט־וועגעלעך אינדערהויך, העט אויבן אונטערן הימל מאַמעש...

דעם טאַטן האָט שטאַרק האַנאָע געטאָן פון דער מאַמעס פרייד און ער האָט איר צוגעזאָגט, אַז ווען עס וועט אים, מערטשעם, געלינגען אויסצוגעפינען דעם סאָד פון מאַכן דעם זאַמד־זייף, וועט ער זי ווידעראַמאָל נעמען אין צירק אַריין.

עס איז אָבער דער מאַמען, זעט אויס, נישט באַשערט געווען. עטלעכע טעג נאָך איר באַזוך אין צירק, איז זי שטאַרק פאַרשלאָפט געוואָרן און דער דאָקטער האָט געזאָגט, אַז עס זעט אויס ווי טיפוס...

דער טאַטע איז געווען ווי אַ פאַרלוירענער. עס איז אים שוין אין קאָפּ נישט געלעגן צו עקספּערימענטירן מיט דעם זייף און ער האָט עס אָפּגעלייגט ביז די מאַמע וועט צוריק געזונט ווערן. אַ כוץ דעם האָט ער פּאָשעט מוירע געהאַט, אַז די מאַמע וועט אים דערגיין די יאָרן מיט טאַינעס, אַז ער האָט זי געבראַכט צו אַן אַוויירע און אַז דאָס האָט גאָט זי געשטראָפט פאַר גיין אין צירק אַריין...

ער איז דעריבער שטאַרק איבעראַשט געווען, ווען די מאַמע האָט נישט נאָר קיין טאַינעס נישט געהאַט צו אים, נאָר האָט, פאַרקערט, איידער די גאַנץ הויכע היץ איז צוגעטראָטן, געהאַלטן אין איין דאַנקען און לויבן גאָט, זאָגנדיק:

— ריבוינע־שעל־אוילעם, באַשאַפער פון דער וועלט, איך דאַנק דיר וואָס דו האָסט מיך מעזאַקע געווען צו זען דיינע גרויסע וואונדער אין צירק, איידער דו נעמסט צו ביי מיר מיין נעשאָמע!...

דעם ערשטן מאָל ווען דער טאַטע האָט געהערט די רייד דער מאַמעס, האָט ער געמיינט, אַז זי רעדט שוין פון היץ. ער האָט זיך אָבער איבערצייגט אַז זי מיינט עס טאַקע אַזוי, ווען זי האָט שוין שפּעטער, נאָכדעם ווי זי איז צוריק געזונט געוואָרן, נאָך אַלץ נישט אויפגעהערט דאַנקען און לויבן גאָט פאַר דעם כעסעד, וואָס ער האָט איר אָנגעטאָן צו זען זיינע אַזעלכע גרויסע וואונדער...

דער טאַטע — האָבנדיק פאַרנאַכלעסיקט די עקספּערימענטן איבער דער מאַ־מעס קראַנקהייט — האָט זיך ווידער גענומען צום קאָכן דעם זאַמד־זייף, אָבער עס איז שוין סיי ווי סיי געווען אומזיסט. יענעם פרייטיק, ווען ער איז אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, איז ער געווען בלאָס און פאַרכמורעט. די מאַמע האָט גלייך דער־קענט אַף אים, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק און אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז ווידער געשען? וואָס ביסטו אַזוי פאַרזויערט?...

— גאָרנישט, — האָט דער טאַטע עס פּראָבירט צו נישט מאַכן, — עס מוז זיך דיר אָוואָדע אויסדאַכטן...

— וועסט מיך נישט נאַרן, — האָט זי געזאָגט, — איך זע דאָך, אַז עס איז יאָ עפּעס...

דער טאַטע האָט איר אַלץ נישט געוואָלט זאָגן. די מאַמע האָט אָבער דער־קלערט, אַז אויב ער זאָגט איר נישט, וועט זי נישט בענטשן קיין לעכט לעקאָוועד שאַבעס, האָט ער ערשט נאָכגעגעבן און געזאָגט:

— איטשע גוטראָט, ער האָט מיך אָפּגעשאַפט פון דער אַרבעט און אויף מיין אָרט צוגענומען דעם געלן לייבושן...

די מאַמע איז געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע:

— הערסטו, — האָט זי געזאָגט, — ווען עס איז איצט נישט ערעוו שאַבעס, וואָלט איך געזאָגט וואָס איך ווינטש אים. איך וויל אָבער נישט לעקאָוועד שאַבעס אומריין מאַכן מיינע ליפּן מיט אַ שלעכט וואָרט...

זי האָט פונדעסטוועגן באַרואיקט דעם טאַטן, אַז ער זאָל זיך נישט נעמען צו שטאַרק צום האַרצן און אַז דער ריבוינע־שעל־אוילעם, וועלכער האָט אונדז נישט פאַרלאָזט ביז איצט, וועט אונדז אַוואַדע ווייטער אויך נישט פאַרלאָזן...

זי האָט אָנגעטאָן אַ ציכטיק וויס קאָפּטל און אַ וויס זיידן קאָפּ־טיכל, און זיך געשטעלט אָנצינדן די שאַבעס־לעכט. איר אויסגעבלאַסט מאָגער פּאָנים פון דער נאַר־וואָס דורכגעמאַכטער קראַנקהייט, האָט געלויכטן פונעם אָפּשיין פון די פלע־מעלעך און זי האָט אויסגעזען ווי אַ הייליקע. זי האָט גענומען בענטשן די לעכט, פאַרדעקט די אויגן מיט אירע הענט און געזאָגט איר טפילע. ווען זי האָט צוריק אַראָפּגענומען די הענט פון די אויגן, האָבן זיך אין זיי נאָך געזען פינקלדיקע טרערן, וואָס זי האָט פאַרגאָסן אַז קיינער זאָל נישט זען...

מיר, איך און דער טאַטע, זענען אַוועק אין שול מעקאַבל שאַבעס זיין. ווען מיר זענען צוריקגעקומען, האָט די מאַמע — אַ פריילעכע, ווי עס וואָלט גאָרנישט געשען — דערלאַנגט צום טיש די שאַבעסדיקע מאַיכאָלים און האָט איבערן גאַנצן טאָג נישט געלאָזט אַ וואָרט אויסרעדן וועגן טאַטנס פאַרלוירענער שטעלע.

עטלעכע וואָכן זענען פאַרביי און דער טאַטע האָט קיין אַנדערע שטעלע נישט געקאָנט געפינען. ער איז וואָס אַ טאָג געוואָרן אַלץ מער פאַרצווייפלט און גע־האַלטן אין איין מורמלען:

— וויי־צע, וויי־צע, איצט קומט אויס כאָטש פון בריק אין וואַסער אַריין...

די מאַמע האָט אים אָבער שאַרף אויסגערעדט:

— זעט נאָר ווי דאָס נעמט זיך אַוועק דאָס לעבן! וואָס איז, איטשע גוטראָט איז אַ גאָט, צי וואָס? אַזוי ווי דו האָסט, קענעהאָרע, געלעבט איידער דו האָסט אים געקענט, אַזוי וועסטו, מיט גאָטס הילף, ווייטער לעבן. האָב נאָר ביטאָכן!...

ווידער זענען אַוועק אַ פּאָר וואָכן פון זוכן און פרעגן, אָבער קיין שטעלע האָט זיך אַלץ נישט געמאַכט. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז אין זיין פאַך צו קריגן אַ שטעלע, דאַרף מען וואַרטן ביז אַ זייף־מייסטער וועט, כאָלילע, שטאַרבן...

די מאַמע איז רעכט בייז געוואָרן:

— גאָט מיינער, וואָסערע רייד דער איד רעדט! אָט האָט דאָך דער גאָלער לייבוש געקראָגן אַ שטעלע, כאָטש דו לעבסט און ביסט געזונט, קענעהאָרע! דו זיי נאָר נישט פאַראיעשט און גאָט וועט שוין אָוודע העלפן!...

אין הויז איז געוואָרן אַלץ ערגער און שווערער. די פּאָר רובל, וואָס דער טאַטע האָט געהאַט אָפּגעשפּאָרט, זענען שוין אַוועק און ער האָט געדאַרפט פאַר־זעצן געוויסע זאַכן, צו קאָנען געבן דער מאַמען אף שאַבעס צו מאַכן...

אָבער אָט, ווען עס האָט זיך שוין געדאַכט, אַז דער הימל איז בעעמעס צו דער ערד געפאַלן, איז דער טאַטע איינמאָל אין אַן אָוונט אַהיימגעקומען פון גאַס און דערציילט דער מאַמען, אַז ער האָט געקראָגן אַ נייע שטעלע.

די מאַמע האָט פון פרייד אַזש אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— נו, זעסט כאָטש, — האָט זי געזאָגט, — אַז מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל און ער וועט אונדז נישט פאַרלאָזן...

דער טאַטע איז אָבער דאָך געווען פאַרכמורעט און פאַרזאָרגט. די מאַמע האָט עס באַלד דערקענט אף אים און גלייך אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז? זאָג מיר פאַרוואָס זעסטו אויס אַזוי טישעבאָוועדיק?...

— אַי, ס'איז גאָרנישט, — האָט דער טאַטע, ווי זיין שטייגער, אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — איך וויס נישט, נאָר עפּעס פרייט מיך נישט די נייע שטעלע. עפּעס איז מיר נישט צום הארצן צו וואַלגערן זיך אין דער פרעמד...

ער האָט דערציילט דער מאַמען, אַז די נייע שטעלע איז אַזש ביי טשענסטאַ־כאָוו, עטלעכע שאָ רייזע פון וואַרשע, און אַז דער זייף־זידער, וואָס האָט פריער דאָרט געהאַט געאַרבעט, איז די טעג פּלוצים געשטאָרבן...

— פאַרשטייסט, — האָט ער טרויעריק צוגעגעבן, — עס איז געשען אַן אומ־גליק. ער איז אַריינגעפאַלן אין קעסל זייף אַריין און אָפּגעקאָכט געוואָרן...

— אוי, אַ ווייטיק איז מיר! — האָט די מאַמע אַ קוויטש געטאָן, — נישט דאָ געדאַכט, נישט פאַר קיין אידן געדאַכט! ווי אַזוי? וואָס?...

אַ צעקלעמטער האָט דער טאַטע דערציילט, אַז דאָס איז אַ קליין פאַבריקל, וואו מען קאָכט דאָס ראָוו אַ האַלבן, אָדער אַ פערטל שטאָרץ זייף. האָט דער מייס־טער זיך עטוואָס אַריבערגעבויגן איבערן שטאָרץ, אַנצוגעמען אף דער לאָפּעטקע אַביסל זייף, קעדיי צו זען ווי עס האַלט מיטן קאָכן, האָט ער זיך נעבעך אַ גליטש געטאָן איבערן אָנגעזייפטן ראַנד פונעם שטאָרץ, פאַרלוירן דעם אָנהאַלט און איז אַריינגעפאַלן אין זודיקן זייף אַריין. ווען מען איז אָנגעלאָפן אף זיין געשריי, האָט מען אים שוין נישט געקאָנט געפינען, נאָר אַרויסגעשלעפּט די שטיוול...

דער טאַטע האָט אַ וויש געטאָן די אויגן און ווייטער דערציילט:

— דער ראָוו פונעם שטעטל האָט געפּאַסקנט, אַז מען זאָל דעם גאַנצן קאָך זייף מעקאַבער זיין אפן בעסוילעם לויטן אידישן דין און...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, דער טאַטע. אויך די מאַמע האָט מער קיין וואָרט נישט גערעדט און, אַ שווייגנדיקע, אים דערלאַנגט די וועטשערע. מען האָט אָבער

געקאָנט זען, אַז דער טאַטע וואַרגט זיך מיטן עסן איבער די טרערן, וואָס זענען אים געראָנען פון די אויגן און געשטיקט אין האַלדז.

אַף צומאָרגנס האָט די מאַמע אים געגומען טרייסטן און באַרויקן:

— מיילע, — האָט זי געזאָגט, — עס איז יענעם איד, נעבעך, באַשערט געווען צו האָבן קורצע יאָרן און אומקומען מיט אַזאַ טויט, נישט דאָ געדאַכט. דאָס מיינט אָבער נישט, אַז יעדער זייף־זידער דאַרף כאַלילע אומקומען אַף אַזאַ אופן. אָט, גייען דאָך יעדן טאָג די קוילן־גראָבער אַראָפּ אין די שאַכטעס און קומען, מיט גאָטס הילף, צוריק גאַנץ און שטאַרק. אַנדערע, ווידער, שטאַרבן גאָר אין די איי־גענע בעטן, אָדער קומען אום פון אַ ציגל וואָס פאַלט אַראָפּ פון אַ מויער...

דער טאַטע האָט אַ צעשפּרייט געטאָן די הענט און געזאָגט:

— צוריקגעשמועסט, האָב איך דען אַן אַנדערע ברירע? נו, מיסטאָמע וועט מיר גאָט העלפן!...

אַז עס איז געקומען די צייט ווען דער טאַטע האָט געדאַרפט אַוועקפאָרן קיין טשענסטאָכאָוו, אַף זיין נייער שטעלע, און זיך גענומען געזעגענען מיט אונדז, בין איך, איך ווייס נישט פאַרוואָס, פּלוצים אַ פאַל־צו געטאָן צו אים, האָב אים אַרומגעכאַפּט ביי די פיס, גענומען קושן זיינע צעשטשערבעטע, פון לויג־צע־פרעסענע הענט, און זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעוויינט:

— פאָר נישט, טאַטע, — האָב איך געבעטן, — פאָר נישט! איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט זיין אַ זייף־זידער! איך וויל נישט! פאָר נישט!...

די מאַמע, קוקנדיק אַף מיר, האָט זיך אויך שטיל צעוויינט...

דאָס ערשטע און עפּשער דאָס איינציקע מאָל וואָס איך האָב געזען די מאַמע זאָל קושן דעם טאַטן, און איך האָב זיך פאַרשעמט. זי האָט אים באַגלייט צו דער טיר, אַ כאַפּ געטאָן זיין האַנט און מיטאַמאָל, ווי אַ שעמעוודיק קאַלע־מיידל, זיך צוגעבויגן צום טאַטן און אים אַ קוש געטאָן אין באַק אַריין:

— פאָר געזונט, — האָט זי מיט טרערן ווי אויסגעשטאַמלט, — און גאָט זאָל דיך באַשיצן און באַשירעמען פון אַלדאָס בייז און שלעכטס!...

און אַזוי גיך ווי ער איז נאָר געווען אינדרויסן, אַף דער צווייטער זייט טיר, האָט זי זיך אַ וואָרף געטאָן אַף איר בעט און גענומען כליפּען:

— ריבוינע־שעל־אוילעם, האַרציקער פאָטער, האָב ראַכמאָנעס אַף מיר, אַף מיינע קינדער און אַף מיין מאַן! שיק דיינע הייליקע מאַלאָכים אַז זיי זאָלן אים אָפּהיטן פון אַן אומגליק, כאַלילע!... צעשטעל דיינע מאַלאָכים אַרום אים, אַרום זיין גוף, אין אַלע זייטן: מימינוי — מיכאָאייל, מיסמוילוי — גאַווריאייל, מעאַכוירוי — רעפאָאייל, און וועאַל רוישוי — שכינאָס־איל, אָמיין סעלאָ!...

נאָכן טאַטנס אַוועקפאָרן איז אין הויז געוואָרן פּוסט און טרויעריק. כאָטש די מאַמע האָט זיך געפּלייסט נישט אַרויסצואווייזן איר בענקשאַפט פאַר אונדז, קינדער, האָט מען דאָך קלאָר געשפּירט, אַז זי גייט אויס ווי אַ לעכט. ביי דער קלענסטער דערמאָנונג וועגן טאַטן האָט זי גענומען ווישן די אויגן און מורמלען

מיטן מויל אַ טפילע. אַ קלאַפּ אין דער טיר — און זי איז אויפגעשפרונגען אין איין צאַפּלעניש, אַז טאָמער קומט מען איר איצט אָנזאָגן אַ שלעכטע בסורע, כאָ־לילע. פאַר די שכיינים פלעגט זי זאָגן:

— גלייבט מיר, אַז ווען ער וואָלט דאָ געקאָנט קריגן אַ שטעלע די ערד צו גראָבן און פאַרדינען אַף טרוקן ברויט, וואָלט איך עס פאַר מער ליב גענומען, איידער ער זאָל זיין אין דער פרעמד אַ זייף־זידער און פאַרדינען אויצרעס...

די ערשטע פאָר וואָכן פלעגט דער טאַטע אַהיימקומען יעדן פרייטיק אין אָוונט פאַר לעכט־צינדן, און איז געבליבן אַף איבער שאַבעס ביז נאָך האַוודאָלע. די מאַמע איז דאַן געווען אַ לעבעדיקע, אויפגעהייטערטע, און עס האָט זיך געדאַכט, זי וועט זיך צעזינגען אָדער צעטאַנצן פאַר פרייד בעאייס ער איז אַריינגעקומען. לעקאָוועד דעם טאַטן פלעגט זי זיך אויספּוצן אין די שענסטע, נעט־געפּרעסטע בלוזקעס וואָס זי האָט פאַרמאָגט, און איר פּאָנים האָט זיך דאַן ביי איר צערויטלט מיט כיין. אָבער די רייזעס הין און צוריק זענען פאַרן טאַטן געוואָרן אַלץ שווערער און שווערער, דער איקער צו ווינטער צו, ווען די טעג זענען געוואָרן קלענער, ביז עס איז פאַר אים געוואָרן אומעגלעך צו קאָנען אָנקומען אַהיים באַצייטנס פאַר לעכט־בענטשן, און ער האָט אויפגעהערט קומען.

די מאַמע האָט אָבער געמאַכט שאַבעס פּונקט ווי דער טאַטע וואָלט יאָ געווען אינדערהיים. אָבער אנשטאָט דעם טאַטן, האָב איך — ווי דער עלטסטער זון — שוין געדאַרפט פראַווען דעם טיש, מאַכן קידעש און האַוודאָלע פאַר דער מאַמען, און איר געבן זופן אַביסל ווייַן פון מיין זילבערנעם וויין־בעכערל. אָפּטמאָל, האָב איך באַמערקט, האָט זי אַריינגעטריפט אַ פּאָר טרערן־טראָפּנס אין בעכערל אַריין...

דער איניען פון טיש־פראַווען איז מיר שטאַרק געפעלן. איך — אַ אינגל פון עפּעס מער ווי ניין יאָר — האָב זיך געפילט שטאָלץ און וויכטיק פון די אַלע פאַר־אַנטוואָרטלעכע זאַכן, און זיך אָנגעהויבן באַטראַכטן פאַר אַ גרויסן. איך האָב אַפילע אָנגעהויבן האַנדלען בענויגייע מיינע אינגערע ברידער ווי אַ טאַטע און געפאָדערט דערעך־ערעץ צו זיך. די מאַמע האָט מיר גראָד צוגעהאָלפן אין דעם. זי האָט אָנ־געזאָגט די קינדער, אַז קאָל־זמאַן דער טאַטע איז נישטאָ אין הויז, דאַרפן זיי מיר אָפּגעבן קאָוועד און מיך פאָלגן...

איך האָב אָנגעהויבן פילן, אַז אַ בכאָר צו זיין האָט עפּעס די ווערט...

* * * * *

# דער דאָקטער איז געקומען

מײַן שוועסטערל איז שטאַרק פֿאַרשלאָפֿט געוואָרן און מען האָט צו איר גערופֿן דעם פֿעלדשער מאַרקעוויטש — דעם אָנגעבלאָזענעם דײַטש — ווי מען האָט אים אין דער געגנט גערופֿן. ער איז געווען אַ הויכער און שטאַלטנער, אָבער אַזאַ מיעסער, מיט אַ פּנים און נאָז פֿול מיט גרויסע, שוואַרצע וואָרצלען, וואָס האָט מאַמעש אָנגעוואָרפֿן אַ פּחד אויף די קראַנקע, בעאייס ער האָט זיי באַטראַכט און באַהאַנדלט. מען פֿלעגט זאָגן, אַז פֿון בלויז שרעק אַליין צו קוקן אויף אים, זענען די קראַנקע געזונט געוואָרן.

אַז עס זענען פֿאַרבײַ עטלעכע טעג און דעם קינד איז אַלץ נישט בעסער גע־וואָרן, נאָר האָט אַלץ געברענט אין היצער היץ, האָט דער פֿעלדשער געראָטן דער מאַמען, אַז מען זאָל צום קינד רופֿן דעם דאָקטער קנאַסטער.

דער דאָקטער קנאַסטער איז אין דער אידישער אָרעמער געגנט געווען באַ־רימט פֿאַר אַ זייער גרויסן דאָקטער. מען פֿלעגט וועגן אים זאָגן, אַז פֿריער גאָט און דערנאָך ער, — האָט מאַמעש געמאַכט פֿון טויט לעבעדיק. און כאָטש ער האָט זיין גאַנצע פּראַקטיק געהאַט קימאַט דורכאויס צווישן דער אָרעמער אידישער באַ־פֿעלקערונג, איז ער דאָך געווען, ווי מען האָט געשמועסט, שטיין רייך, און איז געפֿאָרן צו זיינע וויזיטן אויף אַן אייגענעם קעטשל מיט אַ ליוורירטן קוטשער און מיט צוויי פֿערד. מענטשן פֿלעגן אַזוי ציטערן פֿאַר אים, אַז מען האָט אים פּאַשעט מוירע געהאַט עפּעס איבערצופֿרעגן. און ער אַליין האָט זיך באַצויגן צו דער אָרעמשאַפֿט מיט גרויס כוצפּע. אָפֿט פֿלעגט ער זידלען און אָפּשפּעטן פֿון די אָרעמע מענטשן צו וועלכע ער פֿלעגט קומען, גערופֿן זיי „בידלאָ״, וואָס דאָס מיינט „בעהיימעס״, און געזאָגט, אַז וואָס גיכער זיי וועלן אויסשטאַרבן, אַלץ בעסער וועט זיין פֿאַר דער וועלט. די אָרעמשאַפֿט האָט אָבער שטאַרק געהאַלטן פֿון אים און, אין אַן אייס־צאָרע, ווען דער פֿעלדשער האָט שוין נישט געקאָנט העלפֿן און געראָטן רופֿן דעם דאָקטער, — האָט מען גענומען פֿונעם לעצטן, אָדער געליען באַ שכיינים, אויב נויטיק, קעדיי צו קאָנען באַצאָלן דעם דאָקטער די פֿינף רובל, וואָס ער האָט גערעכנט פֿאַר אַ וויזיט.

דער טאַטע — שוין צוריק ביי גוטראַטן אין פֿאַבריק — איז גאַנץ פֿרי, פֿאַרן גיין צו דער אַרבעט, אַוועק צום דאָקטער, וועלכער האָט געוואוינט אויף ביעליאַנסקע גאַס, און יענער האָט צוגעזאָגט קומען צו אונדז אַרום נאָך האַלבן טאָג.

ווען דער טאַטע איז צוריקגעקומען פֿון אים, האָט ער דערציילט, אַז יענער

איז באַשטאַנען, ערשטנס, אַז ער זאָל אים טייקעף, בעאייסן באַשטעלן, באַצאָלן אין פאָרויס פאַרן וויזיט און, צווייטנס, אַנגעזאָגט, אַז עמעצער זאָל אומבאַדינגט וואַרטן אַף איםביים טויער פונעם הויז וואו מיר וואוינען, קעדיי ווען ער וועט קומען צו פאָרן, זאָל מען אים גלייך אַריינפירן צו אונדז אין דער דירע, אַזוי אַז ער זאָל אונדז נישט דאַרפן זוכן:

— אויב עס וועט קיינער נישט זיין ביים טויער, — האָט ער גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט דעם טאַטן, — וועל איך גלייך אָוועקפאָרן און עס וועט אייך סיי ווי סיי גערעכנט ווערן פאַרן וויזיט...

דער טאַטע האָט יענעם טאָג נישט געקאָנט בלייבן אין דער היים, ווייל ער האָט גראַד דעמאָלט געדאַרפט קאָכן אַ שטאַרק זייף. די מאַמע, ווידער, האָט געמוזט זיין ביים קראַנקן קינד און נישט געקאָנט אַרונטערגיין צום טויער. האָבן זיי דעריבער באַשלאָסן, אַז איך — דעמאָלט אַ אינגל פון אַ יאָר צען, ווען איך וועל אַהיימקומען אַף איבערבייס, — זאָל יענעם נאָכמיטיק שוין נישט צוריקגיין אין כיידער אַריין, נאָר זאָל שטיין ביים טויער צו וואַרטן אַף דאָקטער קאָנאָסטער.

דאָס איז געווען אין מיטן ווינטער, און דער שניי איז געלעגן צעשפרייט וואו נאָר דאָס אויג האָט געגרייכט. דער טאָג איז געווען אַ פראָסטיקער און אַ ווינטי־קער. עס האָט מאָמעש געריסן שטיקער, גייענדיק איבערן ריזיקן הויף וואו מיר האָבן געוואוינט. „די שטולן־פאַבריק״, ווי דער הויף פון געגנשע נומער 30 איז באַקאַנט געווען, איז געווען אַ גרויסער און לאַנגער, וואָס האָט זיך געצויגן אַף אַ לענג פון עפּשער דריי גאַסן, און געהאַט עטלעכע פאַבריק־געביידעס און מויערן מיט דירעס. די מויער, אין וועלכער מיר האָבן געוואוינט, איז געשטאַנען אין צווייטן עק פון דעם לאַנגן הויף און מען האָט זי קוים אָנגעזען איבער דעם שניי־פוך, וואָס דער ווינט האָט געהאַלטן אין איין פאַנאַנדערבלאָזן...

נאָכמיטיק, באַלד ווי איך האָב אָפּגעגעסן, האָט די מאַמע מיך וואַרעם אָנ־געטאָן, מיט אַ באַשליק איבער די אויערן, קאַלאָשן אַף די פיס, און וואָלענע הענטשקעס אַף די הענט. זי האָט מיר אויסגעמאָלט ווי דער דאָקטער זעט אויס און מיך געשיקט צום טויער, וואַרטן אַף זיין אָנקומען:

— זע־זשע, — האָט זי מיר שטרענג אָנגעזאָגט, — אַז זאָלסט זיך, לעמאַן־האַשעם, נישט פאַרשפּילן און פאַרקוקן. זאָלסט שטיין ביים טויער מיט אָפענע אויגן און אַז וועסט זען צופאָרן אַ בריטשקע, אַ דראָשקע אָדער אַ שליטן, זאָלסטו צוגיין און פרעגן: „טשי פאַן יעסט דאָקטאַר קאָנאָסטער?...״

זי האָט מיר געגעבן צוויי גראָשן, אַז איך זאָל זיך קויפן אַ צוקערל, עס זאָל מיר נישט זיין „סקוטשנע״ צו שטיין און וואַרטן...

אַ פריילעכער, אונטערטאַנצנדיקער אין שניי, בין איך אָוועק צום טויער און זיך געלאָזט גיין קויפן צוקערלעך. אָבער שוין זייענדיק באַלד ביים טויער, איז מיר אָנטקעגנגעשפרונגען אַ גרויסער הונט, וואָס האָט פאַר מיר — אַ אידיש קינד, וואָס האָט מוירע פאַר הינט — אויסגעזען ווי אַ לייב, נאָר איינצושלינגען

מיך. איך האָב אַ געשריי געטאָן און געוואָלט אַנטלויפן. אָבער דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אין דעם פּאָסיק, וואָס דער רעבע, רעב פּראָיעם־בער, האָט אונדז גע־לערנט צו נוצן אין אַזאַ פאַל, און איך האָב פרום גענומען זאָגן דריי מאָל:

— „אָכיכאָ סאָשיך, נאָכרי לאָי סאָשיך!" (דיין ברודער זאָלסטו בייסן, קיין פרעמדן זאָלסטו נישט בייסן).

און וואונדער איבער וואונדער, עס האָט טאַקע געהאָלפן. דער הונט איז אָפּ־געטראָטן פון מיר מיט אַ ברייטן גענעץ.

דאָס איז שוין געווען דער צווייטער פאַל, וואָס איך האָב זיך איבערצייגט, אַז פּסוקים העלפן. אַנומלטן, ביים עסן פיש, איז מיר אין האַלדז געבליבן שטעקן אַביינדל. איך האָב, ווי דער רעבע האָט אַמאָל געראָטן, צוגעלייגט צום שטערן אַ צוויט ביינדל, געזאָגט דריי מאָל הין און צוריק דעם פּאָסיק: „כאַד כאַד נאָכיץ באַלאָ, באַלאָ נאָכיץ כאַד כאַד, כאַד כאַד נאָכיץ באַלאָ", און עס האָט אויך גע־האָלפן. מיך האָט איצט בלויז געכידעשט, פאַרוואָס איז נישטאָ קיין פּאָסיק צו זאָגן אַף געזונט צו ווערן און נישט דאַרפן קיין דאָקטער...

סיי ווי סיי, איך בין אָפּגעשטאַנען ביים טויער אַוואָדע אַ צוויי שאָ. איבער דער צייט זענען צום טויער צוגעפאָרן עטלעכע דראָשקעס, בריטשקעס און שליטנס. באַלד ווי איינע האָט זיך נאָר אָפּגעשטעלט, בין איך גלייך צוגעלאָפן מיט מיין איינגעכאַזערטער פראַגע:

— טשי פאַן יעסט דאָקטאָר קנאַסטער?...

ענדלעך, עס האָט שוין אָנגעהויבן טונקל ווערן און דער פראָסט האָט זיך אויך גענומען שטאַרקן, איז צום טויער צוגעפאָרן אַ שיינער שליטן. דאָסמאָל בין איך שוין זיכער געווען, אַז דאָס איז דער דאָקטער. איך האָב דאָס געדרונגען דערפון, וואָס דער פּאָסאַזשיר אין שליטן איז געווען אַ דיקער פאַרשוין מיט אַ שוואַרצן גלאַנציקן צילינדער־הוט אַפן קאָפּ, און מיט אַ גרויסן געלן פוטער־קאָלנער אַף זיין מאַנטל. ער איז אַרויס פונעם שליטן, עפּעס אַ זאָג געטאָן דעם קוטשער און זיך גענומען אַרומקוקן, ווי ער וואָלט געזוכט עמעצן. איך בין מיט אַ ציטערדיק האַרץ צוגעטראָטן צו אים און אויסגעשאָסן מיין פּיזמען:

— טשי פאַן קנאַסט, דאָקטאָר יעסטער?...

דער דאָקטער — אַ טרוקענער און שטייפער — האָט אַ שמייכל געטאָן און מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן אַראָפּ, אַז איך האָב אַזש גענומען ציטערן פון שרעק:

— טאַק, יאַ יעסטעם דאָקטאָר קנאַסטער, — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ער האָט מיך געפרעגט אַף פּויליש, צי איך בין פון דער פאַמיליע, וואָס האָט אים גערופן צו אַ קראַנק קינד און, נאָך איידער איך האָב באַוויזן אים צו ענטפערן, האָט ער אַ הייב אויף געטאָן זיין שוואַרצן שטעקן מיטן זילבערנעם הענטל, אַ וויז אָן געטאָן מיט אים אַף פאָרויס, און באַפוילן:

— מאַרש! גיי און פלאָנטער זיך מיר נישט אונטער די פיס!...

איך האָב זיך דערשראָקן און שוין געוואָלט אַנטלויפן. אָבער ער האָט מיך

אַ פאַרהאַלט געטאָן מיטן זילבערנעם הענטל פון שטעקן און מיר אַ זאָג געטאָן, אַז איך זאָל גיין פאָרויס פון אים און אים ווייזן וואו מיר וואוינען.

בין איך געגאַנגען פאָרויס, אפן אויסגעטראָטענעם שטעגל אין שניי, און ער — הינטער מיר. ווען מיר זענען שוין געווען אָפּגעגאַנגען אַרום אַ העלפט וועג, האָט ער מיך ווידער אַ פאַרהאַלט געטאָן מיטן הענטל פון שטעקן, און זיך גענומען בייזערן אף מיר:

— אַזוי ווייט?!... וואו איז עס, צו אַלדע טייוול?!...

איך האָב מיט דער האַנט אַ ווייז געטאָן אף דער מויער, אין וועלכער מיר האָבן געוואוינט און פון וואַנען עס האָבן זיך שוין דורך די פענצטער געזען אָנ־געצונדענע לאָמפּן.

— פשאַ־קרעוו! — האָט ער גענומען שרייען אף מיר, — פאַרוואָס האָסטו מיר פריער נישט געזאָגט אַז עס איז אַזוי ווייט אין הויף? איך וואָלט דאָך געקאָנט הייסן דעם קוטשער אַריינצופאָרן מיטן שליטן אַהינצו...

איך האָב אים געוואָלט ענטפערן, אַז ווען איך וואָלט אַפילע עס אים יאָ גע־וואָלט זאָגן, האָב איך עס נישט געקאָנט, ווייל ער האָט מיר נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו רעדן, און גלייך גענומען גיין. איך האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט צו אים, ווייל איך האָב פּאָשעט מוירע געהאַט דאָס מויל צו עפענען...

אַז מיר זענען שוין געווען לעבן דעם קאָרידאָר־אַריינגאַנג פון הויז, האָט דער דאָקטער מיך ווידער פאַרהאַלטן מיטן שטעקן און אַ פרעג געטאָן:

— העי, אינגל, וואו איז דאָ ערגעץ דער אָפּטריט ביי אייך?...

איך האָב אים אָנגעוויזן מיט דער האַנט אף דער קליינער געביידע, וואָס איז געשטאַנען באַזונדער, אָפּגערוקט אף עטלעכע צענדליק טריט פון גרויסן הויז. ער האָט אַ בויג געטאָן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, ווי צו כאַפּן אַ בליק ווי דאָס זעט אויס און, פאַרקרימענדיק זיך, אַ ברום געטאָן:

— פשאַ־קרעוו, טאַם, ווידנאַ, באַרדזאָ שמיערדזשי!... (דאָרט שטינקט).

ער האָט מיך אַ שטויס געטאָן מיטן שטעקן אף פאָרויס, געבנדיק מיר צו פאַרשטיין, אַז איך זאָל גיין ווייטער און אים אַריינפירן צו אונדז אין שטוב.

איך בין אַרויף אפן שטאָק שטיגן, וואו מיר האָבן געוואוינט, האָב פלינק געעפנט די טיר און אים אַריינגעלאָזט אין שטוב אַריין. די מאַמע — אַן אויסגע־פוצטע אין אַ ווייסער בלוזקע און מיט אַ קלאָרן, געפּרעסטן פאַרטעך — האָט אים באַגעגנט מיט אַ כניפּעדיקן „גוטן אָוונט, פּאַניע דאָקטאָזשע” און גלייך אים צו־גערוקט אַ ווינער שטול, ער זאָל זיך צוזעצן.

ער האָט נישט געענטפערט אף דער מאַמעס באַגריסונג, נאָר האָט געלאָסן אויסגעטאָן דעם מאַנטל, אים אַריבערגעלייגט איבערן אַנלען פון דער שטול, אַריינגעשטעלט דעם שטעקן צווישן די שטעקלעך פונעם פלייצע־אָנלען און אויפ־געהאַנגען דעם גלאַנציקן צילינדער אפן הענטל פון שטעקן. דערנאָך האָט ער זיך גענומען עפּעס אַזוי מאָדנע אַרומקוקן איבער דעם צימער, ווי ער וואָלט עפּעס

געזוכט. די מאַמע האָט אָנגענומען, אַז ער זוכט דאָס קראַנקע קינד, און אים שטומערהייט אָנגעוויזן אַפּן בעט וואָס בײַם פענצטער. ער אָבער האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אַהין, נאָר מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן צו דער מאַמען אין זיין געמישטן דייטש־פּוילישן אידיש:

— האָבן זי אַ טאָפּף, קאָביעטאָ?...

די מאַמע האָט אים פאַרכידעשט אָנגעקוקט און נאַאיוו איבערגעפרעגט:

— וואָסער טאָפּ, פּאַניע דאָקטאָזשע, אַ פליישיקן, צי אַ מילכיקן?...

זי האָט זיך געלאָזט גיין צום קיך־אויוון נאָך אַ טאָפּ, אָבער דער דאָקטער האָט גאַנץ גלייכגילטיק אויסגערופן:

— איינעם נאַכט־טאָפּף, מיין איך — אַ יורינאַל!...

די מאַמע איז געבליבן שטיין אין מיטן וועג ווי אַ פאַרלוירענע, געקוקט אַף מיר, ווי זי וואָלט פון מיר דערוואַרט הילף, און מיר אַ זאָג געטאָן:

— גיי, גיב די נאַכט־קיילע דעם הער דאָקטער. ער דאַרף עס מיסטאָמע האָבן פאַרן קינד!...

איך האָב געקראָגן דאָס טעפּל און עס צוגעטראָגן דעם דאָקטער. ער — גאָרנישט זאָגנדיק — האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטן צימער און — אַפילו נישט אָפּקערנדיק זיך פון דער מאַמען — געגומען יורינירן אין טאָפּ אַריין.

די מאַמע, האָב איך געזען, איז געוואָרן רויט ווי אַ פלאַם־פייער און טרערן זענען אָנגעלאָפן אין אירע אויגן. זי האָט זיך אַף גיך אַוועקגעדרייט און מיר דערביי שטילערהייט אַ זאָג געטאָן:

— וואָסער כוצפּע דאָס האָט! גאָר קיין מענטשלעכע כאַרפּע נישט!...

די מאַמע, וועלכע האָט געהאַט אָנגעגרייט אַ ווייסן זויבערן האַנטעך, זייף און אַ שיסל מיט וואַרעם וואַסער — גרייט דעם דאָקטער צו באַדינען, האָט שוין נישט געקאָנט קוקן אַף אים. זי האָט שוין נישט געוואָלט צוגיין נאָענט און דעריבער מיר באַפוילן, אַז איך זאָל דערלאַנגען וואָס ער וועט דאַרפן...

איך האָב אָט דעם גאַנצן איבּיען נישט באַנומען אַף קלאָר. געפילט האָב איך אָבער, אַז זיין האַנדלונג איז געווען אַ כוצפּעדיקע, אַ גרוביאַנישע און אַז ער האָט דערמיט שטאַרק באַליידיקט מיין מאַמען. איך בין אַזוי דערצאָרנט געוואָרן, אַז איך בין יענעם מאָמענט גרייט געווען אַ כאַפּ צו טאָן דעם צילינדער־הוט זיינעם, אַרונטערשמייסן אים אַף דער ערד און אַזוי נעמען טאָפּטשען אַף אים, אַז ער זאָל וויסן אַפּן גאַנצן לעבן זיינעם:

„פאַרוואָס האָט עס אים נישט געפּאַסט אַריינצוגיין אין אָפּטריט אַריין, וואו אַלע מענטשן גייען?" — האָב איך געטראַכט, — „אינדערהיים ביי זיך גייט ער דאָך אַוודע יאָ אַריין..."

איך האָב נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט, אַז ביים דאָקטער אין הויז — ווי ביי אַנדערע רייכע לייט פון זיין שטייגער — זענען פאַראַן אַזעלכע וואַסער־קלאָזעטן, וואָס זענען ריין און האָבן נישט דעם רייעך וואָס אַ געוויינטלעכער אָפּטריט. אָבער

אַפילע מיט יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב דאָס שוין יאָ געוואוסט, האָט מיין פּאַרדראָס זיך נישט געמינערט צו אַזעלכע גאַיוועניקעס. יעדנפאַלס, אין יענעם מאָמענט בין איך גרייט געווען אים מאַמעש אַרויסצוטרייבן פון הויז און אים אַפילע נישט צולאָזן צו מיין קראַנקער שוועסטער...

דער דאָקטער איז צוגעגאַנגען צום בעט וואו מיין שוועסטער איז געלעגן. ער האָט אַ טאַפּ געטאָן איר שטערן, געהייסן זיך געבן אַ ריין־געוואַשן נאָז־טיכל, וואָס ער האָט אויסגעשפּרייט אף איר האַרץ, און צוגעלייגט זיין אויער דערצו. דערנאָך האָט ער מיט אַ האַנט, ווי מיט אַ העמערל, געקלאַפּט איבער איר קער־פּערל און גענומען פאַרשרייבן אַ רעצעפּט, זאָגנדיק דערביי דער מאַמען:

— געבן דריי מאָל אין טאָג צו עס־לעפל. און אויב עס וועט איר נישט בעסער ווערן אין צוויי טעג, וועט מען זי מוזן נעמען אין שפּיטאָל אריין!

די מאַמע האָט זיך אָפּאָנים שטאַרק דערשראָקן פון זיין לעצטער באַמערקונג און אַזש גענומען וויינען:

— וואָס איז דעם קינד, פּאַניע דאָקטאָזשע? — האָט זי, נישט קוקנדיק אף אים, מיט אַ געבראָכן געמיט געפרעגט דעם דאָקטער.

ער האָט דערויף נישט געענטפערט, נאָר בלויז איבערגעכאַזערט ווי אַזוי צו געבן דעם קינד די פאַרשריבענע מעדעצין.

דער דאָקטער איז אַוועק, מורמלענדיק עפּעס ווי „אַ גוטע נאַכט”. ער האָט בלויז, בעאייסן אָנטאָן דעם מאַנטל און דעם צילינדער, אַ קוק געטאָן אף דער מאַמען מיט עפּעס אַזאַ אויבנאויפיקן בליק, אַ כאַפּ געטאָן דעם שטעקן און זיך אין געאייל אַרויסגערוקט, נישט פאַרמאַכנדיק די טיר אַפילע הינטער זיך.

אַזוי גיך ווי איך האָב נאָר צוגעמאַכט די טיר נאָכן דאָקטער, האָט די מאַמע אַ קוק געטאָן אף מיר, בייז אויסגעשפּיגן און צעווייטיקט געזאָגט:

— טפו זאָל ער ווערן! און דאָס הייסט אַ דאָקטער און גייט נאָך היילן מענטשן!... צו פערד וואָלט מען אַזעלכן נישט געדאַרפט צולאָזן, אף מיין וואָרט!... ריסטאָקראַטן, אַ ריס זיי אין די לייבער! דאָס געלט אונדזערס נעמען זיי, אָבער קוקן קוקן זיי אף אונדז ווי אף בעהיימעס, טפו זאָלן זיי ווערן!...

פון גרויס קרענקונג האָב איך אַזש אָנגעהויבן צו וויינען...

* * * * *

# איך גיי אונטערן מעסער

ביי אונדז אין הויז זענען די הויצאָעס געוואָרן גרעסער. די קינדער זענען אונטערגעוואַקסן און מען האָט שוין מער נישט געקאָנט וואוינען אין איין צימער. סכאַר־לימעד האָט דער טאַטע געדאַרפט צאָלן פאַר דריי קינדער און די סכירעס האָבן נישט געקלעקט. האָט ער גערעדט מיט זיין באַלעבאָס און אים געבעטן אַ הויסאָפע. אָבער רעב איטשע גוטראַט, וואָס פלעגט אין איין זומער פאַרהולטאַיען שיינע טויזנטער אין קאַרלסבאַד, וואו ער איז יעדעס יאָר געפאָרן זיך צאָפּן שמאַלץ, — ער האָט געענטפערט, אַז ער קאָן אים נישט צאָלן אַפילע קיין גילדן מער, ווייל די פאַבריק טראָגט נישט. דערביי האָט ער כיטרע צוגע־געבן, אַז ער האָט נישט קעגן דעם, דער טאַטע זאָל זיך זוכן אַ בעסערע שטעלע מיט מער סכירעס...

אַ פאַרדראָסיקער, צעוויטיקטער, האָט דער טאַטע — נאָכן אָפּזיפצן עטלעכע מאָל זיין „וויי־צע וויי־צע״־לידעלע — זיך מעיאַשעוו געווען מיט דער מאַמען און זי האָט געראָטן, ער זאָל לייען באַ פריינט עטלעכע הונדערט רובל און קויפן אַ שפייז־קרעמל. די מאַמע האָט זיך אונטערגענומען צו שטיין אין דער קראָם און עס אָרויפאַרבעטן, ביז דער טאַטע וועט קאָנען פאַרלאָזן די שטעלע באַ יענעם.

דעם טאַטן איז דער פּלאַן געפעלן. עטלעכע וואָכן שפעטער האָט ער דורך אַ מעקלער אָפּגעקויפט אַ שפייז־קרעמל, צוזאַמען מיט אַ דירע, ערגעץ אויף דער טאָוואַרנע גאַס, און מיר האָבן זיך אַהין אַריבערגעקליבן...

לאַנג זענען מיר אָבער דאָרט נישט געשטאַנען. וואָרים כאָטש דאָס קרעמל — ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן — איז געווען אַ פיינע פאַרנאָסע און די מאַמע האָט זיך קוים געקאָנט אַליין אָפּפאָרען מיט די קוינים, — האָט זי אָבער גלייך אויף דער צווייטער וואָך גענומען איינטאַיגען מיטן טאַטן, אַז ער זאָל זען עס גלייך צו פאַרקויפן, ווייל זי וויל דאָרט מער נישט שטיין...

איך — אַ אינגל פון עפּעס מער ווי צען יאָר אַלט — האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס די מאַמע וויל מער נישט האָבן די קראָם. איך האָב געהערט ווי זי באַ־קלאָגט זיך פאַרן טאַטן, אַז זי וויל נישט האָבן קיין מאַגע־מאַסע מיט אַזעלכע קויגים און וויל אַפילע נישט וואוינען בישכיינעס מיט אַזעלכע הייזער; אַז עס פאַלט איר איין דאָס האַרץ ווען זי שיקט מיך אַהין אָפּטראָגן אַ בייטל סכוירע...

וואָסער מין קוינים, און וואָסער שטייגער הייזער דאָס זענען — האָב איך נישט באַגריפן. קיין כאָווירים, וואָס זאָלן מיר דערציילן וועגן דעם, האָב איך נאָך

דאָ נישט געהאַט. איך האָב בלויז, בעאייסן אַפּטראָגן עפּעס אַהינצו, געזען מאָדנע כצופעדיק־לאַכנדיקע מיידלעך מיט אָנגעפּאַרבטע באַקן און שטאַרק־רויטע ליפּן; גרויסע קאַמען אין די הויך־פּאַרקעמטע האָר, און אָנגעטאָן אין אַזעלכע לייכטע, געבלימלטע קליידלעך, דורך וועלכע עס האָבן זיך דורכגעזען די נאַקעטע פיס. יעדעסמאָל, ווען איך האָב אַהין געבראַכט צו טראָגן אַ בייטל שפּייז, האָט עס אַזאַ מיידל צוגענומען פון מיר ביי דער הינטערשטער טיר און מיר געגעבן עטלעכע גראָשן פאַרן וועג. אין די אָוונטן האָב איך געזען ווי צו אַט די הייזער זענען צוגעפאָרן קאַטשן און דראָשקעס, פון וועלכע עס זענען אַרויס שיין־געקליידטע רייכע מענער, וואָס האָבן זיך, ווי גאַנאָווים, גיך אַריינגעכאַפּט אין איינער פון די פאַראַדנע טירן, לעבן וועלכע עס האָבן געברענט שיינע, ליכטיקע גאַז־לאַמפּן. אָפט האָט זיך פון הינטער די פענצטער מיט די באַהאַנגענע שווערע גאַרדינען געהערט אַ הילכיק געלעכטער און טיילמאָל אַ געשפּיל אויף פאָרטעפּיאַנען. פון די פענצטער אויף די אויבערשטע שטאָקן האָבן זיך דורכגעשלאָגן פיל־קאָלירטע ליכט דורך די פאָרהאַנגען...

דער טאַטע האָט אָפילע נישט געפּרואווט איבעררעדן די מאַמע. ער איז אַוועק צום מעקלער און אים געהייסן קריגן אַ קוינע. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר פאַרקויפט דאָס קרעמל און זיך אַריבערגעצויגן אין רייפס נייעם גרויסן הויף, אויף סמאָטשע נומער 28, אין אַ דירע פון דריי צימערן, אין דער נידער...

מיר איז אָבער געווען אַ כידעש, וואָס פאַרנומען האָבן מיר בלויז צוויי פון די צימערן און דאָס דריטע געהאַלטן ליידיק. ערשט עטלעכע טעג שפּעטער איז עס מיר קלאָר געוואָרן. צוויי מוליאַרעס האָבן אויסגעהאַקט אַ שטיק וואַנט, פון דעם פענצטער געמאַכט אַ טיר און איר צוגעמויערט צוויי צעמענטענע טרעפּלעך צום הויף אַרויס, אַז מען זאָל פון דאָרט קאָנען אַריינגיין.

באַלד נאָכדעם האָט מיין פעטער כּאַים־כּיל, דער סטאָליער, געבראַכט אַ צאָל ברעטער און גענומען צונויפקלאַפּן שאַפעס מיט פּאָליצעס, איינשיט־קעסטלעך פאַר מעל און אַנדערע שפּייזן, און געמאַכט אַ בופעט. דער טאַטע אַליין האָט אין אַ ווייטן ווינקל געמייסטרעוועט אויף אַ קאָסטן אַ ציגל־אויוון, און דערויף איינגע־מויערט אַ קופּערנעם קעסל מיט אַ קראַנטל, אויף צו קאָכן אָקריפּ...

אַז דאָס אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען אונדז אָנגעהויבן צושטעלן פאַרשידענע מינים סכוירעס: זעקלעך מעל, רייז, קאַשעס, בעבלעך, זאַלץ, צוקער, אַ פעסעלע הערינג, אַ קאַן נאַפט מיט פאַרשידענע מעסטלעך, און נאָך אַנדערע אַרטיקלען פאַר אַ שפּייז־קרעמל. דעם אָוונט ערעוו עפענען דאָס געוועלבל, האָבן טאַטע־מאַמע און איך געאַרבעט ביז שפּעט ביינאַכט. דער טאַטע האָט אָנגעשאָטן פאַרשידענע סאָרטן מעל אין פאַפּירענע בייטלען אַריין, אָפּגעוואויגן צו האַלבע און גאַנצע פונטן, בעאייס די מאַמע און איך האָבן די בייטלען צוגעפּאַקט, גלאַט צוגעפּלאַטשיקט, און זיי — איינס אויף דאָס צווייטע — אַוועקגעלייגט אין באַשטימטע פּלעצער אויף די פּאָליצעס, געט און שיין — גרייט פאַר די קוינים...

אויף צומאַרגנס האָט די מאַמע זיך געכאַפּט, אַז פון אַלע סכוירעס האָט מען קיין זייף נישט אָנגעגרייט. דער טאַטע האָט געוואָלט קויפן דעם זייף טאַקע ביי זיך אין פאַבריק, אָבער זי האָט געהאַלטן אַז ער זאָל דאָס בעסער קויפן אין אַ הורטאָווע זייף־האַנדל, ווייל זי וויל נישט, אַז רעב איטשע גוטראַט זאָל אים כווישעד זיין, אַז אַ כוץ דעם זייף וואָס ער קויפט, נעמט ער נאָך ביגנייווע...

פאַר מיר איז דאָס קרעמל גאָר געווען אַן אָפּקומעניש. פּונקט ווי איך וואָלט נישט געוווג געהאַט דאָס לערנען און מאַכן די אויפגאַבעס, האָט די מאַמע — קוים ווי איך האָב באַוויזן אָפּצועסן וועטשערע — גענומען מיך אַרומשיקן מיט שעליכעסן: אָדער גיין עפּעס ברענגען, אָדער אָפּטראָגן אַ פּעקל צו אַ קוינע. איך האָב רעוואָלטירט קעגן דעם, אָבער די מאַמע האָט מיך גענומען מוסערן:

— ווער דען זאָל עס טאָן? אויב מיר וועלן נישט אַריינטראָגן צו די קוי־נים אין שטוב אַריין, וועלן זיי גיין איינקויפן אין מאַרק!...

רייפס הויף, וואו מיר האָבן געהאַט דאָס קרעמל, איז באַשטאַנען פון צוויי הייף מיט זיבן פינף־שטאָקיקע מויערן, אין וועלכע עס האָבן געוואוינט אַרום אַ צוויי הונדערט שכיינים — דאָס ראָוו אָרעמע באַלמעלאָכעס, וואָס האָבן באַוואוינט דירעס פון 1 אָדער 2 צימערן. אַ גראָשן איז באַ זיי געווען אַ פאַרמעגן... אין די קעלער־שטיבער האָבן געוואוינט סטאַם קאַבצאָנים. מען פלעגט ביי אונדז זאָגן, אַז די מאַלקע פון אַלע קאַבצאָנים איז לייע די אַלמאָנע, מיט פיר קינדער, וואָס זענען טאָמיד אַרומגעגאַנגען קריע־בליע און הונגעריק...

איינמאָל אין אָוונט, בעאייס איך בין צוריקגעקומען מיט אַ קוישל זעמל פונעם בעקער, וואו די מאַמע האָט מיך געהאַט געשיקט, קעדיי זיך איינצושפּאָרן עטלעכע גראָשן פאַר צושטעלן עס אונדז, איז מיר אַנטקעגנגעקומען יאָסעלע, לייע דער אַלמאָנעס עלטערער איינגל. אַז ער האָט דערזען די זעמל, איז ער מיר נאָכגעגאַנגען, געצויגן מיט דער נאָז דעם געשמאַקן רייעך פונעם געבעקס, און זיך געריבן מיט דער האַנט אויפן בויך, צומורמלענדיק:

— אַי, ווען יאָך קאָן כאָטש איינמול פאַרזיכן דעם טאַאַם פין אַ זעמל, וואָט מאָך שאָין ניש געאַרט אַז כ'זאָל גלאָך שטאַרבן, יאָך זאָל אַזאָי ל'עבן!...

יאָסעלעס רייד האָבן מיך אַזוי גערירט, אַז איך — נישט פיל טראַכטנדיק — האָב אַ נעם געטאָן פינף זעמל פונעם קוישל און אים דערלאַנגט:

— נאַ, עס דו איינע, און די איבעריקע נעם אַהיים פאַר די דייניקע!...

יאָסעלע האָט אַ כאַפּ געטאָן די זעמל און גלייך זיך איינגעביסן אין איינער פון זיי מיט אַזאַ זשעדנעקייט, אַז איך האָב זיך אַזש פאַרשעמט.

אַריינגעקומען אין געוועלבל, האָב איך אַוועקגעשטעלט דעם קויש אויפן פּלאַץ און זיך געוואָלט אָפּטראָגן, אַז די מאַמע זאָל נישט זען מיין צעפּלאָמט פּאָנים. זי האָט איבערגעציילט די זעמל און גענומען שרייען, אַז איך בין אַ גוילעם, אַ גלאָמפּ, קוק נישט ווי דער בעקער ציילט אַריין די זעמל, כאָטש זי האָט מיר אָנגעזאָגט מיטצוציילן, און געטאַינעט:

— עס פעלן זיבן זעמל — דער גאַנצער רייווער! איך וועל נאָך אַרויס אָן אַ העמד פון דעם געשעפט! נו, עס זאָל נישט זיין אַף וועמען זיך צו פאַרלאָזן!...

איך האָב זיך געוואָלט מוידע זיין פאַר דער מאַמען, אָבער מוירע געהאַט פאַר אירע קלעפּ. סיי ווי סיי, איך בין געווען געפּלעפט. ווי קאָן גאָר פעלן זיבן זעמל? גראָד האָב איך דאָסמאָל יאָ מיטגעציילט מיטן בעקער גלייכע פיר טוץ. און אַוועקגעגעבן יאָסעלען האָב איך דאָך בלויז פינף זעמל, טאָ וואו זשע זענען נאָך צוויי?... סיידן... נישט אַנדערש, נאָר יאָסעלע... איך בין שטאַרק בייז געווען און אָפּגעמאַכט ביי זיך: מער גיב איך אים נישט!...

צומאָרגנס אין אָוונט, בעאייס איך בין ווידער צוריקגעגאַנגען פון בעקער מיטן קוישל זעמל, האָט יאָסעלע מיך שוין אָפּגעוואַרט אין טונקעלן טויער און געפאָדערט, אַז איך זאָל אים געבן „זיינע" זעמל. איך האָב זיך אָבער דערמאָנט אין דער מאַמעס רייד און אים געזאָגט, אַז די מאַמע ווייסט ווען עס פעלט און אַז איך קאָן אים נישט געבן קיין זעמל, ווייל מיר אַליין זענען אָרעמע־לייט...

יאָסעלע האָט מיך גענומען סטראַשען מיט שלאָגן, מיט באַוואַרפן די זעמל מיט בלאָטע. אָבער אַז איך האָב זיך אַלץ נישט אונטערגעגעבן, האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן פאָרויס פון מיר, איז אַריינגעלאָפן אין געוועלבל צו אונדז און, אָנווייזנדיק אַף מיר, אַ זאָג געטאָן צו מיין מאַמען:

— ווייסן זי פאַרוואָס עס פעלן אייך זעמל? ווייל ער גיט זיי מיר אַוועק! יאָ, ער גאַנוועט ביי אייך און גיט עס מיר, יאָך זאָל אַזוי לעבן!...

ווען די ערד וואָלט זיך דאַן געעפנט אונטער מיר און מיך איינגעשלונגען, וואָלט איך זיכער צופרידן געווען, אַזוי ווי האָט מיר געטאָן די מעסירע. מיין מאַמע האָט יאָסעלען גוט אָנגעזידלט פאַרוואָס ער דאַנקט מיר אַזוי אָפּ פאַר מיין גוט האַרץ, אָבער ווען ער איז אַוועק, האָט זי מיך ערשט גענומען מוסערן:

— ראַכמאָנעס איז טאַקע אַ גוטע מידע. אָבער דו ביסט נאָך צו יונג צו געבן צדאָקע. אָט, אַז וועסט עלטער ווערן און האָבן דיין אייגנס, דעמאָלט...

איך האָב פון האַרצווייטיק זיך אַזש צעוויינט...

שאַבאָסים און יאָמטויוים, די איינציקע טעג וואָס איך בין פריי געווען פון לערנען, און דאָס קרעמל ביי אונדז איז אויך געווען צוגעמאַכט, זענען מיר — איך, מיין ברודער באַרעך און מיינע שוועסטערקינדער דאָוויד און מיילעך — אַוועק אַף אַ שפּאַציר איבער וואַרשע. טיילמאָל זענען מיר געגאַנגען צו דער ווייסל, אָפּן „גאַלער" — אָן אָנזאַמלונג פון פלאַכע באַרקע־שיפלעך מיט עפּל, וואָס מען האָט געבראַכט פון אַרויף טייך. דאָרט איז געווען ווי אַ יאַריד. סאָכרים און באַלע־באָסטעס זענען געקומען איינקויפן עפּל, און יונגע כעוורע האָבן זיך אַרומגע־דרייט אָפּן ברעג מיט וואָסערדיקע מיילער, כאַלעשנדיק נאָך אַן עפּל...

זעענדיק ווי אַנדערע כעווריניקעס האָבן דאָס געטאָן, האָבן מיר זיך אויך פאַרגרייט מיט אַ לאַנגן דינעם שטעקן, וואָס דאָוויד האָט געקראָגן באַ זיין טאַטן, האָבן אַריינגעקלאַפּט אַ לאַנגן טשוואָק ביים סאַמע שפּיץ און — גייענדיק אַזוי

פּאַזע די שיפן — פּליגק דאָס אַ האַק אַריין געטאָן אין אַ באַרג עפּל, אַ כאַפּ געטאָן איינעם אָדער צוויי, וויפל דער טשוואַק האָט אָנגעשטאָכן אַף זיך, און זיך געלאָזט לויפן, אָפּט נאָכגעיאָגטע פון אַ שרייענדיקן עפּל־סויכער...

איינמאָל, אַז מיר האָבן שוין געהאַט אָנגעפילט די קעשענעס מיט עפּל, האָבן מיר אָוועקגעשפּאַנט ווייטער ביים ברעג און געפונען אַ צוגעבונדן רודער־שיפל. האָבן מיר זיך אַריינגעזעצט אין דעם, אָפּגעבונדן דעם שטריק פונעם קלעצל, און... דאָס וואַסער האָט אונדז גענומען פאַרטראָגן פון ברעג אָוועק. מיר האָבן גענומען שרייען און שיר־בישט איבערגעקערט דאָס שיפל. צו אונדזער גליק האָט זיך נישט ווייט פון אונדז געפונען אַ מאַן אַף אַ שיפל, האָט ער צוגערודערט, געהייסן זיך דערלאַנגען דעם שטריק און אונדז צוגעשיפלט צוריק צום ברעג...

דערשראָקענע און דורכגעווייקטע זענען מיר אַרויס פונעם שיפל, מיט־נעמענדיק מיט זיך אַ קליינע אייזערנע שופל־לאָפּעטקע, וואָס איז געלעגן אין דעם, מיסטאָמע אַף אויסצושעפּן אָנגעזאַמלטע וואַסער און, באַלד ווי מיר האָבן זיך נאָר עטוואָס געהאַט אָפּגעטריקנט, זיך געלאָזט אַהיימגיין...

אַהיימגעקומען מיט דער לאָפּעטקע, האָט די מאַמע גענומען שרייען, וואו מיר זענען געווען, וואו מיר האָבן גענומען די לאָפּעטקע, און געהייסן, אַז מיר זאָלן זי טייקעף צוריקטראָגן צו דעם וועמעס זי איז.

מיר האָבן אָבער געטאַינעט, אַז די לאָפּעטקע האָבן מיר געפונען אַף דער גאַס, און זי איז געבליבן ביי אונדז אין הויז. אונדזער שוועסטער האָט גלייך געמאַכט דערפון אַ ליאַלקע, באַצירט דעם אייזערנעם לאָפּעטקע־טייל מיט אַ שמאַטע פאַר אַ קופּקע, און דאָס קורצע הילצערנע הענטל — מיט אַ צווייטער שמאַטע פאַר אַ קליידל. זי האָט זיך דערמיט אַרומגעטראָגן, עס געוויגט און גע־קושט — נאָר ווי אַן עמעסע ליאַלקע. אָבער גאַנץ גיך איז איר פאַנטאַזיע געפּלאַצט. אַרומטאַנצנדיק מיט אַט דער „ליאַלקע" איז זי פּלוצים געפאַלן און מיט דער שאַרף זיך איינגעשניטן אַ געוויסן פּלאַץ, פון וואָס זי האָט שטאַרק געבלוטיקט. די מאַמע איז געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע, געלאָפן מיט איר צום ראָוו און ביי אים געקראָגן אַ געשריפטס, אַז מיט דעם קינד איז קיין שום בייז, כאַלילע, נישט געשען...

אינגיכן איז פאַר דער מאַמען געוואָרן אַלץ שווערער צו שטיין אין קרעמל. זי איז געקומען אין די הויכע כאַדאָשים און... סאַמע ערעוו פּורים, שטייענדיק אין קרעמל ביים אָפּוועגן פאַר אַ קוינע אַביסל מאַן, האָט זי געקראָגן ווייען. זי האָט מיך געשיקט רופן די הייבאַם פונעם הויף, און ווען איך בין צוריקגעקו־מען מיט איר, איז די מאַמע שוין געלעגן אין בעט. דאָס קרעמל איז געווען העפקער און איך האָב געדאַרפט אויפּפּאַסן דערויף ביז דער טאַטע איז געקומען. ער, דער טאַטע, האָט נישט געוואוסט וואָס פריער צו טאָן; צי לויפן באַזאָרגן פאַרן בריס פון מיין ניי־געבוירענעם ברודער שלוימע, צי שטיין אין געוועלבל, אָדער עס לאָזן גיין און העזעק האָבן וואָס ער האָט אין דעם אַריינגעלייגט...

אַ וואָך פאַר פּייסעך איז אין אונדזער געוועלבל שוין געשטאַנען אַ יונג

פּאַר־פּאָלק, וואָס האָט עס אָפּגעקויפט, און מיר האָבן זיך אויף דערוויילע אַריינגע־צויגן אין אַ גרויסער דירע, וואָס איז גראָד געשטאַנען ליידיק אַנטקעגן, ביז מיר האָבן צום סוף זומער געקראָגן אַזאַ דירע ווי מיר האָבן געדאַרפט...

* * * * *

**אין דער נייער דירע** איז אונדז געווען נישט־מאַזלדיק. דער טאַטע האָט ווידער פאַרלוירן די שטעלע, זיך אַרומגעדרייט עטלעכע וואָכן אָן פּאַרנאָסע, ביז ער האָט קוים געקראָגן אַרבעט אין אַ קליין זייף־פאַבריקל אין אָכאָטע — אַ פאַרשטעטל פון וואַרשע, וואוהין ער איז יעדן טאָג געפאָרן אַרבעטן. דערצו איז נישט דורך קיין כוידעש קימאַט, אַז עמעצער זאָל ביי אונדז נישט קראַנק זיין...

דער ערשטער קלאַפּ איז געקומען אַ פּאָר טעג פאַר סוקעס מיט מיין זעקס־יאָריקן ברודער דאַוויד. די מאַמע האָט יענעם טאָג געדאַרפט גיין מיט מיר קויפן אַ פּאָר שיך. האָט זי צוגעשטעלט אויף דער פּליטע אַ טאָפּ מיט בעבלעך צו קאָכן, קעדיי ווען זי וועט צוריקקומען זאָלן זיי ווייך זיין אויף צו מאַכן וועטשערע, און איבערגעלאָזט מיין ברודער באַרעכן אַכטונג צו געבן אויף די אינגערע קינדער. אָבער באַלד ווי זי איז נאָר אַוועק האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט פון שטוב, זיך צו שפּילן מיט די הויף־קינדער. ווען מיר זענען צוריקגעקומען איז אין שטוב גע־ווען אַ טומל. דאַוויד איז געלעגן אין זיין בעטל, זיך געוואָרפן אין פיינלעכע קאָנוואולסיעס און פון זיין מויל האָט געזעצט אַ געדיכטע שוים. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער, דאַוויד, — בלייבנדיק אָן אויפזיכט אין הויז — זיך צוגעכאַפּט צום טאָפּ בעבלעך און אים אויסגערייניקט ביזן דנאָ...

די מאַמע — דערהערנדיק דאָס — האָט אַ לאָז אַרויס געטאָן די פּעקלעך פון האַנט, אַריינגעשטופּט צוויי פינגער אין דאַווידס מויל אַריין, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. אַ פאַרצווייפלטע האָט זי זיך דאַן ראַפּטאַם אַ דריי אויס געטאָן צו באַרעכן, אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּראַסק אין פּאָנים און געשריגן:

— אַזוי האָסטו דאָס אַכטונג געטאָן? גיי, ברענג מיר שוין אַרויף דעם פעלדשער! מיט דיר וועל איך זיך נאָך שפּעטער אָפּרעכענען!...

דער פעלדשער האָט גאָרנישט געקאָנט טאָן און מען האָט גערופן אַ דאָקטער. אָבער דאַוויד איז אַ צייט געווען פאַרביי, ביז עס איז אים בעסער געוואָרן...

דעם ערשטן טאָג פּייסעך האָט מיט באַרעכן געטראָפן אַ צופאַל. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פון שול צו שמועסן מיט מיילעכן, אונדזער שוועסטערקינד. צו דעם האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויפן קאָרידאָר־פענצטער פון דריטן שטאָק, האָט דערביי פּלוצים פאַרלוירן דעם גלייכגעוויכט און אַרויסגעפאַלן פון פענצטער. צו זיין גליק האָט ער, אין פאַלן, זיך אָנגעשטויסן אָנעם דעכל פון אַ בודע, וואָס דער בעקער פון הויף האָט דאָרט געהאַט שטיין אויף צום יערן געבעקס, און איידער די גיכע־הילף איז אָנגעקומען, האָט ער זיך אויפגעהויבן און אַהיימגעלאָפן. מיר וואָלטן אַפילו נישט געוואוסט וועגן דעם, ווען צו אונדז וואָלט נישט געקומען אַ פּאָליציאַנט מאַכן אַ פּראָטאָקאָל. מען האָט גלייך גערופן אַ פעלדשער, וואָס האָט

באָרעכן געשטעלט פּיאַווקעס און... מיר זענען אַפּגעקומען מיט בלויז שרעק...

נאָכדעם, ערעוו ראָש־האַשאָנע, האָב איך שיר נישט אַנגעמאַכט אַ צאָרע מיט מיין ברודערל שלוימעלע, פון וואָס מיר האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן.

געווען איז עס ווידער בעאייס די מאַמע איז, ווי געוויינטלעך, געגאַנגען איינקויפן אַף יאָנטעוו און מיך איבערגעלאָזט אַכטונג צו געבן אַף די אַנדערע קינדער. שלוימעלע — דעמאָלט אַנדערהאַלבן יאָר אַלט — איז געלעגן אין זיין וויגל און נישט געוואָלט איינשלאָפן. האָב איך אַנגעשריגן אַף אים און — שאַרף אים קוקנדיק אין די אויגן אַריין — שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— פאַרמאַך מיר שוין די אויגן, אַ־ניש וועל איך דיך דערשטיקן!...

האָט שלוימעלע צוגעמאַכט די אויגן, איז שטיל געוואָרן און עפּשער טאָקע איינגעשלאָפן. די מאַמע איז צוריקגעקומען, האָט אים אָנגעטאָן און גענומען אים געבן עסן, אָבער ער האָט אַלץ געהאַלטן די אויגן צוגעמאַכט. האָט זי גע־נומען שרייען, אים קנייפּן, אָבער ער — כאָטש צעהאַק אים און ער האָט די אויגן נישט געעפנט. איך האָב זיך דערשראָקן און אויסגעזאָגט וואָס איך האָב געטאָן. די מאַמע האָט שוין געוואָלט שיקן נאָכן פעלדשער, אָבער דאָ האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן דעם קינד, אַז אויב ער עפנט נישט גלייך די אויגן וועל איך אים דערהאַרגענען, — האָט ער זיי פּאַוואָליע געעפנט און זיך אַזוי פאַרזיכטיק אַרום־געקוקט, אַקוראַט ווי ער וואָלט אונדז איצט דעם ערשטן מאָל געזען...

אויך מיך האָט דער שלימאַזל נישט אויסגעמיטן. שפּעטער, כאַנוקע־צייט, בעאייס די מאַמע האָט זיך אַרומגעפּאָרעט אין קיך, געשייערט און געקאַשערט די פּליטע, קעדיי צו קאָנען אויספּרעגלען אַ גאַנדז אַף פּייסעכיק שמאַלץ, — האָט זי מיך און באָרעכן פאַרטריבן פון קיך, אַז מיר זאָלן איר נישט אַנטראָגן קיין כאָמעץ. זענען מיר געזעסן אין פאָרהויז ביי אַ קליין, אַלט טישל, און געשפּילט אין דאַמקעס. עס איז אונדז אָבער געווען צו טונקל דאָרט. דאָס ליכט פון דעם קליינעם „אַכטער" קעראָסין־לעמפּל האָט צו אונדז נישט דערגרייכט. האָב איך — קעדיי איבערצורוקן נעענטער דאָס טישל — עס אַ נעם אָן געטאָן ביי אַ פיסל און... דערביי געקראָגן אַזאַ שאַרפן שטאָך אין שפּיץ פון מיטלסטן פינגער פון מיין רעכטער האַנט, אַז איך האָב אַזש אַרויסגעלאָזט אַ צעווייטיקטן קוויטש:

— אוי, געוואַלד! מאַמע, עפּעס אַ שלאַנג האָט מיר אַ ביס געטאָן!...

און איך האָב דער מאַמען צוגעטראָגן מיין צעבלוטיקטן פינגער.

— אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע אַף דיר! — האָט די מאַמע, אַ פאַרפּאָרעטע, בייז אַ זאָג געטאָן, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו אַף מיר, — אַז מען איז ווילד און מען וואַיעוועט אַרום, שטראָפט גאָט און שיקט צו אַ שלאַנג צו בייסן...

איך האָב אָפּגעוואַשן דעם פינגער מיט אַביסל וואַסער און גענומען זוכן אין טישל די שלאַנג. וואָס האָט מיר דעם ביס געטאָן. געזען, אַז דאָס איז גאָר אַ שפּיץ פון אַ פאַרזשאַווערטן טשוואָק, וואָס האָט געשטעקט צווישן דעם דעק און דעם פיסל, — האָב איך אַ שפּיי געטאָן און זיך צוריקגעזעצט צום שפּילן...

עטלעכע טעג זענען פאַרביי און איך האָב ווי פאַרגעסן אין דעם פינגער. איינמאָל אינדערפרי, אין שקאָלע, בעאייס דער רוסיש־לערער האָט געשטעלט אַ פראַגע, האָב איך אויפגעהויבן די האַנט, צו ווייזן, אַז איך ווייס דעם ענטפער. דער לערער, האָב איך געזען, האָט פונוויטנס שאַרף געקוקט אַף מיין אויפגעהוי־בענער האַנט און עפּעס, ווי צו זיך, אַ ברום געטאָן. גלייך האָט ער מיך צוגע־רופן צו זיך, באַטראַכט די האַנט און מיר שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— גיי שוין אַהיים און וויז דעם טאַטן אָדער דער מאַמען דיין האַנט! מיט דער האַנט איז עפּעס געשען און מען דאַרף שוין גיין צו אַ דאָקטער!...

איך בין אַהיימגעלאָפן, געוויזן דער מאַמען די האַנט פול מיט בלאָטערן, און איבערגעגעבן וואָס דער לערער האָט געזאָגט. זי האָט גלייך געכאַפּט איר מאַנטל און איז אַראָפּ מיט מיר צום פעלדשער. יענער האָט געקוקט, געקוועטשט, און געזאָגט, אַז מען זאָל בעסער גלייך צוגיין צו אַ דאָקטער...

די מאַמע איז געווען אַ פאַרלוירענע. אַ שכיינע האָט איר געראָטן, זי זאָל מיט מיר צוגיין אין קליניק פון „שווענטע־דוך", וואָס איז געווען נישט ווייט פון אונדז. דאָרט האָבן עטלעכע דאָקטוירים באַטראַכט די האַנט, געזאָגט, אַז עס איז אַ בלוט־פאַרגיפטונג, און אַרויסגעגעבן אַן אורטייל:

— מען מוז טייקעף די האַנט אַרונטערנעמען!...

די מאַמע האָט ספּאַזמירט, געכאַפּט קושן די הענט באַ די דאָקטוירים, זיי געבעטן, זיי זאָלן עפּעס טאָן צו ראַטעווען מיין האַנט — די רעכטע האַנט...

יענע זענען אָבער געבליבן ביי איינס:

— מען דאַרף שוין אַריינגעבן דאָס אינגל אין שפּיטאָל, און גלייך מאַכן די אָפּעראַציע, אַנדערש איז זיין לעבן אין קאָן! — האָבן זיי געזאָגט, דערלאַנ־גענדיק דער מאַמען אַ קוויטל, אַז מען זאָל מיך אַריינגעמען אין שפּיטאָל.

די מאַמע איז געגאַנגען מיט מיר איבער דער גאַס ווי אין אַ הינערפּלעט. איך האָב געוויינט און געטאַיִנעט, אַז איך וויל נישט גיין אין שפּיטאָל אַריין, ווייל עס איז אומזיסט און אומזיסט טויג נישט. איך האָב איר דערביי געבראַכט אַ ראַיע פון דער געמאַרע, וואָס איך האָב גראַד דעמאָלט געהאַט געלערנט:

— „אַרצאָ דעמאַגיין בעמאַגיין — מאַגיין שאָווע" — וואָס דער טייטש דערפון איז: אַז אַ דאָקטער וואָס היילט אומזיסט — איז גאָרנישט ווערט...

די מאַמע, ווי שלעכט איר איז געווען אפן האַרצן, האָט זיך דאָך צוגעהערט צו מיר און מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיך לאָזן קאָסטן ביזן לעצטן העמד, גיין צו אַ פּריוואַטן דאָקטער און מיר אָפּראַטעווען די האַנט...

אַף צומאָרגנס איז דער טאַטע שוין נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, און איז אַוועק מיט מיר צו דאָקטער סאָלאָוועיטשיק — דעם גרעסטן כירורג אין וואַר־שע. ווען יענער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אַף מיין האַנט, האָט ער בייז אויסגעשריגן:

— פּאָשאָל וואָן, בידלאָ, פּשאַ־קרעוו! — געגאַנגען פון דאַנען!...

אָבער ווען מיר זענען שוין געווען נאָענט ביי דער טיר, האָט ער אונדז

צוריקגערופן און שוין עטוואָס ווייכער געזאָגט:

— מען מוז די האַנט טייקעף אַראָפּנעמען! ס'איז אַ בלוט־פֿאַרגיפֿטיקונג!

איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט. דער טאַטע האָט געגומען בעטן:

— עפּשער, פּאַניע דאָקטער, קאָן מען נאָך ראַטעווען? האָט ראַכמאָנעס!...

דער דאָקטער סאָלאָוועיטשיק האָט אָבער אַלץ געשריגן:

— פּאַרוואָס, פּשאַ־קרעוו, האָסטו נישט געוואַרט נאָך צוויי טעג? וואָלסט דאַן מיר פֿאַרשפּאָרט די אַרבעט און זיך — די קאָסטן פֿון אַן אָפּעראַציע!...

דער טאַטע איז געשטאַנען אַ געפּלעפּטער, ווי ער וואָלט דאָס לאָשן פֿאַרלוירן. סאָלאָוועיטשיק האָט געזאָגט, אַז די אָפּעראַציע דאַרף קאָסטן צוויי הונדערט רובל, פֿאַרויס באַצאָלט. דער טאַטע האָט גאַרנישט געענטפֿערט, נישט געקאָנט ענטפֿערן. ער האָט בלויז באַצאָלט פֿאַרן וויזיט און מיר זענען אַוועק...

עס איז געווען אַ שיינער ווינטער־טאָג. אַ טיפֿער שניי איז געלעגן אויף די גאַסן, און שליטנס זענען פֿאַרבייגעפֿאָרן מיט גרילציקן געקלאַנג. דער טאַטע — אַ צעבראָכענער — האָט צוגערופֿן אַ שליטן און געהייסן דעם קוטשער פֿאָרן אויף יאַסנע גאַס נומער 1, צו עפּעס אַ „באַבע", וואָס עמעצער האָט רעקאָמענדירט.

די „באַבע" — אַן אַלטע פֿרוי, האָט באַקוקט די האַנט און גאַנץ זיכער גע־זאָגט, אַז זי קאָן עס אויסהיילן. זי האָט געהייסן זיך געבן 35 קאָפּיקעס, דער־לאַנגט דעם טאַטן אַ שאַכטעלע מיט עפּעס אַ שוואַרצער שמירעכץ, צוזאַמען מיט אַ שטיקל ווייסן הענטשקע־לעדער, און אונדז געוויזן וואָס צו טאָן.

אַביסל אויפֿגעהייטערטער און אין האָפֿענונג זענען מיר צוריק אַהיימגע־פֿאָרן. אויפֿן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אין פֿעטער מענדלס גרויסער שפּייז־קראָם, אויף דער נאַוואָליפּיע גאַס. די מומע ראַכעלע — אַ הויכע און שיינע בלאָנדע פֿרוי — אַז זי האָט פֿון טאַטן דערהערט וועגן דעם שמירעכץ, וואָס ער האָט איצט געקויפֿט, איז אַזש געוואָרן אַ פֿאַרצאַפּלטע:

— וואָס? פֿון יאַסנע גאַס נומער 1? — האָט זי אויסגערופֿן און צוגעגעבן. — זאָלסט נישט וואַגן צו נוצן די „מאַשטש"! איך האָב עס אַמאָל גענוצט און מען האָט מיר דערנאָך געדאַרפֿט אַ ברוסט אַראָפּנעמען...

דער טאַטע איז שוין געווען אַ צעטומלטער. ער האָט זיך געאַישעווט מיט דער מומען און זי האָט געראָטן מען זאָל צוגיין צו אַ צווייטן דאָקטער:

— סאָלאָוועיטשיק איז נישט גאָט! — האָט זי געזאָגט, — ער קאָן אויך מאַכן אַ טאָעס. אין וואַרשע איז מיסטאָמע דאָ נאָך אַזאַ גוטער דאָקטער ווי ער!...

דער טאַטע איז געזעסן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ כאַפּ געטאָן, זיך אויפֿגעשטעלט און מיר אַ זאָג געטאָן:

— קום, מיר וועלן צופֿאָרן צום דאָקטער באַרעל!...

ער האָט ווידער געדונגען אַ שליטן און געהייסן פֿאָרן אויפֿן מוראַנאָוו.

דער דאָקטער באַרעל, אַ קליין־געוויקסיקער, פֿעסט־געבויטער מאַן מיט אַ קליין בערדל, האָט נישט געשריגן. ער האָט באַטראַכט די האַנט און געזאָגט:

— זען זעט עס אויס זייער שלעכט און איך האָב שטאַרק מוירע, אַז מען וועט די האַנט מוזן אַראָפּנעמען. אָבער איידער מען טוט אַזאַ זאַך, דאַרף מען פריער פּראָבירן מאַכן אַן אָפּעראַציע, — עפּשער וועט געלינגען...

דער טאַטע, האָב איך געזען, האָט אַזש אויפגעלויכטן פון דער בסורע. ער האָט געפרעגט דעם דאָקטער וויפל ער וועט רעכענען פאַר דער אָפּעראַציע און, ווען יענער האָט געזאָגט, אַז עס וועט דאַרפן קאָסטן 100 רובל, אַ כוץ פאַר די איבערבינדונגען, האָט דער טאַטע גענומען אַפּעלירן צו אים, געזאָגט, אַז ער איז זיינס אַ פּאַרטיי־כאַווער און באַלאַנגט אין דער זעלבער ציאָן־אָרגאַניזאַציע; אַז ער איז אַן אָרעמער אַרבעטער און קאָן אַזויפיל נישט באַצאָלן...

— אָ, אויב אַזוי, — האָט דאָקטער באַרעל אַ קוק געטאָן אפן טאַטן און געזאָגט, — אויב אַ פּאַרטיי־כאַווער, וועל איך רעכענען פאַר דער אָפּעראַציע בלויז 25 רובל און צו רובל פאַר יעדער איבערבינדונג...

דער טאַטע האָט באַדאַנקט און, לויטן דאָקטערס באַשטימונג, צוגעזאָגט צו קומען מיט מיר אין זיין קליניק מאָרגן גאַנץ פרי, צו דער אָפּעראַציע.

אף צומאָרגנס, אַ פרייטיק, געדענק איך, איז עס געווען, זענען מיר גע־פאָרן צום דאָקטערס קליניק. מיין האַרץ האָט געציטערט, אָבער איך האָב נישט געוויינט. אַז מיר זענען אַהינגעקומען, איז שוין אַלץ גרייט געווען. מען האָט מיך אַריינגענומען אין אַ צימערל און מיך דאָרט אויסגעטאָן. אָבער ווען מען האָט מיך געהייסן זיך אַוועקלייגן אפן אָפּעראַציע־טיש, האָב איך — דערזעענדיק די אַלע מאַכשירים — זיך דערשראָקן און גענומען וויינען. דער טאַטע האָט מיך גענומען באַרואיקן און צוגעזאָגט, אַז אויב איך וועל זיין בראַוו, וועט ער מיר קויפן אַ זייגערל, וואָס איך האָב שוין לאַנג געוואָלט האָבן...

דער דאָקטער — איצט שוין אין ווייסן — האָט אַוועקגעלייגט אַ קליין זיפּל אף מיין פּאָנים און מיך געהייסן ציילן. איך האָב גענומען ציילן און דערביי אַ טראַכט געטאָן, אַז איך וועל זיך מאַכן שלאָפן, קעדיי צו זען ווי ער מאַכט די אָפּעראַציע. איך האָב זיך אָבער גלייך אַ כאַפּ געטאָן, אַז דאָס טויג נישט, ווייל אויב איך וועל נישט שלאָפן, וועט מיר דאָך וויי טאָן. איז שוין בעסער יאָ צו שלאָפן און... איך האָב גענומען ווייטער ציילן...

ווען איך בין געקומען צו זיך אפן בעטל, אין צימערל וואו איך האָב זיך פריער געהאַט אויסגעטאָן, איז שוין געווען שפּעט נאָך האַלבן טאָג. די האַנט איז געווען פאַרבונדן און געלעגן אף מיין ברוסט. דער טאַטע איז געשטאַנען לעבן מיר און, דערלאַנגענדיק מיר אַ קליין שוואַרץ זייגערל, צערטלעך געזאָגט:

— נאַ, טראָג עס געזונטערהייט! פריער גאָט און דערנאָך דאָקטער באַרעל, האָבן אָפּגעראַטעוועט דיין האַנט!...

און ער האָט זיך אָפּגעקערט פון מיר מיט פאַרטרערטע אויגן...

* * * * *

# די קראַפט פון אַ באַטאַרייע

צו עלף יאָר בין איך אַוועק לערנען אין טאַלמוד־טוירע אַף דער וואָלעווע גאַס, קעגן דעם „וואַיענע־פלאַץ". דער טאַטע האָט מיך אַהין אַריינגעגעבן נאָכדעם ווי רעב אַווראַם־אַרן, אַ מעלאַמעד אין איינעם פון די קלאַסן דאָרט, איז אַריין אין טאַטנס כעווּרע „האַכנאָסעס־קאַלע" און צוגעזאָגט דעם טאַטן צו האַלטן אַן אויג אַף מיר און מיך מאַכן פאַר אַ לייט...

איך בין אָבער קיין פולן זמאַן נישט דערגאַנגען. ערשטנס, ווייל עס איז צו ווייט געווען פאַר מיר צו גיין און, דער איקער, די דאָרטיקע לויזקייט, פון וועלכער מיין טאַטע איז שטאַרק אומצופרידן געווען...

בעאייס די פּאַוזעס אין דער טאַלמוד־טוירע פלעגן מיר, די טאַלמידים, אַרויסלויפן זיך שפּילן אפן „וואַיענע־פלאַץ" אַנטקעגן, און געקראָכן איבער דעם ווייסן הילצערנעם פּאַרקן, וואָס מען האָט גראָד אין יענער צייט אויפגעשטעלט, אַרומצוצוימען דעם נייעם „קוילן־מאַגאַפּאַל", וואָס איז איינגעפירט געוואָרן.

וואָס „מאַגאַפּאַל" איז, האָבן מיר, אינגלעך, נישט געוואוסט אַף קלאָר, דער איקער טאָקע אַ קוילן־מאַגאַפּאַל. וואָרים געהערט האָבן מיר, אַז „מאַגאַפּאַל" מיינט בראַנפן. מיר האָבן אַפילע געקענט זינגען דאָס דעמאָלטדיקע לידעלע:

„צייט דער מאַגאַפּאַל איז אַף דער וועלט,
בין איך דאָך אין קאַאַס,
עס קאָסט מיך אָפּ דאָס גאַנצע געלט
און טרינקן מוז איך אַף דער גאַס...
כ'קלאַפּ די מאַגאַפּאַלקע אַף דער האַנט,
קעדיי דער קאָריק זאָל אַרויס,
צעקלאַפּ איך זיך די גאַנצע האַנט
און דער בראַנפן גיסט זיך אויס..."

מיר האָבן דעריבער גערעכנט, אַז עפּשער מיינט עס, אַז דאָ וועט מען מאַכן דעם בראַנפן. זענען מיר אַרומגעלאָפן אַף די גרויסע ליידיקע פעלדער און צו־געקומען צו אַן אָרט, וואו עס זענען געוואַקסן מאַסן ווילדע מאָן־בלומען. מיר האָבן אָפּגעריסן די מאָן־קעפּלעך, אַנגעשאָטן פולע קעשענעס מיט מאָן און דער־נאָך דעם גאַנצן טאָג געהאַלטן אין איין שלינגען די מאָן־קערנערלעך.

אַז עס איז געקומען אין אָוונט צום אַהיימגיין, בין איך פון דעם מאָן שוין אַזוי פאַרשיקערט געווען, אַז איך האָב נישט געוואוסט ווי איך לעב. די מאַמע

האָט מיר שפּעטער דערציילט, אַז איך בין טאַקע געווען און זיך אויפגעפירט גאָר ווי אַ שיקער. זי האָט גערופן צו מיר דעם פעלדשער, ווייל זי האָט טכילעס גע־מיינט, אַז איך בין קראַנק געוואָרן אפן מאָגן. אָבער דער פעלדשער האָט איר גע־זאָגט, אַז אויב איך וואָלט אויפגעגעסן אַביסל מער מאָן, וואָלט איך זיך געווען פאַרסאַמט און געשטאָרבן, ווייל דאָס איז אָפּיום — סאַם־האַמאָוועס...

דער טאַטע האָט מיך דעריבער אָפּגענומען פון דער טאַלמוד־טוירע און מיך צוריקגעגעבן צו לעוו און וואַקסמאַן אין מאָדערנע כיידער אף דער פּאָווע גאַס.

ווי אין פריערדיקע זמאַנים, בין איך אין כיידער געגאַנגען בלויז האַלבע טעג. אין די פרימאָרגנס בין איך ווידער געגאַנגען אין דער שטאָטישער רעגי־רונג־שול, צו לערנען רוסיש, אַריפמעטיק, געאָגראַפיע און געשיכטע.

און ווייל איך האָב — איבער דעם גיין אין שקאָלע — פאַרפעלט צו לערנען אין כיידער געוויסע לימודים, וואָס מען האָט דאָרט געלערנט אין די ערשטע האַל־בע טעג, האָט דער טאַטע געדונגען פאַר מיר אַ מעלאַמעד, וועלכער איז געקומען אין די אָוונטן צו אונדז אין הויז אַריין, און געלערנט מיט מיר געמאָרע און טענאַך, וואָס איך האָב פאַרלוירן אין כיידער.

איבער דער שווערער, דרייפאַכער אַרבעט אין שקאָלע, אין כיידער און ביים מעלאַמעד, האָב איך קיין איינציקע פרייע מינוט נישט געהאַט. פון שפּילן זיך, אָדער אַזוי זיין אַביסל אף דער פרייער לופט אינדרויסן, איז געווען אָפּגערעדט. פון אַכט אינדערפרי ביז צוועלף מיטיקצייט, בין איך געווען אין שקאָלע. פון צוועלף ביז איינס האָב איך געדאַרפט גיין פון שקאָלע אַהיים, אָפּעסן מיטיק און אַוועקגיין אין כיידער אַריין. פון איינס אַזייגער ביז פינף אין אָוונט בין איך געווען אין כיידער, וואו איך האָב געלערנט כומיש מיט ראַשע, דעם „טראָפּ" פון מאַיוועד זיין די סעדרע, העברעאישע גראַמאַטיק, לייענען־שרייבן אידיש און נאָך ענלעכע לימודים. ערשט נאָך דעם אַלעם, ווען איך בין אַהיימגעקומען און קוים באַוויזן צו נעמען עפּעס אין מויל אַריין, איז געקומען דער רעבע און מיר האָבן זיך גענומען צו דער געמאָרע, אָדער צום טענאַך...

דאָס דרייפאַכע לערנען איז אַזוי שווער געפאַלן אף מיר, אַז איך האָב פּאָשעט קיין צייט נישט געהאַט אף צו מאַכן מיינע לעקציע־אויפגאַבעס. איך האָב דעריבער אָנגעהויבן פאַלשעווען, דורכגעלאָזט געוויסע אַרבעטן און זיך פאַרלאָזט אף ערעוו עקזאַמענס איבערצושרייבן מעכאַניש די פאַרטיקע ענטפערס — דער איקער אַריפמעטיק — פון מיינע כאַווײרים אין שקאָלע און אין כיידער.

צו מיין שלימאַזל בין איך נאָך געווען אַ מאַסמיד און, פון איינמאָל לערנען, איבערגענומען וואָס מען האָט געלערנט. סיי לעוו — דער רעבע פון כיידער, און סיי ראַבינאָוויטש — דער הויפּט־לערער פון שקאָלע, האָבן געהאַלטן אַ וועלט פון מיר און געזאָגט דעם טאַטן מיינעם, אַז איך וואַקס אַן אילוי, אַ גאָען...

לעוו האָט זיינע לויב־רייד באַוויזן מיט פאַקטן. אין די שאַבאָסים, ווען ער האָט געדאַרפט גיין צו באַלעבאַטים, אַנצונעמען זייערס אַ אינגל אין כיידער

אַריין, האָט ער מיך מיטגענומען, אַז איך זאָל לערנען פאַר זיי אַ פּאַרשע כומיש מיט ראַשע, צו באַווייזן ווי גוט מען לערנט ביי אים אין כיידער...

אָפּט פלעג איך קריגן שאַבעס־אויבס פון אַזעלכע באַלעבאַטים, און טיילמאָל אַ קנופּ אין בעקל פון אַ זאָטן, רייכן איד, וואָס האָט מיך מעקאַנע געווען.

— פּאַניע לעוו, — האָט טיילמאָל איינער פון זיי געפרעגט דעם רעבן נאָך מיין אָפּלערנען גלאַטיק די פּאַרשע, — איז דאָס פון אייער לערנען, אָדער עס איז אַ כוח דעם אויך פאַראַן אַ גוטער „וועלער" און אַ גוט קעפּל ביים אינגל?...

לעוו האָט, פאַרשטייט זיך, מאַסקים געווען, אַז אויך די צוויי זאַכן שפּילן אַ ראָלע, אָבער ער האָט פאַרזיכערט יענעם באַלעבאָס, אַז אויך זיין אינגל וועט קע־נען גוט לערנען, ווייל עס איז געווענדט אין דער לערן־מעטאָדע, און אַז ער וועט נאָך מערטשעם זיין אינגל אויך נעמען צו באַלעבאַטים אף צום פאַרהערן...

די לויב האָט מיך געשמייכלט, אָבער גאָרנישט פאַרלייכטערט. אין האַרצן ביי מיר האָט געברויזט אַ ווילן איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו זאָגן דעם טאַטן, אַז עס איז צו שווער פאַר מיר און אַז ער וועט דעריבער מוזן באַשליסן, צי ער וויל — ווי איך האָב דעמאָלט געטראַכט — איך זאָל זיין אַ ראָוו אָדער אַ דאָקטער...

* * * * *

**צו יענער צייט** איז צו אונדז, קיין אַכאַטע, וואו מיר האָבן שוין דעמאָלט געוואוינט, איינמאָל געקומען צו גאַסט דעם טאַטנס עפּעס אַ וויטער קאָרעוו — אַ יונגערמאַן, וועלכער איז נאָר־וואָס אַהיימגעקומען פון דינען פאָניע. ער, געדאַליע האָט ער געהייסן, איז געווען אַ שיינער באָכער מיט רויטע באַקן און קליינע פאַרדרייטע שוואַרצע וואָנצעלעך. ער איז געווען אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן מונדיר מיט אַ רויטן הערצל און אין אַ היטל מיט אַ רויטן ליאַמפּאַס אַרום, וואָס האָט אף מיר געמאַכט אַן איינדרוק ווי ער וואָלט געווען עפּעס אַ וואַזש־נע גענעראַל, און איך האָב זיך אי געשראָקן אי געהאַט גרויס אָפּשיי פאַר אים...

געדאַליע האָט ביי אַ גלעזל טיי דערציילט פאַר טאַטע־מאַמע וועגן דעם שיינעם ווייטן לאַנד קאַווקאַז, וואו ריזן־טשערקעסן וואוינען, און וועגן דער גרויסער שטאָט טיפליס, וואו ער האָט געדינט. ער האָט דערציילט וועגן דעם באַרג אַראַראַט, וואָס געפינט זיך נישט וויט פון שטאָט און אף וועלכן מען קאָן פונדערווייטנס זען נויעכס טייווע. ער האָט געזאָגט, אַז אין טיפליס איז פאַראַן אַזאַ טראַמוואַי, וואָס פאָרט באַרג אַרויף, צו דער טייווע, און אַז יעדער איינער קאָן פאַר צען קאָפּיקעס אַרויפפאָרן, אַריינגיין אין דער טייווע און זיך אָנועקזעצן צום טיש וואו נויעך איז אַמאָל געזעסן מיט זיינע זין, אָדער אַריינגיין אין די שטאַלן, וואו די אַלע פאַרשידענע כאַיעס, בעהימעס, אויפעס און ווערעם האָבן זיך געפונען, בעאייס גאָט האָט אַראָפּגעשיקט דעם מאַבל אף דער וועלט...

ער האָט אויך דערציילט וועגן די פיינע שפּייזן, וואָס די קאַווקאַזער מענטשן עסן און פון וועלכע זיי וואַקסן אויס אַזעלכע ריזן. ער האָט אויסגערעכנט ווי וואָלוול יעדע זאַך איז דאָרט און וואָסער גוטער ווין דאָרט איז פאַראַן. און טאַקע

גלייך מעכאַבעד געווען דעם טאַטן מיט אַ פלאַש וויין וואָס ער האָט מיטגעבראַכט. דער טאַטע האָט אים געדאַנקט, אָבער דעם וויין נישט גענומען, ווייל ער איז נישט קיין אידישער און מוז אַוואַדע זיין — ווי ער האָט געזאָגט — יאַין־נעסעך...

געדאַליעס מאַיסעס זענען געווען אַזעלכע שיינע און שפּאַנענדיקע, אַז מיך האָט אַזש אָנגעכאַפּט אַ כיישעק אָט שוין זיך אויפהייבן און זיך אַוועקלאָזן אין יענעם שיינעם וואונדערלאַנד קאַווקאַז, וואו די ריזן־טשערקעסן וואוינען...

נאָך די אַלע מאַיסעס האָט געדאַליע פאַרטרויט דעם טאַטן, אַז בעאייס ער האָט דאָרט געדינט, האָט ער זיך אויסגעלערנט די קונסט פון עלעקטריע און אַז ער קען מאַכן טרוקענע באַטארייעס (וואָס זענען בעסער און פּראַקטישער ווי נאַסע), אַף צו באַנוצן פאַר עלעקטרישע גלעקלעך און עלעקטרישע לעמפּלעך. ער האָט בע־דייע, האָט ער געזאָגט, צו פאַרלייגן אין וואַרשע אַזאַ פאַבריק, נאָר די איינציקע צאָרע איז, וואָס ביי פּאָניען האָט ער די אַרבעט געטאָן אומזיסט און דעריבער האָט ער נישט קיין געלט. אויב, אָבער, ער זאָל קאָנען קריגן עפּעס אַן אָרנטלעכן שוטעף מיט געלט, וואָלט עס געווען אַ גאָלדענע פּאַרנאָסע פאַרביידן...

דער טאַטע האָט פאַרשטאַנען זיין אָנצוהערעניש און אים געזאָגט, אַז ער וואָלט מיט פאַרגעניגן געוואָלט זיין אַ שוטעף צו אַזאַ גוט געשעפט, נאָר ער האָט נישט קיין געלט אַריינצולייגן. ער האָט אָבער פאָרגעשלאָגן אים צו געבן אַ פינף־און־צוואַנציקער, אויב ער וואָלט מיך אויסגעלערנט די דאָזיקע מעלאָכע...

געדאַליע האָט זיך מיקלוימערשט געקווענקלט, אָבער דאָך איינגעשטימט מיך אויסצולערנען די קונץ, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון טיפליס, פון פּאָניען.

די מאַמע מיינע איז געווען קעגן דעם. זי האָט געטאַיינעט, אַז עס איז אַ שווינדל, אַרויסגעוואָרפן געלט, מאַכמעס קיין מענטש קאָן נישט באַשאַפן קיין ליכט פון גאָרנישט:

— בלויז דער, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשן, — האָט זי פרום גע־זאָגט, — האָט געקאָנט באַשאַפן די זון און די לעוואָנע פון גאָרנישט!...

סיי ווי סיי, דער טאַטע האָט געדאַליען געגעבן פינף רובל אַ נאַדערויף און ער האָט צוגעזאָגט קומען אַף צומאָרגנס, קעדיי צוזאַמען מיט אונדז גיין איינצו־קויפן די מאַטעריאַלן און אינסטרומענטן, וואָס מען דאַרף פאַר דעם.

איך בין דעריבער אַף צומאָרגנס נאַכמיטיק נישט געגאַנגען אין כיידער אַריין. אויך דער טאַטע האָט אויסמאַרקירט אַזוי, אַז ער איז נאָכמיטיק נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט, און מיר דריי זענען אַוועק איינקויפן די מאַכשירים.

קוידעם־קאָל איז געדאַליע אַריינגעגאַנגען מיט אונדז צו אַ בלעכער און באַשטעלט אַ טוץ אַזעלכע הויכע רונדיקע קענדלעך פון צינק־בלעך. דערנאָך זע־נען מיר אַוועק אַף די נאַלעווקעס, וואו מיר האָבן איינגעקויפט צו עטלעכע פונט צינק־קופּער־וויס, גיפּס, גראַפיט, אַ פלעשל גליצערין, אַ טוץ קאַרבאָן־קוילן, און נאָך עטלעכע מאַטעריאַלן. מיר האָבן אויך געקויפט אַ בייגל טאָפּלטן איזאָ־לירטן דראָט, אַן עלעקטריש גלעקל, צוויי קליינע עלעקטרישע לעמפּלעך פון צו

צען לעכט און אַמפּערס, פאַרשידענע קנעפּלעך, קאָנטאַקט־שטענגלעך און אַ פּאָר לאָמפּ־נעסטן, וואָס האָט אין סאַך־האַקל באַטראָפן אַ פינף־און־צוואַנציק רובל...

מען האָט אָפּגעמאַכט, אַז שאַבעס־צו־נאַכטס — דעם איינציק פרייען אָוונט מיינעם — זאָל ער קומען און מיך נעמען לערנען די עלעקטרישע סוידעס...

שאַבעס־צו־נאַכטס, באַלד נאָך האַוודאָלע, האָט געדאַליע געהייסן מען זאָל אים געבן אַ גרויסע טריפּענע שיסל. ער האָט אין איר אַריינגעשאָטן די ווייסע מאַטער־יאַלן, צוגעגאָסן צו ביסעלעך וואַסער און אַ געוויסע מאָס גליצערין, און מיך געהייסן דאָס מישן און קנעטן מיט די הענט, ביז עס האָט זיך באַקומען דערפון אַזאַ שיטערלעכע מאַסע, ווי סמעטענע מיט קעז. דאָס האָבן מיר אַריינגעטאָן אין די צינק־קענדלעך אַריין, אַרומשמירנדיק אויך די אינעוויייניקסטע זייטן. פאַרטיק געוואָרן מיט דעם, האָט געדאַליע אַריינגעשאָטן אין דער שיסל די שוואַרצע מאַ־טעריאַלן — דעם גראַפּיט, צוגעטאָן אַביסל צינק־קופּער־ווייס, גליצערין און וואַסער, און ווידער מיך געהייסן דאָס צעקנעטן. ווען דאָס איז שוין געווען גוט אויסגעמישט, האָט ער די מאַסע איינגעטיילט אין גלייכע כאַלאַקיבן, יעדן טייל אַריינגעלייגט אין שטיקלעך לייוונט, אַריינגעשטעלט אין סאַמע מיטן די קאַרבן־שטעקלעך און מיט שטריקלעך אַרומגעבונדן רונדיקע פּעקעלעך פון זיי. דאָס האָט מען אַריינגעשטעלט אין די קענדלעך, אין צענטער פון דער ווייסער מאַסע, פאַר־שאָטן פון אויבן מיט זעגעכץ און פאַרכאַסמעט מיט אָנגעוואַרעמט־וויכער סמאָלע...

פאַרטיק געמאַכט די באַטאַרייעס, האָט געדאַליע זיי פאַראייניקט איינע צו דער צווייטער — אַ פּאָזיטיוו צו אַ נעגאַטיוו, דאָס מיינט, אַ קויל־דראָט צו אַ צינק־דראָט — אַזוי, אַז פון אַלע צוועלף באַטאַרייעס האָט זיך באַקומען אַן איינציקע, אַ גרויסע, וואָס האָט געהאַט קראַפט פאַרן גלעקל און פאַר איין קליין לעמפּל.

מיר האָבן פאַרלייגט די דראָטן איבער דער שטוב און אינמיטן צוגעטשעפּעט דאָס לעמפּל. ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט געדאַליע געהייסן דעם טאַטן אַ דריי טאָן דאָס געהעריקע קנעפּל און... דאָס לעמפּל האָט זיך אָנגעצונדן...

די מאַמע, די קינדער און עטלעכע שכיינים, וואָס זענען אַריינגעקומען זען דאָס גרויסע וואונדער, האָבן אַזש אַרויסגעלאָזט אַ באַגייסטערטן זיפץ און מען האָט מיך באַגריסט מיט מיין ניי־דערוואָרבענער, וואונדערלעכער מעלאָכע, וואָס וועט מיר זיכער געבן אַ גאָלדענע פּאַרנאָסע ווען איך וועל אויפוואַקסן...

איינער פון די שכיינים האָט אַפילע גלייך אָפּן אָרט געוואָלט וויסן וויפל עס וואָלט אים געדאַרפט קאָסטן איינצושטעלן אַזאַ עלעקטריש לעמפּל ביי זיך אין הויז, קעדיי, ווי ער האָט געזאָגט, ער זאָל מער נישט דאַרפן יעדע וויילע אַריינוואַרפן די פּערציקערס אין גאַז־מעטער אַריין, אָדער קויפן נייע גאַז־מענטעלעך.

דער טאַטע — אַן אויפגעהייטערטער און צופרידענער — האָט געדאַליען גע־געבן זיינע פאַרדינטע פינף־און־צוואַנציק רובל, נאָך מיט אַ צוגאָב פון פינף רובל פאַר דער פרייד און נאַכעס, וואָס ער האָט אים פאַרשאַפט, צו זען מיט די אייגענע אויגן ווי אַזאַ גרויס וואונדער ווערט באַשאַפן. אַפילע די מאַמע, וועלכע האָט די

גאַנצע צייט זיך באַצויגן סקעפּטיש צום גאַנצן איניען, האָט — נאָכן זען, אַז דאָס לעמפּל ברענט טאַקע, — פאַרבעטן געדאַליען צו בלייבן טרינקען אַ גלאָז טיי. ער האָט זיך אָבער אָפּגעזאָגט, ווייל ער דאַרף ערגעץ אַוועקגיין.

געדאַליע איז אַוועק. אָף צומאָרגנס אין אָוונט האָט די מאַמע געגומען טאַינען, אַז דאָס איינע לעמפּל איז נישט גענוג צו באַלייכטן די גאַנצע שטוב און געהייסן מיך, אַז איך זאָל צוטשעפּען דאָס צווייטע לעמפּל לעבן דעם קיך אויוון, קעדיי זי זאָל אויך קאָנען זען וואָס זי טוט:

— וואָסער פּולע, — האָט זי געטאַינעט, — וואָס מיר האָבן עלעקטריע אין שטוב, אַז איך דאַרף סיי ווי אָנצינדן אַ נאָפּט־לעמפּל אין אַנדערן ווינקל?!...

איך האָב זיך טכילעס געדונגען, געזאָגט, אַז די באַטאַרייעס זענען נישט גענוג שטאַרק און האָבן נישט גענוג קראַפט פאַר צוויי לעמפּלעך, אָבער דער טאַטע האָט געהאַלטן מיט דער מאַמען און געזאָגט:

— וואָס אַרט דיך? פּראָביר — וועלן מיר זען!...

איך האָב געפאָלגט, צוגעטשעפּעט נאָך דראָט און צוגעפּעסטיקט דאָס צווייטע לעמפּל. איך האָב אַ דריי געטאָן דאָס אַנדערע קנעפּל און... דאָס לעמפּל האָט זיך אָנגעצונדן. עס האָט אָבער געברענט גאָר טונקל און אויך טונקעלער געמאַכט דאָס ערשטע. טאַטע־מאַמע זענען אָבער געווען צופרידן. טאַקע נישט אַזוי ליכטיק, אָבער דערפאַר איז די ליכטיקייט גלייך צעטיילט איבער דער גאַנצער שטוב...

אָף צומאָרגנס אין אָוונט האָבן מיר ווידער אָנגעצונדןביידע לעמפּלעך און זיי האָבן ווידער געברענט. אָבער שפּעטער, ווען מען האָט זיך שוין געקליבן גיין שלאָפן, האָבן ביידע לעמפּלעך אָנגעהויבן טונקעלער ווערן, די ווייסע ליכט, אינע־ווייניק, איז געוואָרן בלאַסער, רויטלעכער, ביז עס האָבן זיך נישט געזען מער קיין ווייסע ליכט־פלעקן, נאָר צוויי קליינע, רויט־צעגליטע דראָט־בויגנס, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אָנגעגליטע האָר־נאָדלען...

אָפן דריטן אָוונט, ווען מיר האָבן אַ דריי געטאָן די קנעפּלעך, האָבן ביידע לעמפּלעך זיך אַ צעגלי געטאָן אָף אַ רעגע און... אינגאַנצן אָפּגעשטאָרבן. אפילע די דראָט־בויגנס אינעווייניק, האָבן שוין מער נישט געגליט...

די מאַמע האָט אָנגעצונדן דעם בליך־לאָמפּ און, אָקוראַט ווי זי וואָלט זיך דאָ געווען דערלעבט אַ נעקאָמע, ביטער אַ זאָג געטאָן:

— נו, וואָס האָב איך געזאָגט? איצט זעט איר שוין, אַז אויב עס איז נישט באַשאַפן פון אויבערשטן, קאָן עס נישט לייכטן...

דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ כמורנער און געזוכט זיך צו טרעפן מיט געדאַליען. אָבער וויפל מיר האָבן זיך נישט נאָכגעפרעגט, האָט מען אים נישט געקאָנט געפינען. מען האָט געשמועסט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אָדעס, קע־דיי דאָרטן צו פאַרלייגן אַ פאַבריק פון עלעקטרישע באַטאַרייעס...

סיי ווי סיי, אינגיכן האָבן מיר באַמערקט, אַז די באַטאַרייע־קענדלעך זענען דורכגעפרעסן פון די אינעווייניקסטע מאַטעריאַלן, וואָס זענען מאַמעש ווי דורכ־

געקראַכן דורך די צינק־ווענטלעך אינדרויסן אַרויס. די מאַמע האָט געפּאָדערט, מען זאָל אַרויסוואַרפן דאָס פּאַסקודסטווע, ווייל עס פאַרשטינקט איר דאָס הויז. מיט עטלעכע אָוונטן שפּעטער, ווען איך בין געקומען פון כיידער, האָב איך געזען, אַז די דראָטן זענען געווען אַראָפּגעריסן פון די ווענט און דאָס קעסטל, אין וועלכן די באַטאַרייעס זענען געשטאַנען, איז אויך נישט געווען. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי האָט אַלץ אַרויסגעוואָרפן אין מיסט, וואו עס דאַרף זיין...

* * * * *

**פּאָטער געוואָרן** פון דער עלעקטריע, האָט נאָך אַלץ דאָס גיין אין שקאָלע, אין כיידער און דאָס לערנען ביים געמאָרע־מעלאַמעד, זיך געלייגט גאַנץ שווער אף מיר. אין געדאַנק איז מיר געקומען, אַז איך בין אָוואַדע נישט אַנדערש ווי אַ באַטאַרייע, וואָס קאָן אויסהאַלטן נאָר אַזויפיל און נישט מער. איך האָב דעריבער גערעדט מיט טאַטע־מאַמע און זיי געזאָגט, אַז ענטוועדער־אָדער; אָדער זיי ווילן איך זאָל שטודירן אף דאָקטער און מיך לאָזן גיין בלויז אין שקאָלע אַריין, אָדער זיי ווילן איך זאָל לערנען צו ווערן אַ ראָוו, זאָל מען אויפגעבן די שקאָלע און מיך לאָזן גיין בלויז אין כיידער אַריין:

— סיידן, — האָב איך געטאַינעט, — איר ווילט, אַז איך זאָל אויסגעצערט ווערן און מען זאָל מיך דאַרפן אַרויסוואַרפן ווי די צעפּרעסענע באַטאַרייעס...

דער טאַטע האָט זיך שטאַרק אָנגעבייזערט אף מיר און פאַרגעוואָרפן:

— אַנדערע קינדער וואָלטן גאָט געדאַנקט, וואָס טאַטע־מאַמע שיקן זיי נישט אַרבעטן און לאָזן זיי לערנען. דו, אָבער, ווילסט נישט פאַרשטיין, אַז מיר האָבן געצויגן דעם קליאַק פון די ביינער, געריסן די הויט פון זיך, קעדיי דיך צו לאָזן לערנען און דיך פאַר אַ מענטש צו מאַכן!...

איך האָב געשוויגן. וואָס האָב איך דען, בעעמעס, געקאָנט זאָגן דערויף? איך האָב דעריבער ווייטער געטראָגן דעם שווערן דרייפאַכן יאָך...

* * * * *

# איך וויל מער נישט לערנען

עטלעכע יאָר זענען פאַרביי, און איך האָב נאָך אַלץ געטראָגן אױף זיך דעם דרייפּאַכן יאָך פון גיין לערנען אין די פרימאָרגנס אין שקאָלע אַריין, אין די נאָכמיטיקס — אין כיידער צו לעוו און וואַקסמאַנען, און אין די אָוונטן — ביים געמאָרע־מעלאַמעד, וועלכער איז געקומען צו אונדז אין הויז אַריין לערנען מיט מיר. איך האָב אָפט פּראָטעסטירט און זיך געוועהרט, אָבער יעדעסמאָל, ווען איך האָב נאָר גענומען רעדן צו טאַטע־מאַמע וועגן דעם, — האָבן זיי מיר אַלץ געענטפערט איין לידל:

— גיי נאָך אָט דעם איינעם זמאַן. דערנאָך וועט מען זען!...

אַזוי עטלעכע זמאַנים. אָבער אָט בין איך שוין געוואָרן דרייצן יאָר און אָנגעהויבן לייגן טפילן. דער טאַטע האָט מיר געקויפט אַ פּאָר שיינע, פּיצינקע טפילן, מיט דינע ווייכע רעציעס, אַז עס איז פּאָשעט געווען אַ פאַרגעניגן, אַ שפּיל, שוין אָפּגערעדט פון צופרידנקייט, זיי אָנצוטאָן און דאַווענען אין זיי. די מאַמע, וועלכע האָט געקענט שיין אויסנייען, האָט מיר געמאַכט אַ שיין טפילן־זעקל פון בלויען פּליוש, און דערויף אויסגעהאָפטן מיט גאָלד־פעדים מיין נאָמען און אַ מאָגן־דאָוויד. איך האָב זיך געגרויסט מיט מיינע טפילן און פלעג זוכן אַ געלעגנהייט צו גיין דאַווענען אין שול, קעדיי זיך צו באַרימען...

אָבער אַז די ערשטע יאָנטעוודיקע טעג פון טפילן־לייגן זענען אַריבער און עס האָט מיך שוין מער נישט גערעגט ווי אין די ערשטע טעג, האָב איך איינמאָל, בעאייסן אָפּוויקלען די רעציע פון דער האַנט, אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איצט וועט מוזן נעמען אַ סאָף צו מיין דרייפּאַכער פּיין. איך האָב נאָר געוואַרט אױף אַ גינס־טיקער געלעגנהייט צו רעדן מיט טאַטע־מאַמע. זיי האָבן אָבער קיינמאָל קיין צייט נישט געהאַט פאַר מיר. טאָמיד איז געווען אַ שטער.

איינמאָל, אַ צוויי וואָכן פאַר פּורים, אין אַ פרייטיק אינדערפרי, בעאייס דער טאַטע האָט געהאַלטן ביים אַוועקגיין צו דער אַרבעט, און איך האָב זיך געקליבן גיין אין שקאָלע אַריין, האָט דער טאַטע מיר פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— וועסט היינט נישט גיין לערנען! וועסט דאַרפן בלייבן אינדערהיים, מיט דער מאַמען, ווייל זי דאַרף דיך דאָ האָבן. זע אָבער, אַז זאָלסט נישט אַרויסגיין פון הויז, סיידן די מאַמע וועט דיך ערגעץ שיקן!...

דער טאַטע איז אַוועק און איך בין געבליבן. צו וואָס די מאַמע דאַרף מיך האָבן אין הויז, האָב איך נישט געוואוסט און נישט באַגריפן. און אַז איך בין

צוגעשטאַנען און זי געפרעגט, האָט זי מיר צערטלעך־ווייך געענטפערט:

— ביסט אַ נאַריש אינגל. אַ באַר־מיצווע־באָכער ווי דו דאַרף נישט פרעגן קיין קאַשיעס. מען זאָגט דיר זאָלסט בלייבן אין שטוב, דאַרפסטו בלייבן!...

— אָבער צוליב וואָס? — האָב איך זיך איינגעשפּאַרט, — נאָך וואָס?...

— מען וועט דיר שוין צו וויסן געבן מיט אַ שאַלאָטן־שאַמעס! — האָט זי שוין בייזלעך אָפּגעשניטן, — אַ אינגל זאָל האָבן אַזאַ טעווע...

איך בין גראָד געווען צופרידן פון נישט דאַרפן גיין לערנען יענעם טאָג. איך האָב געדאַרפט האָבן צייט אויף צו פאַרענדיקן אַ „שיר" אין לאָשן־קוידעש, — אַ ליד, וואָס איך האָב אויפן טאַטנס פאַרלאַנג געגומען פאַרפאַסן, צו שיקן שאַלאַך־מאָנעס צו זיין באַלעבאָס. האָב איך געשריבן דאָס ליד לויטן סטיל פון פּיוטים אין מאַכזער, אין „אַקראָסטיך" — אַזוי, אַז די ערשטע אויסיעס פון יעדער שורע, ווען מען וועט זיי לייענען אַראָפּצו, זאָלן צונויפשטעלן דעם נאָמען מיט דעם צונאָמען פון טאַטנס באַלעבאָס, רעב פּינכעס עליעזער גאָלדבלאַט...

איך האָב דעריבער, אַ צופרידענער, גענומען מיין שרייב־העפטל און זיך אַוועקגעזעצט ביים פענצטער צו אַרבעטן איבער דעם ליד. עס איז מיר אָבער נישט געגאַנגען. מיין געדאַנק איז געווען פאַרנומען מיט נאָכטראַכטן צוליב וואָס מען האָט מיך געהייסן בלייבן אין שטוב. אַ שטיקל כשאַד האָב איך, וואָס די וואָר, יאָ געהאַט, אָבער זיך געשעמט צו פרעגן ביי דער מאַמען. זי אַליין איז געשטאַנען ביים קיך־אויוון און צוגעגרייט דעם טשאָלנט מיט דעם קוגל, און איך האָב געטראַכט, אַז עס קאָן דאָך נישט זיין מען זאָל מיך הייסן בלייבן אין שטוב בלויז קעדיי אָפּצוטראָגן דעם טשאָלנט צום בעקער...

איך האָב צוגעמאַכט מיין העפטל און צוגעגאַנגען צו דער מאַמען. איך האָב גענומען רעדן צו איר און איר באַוויזן, אַז פון מיין לערנען קאָן גאָרנישט אַרויס־קומען, ווייל עס איז נישט געמאָלט מען זאָל אין איין צייט לערנען אי פאַר ראַוו אי פאַר דאָקטער. די מאַמע האָט געקוקט אויף מיר, געבעטן איך זאָל איר נישט דרייען קיין קאָפּ, ווייל זי שטייט קוים אין איין אויף אירע פיס...

איך בין אָבער נישט אָפּגעטראָטן און אַלץ פאָרגעבירט פאַרלייגן מיינע טאַינעס און אַרגומענטן. די מאַמע, האָב איך געזען, איז געשטאַנען מיט צוגעמאַכטע אויגן און פאַרביסענע ליפּן, אַקוראַט ווי זי וואָלט זיך פאַרנומען אָנצושרייען אויף מיר. פּלוצים האָט זי אַ צעווייטיקטן קרעכץ געטאָן, אַרויסגעלאָזט פון האַנט דעם הילצערנעם לעפל מיט וועלכן זי האָט געמישט, און מיר אַ זאָג געטאָן:

— גיכער, גיב אַ לויף אַריבער צו דער מומע כאַווע און זאָג איר, אַז שוין, אָט די רעגע, זאָל זי אַרויפקומען!...

איך בין געבליבן ווי פאַרטשמעלעט, געקוקט אַ דערשראָקענער אויף דער מאַ־מען, ווי זי — אָנהאַלטנדיק זיך ביי דער וואַנט — איז מיט קרעכצעריי קימאַט צוגעקראָכן צו איר בעט און מאַמעש אַ פאַל אַוועק געטאָן דערויף:

— נו, וואָס זשע שטייסטו נאָך דאָ, גאַזלען?! — האָט זי מיט אַן אָנזעבאָרן

ווייטיק אויסגעשריגן, — מען זאָגט דאָך דיר, לויף אַריבער צו דער מומע כאַווע און זאָג איר, אַז זי זאָל די רעגע אַרויפקומען, ווייל... איך... אוי...

איך האָב שוין געזען, אַז די מאַמע איז קראַנק, און מירע געהאַט זי איבער־צולאָזן אַליין. פונדעסטוועגן בין איך פלינק אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ און זיך געלאָזט צו דער מומען, ווי די מאַמע האָט מיך געהייסן.

די „מומע" כאַווע — דער מאַמעס אַ שטיקל קרוויווע — האָט געהאַט אַ שפּייז־קרעמל אָף דער גאַס פונקט אַנטקעגן אונדז. איך בין ווי אַ פייל פונעם בויגן אַריינגעשאָסן אין קרעמל אַריין און אויסגעשריגן וואָס איך וויל.

זי, די „מומע" כאַווע, וועלכע האָט גראָד געהאַלטן אין אָפּוועגן אַ בייטל מעל פאַר אַ קוינע, האָט אַוועקגעלייגט די מעל־שופלע, אָפּגעטרייסלט די הענט פונעם מעל, און אַריינגעשריגן אין דעם צימער אַריין, וואָס הינטערן קרעמל:

— איטשע־מאַיאַ, קים נאָר אַהעיאַ, יאַך מיז שאַין אַראָפּלאַיפן צי, די וואַיסט דאָך שאַין צי ווע‏ימען!...

און צו מיר האָט זי מיט פאַרוואורף אַ ברום געטאָן:

— דאָן מאַמע האָט שאַין קאָן אַנדערע צאַט ניש געקאָנט געפינען, ווי נאָר אין אַ קאָרצן פראַטיק פאַר לאַכט־בענטשן?!...

איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן און בין געלאָפן מיט דער „מומען", וועלכע האָט זיך דורכגעשטופּט דורך די ווייבער, צו אונדז אַרויף.

אַרויפגעקומען, האָב איך — נאָך פון הינטער דער טיר — דערהערט דאָס פּישטשענדיקע געוויין פון אַ קינד. איך האָב זיך פאַרשעמט און בין געבליבן שטיין אינדרויסן, ביי דער טיר. אין אַ ווייל האָט די „מומע" אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער טיר און מיר אַ באַפעל געטאָן:

— וואָזשע שטאַיסטע דו? לאַיף בעסער צים טאַטן אין פאַבריק אַראָן אין זוג עם, אַן שאַין. זוג, ער זאָל ברענגען די אַלטע ברוכע, די האַיוון!...

איך בין געווען ווי צעטומלט. איך האָב געוואָלט לויפן, אָבער פריער האָב איך שטאַרק געוואָלט וויסן צי עס איז אַ אינגל אָדער אַ מיידל. איך האָב דעריבער, — נישט געקוקט וואָס די „מומע" האָט מיך אַוועקגעטריבן — זיך אַריינגעכאַפּט אין שטוב אַריין און, ווי אין דער וועלט אַריין, געפרעגט:

— וואָס זאָל איך זאָגן דעם טאַטן איז עס, אַ אינגל צי אַ מיידל?...

— זעיץ נאָר ווי אימגעדילדיק דוס איז! — האָט די „מומע" בייז אַ ברום געטאָן, — אַ באַל־מיצווע־בוכער זאָל זעך נישט שעמען אין זאָן אַזאַ...

וואָס „אַזאַ", האָב איך נישט געוואוסט. איך האָב אַ קוק געטאָן צו דער מאַ־מען, געזען ווי זי איז געלעגן אין בעט אַ בלאַסע, אַ רואיקע, און מיט געבעט אין די אויגן שטיל געזאָגט דער „מומען":

— כאַווע, — האָט זי געבעטן, — זיי אַזוי גוט און שנייד אָפּ דעם נאָפּל ביים קינד. אָפּן אויוון שטייט אַ טאָפּ מיט וואַרעם וואַסער און דאָ, אין שופלעדל, ליגן וויקל־שנורן, ווינדעלעך און אַנדערע זאַכן...

און גלייך נאָכדעם, פאַרמאַכנדיק די אויגן, צוגעגעבן:

— טו, זיי מויכל, כאַוועָ, אַ קוק וואָס איז עס...

— אַ מאַידל, אַ מאַיד, קענעהאָרע — אַ רויז! — האָט די „מומע" פריילעך געענטפערט. — מאַזל־טאָוו דיר, מאַזל־טאָוו!...

און צו מיר, שוין מיט אומגעדולד, אַ געשריי געטאָן:

— ני, וואָס זשע שטאַיסטע נאָך דו, שטיק גאַילעם?! לאַיף זשע שאָין ווי כ׳האָב דיך געשיקט! גיכער, יאַך קאָן זעך דו נישט צעראַסן איינע אַליין!...

איך האָב גענומען גיין, אָבער די מאַמע האָט מיך מיט אַ בליק פאַרהאַלטן:

— איידער דו גייסט צום טאַטן, טרעט אָפּ ביי שאַלעם דעם שוסטערס ווייב, דאָ אונטן, און זאָג איר, אַז איך בעט זי זאָל שוין אַרויפקומען...

איך בין אַוועקגעלאָפן דערפילן מיינע שעליכעסן און אין האַרצן ביי זיך האָט מיך געגריזשעט אַ פאַרדראָס, וואָס איך וועל ווידער דאַרפן וואַרטן ווער ווייס ווי לאַנג, אָף צו קאָנען רעדן מיט טאַטע־מאַמע, און זען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַ טאַלק צו מאַכן.

די וואָך איז פאַרביי און קיין געלעגנהייט האָט זיך מיר אַלץ נישט געמאַכט. טאַטע־מאַמע זענען געווען פאַרנומען, דאָ מיט דעם קינדס געבורט, דאָ — מיט גיין אין שול אַריין עס אַ נאָמען צו געבן, און מיט איינאָרדענען אַ קידעש אָף שאַבעס פאַר שכיינים און גוטע פריינט.

און דאָ איז געווען עטלעכע טעג פאַר פורים. דאָס ליד האָב איך שוין געהאַט פאַרענדיקט, עס איבערגעלייענט פאַרן טאַטן, פון וואָס ער האָט שטאַרק אָנגע־קוואָלן און מיך געהייסן עס איבערשרייבן מיט געקסיוועטע אויסיעס אָף אַ ספּעצי־עלן בויגן פאַפּיר. אַז איך האָב דאָס געהאַט פאַרטיק, האָט דער טאַטע עס איינ־געוויקלט ווי אַ מעגילע, עס אַרומגעוויקלט מיט אַ שיינעם קאָלירטן פאַפּיר־באַנד און, פורים גאַנץ פרי, מיך געשיקט עס אַריינטראָגן צו זיין באַלעבאָס, פאַניע גאָלדבלאַט, וועלכער האָט געוואוינט נישט ווייט פון אונדז.

נאָכמיטיקצייט האָט דער טאַטע מיך געהייסן זיך אָנטאָן, נעמען מיין העפט און די קאָפּיע פון דעם „שיר", און מיר זענען אַוועק אַהיים צו בריעסלערן — דעם ליטוואַק, וואָס איז אַמאָל געהאַט געווען בוכהאַלטער ביי איטשע גוטראַטן אין זייף־פאַבריק און ביי דער צייט געהאַט אַ ליי־ביבליאָטעק. ווען מיר זענען אַריינ־געקומען צו אים, האָט ער זיך אַרומגעכאַפּט מיטן טאַטן, אַ ברויגעזער אים פאַרגעוואָרפן פאַרוואָס ער קומט אַזוי זעלטן, און איראָניזירט:

— וואָס, איר האָט נאָך אַלץ מוירע פאַר דעם אַפּיקוירעס?...

ער האָט אונדז געבעטן זיצן און גערופן זיין ווייב, אַז זי זאָל דערלאַנגען קיבעד צום טיש.

דער טאַטע האָט אים דערציילט צוליב וואָס ער איז געקומען, און געבעטן, אַז ער זאָל איבערלייענען מיין „שיר". ברעסלער האָט עס איבערגעקוקט, אַ קרום געטאָן מיט די ליפּן און זיך צעשמייכלט:

— כ'וויס... אין מאַכזער וועט מען עס זיכער נישט אַריינשטעלן...

דער טאַטע האָט אים דאַן געבעטן אַ קוק טאָן אָף די סקיצן אין מיין העפט און ער, ברעסלער, נאָכדעם ווי ער האָט איבערגעלייענט עטלעכע שורעס און דורכגעלאָפן מיט די אויגן אַ פּאָר זייטלעך, האָט אַ זאָג געטאָן צום טאַטן:

— אַז אייער באָכערל האָט טאַלאַנט, קאָן מען נישט אָפּלייקענען. אָבער גע־וואַלד געשריגן, פאַרוואָס שרייבט ער נישט דאָס וואָס ער וואָלט געדאַרפט?!...

און זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— שרייב וועגן זאַכן וואָס דו ווייסט, וואָס דו קענסט, וואָס דו זעסט! אָט, באַשרייב, לעמאָשל, ווי פאַר דיר זעט אויס אָט דאָס גלעזל ווייַן דאָ און וואָס דו טראַכסט וועגן דעם! — האָט ער אַ וויז געטאָן אָפן גלעזל ווייַן, וואָס איז געשטאַ־נען לעבן טאַטן. — שרייב וועגן דיין טאַטע־מאַמע, וועגן דיינע ברידער און שוועסטער, וועגן אייער שטוב, דיינע כאַוויירים אין שקאָלע, אין כיידער... באַשרייב זייער אויפפירעכץ, זייער טראַכטן. קריך נישט אין די הימלען אַריין!...

איך האָב געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי אַ צוזאָג, כאָטש מיך האָט שטאַרק גע־קרענקט וואָס ער האָט אַזוי צונישט־געמאַכט מיינע אָנגעשריבענע זאַכן.

בעאייסן אַוועקגיין, ביי דער טיר שוין, האָט ברעסלער מיר דערלאַנגט די האַנט און שטיל געזאָגט:

— דו, באָכערל, הער מיין אייצע, הער די אייצעס פון יעדן איינעם, נאָר טו אַזוי ווי דיין אייגענער סייכל און פאַרשטאַנד זאָגט דיר אונטער. אָבער, — האָט ער צוגעגעבן, — וויסן זאָלסטו, אַז קעדיי צו זיין אַ שרייבער, דאַרף מען לערנען און לייענען. אַ סך לערנען, אַ סך לייענען, און קענען די וועלט... דו ווילסט דאָך מיט דיין שרייבן לערנען אַנדערע מענטשן, אַ־יאָ? הייַנט ווי זשע וועסטו זיי קענען לערנען, אַז דו אַליין וועסט נישט זיין געלערנט?...

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, זיך געזעגנט און אַוועק. אָפן וועג האָב איך זיך פאַרטראַכט איבער זיינע רייד, און באַגריפן, אַז ער איז גערעכט. איך האָב אָבער נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס האָט ער מיך אָט געאייצעט וואָס צו טאָן, און אָט מיר גאָר געזאָגט, אַז איך זאָל נישט הערן קיין אייצעס. און כאָטש איך האָב געהאַט אַ כשאַד, אַז דאָס האָט דער טאַטע מיך פאַרמאַסערט וועגן דעם נישט וועלן לערנען, האָב איך פונדעסטוועגן אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז איך וועל ווייטער גיין אין שקאָלע און אין כיידער און מער נישט רעדן וועגן אויפגעבן.

ווען מיר זענען אַהיימגעקומען, האָט די מאַמע דערציילט, אַז דאָ איז גע־ווען גאָלדבלאַטס דינסט־מיידל מיט אַ טעלער שאַלאַך־מאָנעס און אַ פלאַש ווייַן. אינעם טעלער, — האָט זי געזאָגט, — אַ כוץ אַ פּאָמעראַנץ, אַ האָמענטאַש, ניס, טייטלען און פייגן, איז אויך געווען אַ קאָנווערט. ווען דער טאַטע האָט אים געעפנט, האָט ער דאָרט געפונען פינף און צוואַנציק רובל מיט אַ בריוועלע פונעם באַלעבאָס, אַז דאָס שיקט ער שאַלאַך־מאָנעס אונדז — דעם טאַטן און מיר, דעם מעכאַבער פונעם שיינעם „שיר" מיט די ווינטשעוואַניעס.

דער טאַטע איז געווען שטאַרק צופרידן און מיר געגעבן אַ האַלבן רובל. די מאַמע האָט אָבער געטאַינעט, אַז ער צעלאָזט מיך מיט דעם:

— צו וואָס דאַרף אַ אינגל האָבן געלט? — האָט זי געזאָגט, — עסן דאַרף ער זיך נישט קויפן, און אַף אַ שוך און הויזן, געלויבט צו גאָט...

דער טאַטע האָט אָבער געהאַלטן, אַז איך האָב עס די ווערט.

שפּעטער האָט דער טאַטע מיר געזאָגט, אַז סיי דערפאַר וואָס איך האָב אים צוגעזאָגט מער זיך נישט נאַריש צו מאַכן מיט רייד וועגן נישט וועלן לערנען, און סיי דערפאַר וואָס איך האָב מיט מיין „שיר" פאַרדינט פינף און צוואַנציק רובל, וועט ער מיר פאַר דעם געלט לאָזן מאַכן אַ גאַרניטער לעקאָוועד פּייסעך.

עס איז מיר אָבער אָפּאָנים נישט באַשערט געווען. אַף צומאַרגנס, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון כיידער, איז אין שטוב געווען אַן איבערקער־עניש. דאָס ניי־געבוירענע קינד איז געווען שטאַרק קראַנק. דאָס געלט, וואָס דער טאַטע האָט געזאָלט אויסגעבן אַף אַ גאַרניטער, איז אַוועק אַף דאָקטוירים און רעפּועס צו ראַטעווען דאָס קינד, וואָס איז אין עטלעכע טעג אַרום געשטאַרבן.

אַז דער טאַטע האָט זיך אויפגעהויבן פון זיצן שיווע און זיך געקליבן גיין צו דער אַרבעט, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז זיין באַלעבאָס האָט באַנקראָטירט, צו־געמאַכט די פאַבריק און אַליין זיך ערגעץ אָפּגעטראָגן...

דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ פאַרזאָרגטער און, ווי געוויינטלעך אין אַזעלכע פאַלן, אונטערגעברומט זיין קרעכצנדיק לידעלע: „וויי־צעו, וויי־צעו"...

ביי מיר אין האַרצן האָט זיך ווי דער לעצטער פאָדים איבערגעריסן. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז עס איז גאָר נישט יוישערדיק איך זאָל לאָזן דעם טאַטן צאָלן סכאַר־לימוד פאַר מיר, בעאייס ער האָט קיין פּאַרנאָסע נישט און בלייבט יעדע פאַר כאַדאָשים אָן אַ שטעלע. איך האָב באַשלאָסן, אַז פּונקט ווי אַלע מיינע כאַווירים זענען אין דעם עלטער אַוועק אַרבעטן, דאַרף איך אויך אַזוי טאָן, און זען אַרויסצוהעלפן אין שטוב מיט פּאַרנאָסע.

ווען איך האָב געזאָגט דעם טאַטן וועגן מיין באַשלוס, האָט ער פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן, אָבער איך האָב באַמערקט, אַז אין זיינע אויגן האָבן זיך אַ שטעל געטאָן גרויסע טרערן.

* * * * *

# מעלאָכעס און בראָכעס

נאָך דעם ווי איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו גיין ווייטער לערנען, האָט דער טאַטע אונטערגעשיקט צו מיר דעם רעבן פּאַניע ליעוו, און דעם רוסיש־לערער פּאַניע ראַבינאָוויטש, זיי זאָלן רעדן מיט מיר און מיך איבערצייגן, אַז איך זאָל אָנהאַלטן דאָס לערנען. איך בין אָבער געבליבן איינגעשפּאַרט און געזאָגט, אַז איך קאָן מער נישט, ווייל מען האָט מיך איבערגעלאָדן ווי די באַטאַרייעס, און איך האָב מער נישט קיין קויכעס דערצו...

דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען אַ בייזער, קעסיידער אונטערגעברומט „ווייצע" און מיטאַמאָל פאַרצווייפלט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— אַז ער וויל נישט, וועט גאָרנישט העלפן! געמיינט, איך וועל האָבן פון אים נאַכעס, צום סאָף... מיילע, מיין קאָפּ קאָן איך אָף אים נישט אַרויפזעצן...

די מאַמע, ווידער, האָט באַ יעדער געלעגנהייט מיך שטעכעלירט:

— דאָ וועלן פריער האָר אויסוואַקסן, איידער פון דיר וועט זיין אַ לייט!...

סאָף־קאָל־סאָף האָבן טאַטע־מאַמע אינגאַנצן נאָכגעגעבן און גענומען באַשמועסן וואָס צו טאָן מיט מיר. די מאַמע האָט געהאַלטן, אַז אויב שוין יאָ גיין אַרבעטן, טאָ זאָל עס כאָטש זיין ביי עפּעס אַ בעקאָוועדיקער פּאַרנאָסע, אַז איך זאָל זיי נישט פאַרשוואַרצן די יאָרן:

— אַ מעשאָרעס אין אַ שניט־קראָם, — האָט זי געהאַלטן, — איז אַ בעקאָוועדיקע פּאַרנאָסע. עס איז נישט קיין מעלאָכע, נאָר סאָכעריי, און אויב ער וועט זיין אַ מענטש, וועט ער זיך אַמאָל קאָנען דערשלאָגן צו אַן אייגן געשעפט...

דער טאַטע האָט אָבער געהאַלטן פּונקט פאַרקערט:

— מעלאָכע איז מעלוכע, — האָט ער געטאַינעט, — ביי אַ מעלאָכע, אַז דער באַלעבאָס זאָגט אַמאָל אָפּ פון דער שטעלע, גייט מען און מען קריגט אַ צווייטע, אָדער מען נעמט אַרבעטן פאַר זיך. אַ מעשאָרעס, אָבער, אויב דער באַלעבאָס זאָגט אָפּ, אָדער באַנקראָטירט, קאָן מען אַרומגיין יאָרן און אויסגיין פון הונגער...

דעם טאַטנס אַרגומענט האָט אַפּאָנים געווירקט. די מאַמע האָט נאָר געבעטן, אַז אויב שוין יאָ מיך מאַכן פאַר אַ באַלמעלאָכע, זאָל עס כאָטש זיין ביי עפּעס אַ פיינער, אַן איידעלער, אַז מען זאָל זיך נישט דאַרפן שעמען מיט מיר.

דער טאַטע האָט זיך אַרומגעדרייט, געטראַכט און מיטאַמאָל אַ פרעג געטאָן:

— וואָס, אַשטייגער, רעכנסטו, וואָלט געווען אַ שיינע מעלאָכע?

— איך ווייס, — האָט די מאַמע אויסגעצויגן, — עפּשער אַ סויפער?...

— ע, דאָס איז אַ קאַבצאָנישע אַרבעט! — האָט דער טאַטע אָפּגעזהאָקט.
— שאַ, איז עפּשער גאָר אַ זייגערמאַכער?...
דער טאַטע איז מיטאַמאָל געבליבן שטיין און גענומען נאָכטראַכטן...
אף צומאָרגנס, מיטיקצייט, איז דער טאַטע אַוועק מיט מיר אף כלאַדנע גאַס, צום אַלטן זייגערמאַכער, רעב אַקיווע, — אַ מיטגליד אין זיין כעוורע.
רעב אַקיוועז האָב איך געקענט פון טאַטנס שול „האַכנאָסעס־קאַלע”. ער איז געווען אַ פריילעך אידל, כאָטש מיט אַ שטיקנדיקער אַסטמע, וואָס האָט אים אָפּט אָנגעכאַפּט, אַז מען האָט געמיינט ער עקט זיך. נישט געקוקט דערויף פלעגט ער זיך פונדעסטוועגן רייסן צו דאַוונען פאַרן אָמעד און זיך טאַקע שטאַרק פאַרהוסט אינ־מיטן אַ לעכאַ־דוידי, אָדער אַן אַנדער טפילע, בעאייס ער האָט זיך צעזונגען...
ווען דער טאַטע איז מיט מיר אַריינגעקומען צו אים אין געוועלבל־וואַרשטאַט אַריין, האָט רעב אַקיווע, מיטן זייגערמאַכערישן שפּאַקטיוול אפן אויג, אַ קוק גע־טאָן אף אונדז און ברייטהאַרציק אויסגערופן:
— אַי, אַ גאַסט, אַ גאַסט, וואוס עט עץ זוגן גיטס?!...
דער טאַטע האָט אַ וויז אָן געטאָן מיט דער האַנט אף מיר און געזאָגט:
— עס איז שלעכט מיט די היינטיקע קינדער, רעב אַקיווע! מיין באָכער האָט זיך מיטאַמאָל איינגעשפּאַרט און וויל מער נישט לערנען. ער וויל גיין אַרבעטן...
רעב אַקיווע האָט אף מיר אַ קוק געטאָן דורכן שפּאַקטיוול, אַזוי ווי ער האָט ערשט מיט אַ ווייל צוריק געקוקט אין אַ זייגערל, און זיך אַ נעם געטאָן צו מיר:
— אַי, ביסטע דאָך גור אַ שאַיגעץ, אויב אַזוי! וואוס האַיסט די ווילסט ניש לאַרנען? האָסט דאָך געדאַרפט וואַשן דעם טאַטנס פיס און טרינקען דאָס וואַסער, אַז ער וויל דיך יאַ לאַזן לאַרנען!...
ער האָט אַראָפּגענומען פונעם אויג דאָס שפּאַקטיוול, עס אַוועקגעשטעלט אפן וואַרשטאַט און, אָפּמעסטנדיק מיך פון אויבן ביז אַראָפּ, געמורמלט:
יאָך מאַין, אַז אויב דוס אינגל וויל נישט, וועט דו שאָין קאַ טוטער אויך נישט העלפן. האַקלאַל, וואוס זשע קאָן יאָך אייך אייצענען?...
דער טאַטע האָט אומבאַקוועם אַ שמייכל געטאָן:
— איך האָב גערעכנט אים אַוועקצוגעבן פאַר אַ זייגערמאַכער...
דאָ איז דער טאַטע אַרויס פון זיין שטענדיקער ראָלע פון שטראָפן מיך און פאַרוואָרפן, אַז איך בין נישט קיין לייט און וועל שוין קיינמאָל קיין לייט נישט זיין. פאַרקערט; ער האָט מיך גאָר גענומען לויבן פאַר רעב אַקיוועז:
— איר פאַרשטייט, רעב אַקיווע, — האָט ער געזאָגט, — אַ קלוג אינגל איז ער און וואָס די אויגן זעען — דאָס קאָנען די הענט. ער האָט אַ שאַרף קעפּל און אַלעוואַי וואָלט ער נאָר געוואָלט. איז וואָס זשע זאָגט איר, רעב אַקיווע?...
דער אַלטער האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין דער גאָמבע צווישן דער באָרד, זיך אויסגעהוסט, ווידער אָנגעטאָן דאָס שפּאַקטיוול אפן אויג און אַ זאָג געטאָן:
— מאַילע־ני, לאָזט עם איבער, וועלן מיר זען...

דער טאַטע האָט געדאַנקט רעב אַקיווען און זיך געזעגנט מיט אים. ער האָט מיך אַרויסגענומען אַף דער גאַס און קימאַט מיט טרערן מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל זיין אַ לייט און פאָלגן; אַז עס זאָל זיך מיר אַמאָל כאָלילע נישט פאַרגליסטן אַ זייגערל און איך זאָל אים נישט מעוואַיעש מאַכן אין דער כעוורע:

— נו, — האָט ער לעסאָף אַ זאָג געטאָן, — גיי אַריין צו דער אַרבעט!...

אַז איך בין צוריק אַריינגעקומען, האָט רעב אַקיווע מיך נאָכאַמאָל באַטראַכט דורכן שפּאַקטיוול און באַפוילן:

— ני, וועסט נעמען די באַרשט און אַביסל אויסקערן!

איך האָב פון אַ הינטערשטן ווינקל גענומען די אַלטע אויסגעריבענע באַרשט און געוואָלט נעמען אויסקערן. אָבער רעב אַקיווע האָט מיך פאַרהאַלטן:

— ניין־ניין, ביי אַ זייגערמאַכער קערט מען נישט אויס אַזוי ווי אין הויז ביי אייך! דו דאַרף מען פריער אַ קיק טין צי עס וואַלגערט זיך אַמאָל נישט אַף דער ערד עפּעס אַ שרייפעלע, אַ רעדעלע, אָדער אַ שפּרינגפעדערל. פאַרשטייסט?...

ער האָט מיר דערלאַנגט אַ מאַגנעט און אָנגעזאָגט, אַז ווען איך וועל האָבן צונויפגעקערט דאָס גאַנצע שטויב, זאָל איך עס דורכטאַפּן מיטן מאַגנעט און זען אויפצוקלייבן אַלץ וואָס וועט זיך האָבן צוגעטשעפּעט צו דעם:

— זאָלסט אָבער געדענקען, — האָט ער שטרענג צוגעגעבן, — קיינמאָל נישט אָנצורירן מיטן מאַגנעט קיין זייגערל, ווייל עס קאָן קאַליע ווערן. פאַרשטייסט?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, געקוקט מיט נייגער אַפן מאַגנעט און גע־טראַכט, פאַרוואָס זאָל אַ זייגערל קאַליע ווערן ווען מען רירט עס אָן מיט דעם און, דער איקער, ווי אַזוי קאָן רעב אַקיווע וויסן, אַז איך האָב אָנגערירט... גלייך, אָבער, האָב איך זיך דערשראָקן פאַר מיינע מאַכשאָוועס, ווייל איך האָב פּאַשעט מוירע געקראָגן, אַז מיט דעם שפּאַקטיוול, וואָס רעב אַקיווע טראָגט אַזוי קובציק אַפן אויג זיינעם, זעט ער נישט נאָר מיין גאַנצן אינגעווייד, נאָר אַפילע מיינע געהירן און די געדאַנקען אין זיי.

איך האָב גענומען אויסקערן און דערביי געטראַכט, אַז עס וואָלט זייער גוט געווען ווען איך זאָל כאַטש איינמאָל אַ קוק טאָן דורכן שפּאַקטיוול. מיט פּליים האָב איך צוגעטראָגן צו רעב אַקיווען די פּיצלעך שרייפלעך און רעדלעך, וואָס איך האָב צונויפגענומען מיטן מאַגנעט, האָט ער אַ קוק געטאָן אַף זיי און געזאָגט:

— ביסט אַ שויטע! וואַרף עס אַרויס. דאָס זענען צעבראָכענע זאַכן! אָבער פונדעסטוועגן זאָלסטו אַלעמאָל אַ קיק טין, ווייל עס קאָן זיך מאַכן, אַז אַמאָל זאָל דאַווקע אַראָפּפאַלן אַ גאַנצע זאַך!... פאַרשטייסט?...

פאַרטיק מיט דעם, האָט ער מיך אָוועקגעזעצט ביים וואַרשטאַטל אָנטקעגן זיך, אַרויסגענומען פון שופלעדל אַ בערשטעלע, אַ שטיקל זאַמש און אַ פלעשעלע בענ־זין, אָנגעגאָסן דערפון אַביסל אין אַ פאַרצעלייען שעלעכל אַריין, צוגערוקט מיר אַ צוגעדעקט גלעזערן שיסעלע פול מיט רעדלעך און אַנדערע זייגער־טיילן, און מיך געהייסן זיי אויסבאַרשטן און אויסרייניקן:

— פריער, — האָט ער מיר געוויזן ווי אַזוי, — זאָלסטו יעדע זאַך דאָ גוט אויסוואַשן מיט בענזין. דערנאָך זאָלסטו מיטן בערשטעלע גוט אויסרייבן צווישן די ציינדלעך יעדעס פיצעלע שטויבעלע, אַריינלייגן אַלץ אין אָט דעם גלעזעלע און צודעקן מיטן שטאַרצעלע. פאַרשטייסט?...

איך האָב פלייסיק גענומען וואַשן און פוצן די רעדלעך און זיך דערפילט שטאַרק געהויבן. מיר איז געפעלן דער איניען פון אַרבעטן, און איך האָב מע־קאַנע געווען רעב אַקיווען, וואָס ער ווייסט אַזוי גוט וואו אַריינצושטעלן יעדעס רעדעלע און שרייפעלע און קען גאַנץ מאַכן אַ צעבראָכענעם זייגער. פלוצים האָב איך דערהערט רעב אַקיוועס שטימע איבער זיך:

— יאַך גאַי אַרויס אַף אַ מיניט. זע זשע גיב די אַכטינג, אין טאָמער וועט עמעצער אַראַנקימען, זאָלסטי אים האַיסן וואַרטן אַף מיר!...

איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז ער קאָן זיך פאַרלאָזן אַף מיר, און איך האָב זיך געפילט געשמייכלט, וואָס ער געטרויט מיר צו בלייבן אַליין מיט אָט די אַלע זייגערס און זייגערלעך, וואָס הענגען אַרום און אַרום אַף די ווענט. אָבער באַלד ווי רעב אַקיווע איז אַרויס, האָט זיין פריערדיקער אַנזאָג מיך פלוצים אַ טאַרע געטאָן און איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן באַגער אויסצופּראָבירן, וואָס דער מאַג־נעט קאָן אָפּטאָן אַ זייגער און צי ער וועט טאַקע קאָנען דערקענען...

איך האָב אַרויסגענומען דעם מאַגנעט פונעם שופלעדל און אים צוגעלייגט צום זייגערל, וואָס ער האָט געהאַלטן אין פאַריכטן, און וואָס ער האָט געלאָזט ליגן אפן טישל — צוגעדעקט מיט אַ שטיקל ביבולע־פּאַפּיר. איך האָב זיך אָבער גלייך דערשראָקן, צוריק אָוועקגעלייגט דעם מאַגנעט און זיך ווידער גענומען צו מיין אַרבעט. איך האָב געריייניקט און געפוצט די רעדלעך מיט פלייס און זיך מאַמעש געשפּיגלט אין זיי. דער איקער, ווען איך האָב גענומען אין דער האַנט אַריין איינס פון די גרעסערע רעדלעך — צו דעם האָב איך גאָר געפילט אַ מאָדנע ליבשאַפט, האָב עס געדרייט אין דער האַנט, גערעדלט דערמיט איבערן וואַר־שטאַט און... פלוצים האָט מיך באַוועלטיקט אַ געדאַנק, אַז אָט דאָס רעדל וואָלט געקאָנט זיין אַ וואויל מאַצע־רעדל — אַ זאַך, וואָס איך האָב מיטאָמאָל באַקומען גאָר אַ גרויסן כיישעק צו האָבן...

איך האָב געטראַכט און זיך פאָרגעשטעלט ווי די אינגלעך פונעם הויף, מיינע כאַווירים, וועלן דאָס מיך מעקאַנע זיין מיט אָט דעם רעדל און ווי יעדער איינער וועט מיך בעטן, איך זאָל עס אים געבן צו האַלטן אַ ווייל און אים לאָזן דער־מיט אַ רעדל טאָן. איך האָב אויסגעפּלאַנירט, אַז דאָנערשטיק אין אָוונט, ווען די מאַמע וועט פאַרקנעטן טייג אַף כאַלעס, וועל איך דערפון אַראָפּקנייפּן אַ שטיקל, וועל אויסוועלגערן זיך אַ מאַצע און זי מיט מיינע אייגענע הענט דורכרעדלען, ווי איך האָב עס אַנומלטן געזען טאָן אין דער מאַצע־בעקעריי...

אַ צעפּלאָמטער האָב איך מיט ציטערדיקע פינגער און האַרץ אַ נעם געטאָן דאָס רעדל, פלינק עס אַריינגערוקט צו זיך אין וועסטל־קעשענקעלע און, גלייך

ווי גאַרנישט, ווייטער גענומען וואַשן און פּוצן די רעדלעך און שרייפלעך...

רעב אַקיווע איז צוריקגעקומען, געפרעגט צי עמעצער איז געווען, אַ קוק געטאָן אַף מיין אַרבעט און, אַ קנופּ טוענדיק מיר אין באַק, געזאָגט:

— אַזוי־אַזוי, אַז וועסט צילאַיגן קאָפּ, וועסטו זאַן אַ זייגערמאַכער!

אַ האַפּערדיקער בין איך אַהיימגעגאַנגען און, באַלד ווי איך האָב אָפּגעגעסן, זיך גענומען צום אויסשניצן פון האָלץ אַ הענטל פאַרן מאַצע־רעדל. איך האָב אָבער גלייך זיך צעשניטן אַ פינגער און די מאַמע האָט מיך גענומען שטראָפן, אַז „אַ שיינע ריינע קאַפּאָרע אַף דיר", ווייל איך פאַרנעם זיך מיט נאַרישע זאַכן, אנשטאָט צו נעמען און אַריינקוקן אין אַ סייפער אַריין...

איך האָב ערגעץ געוואָלט באַהאַלטן דאָס רעדל, אַף אַ צווייטער געלעגנהייט, אָבער נישט געקאָנט געפינען אַ זיכער פּלאַץ, וואו די מאַמע זאָל עס נישט קאָנען געפינען. איך האָב דעריבער באַשלאָסן, אַז דאָס סאַמע זיכערסטע פּלאַץ וועט זיין טאַקע ביי מיר אינעם וועסטל־קעשנקעלע.

צומאָרגנס, ווען איך בין געקומען צו דער אַרבעט, האָט רעב אַקיווע זיך אַרומגעדרייט אַן אויפגערעגטער. אפן טישל ביי אים איז געלעגן אַ געווערק פון אַ וואַנט־זייגער. אַזוי ווי איך בין אַריינגעקומען, האָט ער מיך געפרעגט:

— הער נאַר, האָסט עפּשער געזען אַ מעשן רעדל מיט ציינדלעך, אָט אַזוי די גרויס?... ערשט נעכטן עס געזען אין שיסעלע און...

איך האָב דערפילט, אַז איך בין רויט געוואָרן. ביי מיר איז קיין סאָפּיק נישט געווען, אַז ער מיינט דאָס רעדל, וואָס ליגט ביי מיר אין קעשנקעלע. איך האָב אָנגעהויבן ציטערן פון שרעק און געטראַכט וועגן אַן אויפן ווי אַזוי עס צוריקצוגעבן, אונטערצוואַרפן, אַז ער זאָל נישט וויסן איך האָב עס געהאַט.

— עפּשער איז עס אַראָפּגעפאַלן אַף דער ערד אונטערן וואַרשטאַט ? — האָב איך טאַמעוואַטע געפרעגט, — גיט מיר דעם מאַגנעט, וועל איך אַ קוק טאָן...

— גאַי שאַין, שויטע, — האָט ער געענטפערט, — ווי קימט עס אינטערן וואַרשטאַט, אַז עס איז געלעגן אינטערן גלעזל, מיט אַלע רעדלעך צוזאַמען...

— פונדעסטוועגן, — האָב איך זיך געדונגען, טראַכטנדיק, אַז קיין אַנדערע געלעגנהייט עס אונטערצוואַרפן וועל איך נישט האָבן, — לאָזט מיך זוכן...

איך האָב זיך אַרונטערגעבויגן אונטערן טישל און זיך געמאַכט זוכן. בעת־אייס דעם בין איך מיט די פינגער פון דער לינקער האַנט אַריינגעקראָכן אינעם וועסטל־קעשנקעלע אַריין, גענומען אַרויסגראַבלען דאָס רעדל, אָבער... איך האָב זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז אינדערהיים האָב איך עס געהאַט איינגעוויקלט אין אַ שטיקל פּאַפּיר און עס וועט מיר איצט שווער זיין דאָס אויסצופּאַקן דערפון, אַז רעב אַקיווע זאָל עס נישט באַמערקן. איך האָב געאַרבעט שווער מיט די פינגער אינעווייניק, אין קעשנקעלע, און האָב עס ענדלעך אויסגעוויקלט פונעם פּאַפּיר:

—— רעב אַקיווע, — האָב איך פריידיק אויסגערופן, — דאַכט זיך, איך האָב עס. איך האָב געפונען אַ רעדעלע. טוט אַ קוק צי דאָס איז עס...

רעב אַקיווע האָט עס צוגענומען פון מיר, אַ קוק געטאָן און געשמייכלט:

— איזן איז עס טאַקע דוס רעדל וואָס האָט געפעלט. אָבער זוג מיר נאָר, ווי קימט עס, וואָס געזוכט האָסטו עס מיט דער רעכטער האַנט און געפונען האָסטו עס גור מיט דער לינקער, האַ?...

איך האָב געמומען שטאַמלען, זוכנדיק ווערטער וואָס צו ענטפערן. ר'עב אַקיווע האָט געקראַצט די גאָמבע, מיך געהייסן נעמען דעם פּאַלטן און אַהיימגיין:

— זוג דעם טאַטן דיינעם, — האָט ער טרוקן צוגעגעבן, — אַז פון דיר וועט שוין קיין זייגערמאַכער קיינמול נישט זיין!...

איך בין מיט אַ צעבראָכן האַרץ אַהיימגעגאַנגען...

* * * * *

ווידער האָט די מאַמע געוויינט און געטאַינעט, אַז פון מיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין, און ווידער האָבן טאַטע־מאַמע גענומען טראַכטן וואָס צו טאָן מיט מיר. דער טאַטע האָט מיך אַרויפגענומען צו זיינס אַ פריינט, אַ כעוורע־מאַן, רעב מוישע פיין דעם העפטער.

רעב מוישע פיין — אַ איד מיט אַ היפּש בייכל און אַ שיינער בלאָנדער באָרד — האָט טכילעס אַפילע געזאָגט דעם טאַטן, אַז ער דאַרף גראָד נישט קיין לערן־אינגל. אָבער ווען דער טאַטע האָט אים פאַרזיכערט, אַז איך קען שוין ריסעווען, האָט יענער אַ גלעט געטאָן די ברייטע באָרד און מעהייכעטייסעדיק געזאָגט:

— מיילע, וואָס קאָן איך דאָ אָנווערן? זאָל ער בלייבן, וועל איך זען...

בין איך געבליבן אַף דער לער ביי מוישע פיין דעם העפטער. דער טאַטע האָט אַפילע נישט געפרעגט ווי לאַנג איך וועל דאַרפן זיין אַף דער לער און ביכ־לאַל... ער איז זיכער געווען, אַז מוישע פיין, וועט מיך נישט קריוודען...

די ערשטע טעג איז מיין אַרבעט אין דער העפטעריי באַשטאַנען, דער איקער, פון אָפּשערן די נאָכהענגענדיקע פעדימלעך פון די אויסגעהאָפטענע זאַכן. אַף דער צווייטער וואָך האָט דער מייסטער מיך שוין אָוועקגעזעצט ביי דער פאָזע־מאַשין — אַזאַ געשטעל מיט אַ גרויסן ראָד אינדערהויך און מיט אַ לאַנגן באַוועג־לעכן שטאַנג, אין וועלכן עס איז געזעסן אַ נאָדל. מיט דעם שטאַנג אין דער האַנט האָב איך געדאַרפט נאָכפאָלגן אַף פּאַפּיר די אויסגעריסעוועטע בלומען־דעסינס און רעקאָקאָ־געפלעכטן, און מיט דער לויפנדיקער נאָדל אויסשטעכן לעכעלעך אַף די געהעריקע ליניעס, קעדיי מען זאָל די צייכענונגען קאָנען אָפּקאָפּירן אַף די סכוירעס, וועלכע האָבן געדאַרפט אויסגעהאָפטן ווערן.

די דאָזיקע אַרבעט איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. איך בין זייער שטאָלץ געווען, וואָס שוין אַף דער צווייטער וואָך געטרויט מען מיר אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט צו טאָן. אָבער אינגאַנצן צופרידן בין איך פאָרט נישט געווען. מיך האָט שטאַרק געצויגן צו דער העפט־מאַשין — די וואָס נייט אויס די בלומען. איך האָב זיך אָפט צוגעקוקט ווי די באַלמעלאָכעס טוען דאָס און איך בין זיכער געווען, אַז איך וואָלט דאָס אויך געקענט טאָן. מיר האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט זיצן

ביי אַט דער העפט־מאַשין, דרייען מיטן קאַרבעלע, וואָס געפינט זיך אונטער דעם טיש־פלאַך, און דערמיט קירעווען דאָס נאָדל־פיסל אין די פאַרשידענע ריכטונגען פון די אויסגעריסעוועטע בלומען און דריידלעך...

צו אַזאַ מאַשין, אָבער, האָב איך געהערט, וועט מען מיך אַזוי גיך נישט צולאָזן. מען האָט מיר געזאָגט, אַז אויב איך וועל זיך אויסטויגן, וועט מען מיר עפשער ווייזן ווי צו אַרבעטן אַף איר ערשט אין אַ צוויי יאָר אַרום...

צוויי יאָר האָט מיר אָבער אויסגעזען צו לאַנג צו וואַרטן. מיך האָט געצויגן צו דער מאַשין און דער אומרו האָט מיך מאַמעש געפייניקט. איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל מוזן געפינען אַ וועג צו פּראָבירן און זען ווי זי אַרבעט.

איינמאָל, בעאייס די באַלמעלאָכעס זענען אַרונטער עסן מיטיק, און אינעם וואַרשטאַט איז קיינער, אַ כוץ מיר, נישט געבליבן, האָב איך זיך צוגערוקט צו איינער פון די מאַשינען, אין וועלכער עס איז געלעגן אַ בלוי סאַמעטן קלייד, אינמיטן געהעפט פון אַ פיל־קאָלירטן בלומען־בוקעט. איך האָב זיך צוגעזעצט אפן בענקל ביי דער מאַשין, באַטראַכט דאָס געהאַפטענע, זיך געקווענקלט און... ווי פון זיך אַליין האָבן מיינע פיס זיך אַ שטעל געטאָן אפן טרעטער, געלאָזט די מאַשין אין גאַנג און... איך האָב אַ ציי געטאָן דאָס קליינע קאַרבעלע...

איך האָב זיך געפלייסט נאָכצופאָלגן די געצייכנטע ליניעס, אָבער עפּעס איז עס נישט געגאַנגען ביי מיר. דאָס נאָדל־פיסל — אנשטאָט צו רוקן דאָס קליידל אַף לינקס — האָט עס גאָר גערוקט אַף רעכטס, אַנשטאָט אַרויף — אַראָפּ, און די נאָדל איז מיטאַמאָל גאָר אַרויסגעקראָכן פון די אָנגעצייכנטע ליניעס...

ווען די באַלמעלאָכעס זענען צוריקגעקומען און דערזען וואָס איך האָב דאָ אָפּגעטאָן, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ געוואַלד און מיך מאַמעש געוואָלט דוירעסן. האָב איך נישט געוואַרט אפן באַלעבאָס און זיך גלייך אָפּגעטראָגן אַהיים...

אַז די מאַמע האָט מיך דערזען אַזוי פרי אַהיימקומען, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז עפּעס איז געשען און האָט מיך שטעכיק אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז, מען האָט דיך שוין פון דער שטעלע אויך אַרויסגעוואָרפן?

— ניין, — האָב איך גלייכגילטיק געענטפערט, — איך בין אַליין אַוועק פון דאָרט. מיר געפעלט נישט קיין העפטעריי!...

— נעכטן ביסטו דאָך אָבער געווען פאַרכאַפּט דערפון, — האָט זי געזאָגט.

— נו, נעכטן יאָ און היינט נישט! — האָב איך גאַנץ קאַלט געענטפערט.

די מאַמע האָט צוּוויטיקט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— איך האָב געזאָגט, אַז פון דיר וועט קיין לייט נישט זיין, זעט אויס, אַז עס איז טאַקע אַזוי. נו, זאָג, וואָס וועט פאָרט זיין דער סאָף פון דיר?...

* * * * *

**דריי טעג שפּעטער** בין איך שוין געווען אַף אַ נייער שטעלע. דער ליטוואַק ברעסלער, פון דער לייַ־ביבליאָטעק, מיט וועמען דער טאַטע האָט זיך באַראָטן, — הערנדיק וואָסער „שאָדן־ווינקל“ איך בין, — האָט געזאָגט צום טאַטן:

— אייער אינגל איז אַן אומרואיקער. ער וויל עפּעס טאָן, עפּעס מאַכן מיט די אייגענע הענט. פאָלגט מיך, גיט אים אַוועק צו אַזאַ אַרבעט, וואו ער אַליין זאָל קאָנען עפּעס באַשאַפן, וואו ער זאָל זיך קאָנען אויסלעבן...

ער האָט דעם טאַטן געגעבן דעם נאָמען מיטן אַדרעס פון זיינס אַ פריינט, וואָס האָט אַ דרוקעריי, און געהייסן זאָגן, אַז דאָס האָט ער אונדז צוגעשיקט...

אַף צומאָרגנס איז דער טאַטע אַוועק מיט מיר צום געהעריקן פּלאַץ.

די דרוקעריי איז געווען אין אַ געוועלבל צו דער גאַס צו. דער באַלעבאָס — אַ דאַרינקער, אויסגעבלאַסטער איד מיט אַ שפּיציק בערדעלע, אַקוראַט ווי ביי ברעסלערן, און מיט גאָלדענע פּענסנע — האָט אונדז אויפגענומען אין זיין „קאַנ־טאָר", אין פאָרנט פון דער אָפּצאַמונג, הינטער וועלכער עס איז געווען זיין דרוקעריי. ער האָט גערעדט הויך, קימאַט געשריגן, ווייל די דרוק־מאַשין אינע־ווייניק, הינטערן ווענטל, האָט שטאַרק גערוישט און מאַמעש פאַרדעקט זיין ליטווישן אידיש, וואָס מיר האָבן אַזוי אויך קוים פאַרשטאַנען...

איך בין דעם אידן אָפּאָנים געפעלן געוואָרן. נאָך קורצע רייד האָט ער מיך צוגענומען אַף דער לער, אָן שום געהאַלט, זאָגנדיק, אַז מיר דאַרפן צופרידן זיין, וואָס ער פאַרלאַנגט נישט, מיר זאָלן אים צוצאָלן פאַרן לערנען מיך...

באַלד ווי ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער „פאַבריק", האָט ער פון איינעם פון די געשטעלן אַרויסגערוקט אַ פלאַך שופלאַד — אַ „קאַסע", ווי עס ווערט אָנ־גערופן — מיט פאַרשידענע קליינע אָפּטיילן, אין וועלכע עס זענען געלעגן איינ־געטיילט די אויסיעס. ער האָט מיך געהייסן דורכקוקן יעדעס באַזונדערע קעסטע־לע און גוט איינכאַזערן וואָס פאַר אַ בוכשטאַב עס ליגט אין יעדן אָפּטייל.

מיר איז אויסגעקומען נאַריש צו דאַרפן איינכאַזערן און געדענקען וואו יעדער בוכשטאַב ליגט. איך האָב דעריבער גענומען שטיקלעך פּאַפּיר, אויפגע־שריבן אַף זיי די בוכשטאַבן און זיי גענומען אויפקלעבן אין די געהעריקע אָפּ־טיילן. אָבער דער באַלעבאָס, דערזעענדיק דאָס, האָט גענומען שרייען:

— פּויערסע קאָפּ! מען טאָר ניסט אויפסרייבן! מען פאַרסרייבט עס אין קאָפּ ביי זיך! פאַרסטייסט?... איינמאָל אויסגעלערנט, וועסטו סוין וויסן אַף אַלעמאָל. וואָרים אין אַלע „קאַסעס" איבער דער גאַנצער וועלט, האַלט מען די בוכסטאַבן אַזוי איינגעטיילט!...

איך האָב זיך גענומען דערצו אָנגענומען. און, מאַדנע, אין אַ שאָ צייט האָב איך שוין גע־קענט די „קאַסע" פון אויסנווייניק און געוואוסט וואו יעדער בוכשטאַב ליגט.

דער מייסטער, פאַניע גאָלד, האָט מיך איינמיסטן פאַרהערט און, זעענדיק, אַז איך ווייס טאַקע, געהייסן איך זאָל פאַר אים אויפזעצן פון גרויסע בוכשטאַבן אַ געוויסע שורע. ער האָט מיר געגעבן אַזאַ קליינע שטאָלענע וואַרשטאַטקע, געוויזן ווי מען דאַרף דאָס האַלטן, ווי אַזוי אַ כאַפּ צו טאָן די בוכשטאַבן פון די נעסטן און — נישט אַנקוקנדיק זיי, נאָר בלויז דורך אָנטאַפּן די ספּעציעלע קאַרבן — זיי אַוועקשטעלן אַזוי, אַז זיי זאָלן אויסקומען ווי געהעריק...

אפן צווייטן טאָג האָט ער מיר געוויזן ווי אַזוי פאַנאַנדערצעוואָרפן די בוכ־שטאַבן פון אָפּגעדרוקטן זאַץ אין די געהעריקע נעסטן אַריין. ער האָט מיר דער־קלערט די פאַרשידענע דרוק־מאָסן: „פעטיט, קאָרפּוס, ציצעראָ"; די פאַרשידענע גרעב פון „ספּאַצעס" — בלויזן צווישן די בוכשטאַבן; אַז זעקס פּונקטן מיינט אַ נאָנפּאַרעל, אַכט פּונקטן — אַ פּעטיט, און נאָך אַנדערע טערמינען. איך בין דערפון פאַרכאַפּט געוואָרן און געטראַכט, אַז דרוקעריי איז טאַקע מיין עמעסער „זיווג"...

אף דער דריטער וואָך, בעאַיס פאַניע גאָלד האָט מיך געהייסן אויסזעצן אַ שורע און מיך געהייסן זי אַריינשטעלן אף אַ געוויסן פּלאַץ אין זאַץ אַריין, האָב איך פאַרגעשלאָגן, אַז אויב מען וואָלט די נעמלעכע שורע געשטעלט מער צו רעכטס, נישט אין צענטער, וואָלט עס אויסגעקומען שענער, עפעקטיווער, — האָט ער, דער באַלעבאָס, אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אף מיר און געזאָגט:

— ביסט גערעכט, האָסט געסמאַק. וועסט נאָך זיין אַ מענטש ביי מיר!...

ער איז אַזוי צופרידן געווען פון מיר, אַז יענעם פרייטיק, פאַרן אַהיימגיין, האָט ער מיך צוגערופן און מיר געגעבן צוואַנציק קאָפּיקעס אף אַ נאַש...

דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. „וואָס עפּעס צוואַנציק קאָפּיקעס?" — האָב איך זיך געטראַכט, — „מער האָב איך דען נישט די ווערט?"... אפן מאָמענט האָב איך עס אים געוואָלט צוריקוואַרפן און מער נישט קומען אַרבעטן. איך האָב אָבער נישט געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל מיך ווידער שטעכעלירן, אַז איך קאָן זיך לאַנג אף קיין שטעלע נישט האַלטן, און האָב דערפאַר געמאַכט אַ שוויג...

זונטיק אינדערפרי, אַז איך בין געקומען צו דער אַרבעט, איז די „פאַבריק" נאָך געווען פאַרמאַכט און איך האָב זיך אַוועקגעשטעלט וואַרטן. ערשט דער שאָכן פונעם דערבייאיקן שפּייז־קרעמל האָט מיך צוגערופן און מיר געזאָגט:

— האָסט נישט וואָס צו וואַרטן, אינגל! דיין מייסטער האָט באַנקראָטירט. די פאַבריק וועט זיך מער נישט עפענען. אָט, גיב אַ קוק, זי איז פאַרכאַסמעט!

איך בין צוגעגאַנגען צו דער פאַרמאַכטער טיר און דערזען, אַז אף איר איז אויפגעהאנגען אַ גרויסער שלאָס, פאַרכאַסמעט מיט טריפּוואַקס, און דערביי — אַ צוגעקלעבט פּאַפּיר מיט אַ רויטן שטעמפּל פון אַ קאַזיאָנע אָדלער. אפן פּאַפּיר איז געווען אָפּגעדרוקט, אַז דאָס פּלאַץ איז צוגעמאַכט ביז דער ליציטאַציע...

איך האָב געקוקט אפן שטעמפּל, אפן שלאָס, אף דער טיר, און אַ טראַכט געטאָן, אַז עס איז מיר אַפּאָנים נישט באַשערט צו זיין אַ זעצער אויך, און איך בין אַ פאַרטרויערטער אַהיימגעגאַנגען...

טאַטע־מאַמע האָבן טכילעס נישט געוואָלט גלויבן וואָס איך האָב דערציילט, און געזאָגט, אַז דאָס האָט דער באַלעבאָס מיך אַוואַדע אַרויסגעוואָרפן...

* * * * *

עטלעכע טעג שפּעטער האָט איינער פון אונדזערע שכיינים געפונען פאַר מיר אַ נייע שטעלע, ביי אַ נייער סאָרט מעלאָכע — בלעך־ציערײַ...

דאָס איז געווען אַ פאַבריק, וואו מען האָט פון בלעך אויסגעטאַקט און גע־

צויגן אַף אַ טאַקאַרניע־געשטעל פאַרשידענע כאַפּייצים פון בלעך, ווי אַשטייגער: שפּיי־שיסעלעך, אַש־טעצעלעך, ראַזעטקעס פאַר לאָמפּן־פיס און נאָך אַזעלכע מינים בלעך־זאַכן. דערצו האָט מען דאָרט אויך געמאַכט פאַשעטע קענדלעך פאַר נאָפּט, לעמפּלעך, עמערס, גאָרטן־שפּריצערס און נאָך אַנדערע הויז־מאַכשירים.

באַלד ווי איך בין אַנגעקומען אין פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ גרויסן קעלער, האָט מען מיך אַוועקגעשטעלט ביי אַזאַ מאַשין, וואָס האָט אויסגע־שניטן רונדיקע פלאַכן פון בלעך־בויגנס. מיט איין האַנט האָב איך געדאַרפט דרייען אַ קאָרבע אין דער רעכטער זייט פון דער מאַשין, און מיט דער לינקער האַנט — קירעווען דעם בויגן בלעך צווישן די דרייענדיקע וואַלצן־מעסערס.

לעבן דער מאַשין איז געשטאַנען אַ צווייטע, אָן ענלעכע, און אַ צווייטער אינגל האָט די אויסגעשניטענע רונדן דורכגעלאָזט דורך אַזעלכע רעדלעך, וואָס האָבן אַרומגעקנייטשט די ברעגן, מען זאָל זיי קאָנען צולייטן, ווי דנאָען, צו די זייטן פון קענדלעך, אָדער אויסגעקוועטשט רינגעס אַרום די בלעכלעך.

די אַרבעט אַףביידע מאַשינען איז געווען אַ ריזיקאַלישע און געפערלעכע. מען האָט זיך שטאַרק געדאַרפט היטן מיט די הענט, ווייל אַ קליינע אומפאָרזיכטי־קייט — און מען האָט זיך געקאָנט אָפּשניידן די פינגער...

האָט טאַקע געטראָפן, עטלעכע טעג נאָך מיין אָנקומען צו דער אַרבעט, אַז די מאַשין האָט אַריינגעכאַפּט און אָפּגעשניטן ביי איינעם פון די לערן־אינגלעך ביידע שפּיצן פון צוויי פינגער פון זיין לינקער האַנט.

אין פאַבריק איז גלייך געוואָרן אַ ליאַרעם און אַ געוואַלד. דער באַלעבאָס, וועלכער איז געווייינטלעך געזעסן אין זיין קראָם אינדערהויך, איז אַריינגעלאָפן און זיך אַ וואָרף געטאָן מיט געשרייען אַף דעם בלוטנדיקן אינגל. ער האָט איינעם פון די באַלמעלאָכעס געהייסן פאַרבאַנדאַזשירן דעם אינגלס פינגער און אים נעמען צום פעלדשער, אַף דער גאַס אַנטקעגן דער פאַבריק.

ווען דאָס אינגל איז צוריקגעקומען פונעם פעלדשער, אַ בלאַסער און פאַר־כאַלעשטער, האָט דער באַלעבאָס ערשט אַף דאָס ניי גענומען שרייען אַף אים:

— גיי אהיים און קום נישט מער! — האָט ער געזאָגט, געבנדיק אים דער־ביי אַ זילבערנעם רובל, — איך דאַרף נישט קיין אינגלעך וואָס שפּילן זיך!...

איך בין געוואָרן אַ פאַרציטערטער און געטראַכט, מיט וואָס פאַר אַ לייכטן געמיט דער מענטש שיקט עס אַוועק אַ אינגל, ביי וועמען ער האָט צוגענומען די פינגער און וועלכער וועט שוין נעבעך בלייבן אָן אייביקער קאַליקע... איך האָב דאָס אים געוואָלט זאָגן, אָבער איך האָב זיך מעיאַשעוו געווען, אַז מיין זאָגן וועט סיי ווי נישט העלפן. ער וועט אַוואַדע אויך מיך אַרויסוואַרפן פון דער אַרבעט פאַר מיין כוצפּע. איך האָב אָבער אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען אַלע באַלמעלאָכעס דאָ אין פאַבריק זאָלן צוזאַמען אַ רעד טאָן, וואָלט זיכער אַנדערש געווען...

אָבער אַלע באַלמעלאָכעס אין פאַבריק, יעדער איינער פון זיי, איז זיך גע־זעסן פאַרטאָן אין זיין אַרבעט, גלייך ווי דאָ וואָלט גאָרנישט געשען. זיי האָבן

געשניטן בלעך, געקנייטשט, געצויגן אַף דער טאַקאַרניע, געליט די קענדלעך, ווי זיי וואָלטן געלעבט אין אייגענע ווייטע וועלטן, יעדער איינער פאַר זיך...

טראַכטנדיק אַזוי, האָב איך נישט באַמערקט ווי דאָס שטיקל בלעך, וואָס איך האָב געהאַט אין דער מאַשין, האָט זיך אַ דריי געטאָן און עס איז אַרויס־געקומען נישט קיין רונד, נאָר גאָר ווי אַן אָוואַל. איך האָב געוואָלט פאַרשטופן דאָס שטיקל קאַליע־געמאַכטע בלעך צווישן די אָפּשניטלעך, אין ווינקל. אָבער אַזוי ווי איך האָב עס נאָר אַרויסגענומען פון דער מאַשין און געמאַכט אַ באַוועג צום ווינקל, איז דער באַלעבאָס געשטאַנען איבער מיר מיט געשרייען:

— וואָס, צו אַלדע שוואַרצע יאָר, ביסט אַהערגעקומען שלאָפן דאָ, ביי דער מאַשין? זעסט וואָס דו האָסט אָפּגעטאָן? איבערגעפירט מיר אַ שטיק בלעך!...

איך בין געבליבן שטיין מיט אויסגעשטופּטע אויגן און אים אָנגעקוקט, נישט באַגרייפנדיק ווי אַזוי ער, וואָס האָט פאַרשוויגן דעם אינגלס אָפּגעהאַקטע פינגער, קאָן זיך אַזוי צום האַרצן נעמען אַ שטיקל קאַליע־געמאַכטע בלעך. איך האָב מער נישט געקאָנט זיך באַהערשן און אַזש אויסגעשריגן:

— שיקט דאָס שטיקל בלעך צום פעלדשער, וועט ער עס באַנדאַזשירן און עס וועט זיין גוט, ביפראַט ווען איר וועט דערצו נאָך צולייגן אַ רובל אויך!...

איך האָב נאָך געוואָלט שרייען, אָבער דער באַלעבאָס האָט מיך נישט געלאָזט. ער האָט מיך אָנגענומען ביי דער האַנט, צוגעפירט צו דער טיר און מיך געהייסן גיין. איך האָב זיך געוועגט און בעאייס דעם געהאַלטן אין שרייען:

— וואַרט צו, גאָט וועט זיך נאָך אָפּרעכענען מיט אייך דערפאַר! איר וועט אים נאָך דאַרפן אָפּגעבן דין־וועכעזשבן פאַרן אינגלס אָפּגעהאַקטע פינגער!...

אַ דערהויבענער פון מיינע שטראָף־רייד, בין איך אַהיימגעגאַנגען...

* * * * *

# ביי אַ פרעמדן טיש

אַז מיין לעצטע שטעלע ביי בלעך־ציערײַ האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאַרנישט, האָט די מאַמע ווידער גענומען פרעגן אייצעס ביי מענטשן, וואָס צו טאָן מיט מיר, צו וואָס פאַראַ מעלאָכע מען זאָל מיך אָפּגעבן, וואָס זאָל זיין אי אַ באַלעבאַטישע, אי אַזאַ וואָס זאָל האָבן אַ טאַכלעס...

איינער פון אונדזערע שכיינים, אַ שניידער, האָט געראָטן, אַז מען זאָל מיך אָפּגעבן צו אַ מעכאַניק. דערביי האָט ער גענומען אונדז אויסדערציילן וואָסער פיינע מעלאָכע דאָס איז און ווי שיין די מעכאַניקעס לעבן זיך:

— דאָס איז ברויט מיט אַ מעסער! — האָט ער פרום גערעדט. — איר קומט אַריין צו מיין מעכאַניק, פּאַניע שלייען, לעמאָשל, איז עס נישט קיין דירע, נאָר אַ פּאַלאַץ. געהערט האָב איך, אַז ער דאַרף טאַקע גראָד איצט האָבן אַ לערן אינגל. פאָלגט זשע מיך, גייט צו און זאָגט אים אַז איך האָב אייך געשיקט!...

אַף צומאָרגנס אין אָוונט איז דער טאַטע געגאַנגען מיט מיר אַף דער דזשיקע גאַס, צום מעכאַניק פּאַניע שלייען.

רעב יוינעלע שלייען — אַזוי, האָבן מיר זיך דערוואוסט, רופט מען אים, — איז געווען אַ נידעריק־געפּאַקטער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און דרייסיק, מיט אַ רונדיק, ליאַלקע־מעסיק פּעניעמל, וואָס איז געווען פיין אויסגעכאָליעט מיט רויטע בעקלעך און מיט אַ געצערטלט, גוט־צוגעשוירן קאָמעץ־בערדעלע אַפן פעטן גאָמבעלע. ביים גיין האָט ער געהוידעט זיין היפּש־אויסגעקיילעכדיקט בייכל רעכטס און לינקס, ווי אין גרויס צופרידנקייט. זיין דין סאָפּראַן־קעלעכל, בעאייסן רעדן מיטן טאַטן, האָט געקלונגען עפּעס אַזוי מאָדנע פרעמד, — גאַרנישט צוגעפּאַסט צו זיין סאָלידן אויסזען, פון וועלכן מען האָט דערוואַרט אַ דיקע, יוסטע שטימע. ער האָט קעסיידער געהאַלטן אין איין באַלעקן מיט דער צונג זיינע פעטע, גלאַנציק־פייכטע רויטע ליפּן, אַקוראַט ווי ער וואָלט וועלן פון זיי אַראָפּלעקן איבערבלייבעכצן פון אַ באַטאַמטן מאַיכל. אין אַלגעמיין האָט ער אַף מיר גלייך געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַזאַ מאָדנע גלאַטיק־גליטשיקער באַשעפעניש — טאַקע נאָר ווי אַ שלייען...

זיין בלאָנד שמאַלציק ווייבל, סאָלטשע, — אַ שיינע פרוי מיט אַ הויכן בוזים, אַ רונד פּאָנים מיט פעטע אומרואיקע ליפּן, מיט ריזיקע שפּאַנישע קאַמען אין איר טורעמדיקער פריזור, און אין אויסזען עטלעכע יאָר יונגער פון אים, — איז געזעסן דערביי און מיט שמייכלענדיקע אויגן אים צוגעבאַמקעט. מען האָט גע־

קאַנט אָנגענעמען, אַז דאָס פּאָרל האָט זיך שטאַרק ליב, יעדנפאַלס, ער — זי, ווייל קימאַט יעדע ווייל האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו איר מיט פראַגעס:

— ווי דענקסטו וועגן דעם, סאַלטשעניו לעבן? וואָס זאָגסטו, האַרצעלע?...

און זי, ווי נישט שולדיק צו בלייבן, האָט געענטפערט מיט אַ כיינדל:

— אַזאַ יאָר שוין ווי דו ביסט גערעכט, יוינעלע קרוין!...

איך בין, ווייזט אויס, געפעלן געוואָרן סיי יוינעלען און סיי סאַלטשען. זי — נאָכדעם ווי איר מאַן האָט געזאָגט, אַז ער איז ווילן מיך צו נעמען אויף דער לער — איז זי צוגעגאַנגען צו מיר, האָט מיר אַ קנופּ געטאָן אין באַק מיט אירע פעטלעכע הייסע פינגער און אַ זאָג געטאָן צום טאַטן:

— זעט אויס צו זיין אַ וואוילער באָכער. אַז ער וועט זיין אַ מענטש, וועט ער ביי מיר עסן אין סוקע...

און צו מיר:

— ווי רופט מען דיך, יונגערמאַן?...

איך האָב נישט געענטפערט. עפּעס נאָר ווי די צונג וואָלט מיר פּאַראַליזירט געוואָרן סיי פון איר באַריר און סיי פון איר אָנרופן מיך, יונגערמאַן. זי האָט מיר ווידער אַ גלעט געטאָן איבער דער באַק און זיך צעלאַכט:

— אָ, אַ שעמעוודיקער?! דאָס האָב איך זיך נישט געריכט אויף אַזאַ פיינעם באָכער ווי דו. איך בין נישט קיין בער, דאַרפסט פאַר מיר נישט מוירע האָבן!...

מען האָט גענומען איבעררעדן די באַדינגונגען. שלייען האָט געזאָגט, אַז אויסצולערנען אַ מעלאָכע ווי מעכאַניקעריי דאַרף נעמען, לעכאָל האַפּאָכעס, פיר יאָר, און דערפאַר וועט דער טאַטע מיך דאַרפן אָפּגעבן אויף אַזאַ צייט צו אים מיט עסן און שלאָפן. דאָס צווייטע יאָר — מיט קליידן, דאָס דריטע יאָר — אויך צו דריי רובל אַ וואָך, דאָס פערטע — ווערדליק איך וועל זיך אויסטויגן...

— און ביי מיר, דאַרפט איר וויסן, רעב איד, — האָט ער געזאָגט און זיך באַלעקט די ליפּן, — ביי מיר איז נישט ווי ביי אַלע מעכאַניקעס. ביי מיר וועט ער נישט דאַרפן זיין קיין ניאַנקע. איך וועל אים לערנען די מעלאָכע...

סאַלטשע איז רויט געוואָרן און אַריינגעוואָרפן:

— איר פאַרשטייט, רעב פעטער, גאָט האָט אונדז נישט באַגליקט מיט קיין קינדער. דערפאַר וועט אייער זונעלע זיין ביי אונדז ווי אַן אייגן קינד...

אַלץ איז געגאַנגען גוט, אָבער דאָך האָט שוין שיר נישט געהאַלטן ביים גאָרנישט ווערן. דער טאַטע האָט געוואָלט, אַז כאָטש אויף שאַבאָסים און יאָנטויווים זאָל איך קאָנען קומען עסן ביי אונדז אינדערהיים...

— איר פאַרשטייט, פאַניע שלייען, — האָט דער טאַטע געטאַינעט, — ער איז ביי אונדז דער עלטסטער און ער וועט מיר פעלן ביים טיש...

רעב יוינעלע און סאַלטשע האָבן זיך אָבער איינגעשפּאַרט און געזאָגט, אַז אויב זיי נעמען אַריין צו זיך אין הויז אַ אינגל, ווילן זיי, אַז ער זאָל זיין באַ זיי ווי אַן אייגן קינד — שטענדיק באַ זיי...

דער טאַטע האָט זיך געאַישעווט אַ ווײַל און ענדלעך צוגעשטימט:

— נו־מײַלע, — האָט ער געזאָגט מיט אַ געבראָכן געמיט, — אַז דאָס איז בײַ אײַך אַזאַ מוז, קאָן מען דאָך נישט העלפֿן...

סאַלטשע האָט דערלאַנגט צום טיש קיבעד — אַ קאַראַפֿקע שנאַפּס מיט קיכ־לעך — און געבעטן דעם טאַטן פֿאַרזוכן. מיר האָט זי דערלאַנגט אַ קיכל, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט עס צו נעמען, כאָטש אַלע דרײַ, דער טאַטע, רעב יוינעלע און סאַלטשע זענען צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל זיך נישט שעמען:

— ביסט דאָך שוין דאָ ווי אַן אײגענער! — האָט זי געזאָגט און ווידער מיר אַ גלעט געטאָן מיט איר הייסער האַנט איבערן פּאָנים, — אַ, אַז דו וועסט זיך שעמען, וועט עס דאָך נישט טויגן!...

— נישקאָשע־נו, — האָט יוינעלע, באַלעקנדיק די ליפּן, געזאָגט, — לאָז אים אָפּ, סאַלטשעניו. ער וועט זיך צוגעוואוינען, וועט ער זיך נישט שעמען...

זונטיק אינדערפֿרי האָב איך זיך גענומען אַריבערקלײַבן צו מײַנע נײַע באַלעבאַטים. איך האָב דערבײַ געטראָגן אַזאַ טיפֿן וויטיק אין האַרץ, אַזאַ מוירע פֿאַר דעם אומבאַשטימטן, אומבאַוואוסטן, אַז איך האָב זיך שיר נישט פֿאַנאַנדער־געוויינט. נאָך אַלעמען, איז דאָס געווען דעם ערשטן מאָל וואָס איך האָב געדאַרפֿט זײַן אין דער פֿרעמד און נישט אין דער אייגענער היים בײַ טאַטע־מאַמען. דער טאַטע האָט מיך אָבער געטרייסט דערמיט, וואָס איך וועל זײַן נישט ווײַט פֿון הויז, אינגאַנצן אַ פֿיר גאַסן אַוועק, און אַז ווען איך וועל זיך פֿאַרבענקען, וועל איך טאָמיד קאָנען געפֿינען צײַט צוצולויפֿן אַהיים זיך זען מיט זיי:

— אַ כּוח דעם, — האָט דער טאַטע מיר געזאָגט, — וועל איך, די מאַמע, און אַמאָל אויך אַ ברודער דײַנער, זיך אָפּט צוכאַפּן אַ קוק טאָן וואָס דו מאַכסט...

— און וואָס טוען מענטשן, נישט דאָ געדאַכט, וואָס פֿאָרן קיין אַמעריקע? — האָט די מאַמע צוגעגעבן, מיך צו טרייסטן, אָבער האָט זיך אַליין צעוויינט.

סײַ ווי סײַ, עס האָט נישט געהאָלפֿן, און איך האָב געמוזט גיין...

סאַלטשע, מײַן נײַע באַלעבאָסטע, האָט מיך באַגעגנט מיט אַ פֿרײַנטלעכן און פֿריילעכן גוט־מאָרגן און מיט אַ גלעט איבער דער באַק. זי האָט מיר אָנגעוויזן מײַן פּלאַץ וואו איך וועל שלאָפֿן. דאָס איז געווען אַ מין פּאָליצע־באַלקאָנדל, וואָס איז געווען אויפֿגעבויט אין איין זײַט פֿונעם קאָרידאָר — דאָס פֿאַרהויז פֿון דעם הינטערשטן אַרײַנגאַנג, פֿון וואַנען עס האָבן געפֿירט די טירן אינעווייניק אַרײַן. איין טיר — צו דער קיך, אין וועלכער עס איז אויך געווען דער וואַרשטאַט, און אַ צווייטע טיר — אין די וואוין־צימערן אַרײַן.

איך האָב אַ קוק געטאָן אויף מײַן „באַגרעבעניש" אינדערהויך, אויפֿן פּאָליצע־באַלקאָנדל; אַ קוק געטאָן צו דער טיר פֿונעם „וואַסער־קלאָזעט", וואָס האָט זיך געפֿונען אין אַ ווינקל, גלײַך אונטער דער פּאָליצע, און פֿון וואַנען עס האָט זיך געטראָגן אַ שווערער, נישט־פֿרישער גערוך. איך האָב זיך גלײַך דערפֿילט פֿרעמד און געבענקט אַהיים. בעאייסן אַרויפֿטראָגן מײַנע זאַכן אויפֿן באַלקאָנדל, האָב איך

זיך באַגאַסן מיט טרערן, אָבער זיך געפּלייסט דאָס נישט אַרויסצואַווייזן, וויסנ־דיק, אַז עס וועט מיר נישט העלפן. איך האָב אַוועקגעלייגט מיינע קליידער אפן אייזערנעם בעטל, דאָרט אפן באַלקאָנדל, מיט דער אויסרעכענונג זיי שפּעטער אויפצוהענגען אפן הוק, לעבן דעם בעטל, ווי סאַלטשע האָט מיר אָנגעוויזן, און איך בין צוריק אַרונטערגעקראָכן דורכן גלייכן לייטערל. זי האָט מאַשמאָעס באַ־מערקט מיינע מיט־טרערן־אָנגעלאָפענע אויגן, האָט זי מיר ווידער אַ גלעט געטאָן און, מיט אַן אָנגעשטעלטן ברויגעז, מיר פאַרגעוואָרפן:

— שעם זיך! וויינען גאָר?! אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט אַ קלוגער באָכער!... נו־נו, דאַרפסט נישט וויינען. דיר וועט זיין גוט ביי אונדז. וועסט זען. וועסט זיך נאָר אַביסל צוגעוואוינען...

זי האָט מיך אַריינגעפירט אין קיך־וואַרשטאַט אַריין, פאַרצושטעלן מיך פאַר די אַרבעטער. די קיך — אַ ריזיקע, מיט אַ ברייטן פענצטער צום הויף צו, איז — אַ כוץ אַן אויוון צום קאָכן — געווען אָנגעשטעלט מיט אַ סך אַלטע מאַשין־טישלעך איינס איבערן צווייטן און מיט קעפּלעך פון זינגער־מאַשינען. אין דער לינקער זייט פונעם פענצטער איז געשטאַנען אַ וואַרשטאַט מיט אַ שרובשטיק, אַ בויער־מאַשין און נאָך אַנדערע מאַשין־געשטעלן. דירעקט ביים פענצטער איז געשטאַנען אַ טאַקאַרניע, לעבן וועלכער אַ הויכער מאַן, מיט די פּלייצעס צו מיר, איז געשטאַנען און געאַרבעט. אַ צווייטער, אַ באָכער פון אַ יאָר זיבעצן, איז געשטאַנען ביים שרובשטיק און האָט מיט אַ פייל געריבן עפּעס אַ שטיק אייזן, וואָס איז אין דעם געווען איינגעקלעמט. סאַלטשע האָט אַ זאָג געטאָן:

— יאַנקל, בערל, באַקענט זיך, דאָס איז אונדזער נייער לערן־אינגל!...

ביידע אַרבעטער האָבן איבערגעהאַקט די אַרבעט. יאַנקל האָט זיך אויסגעע־דרייט צו אונדז מיטן פּאָנים און אַ מורמל געטאָן עפּעס, וואָס האָט זיך געדאַכט ווי: „זייער אָנגענעם, זייער אָנגענעם", און זיך צוריק גענומען אַרבעטן.

דער יונגערער, דער וואָס איז געשטאַנען מיט דער פייל ביים שרובשטיק, און וועלכער האָט געהייסן לייבל, האָט אַוועקגעלייגט די פייל פון דער האַנט, האָט מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן ביז אַראָפּ און — אַ לייג טועגדיק זיינס אַ לאַפּע אַף מיין קאָפּ אַרויף, מיט אַ דריק וואָס האָט מיר שטאַרק ווי געטאָן — אויסגעברומט:

— אָט דאָס באַשעפעניש, זאָגט איר, וועט עס זיין דאָס נייע לערן־אינגל? נו, און וואו וועט ער דאָס נעמען קויעך צום טאַנצן?...

איך האָב נישט פאַרשטאַנען די פראַגע. איך בין שטאַרק בייז געווען אַף אים סיי פאַרן דריק אַף מיין קאָפּ און סיי פאַר אָנרופן מיך „באַשעפעניש". איך האָב געזוכט אים עפּעס צו ענטפערן, אָבער סאַלטשע האָט זיך אָנגערופן:

— נישקאָשע, אין אַ פּאָר וואָכן וועט ער זיך ביי מיר אויספּאַשען און ער וועט קאָנען. ווען דו ביסט אָנגעקומען צו אונדז, ביסטו אויך געווען נישט פיל גרעסער פון אים...

— אַז ער זעט דאָך אויס אַזאַ איידל־געפּאַטשקעטער! — איז לייבל ווייטער

אָנגעגאַנגען. — ווי קומט גאָר אַזאַ באַשעפעניש׳ל צו ווערן אַ מעכאַניק?...

אַ בייזער איז ער צוריק אַוועק צו זיין אַרבעט און אימפּעטדיק גענומען רייבן מיט דער פייל איבער דעם שטיק אייזן...

דער ערשטער געזעלן — אים האָט מען גערופן „דער לאַנגער יאַנקל״ — האָט גאָרנישט געזאָגט. אַ דאַרער, אַ בלאַסער יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, איז ער געשטאַנען ביי דער טאָקאַרניע. געבויגן מיט דער טוטולעוואַ־טער פּלייצע זיינער איז ער געווען אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן אָן דעם הילצערנעם פּרענט, האָט מיט איין פוס געטראָטן אפן טרעט־ברעט אַרויף און אַראָפּ, וואָס דאָס האָט געמאַכט דרייען די טאָקאַרניע; מיט די הענט האָט ער געהאַלטן עפּעס אַזאַ שטאָליקן שאָב־מעסער און דערמיט געשאָבן עפּעס אַ לאַנגן אייזערנעם וואַלץ, וואָס האָט קוויטשענדיק זיך געדרייט אינעם טאָקאַרניע־געשטעל...

סאָלטשע איז אַרויס און איך בין געבליבן שטיין אַליין, ווי אַ פאַרלוירענער, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן. די הענט מיינע, האָט זיך מיר געדאַכט, זענען געווען איבעריקע ביי מיר און איך וואָלט געווען צופרידן ווען מען גיט מיר צו טאָן עפּעס. צום גליק איז באַלד אָנגעקומען דער מייסטער, רעב יויזעלע און, דער־לאַנגענדיק מיר אַ שמאַטע, מיך געהייסן אַרומווישן די מאַשין־קעפּלעך.

איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט און אַלץ געטראַכט, וואָס אַזעלכעס האָט בערל געקאָנט מיינען מיט זיין זאָג, אַז איך וועל נישט קאָנען טאַנצן...

„אַפּאַנים״, — האָב איך זיך געטראַכט, — „אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ פאַך־זשאַרגאָן — אַזאַ מין וואָרט אף אָפּצונאַרן אַ ניי לערן־אינגל, אָט, ווי אַשטייגער די „סוקע־שער״, נאָך וועלכער די באַלמעלאָכעס אינעם בלעכער־וואַרשטאַט האָבן מיך — דעם ערשטן טאָג פון מיין אָנקומען אַהין אף דער לער — געשיקט לייען אין אַ צווייטן בלעכער־וואַרשטאַט, און איבער וואָס מען האָט דעמאָלט שטאַרק געלאַכט״.

סיי ווי סיי, פון יענעם טאָג אָן האָב איך אין בערלען געפילט אַ ביטערן סוינע. קיין אַנדערן נאָמען אַ כוץ „באַשעפעניש׳ל״ האָט ער נישט געהאַט פאַר מיר. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט די סיבע פון זיין בייז־קייט און דעם באַטייט פון „טאַנצן״.

ער, בערל, דער האַלבער געזעלן, האָט זיך אָפט געפּאָרעט באַ די ניי־מאַשינען: אַריינגעפּאַסט אַ ניי פיסל, נייע ציין, געשמערגלט אַ שטאַנג, אָדער באַשמירט מיט גלאַנציק־שוואַרצן לאַקיר אַן אַלט, קימאַט פאַרזשאַווערט מאַשין־קעפּל, און פון קאַלקעמאַניע אַריבערגעקלעפּט דערויף אַ נייעם פירמע־אָפּדרוק, אַז עס זאָל אויס־זען ווי ניי. אין יענע צייטן זענען נאָך קיין עלעקטרישע מאָטאָרן נישט געווען, יעדנפאַלס, נישט ביי אַזעלכע קליינע אידישע מעכאַניקעס, וואָס האָבן פאַר אַ גאָרנישט מאַמעש גענוצט די קראַפט פון אַזעלכע בערלס, אָדער ווי איך. אָפט, אַז עס איז יאַנקלען שווער געווען אי צו „טאַנצן״ אפן טרעט־ברעט פון דער טאָקאַר־ניע און אי צו טאָקן אַ שווער שטיק שטאָל, האָט ער בערלען געהייסן אַוועקלייגן זיין אַרבעט און צוגיין צו אים, אים העלפן „טאַנצן״.

בערל, האָט מען געזען, האָט נישט געהאַט קיין איבעריקן כיישעק צו אַט דער אויסמאַטערנדיקער אַרבעט — „טאַנצן“, און ער האָט דעריבער אַלץ געבורטשעט:

— וואָס? פיר יאָר איז נאָך אַלץ נישט גענוג געטאַנצט? מען האָט אַריינגעגומען אַ באַשעפעניש און איך דאַרף זיך נאָך אַלץ מוטשען?!...

איז קיינער נישט געווען דערבײַ, האָט יאַנקל אים גערעכט געגעבן. טאָמער איז אָבער דערביי געווען דער מייסטער, רעב יוינעלע, אָדער די באַלעבאָסטע, סאַלטשע, פלעגט ער אים באַרואיקן:

— נו, וועט נעמען נאָך אַ וואָך, אָדער צוויי... יעדנפאַלס, וועלן מיר אים די טעג אויספּראָבירן און מיר וועלן זען. עפשער וועט ער יאָ קאָנען...

האָט בערל זיך באַרואיקט און ווייטער „געטאַנצט“.

בעאייסן „טאַנצן“ פלעגט בערל אויסדערציילן יאַנקלען פאַרשידענע מאַיסעס, ספּעציעל אין די זונטיקס. דעמאָלט האָט ער אָן אויפהער גערעדט וועגן ציניזעליס צירק, וואָס ער פלעגט נישט פאַרפעלן — ווי אַ כאָסיד דאָס דאַוונען — צו באַזוכן יעדן פרייטיק־צו־נאַכט. ער האָט אים אויסדערציילט וועגן די פאַרשידענע וואונדערלעכע קונצן־מאַכערס, עקוויליבריסטן, זשאָנגלאָרן, גימנאַסטן, קלאָונס, מוזיקאַלישע עקסצענטריסטן און טראַפּעזיע־פליער. איבערהויפּט האָט ער אָנגעקוואָלן פון דעם מוזיקאַליש־קלאָונישן פּאָרל „בים־באָם“:

— אוי, האָט איר געדאַרפט זען, יאַנקל, ווי זיי האָבן דאָס צעאַרבעט דעם פרייטיק! — האָט ער גערעדט מיט באַגייסטערונג, — זיי האָבן געוואָרפן פילקעס אין דער לופטן און מיט זיי, אין פליען, אויסגעשפּילט אַ וואַלץ — מאַמעש אַ וואונדער! איך זאָג אייך, עס איז דאָס בעסטע פאַרגעניגן...

אין די ערשטע פּאָר וואָכן האָב איך שוין געוואוסט, אַז ביי בערלען איז דער צירק בעסער ווי עסן, טייערער פון קליידער און ליבער ווי אַלץ אין דער וועלט. קיין אַנדערן אינטערעס, האָט אויסגעזען, האָט ער נישט געהאַט ווי נאָר דעם צירק, און פלעגט מיך אויסלאַכן, וואָס איך, אַנשטאָט צו גיין אין צירק אַריין, האָב גאָר אין די פרייטיק־צו־נאַכטן געלייענט ביכלעך...

— וואָס גיבן זיי דיר, די מאַיסע־ביכלעך? — פלעגט ער לאַכן, — דו גיי בעסער איינמאָל אין צירק אַריין, באַשעפעניש, וועסטו וויסן פון אַ לעבן...

איינמאָל, אין אַ זונטיק אינדערפרי, איז בערל געקומען צו דער אַרבעט אָן אויסערגעוויינלעך פריילעכער. ער האָט געלאַכט און געפּלאַפּלט אָן אויפהער, און געווען גאָר אַנדערש ווי טאָמיד — גוטמוטיק און גוט־ברידעריש. אַפילע מיך האָט ער יענעם טאָג נישט אָנגערופן „באַשעפענישל“, נאָר באַ מיין נאָמען. יאַנקל האָט אים געפרעגט וואָס מיט אים איז די געדולע, אָבער ער האָט בלויז אונטערגעשמייכלט. מען האָט געזען, אַז ער האָט געוואָלט דערציילן יאַנקלען וועגן זיין פרייד, אָבער סאַלטשעס אַנוועזנהייט האָט אים געשטערט. ערשט שפּעטער, ווען זי איז אַוועק איז גאַס איינקויפן, און אין וואַרשטאַט זענען געבליבן בלויז מיר דריי, — האָט ער אַ זאָג געטאָן צו יאַנקלען:

— איר הערט, יאַנקל קרוין, אַ קאַפאַרע, זאָג איך אייך, הונדערט ציני־זעליס און טויזנט צירקן מיט אַלע בים־באַמס אַף דער וועלט! היינטיקן פרייטיק־צו־נאַכט האָב איך אויסגעפונען עפּעס בעסערס... אַ, איך האָב זיך פריער אַפילע נישט געקאָנט פאַרשטעלן וואָס דאָס מיינט... נע־נע, אַזויפיל געלט געפּאַטערט ביי ציניזעלין, וואָס פאַר דעם וואָלט איך געקאָנט...

ער האָט מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט און ווי פאַרשולדיקט געקוקט אַף יאַנקלען.

יאַנקל — כאָטש עס איז געוועזן צו זען, אַז ער שטויסט זיך אָן וואָס בערל מיינט — האָט אים פונדעסטוועגן אָנגעקוקט מיט פאַרכידעשטע בליקן:

— פאַרט וואָס? זאָג שוין אַמאָל. גיב אַהער אַ וואָרט, אָדער אַ באַק־צאָן!...

בערל האָט זיך צוגעבויגן צו אים און עפּעס אַ זאָג געטאָן שטיל אפן אויער, פון וועלכן יאַנקל האָט זיך אַזש הילכיק פאַנאַנדערגעלאַכט:

— אַ, אַזוי גאַר? קומט דאָך דיר אַ מאַזל־טאָוו!... טאָ זאָג זשע מיר נאַר, בערל, האָסטו כאָטש גֶעקראָגן עפּעס אַ שיינע? כ׳מיין...

— הע, — האָט בערל אַ ברום געטאָן ווי אין דער וועלט אַריין, — ער פרעגט נאָך צי אַ שיינע... זי איז, זאָג איך אייך, הונדערט מאָל שענער פון סאַלטשען... האָט זי אַ דוסעלע מיט אַ פּאָר בילקעלעך — נאָר ווי אַף אַ טאָקאַרניע געטאָקט...

ער האָט אַ קוש געטאָן זיינע שפּיץ־פינגער און עס אַ וואָרף געטאָן אין דער לופטן. ער האָט גענומען פאַרזעצן זיין באַגייסטערונג, אָבער דערזעענדיק דורכן פענצטער, אַז סאַלטשע קומט אָן, איז ער מיטאַמאָל אַנטשוויגן געוואָרן.

זי, סאַלטשע, אָבער, האָט זיך אַלץ געכידעשט, וואָס בערל דערציילט היינט עפּעס גאָרנישט קיין כידושים פון ציניזעליס צירק, און אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז געשען, בערל, ביסט דעם פרייטיק ניט געוועזן אין צירק?...

— גייט שוין גייט, — האָט יאַנקל מאַמזעריש אַ וואונק געטאָן, — וואָס דאַרף ער אַ צירק? ער האָט אויסגעפונען עפּעס בעסערס וואו צו גיין פרייטיק־צו־נאַכט!

בערל איז געוואָרן אָן אַנגעצונדענער און זיך גענומען וואַרפן:

— מען טאָר פאַר אייך קיין וואָרט ניט אויסרעדן, אַף מיין וואָרט! סיי ווי סיי, עס איז אַ ליגן וואָס איך האָב אייך פריער דערציילט. איך בין דעם פרייטיק, ווי אַלע פרייטיקס, געוועזן אין צירק. דאָס האָב איך אייך פריער בלויז אויסגעמיסטן, אַף אַ שפּאַס, דערציילט אַ מאַיסע...

יאַנקל האָט אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען. עס האָט אויסגעזען, אַז עס גייט אים נישט אין לעבן, אַזוי צו אַזוי. עטלעכע טעג שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס וואָס בערל האָט געהאַט דערציילט, איז יאָ געווען עמעס, און אַז אנשטאָט צו גיין אין צירק, איז ער טאַקע געווען ערגעץ אַנדערש...

געווען איז דאָס מיטוואָך, מיט עטלעכע שעג שפּעטער. בערל איז יענעם טאָג געקומען צו דער אַרבעט שפּעטער ווי אַלעמאָל און מען האָט גלייך דערקענט אַף אים, אַז ער איז עפּעס נישט מיט אַלעמען. סאַלטשע, — זעענדיק, אַז ער הינקט אונטער און דרייט זיך אין פיין — האָט אים געפרעגט וואָס עס איז געשען.

— אָ, ס׳איז גאָרנישט. — האָט בערל פאַרביסן מיט די ציין די ליפּן. — איך האָב זיך נעכטן אַ קלאַפּ געטאָן אין פוס דאָרט און...

שפּעטער, ווען ער האָט געדאַרפט צוגיין צו דער טאַקאַרניע, אַף צום העלפן יאַנקלען „טאַנצן”, האָט ער זיך גענומען בעטן ביי אים:

— אוי, זאָל היינט דאָס „באַשעפּענישל” טאַנצן! איך קאָן היינט נישט. ערן וואָרט, יאַנקל, איך קאָן נישט. איך בין קראַנק...

יאַנקל האָט, זעט אויס, ראַכמאָנעס געקראָגן אַף אים און מיך געהייסן, צום ערשטן מאָל, אַריינגיין הינטערן פּרעגט, אים צו העלפן „טאַנצן”.

פאַרנאַכט צו איז בערלען געוואָרן ערגער. ער האָט זיך געדרייט פון וויטיק און איז קעסיידער גענאַפן אין אַפּטריט, אין הויף אַרויס.

אַף צומאָרגנס איז בערל געקומען צו דער אַרבעט מיט אַ רויט־אָנגעדראָלן פּאָנים, מיטן שלאַף אַף די אויגן און קוים געקאָנט גיין. ער האָט זיך געשלעפּט מיט צעשפּרייטע פיס, האָט אַלץ געשפּיגן און געשאָלטן:

— אַז פאַרברענט האָט געדאַרפט ווערן דער וואָס האָט דאָס אויסגעטראַכט! — האָט ער אַן אויפהער געברומט. — זיי האָבן מיך אומגליקלעך געמאַכט! וואָס טוט מען, יאַנקל קרוין, איך וועל זיך דאַרפן דאָס לעבן נעמען!...

יאַנקל האָט אים געפּרואווט טרייסטן און באַרואיקן, אָבער בערל, וועלכער האָט שוין פּאַשעט נישט געקאָנט שטיין אַף די פיס, האָט זיך טאַקע צעוויינט. ווען סאַלטשע איז אָנגעקומען פון איינקויפן, האָט זי זיך מאַמעש דערשראָקן:

— וואָס איז געשען מיט בערלען, יאַנקל? וואָס איז אים? — האָט זי אַט געקוקט אַף דעם און אַט אַף יענעם. — וואָס איז דיר, בערל, האַ?...

און אַז בערל האָט נישט געענטפערט, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן און — מאַמזעריש אַ וואונק טוענדיק צו יאַנקלען — אים אַ פרעג געטאָן:

— ער האָט עס?...

— אָ־הום! — האָט יאַנקל טרוקן אָפּגעשניטן.

זי האָט אַף גיך אַ שטעל אַוועק געטאָן דעם קאָשיק מיט די זאַכן און גאַנץ פּאַשעט אַ זאָג געטאָן:

— איז וואָס זשע האָרגעסטו זיך אַוועק? עס טרעפן זיך אַזעלכע זאַכן. עס איז גאָרנישט!...

און, טאַקע גלייך ווי גאָרנישט, צוגעגעבן:

— אַ־נו, בערל, ווייז מיר נאָר, עפּשער וועל איך דיר קאָנען העלפן...

בערל האָט זיך געוואָרפן, געדרייט, און נישט געוואָלט הערן דערפון. אָבער סאַלטשע האָט אים נישט אָפּגעלאָזט:

— ס׳איז אַ אידישע זאַך! — האָט זי מיט אַ מאַמזערישן שמייכל אים אַ זאָג געטאָן, — מען שטאַרבט נישט דערפון. מען דאַרף נאָר באַצייטנס פאַרכאַפּן...

זי האָט אַזוי לאַנג איינגעטאַינעט מיט בערלען, אַז ער האָט ענדלעך זיך אַוועקגעשטעלט אָן אַ זייט און געלאָזט סאַלטשען אים באַטראַכטן...

סאַלטשע האָט אַנגעשריבן עפּעס אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און מיך געשיקט אין אַפּטייק אַריין נאָך דעם. איך האָב געבראַכט אַ שפּריצער מיט עפּעס אַזאַ פּראָשעק. זי האָט דאָס צעפּירט אין געקאָכטן, אָבער אָפּגעקילטן וואַסער, און גאַנץ גלייכגילטיק, אַקוראַט ווי זי וואָלט אויסגעשפּריצט אַ זאַלאַטושנע אויער, אָדער אַ וואונד אויף דער האַנט, אים געמאַכט די געהעריקע איינשפּריצונג...

אַזוי יעדן טאָג, אין מעשעך פון אַ פּאָר וואָכן קעסיידער. בערלען איז געוואָרן פיל בעסער און... ער איז ווידער געלאָפן צו זיינע פאַרגעניגנס...

אויף מיר — כאָטש איך האָב גאַנץ ווינציק פאַרשטאַנען וועגן דעם אַלעם — האָט דאָס אַלץ געמאַכט אַ פיינלעכן איינדרוק און איך האָב זיך פּאַשעט געשעמט צו קוקן סאַלטשען אין די אויגן אַריין. איצט, אַז זי פלעגט מיך אַ גלעט טאָן מיט אירע ווייסע הענט, האָט זיך מיר דער קאָפּ פאַרדרייט — נאָר ווי צום כאַלעשן. איך האָב געפילט ווי צו אַנטלויפן, קעדיי זי מער נישט צו זען, אָבער געטאָן האָב איך עס נישט. איך האָב געטראַכט צו דערציילן מיין טאַטן וועגן דעם, אָבער איך האָב פּאַשעט נישט געוואוסט ווי אַזוי. אַ כוץ אַלעמען, האָב איך נישט געוואָלט פאַרלאָזן די שטעלע, מוירע האָבנדיק, אַז די מאַמע זאָל ווידעראַמאָל נישט זאָגן, אַז איך בין אַ פוילער און קאָן זיך נישט צופּאַסן צו קיין אַרבעט, ווי זי האָט דאָס געזאָגט יעדעסמאָל נאָכדעם ווי איך האָב פאַרלוירן די פריערדיקע שטעלעס. דערצו נאָך האָב איך אַליין סטאַם ליב געהאַט מעכאַניקערייַ. די פאַרבאָרגענע סוידעס פון די מאַשינען האָבן מיך פאַראינטריגירט און אימפּאָנירט. האָב איך דערפאַר געמאַכט אַ שווייג און בין געבליבן אַרבעטן...

* * * * *

דער ווינטער האָט זיך פאַר מיר געצויגן פּאַמעלעך און לאַנגווייליק, כאָטש איך בין קעסיידער געווען פאַרנומען מיט אַרבעט פון די סאַמע פריע, פינצטערע פרימאָרגנס, ביז אין די שפּעטע אָוונטן. דער מייסטער, רעב יוינעלע, האָט מיר שוין געגעבן צו טאָן פאַרשידענע אַרבעטן, ווי אַשטייגער: אַריינצופּאַסן אַ ניי העלצל וואָס גייט פונעם טרעטער צום רעדל, אָדער אַרויפצוטאָן אויף אַ מאַשין אַ נייעם רימען פון אונטערשטן, גרויסן ראָד, אַרום דעם אויבערשטן, ביים קעפּל, און נאָך אַנדערע אַזעלכע קלייניקייטן... יאַנקל פלעגט מיך שוין אָפּט רופן צו זיך, אים צו העלפן „טאַנצן" אויפן טרעטער, פון וואָס איך האָב זיך מיט שווייס באַגאָסן... בערל האָט זיך מיט מיר געשאָפט וועגן יעדער מינדסטער קלייניקייט, מיר באַפוילן אויפצוזוכן פאַר אים אַ געוויסע פייל, צוריקלייגן די ענגלישע שליסלען, האַמערס, שרויפנציערס און אַנדערע קיילים אין זייערע געהעריקע נעסטן אַריין, וואָס האָבן זיך געפונען אויף אַ ברעט, אויף וועלכן עס זענען געווען אויסגעמאָלט מיט שוואַרצער פאַרב די סילועטן פון די געהעריקע אינסטרומענטן, וועלכע דאַרפן אין יענע פלעצער אַריינגעפּאַסט אָדער אַרויפגעהאַנגען ווערן. בעאיס מען האָט געדאַרפט ערגעץ אָפּטראָגן אַ פאַראַכטענע מאַשין, האָט ער, בערל, די שווערערע טיילן געגעבן מיר צו טראָגן, און אַליין האָט ער געטראָגן בלויז אַ

העלצל, אָדער אַ רימען. דערצו פּלעגט ער נאָך שרייען אויף מיר, אַז איך בין אַ פּויליאַק, אַ געמיין באַשעפעניש'ל, און אַז ער — ווען ער איז אָנגעקומען אויף דער לער — האָט נישט געהאַט אַזאַ טרייפענעם מאַזל ווי איך:

— דיין גליק איז, — פּלעגט ער זאָגן, — וואָס סאַלטשע האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל דיר נישט געבן קיין צו שווערע אַרבעט, אַנדערש וואָלסטו באַ מיר...

די דאַזיקע רייד זיינע האָבן מיך פאַראינטריגירט. איך האָב געפּרוווט זוכן אַן אויסטייטש, אָבער זיך נישט געקאָנט פאַרענטפערן דעם רעטעניש. דערפאַר האָט אָבער סאַלטשע אַליין עס געפּרוווט מיר צו וויזן געבן אויף איר שטייגער...

אָפט, אין די אָוונטן, בעאייס איר מאַן איז געווען אוועקגעגאַנגען ערגעץ וועגן געשעפט, אָדער צו אַן אַסיפע פון זיין כעוורע, און מיר, דאָס הייסט איך און סאַלטשע זענען געבליבן אַליין אין הויז, האָט זי מיך געבעטן, איך זאָל איר אַביסל לייענען פון דעם מאַיסע־ביכל, וואָס איך האָב גענומען ביי ברעסלערן אין ליי־ביבליאָטעק. זי האָט זיך דאַן צוגעזעצט אויף דער קושעטקע, געהייסן מיך זיך זעצן לעבן איר און, אַזוי ווי איך האָב נאָר גענומען לייענען, מיר גענומען גלעטן דעם קאָפּ, די באַקן און איינמאָל אַפילע מיך פּלוצים אַרומגענומען און מיך גענומען קושן גלייך אין די ליפּן אַריין...

איר אָטעם איז געווען אַ הייסער, אַ גליענדיקער. אַ קישעפדיק־שמעקעדיקער פּאַרפיום האָט זיך געטראָגן פון אירע האָר און נאַקן. איר ווייסע בלוזקע — טיילווייז אויפגעקנעפּלט — האָט אַנטבלויזט אירע הויכע, ווייסע בריסטן. איך האָב זיך דערפילט אַזוי צעפּייניקט־אומבאַקוועם, אַז איך האָב זיך שיר נישט פאַנאַנדערגעוויינט און זיך ראַפּטאַם אַ רוק־אָפּ געטאָן פון איר. סאַלטשע האָט דאַן אין אַנטוישונג אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און, אויפהייבנדיק זיך פון דער קו־שעטקע, בייז צוגעוואָרפן:

— ביסט אַ נאַריש אינגל!...

כאָטש ביי די שלייענס איז דאָס עסן — ספּעציעל אין די שאַבאַסים — געווען אַ פיל בעסערס און רייכערס ווי ביי אונדז אין הויז, האָב איך דאָך געבענקט צו זיצן ביים טיש צוזאַמען מיט טאַטע־מאַמע און מיט מיינע ברידער. מיך האָט געעקלט יויכעלעס שטייגער זיצן ביים גרויסן, דעמבענעם, רייך־געדעקטן טיש, און צוזען ווי ער האַלט אין איין באַלעקן מיט דער צונג זיינע גלאַנציקע ליפּע־לעך. עס האָט מיך אָפּגעשווידערט פון זיינע גרעפּצעלעך, וואָס ער האָט פאַרדעקט מיט אַזאַ פוילער באַוועגונג, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען כאַזעריש מיעס. ער האָט געהאַלטן אין איין דליבען די ציין, אָדער די אויערן מיט אַ ביינערנעם צאָן־שטעכער, און דערביי, זינגענדיק זמירעס, מיך אונטערגעטאַרקעט:

— וואָס זינגסטו נישט מיט, לאַבוז איינער?! — האָט ער געזונגען צו מיר מיטן זמירעס־ניגן, — איי, לאָם־טאַ־דאַ־דאַ, לאָם־פּאָם, צור מישעלוי אַכאַלני, זינג מיט, באָרכו עמונאַי, לאָם־טאַ־דאָם, ליי־טאַ־דאָם־דאָם...

און ווידער אַ גרעפּצעלע, ווידער אַ סמאַטשקע מיט די ליפּן, ווי אַרויסצו־

זויגן אַ שטיקל פאַרבליבענע שפייז פון צווישן די ציין, און ווידער אַ באַלעק מיט דער צונג די גלאַנציק־פייכטלעכע ליפּן...

נאָכן קאָמפּאָט, בעאייס איך האָב אָנגעהויבן אַרונטערצונעמען דאָס געפעס פון טיש, אַף אַריינצוטראָגן עס אין קיך אַריין, — האָט ער גענומען שמאַלציק אונטערשמייכלען צו סאַלטשען, זיך גענומען ציען און גענעצן, ווי צו ווייזן איר, אַז ער איז שוין שלעפעריק, און זי געבעטן:

— מאַך ס׳בעט, סאַלטשעשי! מאַך ס׳בעט, פּופּעניו!...

זיי זענען אַריין אין שלאָף־צימער צו זיך, און איך — אַף מיין פּאַליצע־גאַלעריע, צום אייזערנעם בעטל...

* * * * *

עס האָט זיך דערנעענטערט צו פּייסעך. סאַלטשע האָט זיך גענומען צום רייניקן דאָס הויז און אַריינטראָגן, ווי זי האָט געזאָגט, דעם יאָנטעוו אין שטוב אַריין. מיך האָט זי אָוועקגעשטעלט אויסקלאַפּן מיט אַזאַ געפלאָכטענעם קלאַפּער די עטלעכע טעפּיכער, וואָס זענען אַ גאַנצן ווינטער געלעגן אַפּן דיל אין דער סאַליע־שפּייז־צימער. איך האָב געהאָלפן וואַשן און שייערן די ווענט און פענצטער, און ביז פאַר טעג קימאַט אין וואַרשטאַט נישט אַריינגעקומען.

דאָס האָט מיך אָבער נישט שטאַרק געאַרט. פאַרדראָסן האָט מיך נאָר, ווען סאַלטשע האָט מיך געהייסן רייניקן די שיסל פונעם וואַסער־קלאָזעט. און פאַר־דראָסן האָט מיך נישט אַזויפיל דער איבל, וואָס איך האָב געהאַט דערביי, ווי דאָס, וואָס זי, סאַלטשע, די באַלעבאָסטע, האָט מיך קיינמאָל נישט געלאָזט אַריינ־גיין פאַר מיינע אייגענע נוצן, נאָר מיך געהייסן גיין אין אָפּטריט, אינדרויסן אַפּן הויף. דערלויבט צו נוצן אים האָט זי מיר בלויז אין די פרייטיק־צו־נאַכטן, אָדער אין די שאַבעסדיקע בייטאָגן, ווען זי און איר מאַן זענען אַוועק אין אַ טעאַטער, אָדער אַף אַ באַזוך צו זייערע קרויווים, און מיך איבערגעלאָזט, אַ פאַרשלאָסענעם, צו היטן דאָס הויז.

דעמאָלט — איינער אַליין אין שטוב — האָב איך געהאַט צייט צו באַטראַכטן מיין פאַרדראָס. איך האָב דערפילט אַ דראַנג אויסצוגיסן די געפילן אַף פּאַפּיר, און גענומען דאָס פאַרצייכענען אין דער פאָרעם פון אַ ליד אָדער אַ סקיצע...

עטלעכע טעג פאַר פּייסעך, נאָכדעם ווי די גאַנצע אַרבעט פון רייניקן און קאַשערן דאָס הויז איז שוין געווען פאַרענדיקט, האָט סאַלטשע מיך אַוועקגעשטעלט ביי אַ גרויסן הילצערנעם סטאָמפּער, צו שטויסן מאַצע־מעל. זי האָט נישט גע־וואָלט קויפן קיין פאַרטיקע מאַצע־מעל, ווייל — ווי זי האָט געזאָגט — עס איז געמאַכט פון מאַצעס, וואָס פאַלן אַראָפּ אַף דער ערד און ווערן אויסגעשמוציקט. געשטויסן, אָבער, פון גאַנצע מאַצעס באַ זיך אין דער היים, איז עס ריין און קאָסט טאַקע ביליקער אויך, ווען מען האָט אַן אייגענעם אומזיסטיקן שטויסער...

אין מיטן דער אַרבעט איז אָנגעקומען מיין טאַטע. ער איז געקומען מיך נעמען, קעדיי צו קויפן פאַר מיר אַ ניי גאַרניטורל און שיך אַף יאָנטעוו. איך

— נישט געקוקט אַף סאָלטשעס טאַינעס, אַז זי קאָן מיך נישט אָפּלאָזן ביז איך וועל נישט האָבן געענדיקט דאָס שטויסן — האָב אַ כאַפּ געטאָן מיין פּאָלטנדל אַף זיך און בין — אַ פּריילעכער, וואָס איך האָב זיך באַפרייט פון דער שווערער אַרבעט — אַוועק מיט מיין טאַטן. שפּעטער, אַז מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיטן איינ־קויפן, האָט דער טאַטע מיר אַ זאָג געטאָן:

— נו, זון מיינער, אַף יאַנטעוו מערטשעם וועסטו שוין מוזן אַהיימקומען און זיצן צוזאַמען מיט אונדז אַלעמען ביי די סעדאָרים...

דעם טאַטנס רייד האָבן מיר שטאַרק האַנאָע געטאָן, אָבער געוואוסט האָב איך, אַז דער מייסטער און די מייסטעראָווע וועלן דערצו נישט צושטימען. איך האָב זיך פאַרגעשטעלט, אַז זיי וועלן באַשטיין, איך זאָל — פונקט ווי אין די שאַבאָסים — בלייבן באַ זיי, קעדיי אָפּצוהיטן זייער האָב און גוטס בעאייס זיי וועלן אַוועקגיין. איך האָב דעריבער געענטפערט דעם טאַטן:

— עס וואָלט פונדעסטוועגן גלייכער געווען, אַז דו זאָלסט זיך וועגן דעם דורכרעדן מיט זיי און הערן וואָס זיי זאָגן...

דער טאַטע האָט נישט געקאָנט פאַרשטיין:

— וואָס הייסט? — האָט ער זיך געוואונדערט, — וואָס מיינסטו, וואָס זיי וועלן זאָגן? איך מיין, אַז דו ביסט מיין קינד, האָב איך אַ רעכט, אַז...

— אָבער דאָך, — בין איך אַלץ באַשטאַנען, — רעד מיט זיי...

נישט סאָלטשע און נישט רעב יויבעלע האָבן אַפילע געוואָלט הערן דערפון. זיי האָבן געטאַינעט, אַז אויב איך בין באַ זיי, בין איך ווי זייער אייגן קינד און דאַרף זיצן באַ זייער סיידער. זיי האָבן, פאַרשטייט זיך, נישט געזאָגט דעם טאַטן, אַז זיי מוזן מיך האָבן אַף צום היטן זייער הויז...

אויך איך האָב דעם טאַטן נישט דערציילט, אַז בעאייס זיי גייען אַוועק, פאַר־שליסן זיי מיך אינעווייניק, קעדיי איך זאָל נישט קאָנען אַרויסלויפן פון שטוב, זיך צו שפּילן, ווי זיי האָבן מוירע געהאַט, מיט די אינגלעך פון הויף. איך האָב נישט געהאַט קיין טעווע זיך צו באַקלאָגן.

דער טאַטע האָט זיך אַ שטיקל צייט געדונגען מיט זיי און נישט אויסגעע־פירט. זיי האָבן געזאָגט, אַז אויב ער וויל מיך אַהיימנעמען אַף יאָנטעוו, מעג ער מיך שוין אינגאַנצן אַהיימנעמען. האָט דער טאַטע, אַ געבראָכענער, זיך אונטער־געגעבן און איך בין געבליבן אַף יאָנטעוו באַ די שלייענס...

דער ערשטער סיידער איז דורך נישט אַנדערש ווי אַ געוויינטלעכער פרייטיק־צו־נאַכט, נאָר מיטן איינציקן כילעק, וואָס דאָסמאָל האָט מען געגעסן מאַצעס און וואָס איך האָב געפרעגט די פיר קאַשיעס. עס איז נישט געווען די פייערלעכקייט, דער ריטואַל, וואָס ביי אַ סיידער אין אונדזער הויז. אַפילע דער קידעש, וואָס רעב יויבעלע האָט געמאַכט, איז געווען אַזאַ וואָכעדיקער, אָן דער מינדסטער דערהויבנקייט. ערשט ווען איך האָב גענומען מאַכן קידעש און זיך צעזונגען מיט דעם יאָנטעווודיקן ניגן, אַזוי ווי איך פלעג עס טאָן ביים טאַטן, האָט זיך

ערשט דערפילט אַביסל יאַנטעוו ביים טיש. יוינעלע און סאַלטשע האָבן מאַמעס אַנגעקוואָלן און מיר שפּעטער צוגעזאָגט צו קויפן נאָך יאַנטעוו אַ שיינעם בוך, — ווי איך האָב זיך אויסגעביטן פאַר אומקערן דעם אַפּיקוימען, וואָס איך האָב „צוגעגאַנווּעט". דערפאַר אָבער זענען די מאַיכאָלים געווען וואונדער־לעכע און געשמאַקע, אַזוי ווי סאַלטשע האָט זיך געקאָנט פאַרגינען. יוינעלע האָט קעסיידער זיך באַלעקט די ליפּן און געשטאָכן די ציין. נאָכן עסן, און נאָך איידער מיר זענען פאַרטיק געוואָרן מיט די זמירעס פון דער האַגאָדע, האָט ער זיך שוין גענומען ציען און גענעצן, אַנדייטנדיק סאַלטשען, אַז ער איז שלעפעריק.

זיי זענען אַוועק אין שלאָף־צימער און איך בין געבליבן אַרונטער־צוגענומען דאָס געפּעס פונעם טיש, ביז איך בין אַ מידער אַוועקגעפאַלן אויף דער קושעטקע און אַזוי, אין דעם אָנטועכץ איינגעשלאָפן...

אויף צומאָרגנס האָט רעב יוינעלע מיך געהייסן זיך אָנטאָן אין מיין נייעם גאַרניטורל און מיך מיטגענומען מיט זיך אין זיין שול אַריין, דאַוונען. דאָרט האָט ער באַרימעריש מיך פאָרגעשטעלט פאַר עטלעכע פריינט זיינע, און זיי דער־ציילט וועגן דעם פיינעם קידעש, וואָס איך האָב געמאַכט ביים נעכטיקן סיידער. ער האָט זיך אויך באַרימט, אַז דאָס האָט ער מיך אַזוי שיין אויסגעקליידט לעקאָ־וועד יאָנטעוו, ווייל איך בין אַ וואויל אינגל...

דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב געפילט ווי אויסצושרייען, אַז עס איז אַ ליגן; אַז דאָס האָט מיר מיין אייגענער טאַטע געקויפט און אַז איך דין באַ יוינעלען בעכינעם, ווי אַן עוועד קנאַני... איך האָב עס אָבער נישט געטאָן. אַפּאַנים, אַז עס האָט נישט געסטאַיעט באַ מיר קיין דרייסטקייט דערצו.

שפּעטער, נאָכן עסן, איז יוינעלע מיט סאַלטשען אַוועק ערגעץ צו גאַסט, און מיך — ווי געוויינטלעך — פאַרשלאָסן אין הויז, אַז איך זאָל עס היטן... אַ פאַר־דראָסיקער האָב איך זיך דאָן אַוועקגעזעצט מיט מיין העפט ביים ברייטן פענצטער פון דער סאַליע און שפּייז־צימער, און גענומען שרייבן, קעדיי דורך דעם אויס־צודריקן מיין צעוויייטיקטן פאַרדראָס איבער דעם וואָס איך מוז דאָ זיצן, ווי אַ געפאַנגענער, אין דעם שיינעם „זמאַן־כיירייסיינו"־יאָנטעוו...

איך בין געווען אַזוי טיף פאַרטאָן אין מיינע מאַכשאָוועס, אַז איך האָב אַפילע נישט באַמערקט ווי צום פענצטער איז צוגעקומען מיין טאַטע מיט מיין יונגערן ברודער. ערשט ווען דער טאַטע האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין פענצטער, האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן און אין שרעק אויפגעציטערט:

— טו זיך אָן און קום אַרויס! — האָט דער טאַטע אַריינגערופן צו מיר, — מיר גייען אַרויף צו רעב מוישע באַלן, אָט דאָ, אויבן!...

ער האָט אַ וויז אַן געטאָן מיט דער האַנט אויפן אַנטקעגנדיקן פליגל פונעם הויף. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז דאָרט, אויפן צווייטן שטאָק, וואוינט דעם טאַטנס אַ גוטער פריינט, וועלכער האָט ערשט נישט לאַנג כאַסענע געמאַכט אַ טאָכטער. איך האָב געעפנט דעם לופטשיק און דורך דעם אַרויסגערעדט צום טאַטן:

— איך קאָן נישט גיין, טאַטע, איך בין אַליין אין הויז!...

— נישקאָשע, — האָט דער טאַטע געענטפערט, — וועסטו איבערלאָזן דאָס הויז אויף אַ שאָ צייט. קיינער וועט עס נישט באַגאַנווענען!...

— אָבער, טאַטע, — האָב איך זיך שוין געשטיקט מיט מיינע טרערן, — איך בין פאַרשלאָסן. זיי זענען אַוועקגעגאַנגען, האָבן פאַרשלאָסן די טירן און מיט־גענומען די שליסלען מיט זיך!...

דער טאַטע, האָב איך געזען, איז געוואָרן בלאַס און רויט. טכילעס האָט ער נישט געוואָלט גלויבן, און אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט:

— זוך זיך נישט קיין טעריצים און קום! איך האָב צוגעזאָגט רעב מוישען דיך מיטצונעמען. ער וויל הערן דאָס נייע ליד וואָס דו האָסט פאַרפאַסט...

— איך בין אָבער פאַרשלאָסן, טאַטע, אויף מיין וואָרט, פאַרשלאָסן!...

— קריך זשע אַרויס דורכן פענצטער! — האָט ער מיר באַפוילן, — וואָס הייסט זיי האָבן דיך פאַרשלאָסן? דאָס איז נישט געווען אין אונדזערע טנאָאים...

— נו, האָסטו אַן אַוולע באַ זיי! — האָב איך ביטער אַ שמייכל געטאָן.

דער טאַטע האָט גענומען ווישן דעם שטערן מיט אַ טיכל. ער האָט געשיקט מיין ברודער צו דער טיר, ער זאָל זען, צי איך זאָג טאַקע דעם עמעס. דערנאָך, אַז מיין ברודער איז צוריקגעקומען און אים געזאָגט, אַז די טיר איז טאַקע פאַר־שלאָסן, האָט ער, האָב איך געזען, שיר אויסגעפּלאַצט אין אַ געוויין:

— און דאָס, זעט מיר אויס, איז נישט דעם ערשטן מאָל, — האָט ער דורך טרערן געזאָגט, — פאַרוואָס האָסטו מיר נישט דערציילט וועגן דעם?...

— פאַרוואָס? — האָב איך איבערגעפרעגט, — ווייל דו אַליין האָסט מיך גע־לערנט, אַז איך זאָל זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגן אויף שוועריקייטן; אַז אויב איך וויל זיין אַ מענטש און זיך דערשלאָגן צו עפּעס, וועל איך זיך פריער מוזן גוט אָנליידן און אויסשטיין פאַרשידענע צאָרעס און פּיין...

— יאָ, אָבער נישט אויף אַזאַ אויפן, — האָט דער טאַטע געזאָגט און זיך אָפּגעקערט פון מיר מיטן פּאָנים, ווישנדיק מיטן טיכעלע די אויגן...

ענדלעך האָט ער זיך צוריק אויסגעדרייט צו מיר און געזאָגט:

— נו, מיילע, וואָס קאָן מען זיך איצט העלפן? מיסטאָמע וועלן זיי באַלד צוריקקומען. געדענק זשע, אַזוי גיך ווי זיי קומען נאָר צוריק, זאָלסטו טייקעף זיך אָנטאָן און גלייך אַרויפקומען צו רעב מוישע באַלן! הערסט? זאָלסט מיך נישט פאַרשעמען!...

איך האָב אים צוגעזאָגט אַזוי צו טאָן.

דער טאַטע און מיין ברודער זענען אַוועק. אין אַ פערטל שאָ אַרום איז מיין ברודער אַרונטערגעקומען אַ קוק טאָן פאַרוואָס איך בין נאָך אַלץ נישט אַרויפגע־קומען. אין אַ פערטל שאָ שפּעטער האָט אים דער טאַטע ווידער אַרונטערגעשיקט, און אַזוי עטלעכע מאָל קעסיידער. אין אַ פּאָר שאָ שפּעטער איז דער טאַטע אַליין אַרונטערגעקומען. ער איז געווען שטאַרק געקרענקט. די סימכע ביי רעב מוישע

באַלן איז שוין געווען געענדיקט. דער אוילעם איז זיך שוין געהאַט פאַנאַנדערגעגאַנגען, אָבער מיינע באַלעבאַטים זענען נאָך אַלץ נישט געווען צוריק און איך בין נאָך אַלץ געזעסן אַ פאַרשלאָסענער...

עס איז שוין געווען נאָענט צו מינכע־צייט און דער טאַטע — אַ מידער פון שטיין און וואַרטן לעבן פענצטער — האָט זיך שוין געוואָלט פאַרנעמען צו גיין אין שול אַריין, דאַווענען. מיטאַמאָל האָט ער דערזען מיין מייסטער און זיין פרוי אָנקומען פון גאַס. אָבער קעדיי נישט אויסצופּלאַצן מיט זיין ביטער האַרץ קעגן זיי אפן הויף, האָט ער זיך אַ דריי אויס געטאָן און אַוועקגעשפּרייזט טיפער אין הויף. אָבער באַלד ווי זיי זענען נאָר אַריין אין הויז אַריין, איז דער טאַטע אַריין נאָך זיי. ער האָט טרוקן אָפּגעזאָגט דעם „גוט־יאָנטעוו" און גלייך, קימאַט אַ שטאַמלדיקער פון אויפרעגונג, אויסגערופן:

— איך בעט אייך, פאַניע שלייען, האָב איך אייך געגעבן מיין קינד פאַר אַ קנעכט, וואָס איר פאַרשליסט אים דאָ אין שטוב ביי זיך?...

און איידער יענער האָט נאָך געענטפערט, שאַרף צוגעגעבן:

— איצט איז מיר שוין קלאָר פאַרוואָס איר זענט באַשטאַנען, אַז ער זאָל ביי אייך זיין אויך אין די שאַבאָסים און יאָנטויוויים... דאָס איז קעדיי איר זאָלט זיך קאָנען רואיק אַוועקגיין פאַרברענגען און איבערלאָזן מיין קינד איינעם אַליין אין אייער שטוב, צו היטן אייער פאַרמעגן...

און אויסדרייענדיק זיך צו מיר, — אַ באַפעל געטאָן:

— פאַרנעם גלייך דיינע זאַכן און קום שוין אַהיים מיט מיר!...

אַ פאַרלוירענער האָב איך געקוקט אָט אויפן טאַטן, אָט אַף רעב יוינעלען, און אָט אַף סאַלטשען, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן. דער טאַטע איז אָבער נישט אָפּגעטראָטן און זיך שוין גענומען בייזערן:

— האָסט דאָך געהערט וואָס איך האָב דיר געזאָגט; פאַרנעם דיינע זאַכן און געגאַנגען! קאָל־זמאַן איך לעב וועסטו נישט זיין קיין קנעכט באַ קיינעם!...

איך האָב פאַרנומען די זאַכן און בין אַוועק מיטן טאַטן אַהיים.

קיין מעכאַניק בין איך שוין נישט געוואָרן...

* * * * *

# איך ווער אַ מענטשעלע־מאָלער

בּעייס דער טאַטע האָט מיך אָפּגענומען פונעם מע־כאַניק שלייען, האָב איך — גייענדיק אַהיים מיט מיינע זאַכן — מיטאַמאָל דערזען ביי אַ טויער אָף דער דזשיקע גאַס, נישט ווייט פון שלייענס הויף, אַ גרויסע שילד, און איך האָב זיך, אַ נייגעריקער, אָפּגעשטעלט קוקן אָף איר.

אָף אָט דער שילד איז געווען אויסגעמאָלט — אין דער גאַנצער גרויס — אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט אַ פּאַליטרע און פּענדזעלס, און געמאָלט אַ בילד פון זיך. אונטן, אונטערן פּאָרטרעט, איז — ווי צעשטעלטע קלעצלעך אָף אַ פעלד — געווען אויסגעמאָלט אָף רוסיש און אָף פויליש:

„זשיוואָפּיסעץ, מאַיסעי בורגין!"

די שיינע שילד איז מיר שטאַרק געפעלן. דער איקער דאָס, וואָס דער גע־מאָלטער האָט געמאָלט אַ בילד, פאַרשטעלנדיק, ווי ער שטייט און מאָלט אַ בילד פון זיך, ווי ער שטייט און מאָלט אַ בילד פון זיך... יעדעס בילד — וואָס אַמאָל קלענער און קלענער, ביז דאָס לעצטע איז געווען נישט מער ווי אַ פּינטעלע קימאַט. דאָס האָט מיך אַזוי שטאַרק פאַרכאַפּט, אַז איך האָב זיך פּאַשעט נישט געקאָנט אָפּ־רייסן דערפון און איך האָב, ווי אַ פאַרכאַלעמטער, אַ זאָג געטאָן צום טאַטן:

— איך וויל זיין אַ „מענטשעלע־מאַכער", אַ זשיוואָפּיסעץ!...

דעם ערשטן טאָג כאָל־האַמויעד פּייסעך, פאַרנאַכטצו, איז דער טאַטע אַוועק מיט מיר אַהין, אָף דער דזשיקע גאַס, צום שילדן־מאָלער בורגין, פרעגן, צי ער וואָלט מיך צוגענומען אָף דער לער.

בורגין — אַ ליטוואַק מיט אַ גרויסער טשופּרינע האָר, מיט אַ שפּיציק בער־דעלע און מיט מילדע גרויע אויגן, פּונקט אַזוי ווי ער איז געווען אויסגעמאָלט אָף דער שיינער שילד אינדרויסן — האָט אַ קוק געטאָן אָפן טאַטן און, אָפּ־מעסטנדיק מיך פון אויבן ביז אַרונטער, קאַלט אַ זאָג געטאָן:

— אַלזאָ, דאַרפן דאַרף איך גראָד ניט קיין לערן־אינגל, אָבער... איך ווייס... איך וואָלט אַוואַדע געקאָנט נוצן נאָך איינעם...

און, אויסגענעצנדיק זיך, צוגעגעבן:

— אַלזאָ, אויב איר ווילט, רעב פעטער, כ'מיין, אויב איר ווילט אים טאַקע מאַכן פאַר אַ באַלמעלאָכע, אַ שילדן־מאָלער, און ניט סטאַם אַ שיק־אינגל...

דער טאַטע האָט אָפּאָנים נישט פאַרשטאַנען און איבערגעפרעגט:

— וואָס מיינט איר, פאַניע בורגין?

בורגין האָט מיט אַ שמייכעלע ווי אויסגעזונגען:

— אַלזאָ, איך מיין, אַז שילדן־מאַלעריי איז ניט קיין שניידעריי אָדער שוס־טעריי. דאָס איז אַן אינטעליגענטנע מעלאָכע, אַ שווערע. אַז מען וויל איינעם אויסלערנען די מעלאָכע, דאַרף מען זיך אָפּגעבן מיט אים און דערפאַר, דערפאַר רעב איד, מוז מען באַצאָלן פאַרן לערנען...

דער טאַטע איז נישט נעספּאָעל געוואָרן און געזאָגט:

— צוצאָלן יאָק צוצאָלן. די איקער־פראַגע איז דאָך נאָר, צי איר וועט אים טאַקע לערנען די מעלאָכע, אָדער ער וועט ביי אייך זיין אַ ניאַנקע...

בורגין, זעענדיק, אַז דער טאַטע לאָזט זיך רעדן, האָט אונדז פאַרבעטן צו זיך אין הויז אַריין, וואָס האָט זיך געפונען דערביי, עטלעכע טריט פון דער ריזיקע שאַפּע, אין וועלכער דער וואַרשטאַט האָט זיך געפונען. ער האָט אונדז געבעטן זיצן און אַריינגערופן זיין ווייב:

— ראָזע, — האָט ער מיט ווייכקייט איר אַ זאָג געטאָן, — זיי אַזוי גוט און דערלאַנג צום טיש אַביסל שנאַפּס מיט פאַרבייסן...

ווען זי האָט אַריינגעבראַכט אַ קאַראַפקע בראנפן און אַ טעלער קיכלעך, האָט בורגין אָנגעגאָסן צוויי גלעזלעך, אָבער זיך נישט צוגערירט צו דעם. דער טאַטע, פאַרשטייט זיך, האָט אויך נישט גענומען, און בורגין האָט גענומען רעדן:

— אַלזאָ, איר פאַרשטייט, מיין פריינט, דער עמעס איז אַזוי; אויב איר ווילט קאָן איך צונעמען אייער אינגל אָן צוצאָלן אויך, פונקט ווי איך נעם צו אַנדערע אינגלעך, ווייל אייער באָכערל געפעלט מיר און ער זעט אויס צו זיין אַ פיינער, באַלעבאַטישער כעוורעמאַן. און ווי זאָגט איר, סטאַם אינגלעך האָב איך קענעהאָרע צען שטיק און זיי זענען באַ מיר טאַקע ניט מער ווי ניאַנקעס. אַלזאָ, איך מיין צו זאָגן, אַז יענע אינגלעך האָב איך צוגענומען אָן גאַראַנטיעס צו מאַכן זיי פאַר באַלמעלאָכעס, נאָר צו טראָגן לייטערס, שלעפּן שילדן, קריכן אַף די גלייכע ווענט זיי אויפצוהענגען און דאָס גלייכן. מיט דער צייט וועלן זיי זיך עפּשער אויסלערנען די אַרבעט, אָבער...

ער האָט זיך מיטאַמאָל שמייכלענדיק אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— אַלזאָ, הער נאָר באָכערל, קענסטו עפּעס ריסעווען? איך מיין... קענסטו אויסמאָלן מענטשעלעך, צאַצקעס, בוכשטאַבן?...

איך בין געוואָרן אָן לאָשן. דער טאַטע האָט שוין געענטפערט פאַר מיר:

— אָ, ער שרייבט געקסיווועטע אויסיעס. אין שקאָלע האָט ער געצייכנט אַזעלכע פּאַסאַצקעס, — אַ מעכאַיע צו קוקן. אַ שאָד ער האָט זיי ניט מיטגעבראַכט...

בורגין האָט מיר דערלאַנגט פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער און געזאָגט:

— אַלזאָ, יונגערמאַן, נעם און ריסעווע איינמיסטן עפּעס אויף!...

איך האָב גענומען צייכענען, אָבער מיין קאָפּ איז נישט געווען דערביי. איך האָב זיך געוואָלט אונטערהערן צו די רייד צווישן טאַטן און בורגינען. אָבער ווי שטאַרק כיישעק איך האָב געהאַט צו הערן, האָב איך אויך געוואָלט דורכפירן

די אויפגאַבע צו מאַכן אַ צייכענונג. איך האָב דעריבער באַוויזן בלויז אויפצו־כאַפּן ווי בורגין האָט אויסגעפירט:

— אַלזאָ, גוט, קעדיי צו באַווייזן אייך, אַז איך בין ניט קיין גאַזלען און בין ניט אויסן גלאַט צו כאַפּן געלט ביי אייך, בין איך וויליק צו נעמען איצט, ביים אָנהויב, פופציק רובל, און די צווייטע פופציק — ערשט אין זעקס כאָדאָשים אַרום. איך וועל אים צונעמען אויף פיר יאָר. דאָס צווייטע יאָר וועט ער קריגן ביי מיר צו צוויי רובל אַ וואָך, דאָס דריטע — צו דריי און דאָס פערטע — צו פינף רובל אַ וואָך. נאָכדעם, אויב ער וועט וועלן, וועט ער קאָנען בלייבן אַרבעטן ביי מיר און איך וועל אים צאָלן וויפל ער וועט די ווערט זיין; אויב ניט — וועט ער זיין פריי צו גיין אַרבעטן ביי וועמען ער וועט נאָר אַליין וועלן...

— אויב איר וועט אים גוט באַהאַנדלען, — האָט דער טאַטע געזאָגט, — זע איך ניט איין פאַרוואָס ער זאָל גיין צו אַ צווייטן. פאַרקערט, אַז איר וועט אים אויסלערנען די אַרבעט, וועט ער בלייבן ביי אייך, איר זאָלט אין אים פאַרדינען...

בורגין האָט אַ נעם געטאָן זיין גלעזל:

— אַלזאָ, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — דאָס וועלן מיר שוין שפּעטער זען. דערווייל לאָמיר טרינקען לעכאַים. מאָרגן מערטשעם וועט איר צוקומען, וועלן מיר מאַכן אַ קאָנטראַקט. איך האָב ליב, אַז עס איז פאַרשריבן שוואַרץ אויף ווייס...

אַז מיר האָבן זיך שוין געהאַט געזעגנט און בורגין האָט אונדז באַגלייט צו דער טיר, האָט ער מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן:

— אַד־יאָ, שיר ניט פאַרגעסן. אַלזאָ, אויב איר ווילט, וועט ער פאַרן זעלבן געלט קאָנען זיין באַ מיר מיט עסן און שלאָפן...

— ניין, אַ דאַנק אייך! — האָט דער טאַטע זיך אָפּגעוואָרפן, האָבנדיק אַפּאָנים אין זינען די דערפאַרונג פון מיין עסן און שלאָפן ביים מעכאַניק שלייען. — גאָט צו דאַנקען, ער האָט טאַטע־מאַמע, אַ הויז, און וועט קאָנען עסן אינדערהיים...

בורגין האָט זיך גענומען פאַרענטפערן:

— איך האָב געמיינט, כ'ווייס... מיין פרוי קאָכט סיי ווי סיי פאַר אונדז און פאַר די צוויי לערן־אינגלעך וואָס מיר האַלטן, וואָלט זיך ניט אָנגעזען נאָך אַ מויל. נאָר אַז איר ווילט ער זאָל זיין ביי אייך, איז אַזוי אויך רעכט...

אויף צומאָרגנס איז דער טאַטע ווידער אַוועק מיט מיר צו בורגינען, דאָרט אונטערגעשריבן אַ קאָנטראַקט, אויסגעציילט באַרע פופציק רובל און מען האָט זיך געוואונטשן מאַזל־טאָוו:

— זעט זשע, פאַניע בורגין, — האָט דער טאַטע שיר נישט געוויינט און געבעטן, — איך בין אַן אָרימאַן און דאָס איז שווער־פאַרהאָרעוועטע געלט. איך וויל אָבער מאַכן אַ לייט פון מיין קינד און איך האָב גענומען פונעם לעצטן. בעט איך אייך, פאַניע בורגין, באַהאַנדלט אים גוט, לערנט אים דאָס פאַך און איר וועט אין מיר האָבן אַ גוטן פריינט אויף אייביק...

* * * * *

נאָך יאַנטעוו בין איך אַוועק צו דער אַרבעט. איך בין אַריינגעפאַלן אין דער שאַפּע ווי אַ פאַרלוירענער און מיט בלאַנדזשענדיקע אויגן געזוכט מיין נייעם מייסטער, פאַניע בורגין. איך בין געווען זיכער, אַז ווייל דער טאַטע האָט אים צוגעצאָלט, וועט ער מיך גלייך אַוועקשטעלן צו לערנען זיך די אַרבעט. איך האָב זיך אָבער גלייך איבערצייגט, אַז איך בין ביי אים נישט קיין יאַכסן. באַלד האָט ער מיך — צוזאַמען מיט אַנדערע צוויי אינגלעך — געהייסן נעמען דאָס האַנט־וועגעלע מיט לייטערס און גיין ערגעץ אף די נאַלעווקעס, דאָרט אַרונטער־צונעמען אַ שילד פון איבער אַ געשעפט...

איך האָב גאָרנישט געזאָגט דעם מייסטער, כאָטש דער טאַטע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז אויב פאַניע בורגין וועט מיך נישט שטעלן צו דער אַרבעט, נאָר מיך נעמען שיקן מיט לייטערס און שילדן, זאָל איך אים דערמאָנען, אַז מיר האָבן אַ קאָנטראַקט וואו עס זאָגט זיך, אַז מיר האָבן אים צוגעצאָלט, ער זאָל מיך לערנען די מעלאָכע און נישט מאַכן מיך פאַר קיין שלעפּ־פערד. איך האָב אויך אין אַוונט דעם טאַטן נישט געזאָגט וואָס בורגין הייסט מיך טאָן, ווייל איך האָב נישט געוואָלט עס זאָל קומען צו קריגערייען...

אָבער וויפל איך האָב אין האַרצן נישט געליטן פון דעם וואָס בורגין האָט נישט געהאַלטן וואָרט און מיר געגעבן שווערע אַרבעט פונקט ווי אַלע אַנדערע אינגלעך, — האָב איך אַלץ מער געליטן פון די אינגלעך און האַלבע געזעלן אין וואַרשטאַט. באַלד נאָכדעם ווי זיי האָבן זיך דערוואוסט אַז מיין טאַטע האָט צו־געצאָלט געלט, האָבן זיי מיך גענומען פייניקן מיט כויזעק און שטעך־ווערטלעך. קיין אַנדערן נאָמען ווי נאָר „פינאַנץ־מיניסטער" האָב איך נישט געהאַט באַ זיי, ביז מיט אַ צייט שפּעטער, ווען שאָלעם „וואַנץ" האָט מיך געקרוינט מיט מיין שטענדיקן צונאָמען „זייפיאַזש", ווייל מיין טאַטע איז געווען אַ זייף־זידער...

שאָלעם „וואַנץ" — אַ טונקל־הויטיקער אינגל, מיט אַ פּאָר שוואַרץ־פייער־דיקע אויגן, וואָס איז אָנגעקומען אף דער לער מיט אַ האַלב יאָר פאַר מיר — איז געווען אַ ווילדער און גערעדט מיט גלייך־ווערטלעך. ער האָט קימאַט יערן אין פּאָך באַקרוינט מיט אַ צוגעפּאַסטן צונאָמען, וואָס האָט זיך גלייך אָנגענומען. ער אַליין האָט דעם צונאָמען „וואַנץ" געקראָגן פון אַ געזעלן, אַרעלע „הויקער", ווייל ער, שאָלעם — נישט געקוקט אף זיין פריילעכקייט און וויציקייט — איז געווען זייער אַ פּאַמעלעכער און איז געגאַנגען געלאַסן, אומגעאיילט, אַפילע דאַן ווען ער האָט געדאַרפט זיך אַ יאַג טאָן. איינמאָל, ווען מען האָט אים אַרויסגעשיקט קויפן פאַרב, און ער איז צוריקגעקומען מיט אַ שאַ שפּעטער, האָט אַרעלע אַ זאָג געטאָן, אַז ער קריכט ווי אַ וואַנץ און... אַזוי איז שוין דער צונאָמען פאַרבליבן...

באַלד אפן צווייטן טאָג נאָך מיין אָנקומען, האָבן כעוורע מיך גענומען אין דער אַרבעט אַריין. איינער פון די האַלבע געזעלן האָט מיך צוגערופן און מיר געזאָגט, אַז קעדיי אויסצוגעפינען צי איך וועל קאָנען זיין אַ גוטער באַלמעלאָכע, דאַרף איך דורכגיין אַ פּראָבע, צו זען צי איך בין פּייאיק גיך אויפצוכאַפּן און

נאָכמאַכן באַוועגונגען און אַקציעס וואָס אַ צווייטער וועט טאָן. שאָלעם „וואַנץ" האָט זיך דאָן געביטן מיט מיר מיט די היטלען, גענומען מיין היטל צו זיך אפן קאָפּ, זיינס מיר אָנגעטאָן, און געזאָגט:

— קוק זיך גוט צו און טו יעדע זאַך אַקוראַט ווי איך וועל טאָן!...

איצכאָק „פּייפער", דער עלטסטער געזעלן, איז געשטאַנען דערביי מיט אַ בלייפעדער און פאַרשריבן מיינע רעאַקציעס. די איבעריקע יאַטן זענען געשטאַנען אין אַ קרייז אַרום און מיט ערנסטע בליקן זיך צוגעקוקט.

צום ערשטן האָט שאָלעם צוגעלייגט איין האַנט צו זיין אויער און די צווייטע — צום בויך, מיט דער ערשטער — געצויגן דאָס אויער און מיט דער צווייטער געדרייט איבערן בויך אין אַ רונדער באַוועגונג. דערנאָך האָט ער מיט איין האַנט געפּויקט אַף אַ באַק און מיט דער צווייטער זיך געפּאַטשט אין הינטן. איך האָב אַלץ נאָכגעטאָן וואָס ער האָט געטאָן.

פאַרטיק מיט דעם, האָט ער אַרונטערגענומען דאָס היטל פון קאָפּ און דערמיט גענומען רייבן איבער זיין פּאָנים, — איך האָב אויך אַזוי געטאָן.

— שטאַרקער רייב! — האָט איצכאָק פון דער זייט געשריגן צו מיר, — דו מאַכסט עס אַזוי לעפּישוואַטע, גאָרנישט ווי קיין שילדן־מאָלער!...

איך האָב שטאַרקער גענומען רייבן מיטן היטל איבער מיין פּאָנים, אַז די הויט האָט מיר אַזש אָנגעהויבן ברענען. ענדלעך האָט שאָלעם מיר צוריקגעגעבן מיין היטל, גענומען זיינס, און איצכאָק האָט אַרויסגעטראָגן זיין פּסאַק־דין:

— נישקאָשע! — האָט ער גלאַטיק אַ זאָג געטאָן, נישט טוענדיק אַפילו קיין שמייכל דערביי. — עס זעט אויס, אַז ער וועט זיין אַ גוטער באַלמעלאָכע...

נאָך דעם האָט ער, איצכאָק, מיר געגעבן אַ קוויטעלע מיט עטלעכע קאָפּיקעס און מיך געשיקט אין פאַרבן־האַנדל צו קויפן די פאַרב וואָס איז אויפגעשריבן אפן קוויטל, און אַף צוריקוועקס קויפן פאַר אים פּערזענלעך אַ פונט עפּל ביי דער „פּשעקופּקע", וואָס זיצטביים ראָג גאַס.

אַף דער גאַס, האָב איך באַמערקט, האָבן פאַרבייגייער מיך אָנגעקוקט מיט אַ שמייכל אַף די פּענימער. טייל האָבן אַפילו געלאַכט אפן קאָל. דאָס האָט מיך זייער געכידעשט און איך בין געוואָרן פאַרדעכטיק. איך האָב געעפנט דאָס קוויטעלע און עס איבערגעלייענט. עס האָט זיך דערויף געשריבן אַף פויליש: „דאָס איז אונדזער נייער יאָלד; וואַרפט אים אַרויס!"... איך בין געוואָרן אויפגעבראַכט און אַ טראַכט געטאָן וועגן אַהיימגיין און מער נישט צוריקגיין צו דער אַרבעט. איך האָב זיך אָבער באַטראַכט און באַשלאָסן, אַז זאָל מיינס איבערגיין, וואָרים נישט טאָמיד וועלן זיי דאָך קאָנען מיך אַזוי אָפּנאַרן. איך בין צוגעגאַנגען צו דער אידענע, וואָס האָט פאַרקויפט עפּל. זי האָט אַ קוק געטאָן אַף מיר און זיך צעלאַכט:

— אינגעלע, — האָט זי אַ זאָג געטאָן, — איך זע שוין, אַז דו ביסט נעבעך אַריינגעפאַלן צו די לייצים דאָרט. ביסט אַוואַדע אַ נייער לערן־אינגל. זע זשע, אינגל, זאָלסט זיך מער נישט לאָזן פון זיי...

צוריקגייענדיק מיט די עפּל, בין איך בעקיוון צוגעגאַנגען צו אַן אַפּטייק, אַ
קוק געטאָן אין דער גרויסער שפּיגל־טיר, און דערזען, אַז מיין פּאָנים איז אינ־
גאַנצן אויסגעשמירט מיט סאַזשע. דאָס האָט מיך אַזוי שטאַרק פאַרדראָסן, אַז
איך האָב זיך אַזש צעוויינט. איך האָב אָבער באַשלאָסן נישט צו מאַכן זיך דערפון
און נישט געבן דער כעוורע אַ געלעגנהייט צו לאַכן פון מיר. איך בין אַריינ־
געגאַנגען אין אַ דערבייאיקן הויף, זיך אַרומגעוואַשןביים וואַסער־קראַן, וואָס
האָט זיך דאָרט געפונען, אָפּגעווישט דאָס פּאָנים מיט מיין רעקל און בין גלייך
ווי גאָרנישט צוריק אַוועק אין וואַרשטאַט אַריין...

* * * * *

**קיין פעסטגעשטעלטע,** באַשטימטע אַרבעט־שאָען זענען אין וואַר־
שטאַט נישט געווען. מען האָט געאַרבעט אַזוי לאַנג און אַזוי שפּעט ווי עס איז נאָר
נויטיק געווען אַף צום פאַרענדיקן אַ שילד. אָפטמאָל פלעגט דאָס זיך פאַרציען ביז
ביין אין אָוונט און אַמאָל אויך שפּעטער. פּונקט אַזוי איז אויך נישט געווען קיין
באַשטימטע צייט צו עסן מיטיק, איבערהויפּט פאַר די לערן־אינגלעך. דאָס איז
אינגאַנצן געווענדט געווען אין דעם ווען די מאַדאַם, בורגינס ווייב, האָט געהאַט
פאַרטיק דאָס עסן. דעמאָלט פלעגט זי אַ קלונג טאָן מיט אַ גלעקל, און די צען
לערן־אינגלעך — אויב זיי זענען נאָר נישט געווען ערגעץ אַוועק פון וואַרשטאַט
— האָבן, אָט אַזוי ווי זיי זענען געווען, אַפילע נישט אָפּוואַשנדיק זייערע הענט
פון דער פאַרב, — אַ כאַפּ געטאָן זייערע טיפע בלעכענע שיסעלעך, זיך אויס־
געשטעלט אין אַ ריי באַ דער קיך־טיר, און איינציקווייז אַריינגעטראָטן אַהין, וואו
זי, די מאַדאַם בורגין, האָט יעדן דערלאַנגט אַ פערטל פון אַ הייפטל פאַראָווע
ברויט, אָנגעפילט די שיסל מיט בעבלעך און קליסקעלעך, אין וועלכע עס האָבן
אַרומגעשוואומען פּיצלעך פלייש. דערנאָך — אויסזעצנדיק זיך אפן דיל פון וואַר־
שטאַט — האָבן זיי געכאַפּט דאָס עסן אין גרויס געאייל, קעדיי צו קאָנען לויפן
בעטן ביי דער באַלעבאָסטע נאָך אַביסל. זעענדיק דאָס, בין איך צופרידן געווען
וואָס דער טאַטע האָט מיך נישט אָפּגעגעבן צו בורגינען מיט עסן...

איינמאָל, עס איז שוין אַוואַדע געווען אַרום צען אַזייגער אין אָוונט, און
די געזעלן, פּונקט ווי איך, האָבן שוין געדאַרפט באַלד אַהיימגיין, איז מיטאַמאָל
אַריינגעלאָפן דער מייסטער, פּאַניע בורגין, האָט מיך צוגערופן, מיר דערלאַנגט
צוויי רובל און ברייטלעך אַ זאָג געטאָן:

— אַלזאָ, לויף צו אין טראַקטיר אַף ראָג דזשעלנע, קויף אַ פערטל שטאָף
57ער שנאַפּס, און נעם ביים טערק אַנטקעגן דריי טוץ מאָן־קיכלעך!...

איך בין אַוועק אין טראַקטיר, וואָס איז געווען אָפן גאַנצע נעכט, גענומען
די פלאַש בראַנפן, געקויפט די געהעריקע קיכלעך און צוריקגעקומען. בורגין
האָט שוין געהאַט אַריינגעבראַכט פון שטוב עטלעכע גלעזלעך, האָט ער זיי אָנגע־
גאָסן מיט בראַנפן, און געהייסן יעדן איינעם טרינקען און פאַרבייסן...

יענע נאַכט האָבן מיר שוין געאַרבעט ביז דריי פאַרטאָג. פאַרטאָג־צו, אַז

מען האָט אַרויסגעגענדיקט די אַרבעט, איז איצכאָק „פייפער", ווייל ער האָט גע־וואוינט נישט ווייט פון וואַרשטאַט, אַהיימגעגאַנגען שלאָפן. די לערן־אינגלעך האָבן פון אַ ווינקל אין וואַרשטאַט אַרויסגעשלעפּט שמאַלע, שמוציקע שטרוי־זעק, זיי צעלייגט אפן אומריינעם דיל דאָרט, און אַזוי — איבעם אָנטועכץ, אָן ליילעכער אָדער קישנס — זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן. איך האָב נישט געוואָלט אַהיימגיין, האָב איך זיך צוגעזעצט אין אַ ווינקל און פּראָבירט כאַפּן אַ דרימל...

די אינגלעך האָבן אָבער נישט געלאָזט שלאָפן. זיי זענען געזעסן אף די געלעגערס און האָבן איינער דעם צווייטן דערציילט פאַרשידענע פאַרבענקטע מאַיסעס. זיי — דאָס ראָוו פון דער פרעמד, ווער פון ליטע, פון אוקראַינע, פון לעבן דער פּרייסישער גרענעץ, און איינער אַפּילע פון אַזוי ווייט ווי אָדעס — האָבן אין אָט־די עטלעכע פרייע מינוטן אויסגעגאָסן זייער בענקשאַפט אַהיים, צו טאַטע־מאַמעס, צו די היימישע שטעטלעך. אין אַ געמיש פון פאַרשידענע דיאַ־לעקטן האָבן זיי אָפּגעלאַכט פון מיר, דעם וואַרשעווער „גלאָמפּ", וואָס האָט נאָך צוגעצאָלט פאַר דער גרויסער „מעציע" צו לערנען זיך ווערן אַ שילדן־מאָלער, אַ „זשיוואָפּישער", — ווי זיי האָבן ביטער אָפּגעכויזעקט...

יענעם פאַרטאָג האָב איך זיך פון די אינגלעך אויך דערוואוסט וועגן דעם מייסטערס אַ זון, ריכאַרד, וועלכער לערנט זיך שפּילן פידל אין בערלין, ביים גרויסן פּראָפעסאָר יאָאַכים, און אַז ער, ריכאַרד, איז פיל בעסער אַפּילע פון יאַשאַ כייפעץ און מישאַ עלמאַן, מיט וועלכע גאַנץ וואַרשע האָט גראָד געקלונגען. זיי האָבן געשמועסט, אַז ער, ריכאַרד, דאַרף טאַקע אינגיכן קומען צו פאָרן פון בערלין, אַהיים אף די זומער־קאַניקולן.

בורגינס שילדן־פאַבריק איז אין יענער צייט געווען פאַררעכנט פאַר איינער פון די גרעסטע און בעסטע אין שטאָט, וואו מען האָט געמאַכט די שענסטע און אָריגינעלסטע שילדן. די לערן־אינגלעך זענען געווען פאַרוואָרפן מיט אַרבעט און יעדן טאָג געהאַלטן אין איין לויפן מיטן וואָגן לייטערס איבער די אַרומיקע גאַסן, אַראָפּצונעמען אָדער אויפצוהענגען שילדן. זיי פלעגן זיך אַרויסלאָזן מיט אַזאַ געטומל און כייפעריי, און געלאָפן אַזוי גיך מיטן וואָגן לייטערס, אַז אין גאַס האָט מען זיי אָנגערופן: „בורגינס פאַזשאַרנע־קאָמאַנדע"...

בורגין אַליין, ווי איך האָב זיך דערוואוסט, איז נישט געווען קיין צו גוטער באַלמעלאָכע. געהערט האָב איך, אַז די פיינע שילד זיינע, וואָס ביים טויער, האָט געמאָלט נישט ער, נאָר גאָר איצכאָק „פייפער", דער עלטסטער געזעלן, און איך האָב פאַרלוירן מיין גאַנצן רעספּעקט צום מייסטער. עס איז אָבער געווען אַ געוויסע אַרבעט, וואָס ער אַליין, בורגין, האָט געקענט מאַכן, און געטאָן האָט ער דאָס בעסאָד, פאַרמאַכט ביי זיך אין קאַבינעט, אַז קיינער זאָל נישט זען און זיך נישט דערוויסן, כאָלילע, ווי דאָס ווערט געמאַכט...

דאָס איז געווען אַ נייער מין גלאָז־שילד — אַ בעלגישע מעטאָדע — און איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די בוכשטאַבן זענען אויסגעגעסן געוואָרן, נאָר ווי

גראַווירט, טיף אין דעם גלאָז, און זענען דערנאָך באַגילדט געוואָרן:

איינמאָל האָט איצכאָק „פייפער״, מיט זיין געוויינטלעכן פלאַטישקן פייף פון צווישן די ציין, מיך צוגערופן צו זיך און מיר שטיל אַ זאָג געטאָן:

— הער, דו זעסט אויס צו זיין נישט קיין נאַריש אינגל, — האָט ער מיך געשמייכלט, — און איך בין זיכער, אַז מען קאָן זיך פאַרלאָזן אויף דיר. וויל איך דיר אויפגעבן אַן אויפגאַבע, וואָס איז זייער נויטיק פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אונדז אַלעמען. עס מוז אָבער זיין — פאַסעך שין — שאַ!...

— וואָס, — האָב איך אים איראָניש אַ שטאָך געטאָן, — מען דאַרף עפּשער עמעצן איינשמירן דאָס פּאָנים מיט סאַזשע?...

— אַ, פאַרגעס דערפון, — האָט איצכאָק זיך ווי געבעטן, — אַ שפּאַס מעג מען דאָך אַמאָל מאַכן. דאָסמאָל איז עס אָבער אַן ערנסטער איניען...

ער האָט מיך אַוועקגענומען אין אַ ווינקל, מיר בעסאָד דערציילט, אַז די טעג דאַרף בורגין מאַכן אַ בעלגישע גלאָז־שילד, און מען דאַרף דעריבער אויסגעפינען ווי אַזוי ער מאַכט עס, אַז דער עסיק זאָל אויסעסן בלויז די בוכשטאַבן און נישט גיין ווייטער און טיפער אין גלאָז. דאַן האָט ער צוגעגעבן:

— וויל איך דעריבער, אַז דו זאָלסט עס אויסגעפינען!...

— איך? — האָב איך אים פאַרכידעשט אָנגעקוקט, — ווי אַזוי?...

איצכאָק האָט מיר דערקלערט, אַז איך וועל זיך דאַרפן אומבאַמערקט אַריינכאַפּן אין בורגינס פּריוואַטן קאַבינעט אַריין, וואָס געפינט זיך ביי אים אין דער וואוינונג, פאַרקריכן אונטער דער קושעטקע וואָס שטייט דאָרט, זיך גוט צוקוקן וואָס און ווי אַזוי ער טוט יעדע זאַך, און דאָס אַלץ פאַרשרייבן...

אויפן מאָמענט האָב איך זיך שטאַרק דערשראָקן פון אַזאַ אַוואַנטיורע. אָבער ווען איצכאָק האָט מיך פאַרזיכערט, אַז איך האָב נישט וואָס מוירע צו האָבן, האָב איך איינגעוויליקט דאָס צו טאָן, מיטן באַדינג, אַז ער זאָל מיר דערפאַר אויסזאָגן דעם נאָמען פון דעם עסיק וואָס ווערט דערצו באַנוצט.

עס איז געווען אָפּגעמאַכט. יענעם טאָג, ווען בורגין האָט געדאַרפט נעמען מאַכן די גלאָז־שילד, האָב איך זיך גאַנץ פרי אַריינגעכאַפּט אין זיין קאַבינעט, אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קושעטקע און געוואַרט. ענדלעך איז בורגין אַריינגעקומען. געזען האָב איך ווי ער האָט אַוועקגעלייגט אַ שטיק דיקן „שפּיגל־גלאָז״ אויפן טיש, צוגעקלעפּט דערצו אַ בויגן פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז אויסגעריסעוועט געווען דאָס וואָס ער האָט געדאַרפט אָנשרייבן, דערנאָך האָט ער דאָס גלאָז איבערגעקערט מיטן פּאַפּיר אַרונטער, געמאָסטן מיט אַ סטאָליערשן „וואַסער־פּאַס״, צי דאָס גלאָז ליגט פלאַך־גלייך, און גענומען שרייבן דערויף מיט אַ פּעדער־פּענדזעליקל, געטונקען אין אַספאַלט־פאַרב...

דאָס פאַרענדיקט, איז ער אַרויס פון קאַבינעט, ווייל די פאַרב — ווי מיר איז קלאָר געוואָרן — האָט געדאַרפט צוטריקענען. איך בין דערווייל אַרויסגעקראָכן, באַטראַכט דאָס גלאָז און געזען, אַז ער האָט פאַרדעקט מיטן אַספאַלט דאָס

גלאָז, לאָזנדיק די בוכשטאַבן רייך. איצט איז געווען די פראַגע, וואָס וועט ער ווייטער טאָן, און איך בין צוריק אַרונטערגעקראָכן אונטער דער קושעטקע...

עס איז געווען אַ הייסער. שטיקנדיקער טאָג. דאָס שטיקעניש האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ מוירעדיקע מידקייט און איך האָב קוים געקאָנט האַלטן די אויגן אָפן. און הונגעריק בין איך געווען — נאָר אַוועקצוכאַלעשן. איך האָב זיך אָבער געשטאַרקט, אין האָפענונג, אַז עס וועט שוין לאַנג נישט דויערן. אפשר אַז איך בין גיך אַנשלאָפן געוואָרן. ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט, איז שוין געווען נאָך אַלעמען. איך האָב נאָך באַוויזן צו זען ווי בורגין — מיטן פאַרטיקן רייך־אָפּ־געוואַשענעם גלאָז אין האַנט — איז אַרויס פונעם קאַבינעט...

דער דורכפאַל האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב נישט געוואוסט וואָס צו טאָן. איך האָב זיך געשעמט און פאַשעט מוירע געהאַט אויסצוזאָגן איצכאָקן, אַז איך בין אַנשלאָפן געוואָרן און נישט געזען ווי ער האָט עס פאַרענדיקט. איך האָב אָבער געדרונגען, אַז בורגין האָט אַוואַדע אַרויפגעגאָסן דעם עסיק אויף דעם גלאָז און עס האָט אויסגעגעסן יענע פלעצער, וועלכע זענען נישט געווען באַדעקט מיטן אַספאַלט. אַזוי האָב איך טאַקע איבערגעגעבן איצכאָקן. געהאַפּט האָב איך, אַז ביז ער וועט קאָנען נאָכקאָנטראָלירן און אויסגעפינען, וועט מיסטאַמע נעמען אַ צייט און איך וועל דערווייל האָבן אַ צווייטע געלעגנהייט זיך איבערצוצייגן...

און עס איז מיר אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. אויף צומאָרגנס האָט איצכאָק מיך באַלוינט דערפאַר, מיט דעם וואָס ער האָט מיר געגעבן אַ גרויסן פענדזעל און מיך געהייסן „אויספּילן" די דריי־אַרשיניקע בוכשטאַבן אויף אַ ריזיקער שילד, וואָס מיר האָבן דעמאָלט געמאַכט פאַר אַ האָלענדישער שאָקאָלאַדע־פירמע, — אַ שילד, וואָס איז באַשטאַנען פון עטלעכע און פופציק טיילן און אויף וועלכער, ווען צוזאַמענגעשטעלט, עס זענען געווען אויפגעשריבן בלויז די צוויי ווערטער:

„קאַקאַאָ דריזען"

מיט אָט דער שילד האָט זיך געטומלט סיי אין פאַבריק ביי אונדז און סיי אין די אַנדערע שילד־וואַרשטאַטן איבער דער שטאָט. דאָס איז געווען די ערשטע און איינציקע שילד לויטן אַמעריקאַנישן שטייגער, אויף אַ פאַרנעם פון הונדערט מיט צוואַנציק איילן די לענג און פינף איילן די הויך, און וועלכע האָט געדאַרפט אַוועקגעשטעלט ווערן אויף אַ דאַך פון אַ דריי־שטאָקיקן הויז אויף מאַרשאַלקאָווסקע גאַס, פונקט אַנטקעגן דעם ווינער וואָקזאַל...

ווען מען האָט ענדלעך פאַרטיק געמאַכט די שילד, זענען אַלע — אַפילו בור־גין אַליין און אַלע עלטערע געזעלן — געגאַנגען זי אַוועקשטעלן אָפן געהעריקן פלאַץ. עס איז אָבער נישט געלונגען. ווען מען האָט קוים מיט צאָרעס און האָרע־וואַניע געהאַט אַרויפגעשלעפּט אָפן דאַך אַרויף איין שטיק פון דער שילד און עס געוואָלט צופעסטיקן, האָט מען זיך ערשט געכאַפּט, אַז עס איז נישטאָ אויף וואָס די שילד זאָל זיך קאָנען האַלטן און עס איז געווען אַ געפאַר, אַז דער קלענצטער ווינט וועט זי אַרונטערבלאָזן אין גאַס אַראָפּ.

האָט מען דעריבער די טיילן אָווּעקגעשטעלט אפן הויף דאָרט, צוגעדעקט זיי מיט אַ ברעזענט און אַהיימגעגאַנגען. בורגין האָט געמוזט באַשטעלן ספּעציעלע שילדן־הענגער, וואָס האָבן אפן דאַך איינגעמויערט אַזעלכע ספּעציעלע אייזערנע ריזיקע הוקעס, אָווּעקגעלייגט אױף זיי אַ הילצערנע פּלאַטפאָרמע, און אױף דער גאַס אויפגעשטעלט אַ רושטאָוואַניע, פון וועלכער זיי זאָלן קאָנען באַקוועם און זיכער אַרבעטן צו באַפעסטיקן די שילד. עס האָט געדויערט אַ צען טעג איידער זיי האָבן די שילד איינגעשטעלט אפן פּלאַץ און מיר זענען ערשט דאַן אָווּעק צו־פּראָווען און צושמירן די צוזאַמענגעשטיקעוועטע נעט...

אַז מיר זענען פּאַרטיק געוואָרן מיט דער שילד, זענען מיר, די לערן־אינגלעך, אַוועק אין קאַנטאָר פון דער שאָקאָלאַדע־פירמע, צו בעטן, ווי עס האָט זיך געפירט, אונדזער „ביר־געלט".

דער פּאַרוואַלטער פון דער פירמע — אַ דיקער אויסלענדער, וואָס האָט קוים געקענט רעדן פּויליש — האָט אונדז געגעבן צען רובל און אַ כוץ דעם יעדן איינעם פון אונדז דערלאַנגט צו היפּשע פּעקלעך שאָקאָלאַדע, געפּאַקט אין אַ ברוי־נעם גלאַנציקן פּאַפּיר מיט גאָלדענע בוכשטאַבן געדרוקט: „שאָקאָלאַד דריזען"...

מיר האָבן, ווי געהעריק, באַדאַנקט און אַוועק, באַשליסנדיק ביים אַראָפּגיין, איינצוטיילן דאָס געלט ווען מען וועט קומען אין פאַבריק אַריין. די שאָקאָלאַדע, אָבער, האָבן מיר געלאָזט יעדן איינעם האַלטן זיי כיילעק.

איינער פון אונדז, הערש „פויער", האָט זיך נישט געקאָנט באַהערשן נישט גלייך צו פאַרזוכן די שאָקאָלאַדע, ער האָט — בעאייסן אַרונטערלויפן די טרעפּ פון קאָנטאָר, און אַפילו נישט אַרונטעררייסנדיק דאָס פּאַק־פּאַפּיר פון זיין פּע־קעלע — זיך אַ בייס איין געטאָן אין דעם און...

ער האָט שיר נישט די ציין צעבראָכן און אַרויסגעלאָזט אַ פיינלעכן געשריי. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, זענען אין די שיינע פּעקלעך געווען נישט קיין שאָקאָלאַדע, נאָר אַזעלכע פלאַכע ברעטעלעך פון האָלץ, צוגעשניטן לויט דער געהעריקער מאָס און פאָרעם און איינגעפּאַקט אין געהעריקן פּאַק־פּאַפּיר. דאָס זענען געווען מוסטערן אױף אַרויסצושטעלן אין די פענצטער פון מאַגאַזינען, וואו עס איז געווען אַ געפאַר, אַז עמעסע שאָקאָלאַדע זאָל צעשמאָלצן ווערן פון דער זון אָדער פון דער אינעווייניקסטער וואַרעמקייט.

הערנדיק הערש „פויערס" זידלערייען און זעענדיק זיין אַנטוישטע מינע אפן פּאָנים, האָבן מיר, די איבעריקע אינגלעך, זיך פאַנאַנדערגעלאַכט אפן קאָל און דאָס האָט אים נאָך מער צערייצט. ער איז אַזוי בייז געוואָרן, אַז ער האָט גענומען פּאָדערן, מיר אַלע זאָלן צוריק אַרויפגיין אין קאָנטאָר און אַ שמיץ טאָן די פּעקלעך דעם פּאַרוואַלטער אין פּאָנים אַריין.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויקועך און עס האָבן זיך געהערט מיינונגען פאַר און קעגן דעם. ענדלעך האָבן מיר באַשלאָסן טאַקע יאָ צוריק אַרויפצוגיין, נאָר אָווּעקלייגן שטילערהייט די פּעקלעך ביים פּאַרוואַלטער אפן שרייב־טיש און אַזוי

אידל ווי נאָך מעגלעך, אָבער מיט געגוג שטאָך, אים באַדאַנקען פאַר דער „פיינער מאַטאָנע". מיר זענען זיכער געווען, אַז דעמאָלט וועט ער קיין כאַזער נישט זיין און וועט אונדז געבן צו פעקלעך עמעסע שאָקאָלאַדע.

מיר האָבן זיך אָבער אָפּגענאַרט. דער פּאַרוואַלטער האָט זיך ברייט פאַנאַנ־דער׳געלאַכט פון זיין געראָטענעם שפּיצל און — אָנקוקנדיק אונדז מיט קאַלטן שפּאָט — ווי אויסגעזוגען אין אַ קלאָרן, פיינעם אידיש:

— דאָס וועט אייך לערנען ווי צו זיין נאַשערס, מאַמזיירים אַזעלכע!...

מיר זענען אַזש געפּלעפּט געוואָרן, נישט קיין מויל צו עפענען...

שוין אין דרויסן האָבן מיר זיך אָנגעקוקט איינער דעם אַנדערן און זיך דערפילט ווי אָפּגענאַרטע, אויסגעכויזעקטע. מיר האָבן כאַראָטע געהאַט וואָס מיר האָבן אַזוי אידל און איינגעהאַלטן גערעדט. הערש „פויער" האָט פון קאַאַס אַזש ביטער אויסגעשריגן:

— איצט זעט איר שוין, אידיאָטן? איך האָב אייך אָבער געזאָגט, אַז...

און באַלד, ווי צו זיך אַליין, אַ זאָג געטאָן:

— גיי ווייס, אַז ער איז אַ איד! אָ, ווען איך ווייס עס פריער, וואָלט איך אים געוועזן דערלאַנגט, אַז עס וואָלט אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. איך וואָלט אים אָנגעזידלט אין זיין טאַטנס טאַטן אַריין!...

מיר זענען צעקרעכטע אַוועק צוריק אין פאַבריק אַריין...

* * * * *

# איך גיי צו אַ קאָנצערט

אין יענעם טאָג, ווען ריכאַרד, בורגינס אינגל, האָט געדאַרפט אָנקומען פֿון בערלין אויף זיינע קאַניקולן, איז ביי אונדז אין פֿאַבריק געווען אַן עמעסע צערודערונג — האַלב יאַריד און האַלב יאָנטעוו. דער מייסטער, בורגין, איז פֿון סאַמע אינדערפֿרי אָן אַרומגעלאָפֿן אַ צעשמאַיעטער און געהאַלטן אין איין אָנזאָגן אונדז אַלעמען, אַז מיר זאָלן זיין ריכאַרדן זען באַגעגענען מיט פּאַראַד, בעאייס ער וועט אים אַהיימברענגען פֿון וואָקזאַל:

— אַלזאָ, — האָט ער, ווי זיין שטייגער, געזאָגט, — איר זאָלט זיך שטעלן אין אַ שערענגע און צוזאַמען שרייען: „ווילקאָמען אַהיים, ריכאַרד, הוראַ!...”

די מאַדאַם, בורגינס ווייב ראָזע, האָט לעקאָוועד דעם טאָג געקאָכט פֿאַר די לערן־אינגלעך אַ ניי מאַיכל: קאָטלעטן מיט רייז און נישט די געוויינטלעכע בעבלעך מיט קליסקעלעך. אַנשטאָט דעם געבייטלטן ברויט, ווי יעדן טאָג, האָט זי זיי געגעבן ווייסע כאַלע און דערצו, פֿאַר אַ נאָך־שפּייז, פֿלוימען־קאָמפּאָט...

נאָכמיטיק איז בורגין געקומען מיט ריכאַרדן צו פֿאָרן אויף אַ דראָשקע, וואָס איז אַריינגעפֿאָרן אין הויף אַריין און זיך אָפּגעשטעלט ביי דער סאַמע אַריינגאַנגטיר פֿון זייער וואוינונג. ריכאַרד — אַ שיין אינגעלע מיט לאַנגע ברוינע לאָקן און גרויליך־בלויע אויגן אויף אַ בלאַס־לענגלעך פּעניםל — איז שוין געווען מיסטאָמע אַ צוועלף אָדער דרייצן יאָר אַלט, נאָר ווייל ער איז געווען געקליידט אין אַ טונקל־בלוי סאַמעטן אָנצוגל מיט קורצע הויזעלעך ביז די קני און אין אַ ווייסער בלוזע מיט אַ ברייטן אַריבערגעלייגטן קעלנערל, האָט עס אים געגעבן דעם אויסזען פֿון אַן אַכט אָדער ניין יעריק קינד...

ער איז פֿלינק אַרונטערגעשפּרונגען פֿון דער דראָשקע און מיט געפֿילדער זיך אַ וואָרף אַריין געטאָן אין די אויסגעשטרעקטע אָרעמס פֿון זיין מוטער, וועלכע איז געשטאַנען מיט פֿריידיק־פֿאַרווייִנטע אויגן, און ליבלעך געפּלאַפּלט:

— אָ, מאַמוסיע, טויערע, וואַס מאַכן זי פֿאָרט. מאַמוסיאַ ליבינקע?!...

בורגין האָט באַצאָלט דעם דראָשקאַזש, גענומען ריכאַרדס פֿידל, וואָס איז אין אַ פֿידל־טעשל געלעגן אויפֿן געזעס אין דער דראָשקע, האָט צוגערופֿן צוויי אינגלעך, וועמען ער האָט באַפֿוילן אַראָפּצונעמען פֿון דער דראָשקע און אַריינצוטראָגן אין הויז אַריין די צוויי וואַליזעס ריכאַרדס און, אויסדרייענדיק זיך צו ריכאַרדן, גענומען רעדן צו אים אין דייטש און אים פֿאָרגעוואָרפֿן:

— אַלזאָ, ריכאַרד, וויפֿיל מאָל מוס איש דיר זאָגן, דו זאָלסט יאָ פֿאַרזיש־

טיק זיין מיט דער גייגע?!... דו מוסט דאָך ניכט פאַרגעסן, דאַס עס איסט דען פראָפעסאָר יאָאַכימס גייגע, ניכט וואַר?!...

— אָ, אַנטשולדיקן זי, פּאַפּאַ, — האָט ריכאַרד — אַלץ נישט אָפּלאָזנדיק די מוטער — זיך אומגעקערט צו אים מיט אַ בליק, — די אויפרעגונג, וויסן זי, פּאַפּאַ, די אויפרעגונג...

מיט ריכאַרדס אָנקומען, האָט זיך אָנגעהויבן אַן עמעסע פיין פאַר אונדז אין פאַבריק. ריכאַרד האָט קימאַט אומאויפהערלעך זיך געאיבט אף דעם פידל, און בורגין האָט שטרענג אָנגעזאָגט, אַז בעאייס ריכאַרד שפּילט, זאָל מען פון אונדז קיין איינציקן דוך נישט הערן. האָט מען מאַמעש געציטערט אַ וואָרט אויס־צורעדן צווישן זיך, שוין אָפּגערעדט פון אַ זינג אָדער אַ לאַך טאָן. און דאַווקע ווייל מען האָט זיך געהיטן און געציטערט, איז אַלץ — עפּעס נאָר ווי אף צו לעהאַכעס — געפאַלן פון די הענט און אָנגעמאַכט אַ טומל. ריכאַרד האָט זיך געבייזערט און אַרויסגעשריגן דורכן פענצטער:

— אַך, צום טויפל, וועלן זי דאַרט מאָל שטום ווערן? זי שטערן מיר!...

אין זיינע איבונגען האָט ריכאַרד קעסיידער געשפּילט וועניאַווסקיס מאַזורקע, מענדעלסאָנס פידל־קאָנטשערטאָ און נאָך אַנדערע קאָמפּאָזיציעס. זיין שפּילן איז געווען אַזוי האַרציק־גוט, אַזוי באַצויבערנדיק־ליב, אַז מיר זענען אָפט געבליבן שטיין ווי פאַרקישעפּטע און זיך איינגעהערט אין די פּראַכטיקע מעלאָדיעס. בורגין — כאָטש ער איז געווען צופרידן פון אונדזער אָפּשאַצן זיין זונס טאַ־לאַנט — האָט זיך אָבער געבייזערט אף אונדז, וואָס מען אַרבעט נישט:

— אַלזאָ, — האָט ער געשריגן, — איך פאַרוועהר אייך ניט זיך צוצוהערן. אָבער אום גאָטעס ווילן, לייגט ניט אַוועק די הענט!...

טיילמאָל, אַז ער איז גאַר בייז געוואָרן, האָט ער גאַר גענומען זידלען:

— פאַרכוצעס, ניוויזיקעס אַזעטיקע, גייט, טוט אייער אַרבעט! וואָס האָט איר זיך פאַרגאַפט ווי בעהיימעס, כאָטש נעמען אייך מעלקן?!... גייט, ריכאַרד וועט שוין שפּילן אַן אייך!...

עס איז געווען הימל און ערד און ריכאַרד...

אף דער צווייטער וואָך נאָך זיין אַהיימקומען, האָט מען אין פאַבריק גענומען רעדן, אַז ריכאַרד וועט אינגיכן אָפּגעבן קאָנצערט אין דער וואַרשעווער פּיל־האַרמאָניע. איצכאָק „פייפער" האָט אונדז אַפילע בעסאָד פאַרזיכערט, אַז דאָס ווערט געטאָן קעגן ווילן פון ריכאַרדס פּראָפעסאָר יאָאַכים, וועלכער האָט אים שטרענג אָנגעזאָגט פאַרן אַהיימפאָרן, אַז אויב ער וועט אַרויסטרעטן אף אַ קאָנ־צערט, זאָל ער נישט וואַגן זיך צו ווייזן פאַר זיינע אויגן...

ער, איצכאָק „פייפער" האָט אויך דערציילט, אַז דער פידל, וואָס ריכאַרד האָט געבראַכט מיט זיך, איז אַ געליענער פון פּראָפעסאָר יאָאַכים און אַז ער קאָסט נישט ווינציקער ווי פופציק טויזנט רובל...

סיי ווי סיי, אונדזער מייסטער בורגין, ריכאַרדס פאָטער, האָט נישט געפאָלגט

דעם פּראָפעסאָרס אַנזאָג. ער איז אַפּאַנים געוואָרן אומגעדולדיק צו וואַרטן ביז יענער וועט געבן זיין צושטימונג, און ער האָט געדונגען דעם פילהאַרמאָניע־זאַל פאַר אַ קאָנצערט. ער האָט מאַשמאָעס געוואָלט אי אַרויספּירן זיין זון פאַר דער וועלט און שאַפן אים אַ נאָמען, אי דערביי טאַקע אויך איינקאַסירן אַביסל געלט...

ער איז אַרומגעלאָפן ווי אַ פאַרשמאַיעטער צוצוגרייטן דעם קאָנצערט, און איבערגעגעבן די פירונג פון וואַרשטאַט צו איצכאָק „פייפער". ריכאַרד — אויב ער פלעגט פריער אַמאָל ביגנייווע אַריינכאַפּן זיך אַף אַ ווייל אין פאַבריק, קעדיי זיך אויפצוהייטערן פון זיין אָפּגעזונדערטקייט און איינזאַמקייט, און דערביי אַ פּלאַפּל טאָן מיט אונדז — איז ווידער גאַנצע טעג פאַרנומען געווען מיט איבן זיך אַף דעם פידל, און מיר האָבן אים געזען בלויז דורכן אָפענעם פענצטער ווי ער שטייט און ציט מיטן בויגן אַרויף און אַראָפּ...

אין טאָג פון קאָנצערט, גאַנץ פרי, האָט בורגין געמאָלדן, אַז היינט וועט מען אָוועקלייגן די אַרבעט פאַרפרי, קעדיי יעדער זאָל האָבן צייט אַהיימצוגיין זיך אָנצוואַשן און איבערטאָן, צו קאָנען גיין צום קאָנצערט ווי אַ מענטש. ער האָט דערביי צוגעזאָגט שפּעטער צו געבן יעדן איינעם צו פרייע בילעטן...

— אַלזאָ, טוט זשע זיך אַ שאָקל, כעוורע! — האָט ער אָנגעזאָגט, — און זעט, אַז איר זאָלט קאָנען אָוועקלייגן די אַרבעט פינף אַזייגער!...

נאָך דעם האָט ער מיך אַריינגערופן צו זיך אין שטוב אַריין און מיר דערלאַנגט אַ פּעקעלע פון אַרום אַ צענדליק קליינע קאָנווערטלעך. ער האָט מיר אַ וויז געטאָן אַף די נעמען און אַדרעסן, וואָס זענען געווען אָנגעשריבן אַף יעדן קאָנווערטל, און געזאָגט:

— אַלזאָ, זעסט, דאָ, אין יעדן קאָנווערטל, געפינען זיך צו צוויי בילעטן, וואָס מוזן אומבאַדינגט צוגעשטעלט ווערן צו די געהעריקע פערזאָנען. דאָס זענען מוזיק־קריטיקער און אין זיי הענגט אָפּ ריכאַרדס מוזיקאַלישע קאַריערע. גיי, דו ביסט ניט קיין נאַריש אינגל און וועסט דאָס קאָנען באַזאָרגן. ווען דו וועסט צוריקקומען, וועל איך דיר געבן צוויי בילעטן פאַר זיך, און דו וועסט קאָנען נעמען דיין טאַטן צום קאָנצערט...

ער האָט מיר געגעבן אַ רובל אַף טראַמוואַי־הויצאָעס און צוגעגעבן:

— אַלזאָ, שטיק ניוזיק איינער, זאָלסט זען, אַז אַלע בילעטן זאָלן לעמאַן האַשעם אָנקומען צו די ריכטיקע מענטשן. טאָמער וועסטו כאַלילע פאַרפושן דעם איניען, מעגסטו זיך געזעגענען מיטן לעבן! אַלזאָ, מאַרש!...

איך בין אַוועק. זיצנדיק אָפן טראַמוואַי, וואָס האָט מיך געדאַרפט פירן אין די העכערע גאַסן, אַרום טעאַטער־פּלאַץ, וואו די רעדאַקציעס פון די פּוילישע צייטונגען האָבן זיך געפונען און וואוהין איך האָב געדאַרפט צושטעלן דאָס ראָוו בילעטן, — האָב איך איבערגעקוקט און אויססאָרטירט די קאָנווערטלעך לויטן סיידער, קעדיי איך זאָל נישט דאַרפן זיך שלעפן הין און צוריק און וואָס גיכער פאַרטיק צו ווערן דערמיט...

עס איז געווען אַ הייסער טאָג אין אָנהויב יוני, און דער שווייס האָט זיך מאַמעש געגאָסן פון מיר בעאַיס איך האָב זיך געיאָגט פון איין רעדאַקציע אין דער צווייטער, אַף צוצושטעלן די בילעטן. עס איז שוין געווען באַלד פינף אַזייגער און קימאַט אַלע בילעטן זענען שוין געווען אויסגעטיילט. ביי מיר איז נאָך גע־בליבן אָן איינציק קאָנווערטל מיט צוויי בילעטן, וואָס איך האָב געדאַרפט צוטראָגן אַהיים צו אַ רעדאַקטאָר פון אַ געוויסן מוזיק־זשורנאַל. אָבער וויפל איך האָב נישט געזוכט אַפן אָנגעגעבענעם אַדרעס, האָב איך זיך נישט געקאָנט דערפרעגן צו זיין וואוינונג. שכיינים האָבן מיך געשיקט אין אַ דערבייאיקן הויף, אָבער דער סטרוזש האָט מיר געזאָגט, אַז יענער האָט טאַקע דאָ געוואוינט מיט עטלעכע וואָכן צוריק, נאָר האָט זיך ערגעץ איבערגעצויגן:

— אויב דו ווילסט וויסן געַנוי זיין אַדרעס, זשידעק, — האָט ער מיט אַ שטאָך מיך געאייצעט, — טאָ גיי מאָרגן צו אין „אַדרעס־טיש" פון ראַטהויז און דאָרט וועסטו זיכער אויסגעפינען!...

איך בין געווען פאַרצווייפלט. בורגינס אָנזאָג אומבאַדינגט צוצושטעלן די בילעטן צו יעדן איינעם און די וויכטיקייט דערפון, האָט מיך מאַמעש פאַרפאָלגט. אָבער אַזוי ווי איך האָב שוין קיין אַנדערע ברייררע נישט געהאַט, בין איך צוריק־געפאָרן אין פאַבריק אַריין, ערשטנס, קעדיי אָפּצוגעבן בורגינען אַ באַריכט וועגן די צוגעשטעלטע בילעטן, איבערגעבן אים די צוויי פאַרבליבענע און, דער איקער, טאַקע צו קריגן ביי אים די צוגעזאָגטע בילעטן פאַר זיך אַליין.

ווי גרויס איז אָבער געווען מיין פאַרדראָס, ווען איך — אַז איך בין שוין אָנגעקומען — האָב שוין קיינעם נישט געטראָפן. די גרויסע טירן פון פאַבריק זענען געווען פאַרשפּאַרט. בורגינס הויז איז געווען פאַרשלאָסן. דער סטרוזש פונעם הויף האָט מיר געזאָגט, אַז פּאַניע בורגין מיט דער גאַנצער פאַמיליע און מיט אַלע אַרבעטער פון דער פאַבריק, זענען ערשט נאָר־וואָס אַוועקגעפאָרן אַף דראָשקעס צום קאָנצערט...

פון גרויס קרענקונג האָב איך זיך אָזש צעוויינט. מיך האָט שטאַרק פאַר־דראָסן, וואָס איך — נאָך אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן מיט בילעטן, — וועל נישט קאָנען זיין ביים קאָנצערט. איך בין געווען אַזוי צעווייטיקט, אַז איך האָט נישט געקאָנט באַטראַכטן וואָס צו טאָן און האָב זיך — אַ פאַרצווייפלטער — אַוועקגע־זעצט אַף דער שוועל פון דער פאַבריק. איך האָב זיך אָבער באַלד געכאַפּט, אַז דאָס זיצן דאָ וועט מיר גאָרנישט העלפן און אַז איך דאַרף בעסער אַהיימגיין.

אַהיימגעקומען, האָב איך ערשט מיט פרישע טרערן דערציילט דער מאַמען וועגן מיין אומגליק און זי געבעטן, זי זאָל מיר געבן געלט, אַז איך זאָל קאָנען קויפן אַ בילעט און גיין צום קאָנצערט.

— ליי מיר ביז מאָרגן. — האָב איך זי געבעטן, — מאָרגן וועל איך זאָגן דעם מייסטער, וועט ער מיר אומקערן דאָס געלט וואָס דער בילעט קאָסט און איך וועל עס דיר צוריקגעבן...

די מאַמע איז אָבער געבליבן קאַלט צו מיין געוויין:

— אַזוי, — האָט זי מיר אויסגערעדט, — ביסט נישט אַנדערש געוואוינט געוואָרן ווי נאָר צו גיין צו קאָנצערטן הערן ווי עפּעס אַ אינגל גרימפּלט דאָרט אף אַ פידל און נאָך צוצאָלן אַ רובל דערפאַר?!...

צו מיין גליק איז באַלד אָנגעקומען דער טאַטע פון דער אַרבעט. ווען ער האָט זיך דערוואוסט פאַרוואָס איך וויין, האָט ער געזאָגט צו דער מאַמען:

— באַ דיר איז רעכט, אַז בורגינס אַלע אינגלעך און געזעלן זאָלן יאָ זיין ביים קאָנצערט, נאָר דיין קינד נישט. זייער שיין, כ'לעבן... ער דאַרף יאָ גיין! זאָל בורגין וויסן, אַז ער איז אַ כאַזער. אויב ער האָט זיך געאיילט אָוועקצוגיין, האָט ער געדאַרפט איבערלאָזן בילעטן ביים סטרוזש!...

און צו מיר, מיט אַ זשעסט, אַ זאָג געטאָן:

— גיי, וואַש זיך אָפּ און טו זיך אָן! איך וועל דיר געבן געלט!

מיטאַמאָל, דערזעענדיק ווי איך לייג אָוועק אפן טיש דאָס קאָנווערטל מיט די צוויי פאַרבליבענע בילעטן, און דערוויסנדיק זיך וואָסערע בילעטן דאָס זענען, האָט דער טאַטע זיך ברייט פאַנאַנדערגעלאַכט:

— עך, שטיק גלאָמפּ איינער! וואָס פיערגעסטו? האָלט אין דער האַנט צוויי וואוילע בילעטן, וואָס בעסער דאַרף מען נישט, און וויל געלט אף בילעטן!

— די בילעטן זענען דאָך אָבער נישט מיינע! — האָב איך געענטפערט. — זיי געהערן דאָך גאָר צו איינעם אַ פאַן...

— פאַן־שמאַן, — האָט דער טאַטע איבערגעשלאָגן, — דו האָסט די בילעטן, וועסטו זיין דער פאַן!...

— זיי זענען דאָך אָבער טייערע בילעטן, — האָב איך זיך נאָך אַלץ גע־דונגען מיטן טאַטן, — עס איז געשריבן, אַז זיי קאָסטן צו צוויי רובל מיט פופציק קאָפּיקעס אַ שטיק!...

— וואָס־זשע, — האָט דער טאַטע אַ שניט געטאָן, — זאָל זיך בורגין זאָרגן. האָט ער געדאַרפט דיר לאָזן אַנדערע, ביליקערע!...

— ער וועט אָבער זיין בייז!...

— וועסטו זיין גימל! געהערט אַ נאַרישקייט! נו, גיי, באַלעמוטשע נישט! כאַפּ עפּעס איין מויל אַריין און גיי צום קאָנצערט. עס ווערט שפּעט!...

ער האָט זיך גענומען וואַשן צום עסן און דערביי אַ מורמל געטאָן:

— ווען איך זאָל נישט זיין אַזוי מיד, וואָלט איך מיטגעגאַנגען. איך האָב אָבער היינט אָפּגעקאָכט צוויי קאָך זייף און איך פאַל פּאַשעט פון די פיס...

פלוצים האָט ער אַ וויז געטאָן אף מיין ברודער און געזאָגט:

הער נאָר, האָסט דאָך צוויי בילעטן דאָ, אַ־יאָ? פאַרוואָס זשע זאָלסטו אים ניט מיטנעמען מיט זיך?!... אפן צווייטן בילעט, מיין איך...

מיין ברודער, וועלכער איז געשטאַנען דערביי, האָט זיך מיט פרייד אַ כאַפּ געטאָן אין טאַטנס פאַרשלאַג, גענומען אַרומלויפן און צוגעזונגען:

— איך גיי צו אַ קאָנצערט! איך גיי צו אַ קאָנצערט!... איך גיי!...

קייענדיק דאָס עסן, האָבן מיר זיך אָנגעטאָן אין אונדזערע שאַבעסדיקע קליידער. איך — וואָס כאָטש צו דער אַרבעט בין איך שוין געגאַנגען געקליידט „דייטש", מיט אַ קורץ רעקל, שיך און אַ וועליסאָפּעדקע־היטל — האָב אין די שאַבאָסים, ווייל איך בין געגאַנגען מיטן טאַטן דאַווענען אין שול אַריין, נאָך אַלץ געטראָגן אַ לאַנגע געהאַקטע קאַפּאָטע און אַ קליין פּויליש טוכן היטעלע...

דער טאַטע האָט אונדז געגעבן קליינגעלט פאַר טראַמוואַי־בילעטן און מיר, איך מיט מיין ברודער, זענען אַוועק צו דער פילהאַרמאָניע, צום קאָנצערט...

* * * * *

**ווען מיר זענען ענדלעך** דערפאָרן צו דער מאָניושקאָ גאַס און אָנגעקומען אין דער פילהאַרמאָניע, איז דער קאָנצערט שוין געווען אָנגעפאַנגען. דער גרויסער פאָדער־זאַל איז שוין געווען אויסגעליידיקט און די טירן פון זאַל —צוגעמאַכט. איך האָב זיך מיטאַמאָל דערפילט ווי אַ פאַרלוירענער. דאָס איז געווען דעם ערשטן מאָל אין מיין לעבן, וואָס איך בין געגאַנגען צו אַ קאָנצערט און האָב געהאַט אַ קנאַפּן באַגריף ווי דאָס זעט אויס. מיין איינגערער ברודער האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר דער אומבאַקאַנטער אומגעבונג מיט דער העלער עלעקטרישער באַלייכטונג און האָט זיך פעסט געקלאַמערט אין מיין אָרעם.

איך האָב גענומען גיין פון איין טיר צו דער אַנדערער, געזוכט עמעצן צו וועמען צו רעדן, אָבער קיינער איז נישט געווען. די ריזיק־גרויסע טירן האָבן ביי מיר אַרויסגערופן גרויס אָפּשיי און איך האָב זיך פאָשעט געשראָקן אַ טיר אָן עפן צו טאָן. ענדלעך בין איך צוגעגאַנגען צו איינעם פון די קאַסע־פענצטערלעך, דערלאַנגט די בילעטן דעם מאַן, וואָס איז איבעוויניק געזעסן, און געפרעגט וואָס איך דאַרף טאָן און וואו איך זאָל אַריינגיין.

פון אינעווייניק האָבן אַ פּאָר שטרענגע שטעכיקע אויגן מיך אַ נעם דורך געטאָן און אַ דיקע שטימע האָט מיך פאַרדעכטיק אַ פרעג געטאָן:

— וואו האָסטו גענומען אָט די בילעטן?...

איך האָב גענומען שטאַמלען, דערציילט דעם עמעס, אַז איך אַרבעט ביי דעם פאַניע בורגין אין שילדן־פאַבריק און אַז ער האָט מיך געשיקט צו פאַרטיילן די בילעטן, נאָר אָט די צוויי האָב איך נישט געקאָנט צושטעלן, מאַכמעס איך האָב נישט געקאָנט געפינען דעם אַדרעס פון דער פערזאָן פאַר וועמען זיי זענען געווען באַשטימט. און אַזוי ווי פאַניע בורגין, מיין מייסטער, האָט מיר צוגעזאָגט צו געבן בילעטן פאַרן קאָנצערט, נאָר איך האָב פאַרשפּעטיקט, האָב איך דעריבער...

— ווייסטו כאָטש, זשידעק, — האָט יענער, מיט דער אייגענער שטרענגקייט ווי אויסגעברומט, — ווייסטו כאָטש, אַז אויב דו זאָגסט ליגן, קאָן איך דיך לאָזן אַרעסטירן?! אָט, וועל איך גיין זען פאַניע בורגין און אים פרעגן...

איך האָב זיך דערפרייט. איך בין זיכער געווען, אַז ווען ער וועט פרעגן מיין מייסטער, וועט יענער זיכער הייסן מיך אַריינלאָזן. באַלד איז דער מאַן, מיט

די צוויי בילעטן אין האַנט, אַרויסגעקומען פונעם קאַסע־צימערל, אַף זיין וועג, אַפּאַנים, צו בורגינען. ער האָט אָבער אַ קוק געטאָן אַף מיר און, דערזעענדיק מיך און מיין ברודער אין די לאַנגע קאָפּאָטעס, אַ זאָג געטאָן:

— זומער אין אויבערמאַנטלען? מען טאָר נישט אַריינגיין אין זאַל אַריין אין קיין אויבערמאַנטלען! וועסט זיי דאַרפן אָפּגעבן אין גאַרדעראָבע און דאָס קאָסט צו צען קאָפּיקעס אַ שטיק. האָסטו געלט דערפאַר?!...

— דאָס זענען נישט קיין אויבערמאַנטלען, — האָט איך זיך געדזונגען, — דאָס זענען קאַפּאָטעס!...

— אין קאַפּאָטעס טאָר מען אַוואָדע ניט אַריינגיין אין זאַל! — האָט ער זיך שוין צעבייזערט און זיך פאַרנומען צוריק, צו זיין קאַסע־צימערל.

איך האָב אים אָנגעכאַפּט ביים אַרבל און זיך אַזש צעוויינט:

— איך בעט אייך, פאַניע, גייט אַריין צו פאַניע בורגין. רופט אים אַרויס. ער וועט זיין ברויגעז וואָס איר האָט אונדז נישט אַריינגעלאָזט!...

— אַ, דריי מיר נישט קיין קאָפּ! — האָט דער מאַן זיך בייז אַרויסגעדרייט.

— פאַן בורגין איז איצט פאַרנומען און מען קאָן אים נישט באַלעסטיקן...

איך האָב גענומען די בילעטן און זיך אָפּגערוקט אַן אַ זייט. געטראַכט האָב איך זיך אַוועקצושטעלן וואַרטן, אין האָפענונג, אַז עפשער וועט בורגין צופעליק אַרויסקומען. דער מאַן האָט מיך אָבער גענומען טרייבן:

— אַז דו ווילסט וואַרטן, וועסטו עס דאַרפן טאָן אין דרויסן, אַף דער גאַס. דאָ איז נישט קיין זשידאָווסקע שול, אָדער אַ יאַר־מאַרק!...

איך בין מיט געוויין אַרויס אַף דער גאַס, פירנדיק מיט זיך מיין ברודער. איך בין אָבער נישט ווייט אַוועק, נאָך זיך געשטעלט ביי דער טיר, מיטן פּאַנים איינגעקוועטשט צום גלאָז צו, קעדיי נישט צו פאַרלירן בורגינען, אויב ער זאָל אַרויסקומען, און איך זאָל אים קאָנען בעטן ער זאָל אונדז אריינגעמען אין זאַל אריין, צו זיין זונס קאָנצערט...

עס זענען פאַרביי אַ צען מינוט און עס האָט זיך דערהערט אַ הילכיק פאַ־טשעריי אין זאַל. איך בין זיכער געווען, אַז איצט וועט בורגין מיסטאָמע אַרויס־קומען. אָבער מיטאַמאָל איז צו אונדז צוגעקומען אַ פּאָליציאַנט און אונדז אַוועק־געטריבן פון די טירן. איך האָב זיך געבעטן ביי אים, געוויינט מאַמעש, אָבער ער האָט אַפילע נישט געוואָלט הערן. מיט אַ צעבראָכן האַרץ האָב איך אָנגענומען מיין ברודער ביי דער האַנט און מיר זענען אַהיימגעפאַרן...

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער איז מיר פאַרט עטלעכע מאָל אויסגעקומען צו זיין אין זעלבן זאַל פון דער פילהאַרמאָניע, דער איקער צו די לעקציעס וואו י. ל. פּערעץ האָט געזאָלט געבן אַן ענטפער אַף דער אָפט־געשטעלטער פראַגע: „וואָס האָב איך געמיינט מיט מיין ,ביינאַכט אַפן אַלטן מאַרק׳ ״.

די לעקציעס — אין שאַבעסדיקע נאָכמיטיקן — זענען געווען געפּאַקט מיט אַ פאַשעטן, אָבער אינטעליגענטן אידישן עולעם, אַן דעם פּאָמפּ, אָנשטעל און

שטרענגקייט פון דעם קאָנצערט. איך — כאָטש איך בין שוין דעמאָלט געווען „קורץ"־געקליידט, נישט מיט אַ לאַנגער קאַפּאָטע ווי דאָ, צום קאָנצערט — האָב זיך אינמיסטן צוגעקוקט צום אוילעם, געזען אַ צאָל „לאַנג"־געקליידטע יונגעלייט, און איך האָב שטאַרק האַנאָע געהאַט. עפּעס אַ זיס נעקאָמע־געפיל האָט מיך באַהערשט איבער די באַלעבאַטים פונעם אַריסטאָקראַטישן פילהאַרמאָניע־זאַל.

פּערעץ, אין זיין פאַלעריבע, איז אָנגעקומען שפּעטלעך. ער האָט גערעדט, געשילדערט, דערציילט, אָבער צום איקער פון דער טעמע איז ער נישט צוגעקומען. ווען דער אוילעם איז שוין געווען אָנגעצויגן ביז העכסטער שפּאַנונג, האָט ער, פּערעץ, אַ קוק געטאָן אַפן זייגער, אָנגעוויזן אַף הינטער זיך, ווי אַף עפּעס אַ דערוואַרטן אומגעזעענעם סוינע, און אַ זאָג געטאָן:

— עס איז שוין שפּעט. די מוזיקאַנטן דאַרט, וואַרטן שוין אָנצוהויבן דעם קאָנצערט. מיר זענען דאָ נישט די באַלעבאַטים און וועלן דעריבער גלייך דאַרפן אָפּליידיקן דעם זאַל. איך וועל שוין מוזן געבן די דערקלערונג ביי אַ צווייטער געלעגנהייט...

דער אוילעם — כאָטש מיט איראַס־האַקאָוועד צו פּערעצן — איז דאָך געווען אַנטוישט און, בעאייסן אַרויסגיין פון זאַל, אונטערגעמורמלט. איך בין געשטאַנען, געציילט די לאַנגע קאַפּאָטעס, און בין געווען שטאַרק צופרידן...

דעמאָלט אָבער, אַהיימגייענדיק פונעם קאָנצערט וואו מען האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט, האָב איך געהאַט אַ שווער האַרץ אַף מיין מייסטער בורגין און אָפּגעמאַכט ביי זיך, אינדערפרי דאָס אַף אים אויסצוגיסן. אָבער צומאָרגנס, ווען איך בין געקומען צו דער אַרבעט, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז בורגין איז נישטאָ. אין פאַבריק האָט מען געשמועסט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן מיט ריכאַרדן אָפּצוגעבן קאָנצערטן אין ווילנע, מינסק, פּעטערבורג און נאָך אַנדערע שטעט, וואָס וועט דויערן אַוואַדע אַרום אַ כוידעש צייט. איך האָב דעריבער געמוזט אָפּלייגן מיין רעכענונג מיט בורגינען אַף אַ שפּעטערדיקער צייט...

די אַרבעט אין פאַבריק — נישט געקוקט וואָס דער מייסטער בורגין איז נישט געווען — איז אָנגעגאַנגען ווי טאָמיד. איצכאָק „פּייפער", דער עלטסטער געזעלן, האָט פאַרנומען דעם מייסטערס פּלאַץ און קאָמאַנדעוועט אַזוי ווי יענער. ראָזע, בורגינס ווייב, האָט געהאַלטן די קאַסע, געגעבן געלט אַף צו קויפן די נויטיקע מאַטעריאַלן און אויסגעצאָלט סכירעס וועמען מען האָט געדאַרפט...

מיטאַמאָל, אַ צען טעג נאָך זיין אַוועקפאָרן, איז בורגין אומגעריכט צוריקגעקומען מיט ריכאַרדן. ריכאַרד האָט געוויינט. בורגין אַליין איז געווען בייז און אָנגעכמורעט, און אַלץ געיאָגט און געזידלט:

— אַלזאָ, ניוויזעניקעס אַזעטיקע, געהאַט אַ יאָנטעוו דאָ אָן מיר, האַ?...

באַלד האָט מען זיך אין פאַבריק דערוואוסט די סיבע פון זיין גיכן צוריקקומען און פון זיין בייזקייט. איצכאָק „פּייפער" האָט אונדז בעסאָד דערציילט, אַז בעאייס בורגין מיט ריכאַרדן זענען געפאָרן אַף דער באַן פון ווילנע, וואו

ער האָט אָפּגעגעבן קאָנצערט, אפן וועג צו אַ צווייטער שטאָט, האָט מען פון דעם וואַגאָן, פון לעבן זיי, צוגעגאַנוועט דעם טייערן פידל, וואָס פּראָפעסאָר יאַאַכים האָט אים אויסגעליען, און אַז בורגין האָט פון גרויס פאַרצווייפלונג אַזש געוואָלט זיך אַרויסוואַרפן פונעם גייענדיקן צוג...

פון יענעם טאָג אָן האָבן צו אים געהאַלטן אין איין קומען פּאָליציאַנטן, אים אויסגעפרעגט און אַלץ פאַרשריבן. בורגין אַליין, האָט מען אָפּט געקאָנט זען, האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב, געבראָכן די הענט און געקלאָגט:

— אַלזאָ, ראָזע, וואָס וועל איך איצט טאָן? ווי וועל איך זיך גאָר קאָנען ווייזן פאַר יאָאַכימען? וואו וועל איך נעמען געלט צו באַצאָלן פאַר דער גייגע?...

זיין פרוי האָט אים אָבער געהאַלטן אין איין צוזאָלצן:

— איך האָב דיך אָבער געוואָרנט, אַז דו זאָלסט ניט פאָרן מיט ריכאַרדן אף קיין קאָנצערטן, אויב דער פּראָפעסאָר, הייסט ניט! נו, האָסטו אָבער...

בורגין איז געווען אַ צעבראָכענער מענטש און איז אין עטלעכע טעג גרוי געוואָרן. ריכאַרד — כאָטש ער האָט, קענטיק, זיך אויך גענומען צום האַרצן דעם אומגליק איבערן צוגעגאַנוועטן פידל — האָט אָבער נישט אויפגעהערט זיינע אי־בונגען. איצט האָט ער שוין געשפּילט אף זיין אייגענעם, עטוואָס ביליקערן פידל, וואָס האָט אויך — ווי מען האָט געשמועסט אין פאַבריק — געקאָסט איבער טויזנט רובל. סיי ווי סיי, פאַר אונדז, לערן־אינגלעך און געזעלן, איז עס קיין גרויסער בילעק נישט געווען, מאַכמעס בעאייס ער האָט געשפּילט, האָבן מיר זיך געמוזט היטן אַ הויך וואָרט אויסצורעדן. אָבער זיין שפּילן, דער איקער וועניאַוווסקיס מאַזורקע, האָט געקלונגען אַזוי האַרציק־מעכאַיעדיק, כאָטש צעווייינען זיך ביי איין טייל און זיך צעטאַנצן ביי דער צווייטער...

* * * * *

# דער ערשטער גענעראַל־סטרייק

אין אַ פֿרייטיק פֿון אָקטאָבער 1905 איז עס געווען. איך בין דאָן קניענדיק געזעסן אפֿן הויף, לעבן די אָפֿענע טירן פֿון פֿאַבריק, און אַראָפּגעוואַשן מיט לויג די אַלטע פֿאַרב פֿון אַ שילד. מיט איין האַנט האָב איך פֿויל געררוקט דאָס העלצל מיט דער שמאַטע־קנויל, צעשמירנדיק דעם עסנדיקן לויג אַף דער שילד, און מיט דער צווייטער — געקראַצט מיט אַ שפּאַכליע די צעלאָזטע אויפֿגעלאָפֿענע פֿאַרב. דאָס איז געווען אַן אומאַנגענעמע, געפֿערלעכע אַרבעט און מען האָט זיך שטאַרק געדאַרפֿט היטן מיט די הענט, ווייל דער לויג האָט געקאָנט אָפּסאַרפֿען און צעפֿרעסן די הויט. איך האָב געאַרבעט און דערביי אַלץ געטראַכט, אַז זאָל שוין גיך ווערן אָוונט און מען זאָל אַוועקלייגן די אַרבעט אַף שאַבעס. דורכן פֿענצטער פֿון בורגינס וואָרשטאַט האָט זיך געהערט ריכאַרדס צאַרט שפּילן אפֿן פֿידל, און פֿון פֿאַבריק — בורגינס געשרייען און קאָמאַנדעווען...

פּלוצים זענען פֿון גאַס אַריינגעלאָפֿן אין הויף אַריין עטלעכע יונגעלייט. זיי זענען צוגעקומען צו די פֿאַבריק־טירן און אַ געשריי אַריין געטאָן:

— לייגט אַוועק די אַרבעט, כעוורע! ס'איז אַן אַלגעמיינער סטרייק!...

אַלע אין פֿאַבריק זענען געבליבן ווי געפּלעפֿט און זיי פֿאַרכידעשט אָנגעקוקט. קיינער האָט מאַשמאָעס נישט פֿאַרשטאַנען וואָס זיי ווילן.

— לייגט אַוועק די אַרבעט, זאָגט מען אייך! — האָט איינער פֿון די יאַטן שטרענג איבערגעכאַזערט, — אָדער עפּשער ווילט איר, אַז מען זאָל אייך צווינגען מיט געוואַלד? וויפֿל מאָל דאַרף מען אייך זאָגן, אַז עס איז אַ גענעראַל־סטרייק?!...

כעוורע האָבן זיך גענומען קווענקלען. איצכאָק „פֿייפֿער״ האָט גענומען באַ זיי בעטן, אַז מען קאָן נאָך איצט נישט אַוועקלייגן די אַרבעט, ווייל מען האָט נאָך קיין סכירעס נישט געקראָגן. בורגין — אַן אויפֿגעקאָכטער — איז צוגעלאָפֿן צו די פֿרעמדע געסט און גענומען שרייען אַף זיי:

— אַלזאָ, ווער זענט איר דאָס אַזוינס צו קומען דייעס זאָגן דאָ, באַ מיר אין פֿאַבריק? מען קאָן איצט נישט אַוועקלייגן די אַרבעט. מען האַלט אינמיטן גילטן אַ שילד און דער גאָלד־קלעי וועט פֿאַרטריקנט ווערן. מען וועט דאַרפֿן אַ צווייטמאָל איבערשרייבן. ווער וועט מיר באַצאָלן פֿאַר דעם שאָדן, האַ?...

די יאַטן האָבן אים שפּאָטיש אָנגעקוקט. איינער האָט אַ זאָג געטאָן:

— וואָס גייט אונדז אָן, צי איר וועט האָבן אַ שאָדן, אָדער נישט?!...

און צו אונדז, די אַרבעטער:

— העי, כעוורע, וואָס דוכנט איר נאָך דאָרט? איר האָט דאָך געהערט, אַז עס איז אַ גענעראַל־סטרייק און איר דאַרפט אַוועקלייגן די אַרבעט, די מינוט!...

— און אַז איך וועל נישט לאָזן אַוועקלייגן, וואָס וועט איר מיר טאָן? — האָט בורגין געגומען שרייען. — איך וואָרן אייך, טראָגט זיך בעסער שוין אָפּ פון דאַנען, וואָרים אָט רוף איך גלייך פּאָליציי און מען וועט אייך...

— מען פייפט אַף אייך און אַף דער פּאָליציי! — האָט איינער טראָציק אים געענטפערט, — היינט סטראַשעט מען שוין נישט מיט קיין פּאָליציי!...

— נו, פּראָבירט דאָס טאָן! — האָט אַ צווייטער אונטערגעכאַפּט, — סיידן איר ווילט מען זאָל אייך די ביינער צעברעכן...

— וואָס? מיר וועט איר די ביינער צעברעכן? — האָט בורגין זיך גענומען קאָכן, — מיר? איך וועל אייך דאָ גלייך...

בורגין האָט נישט פאַרענדיקט דעם זאַץ. פלינק ווי אַ קאַץ האָט ער זיך אַ בייג אַרונטער געטאָן צו מיר, וואו איך בין געזעסן ביי דער שילד, אַ כאַפּ אַרויס געטאָן פון מיין האַנט דאָס העלצל מיט דער לויג־שמאַטע, און זיך פאַרמאָסטן קעגן די יונגעלייט. איין רעגע און ער וואָלט עמעצן די אויגן אויסגעברענט, מאַכמעס יענע האָבן קיין כשאַד נישט געהאַט מיט וואָס די שמאַטע איז געווען גע־טונקען. צום גליק איז גראָד אין דער רעגע אונטערגעלאָפן לייזער „די טשופּ־רינע״, וועלכער האָט געאַרבעט ביי טרעמבאַטשן אין דערבייאיקן הויף און, דער־זעענדיק ווי בורגין פאַרמעסט זיך מיט דער לויג־שמאַטע קעגן די יונגעלייט, — צוגעשפּרונגען און אַ זעץ געטאָן בורגינען איבער דער האַנט, אַזוי אַז די לויג־שמאַטע איז אַרויסגעפאַלן פון זיין האַנט אַף דער ערד אַראָפּ. נאָכדעם האָט לייזער אָפּגעמאָסטן בורגינען און אים אַגאַנץ שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— מען וואָלט אייך דערפאַר, פּאַניע בורגין, געדאַרפט אָנלערנען, אַז איר זאָלט עס האָבן צו געדענקען און זיך מער נישט וואַרפן מיט לויג־שמאַטעס. אָבער איצט האָבן מיר וויכטיקערע אַרבעט ווי זיך אָפּצוגעבן מיט אייך...

ער האָט זיך דאַן אַ ווענד געטאָן צו די אַרבעטער:

— נו, וואָס שטייט איר דאָ ווי די גוילעמס? וואָס פאַרשטייט איר דאָ נישט? עס איז דערקלערט געוואָרן אַן אַלגעמיינער סטרייק איבערן לאַנד און די שילדן־מאָלערס זענען בעשום אויפן נישט קיין מעיוכאָסים!...

ערשט נאָך דעם האָט איצכאָק „פּייפער״, ווי דער עלטסטער געזעלן, אַוועק־געלייגט זיין פעדער־פּענדזעליקל און איידל אַ פרעג געטאָן לייזערן:

— אָבער אויסוואַשן די פּענדזלעס מעג מען כאָטש?...

— זאָל זיי בורגין וואַשן, אויב ער וויל! — האָט לייזער איראָניזירט. — וואָס איז, דו פאַרשטייסט נישט קיין אידיש, צי וואָס? עס איז אַ סטרייק, אַ גענע־ראַל־סטרייק, און דאָס נעמט אַריין אויך פּענדזלעס נישט צו וואַשן!...

איצכאָק האָט אַ הייב געטאָן די אַקסלען, ווי איינער זאָגט: „מעשוגע״, און אַ וואונק געטאָן צו די איבעריקע, אַז אויך זיי זאָלן אַוועקלייגן די אַרבעט.

דערהערנדיק דאָס, האָט שאָלעם „וואַנץ״ פריילעך אַ שמיץ געטאָן אָן דער ערד זיין פּענדזעל און, אונטערשפּרינגענדיק, מיט היסלאַיוועס אויסגעשריגן:

— הוראַ, כעוורע, אױף דעם האָבן מיר דאָך געוואַרט יאָרן לאַנג! זאָל זשע טאָקע לעבן דער גענעראַל־סטרייק און שרייט אַלע: „הוראַ! — אָמיין!״

— הוראַ! — האָבן מיר אַלע אָפּגעענטפערט, — זאָל לעבן דער סטרייק!...

פאַרטיק געוואָרן מיט אונדז, האָבן די יונגעלייט עפּעס אַ פרעג געטאָן ביי שאָלעמען, און יענער האָט זיך פריילעך מיט זיי אַ לאָז אַריין געטאָן אין דעם דערבייאיקן קאָרידאָר, וואו עס האָבן זיך געפונען אי אַ דרוקעריי אי אַ שניידער־וואַרשטאַט. אין עטלעכע מינוט, פּונקט ווען מיר זענען שוין געווען אָנגעטאָן און פאַרטיק צום גיין, זענען זיי צוריק אַרויסגעקומען פון דאָרט, פירנדיק מיט זיך אַרום אַ צענדליק אַרבעטער...

מיר זענען אַלע צוזאַמען אַרויס אויף דער גאַס, וואָס איז שוין געפּאַקט געווען מיט מאַסן מענטשן. באַ יעדן טויער האָט די מאַסע זיך פאַרהאַלטן, געוואַרט ביז די יאַטן, וואָס זענען אַריין אין יענעם הויף, וועלן אַרויספירן די אַרבעטער פון די דאָרטיקע וואַרשטאַטן. דערווייל האָט זיך איבער דער גאַס אַ צעטראַג געטאָן אַ הילכיק געזאַנג און הוראַ־געשרייען. רויטע פענער האָבן זיך צעפלאַטערט איבער די קעפּ פון דער מענגע, און יעדע ווייל האָט זיך אַ צעטראַג געטאָן אויף דער גאַנצער גאַס אָן אַנדער פריידיקער אויסרוף:

— זאָל לעבן די פרייהייט!

— הוראַ! — האָט אַ שטורמישער אָפּרוף אָפּגעענטפערט.

— נידער מיט דער זעלבסטהערשונג!

— הוראַ! הוראַ!...

— זאָל לעבן דער אַכט־שאָאיקער אַרבעט־טאָג!...

— הוראַ! הוראַ! — האָט די מאַסע געשטורעמט מיט באַגייסטערונג.

איך בין מיטגעריסן געוואָרן מיט דער ברויזנדיקער מאַסע, וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער דער גאַנצער ברייט גאַס ווי אַ ריזיקע כוואַליע. דער געדאַנק וועגן אַן אַכט־שאָאיקן אַרבעט־טאָג האָט אַלעמען, זעט אויס, שטאַרק באַגייסטערט. בין איך מיטגעלאָפן אין די היף, געהאָלפן אַרונטערנעמען די אַרבעטער פון די וואַרשטאַטן, און צוזאַמען מיט אַלעמען געהאַלטן אין איין אויסשרייען:

— זאָל לעבן דער אַכט־שאָאיקער אַרבעט־טאָג! זאָל לעבן די פרייהייט!...

עס זענען פאַרביי אַ פּאָר שאָ און די מאַסע איז געוואָרן אַלץ גרעסער און גרעסער. די גאַנצע דזשיקע גאַס איז געווען פאַרדעקט מיט מענטשן. די קראָמען האָבן זיך פאַרמאַכט און די מאַסע האָט זיך פּאַוואָליע גערוקט פאָרויס און אַלץ ווייטער, אַראָפּנעמענדיק פון יעדן הויף די דאָרטיקע אַרבעטער. מיר זענען שוין געווען ביים סאַמע ראָג גענשע גאַס, קעגן דער „וואָיענע־טורמע״. פון דער אַנדע־רער זייט דזשיקע גאַס, פון דער שמאָלער־מילע ריכטונג, האָט זיך געצויגן אַהערצו אַ צווייטע מאַסע, וואָס האָט דאָרט אַרונטערגענומען די אַרבעטער, און

זיך געדאַרפט פאַראייניקן מיט אונדז דאָ, ביי דער „וואָיענע־טורמע״.

די מאַסע האָט געברויזט מיט עקסטאַז. די האָפענונג אױף פרייהייט האָט אַרויס־געלויכטן פון אַלעמענס אויגן. פּלוצים האָט עמעצער אויסגערופן:

— אַלע אױף דער גענשע, אױף די נאַלעווקעס! אַראָפּנעמען דאָרט די אַרבעטער!

די מאַסע האָט זיך גענומען פאַרקירעווען אין דער גענשע גאַס אַריין, אין דער ריכטונג צו די נאַלעווקעס. איך האָב געוואָלט מיטגיין, אָבער זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ געטאָן, אַז די מאַמע וועט אַוואַדע איבערקלערן וואָס מיט מיר איז געשען, און איך האָב זיך פאַרנומען אַהיים, דורך דער אַנדערער זייט גענשע גאַס...

אַז איך בין אַהיימגעקומען, האָט די מאַמע, — וואָס האָט שוין, זעט אויס, געהאַט געהערט פון עמעצן וועגן דעם וואָס איז פאַרגעקומען, — מיך גענומען מוסערן פאַר מיין מיטלויפן מיט די סטרייקערס און סאָציאַליסטן:

— וואָס פאַר אַן אייסעק האָסטו מיט זיי? — האָט זי געשריגן, — דו, אַ באַלעבאַטיש קינד, זאָל גאָר וועלן זיך מיטשלעפּן מיט אַזאַ אויסגעלאַסענער און צעלאַזטער כעוורע, וואָס גייט קעגן מאַלכעס, נישט דאָ געדאַכט, און וואָס וויל גאָר כאָרעוו מאַכן די וועלט! נאַ, טראָג בעסער אַוועק דאָס טשאָלנט צום בעקער, איידער מען פאַרשליסט דעם אויוון אױף שאַבעס...

און, זעענדיק, אַז איך אייל זיך נישט צו פאָלגן, אַ זאָג געטאָן:

— קעגן מיר סטרייקסטו דאָך נישט! באַ מיר קאָנסטו כאַפּן פּעטש!...

איך האָב גענומען דעם טשאָלנט־טאָפּ און בין אַוועק צום בעקער...

איך האָב זיך אַוואַדע פאַרזוימט. ווען איך בין צוריקגעקומען, איז דער טאַטע שוין געווען אַוועק דאַווענען. די מאַמע האָט מיך גוט אָנגעזידלט און נאָך צוגעזאָגט, אַז איך וועל ערשט כאַפּן אַ גאָב פון טאַטן ווען ער וועט צוריקקומען.

האָב איך גאַרנישט געענטפערט, נאָר זיך אַוועקגעזעצט דאַווענען, וועלנדיק דערמיט אויסקויפן מיין זינד ביי דער מאַמען. איך האָב געדאַוונט שטיל, קוים מיט די ליפּן באַוועגט. פון דרויסן, פון גאַס, האָט זיך פון צייט צו צייט דערטראָגן אַן אָפּהילך פון אַ וויטן ביקסן־שאָס און טיילמאָל האָבן זיך געהערט די קנאַקנדיק־ריטמישע טריט פון אַ פאַרבייגייענדיגן פּאַטראָל סאָלדאַטן אױף דער גאַס. עס האָט זיך געהערט אַ באַפעל: „סטאָי״!, וואָס איז אָפט באַגלייט געוואָרן מיט אַ פאַרצווייפלטן געשריי נאָך הילף...

די מאַמע איז געזעסן, געבראָכן די פינגער און געמורמלט צו זיך:

— איך האָב אים היינט נישט געדאַרפט לאָזן גיין דאַווענען אין זיין כעוורע. ער האָט דאָסמאָל געקאָנט אַריינגיין אין שול ביי אונדז אין הויף...

און באַלד, ווי צו קרעפטיקן זיך, פאַרהויבן די אויגן צום הימל און, פרום־טכינעדיק, געזאָגט:

— גאָט באָרוך־הו וועט אים ביישטיין! ער איז געגאַנגען טאָן אַ מיצווע, און אַ שעליעך־מיצווע קאָן נישט געשעדיקט ווערן...

ענדלעך איז דער טאַטע צוריקגעקומען פונעם דאַווענען. ער האָט, ווי טאָמיד,

געזאָגט „גוט־שאַבעס”, געזונגען „שאָלעם־אַלייכעם” אַרומדרייענדיק זיך איבערן צימער, און זיך גענומען מאַכן קידעש. נאָכן קידעש האָט ער מיך אַ נעם דורך געטאָן מיט זיינע בליקן און געפרעגט:

— און וואו ביסטו דאָס פאַרפאַלן געוואָרן, טאַכשעט מיינער? ווידעראַמאָל אַוועקגעלאָפן צו די סטרייקערס אין דער דעמאָנסטראַציע?...

די מאַמע, דערלאַנגענדיק דאָס עסן צום טיש, האָט אויפגעכאַפּט זיינע פּאָר ווערטער צו מיר און אים אַ זאָג געטאָן:

— דו זאָג אים טאַקע אָן, אַז ער זאָל איינליגן אין שטוב און זיך נישט אַרומשלעפּן איבער די גאַסן אין אַזאַ צייט. עס איז אַ סאַקאָנע צו גיין אויף דער גאַס, מען שיסט, און ער... זאָלן זיי דאָרט סטרייקן, אַ פינצטער יאָר אויף זיי, אָבער דו ליג אין דער היים! — האָט זי שוין מיר אַ זאָג געטאָן.

דער טאַטע האָט אָפּגעזיפצט און געזאָגט דער מאַמען:

— פאַרוואָס זידלסטו זיי? וואָרים אויב מען וויל זאָגן דעם עמעס, זענען זיי דאָך נישט אומגערעכט, די סטרייקערס. שוין לאַנג צייט געווען צו באַפרייען זיך פון שקלאַפן באַ די באַלעבאַטים און אַרבעטן אָן אַ כעזשבן אַזויפיל שאָען וויפל עס גלוסט זיך זיי... שוין לאַנג צייט געווען, כ׳לעבן...

און גלייך מיט אַ צוויטן זיפץ, צוגעגעבן:

— נישט זיי שיסן. נישט זיי ברענגען אום אומשולדיקע מענטשן. דאָס שיסט מען דאָך אויף זיי. דער קייסער פאַרגיסט דאָס אומשולדיקע בלוט...

די מאַמע איז אַפּאָנים נישטוימעם געוואָרן פון זיינע רייד:

— דו? — האָט זי אַזש גענומען שטאַמלען, — וואָסערע רייד דו רעדסט עס היינט!... וואָס, ביסט דען, כאַלילע, אויך געוואָרן אַ סטרייקער?...

דער טאַטע האָט געשמייכלט:

— וואָס האָסטו זיך אַזוי דערשראָקן? קיין סטרייקער בין איך נאָך טאַקע נישט, אָבער איך וואָלט, כ׳לעבן, יאָ געדאַרפט זיין. וואָרים וואָס איז, מיין באַ־לעבאָס זויגט דען נישט מיין בלוט ווי אַ פּיאַווקע? ברעסלער פלעגט זאָגן...

— אָ, ברעסלער?! — האָט די מאַמע ברויגעז איבערגעשלאָגן, — אָט דער ליטוואַק וועט דיך נאָך ברענגען צו דער שמאַד...

דער טאַטע האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און גאַרנישט געענטפערט. ער האָט אָפּגעגעסן, געבענטשט און — כאָטש ער פלעגט זיך טאָמיד פירן, אַז פרייטיק נאָכן עסן האָט ער זיך גלייך געלייגט שלאָפן, — זיך פאַרנומען פון שטוב.

— מען דאַרף אַראָפּגיין זיך דורכשמועסן מיט מענטשן, — האָט ער געזאָגט דער מאַמען, — מען דאַרף זען, עפּשער דאַרף מען עפּעס טאָן...

די שטימונג באַ די איינוואוינער פון הויף איז געווען אַן אָנגעצויגענע און נערוועזע. מען האָט גערעדט און פאַראָבירט טרעפן ווען און מיט וואָס דער סטרייק וועט זיך ענדיקן, און געהאָפט, אַז עס וועט זיך איינשטילן אין אַ טאָג־צוויי. מיטאַמאָל, שטייענדיק אַזוי און שמועסנדיק, איז פון אַ שכיינעסדיקן הויף אָנגע־

לאָפן אַ באָכער און געלאָזט וויסן, אַז מען זאָל זיין אָף דער וואַך, מאַכמעס מען האָט זיך דערוואוסט, אַז כוליגאַנעס, די „טשאָרנע־סאָטניע", גרייט זיך אָף אינ־מיטן נאַכט דורכצופירן אַ פּאָגראָם אָף אידן...

אין הויף איז גלייך געוואָרן אַ טרעוואָגע. דער טאַטע האָט קוידעם־קאָל געהייסן מען זאָל גלייך צונעמעןביים סטרוזש די שליסלען פון טויער, האַלטן אים פאַרשלאָסן און אַוועקשטעלן צוויי אידן אָף דער וואַך, וואָס זאָלן היטן נישט אַריינצולאָזן קיין פרעמדע אין הויף אַריין און קאָנטראָלירן צו זען אַז אַלע, וואָס האָבן זיך פאַרשפּעטיקט, וואוינען טאַקע ביי אונדז אין הויף...

אפן טאַטנס אייצע האָט מען גלייך צוזאַמענגערופן אַלע שכיינים פון הויף און אָפּגעהאַלטן אַן אַסיפע. מען האָט אויסגעטיילט צו פּאָרלעך, געוויינטלעך אַ יונגנמאַן מיט אַן עלטערן אידן, וואָס זאָלן שטיין אָף דער וואַך, זיך בייטן אַלע שאָ און אויפוועקן אַלעמען, אויב עפּעס וועט ווערן פאַרדעכטיק...

יענע פרייטיק־נאַכט און אויך אָף צומאָרגנס, שאַבעס ביינאַכט, איז קיינער שוין רואיק נישט געשלאָפן. אַ כוק די ווייטע שאָסן, וואָס האָבן זיך דערטראָגן אין דער פאַרשטומטער נאַכט, און די מאָנאָטאָן־ריטמישע טריט פון סאָלדאַטסקע פּאַטראָלן, וואָס האָבן הילכיק אָפּגעקלאַפּט אין דער טויטער שטילקייט, — האָבן זיך פון רעגע צו רעגע צעטראָגן פאַרשידענע אַלאַרמירנדיקע קלאַנגען, וואָס זענען איבערגעגעבן געוואָרן פון איין הויז־וואַך צו דער צווייטער, און וועלכע האָבן זיך, צום גליק, אויסגעלאָזט צו זיין בלויז פאַלשע קלאַנגען...

אינדערפרי — כאָטש די גאַסן זענען נאָך אַלץ געווען פּוסט און ליידיק, מאַכמעס מענטשן האָבן פּאָשעט מוירע געהאַט אַרויסצוגיין און זיך אָנטרעפן מיט די אָפּטע פּאָליציייאישע און מיליטערישע פּאַטראָלן — האָט זיך דאָך דערפילט אַ לייכטע אויפגעהייטערטקייט. איצט האָט מען שוין געהאָפט, אַז איבערן טאָג וועט זיך מיסטאָמע אַלץ צוריק איינשטעלן און איינרואיקן...

עס האָט זיך אָבער נישט איינגעשטילט. אין אָוונט, נאָך האַוודאָלע, האָט מען זיך דערוואוסט, אַז אָף צומאָרגנס וועט קיין ברויט נישט זיין, מאַכמעס די בע־קערס אין די פאַראָווע־מילן און די וואָס צעפירן דאָס ברויט אין פורגאָנעס, — זענען אין סטרייק. מען האָט דעריבער געדאַרפט באַטראַכטן דעם איניען און זען עפּעס צו טאָן אָף צו באַזאָרגן דעם אוילעם מיט ברויט...

מאָנטיק אינדערפרי האָבן די קראָמען זיך נישט געעפנט. די מוירע איז נאָך אַלץ געהאנגען איבער די טויטע גאַסן. די פאַבריק־קוימענס האָבן זיך נישט געריכערט און די סירענעס האָבן קיינעם צו דער אַרבעט נישט געוועקט. אָף די גאַסן האָט זיך נישט געהערט דאָס געוויינטלעכע זשומעריי. קיין פערד האָבן נישט געהירזשעט און קיין פאָדקאָווע־געקלעפּ האָט נישט אָפּגעהילכט איבער די שטיינער פונעם ברוק. די בלינדע, צעשמעטערטע לאָמטערנעס האָבן געקוקט אָף די הוילע פּוסטע גאַסן און נאָך מער שרעק אָנגעוואָרפן. אַ פרעמדע זון האָט זיך ווי מיט געוואַלד געפּרואווט דורכרייסן דורך די וואָלקנס, אָבער נישט געקאָנט. סאָלדאַ־

טישע פּאַטראָלן האָבן אַלץ געלאָסן דורכמאַרשירט די פּאַרלאָזענע גאַסן, און מיט זייערע שווערע שטיוול אויסגעקלאַפּט רעגלמעסיק־מאָנאָטאָניקע לעוואַיע־טריט...

דער אוילעם אף אונדזער גאַס האָט אָנגעהויבן צו הונגערן...

ביי אַ פאַרזאַמלונג פון די איינוואוינער פון עטלעכע אַרומיקע הייף, האָט דער טאַטע מיינער גערעדט:

— זיצן אַזוי, אָן ברויט און אָן שפּייז, איז קיין טאַכלעס נישט. מען דאַרף זען קריגן מעל און אָנבאַקן אַביסל ברויט!...

ער האָט פאָרגעשלאָגן, אַז מען זאָל דערוויילן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל צוגיין צו פאַן פּאָזנאַנסקי, דעם מעל־הענדלער, און פאָדערן ער זאָל געבן מעל. עס האָבן זיך אָבער דערהערט שטימעס פון צווישן אוילעם:

— פאַן פּאָזנאַנסקי? אָט דער כאַזער? ער וועט נישט געבן!...

— ער וועט שוין יאָ געבן, — האָט מיין טאַטע געענטפערט, — און אויב ער וועט נישט געבן מיט גוטן, וועט ער געבן מיט בייזן!...

דער טאַטע, צוזאַמען מיט נאָך אַ פּאָר געזונטע אידן און עטלעכע אינגלעך — איך צווישן זיי — זענען אַוועק צו פּאָזנאַנסקין, וואָס האָט געוואוינט און גע־האַט דעם מעל־סקלאַד אף אַ צווייטער גאַס, בישכיינעס מיט אונדזערער. אָבער צום פאַן פּאָזנאַנסקי איז געוועזן שווער צוצוקומען. טיר און טויער זענען ביי אים געווען פאַרשלאָסן. דער שווייצאַר, וואָס האָט נאָך אַ לאַנגן קלאַפּן ענדלעך געעפנט די טיר, האָט נישט געוואָלט אַריינלאָזן צו זיין באַלעבאָס. אָבער די געקומענע האָבן גענומען אַזוי הויך שרייען, אַז פאַן פּאָזנאַנסקי, וועלכער איז געווען אין די אינעווייניקסטע צימערן, האָט עס דערהערט און איז געקומען צו לויפן:

— וואָס איז דאָ דער געטומל, אידעלעך? — האָט ער, ווי ער אַליין וואָלט קיין איד נישט געווען, איראָניש געשׂניטן, — וואָס וועט איר זאָגן גוטס?...

מען האָט אים געזאָגט וועגן וואָס מען איז געקומען צו אים, אָבער ער האָט אַפילע נישט געוואָלט הערן פון דעם. ער האָט זיך נאָך גענומען בייזערן, אָנגע־רופן די אידן שנאָרערס, גאַרנישטן, און געהייסן זיי גיין אַרבעטן...

דער טאַטע איז נישט ניספּאָעל געוואָרן און זיך נישט דערשראָקן. ער האָט גענומען רעדן צו פּאָזנאַנסקין האַרבע רייד:

— און וואָס, אַ שטייגער, פאַניע פּאָזנאַנסקי, אויב דער אוילעם, געטריבן פון הונגער, וועט באַפאַלן דעם סקלאַד און אַליין נעמען מעל?...

פאַן פּאָזנאַנסקי האָט אַרונטערגעלאָזט דעם קאָפּ, צוגערופן דעם שווייצאַר און אים באַפוילן איבערגעבן אין סקלאַד, אַז מען זאָל די אידן אַרויסגעבן עטלעכע זעק מעל...

דער טאַטע האָט דער ערשטער אַ כאַפּ געטאָן אַ זעקל מעל אף די אַקסלען און גענומען גיין. די אַנדערע אידן האָבן גענומען צו זעקלעך מעל און מען האָט זיך געלאָזט גיין מיט דעם צו דער בעקעריי, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ הויף אַנטקעגן אונדזערן. דער טאַטע האָט דאַן אַ זאָג געטאָן:

— נו, איצט זעט איר שוין וואָסער לאַשן זיי פאַרשטייען?!...

אַ שאָ שפּעטער זענען עטלעכע בעקער־אַרבעטער שוין געשטאַנען אין דער בעקעריי און געקנאָטן דעם טייג. איבער דער גאַס האָט מען געלאָזט וויסן וועגן דעם און די איינוואוינער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך ברויט. דער טאַטע און, מיט אים, נאָך עטלעכע אידן, האָבן אוועקגעשטעלט טישלעך אפן הויף, לעבן דער בעקעריי, וואו מען האָט פאַרשריבן די נעמען פון יעדן געקומענעם און — לויט דער צאָל נעפאָשעס אין שטוב — אַרויסגעגעבן אַזעלכע קוויטלעך יעדן איינעם, אף צו באַקומען געגנוג ברויט צו קאָנען איבערקומען אַ טאָג...

אַזוי האָט זיך איבערגעכאַזערט אַ פּאָר טעג קעסיידער. יעדעסמאָל האָט מען געקראָגן מעל ביי אַ צוויטן מעל־סויכער, און די אַרבעטער, וואָס האָבן געסטרייקט באַ זייערע באַלעבאַטים, האָבן דאָ געבאַקן דאָס ברויט אומזיסט. דאָס געפּאַר פון הונגער איז געוועזן געלייזט ביי אונדז אף דער גאַס...

איינמאָל, אַרום מיטיקצייט, בעאַיס דער אוילעם איז געשטאַנען ביי די טיש־לעך צו קריגן די קוויטלעך פאַר ברויט, האָט עמעצער געבראַכט די יעדיע, אַז דער קייסער האָט צוגעזאָגט צו געבן אַ קאָנסטיטוציע פאַר רוסלאַנד און פרייהייט פאַרן פאָלק. צווישן די פאַרזאַמלטע איז גלייך אויסגעבראָכן אַ פריידיקער טומל. טייל האָבן זיך געכאַפּט קושן מיט די אַנדערע און זיך געוואונטשן מאַזל־טאָוו. עס זענען אָבער אויך געווען אַנדערע, נישט־גלויביקע, וואָס האָבן פּאָשעט אַ מאַך געטאָן מיט די הענט און געכויזעקט:

— נו־יאָ, פאָניע כאָזער וועט טאָקע באַלד געבן פרייהייט דעם פאָלק...

— ניקאָלאַיס אַ צוזאָג האָט די ווערט אָן אויסגעבלאָזן איי!...

דער אָנגעקומענער האָט ווייטער דערציילט, אַז גלייך ווי די בייעס וועגן דער קאָנסטיטוציע איז אָנגעקומען, האָבן די אַרבעטער־מאַסן זיך אָנגעהויבן צונויפ־קלייבן מיט רויטע פענער ביים פּאַוויאַק, צו פאָדערן מען זאָל באַפרייען אַלע פּאָליטישע אַרעסטירטע, און די מאַכנע וואַקסט פון מינוט צו מינוט...

איך האָב געפונען אַ געלעגנהייט, האָב זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם הויף און זיך אַ לאָז געטאָן צום פּאַוויאַק צו, זען וואָס עס טוט זיך דאָרט.

ווען איך בין אָהינגעקומען, איז שוין נישט געווען וואו אַ פוס צו שטעלן. די גאַנצע דזשעלנע גאַס, ביז דער דזשיקע, איז געווען אָנגעפּאַקט מיט מענטשן. דאָ און דאָרט איז איינער אַרויף אף די אַקסלען פון צוויי מענטשן און גערעדט צום אוילעם. מען האָט דערקלערט דעם באַדייט פון דער קאָנסטיטוציע און גערופן אַלעמען צו שטיין ביז מען וועט באַפרייען די אַרעסטירטע.

— דער פּאָליצמייסטער האָט טעלעגראַפיש אָנגעפרעגט אין פּעטערבורג וועגן פריילאָזן די אַרעסטירטע, — האָט איינער געשריגן, — באַלד ווי עס וועט אָנקומען דער ענטפער, וועט מען זיי באַפרייען! מיר מוזן זיך האַלטן צוזאַמען, ביז...

פונוויטן, פון הינטער דער מאַסע אין זייט פון דער דזשיקע גאַס, האָט זיך פּלוצים דערהערט אַ טומל. עמעצער האָט געלאָזט וויסן, אַז אַהין איז אָנגעקומען

אַ ראָטע סאָלדאַטן, וואָס שטייט מיט אָנגעצילטע ביקסן אַפן אוילעם און מיט סינע אין די אויגן. אין זעלבן מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ געקלאַפּ פון פערדישן גאַלאָפּ. אין דער קאַרמעליצקע גאַס איז אַריינגעריטן אַ „סאָטניע" קאָזאַקן, וואָס האָבן — מיט גרייטע פּיקעס — זיך דורכגעשניטן דורכן אוילעם צום סאַמע טויער פון פּאַוויאַק. די מאַסע — אַרומגערינגלט פון מיליטער איןביידע זייטן — האָט זיך געפונען ווי אין אַ קלעם און זיך אָנגעהויבן אומרואיק באַוועגן.

— ברידער כאַווירים! — האָט אַ רעדנער אויסגעשריגן, — מען האָט אונדז אָפּגענאַרט! אַנשטאָט פּאָליטישע אַרעסטירטע, האָט מען באַפרייט עטלעכע קרימי־נעלע! מיר טאָרן נישט אָפּטרעטן ביז מען וועט באַפרייען אונדזערע כאַווירים!...

די מאַסע האָט אויפגעכאַפּט זיינע רייד און אויסגעשריגן:

— באַפרייט די אַרעסטירטע! באַפרייט אונדזערע כאַווירים!...

און ווידער האָט אַ רעדנער געמאָלדן:

— דער פּאָליצמייסטער האָט צוגעשיקט אַ פּאַדערונג, אַז מיר זאָלן זיך צעגיין אַהיים, און ער וועט שוין אַליין באַפרייען ווּעמען מען דאַרף!...

אַ הילכיקער „ניין" איז געוועזן דער ענטפער פון דער מאַסע.

באַלד איז אַרויף אַ נייער רעדנער:

— כאַווירים אַרבעטער! — האָט ער געדונערט, — ניקאָלאַי האָט אונדז פאַר־ראַטן! נאָר־וואָס איז אָנגעקומען אַ מעלדונג, אַז אַפן טעאַטער־פּלאַץ, קעגן דעם ראַטהויז, זענען קאָזאַקן און פּאָליציי באַפאַלן די דעמאָנסטראַנטן, געשאָסן אין דער מאַסע און געהאַקט מיט די הוילע שאַבליעס איבער די קעפּ! עס זענען גע־פאַלן קאָרבאָנעס! מיר טאָרן זיך נישט אָפּשרעקן פון דער פּראָוואָקאַציע! מיר וועלן דאַרפן ווייטער קעמפן און נישט אַרויסלאָזן פון אונדזערע הענט דאָס איינ־ציקע געווער אונדזערס — דעם אַלגעמיינעם סטרייק!...

אין מיטן דעם שטורמישן הורא־געשריי, וואָס איז געקומען ווי אַן ענטפער אף דעם רוף, האָט זיך פון דער דזשיקע גאַס זייט פּלוצים דערהערט אַ זאַלפּ פון ביקסן און, ווי אַן אָפּרוף דערויף, האָט זיך דערהערט אויך אַ זאַלפּ פון דער זייט פונעם פּאַוויאַק־טויער. די מאַסע האָט גענומען אומרואיק טרעטן מיט די פיס, זיך אָנגעהויבן באַוועגן און ענדלעך זיך געלאָזט לויפן, פּאַלנדיק איינער אפן אַנדערן, נישט הערנדיק מער די וואָרענונגען פון די רעדנער, אַז מען זאָל בלייבן שטיין אף די פּלעצער און נישט שאַפן קיין פּאַניק.

די קאָמפּאַקטע מאַסע איז מיטאַמאָל ווי פּאַנאַנדערגעפאַלן אין אַלע ריכטונ־גען. אַ טייל האָט זיך געפּרואווט אַריינכאַפּן אין די דערבייאיקע היף, אָבער די טויערן זענען געווען צוגעשלאָסן ווי אף עמעצנס באַפעל. עס איז געוואָרן אַ גע־טומל און געשריי. סאָלדאַטן און קאָזאַקן האָבן זיך אַ יאָג געטאָן נאָך די לויפנ־דיקע, צוזאַמענגעדריקטע מענטשן, געקנאַקט איבער די קעפּ וועמען זיי האָבן נאָר אָנגעיאָגט, און עס האָבן זיך דערהערט פאַרצווייפלטע רופן נאָך הילף, צוזאַמען מיט ספּאַזמאַטישע געשרייען פון פּרויען...

איך האָב זיך פלינק אַריינגעכאַפּט אין וויענזשענגע געסל און זיך געלאָזט, דורך אַן אַדורכגאַנג־הויף פון פּאַווע צו דער גענשע גאַס, אַהיים צו זיך. עס איז שוין געווען שפּעטער אָוונט און די גאַסן זענען געווען פינצטער. די גאַז־לאַמטערנעס זענען געווען צעשמעטערט צוזאַמען מיט די גאַז־ברענערס און די ווייסע גאַז־מענטעלעך אַף זיי...

נאָך עטלעכע טעג פונעם סטרייק, וואָס איז דערשטיקט געוואָרן פון דער פּאָליציי און מיליטער, האָט זיך גענומען צוריק איינשטילן אין שטאָט, און מאַסן אַרבעטער זענען צוריק אַוועק צו דער אַרבעט.

אויך איך בין אַוועק צוריק צו דער אַרבעט. אָבער ווען איך בין אָנגעקומען אַהין, האָט איך געזען, אַז די פאַבריק איז געווען געשלאָסן. מיין מייסטער בורגין איז נישט געווען. זיין פרוי האָט געזאָגט, אַז בורגין איז אַוועק קיין אַמעריקע. זי האָט מיר אָבער געזאָגט, אַז אויב איך וויל טרעפן די אַנדערע לערן־אינגלעך און געזעלן, זאָל איך אַריינגיין אין דעם דערבייאיקן הויף, צו טרעמבאַטשן, וואו אַלע זענען זיך צוזאַמענגעקומען.

איך בין אַוועק אַהין און דאָרט אויסגעפונען, אַז דריי באַלעבאַטים פון די גרעסטע שילדן־פאַבריקן, אַרן טרעמבאַטש, מאָרדכע קנאָפּערבוים און הילעל עפּ־שטיין, האָבן זיך פאַראייניקט אין אַן אַרטעל, געמאַכט איין גרויסע שוטפעסדיקע פאַבריק און נעמען צו אַלע געזעלן און לערן־אינגלעך צו דער אַרבעט. איך האָב איבערגערעדט מיט איינעם פון די באַלעבאַטים און איך בין צוגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט מיט צוויי רובל אַ וואָך סכירעס...

ווען איך בין אין אָוונט אַהיימגעקומען און דאָס דערציילט טאַטע־מאַמע, האָבן זיי נישט געקאָנט באַשטימען, צי זיי זאָלן זיין צופרידן וואָס בורגין איז אַוועקגעפאָרן, אָדער נישט. די מאַמע האָט געזאָגט:

— נו, אַרויסגעוואָרפן פופציק רובל אומזיסט!...

דער טאַטע האָט אָבער געהאַלטן פאַרקערט:

— מיר דאַרפן אים דאַנקען פאַרן אַוועקפאָרן, — האָט ער געזאָגט, — ווייל ער האָט מיר איינגעשפּאָרט די צווייטע פופציק רובל, וואָס אים איז געקומען...

סיי ווי סיי, איך בין שוין פאַרבליבן ביי שילדן־מאָלעריי און אַ שטיק צייט געאַרבעט אין דעם ניי־געגרינדעטן, גרויסן אַרטעל...

* * * * *

# ווילדע שטיק

די דריי אַרטעל־שוטפים: אַרן טרעמבאַטש — „די קילע״; מאָרדכע קנאַפּערבוים — „די באַבע״; און הילעל עפּשטיין — „דער טשאַקער״ — ווי מען האָט זיי אין פּאַך גערופן, — האָבן פריער געהאַט באַזונדערע וואַרשטאַטן אין דזשיקע געגנט און זענען געווען שטאַרקע קאָנקורענטן. דורכן שוטפעס האָבן זיי געהאָפט צו הייבן די מאַראַכע פון פּאַך און איינשטעלן בעסערע, פעסטערע פּרייזן... דער בעשוטפעסדיקער וואַרשטאַט איז געווען אַ גרויסער — קימאַט אַן עמעסע פאַבריק, און האָט זיך געפונען אין אַ ריזיקער שאָפּע, וואו אַרן טרעמבאַטש האָט פריער געהאַט זיין וואַרשטאַט.

מיר האָבן געאַרבעט צו אַכט שאָ אַ טאָג, פון אַכט אינדערפרי אָן, מיט צוויי שאָ איבעררייס פאַר מיטיק. אין די צוויי שאָ האָבן מיר געהאַט גענוג צייט נישט נאָר אַהיימצוגיין עסן, ווער עס האָט געוואָלט, נאָר מיר האָבן אויך געהאַט גענוג צייט אָפּ אָפּצורוען זיך. אָפט נאָכן אָפּעסן פלעגן מיר זיך אַוועקלייגן באַקן אונטער דער זון, אָדער סטאַם כאַפּן אַ דרעמל, אפן פלאַכן דעכל פון אַ נידעריקער שאָפּע, אַנטקעגן אונדזער פאַבריק, און איבער וועלכן עס האָבן זיך געשפּרייט געדיכטע באַבלעטערטע צווייגן פון ריזיקע ביימער, וואָס זענען געוואַקסן אין שכיינעסדיקן הויף — עפּעס אַ פאַרמאַכטער גאָרטן פון אַ רעגירונג־אינסטיטוציע... טייל־מאָל האָבן מיר זיך דאָרט אויסגעזעצט, געזונגען לידער, אָדער איך האָב גאָר פאָרגעלייענט פאַר די אַנדערע אינגלעך עפּעס פון מיינע שאַפונגען — אַ ליד, אָדער דערציילונג... די אַרבעט האָבן מיר אַוועקגעלייגט גאַנץ פרי, זעקס אַזייגער, בעאייס עס איז נאָך גרויסער טאָג געווען אינדרויסן...

קעדיי אָפּצוהיטן ווי געהעריק די אַרבעט־צייט, דער איקער ווען אויפצוהערן, האָבן מיר, די לערן־אינגלעך און האַלבע געזעלן, אין איינעם פון די ערשטע מיטיק־שאָען געהאַט אפן דעכל אַ פאַרזאַמלונג, וואו מען האָט מיך אויסגעקליבן אַכטונג צו געבן, אַז מען זאָל אַוועקלייגן די אַרבעט אין צייט. צוליב דעם האָט מען מיר געקויפט אַ פייפל, און יעדעסמאָל, סיי מיטיקצייט, סיי אין אָוונט, ווען עס איז געקומען די געהעריקע צייט אויפצוהערן, האָב איך מיט אַ פייף געלאָזט וויסן, אַז עס איז צייט אַוועקצולייגן די אַרבעט...

די באַלעבאַטים האָבן טכילעס געקוקט זייער קרום דערויף, אָבער האָבן נישט געוואַגט אַ וואָרט צו רעדן, ווייל עס איז זיי נאָך אַפּאָנים געלעגן אין זיקאָרן דער טאַם פונעם אַלגעמיינעם סטרייק, ווען זיי האָבן זיך געמוזט אונטערגעבן און

נאָכגעבן אַלע פאָדערונגען, סיי פאַר העכערע סכירעס און סיי פאַר אַן אַכט־שאָאיקן אַרבעט־טאָג. פאַרקערט, אָפטמאָל האָבן זיי זיך נאָך געוויצלט וועגן דעם פייפן און טיילמאָל אפילו גוטמוטיק, אָבער מיט גענוג שטאָך, קלוימערשט דערמאָנט:

— העי, זייפיאַזש (דאָס איז געווען מיין צונאָמען אין פאַך, ווייל מיין פאָטער איז געווען אַ זייף־זידער), שוין צייט צו פייפן! די רעוואָלוציע קאָן נאָך אַמאָל, כאַלילע, פאַרשפּעטיקן צוליב דעם!...

האָב איך זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פון זייער שטאָך און טאַקע געפייפט. איך האָב שטרענג אַכטונג געגעבן און נישט דערלאָזט אַריבערצואַרבעטן אַפילו קיין איינציקע מינוט. אַפילו דאַן ווען איינער פון די באַלמעלאָכעס האָט געהאַלטן ביים אויסענדיקן אַ שילד, האָט ער געמוזט אָוועקלייגן די אַרבעט ווען די צייט איז געקומען. אין אַזעלכע פאַלן האָבן די באַלעבאַטים פּראָטעסטירט, געטאַינעט, אַז עס זענען פאַראַן געוויסע אַרבעטן, וואָס קאָנען נישט אָפּגעלייגט ווערן אויף מאָרגן, ווי לעמאָשל גילטן, ווייל דער גאָלד־לאַקיר, צו וועלכן דאָס גאָלד ווערט צוגעקלעפּט, ווערט איבער נאַכט צוגעטריקנט ווערן און מען וועט דעריבער דאַרפן די שילד איבערשרייבן אַ צווייטמאָל. טיילמאָל האָבן זיי פּאָשעט געבעטן:

— זעט נאָר דעם רוויצייעך, עס זענען געבליבן בלויז צווי בוכשטאָבן צום אויפשרייבן אויף דער שילד, און מען וואָלט זי מאָרגן געקאָנט אָפּטראָגן, דערלאָזט ער נישט, דער מערדער, מען זאָל זי פאַרענדיקן!...

איך האָב אָבער גאַנץ טרוקן געענטפערט:

— ערשטנס, איז עס נישט מיינס אַ קאַפּריז. צווייטנס, איז איינס פון די ביידע, אָדער איר וועט דאַרפן זען, אַז מען זאָל אַזעלכע שטייגער אַרבעטן נישט אָנהויבן אין די נאָכמיטיק־שאָען, אָדער אָוועקשטעלן צוויי מענטשן צו אַן אַרבעט, אַז מען זאָל עס קאָנען אַרויסענדיקן אין צייט... ווייטער, אויב אַ שילד וועט דאָך נישט קאָנען פאַרענדיקט ווערן אין צייט און מען וועט זי מוזן אַרויסענדיקן דעם אָוונט, וועט איר דאַרפן באַשטימען צו באַצאָלן פאַר „פּייראַנט" — וואָס דאָס מיינט, טאָפּלט געצאָלט פאַר אַריבער דער רעגולערער אַרבעט־צייט!...

און איך האָב געפייפט און אויסגערופן:

— „פּייראַנט", כעווירע! „פּייראַנט"!...

איינמאָל אין אָוונט, צום אויפהערן, האָבן די דריי עלטערע געזעלן, איצכאָק „פייפער", אַרעלע „הויקער" און אַווראָם „גאָרגל" נישט אָוועקגעלייגט די אַרבעט, נישט געקוקט וואָס איך האָב געפייפט און אַלע אַנדערע האָבן שוין גענומען וואַשן די הענט. זיי דריי זענען זיך ווייטער אָנגעגאַנגען מיט דער אַרבעט, אַקוראַט ווי עס וואָלט זיי נישט אָנגעגאַנגען. האָבן מיר, די איבעריקע, גלייך באַשטימט פון זיך איינעם, וואָס זאָל צוגיין און זיי פאַרזענלעך פרעגן די סיבע. באַלד איז דער שעליעך צוריקגעקומען און אונדז געלאָזט וויסן, אַז זיי, די דריי עלטערע געזעלן, זענען פון היינט אָן שוטפים אינעם אַרטעל, דערפאַר איז אויף זיי מער נישט כאָל דער מוז אויפצוהערן די אַרבעט אין אַ באַשטימטער צייט, און זיי

מעגן דעריבער אַרבעטן אַזוי שפּעט ווי זיי ווילן נאָר אַליין...

די „כּאַליאַסטרע״ — ווי די באַלעבאַטים האָבן גערופן אונדז, די לערן־אינגלעך און האַלבע געזעלן, — האָט טאַקע גאָרנישט געקאָנט טאָן קעגן דעם, אָבער געקרענקט האָט עס אונדז זייער שטאַרק, ווייל מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דורך דעם איז אונדזער פּאָזיציע פיל שוואַכער געוואָרן. מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן צו פירן אַ שטילן קאַמף קעגן די דריי באַלמעלאָכעס...

דער אומגליק איז אָבער געווען, וואָס זיי, די דריי באַלמעלאָכעס, האָבן גע־פונען אַ מיטל ווי צו שפּאַלטן אויך אונדזער אַכדעס. אָפט פלעגן זיי, איצכאַק, אַרעלע, אָדער אַווראַם, צורופן צו זיך איינעם פון די לערן־אינגלעך און אים געגעבן „אויסצופילן״ אָדער צו „באַשאַטענען״ אַ שילד, און דערמיט יענעם ווי איבערגעקויפט. ווארים אַ כוץ דעם, וואָס דאָס האָט דעם נעמלעכן לערן־אינגל געגעבן אַ געלעגנהייט זיך צו לערנען די אַרבעט, האָט עס אים אין דער זעלבער צייט אויך באַפרייט פון צו דאַרפן גיין מיטן שטופּ־וועגעלע — אַ באַלאַדנס מיט לייטערס — אויפצוהענגען, אָדער אַרונטערצונעמען אַ שילד, — אַן אַרבעט, וואָס איז געווען נישט אַזוי ליב צו טאָן; אָדער צו גיין „שמירן״, וואָס דאָס האָט געמיינט צו גיין פאַרבן געשטעלן און פּאַליצעס אין אַ געשעפט, ווייל אַ כוץ שילדן־מאָלעריי האָבן אונדזערע באַלעבאַטים — האָבנדיק אַזאַ גרויסע „כּאַלי־אַסטרע״ — שוין אויך אָנגענומען פּאָדריאַדן אויסצופאַרבן די געשטעלן און פּאַליצעס, אָפט אַפילע די ווענט אין די זעלבע געשעפטן פאַר וועלכע זיי האָבן גענומען מאַכן די שילדן. אָבער אויך דאָס איז געווען נישט קיין פּראָסט שמירן, נאָר קונסט־אַרבעט, ווייל מיר האָבן אָפט „מאַזירט״, געמאַכט, הייסט עס, אַז עס זאָל אויסקוקן ווי דעמבאָווע, מאַהאָגעווע, אָדער ניסן־האָלץ, צי גאָר „געמאַרמלט״ — דאָס געפאַרבטע זאָל אויסקוקן ווי פון מירמלשטיין...

איך — ווייל איך בין געווען דער מעמונע איבערן פייפן און געדאַרפט זען, אַז מען זאָל נישט אַריבעראַרבעטן איבער דער צייט — בין, פאַרשטייט זיך, פון זיי אויסגעמיטן געוואָרן. מיר האָבן זיי נישט געגעבן קיין געלעגנהייט זיך צו לערנען די אַרבעט. איך האָב אָבער באַשלאָסן באַ זיך אָפּצוטאָן זיי אַלעמען אַ שפּיצל און זיך דאַווקע יאָ לערנען קעגן זייער ווילן.

פלעג איך זיך דעריבער צוקוקן און, אויסגעפינענדיק, אַז עס איז פאַראַן עפּעס אַ קלענערע שילד, וואָס דאַרף „אויסגעפילט״ אָדער „באַשאָטנט״ ווערן, — האָב איך זי ביגנייווע אַוועקגענומען ערגעץ ווייט אין הויף, הינטער די גרויסע קאַסטנס מיט סכוירעס, וואָס זענען געשטאַנען דאָרט, לעבן דעם סקלאַד פון דער „קאַווקאַז און מערקורי טראַנספּאָרט געזעלשאַפט״. איך האָב מיטגענומען די געהעריקע פאַרבן און פּענדזלעס, און דאָרט פאַרענדיקט די שילד. דערנאָך האָב איך זי מיט שטאָלץ געבראַכט צו טראָגן אין פאַבריק אַריין און געזאָגט:

— אַז מען וועט מיך נישט לאָזן זיך לערנען אפן גלייכן וועג, וועל איך מוזן זיך אַליין לערנען אף אַן אומוועג...

און כאָטש די דריי עלטערע געזעלן האָבן זיך געבייזערט אַף מיר דערפאַר, און דער אַלטער טרעמבאַטש האָט מיך אַפילע געדראָעט, אַז אויב איך וועל דאָס נאָכאַמאָל טאָן, וועט ער מיך אַרויסוואַרפן פון דער פאַבריק, — האָב איך דאָך, — ווען איך האָב נאָר געהאַט די געלעגנהייט, — „צוגעגאַנוועט" אַ שילדל און ביגנייווע זיך אָוועקגעשטעלט זי אַרויסצוזענדיקן...

צו מיין מאַזל האָב איך טאָמיד געטאָן די דאָזיקע אַרבעט ווי געהעריק, אַז עס איז נישט געווען צו וואָס זיך צו טשעפּען; דערצו נאָך האָט אַ צווייטער פון די באַלעבאָטים, הילעל „טשאַקער", — לאַכנדיק פון מיין שפּיצל — מיך פאַרטיידיקט:

— אַבי ער מאַכט עס גוט, איז וואָס אַרט עס אייך? זאָל ער זיך לערנען!...

— יאָ, גוט, — האָט מאָרדכע „די באָבע" דערווידערט, — אָבער זאָגן וועגן דעם דאַרף ער דאָך. ווארים אַט האָב איך אים די גאַנצע צייט אַרומגעזוכט, געוואָלט אים ערגעץ צושיקן עפּעס טאָן, אָבער איך האָב אַלץ געטראַכט, אַז עפּשער האָט ווער פון אייך אים פריער אָוועקגעשיקט ערגעץ עפּעס טאָן...

די דריי עלטערע געזעלן האָבן מיך אָבער גענומען שטאַרק היטן און אָפט מיך טאַקע געכאַפּט ביי דער האַנט מיט אַ שילד, וואָס איך האָב געהאַלטן ביים „צולאַקכענען". יעדעסמאָל, ווען מען האָט מיך נאָר געכאַפּט דערביי, האָט מען פון מיר, פאַרשטייט זיך, די שילד צוגענומען און מיך אָוועקגעשיקט טאָן עפּעס אַ גראָבע אַרבעט, אויפהענגען, אָדער אַרונטערנעמען שילדן, צי גאָר ערגעץ אין אַ געשעפט אַריין „שמירן", אויב עס איז גראָד געווען אַזאַ אַרבעט...

* * * * *

איינמאָל האָט מען מיך — צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פיר לערן־אינגלעך: הערש „פויער", אַשער „אָנשמעקער", איטשע „פלאָקן" און אָורעמל „באָניקער" — אָוועקגעשיקט „שמירן" אין אַ וויין־האַנדל אַף די נאַלעווקעס. מיר האָבן דאָרט געדאַרפט פאַרבן די אַנזעעוודיקע ברעגן פון די פּאָליצעס, די שאַפּעס און בופעטן, אַז זיי זאָלן אויסזען ווי מאַהאָגאָנווע האָלץ. די דאָזיקע אַרבעט באַשטייט אין דעם, וואָס די ערשטע צוויי דעקן ווערן געשמירט מיט געווייגטלעכע אייל־פאַרב פון אַ ראָזעווע קאָליר; דער דריטער דעק — דאָס „מאַזירן" — אַ טונקל־רויטע פאַרב, ווערט געמישט נישט מיט אייל, נאָר מיט ביר אָדער עסיק און ווערט גלייך — ווען די פאַרב איז נאָך נאַס — דורכגעקעמט מיט אַ גרויסער געגנדזענער פעדער, וואָס שאַפט די האָלץ־אָדערן. באַלד נאָכדעם, אַזוי ווי עס ווערט טרוקן, ווערט עס באַדעקט מיט אַ לאַקיר, קעדיי עס זאָל זיך האַלטן און גלאַנצן...

עס איז גראָד דעמאָלט געווען אַן אויסערגעווייטלעך־הייסער טאָג. דער שווייס האָט זיך געגאָסן פון אונדז נאָך איידער מיר האָבן זיך געשטעלט אַרבעטן. ערשט ווען מיר האָבן גענומען אַרבעטן אין דער שמאָל־לאַנגער, שטיקנדיקער קראָם, איז פּאָשעט נישט געווען איבערצוטראָגן די היץ. וויפל מיר האָבן נישט געטרונקען, איז אַלץ נישט גענוג געווען אַף אָפּצוקילן זיך. מען האָט געפילט, אַז מען פאַלט מאַמעש אַוועק אַן קויכעס...

מיטאַמאָל איז אַשער אַרויסגעקומען מיט אַן איינפאַל:

— אַט, ווען רעב מוישע גאָלדפלאַם, דער אייגנטימער פונעם ווייך־געשעפט, זאָל אונדז געבן צו גלעזער קאַלטן ביר, וואָלט דאָס אונדז זיכער אָפּגעקילט מער ווי פון פּראָסט וואַסער און עס וואָלט מעגלעך געווען צו אַרבעטן...

— געמיינער אַנשמעקער! — איז איטשע „פּלאַקן" אַף אים אַנגעפאַלן און אים אויסגערעדט, — וואָס איז, טראַגעדיקע אידענע, עס האָט דיך אַנגעשמעקט?...

מיר, די אַנדערע אינגלעך, האָבן אָבער געהאַלטן מיט אַשערן:

— וואָס איז? — האָבן מיר געטאַינעט — רעב מוישע גאָלדפלאַם וועט עפּשער כאַלילע אָרעם ווערן, אויב ער זאָל אונדז פונדעסטוועגן מיט צו גלעזער ביר?...

מיר זענען צוגעגאַנגען צום ווייך־הענדלער און אים געזאָגט וואָס מיר ווילן. ער, רעב מוישע גאָלדפלאַם — אַ איד מיט אַ גרויסער שוואַרצער באָרד — האָט אונדז אַ מעסט אָפּ געטאָן מיט עפּעס אַזאַ אַנגעבלאָזן־בייזן קוק, אַז ביי אונדז איז דער אַפּעטיט צום ביר גלייך פאַרגאַנגען.

— איצט נישט, — האָט ער אַ זאָג געטאָן, — איצט דאַרף מען אַרבעטן. אָבער אַז איר וועט זיין גוטע אינגלעך און מאַכן אַ גוט שטיקל אַרבעט, וועל איך אייך עפּשער שפּעטער, פאַרן אַהיימגיין, יעדן געבן צו גלעזער ביר!...

— עס איז דאָך אָבער הייס איצט, שוין! — האָבן מיר זיך געדונגען. — אַז מיר וועלן זיך פּילן קילער, וועט מען בעסער קאָנען אַרבעטן...

— איך האָב געזאָגט פאַרנאַכט, וועט עס זיין פאַרנאַכט! — האָט דער ווייך־הענדלער טרוקן־שטרענג אַ שניט געטאָן און זיך אַוועקגעדרייט פון אונדז.

מיר זענען בייזע און אַנטוישטע אַוועק צוריק צו דער אַרבעט, און אַלץ נישט אויפגעהערט אים זידלען צווישן זיך. פאַרנאַכט, אַז מיר האָבן שוין געהאַט פאַרענדיקט דעם ערשטן דעק און פאַרנומען די עמערלעך פאַרב מיט די באַרשטן אַף אַהיימצוגיין, זענען מיר צוגעגאַנגען אויפמאָנען דעם כויוו:

— נו, רעב מוישע גאָלדפלאַם, — האָבן מיר איידל געזאָגט, — מיר זענען איצט געקומען איינצוקאַסירן ביי אייך אייער צוזאָג!...

ער האָט אונדז ווידעראַמאָל אָפּגעמאָסטן מיט יענעם שטעכיקן בליק ווי איינ־דערפּרי, און געלאָסן אויסגעצויגן:

— וואָסער צוזאָג?... וואָסער איינקאַסירן?...

— אייער צוזאָג, פאַניע גאָלדפלאַם, צו געבן אונדז צו גלעזער ביר!...

ער האָט געלאָסן געגלעט די ברייטע באָרד זיינע, ווי זיך געאישעווט וואָס צו טאָן, און אַן כיישעק אויסגעזונגען:

— ני, מאַילע, ציגעזוגט איז ציגעזוגט...

ער האָט אונדז געהייסן צוואַרטן אַ ווייל. אַליין האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן הינטערן בופעט, איבער וועלכן עס האָט זיך געהויבן די ביר־פּאָמפּע, און אונטער איר — אַ בעקן, מיט אַ דעק אין וועלכער עס זענען — אין סימעטרישע אוזאָרן — געווען אויסגעהאַקט רונדיקע לעכלעך, וואוהין דאָס ביר־איבערבלייבעכץ פון

די איבערגעקערטע גלעזער און פונעם פּאָמפּע־צאַפּן זאָל אָפּרינען. ער האָט גענומען פינף גלעזער, אויפגעדרייט דעם צאַפּן, וואָס האָט זיך געפונען אין דעם בעקן, אָנגעפילט די גלעזער און, אַוועקשטעלנדיק זיי אױפן דעק פון דעם בעקן, — שטעכיק אַ זאָג געטאָן:

— ני, אַ מודע געמאַכט זיך, גיב זיי ביר, די שטינקערס!...

מיר האָבן זיך געמאַכט ווי נישט־הערנדיק זיינע רייד און — נישט־וויסנדיק וואָס פאַראַ מין ביר ער האָט אונדז געגעבן, — גענומען די גלעזער צו די מיילער, אַ זופּ געטאָן און...

ווי פון פריער אָפּגערעדט צווישן זיך, אַזוי האָבן מיר אַלע, גלייך נאָכן ערשטן שלונג, אַ שטעל געטאָן די גלעזער מיטן ביר אויפן בעקן און אויסגעשפּיגן. אָשער האָט מיט שניידנדיקן פאָרוואורף אַ זאָג געטאָן:

— וואָס־וואָס, פּאַניע גאָלדפלאַם, אָבער קיין כאַזיירים זענען מיר נישט, אַז איר זאָלט אונדז אָנפּאָיען מיט אייערע פּאָמאָיעס!...

מיר זענען אַוועק אָן ביר און נישט־געזעגענענדיק זיך. בײַ יעדן איינעם פון אונדז האָט געברויזט דער קאַאַס אויף דעם ווייַן־הענדלער, פאַר געבן אונדז צו טרינקען דעם אומריינעם, וואָרעמען אָפּפלוס. מיר זענען געווען אַזוי דער־שלאָגן, אַז מיר האָבן זיך אַזש געשעמט צו קוקן איינער אויפן אַנדערן. איטשע „פלאָקן“, וועלכער איז אַלעמאָל געווען אַ געמעסיקטער און איינגעהאַלטענער, האָט אויך איצט אַ זאָג געטאָן:

— איך האָב אָבער געזאָגט, אַז מען זאָל נישט בעטן קיין ביר!...

— ביסט אַ שויטע, אָט אַזוי גרויס! — האָט אָשער אים איבערגעקרימט, — דעריבער איז וואָס? דעריבער גייען די קאַטשקעס באָרוועס און ער האָט אונדז געדאַרפט געבן „זליוזקעס“ צו טרינקען?...

מיר אַלע זענען געווען מסכּים, אַז דער ווייַן־הענדלער איז אַ כאַזער און מען וואָלט אים דערפאַר געדאַרפט גוט אָנלערנען. אַפילו איטשע האָט שוין צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אין איינשטימיקייט. אָבער ווי אַזוי זיך אָפּצורעכענען מיטן ווייַן־הענדלער און מיט וואָס, האָט קיינער נישט געוואוסט.

אויף צומאָרגנס, כאָטש עס איז ווידער געווען אַ הייסער טאָג, האָבן מיר שוין קיין ביר נישט געבעטן. אַ טאָג שפּעטער, ווען מיר זענען געקומען „מאַזירן“, האָבן מיר ביים ווייַן־הענדלער געקויפט עטלעכע פלעשער פונעם ביר־אָפּפלוס אויף צום פאַרמישן די פאַרב און זיך געשטעלט אַרבעטן, נישט טראַכטנדיק מער וועגן דער דערפאַרונג. דריי פון אונדז האָבן „מאַזירט“ און צוויי האָבן לאַקירט...

שפּעטער צו, אַז מיר האָבן שוין באַלד געהאַט פאַרענדיקט די אַרבעט און עס איז געבליבן אַרום אַ האַלבע שאָ צו פאַרנעמען זיך אויף מיטיק, האָט מיטאַמאָל הערש „פויער“, וועלכער איז געשטאַנען אַביסל ווייטער פון דער גרופּע און דאָרט געאַרבעט, — זיך אַ רוק געטאָן צו אונדז, געטאָן אַזאַ מאָדנע קוקעלע דאָ אויף אונדז און דאָ אויף די פּאָליצעס, אויף וועלכע עס זענען געשטאַנען אויסגעשטעלט

פאַרשידענע פלעשער מיט געטראַנקען, און אַנווייזנדיק מיטן זעלבן קוק אויף די פאַרב־עמערלעך, אַ שמייכל געטאָן. מיר האָבן פאַרשטאַנען.

מיר האָבן אָפּגעהיט אַ מאָמענט ווען דער וויין־הענדלער איז געווען פאַרפאַרנעט אין ווייטן צווייטן עק פונעם געשעפט, און האָבן פלינק, מיט איין באַוועג, אַ כאַפּ אַראָפּ געטאָן פון דער פּאָליצע, לעבן וועלכער איינער איז געשטאַנען, איינס פון די אויסגעשטעלטע פלעשלעך, פּונקט אַזוי גיך דאָס אַ פאַררוק אַריין געטאָן אין דער עמערל פאַרב אַריין און, גלייך ווי גאָרנישט, ווייטער געשמירט.

אַלץ איז אָפּגעגאַנגען גלאַט און אומבאַמערקט. בלויז דער אומגעדולד צו פאַרענדיקן די אַרבעט און אַוועקצוגיין אויף מיטיק, האָט באַאומרואיקט.

ענדלעך איז אָנגעקומען מיטיקצייט און מיר, ווי יעדעסמאָל, האָבן פאַרנומען די עמערלעך פּאַרב מיט די באַרשטן און זענען אַוועק.

מיר זענען געגאַנגען סטאַטעטשנע און שטילע, קימאַט נישט קוקנדיק איינער אפן אַנדערן. אַז מיר זענען אַריין אין דער נאַוואָליפּקע גאַס, זענען מיר אַריין אין ערשטן הויף, צוגעגאַנגען צום וואַסער־קראַן, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן הויף, אויפגעדרייט דאָס וואַסער און גענומען אָרומוואַשן די פינף אויסערלעך־איינגעשמירטע פלעשלעך. ערשט איצט האָבן מיר געקאָנט זען, אַז אונדזער „פּאַנג" איז געווען אַ זייער געהויבענער. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָבן מיר געהאַט: צוויי שלאַנקע פלעשלעך מיט פראַנצויזישן קאָניאַק, וואָס זענען געווען געפּאַקט איז אַזעלכע פון שטרוי־געפלאָכטענע נעסטן; צוויי בייכיקע פלעשלעך מיט אימפּאָרטירטן סקאָטישן שנאַפּס, און איין קליין פלעשל שאַמפּאַניער מיט אַ גאָלד־קאָלירטן פאַרכאַסמעטן שטאָפּער...

גלייך האָבן מיר אויסגעליידיקט איין עמערל פון דער פאַרב, עס ריין אויסגעוואַשן און אריינגעשטעלט אין דעם די פינף פלעשלעך. דאַן האָבן מיר — שטאָלצע מיט אונדזער געלונגענעם „פּאַנג" — זיך געלאָזט גיין ווייטער, באַשמועסנדיק דערביי וואָס צו טאָן.

איך און אַוורעמל „באַניקער" האָבן געהאַלטן, אַז מיר זאָלן דורך אַ גורל זיך איינטיילן מיט די פלעשלעך און יעדער איינער זאָל זיך אַהיימנעמען דאָס פלעשל, וואָס וועט אים אָנקומען. די אַנדערע דריי יאַטן האָבן אָבער געהאַלטן, אַז דאָס וואָלט געווען נישט־יושרדיק, מאַכמעס דער פאַרשידנאַרטיקייט פון די פינף פלעשלעך, און אַז בעאייס איינעם ווען אָנקומען דער שאַמפּאַניער, וואָס מיר האָבן שוין דעמאָלט געוואוסט אַז עס איז אַ טייערער ביסן, וועט אַ צווייטן גאָר אָנקומען פּראָסטער שנאַפּס אָדער, אין בעסטן פאַל, קאָניאַק...

נאָך עטלעכע מינוטן פון אַמפּערן זיך, האָט איטשע „פלאָקן" פאָרגעשלאָגן אַן אויסוועג, אַז מיר זאָלן צום פאַראַבענעם צוקויפן נאָך אַ צוויי פלאַשן ביר, ברויט, וואורשט און קעז, און אַרויפגיין צו אים אין שטוב אַריין, דאָרט צו עסן מיטיק צוזאַמען און יעדער איינער זאָל קאָנען טרינקען וואָס ער וועט וועלן...

אַזוי האָבן מיר טאַקע געטאָן. מיר האָבן זיך גלייך צוזאַמענגעלייגט צו עט־

לעכע קאַפּיקעס און הערש „פּויער״ איז אַוועק איינקויפן די איבעריקע זאַכן. אויבן, ביי איטשען אין שטוב, האָבן זיינע צוויי שוועסטער צעשניטן דאָס ברויט, דעם וואורשט און דעם קעז, אויסגעשטעלט אף טעלערס, אַוועקגעשטעלט אפן טיש גלעזער און גלעזלעך און... מיר האָבן זיך גענומען צו דער סודע...

מיר האָבן געטרונקען לעכאַים איינמאָל, אַ צווייטמאָל און אַ דריטמאָל. איך ווייס נישט, צי מיר האָבן טאַקע אויסגעליידיקט אַלע פלעשלעך, אָדער צי עס איז נאָך עפּעס איבערגעבליבן נאָך אונדז. אָבער אויפגעהייטערט און פרייליך זענען מיר גאַנץ גיך געוואָרן און אַזש גענומען אַזוי הויך זינגען, אַז איטשעס שוועס־טער האָבן אונדז איידל געבעטן וואָס גיכער זיך אָפּטראָגן פון הויז...

ווען מיר זענען צוריקגעקומען פונעם מיטיק אין פאַבריק אַריין, איז שוין געווען צייט צו שטעלן זיך אַרבעטן. אָבער דער שנאַפּס אין אונדז האָט אַפּאַנים שוין געהאַט דערגרייכט די העכסטע ווירקונג און מיר האָבן פּאַשעט אף די פיס נישט געקאָנט איינשטיין און קיין גלייכן טריט נישט געקאָנט מאַכן...

עפּשטיין און טרעמבאַטש — די צוויי באַלעבאַטים, וואָס זענען גראָד דעמאָלט געווען אין פאַבריק, האָבן אונדז אויסגעטיילט אַרבעט, אָבער אַלץ איז געפאַלן פון די הענט ביי אונדז. איינער האָט איבערגעקערט אַן עמער מיט פאַרב, אַ צוויי־טער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם „קוראַנט״ — אַ שווערער שטיין מיט וואָס מען רייבט די פאַרב — און שיר נישט אָפּגעהאַקט אַ פוס עמעצן. איך האָב גאָר גענומען אַריינשלעפּן די גרויסע לייטערס פון הויף אין פאַבריק אַריין. די באַלעבאַטים האָבן אונדז אַרויסגעטריבן, אָבער דאָס האָט אונדז נישט געאַרט. מיר זענען גלייך אַרויפגעקראָכן אפן דעכל אַרויף און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן...

די דריי הויפּט־באַלמעלאָכעס, אָבער, צי זיי האָבן אונדז נישט פאַרגונען דעם אָפּרו, צי זיי האָבן סטאַם זיך געוואָלט אָפּרעכענען אָדער אַ שפּיל טאָן מיט אונדז, האָבן דערוויל עפּעס פאַרטראַכט. באַלד ווי מיר זענען נאָך איינגעשלאָפן, האָבן זיי גענומען ביים סטרוזש פונעם הויף די גומענע קישקע מיט וועלכער ער פלעגט באַשפּריצן די גאַס, האָבן זי צוגעפּעסטיקט צום וואַסער־קראַן און אַ יאָג אַרויף געטאָן צו אונדז, אפן דעכל אַרויף, אַ שאַרפן שטראָם וואַסער...

עס איז געוואָרן אַ געשריי, אַ גערואַלד, אַ געלעכטער און אַ זידלעריי. מיר זענען טאַקע דורך און דורך נאַס געוואָרן, אָבער אַ כוץ דעם וואָס דאָס האָט אונדז אַביסל אָפּגעקילט פון דער גרויסער היץ, האָט עס אונדז מאַשמאָעס אויך טאַקע עטוואָס אויסגעניכטערט. מיר האָבן דאַן אויסגעטאָן די העמדער מיט די הויזן פון זיך און זיי אַוועקגעלייגט טריקענען קעגן דער גליענדיקער זון.

אַז מיר זענען ענדלעך געקומען צו זיך, איז שוין באַלד צייט געווען צום אַוועקלייגן די אַרבעט. שלוימעלע „פילאָזאָף״, וועלכער איז נישט געווען צווישן די וואָס האָבן זיך אָנגעשיקערט, איז צוגעקומען און אונדז בעסאָד אָנגעזאָגט:

— היינט אַכט אַזייגער וועט אָפּגעהאַלטן ווערן אַ פאַרזאַמלונג, צו גרינדן אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַריין אין פאַך...

ער האָט יעדן איינעם פון אונדז געגעבן אַ צעטעלע מיטן געהעריקן אַדרעס וואו מיר דאַרפן קומען, איבערגעגעבן דעם קאָנספּיראַטיוון פּאַראָל, וואָס מען וועט דאַרפן איבערגעבן בעאייסן אַריינגיין אין געהעריקן הויף אַריין, און אונדז גאַנץ שטרענג אָנגעזאָגט, לעמאַאַן האַשעם נישט פאַרפעלן צו קומען...

* * * * *

**אַ שטיקל צייט** איז אַריבער און דער אַרטעל האָט זיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערצופאַלן. די דריי הויפּט־באַלמעלאָכעס, נאָכן אָפּאַרבעטן אַ פּאָר כאַדאָ־שים אין שוטפעס מיט די באַלעבאַטים, האָבן זיך אָפּאָנים געכאַפּט, אַז עס לוינט זיך נישט פאַר זיי און זיי האָבן בעסער געוואָלט אַרבעטן אַף רעגולערע סכירעס. באַלד אַפן צווייטן טאָג נאָך דעם פאַנאַנדערטיילן זיך, האָבן זיי, די דריי געזעלן, געזוכט אַלע מיטלען צוריקצוגעווינען דעם צוטרוי פון די אַנדערע אַרבעטער און לערן־אינגלעך, און האָבן גענומען שטרענג אָפּהיטן די אַרבעט־שאָען.

זיי זענען געקומען צו דער אַרבעט באַגלייך מיט אַלעמען און אַוועקגעלייגט די אַרבעט צו דער צייט. אָפּט האָבן זיי אַפילע שוין נישט געוואַרט אַפן פייפן צו „פּייראַנט”, און האָבן, אויב עס איז נאָך געווען עטלעכע מינוט צום אויפהערן, זיך שוין גענומען וואַשן די הענט...

די סכירעס אין דעם אַרטעל זענען געוויינטלעך אויסגעצאָלט געוואָרן אין די פּרייטיקס, מאַכמעס מיר האָבן נישט געאַרבעט שאַבעס, נאָר זונטיק. טרעמ־באַטש, וועלכער איז געווען דער קאַסירער פון דעם אַרטעל, — האָט געהאַט די פליכט פון באַזאָרגן דאָס געלט אין צייט. די אַנדערע צוויי באַלעבאַטים האָבן זיך נישט געמישט אין דעם און פלעגן אַפילע אָפּט נישט זיין דערביי. אָפּט פלעגט טרעפן, אַז טרעמבאַטש האָט נישט געהאַט קיין געלט אַף אויסצוצאָלן די סכירעס, אָדער ער האָט סטאַם זיך פאַרזאַמט צו קומען אין צייט פאַרן אַוועקלייגן די אַרבעט. האָבן מיר געוויינטלעך געוואַרט אַ האַלבע שאָ און... אַהיימגעגאַנגען אָן סכירעס...

אין אַזעלכע פאַלן האָבן מיר זונטיק אינדערפרי זיך נישט געשטעלט צו דער אַרבעט ביז מען האָט אויסגעצאָלט די סכירעס. טאָמער איז טרעמבאַטש נישט געווען זונטיק אינדערפרי אין פאַבריק, האָבן מיר אויפגעשריבן אַף עטלעכע קאַרדאָנען אַ צאָל פאָדערונגען, זיך אויסגעשטעלט אין אַ ריי איבער דער ברייט פונעם הויף, געוואַרט ביז ער איז אָנגעקומען, און אַלע צוזאַמען אויסגערופן די פאָדערונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט אויפגעשריבן אַף די קאַרדאָנען:

— „מיר פאָדערן אונדזערע סכירעס”!...

— אַז נישטאָ קיין געלט. — איז נישטאָ קיין אַרבעט”!...

— „עס גייט אַף אייער צייט, באַלעבאַטים”!...

און ביז מיר האָבן נישט געקראָגן די סכירעס, האָבן מיר זיך נישט געשטעלט אַרבעטן... טיילמאָל האָט עס גענומען אַ גאַנצן טאָג, קימאַט ביזן אָוונט...

סיי ווי סיי, לאַנג האָט שוין דער אַרטעל זיך נישט געהאַלטן. די דריי שוטפים האָבן זיך אָנגעהויבן צו קריגן, כוישעד געווען איינער דעם אַנדערן, אַז זיי נעמען

אָן אַרבעט בעסאָד פון די אַנדערע און מאַכן זיי פּאַרטיק ביי זיך אין דער היים און... זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעטיילט...

יעדער איינער פון זיי האָט זיך גענומען איינעם פון די דריי הויפּט־באַלמע־לאָכעס, צו עטלעכע לערן־אינגלעך מיט האַלבע געזעלן, און אָנגעהויבן אַרבעטן יעדער פאַר זיך, מיט דער פריערדיקער גרויסער, שאַרפער קאָנקורענץ...

מיך — איבער מיין „פייפן" און שטרענגן אָפּהיטן די „פּייראַנט"־שאָען צום אָוועקלייגן די אַרבעט — האָט קיינער פון די דריי נישט געוואָלט צונעמען צו דער אַרבעט. עס האָט שוין אויסגעזען, אַז איך וועל מוזן גיין זיך לערנען אַ נייע מלאָכע. אָבער דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין האָט זיי געלאָזט וויסן, אַז אָדער איך ווער אָנגעשטעלט צו דער אַרבעט, אָדער עס וועט דערקלערט ווערן אַ סטרייק אין פאַך. די באַלעבאַטים האָבן דאַן באַשמועסט די זאַך און — שרעקנדיק זיך פאַר אַ סטרייק — אַנטדעקט מיינע מאַילעס און פעאיקייטן, און...

איך בין אַוועק אַרבעטן צו מאָרדכע קנאָפּערבוים — „די באַבע"...



דער „אַרטעל". פון רעכטס צו לינקס, שטייענדיק: איצכאָק „פייפער"; מענדל „דראַנג"; אַווראָם „גאַרגל"; הערש „פויער"; הילעל „טשאַקער"; מאָרדכע „באַבע"; לייזער „טשופּרינע"; און אינדערהייך — אָשער „אָנשמעקער".
פאָדערשטע ריי:ביים פאַרב־מילעכל — שאָלעם „וואַנץ"; זיצנדיק — בערל „קאָטער"; כאַים „זייפיאַזש" (דער מעכאַבער) און אַווראָמל „באַניקער"; מיט די פּאַפּירן — שלוימעלע „פּילאַזאָף"; ביים שטיין — טעוויע „צאַפּ"; מיט דער פּאַליטרע — אַרעלע „הויקער"; אף דער ערד — איטשע „פלאַקן". טרעמבאַטש — „די קילע" און אַ צאָל אינגלעך זענען נישט געווען אין וואַרשטאַט בעאייסן פאָטאָגראַפירן.

# דער זיידענער שלאָפראָק

מיר, די דריי־פיר לערן־אינגלעך און האַלבע געזעלן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי מאָרדכע קנאַפּערבוים אין וואַרשטאַט, האָבן געהאַט אַ ביטערע דאָליע. מיר, 14־15 יאָריקע אָרעמע קינדער פון האָרעפּאַשנע עלטערן, האָבן געהאַט אַ שווער לעבן ביי אים. די „באַבע" — ווי מען האָט אונדזער באַלע־באָס גערופן אין פאַך, וואו יעדער איינער האָט געהאַט זיין כאַראַקטעריסטישן צו־נאָמען — האָט אף אונדז אָנגעוואָרפן אַ מוירע, כאָטש ער איז געווען אַ „שטיל וואַסערל", אַ „זיידענער" יונגערמאַנטשיק און, ווי מען האָט געשמועסט, געשריבן פון צייט צו צייט קאָרעספּאָנדענציעס אין „האַצפירא"... זיין שטענדיק שוויגן און אונטערמרוקען האָט זיך שווער געלייגט אף די געמיטער פון יעדן אינגל, און מען איז דעריבער טאָמיד אַרומגעגאַנגען אין איין שרעק, אַז עפּעס איז ער אומצופרידן און וועט זיכער אַהיימשיקן...

די „באַבע" איז געווען, וואָס מען רופט, אַ זלידניק. וואָס אַ אינגל זאָל נישט טאָן, איז עס אים נישט געפעלן. אף אַלץ האָט ער געפונען כעסרוינעס.

איינמאָל האָב איך באַקומען פון אַ קונד גאַנצע 25 קאָפּיקעס „ביר־געלט" פאַר אָפּטראָגן און אויפהענגען אַ שילדל, וואָס מיר האָבן געמאַכט פאַר אים. נאָך דער שווערער אַרבעט פון קלעטערן אף דעם שטאָקיקן לייטער, אַרויפצושלעפּן און צוצוקלאַפּן דאָס שילדל, ביי וואָס איך האָב זיך מאַמעש אָנגעגאָסן מיט שוויס, האָב איך זיך דערלויבט צו קויפן פאַר 5 קאָפּיקעס איריס — אַ לאַקאָמקע, וואָס איך האָב שטאַרק ליב געהאַט, און פאַר 2 גראָשן סאָדע־וואַסער. די „באַבע" האָט דאָס אָבער אַפּאָנים באַמערקט. פאַרנאַכט־צו האָט ער מיך צוגערופן צו זיך, האָט מיך זייטיק דורכגענומען מיט זיינע גרויע, קאַלטע און טיף־אַריינגעזעצטע אויגן, וואָס האָבן ווי לעבעדיקע שלאַנגען־קעפּלעך זיך געוואָרפן אין אַלע זייטן, און מיט אַ שטימע, וואָס האָט אויסגעזען ווי שיפּענדיק, מיר אַ זאָג געטאָן:

— זאָלסט זאָגן דיין מאַמען, זי זאָל לעמאַאַן האַשעם קומען מאָרגן איבדער־פרי אַהער, ווייל איך דאַרף מיט איר רעדן וועגן אַ וויכטיקער זאַך!

ווען מיין מאַמע איז אף צומאָרגנס געקומען אין וואַרשטאַט אַריין און נאָך־דעם ווי זי האָט אָפּגעוואַרט אַרום אַ שאָ צייט אף מיין מייסטער, — האָט ער זי מאָדנע פאָרשעריש אַרומגעקוקט און, אָנווייזנדיק אף מיר, אַ ברום געטאָן:

— אַזוי, זענט איר, הייסט עס, דעם טאַכשעטס מאַמע?! אַ וואויל ווייבל, כ'לעבן. נו, איז זייט זשע וויסן, ווייבל, אַז אייער אינגל איז אַ גאַנעוו!...

די מאַמע, געדענק איך, איז געוואָרן אַ פאַרצאַפּלטע און האָט מיט צעגליטע באַקן און אויגן אַ קוק געטאָן פון דער זייט אף מיר, אַזוי ווי איך בין געשטאַנען דערביי, מאַשמאָעס נישט פאַרשטייענדיק וואָס די „באַבע" מיינט. אויך איך האָב גאָרנישט פאַרשטאַנען. געוואוסט האָב איך נאָר, אַז וואָס ער זאָל נישט מיינען, מיינט עס שוין פאַר מיר אַן עמעסע פאַרציע פון דער מאַמען, נאָכדעם ווי איך וועל אַהיימקומען. איך האָב אַפילע יאָ געוואָלט עפּעס זאָגן, פרעגן מיט וואָס איך בין אַ גאַנעוו, אָבער די מאַמע — מיט אַ ציטער אין איר קאָל — האָט אים שוין אַליין מיט אַרונטערגעלאָזטע, שעמעוודיקע אויגן, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס רעדט איר, פּאַניע מייסטער? מיין קינד? ווער, ווען, וואָס? וואָס אַזעלכעס האָט ער געגאַנוועט?...

און אין אַ ווייל אַרום, קימאַט אַ צעבראָכענע, צוגעגעבן:

— גוט וואָס איר האָט מיך גערופן, פּאַניע מייסטער. איר זאָגט נאָר מיר און איך וועל שוין פון אים די גנייווע אַרויסקלאַפּן. איך וועל זען, אַז ער זאָל אייך אומקערן אַלץ אַזוי ווי ער האָט עס גענומען...

די „באַבע" האָט אַ קאָלט שמייכעלע געטאָן און געזאָגט:

— ס'הייסט, וויבל, קיין עמעסע גנייווע איז ער נאָך דערווייל נישט באַגאַנגען, אָבער עס האַלט שוין באַלד דערביי...

די מאַמע, האָב איך געזען, האָט זיך מיטאַמאָל גענומען וואַקלען אף די פיס. איך האָב איר אינדערגיך אונטערגערוקט אַ פאַרשמירטע טאַבורעטקע, וואָס איז געווען גראָב אָנגעזעצט מיט שטשערבנדיקע ליסקעס פון פאַרטריקנטער פאַרב, און זי האָט זיך דערויף צוגעשפּאַרט קעדיי נישט אומצופאַלן.

— איר פאַרשטייט, — האָט די „באַבע" פאַרגעזעצט, — אייער אינגל איז אַ נאַשער. נעכטן האָט ער פאַרדינט 25 קאָפּיקעס „ביר־געלט", האָט ער, דער געשמאַטער האַלדז, דערפון באַלד פאַרנאַשט 5 קאָפּיקעס אף איריס און 2 גראָשן אף סאָדע־וואַסער. נו, און אַ נאַשער, — האָט ער כיטרע צוגעגעבן, — ווייסט דאָך די וועלט, איז אַ גאַנעוו!...

די מאַמע, ווי זי האָט זיך מיד געהאַט אַראָפּגעלאָזט אף דער טאַבורעטקע, האָט נאָך אָט די פאָר ווערטער, דער „באַבעס", זיך אַזש אַ ריס אויף געטאָן דערפון און קימאַט היסטעריש אויסגעשריגן:

— אַז טפו זאָלט איר ווערן! דאָס איז אַלץ?! הערט נאָר אַ געשיכטע! אַזאַ בילבול אויסצוטראַכטן אף מיין קינד, אַ גאַנעוו גאָר!... וואָס זאָגט איר נישט דערצו? דאָס אינגל האָט זיך געקויפט אַן איריס!... נו, וואָס דען האָט ער געדאַרפט טאָן מיט זיינע פאַרדינטע פאָר גראָשן, עפּשער איך זיי אָוועקגעבן?!...

זי האָט זיך אָוועקגעדרייט פון אים און צו מיר שאַרף אַ זאָג געטאָן:

— נעם דעם פּאַלטן און קום אַהיים! וועסט שוין ביי אָט דעם אידן נישט אַרבעטן!... נו, אַ גאַנעוו גאָר! טפו זאָל עס ווערן!...

און זי האָט טאָקע אַ שפּיי געטאָן קימאַט לעבן זיינע פיס...

די „באַבע" האָט דערזען, אַז די מאַמע מיינט ערנסט מיטן אָפּנעמען מיך פון אים, האָט ער זיך אַפּאַנים דערשראָקן. ווייל וואָס־וואָס, וויפל איך האָב אים געקאָסט, האָב איך די ווערט געהאַט אַוואַדע פינף מאָל אזויפיל. די צוויי רובל אַ וואָך וואָס ער האָט מיר געצאָלט, האָט מען געוואוסט אין פאַך, האָב איך זיך פאַרדינט קימאַט אין איין טאָג. וואָרים ווי איך זאָל וועלן דאָ אויסמיידן צו באַ־רימען זיך, מוז איך דאָך זאָגן, אַז אַפילע דעמאָלט, נאָך אַ לערן־איינגל, האָב איך שוין געטאָן געוויסע אַרבעטן פון אַ געזעלן — אַ קימאַט באַלמעלאָכע. איך האָב שוין „אויסגעפּילט" די בוכשטאַבן, וואָס איצכאָק „פּייפער", דער עלטסטער געזעלן, פלעגט בלויז אָנציען די קאָנטורן — די אויסערלעכע ליניעס. איך פלעג שוין אָפט אויך באַשאָטענען די גרויסע שריפט און טיילמאָל אַפילע מיט טאָפּל־שאָטנס, וואָס דערפאַר האָט מען שוין געצאָלט 8 אָדער 9 רובל אַ וואָך צו האַלבע געזעלן. אָבער אַזוי ווי איך בין דאָך נאָך פאַרט געווען נישט מער ווי עפּעס אַריבער אַ יאָר אין פאַך האָב איך נאָך נישט געקאָנט קריגן מער ווי 2, העכסטנס 3 רובל אַ וואָך. איצט, אַז די מאַמע האָט מיך געהייסן זיך פאַרנעמען, האָט ער זיך דערשראָקן, זעט אויס, און געמאַכט אַ צוריקטריט:

— אַי, וויבל, איר זענט דאָך גאָר אַ היציקע! איך האָב גאָרנישט געמיינט, כאָלילע. איך האָב נאָר געטראַכט, אַן אָרעם קינד, מען דאַרף אַוואַדע די פּאָר גראָשן איינדערהיים אָף ברויט. אָבער... אויב אייך איז עס ליב, איז עס מיר אַוואַדע ניכע. מיילע, וועט עס מיך מער נישט אַרן. זאָל ער זיך געזונטערהייט קויפן וואָס ער וויל פאַר זיין געלט...

בין איך געבליבן אַרבעטן. אָבער אין אָוונט האָט די מאַמע פונדעסטוועגן מיר מעקאַיעם־פּסאַק געווען, ערשטנס, טאַקע פאַרן פאַרטאַכלעווען די 12 גראָשן און, דער איקער, פאַר קויפן און עסן ווען דער באַלעבאָס האָט געזען:

— זאָלסט שטענדיק וויסן זיין, — האָט זי שטרענג און מיט כאָכמע גע־זאָגט, — אַז די ערגסטע באַשעפעניש אָף דער וועלט איז אַ נישט־פאַרגינער. גאָט האָט זיי פיינט. און געדענקען זאָלסטו אויך, אַז פאַר אַ פּיאָווקע טאָר מען נישט ווייזן קיין סימען פון לעבן, אַנדערש קלעבן זיי זיך צו און ווילן עס אויסזויגן...

איך האָב פאַרנומען דער מאַמעס רייד און זיך געהיטן פון פּיאָווקעס...

נאָך וויפל מיר, איינגלעך, האָבן געליטן פון דער שווייגנדיקער „באַבע", האָבן מיר אָבער נאָך מער געליטן פון זיין יונגער פרוי געניע, אָדער ווי מיר האָבן זי דאַן גערופן, „דאָס שטרויענע דאַמעלע". אַ גליק נאָך, וואָס דאָס ראָוו פון די טעג איז זי אָפּגעלעגן אין איר שלאָף־צימער, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיטן וואָרשטאַט־צימער. ווען זי איז יאָ אַמאָל אַרויסגעקומען פון דאָרט אָף אַריינצוגיין אין קיך קעדיי עפּעס אָנצוזאָגן דער אַלטער קריסטלעכער קעכן, אָדער דער יונגער דינסט — אירס אַ צווייטע קוזינע, וועלכע זי האָט אַראָפּ־געבראַכט פונעם שטעטל, זי דאָ פאַר אַ „מענטש" צו מאַכן, — איז זי, די באַלע־באַסטע אונדזערע, טאָמיד געווען מיט אַ פאַרבונדענעם קאָפּ און האָט איידל,

פּיעסטשענדיק זיך, אונטערגעקרעכצט. דערביי האָט זי אָבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו וואַרפן אַן אויג אין וואַרשטאַט, אַרומקוקן זיך, צי אַ אינגל שטייט נישט, כאָלילע, ליידיק אַ רעגע, אָדער „שפּילט" זיך.

און שטענדיק, ווען עס איז נאָר געווען שוואַך אין פאַך און ווינציק אַרבעט אין וואַרשטאַט, האָט זי גלייך געפונען אַן אַרבעט פאַר די לערן־אינגלעך, אָדער צו שייערן אַ טאָפּ, אָדער אַרויפצוטראָגן קוילן פון קעלער, צי עפּעס אַן אַנדער באַשעפטיקונג, וואָס האָט גאָרנישט געהאַט צו טאָן מיט שילדן־מאָלעריי. קיין קינדער האָט זי נאָך דעמאָלט, צו אונדזער גליק, נישט געהאַט. אַנדערש וואָלט זי אונדז אַוואַדע געמאַכט פאַר ניאַנקעס, אויב נישט פאַר אַמען...

קיין גרויסער גוויר איז די „באַבע" דעמאָלט נישט געווען. די קאָנקורענץ אין פאַך איז געווען גרויס און פאַר אַן אָנפאַנגער איז זייער שווער געווען ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט און געקראָגן אַן אייגענע קליענטעלע. די מאַדאַם זיינע איז אָבער געווען אַ גרויסע פאַרלאַנגערקע. אָפט איז אונדז אויסגעקומען צו הערן פון שלאָף־צימער אירע קריגערייען מיטן מאַן, אַז זי האָט נישט קיין לייטיש קליידל אָפּן לייב; אַז זי פאַרמאָגט אפילע נישט קיין שלאָפּראָק און אַז ווען זי דאַרף אַף אַ וויילע אַריינגיין אין קיך, — האָט זי נישט וואָס צו כאַפּן אַף זיך און דאַרף זיך איינגאַנצן אָנטאָן...

נאָך אַזאַ אויסברוך איז זי נישט אַרויס פונעם שלאָף־צימער דעם גאַנצן טאָג און מיר האָבן נישט געטאָרט אַ הויך וואָרט אויסרעדן...

* * * * *

**אַז מיר, אינגלעך,** זענען נאָך סוקעס געקומען צו דער אַרבעט, האָט די מאַדאַם איבער אונדז דורכגעפירט אַ קימאַט מיליטערישע אינספּעקציע. יעדן איינעם פון אונדז האָט זי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און געפרעגט וואָסערע נייע קליידער מיר האָבן זיך געקויפט אַף יאָנטעוו. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט איינער — אויב ער האָט געקויפט נייע שיך — זיך נישט גע־קאָנט קויפן קיין גאַרניטורל; יענער, וואָס האָט זיך געקויפט אַ גאַרניטורל, האָט שוין דערפאַר זיך נישט געקאָנט קויפן קיין שיך, ווייל עס האָט פאַשעט נישט געסטאַיעט פאַרביידע זאַכן. צווישן אונדז איז אַפילע געווען אַ אינגל, וואָס האָט מער ווי אָפּצושערן זיך לעקאָוועד יאָנטעוו, זיך נישט געקאָנט פאַרגינען, מאַכמעס ער איז געווען אַ קינד נישט נאָר פון אָרעמע, נאָר אויך פון קראַנקע עלטערן, און יעדע קאָפּיקע וואָס ער האָט פאַרדינט — אַפילע דאָס „ביר־געלט" — איז גע־גאַנגען אַף מעדיצינען פאַרן פאָטער.

די מאַדאַם אונדזערע האָט דאָס באַדויערט מיט אַ פרום זיפצעלע:

— אַי, נעבעך! אַף יאָנטעוו געמוזט גיין אָנגעטאָן דעם אַלטן שמוץ...

באַלד אָבער האָט איר זויער פּאָנים ווי אויפגעלויכטן און זי האָט פריילעך אַ זאָג געטאָן:

— הערט נאָר, אינגלעך, איך האָב אַ טייערן פּלאַן פאַר אייך, און אויב איר

וועט אים אָננעמען, וועט איר אפן קומענדיקן פייסעך מערטשעם שוין יאָ קאָנען האָבן נייע קליידער!...

מיר, אינגלעך, האָבן פאַראינטריגירטע אויסגעשטעלט מויל און אויערן.

די מאַדאַם האָט אַ וויז געטאָן אַף דער גרויסער „מייער־באַל־נעס"־פּושקע, וועלכע איז — פון זינט זי האָט זיך אַריינגעקליבן אין דער דאָזיקער דירע — געהאנגען אפן ביישטידל צווישן דעם שלאָף־צימער און דעם וואַרשטאַט־צימער. די דאָזיקע פּושקע איז קיינמאָל נישט גענוצט געוואָרן, מאַכמעס זי האָט קיינמאָל קיין גראָשן נישט אַריינגעוואָרפן, און דעם קאָלעקטאָר, וואָס פלעגט אַמאָל קומען געוואויער ווערן, האָט זי נאָך ביי דער טיר מעשאַלייעך געווען, אַז זי האָט נישט קיין פּושקעס, דאַרף נישט קיין פּושקעס און זאָל ער קיין קאָפּ נישט דרייען...

אָנווייזנדיק אַף אָט דער פּושקע, האָט די מאַדאַם אונדז געזאָגט:

— איך שלאָג אייך פאָר, אינגלעך, צו גרינדן אַן אַרטעל, אַ מין שוטפעס צווישן זיך, און יעדן גראָשן וואָס יעדער איינער פון אייך וועט דעם ווינטער קריגן „ביר־געלט" פון די קונדן, זאָלט איר אַריינלייגן אין אָט דער פּושקע. ערעוו פייסעך מערטשעם וועט איר עפענען די פּושקע, זיך צעטיילן מיטן געלט גלייך אַף גלייך, און...

מיר האָבן זיך איבערגעקוקט צווישן זיך, אַ ווייל זיך דורכגערעדט איינער מיטן אַנדערן און אַלע זענען מאַסקים געווען, אַז עס איז אַ גוטער פּלאַן. און זי, די מאַדאַם, האָט אַלץ געהאַלטן אין איין דערוואַרעמען:

— פאַרוואָס, קינדער, זאָלט איר טאַקע אויסגעבן די פאָר גראָשן אַף נאַריש־קייטן, אַף נאַשערייען אין מיטן יאָר, ווען איר קאָנט דערפון אָנזאַמלען אַ פיינע אַפּויטיקע אַף צו קויפן זיך נייע קליידער לעקאָוועד יאָנטעוו?...

מיר האָבן צוגעשטימט און, ווי אַ דאַנק פאַר איר איינפאַל, געבעטן, אַז זי זאָל זיין דער אויפזעער און האַלטן דעם שליסל פון דער פּושקע.

מיט פרומען פאַטאָס האָבן מיר, יעדער פון אונדז, אזוי גיך ווי מיר האָבן נאָר דאַביוועט אַ גראָשן „ביר־געלט", דאָס געבראַכט צו טראָגן און פאַר אַלעמען אין די אויגן אַריינגעוואָרפן אין דער פּושקע אַריין. מיט אומגעדולד און מיט האָפענונג האָבן מיר נאָר געוואַרט אַף יאָנטעוו. נאָך קיינמאָל איז קיינער פון אונדז נישט געווען אַזוי זשעדנע צו קריגן און פאַרדינען וואָס מער. נאָך מער: די פאָר עקסטרע גראָשנס, וואָס מיר, לערן־אינגלעך, פלעגן זיך „מאַכן" פון קויפן הוקעס, דראָט און לייסטלעך פאַר די שילדן, אָדער פון דעם שמעלץ צינק־בלעך, צי פונעם גאָלד־אָפּפאַל — זייטיקע פאַרדינסטן, וואָס געהערן צו די לערן־אינגלעך — אַפילע אָט די געלטער האָבן מיר אויסגעביטן אַף פּאַפּיר־געלט און עס אַריינ־געשטופּט אין דער פּושקע אַריין, און אַלץ געלעבט מיט דער זיסער האָפענונג אַף דעם פאַרשטייענדיקן שיינעם יאָנטעוו...

דער ווינטער איז גראָד געווען אַ גוטער, אַ געראָטענער. ווי צו אונדזער מאַזל איז געווען מער אַרבעט ווי טאָמיד, און די קונדן — האָט עס אויסגעזען —

מער פרייגיביק ווי אַלעמאָל. דאָרט וואו מען פלעגט אַמאָל געבן אַ האַלבן רובל „ביר־געלד", האָט מען איצט געקראָגן אַ רובל און אָפט אַפילע אויך מער. דאָרט וואו עס זענען געגאַנגען עטלעכע אינגלעך אויפצוהענגען אַ שילד און מען האָט דערוואַרט אַ רובל, האָט מען געקראָגן דריי. אויך האָבן מיר — ווי עס האָט זיך געפירט אין פאַך — פאַרלאַנגט פון די קונדן געלט אַף דראָט און אַף הוקעס, כאָטש דער באַלעבאָס האָט דאָס געדאַרפט צושטעלן. מיר האָבן געפילט, אַז אונדזער פאַרמעגן אין דער פושקע וואַקסט פון טאָג צו טאָג און עס האָט אַפילע אויסגעזען, אַז אָט־אָט וועט שוין מער אין דעם קיין פּלאַץ נישט זיין פאַר די נייצוגעקומענע געלטער...

און ווי לאַנג דער ווינטער האָט זיך נישט געצויגן אין אומגעדולד, האָט ער זיך אָבער דאָך געענדיקט. ווי אומבאַמערקט איז פאַרביי כאַנוקע, עס איז אָנגעקומען פורים און אָט האָבן די וועטערן אָנגעזאָגט, אַז מיר זענען שוין נאָענט צו פּייסעך. אונדזער גליק — נאָר מיט דער האַנט צו דערלאַנגען...

עטלעכע טעג פאַר פּייסעך האָט די „באַבע" פאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן אַרבעטן אַ גאַנצע נאַכט. ערשטנס, קעדיי צו קאָנען אַרויסגעבן די אַרבעט נאָך פאַר יאָנטעוו און, צווייטנס, קעדיי מיר זאָלן דורך דעם פריי זיין דעם ערעוו יאָנטעווטאָג, אַף צו קאָנען גיין באַזאָרגן פאַר זיך וואָס יעדער איינער דאַרף איינקויפן און דאָס גלייכן... אין אַ געוויינטלעכער צייט וואָלטן מיר אַוואַדע אַזוי לייכט נישט איינגעגאַנגען צו אַרבעטן ביינאַכט. דאָסמאָל, אָבער, אין דערוואַרטונג אַף דער כאַלוקע פון דער פושקע און די האָפענונג צו קאָנען קויפן די נייע גאַרניטורלעך פאַר זיך, האָבן מיר אָנגענומען דעם פאַרשלאָג און גאַנץ געשמאַק געאַרבעט. מיט געלעכטער און שפּאַס, כויזעק און וויצן האָבן מיר גאָר גיך דורכגעשטופּט די נאַכט.

פאַרטאָג־צו, מידע און פאַרשלאָפענע, האָבן מיר געכאַפּט אַ דרעמל אַף אַ האַלבער שאָ, ווער אַף דער הוילער ערד, ווער אויף אַדער אונטער אַ שילד, און ווער סטאַם זיצנדיק אַף אַ טאַבורעטקע מיטן מידן קאָפּ אָנגעשפּאַרט אָפן פענצטערברעטל. שפּעטער האָט די מאַדאַם אונדזערע, דעם ערשטן מאָל זינט מיר האָבן זי געקענט, געמאַכט פאַר אונדז קאַווע מיט זעמל און פּוטער, קעדיי מיר זאָלן זיך דערפרישן און קאָנען אָפּטראָגן און אויפהענגען די פאַרטיק־געמאַכטע שילדן צו די געהעריקע קונדן.

יענעם טאָג — אַ טאָג פאַר ערעוו יאָנטעוו — האָבן מיר בעעמעס געאַרבעט. און נישט נאָר די לערן־אינגלעך, ווי עס האָט זיך געפירט, נאָר אויך די עלטערע געזעלן — אַפילע איצכאָק „פּייפער" — זענען געגאַנגען אויפהענגען די שילדן, קעדיי מיר זאָלן וואָס פריער פאַרטיק ווערן און זיך קאָנען אַ נעם טאָן צום עפענען די פושקע און זיך איינטיילן מיט דעם אָנגעזאַמלטן געלט.

פאַרנאַכט־צו, נאָכדעם ווי מיר זענען צוריקגעקומען אין וואַרשטאַט אַריין פון אויפהענגען די שילדן, האָבן מיר צונויפגענומען באַ יעדן די פאַרדינטע „ביר־

געלטער" וואָס האָט באַטראָפן אַריבער 10 רובל. מיר האָבן אָוועקגעשטעלט צוויי „קאָזלעס" אין מיטן וואַרשטאַט, אַוועקגעלייגט איבער זיי אַ שילד, און מיט פּאַראַד אַרונטערגעשרויפט די פּושקע פונעם ביישטידל. דאַן האָבן מיר צוגערופן די מאַדאַם, זי געבעטן זי זאָל אויפשליסן דעם שלאָס פון דער פּושקע, און זיך אויס־געשטעלט אין אַ ריי הינטער איר, וואַרטנדיק אַפן סיגנאַל זיך צו זעצן איבער־ציילן און אויסטיילן די אָנגעזאַמלטע געלטער.

מיט איינגעהאַלטענע אָטעמס און פאַרשטשעמעטע ציין זענען מיר געשטאַנען און געקוקט אַף דער מאַדאַמס איידעלע הענטלעך, אַף יעדן באַוועג אירן מיט דעם שליסעלע, אַף דער פּושקע, און...

ווען זי האָט אויפגעשלאָסן די פּושקע, האָט זי אויפגעעפנט דאָס דעקל און זי איבערגעקערט מיטן מויל אַרונטער. עס האָבן זיך דערהערט עטלעכע הוילע קלאַנגען און שורשעריי פון פּאַפּיר. מיר זענען צוגעטראָטן. אַף דעם טיש זענען געלעגן אַרום צען זילבערנע 20 קאָפּיקענע און פינף האַלב־רובלדיקע מאַט־בייעס, צוזאַמען מיט עטלעכע איינציקע פּאַפּירענע רובלס...

ווי פריטשמעלעטע האָבן מיר גענומען קוקן איינער אַפן אַנדערן, געוואָרפן בליקן אַף דער מאַדאַם און אַף דער „באָבע", געקוקט אַף איצכאָקן, אַף די צוויי האַלבע געזעלן און ווידער איינער אַפן אַנדערן, און קיינער, האָט אויסגעזען, האָט קיין וואָרט נישט געקאָנט געפינען אויסצודריקן דעם טיפן פאַרדראָס און ווייטיק, וואָס האָט אונדז, אינגלעך, ווי אַ דונער אַ זעץ געטאָן.

עטלעכע יאָר־לאַנגע רעגעס זענען אַזוי פאַרביי אין געדריקטן שווייגן. די ערשטע צו רעדן איז געווען די מאַדאַם. מיט איר אויסגעאיידלטן קעלכל האָט זי ווי אַ זינג אויס געטאָן:

— וואָס זענט איר אַזוי דערשלאָגן? — זיך געריכט, אַז עס זאָל זיין מער? דעם עמעס געזאָגט, האָב איך אויך אַזוי גערעכנט... אָבער מיסטאָמע איז פאָרט נישט געווען מער. וואָרים דאָס שליסעלע איז דאָך די גאַנצע צייט געווען ביי מיר, און דאָס שלעסל, זעט מען דאָך, איז אויך נישט צעבראָכן. הייסט עס דאָך, אַז מען האָט די פּושקע נישט געטשעפּעט און גאָרנישט אַרויסגעגאַנוועט. סיידן עפּשער, — האָט זי געמאַכט אַ זיס כיינדל, — איר טראַכט, אַז איך, כאָלילע, האָב...

די „באָבע" האָט אַף גיך אַ שאָס אַרויס געטאָן:

— גיי שוין, גיי, נאַרעלע, ווער פון די אינגלעך וועט דיך גאָר כוישעד זיין אין אַזאַ זאַך? מיסטאָמע איז טאַקע נישט געווען מער. וואָרים ווי זאָגט מען עס, אַז מען לייגט נישט אַריין — נעמט מען נישט אַרויס...

ער האָט אַ קורץ שמייכעלע געטאָן, שאַרף דורכגעקוקט יעדן איינעם פון די אינגלעך, און ווידער אַ זאָג געטאָן:

— סיידן איינער פון אייך האָט געהאַט אַ שליסעלע און... סיי ווי סיי, וואָס וועט דען איצט העלפן דאָס טראַכטן? נישטאָ — איז נישטאָ. פאַרפאַלן!...

און עס איז טאַקע געווען פאַרפאַלן. שווייגנדיקע, דערשלאָגענע, האָבן מיר

אויסגעטיילט די פּאָר רובל וואָס זענען געווען געבליבן אין דער פּושקע, צוזאַמען מיטן „ביר־געלט" פון דעם לעצטן טאָג, און עס איז אויסגעקומען אַרום צו פיר רובל אַ כיילעק. פּונקט אַזוי טרויעריק זענען מיר, מיט אַ שטילן צוברום: „אַ גוטן יאָנטעוו", זיך צעגאַנגען יעדער אַהיים צו זיך...

קיין נייע גאַרניטורלעך האָבן מיר שוין, פאַרשטייט זיך, אויף דעם יאָנטעוו זיך נישט געקויפט. עס האָט קוים געסטאַיעט אויף שיך און קליינקייטן.

ווען מיר זענען נאָך יאָנטעוו צוריקגעקומען אין וואַרשטאַט צו דער אַרבעט, האָבן מיר פּאַשעט אויסגעמיטן צו קוקן איינער אין אַנדערנס פּאָנים אַריין, פּונקט ווי יעדער איינער וואָלט געטראַכט, אַז די אַנדערע זענען אים כוישעד אין דער גניוועה. אַ כוץ דעם האָט יעדער איינער זיך פּאַשעט געפילט ווי אַן אָפּגענאַרטער, אַן אויסגעכויזעקטער...

די מאַדאַם איז יענעם טאָג געשלאָפן שפּעט. ווען זי איז דערנאָך אַרויסגעקומען פון שלאָף־צימער אויפן וועג צו דער קיך, איז זי געווען פריילעך און האָט יעדן איינעם פון אונדז באַגריסט מיט אַ זיסן גוטמאָרגן. אויף איר שלאַנקן קערפּער האָט זיך געשורשעט אַ נייער זיידענער ראָז־קאָלירטער שלאָפּראָק און אויף אירע פיס האָבן געסקריפּעט נייע סאַמעטענע שטיק־שיכלעך...



אין וואַרשטאַט ביי מאָרדכע קאָפּערבוים, „די באַבע", מיט אַ פּאָר יאָר שפּעטער.
שטייענדיק, פון רעכטס: לייבל „דאַמע"; טעוויע „צאַפּ"; יאָסל „האָן"; אָשער „אַנשמעקער"; כאַים „זייפּיאַזש" — (דער מעכאַבער). זיצנדיק אין מיטן — דער מייסטער.
די נעמען פון די דריי לערן־אינגלעך געדענק איך נישט.

# איך קויף אַ מאַנדאָלין

ניִשט אַלעמאָל זענען מיר, אינגלעך, געווען אומצופרידן צו גיין „שמירן" אין די פאַרשידענע האַנדל־געשעפטן. פאַרקערט: עס פלעגט זיך מאַכן, אַז ניִשט נאָר האָבן מיר זיך ניִשט געפּרוּאווט אויסדרייען פון דעם, נאָר פלעגן זיך אָפט אַליין אָנבאָטן צו גיין טאָן אָט די „גראָבע" אַרבעט.

דאָס פלעגט זיין דעמאָלט, ווען דאָס האַנדל־געשעפט, וואוהין מען האָט גע־דאַרפט גיין „שמירן", האָט פאַרקויפט עפּעס אַ געוויסן אַרטיקל, וואָס מען האָט געהאַט כּיישעק צו קריגן. אין אַזעלכע פאַלן האָט צווישן אונדז, אינגלעך, גע־הערשט אַ וואונדערלעכער אַכדעס. ניִשט נאָר האָט איינער ברייטהאַרציק געלאָזט דעם צווייטן „איינשאַפּן" פאַר זיך דאָס געגאַרטע אַרטיקל, נאָר ער פלעגט יענעם אויך אַרויסהעלפן, דורך פאַרשטעלן, אָדער אָפּציִען די אויפמערקזאַמקייט פונעם פאַרוואַלטער אָדער די מעשאָרסים פון געשעפט, וועלכע האָבן געהאַלטן וואַכזאַמע אויגן אָף אונדז. טיילמאָל — אויב עס איז פאַר אַ צווייטן געווען באַקוועמער אַ „נעם" צו טאָן דאָס געגאַרטע אַרטיקל, ווייל עס איז געלעגן נעענטער אים צו דער האַנט — האָט ער עס אַ „שלעפּ־צו" געטאָן און עס שפּעטער איבערגעגעבן יענעם, וואָס האָט עס געוואָלט האָבן, קעדיי אַ צווייטמאָל, ווען ער וועט וועלן עפּעס האָבן, זאָל דער אַנדערער אים העלפן דאָס צו קריגן...

אַזויאַרום האָבן מיר, אינגלעך, זיך „איינגעשאַפּט" פאַרשידענע קליינע אַר־טיקלען, ווי, לעמאָשל, קליידער־בערשטלעך, געלט־בייטעלעך, נאָטיץ־ביכלעך, „אייביקע" פּעדערס, קעשענע־מעסערלעך, בריטוועס און דאָס גלייכן...

אין יענע פאַלן, אָבער, ווען דאָס געגאַרטע אַרטיקל איז געווען צו גרויס אָף צו קאָנען עס אַ פאַררוק־טאָן צו זיך אין קעשענע אַריין, און אַראָפּלאָזן עס אין אַן עמערל פאַרב אַריין האָט מען אויך ניִשט געקאָנט, ווייל עס וואָלט דערפון קאַליע געוואָרן, — האָט מען זיך באַנוצט מיט אַן אַנדער מין פאָרטל.

דאָ האָט שוין מיטגעהאָלפן אַפילע דער מייסטער אַליין, ווייל אָפט האָט זיך געמאַכט, אַז אויך ער האָט אַמאָל געהאַט כּיישעק צו אַ געוויסן אַרטיקל, און מיר האָבן אים געדאַרפט העלפן דאָס צו קריגן...

ווי יעדע דערפינדונג, איז אויך אָט דאָס פאָרטל געקומען צו אונדז דורך אַ ריינעם צופאַל, אינגאַנצן אומגעריכט.

איינמאָל — בעאייסן „שמירן" די ברעגן פון פאָליצעס אין אַ שאָפּע מיט מאַנופאַקטור־סכוירעס — האָט הערש „פּויער" צופעליק און אומפאַרזיכטיק געטאָן

אַ ברייטן שמיר מיט זיין באַרשט און פאַרשמירט מיט פאַרב אַ קאַסטבאַרע וואָלע־נע אַקסל־פאַטשיילע. און וואָלט ער דאָס פאַרשוויגן און זיך געמאַכט נישט־וויסנדיק וועגן דעם, וואָלט עס עפשער פאַר צייט לאַנג נישט באַמערקט געוואָרן און עס וואָלט אָפּגעגאַנגען גלאַטיק. האָט ער זיך אָבער שטאַרק דערשראָקן און גענומען פרואוון אַראָפּוואַשן דעם פאַרב־פלעק מיט אַ טערפּענטין־שמאַטע. דער פאַרוואַלטער פון דעם געשעפט, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט צו האַלטן אַן אויג אויף די „שמירערס״, האָט דאָס דערזען און איז צוגעלאָפן מיט אַ געוואַלד:

— עך, פאַרשאָלטענע שמאַראָוואָזן וואָס איר זענט! מען טאָר אייך נישט צולאָזן צו קיין לייטישע אַרבעט!...

שפּעטער, ווען דער מייסטער, הילעל עפּשטיין (עס האָט געטראָפן אין זיין פאַבריק), איז געקומען אַ קוק טאָן ווי עס האַלט מיט דער אַרבעט, האָט דער פאַרוואַלטער אַרויסגענומען דאָס איינגעשמירטע טוך פון דער פּאַליצע, דאָס אַוואַרף געטאָן אַפן ברייטן טיש אַרויף און גענומען זיך בייזערן:

— איר זעט, פּאַניע עפּשטיין, וואָס אייערע אינגלעך האָבן דאָ געטאָן? פאַרגאָסן מיט פאַרב אַ שטיק סכוירע און עס קאַליע געמאַכט! מיר קאָנען דאָס אַזוי שוין נישט פאַרקויפן! איר קאָנט דאָס טוך אַהיימנעמען מיט זיך און איך וועל אייך אַראָפּרעכענען דערפאַר פון אייער כעזשבן!...

הילעל האָט צוגערופן הערשן און אים גענומען זידלען, געזאָגט, אַז ער קאָן זיך נעמען דאָס טוך אַהיים, ווייל ער וועט אים אַראָפּרעכענען פון די סכירעס וואָס דאָס טוך וועט קאָסטן...

הערש „פויער״ האָט זיך גענומען אַזש צאַפּלען מיט פאַרטרערטע אויגן:

— אָבער... אָבער... פּאַניע עפּשטיין, וואו וועל איך נעמען אַזויפיל געלט, אַז בעסאַכאַקל פאַרדין איך...

דער מייסטער איז דאַן צוגעגאַנגען צום פאַרוואַלטער און אים געפרעגט, צי וואָלט ער נישט געקאָנט דאָס טוך פאַרקויפן פאַר ביליקער אויף אַן אויספאַרקויף, און וואָס עס וועט פעלן צום פולן פרייז, וועט דאָס אינגל באַצאָלן... דער פאַרוואַלטער האָט אָבער נישט געוואָלט הערן דערפון:

— אונדזער פירמע פאַרנעמט זיך נישט מיט קיין אויספאַרקויפן, — האָט ער געענטפערט, — מיר פאַרקויפן נישט קיין געשעדיקטע סכוירעס!...

עפּשטיין האָט גענומען בעטן, דערקלערן דעם פאַרוואַלטער, אַז דאָס אינגל איז נעבעך אַן אָרעם קינד און אַז צו צווינגען אים צו קויפן אַ טוך, וואָס ער דאַרף נישט און קאָן נישט נוצן, וועט אים פּאַשעט צווינגען צו הונגערן...

דער פאַרוואַלטער איז אָפּאָנים גערירט געוואָרן:

— אייגנטלעך, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט עס נישט געדאַרפט זיין מיין אייסעק. קאַליע געמאַכט אַן אַרטיקל — טאָ זאָל ער באַצאָלן, קעדיי צו וויסן אויף אַ צווייטמאָל און זיך היטן. אָבער איך בין נישט קיין גאַזלען און זוך נישט צו מאַכן קיין פאַרדינסטן פון אַ טרויעריקן צופאַל...

און קעדיי זיך ווייטער אַרויסצושטעלן פאַר אַ פיינעם מאַן, צוגעגעבן:
— איך וועל דעריבער דעם אינגל נישט רעכענען פאַרן טוך דעם פאַרקויף־פרייז און אַפילו נישט דעם הורט־פרייז, נאָר דעם אַבסאָלוטן קאָסט־פרייז, גוט?...
ער האָט געכאַפּט אַ קוק אין אַ גרויסן בוך אַריין און געמאָלדן:
— איך וועל אים רעכענען בלויז צוויי רובל פאַרן טוך! איר קאָנט דאָך נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל עס אים אַוועקגעבן אינגאַנצן אומזיסט...
הערש „פויער" — אפן קוק נאָך אַלץ אַ דערשלאָגענער פון דער געשעעניש — האָט צוגעשטימט און געבעטן דעם פאַרוואַלטער, אַז מען זאָל דאָס טוך איינ־פּאַקן פאַר אים, ווייל זיינע הענט זענען אויסגעשמירט מיט פאַרב און ער האָט מוירע, אַז ער וועט עס נאָך מער אויסשמירן...
שפּעטער, ווען ער איז צוריקגעקומען אין פאַבריק אַריין מיטן טוך, האָט ער, הערש „פויער", זיך קוידעם־קאָל גוט אָפּגעוואַשן די הענט מיט גרינעם זייף, און מיט אַ ווייסער שמאַטקע — געטונקען אין טערפּענטין — געגומען אויסוואַשן דעם פאַרב־פלעק פונעם טוך, אַזוי אַז באַלד האָט מען אַפילו נישט געקאָנט דערקענען צי עס איז ווען פריער פאַרפלעקט געווען. נאָך דעם האָט ער זיך פּלוצים אַ היל איין געטאָן אינעם טוך און פריילעך אויסגערופן:
— נו, איצט וועט מיין מאַמע האָבן אַ קאָשערע מעציע, — אַ גוטן ביאַליסטאָ־קער וואָלענעם טוך, וואָס זי האָט שוין לאַנג געוואָלט קויפן, נאָר...
ער האָט אַהיימגענומען דאָס טוך מיט זיך און אויף צומאָרגנס דערציילט, אַז זיין מוטער האָט מיט עטלעכע וואָכן צוריק געוואָלט קויפן פּונקט אַזאַ טוך, נאָר עס האָט געדאַרפט קאָסטן צען רובל, וואָס זי האָט נישט געהאַט...
די געשיכטע וועגן דעם טוך האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט איבער אַלע וואַר־שטאַטן פונעם פאַך און ערשט דאַן האָט מען זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ טייער פאַרטל צו קריגן אַרטיקלען פאַר ביליקע פרייזן. פון דעמאָלט אָן, ווען עמעצער אין פאַך האָט נאָר באַגערט צו האָבן אַ געוויסן אַרטיקל, וואָס איז פאַרקויפט גע־וואָרן אין אַ געשעפט וואו מען האָט געאַרבעט, האָט מען באַנוצט דעם פאַרטל...
* * * * *
די קונץ, צו צווינגען געשעפטלייט אָפּצוגעבן געוויסע אַרטיקלען פאַר ביליקער פונעם פאַרקויף־פרייז, האָט זיך אָנגענומען און מען האָט אַפילו נישט געדאַרפט וואַרטן אויף אַ געלעגנהייט צו גיין „שמירן" אין געשעפט גופא.
געוויינטלעך פלעגט זיך פירן אין פאַך, אַז ווען מען האָט געדאַרפט אויפמאָלן געוויסע אַרטיקלען אויף שילדן, האָט מען ביי די געשעפטלייט גענומען די גע־העריקע אַרטיקלען פאַר מוסטערן. מיר האָבן אויסגעפונען, אַז עס איז גענוג צו מאַכן דעם מינדסטן פאַרב־פלעק אויף אַן אַרטיקל, אַז די סאָכרים זאָלן עס נישט וועלן אָפּנעמען, נאָר עס אונדז צוּוואַרפן פאַר אַ געשניטענעם פרייז, פאַרשטייט זיך, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין פאַרשמירטע סכוירעס.
עס זענען אויך געווען געוויסע אַרטיקלען, וואָס מען האָט גענומען פאַר

מוסטערן ביי סאָכרים, און וועלכע מען האָט אַפילע נישט געדאַרפט פאַרשמירן מיט פאַרב אַף נישט צו דאַרפן זיי צוריקגעבן. דאָס איז געווען ביים מאַכן שילדן פאַר פרוכט־האַנדלען אָדער וואורשט־געשעפטן, לעמאָשל.

אין אַזעלכע פאַלן — כאָטש מען האָט די נעמלעכע אַרטיקלען געקאָנט מאָלן פון געדאַנק — האָט מען דעם אייגנטימער פונעם געשעפט געהייסן אונדז צושיקן יענע אַרטיקלען, וואָס ער וויל האָבן אויפגעמאָלט אַף די שילדן. האָט מען גע־ווייִנטלעך געבראַכט צו טראָגן אַ גאַנצן געטריקנטן וואורשט, אַ בינטל קליינע קישקעלעך, אַ געביייטלטן צונג, אַ שטיק געוויקלט פלייש, אויפשניט און נאָך אַנדערע מינים פליישן. אָבער די דאָזיקע זאַכן האָבן נישט דערלעבט צו דינען פאַר מוסטערן. אַזוי גיך ווי מען האָט זיי נאָר געבראַכט צו טראָגן אין פאַבריק אַריין, האָט מען גלייך געשיקט קויפן פריש ברויט נאָר־וואָס פונעם אויוון אַרויס, עט־לעכע פלאַשן אייז־קאַלטן ביר און... אַלע אין פאַבריק האָבן זיך אַוועקגעזעצט פּראַווען אַ סודע. דאָס איבעריקע האָט מען דערנאָך פאַנאַנדערגעטיילט צווישן אַלעמען אַף אַהיימצונעמען. געטאָן האָב מיר דאָס, ווייל מיר האָבן געוואוסט, אַז די געשעפטלייט דערוואַרטן אַפילע נישט מען זאָל זיי די געבראַכטע אַרטיקלען צוריק־געבן, מאַכמעס, ערשטנס, זייענדיק ביי אונדז אין די הענט וועט עס זיך אָנזאַפּן מיטן רייעך פון אייל־פאַרב און, צווייטנס, ביז מיר וועלן פאַרטיק זיין מיט דעם, וועט עס זיכער קאַליע ווערן פון ליגן עטלעכע טעג אָן אייז...

ביכלאַל, איז זעלטן געווען אַן אַרטיקל, וואָס זאָל אַף זיך נישט האָבן קיין באַלאָנים, און עס איז נישט געווען קיין איינציקער אין פאַך, וואָס זאָל זיך נישט האָבן באַנוצט מיט די מיטלען צו קריגן פאַר זיך אַ געוויסן אַרטיקל.

אויך מיר האָט דאָס געווייִנטלעכע פאָרטל גוט געדינט אַף צום איינשאַפן פאַר זיך בעכאָצע־כינעם אַ גוטע, קאָסטבאַרע מאַנדאָלין...

איך — בעאייס איך האָב נאָך געהאַט געאַרבעט ביי בורגינען און געהערט ריכאַרדן, זיין זון, שפּילן אַפן פידל — בין באַוועלטיקט געוואָרן פון דער מוזיק, אַז איך האָב באַקומען כיישעק זיך אויך צו נעמען לערנען שפּילן. אָבער אַזוי ווי צו לערנען זיך שפּילן אַף פידל איז שוין פאַר מיר צו שפּעט און צו שווער געווען, האָב איך באַשלאָסן זיך צו לערנען שפּילן אַף דער מאַנדאָלין. און ווייל איך האָב זיך דעמאָלט נישט געקאָנט פאַרגינען עפּעס בעסערס, האָב איך דערווייל געקויפט אַ ביליקן אינסטרומענט, וואָס נישט עס האָט פאַרמאָגט קיין שיינעם טאָן און נישט קיין לייטישן אויסזען. איך האָב אָבער געהאָפט, אַז מיט דער צייט וועל איך זיך עפּשער פאָרט קאָנען דערשלאָגן צו קויפן אַ גוטן אינסטרומענט. און איך האָב זיך דערוואַרט...

אַף מיין מאַזל האָט די „באַבע” איינמאָל אָנגענומען צו מאַכן שילדן פאַר אַ געשעפט פון מוזיק־אינסטרומענטן און מען האָט צוליב דעם געבראַכט פאַר־שידענע אינסטרומענטן, וואָס האָבן געדאַרפט אויפגעמאָלט ווערן אַף די שילדן. צווישן די מוסטערן איז אויך געווען אַ וואונדערלעך־שיינע, גוטע און קאָסט־

באַרע „קאַטאַניאַ״־מאַנדאָלין. ווען איך האָב דערזען דעם פיינעם אינסטרומענט, בין איך מאַמעש פאַרצאַפּלט געוואָרן. וועגן אַט אַזאַ מאַנדאָלין האָב איך טאַקע שטענדיק געכאָלעמט, אָבער נישט געקאָנט זיך דערלויבן, ווייל זי האָט געדאַרפט קאָסטן אַוואַדע אַרום אַ פינף־און־צוואַנציק רובל.

אין אָוונט, גלייך נאָך דער אַרבעט, האָב איך גענומען די מאַנדאָלין, זי ריכטיק אָנגעטאָנט און — אַ באַגייסטערטער — גענומען שפּילן אָף איר. כעוורע זענען געשטאַנען אַרום מיר און זיך איינגעהערט. עמעצער האָט אַ זאָג געטאָן:

— אָ, ער יאָכלט דאָך יאָ! ווייזט אויס, אַז אָף אַ גוטער קיילע שפּילט זיך טאַקע בעסער...

אַ צווייטער האָט פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— וואָלסט געוואָלט האָבן אָט־די מאַנדאָלין, האַ?...

— צי איך וואָלט געוואָלט האָבן? — האָב איך פאַרכאָלעמט איבערגעפרעגט.

— נו, וויסטו דאָך וואָס מען דאַרף טאָן, — האָט יענער, שמייכלענדיק, אַ פינטל געטאָן מיט אַן אויג, — מען נעמט און מען...

און, נישט דעררעדנדיק ווייטער, אַ טונק איין געטאָן זיינע צוויי פינגער אין אַ טעפּעלע מיט אַספאַלט־פאַרב, וואָס מיר האָבן גענוצט אָף אַרומצושמירן די רע־מען פון שילדן, און אַ שטעמפּל־אָפּ געטאָן צוויי ברוינלעך־שוואַרצע פינגער־פלעקן אָפן קלאָרן ווייסן דעק פון דער מאַנדאָלין, אין סאַמע מיטן, לעבן דער אויסגעשניטענער לירע, אַז עס האָט מיר אַזש אַ שניט געטאָן אין האַרץ:

— אוי, — האָב איך אויסגעשריגן, — ווי פאַרפּאַטשקעט מען עס אַזוי אַ נייע זאַך?... עס וועט דאָך...

— וועגן דעם זאָרג זיך נישט! — האָט ער מיך באַרואיקט, — קוידעם־קאָל זאָל מען נאָר הערן וואָס דער געבראָטענער ליטוואַק וועט זאָגן!...

דער „געבראָטענער״ ליטוואַק, איז געווען אַ געוויסער איד מיטן נאָמען סאָלאָווּעי, אַ סויכער פון מוזיק־אינסטרומענטן, וועלכער איז געווען באַוואוסט ביי אונדז אין פאַך פאַר אַ שטיק מעשוגענעם און קאַרגן. מען האָט נישט געדענקט, אַז ער זאָל ווען עס איז האָבן געגעבן עמעצן פון די לערן־אינגלעך אַ גראָשן „ביר־געלט״, בעאייס מען האָט אים אָפּגעבראַכט אַרבעט. ער פלעגט זידלען — אַ שרעק, און טאָמיד געפונען כעסרוינעס אָף דער אַרבעט. איבער דעם האָט קיינער פון די לערן־אינגלעך קיינמאָל נישט געוואָלט אָפּטראָגן קיין אַרבעט צו אים...

ווען מיר האָבן פאַרטיק געמאַכט זיינע שילדן און זיי אויפגעהאַנגען אָף די געהעריקע פּלעצער, איז ער אַרויסגעגאַנגען, באַטראַכט די שילדן און, ווי זיין שטייגער, גענומען אָנווייזן כעסרוינעס. מיר האָבן זיך אָבער נישט געלאָזט פון אים און אים גלייך געלאָזט וויסן, אַז אויב עס געפעלט אים נישט, וועלן מיר די שילדן צוריק אַראָפּנעמען און זיי אַהיימפירן, ביז ער וועט זיך איבערלייגן, און אַז עס וועט אים גערעכנט ווערן פאַר צוויי מאָל אַרבעט. האָט ער זיך באַרואיקט און שוין ווייכער אַ זאָג געטאָן:

— סטומט איין, סטומט איין! זאָל סוים דאָסמאָל זיין אַזוי! איך וועל אָבער וויסן אַ צווייטמאָל און באַסטעלן מיין אַרבעט ביי אַ גוטן סילדן־מאָלער!

— גייט שוין, גייט, פּאַניע סאָלאָוועי, ווער וועט עס נעמען ביי אייך שילדן צו מאַכן? — האָט איינער פון דער כעוורע זיך געריצט מיט אים, — אַלע קענען אייך שוין און ווייסן וואָסער צאַצקע איר זענט!...

מיר האָבן דאַן אַריינגעטראָגן אַלע אינסטרומענטן, וואָס מען האָט ביי אים גענומען פאַר מוסטערן, און אַפילע נישט פּראָבירט באַהאַלטן די פּאַרפלעקטע מאַנ־דאָלין, נאָר זי דאָווקע אַוועקגעלייגט סאַמע אויבן, אַפן בופעט, קעדיי ער זאָל זען די פלעקן. ער האָט גענומען אַראָפּרוימען די קיילים און, אַזוי גיך ווי ער האָט דערזען די פּאַרפלעקטע מאַנדאָלין, מאַמעש אויפגעשפּרונגען:

— וואָס איז דאָס? — האָט ער זיך געקאָאַסט, — וואָס האָט איר פּאַרפּאַסקור־דעט דעם אינשטרומענט?! פּאַרכוצעס! אַנאַרכיסטן! סוואָלאָצעס אַזעטיקע!...

ער האָט אַזש גענומען רייסן דעם שויבער האָר אַפן קאָפּ:

— אָ, מיר קענען זיך אַף די סטוקעס! ביסקאָסע, מיר ווייסן וואָס איר זייט אויסן! אָבער ניט ביי סאָלאָוועיען! איך וועל אייך אין אָסטראָג פּאַרסיקן!...

מיר האָבן גאָרנישט געענטפערט, געשוויגן און געוואַרט ער זאָל זיך אָפּקילן. ער האָט דערווייל גענומען ווישן מיט אַ טיכל די פלעקן, אַרויפגעהויכט מיטן מויל, געקראַצט מיט אַ נאָגל, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן. דאַן האָט ער זייטיק אַ קוק געטאָן אַף אונדז און, שוין אַן אָפּגעקילטער, געזאָגט:

— ווער פון אייך איז עס דער פּאַרסוין וואָס ספּילט אַף מאַנדאָלין און מיך געוואָלט איבערכיטרעווען? זאָגט, עפּסער וועל איך זיין אַ גוטער און אים אַוועק־געבן דעם אינסטרומענט אינגאַנצן אַן געלט!...

מיר האָבן פאַרשטאַנען זיין מיין און זיך נישט געלאָזט פאַנגען. איינער פון אונדז האָט גאַנץ קאַלט אַ זאָג געטאָן:

— וואָס רעדט איר, פּאַניע סאָלאָוועי? קיינער שפּילט נישט ביי אונדז אַף קיין באַנדורעס און קיינער קלייבט זיך נישט צו ווערן אַ קלעזמער!...

— אַז מיך אַרט ניט! — האָט סאָלאָוועי ווידער גענומען שרייען, — וואו איז אייער מייסטער? זאָל ער זיך צונעמען דעם אינשטרומענט! זאָל ער אים פּרוּאוון פּאַרקויפן אַן איינגעסמירטן! אָ, ער וועט באַצאָלן ווי אַ טאַטע, ביסקאָסע!... איך וועל אים ניט באַצאָלן קיין גראָסן פאַר די סילדן און פּאַרטיקן!...

און מיטאַמאָל, אַ ווענד טוענדיק זיך צו אונדז, אַ פרעג געטאָן:

— וואָס סטייט איר נאָך דאָ? „נאַ־צאַי״? „ביר־געלט״? — אַ מאַקע!...

מיר האָבן זיך גענומען אַוועקצוגיין, אָבער ער האָט אונדז פּאַרהאַלטן און אַ זאָג געטאָן:

— נעמט צו דעם אינשטרומענט פון מיינע אויגן! איך קאָן ניט קוקן אַף אים! נעמט אים און זאָל אייער מייסטער כאָטש זען וואָס איר האָט געטאָן!

און גליך כאַראָטע געהאַט:

— נייך, לאָזט אים דאָ. איך וועל סוים אַליין ווייזן אים אייער מייסטער און זיך צערעכענען מיט אים!...

און אַרויסנעמענדיק אַ פֿאַפּירענעם רובל פון טיש־קעסטל, מיט ברייטקייט עס אונדז געגעבן און צוגעוואָרפן:

— נאַט, און זאָגט ניט, אַז סאָלאָוועי איז אַ סטיק מעסוגענער און אַ סלעכטער!...

מיר האָבן באַדאַנקט און אַוועקגעגאַנגען. אין פֿאַבריק האָבן מיר זיך דורכ־געדעדט מיטן באַלעבאָס און ער האָט צוגעזאָגט צו זען עפּעס אויפטאָן וועגן דער מאַנדאָלין ביי סאָלאָוועיען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז דער מייסטער געקומען מיט דער מאַנדאָלין אין דער האַנט, האָט זי מיר אַ דערלאַנג געטאָן און געזאָגט:

— נו, וואָס, פינף רובל האָט זי די ווערט פֿאַר דיר?

איך האָב צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דער מייסטער איז אָנגעגאַנגען:

— איך האָב אים גוט אָנגעזידלט, דעם ליטוואַק! איך האָב אים געזאָגט, דעם מעשוגענעם, אַז איך וויל אים מער נישט קענען און זאָל ער אין דער צוקונפט געבן זיין אַרבעט צו אַנדערע. איך האָב אים געצוואונגען אַוועקצוגעבן די מאַנדאָלין נידעריקער פונעם קאָסט־פּרייז און נישט זוכן אויסצונוצן אַ צופאַל אַף צום אָפּ־שינדן די הויט פון אַן אָרעם אינגל...

מיר האָבן אַלע געלאַכט פון דעם געלונגענעם אויסגאַנג.

איך האָב גלייך גענומען אַ ריין טיכעלע, איינגעטונקען אַ שפּיץ אין טער־פּענטין און דערמיט אַרונטערגעוואַשן די צוויי פינגער־פלעקן פונעם ווייסן דעק פון דער מאַנדאָלין. באַלד האָט זי אויסגעקוקט אַזוי קלאָר און ניי, ווי קיינמאָל אַפילע מיט קיין האַנט נישט באַרירט.

אַ פריידיקער און צופרידענער האָב איך זיך געטראָגן אַהיים מיט מיין נייער, טייערער, אָבער ביליק־געקויפטער מאַנדאָלין...

* * * * *

# אין בלוטיקן מיטוואָך

פאַר ניי־יאָר פון 1908 האָב איך זיך צעקריגט מיט מיין באַלעבאָס — די „באָבע". איך האָב געפאָדערט אַ רובל מער סכירעס, און ער האָט געענטפערט, אַז נישט נאָר אַ הויסאָפע, נאָר אַז איך בין אַפילו נישט ווערט דאָס וואָס ער צאָלט מיר. דאָס האָט מיך פאַרדראָסן און איך האָב אים געזאָגט, אַז ער איז נישט נאָר אַ ליגנער, נאָר אויך אַ בלוט־זויגער, וואָס האָט מיך די פּאָר יאָר אויסגענוצט האַלב־אומזיסט. האָט ער מיך אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט.

קיין צווייטע שטעלע האָב איך נישט געקאָנט קריגן, נישט נאָר דערפאַר ווייל עס איז געווען אין טויטן סעזאָן, אינמיטן ווינטער, נאָר דער איקער ווייל מען האָט צווישן באַלעבאַטים גערעדט, אַז איך האָב גאָר אַ „גרויסן פּיסק" און בין אַ געפערלעכער סטרייקער. האָב איך זיך אַרומגעדרייט עטלעכע וואָכן אָן אַ גראָשן, אויסגעשטאַנען דער מאַמעס ביטערע שטעכלקעס, אַז איך וועל שוין קיינמאָל קיין לייט נישט זיין, ווייל איך קאָן נישט אויסקומען מיט קיין באַלעבאַטים...

ביי אונדז אין הויז איז דעמאָלט געווען נישט איבעריק גוט און איך האָב נישט געקאָנט פאַרלאַנגען מען זאָל מיר געבן געלט. דער טאַטע האָט שוין אַ צייט נישט געאַרבעט אַף קיין רעגולערער שטעלע. ער פלעגט בלויז אַוועקגיין אַ פּאָר מאָל אין וואָך קיין וואָליע — אַ פאַרשטעטל פון וואַרשע — דאָרט אָפּצוקאָכן אַ קאָך זייף אין עפּעס אַ ניי־געעפנטן קליינעם זייף־פאַבריקל. ער פלעגט דעריבער אַרומגיין אַ בייזער און אַנגעכמורעטער, און איך פלעג אויסמיידן צו קומען אים אין וועג, אָדער אים אויפרעגן מיט מיינע פּראָבלעמען.

האָב איך זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס, מאַמעש געפּעכניעט פאַר אַ גראָשן און נישט געזען קיין שום האָפענונג פאַר זיך. אָבער גראָד דעמאָלט האָב איך זיך צופעליק באַגעגנט מיט אַוורעמל „באַניקער", וועלכער האָט אויך געהאַט פאַרלוירן זיין שטעלע ביי טרעמבאַטשן, און מיר האָבן זיך צונויפגערעדט אַנצו־נעמען אַרבעט פאַר זיך. דערביי האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער האָט שוין טאַקע אָנגענומען אַ שטיקל אַרבעט, צו מאַכן אַף אַ וואַנט עטלעכע אַנצייג־הענט און אויפשריפטן: „אַריינגאַנג צום איינבינדער". ער אַליין האָט נישט געקענט די מעלאָכע און איז געווען צופרידן וואָס איך בין אונטערגעקומען.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט איך „געמאַכט" די אויפשריפטן, און מיר האָבן פאַרדינט צו רובל אַ ביילעק. דאָס איז אונדז געפעלן און מיר האָבן געדונגען אַ ליידיק קרעמל אַף אָקאָפּאָווע, ראָג זשיטנע, נישט ווייט פון בעסוילעם, וואו קיין

לעבעדיקער מענטש, אַ כוץ לעוואַיע־באַגלייטער, איז נישט פאַרבייגעגאַנגען...

דאָרט זענען מיר געשטאַנען אַ כוידעש צייט, ווייל אַוורעמל האָט באַצאָלט דאָס דירע־געלט. דאָס ראָוו זענען מיר אָבער געזעסן ביי אים אין הויז, מאַכמעס אין קרעמל איז געווען זייער קאַלט און קיין אַרבעט איז סיי ווי נישט געווען...

אַווראַמלס מאַמע, ביילע, — אַ האַרציקע אידענע — האָט אונדז נישט געלאָזט הונגערן. בייטאָג האָבן מיר געריבן אַפּן ריב־אייזן קאַרטאָפל, זי האָט געמאַכט לאַטקעס און מיר זענען זאַט געווען. זיין פאָטער, רעב שמועל — אַ גוטמוטיקער פריילעכער קאַבצן, אַ שטוב־מאָלער און בלינד אַף איין אויג — האָט אונדז נאָך געליען צו עטלעכע קאָפּיקעס, אַז מיר זאָלן נישט אַרומגיין אָן אַ גראַשן:

— נישקאָשע, — האָט ער געזאָגט, — אַז די קעשענע איז נישט ליידיק, האָט דער קאָפּ נישט קיין וויטיק. אַז איר וועט פאַרדינען, וועט איר מיר אָפּגעבן!...

נאָך אַ פּאָר כאָדאָשים ליידיק־גיין, איז אין פרילינג געוואָרן אַביסל לעבעדיקער אין פאָך. צום ערשטן האָט אַווראַמל זיך צוריקגעשטעלט אַרבעטן באַ זיין באַלעבאָס, און איך האָב געקראָגן אַ שטעלע ביי איינעם מייער גראַף, וועלכער האָט געהאַט אַ וואַרשטאַט אין זיין מוטערס קיך, אַף פּאַנסקע ראָג טוואַרדע גאַסן.

ביי גראַפן האָב איך שוין פאַרדינט 4 רובל אַ וואָך. און וואָלט עס נאָר נישט געווען אַזאַ מעהאַלעך פון מיין היים, וואָלט איך גאַנץ צופרידן געווען. סיי ווי סיי, עס איז שוין געווען זומער און איך האָב זיך צוגעוואוינט צו די לאַנגע שפּאַצירן, כאָטש עס איז געווען ריזיקאַליש צו גיין, איבער די אָפּטע אַבלאַוועס, וואָס מען האָט דעמאָלט אומגעריכט דורכגעפירט, אָפּשליסנדיק אַ גאַס און פאַרנעמענדיק אַלע וואָס האָבן זיך גראָד געפונען אַף איר...

איך אַליין בין שוין עטלעכע מאָל פאַרכאַפּט געוואָרן אין אַזעלכע אַבלאַוועס. מען האָט מיך — צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער מענטשן — אַריינגעטריבן אין אַ גרויסן פאַבריק־הויף, דאָרט האָט מען אונדז געהייסן זיך אויסשטעלן אין באַזונדערע רייען, לויט צירקל־אַנגעהעריקייט, איינציקוויַיז צוטרעטן צום געהעריקן טישל, וואָס מען האָט אַוועקגעשטעלט אַפּן הויף, און ווייזן די דאָקומענטן. יענע, וואָס האָבן קיין דאָקומענטן נישט געהאַט, האָט מען מיט אַ פּאַטראָל סאָלדאַטן אָפּגעשיקט אין גרופּעס צום געהעריקן פּאָליציי־צירקל...

איינמאָל ביי אַזאַ אַבלאַווע, ווייל איך האָב גראָד נישט געהאַט מיט זיך מיינע דאָקומענטן, האָט מען מיך — נאָכן אָפּהאַלטן שאָען לאַנג אין רעגנדיקן, קאַלטן וועטער אַפּן הויף — אָפּגעשיקט אין מיין פּאָליציי־צירקל אַריין.

ווען מען האָט מיך אַהינגעבראַכט און איך בין, אין מיין ריי, דערגאַנגען צום פּריסטאַוו, האָט ער מיך דערקענט, מאַכמעס איך האָב ערשט מיט אַ שטיקל צייט צוריק געמאַכט שילדן אין צירקל, און מיך געהייסן אַהיימגיין. אָבער נישט אָפּגייענדיק קיין צוויי ראָגן פון צירקל, האָט אַ פּאַטראָל מיך פאַרנומען און מיך צוריקגעבראַכט אין צירקל אַריין, און ווידער האָט דער פּריסטאַוו מיך אַהיימגעשיקט. דאָס האָט זיך איבערגעכאַזערט דריי מאָל. ווען דער פּריסטאַוו האָט

מיך דערזען דעם דריטן מאָל, האָט ער זיך צעלאַכט איבער דער טראַגי־קאָמישער לאַגע מיינער און האָט באַשטימט אַ פּאָליציאַנט מיך אַהיימצופירן...

דעם 15טן אויגוסט פון יאָר 1908 איז געווען אַזאַ מין אַבלאַווע אויף דער סאַמע גאַס וואו איך האָב געאַרבעט ביי גראַפן. באַלד אינדערפרי האָט גראַף מיך אַראָפּגעשיקט אין פאַרבן־האַנדל נאָך אַ פונט צינקוויס. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, האָב איך נישט גענומען מיין רעקל, נאָר בין אַרויסגעלאָפן אין וועסטל און מיט פאַרקאַטשעטע העמד־אַרבל. איך האָב געקויפט די פאַרב און זיך געלאָזט צוריק אין דער פאַנסקע גאַס אַריין. אָבער דאָ זענען שוין ביים ראָג געשטאַנען אין דער גאַנצער ברייט פּאָליציאַנטן און סאָלדאַטן, וואָס האָבן קיינעם אַהין נישט אַריינגעלאָזט. איך בין צוגעגאַנגען צום רעווירגאַווע, אים געוויזן דעם בייטל מיט פאַרב, אָנגעוויזן אויף מיין הילעך, און געבעטן ער זאָל מיך לאָזן גיין צוריק צו דער אַרבעט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. מען האָט מיך נישט אַריינגעלאָזט.

בין איך דורך דער טוואַרדע גאַס אַוועק ביז מאַריאַנסקע, און געוואָלט זיך דורך דאָרט אַריינכאַפּן אין דער פאַנסקע גאַס, אָבער אויך דאָרט איז די גאַס געווען פאַרצוימט מיט מיליטער און מען האָט נישט אַריינגעלאָזט...

אַז עס איז פאַרביי אַ פאָר שאָ און די אָבלאַווע האָט אַלץ אָנגעהאַלטן, האָב איך זיך פאַרנומען אפּן וועג אַהיים. איך בין אַרויס אויף דער אייזן־גאַס און אָט אַזוי, אָן רעקל און מיטן בייטל פאַרב, געשפּרייזט, טראַכטנדיק וואָס גראַף וועט זאָגן ווען איך וועל מאָרגן קומען צו דער אַרבעט...

מיטאָמאָל איז מיר אַנטקעגנגעקומען אַ פּאַטראָל סאָלדאַטן. איינער פון זיי האָט נאָך פונווייטנס אַ געשריי געטאָן צו מיר:

— העי, סטאָי! רוקי — וו'וויערך! (שטיי! הייב אויף די הענט!)...

איך האָב אויפגעהויבן די הענט און זיך אָפּגעשטעלט.

די סאָלדאַטן, דערשראָקענע, האָבן מיך גרינטלעך באַזוכט, דורכגעזיפּט מיט די פינגער דעם בייטל פאַרב, און מיך געלאָזט גיין ווייטער, כאָטש איך האָב קיין דאָקומענטן נישט געהאַט. זיי האָבן, זעט אויס, געגלויבט, אַז איך בין טאַקע נאָר־וואָס אַרויס פון וואַרשטאַט אָט דאָ דערביי און דערפאַר נישט אָנגעטאָן דאָס רעקל, וואו איך האָב מיינע דאָקומענטן.

ווען איך בין צוגעקומען צום ראָג כלאָדנע גאַס, האָב איך דערזען, אַז דאָרט, אין דער גאַס, איז עפּעס אַ גרויס געזעמל מענטשן. יעדע ווייל האָט זיך איבער די קעפּ פון דער מאַסע אַ הייב אַרויס געטאָן אַ רויטע פאָן און אַ הוראַ־געשריי פון הונדערטער מיילער האָט פאַרקלונגען די גאַנצע גאַס אַרום. איך בין אַריין אין דער גאַס. הינטער דער פאָדערשטער מענטשן־וואַנט האָט אַ מאַסע מענטשן זיך אַ לאָז געטאָן צו אַן אָפּגעשטעלטן טראַמוואַי־וואַגאָן, צעשמעטערט די פענ־צטער, און גלייך האָט אַ פלאַם פייער אַרויסגעזעצט פון די לעכער, אַרומכאַפּנדיק דעם גאַנצן פאַרלאָזטן וואַגאָן. באַלד איז אָנגעלאָפן פּאָליציי און סאָלדאַטן, און עס האָט זיך דערהערט אַ ביקסן־זאַלפּ. מענטשן האָבן גענומען שרייען און לויפן.

איך האָב זיך פלינק אַרויסגעכאַפּט פון דער כלאַדנע, צוריק אַריין אין דער אייזן־גאַס און בין אַוועק ווייטער, אַפּן וועג אַהיים צו זיך.

מיט עטלעכע גאַסן ווייטער — אין דער „לעש"־גאַס — האָבן אויך מאַכנעס מענטשן מאַרשירט מיט רויטע פענער און מיט געזאַנג. פּאָליציי און סאָלדאַטן זענען אָנגעלאָפן און גענומען באַהאַגלען מיט קוילן די מאַרשירנדיקע.

איך בין אַרויסגעלאָפן פון דער „לעש", זיך געדרוקט ביי די ווענט, און בין ענדלעך אָנגעקומען אָף דער סמאָטשע גאַס. איך בין שוין געווען ביים טויער פון נומער 4, וואו מיר האָבן דעמאָלט געוואוינט, אָבער דער טויער איז געווען פאַרשלאָסן, און דער דראָט פונעם טויער־גלעקל איז געווען איבערגעריסן. איך האָב געקלאַפּט אין פאַרקן, אָבער קיינער האָט מיך אַפּאַנים נישט געהערט. דער־ווייל איז אָנגעקומען אַ שאַכן פון הויף און מיר ביידע האָבן גענומען טראַכטן וועגן אַ וועג ווי זיך אַריינצוכאַפּן אין הויף אַריין. איך בין געפאַלן אָף אַ פּלאַן:

יענער האָט זיך אַרויפגעשטעלט אָף מיינע אַקסל, אַזוי אַז ער האָט מיט די הענט געקאָנט גרייכן דעם אויבן פון פאַרקאַן און, ווען ער איז שוין געזעסן רייטנדיק אָף אים, האָט ער זיך אַראָפּגעבויגן און אויך מיך אַרויפגעשלעפּט. אָבער קוים ווי איך האָב נאָר באַוויזן זיך אַרויפצוכאַפּן אָפּן פאַרקן, גרייט זיך אַריבערצוואַרפן אָף דער צווייטער זייט, איז פון דער נאַוואָליפּע גאַס אָנגעלאָפן אַ פּאַטראָל סאָלדאַטן מיט אויסגעשטעלטע ביקסן, האָבן גענומען שרייען צו מיר און, זעענדיק, אַז איך פאָלג נישט זייער באַפעל, — גלייך אויסגעשאָסן. איך בין שוין אָבער געווען אָף דער צווייטער זייט. די פיר קוילן, וואָס זיי האָבן געשיקט אָף מיר, האָבן דורכגעלעכערט די ברעטער בלויז אַ פּאָר צאָל נידעריקער פונעם פּלאַץ וואו מיינע פיס זענען פריער געווען. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט צו דער ערד און אָף אַלע פיר צוגעקראָכן צו דער מויער, אין צווייטן עק הויף...

שפּעטער צו, אין אָוונט, האָב איך און נאָך צוויי באַכערים פון הויף, זיך אַרויסגעכאַפּט אָף דער גאַס אַרויס. מיר האָבן געוואָלט גיין אָף דער „לעש", אָבער גלייך זיך דערוואוסט, אַז דאָרט איז נאָר־וואָס געווען אַ בלוט־באָד. די פּאָליציי האָט דאָרט דערמאָרדעט 23 אַרבעטער. דאָס טרובעריי פון די גיכע־הילף קעטש־לעך האָט זיך אַזש דערטראָגן צו אונדז. אָנגעקומענע אין דער סמאָטשע גאַס האָבן דערציילט, אַז אויך אָף דער כלאַדנע, ביעליאַנסקע און אַפּן טעאַטער־פּלאַץ זענען געפאַלן אַ צאָל קאָרבאָנעס דורך די מערדערישע פּאָליציי און קאַזאַקן...

ביי אונדז אָף דער סמאָטשע גאַס, ווי אָף די אַרומיקע אידישע גאַסן, איז געווען שטיל און אַ פאַכעד ווי אָף אַ בעסוילעם. פּאַטראָלן האָבן זיך קעסיידער אַרומגעדרייט, אָפּגעשטעלט יעדן איינעם וואָס האָט זיך אָף דער גאַס באַוויזן, אים באַזוכט און דערביי אָפט אויך געשלאָגן מיט די ביקסן־פּריקלאַדן...

צו אַנטלויפן איז נישט געווען וואו. די פּאָליציי האָט באַפוילן די סטרוזשעס פון די הייף צו האַלטן די טויערן פאַרשלאָסן און קיינעם נישט אַריינלאָזן. די סאָלדאַטן האָבן זיך באַנוצט מיט דעם און אויב זיי האָבן, ביים באַזוכן אַ אידן,

געפונען ביי אים אַ רובלדיקע אָדער האַלב־רובלדיקע מאַטבייע, — האָבן זיי דאָס צוגענומען, אָנגעוויזן דעם קאָרבן אפן צאַרס פּאָרטרעט, וואָס איז געווען אויס־געפּרעסט דערויף, און מיט ציניש כויזעק זיך געריי‌צט:

— טי יעוואָ ניע ליובישׁ? אַ יאַ יעוואָ ליובליו! (דו האָסט אים נישט ליב, אָבער איך האָב אים יאָ ליב)...

דערביי האָט דער סאָלדאַט מיקלוימערשט ערנסט אַ קוש געטאָן די צאַרישע צורע אף דער מאַטבייע, זי געמיטלעך אַראָפּגעלאָזט צו זיך אין קעשענע אַריין, און דערצו דערלאַנגט דעם קאָרבן עטלעכע גוטע קלעפּ מיטן פּריקלאַד...

די באַפעלקערונג איז געווען טעראָריזירט פון שרעק...

* * * * *

**ביי אונדז אין הויז** איז יענעם אָוונט געווען ווי אין אַ טישע־בעאָוו. דאָס מעבל — אַ כויץ די בעטן — איז געווען צענומען. פּעק און פּעקלעך מיט זאַכן זענען געשטאַנען אָנגעהורבעט — גרייט צום אַרויסקלייבן זיך פון דער דירע. דער טאַטע, וואָס האָט שוין איצט געהאַט אַ שטענדיקע שטעלע אין וואָליע און מיר האָבן זיך אף צומאַרגנס טאָקע געדאַרפט אַריבערקלייבן אַהין, — איז נאָך נישט געקומען פון דער אַרבעט. די מאַמע איז געזעסן, געבראָכן די הענט און געוויינט, זי האָט געהאַלטן אין איין קוקן דורכן פענצטער און זיך צוהערן צום מינדסטן גערויש, עפּשער קומט ער אָן. עס האָט אויסגעזען, אַז זי וועט אינגאַנצן צוזאַמענברעכן פון זאָרג און איבערקלערן. שפּעטער איז אַריינגעקומען דער סטרוזש פון הויף און אונדז געמאָלדן, אַז דער טאַטע האָט נאָר־וואָס טעלעפאָנירט אין אַפּטייק וואָס אפן ראָג דזשעלנע און סמאָטשע, אַז ער איז געבליבן נעכטיקן ביי אַ פריינט אין וואָליע, קעדיי נישט צו גיין אַזוי שפּעט איבער די אומרואיקע גאַסן...

די מאַמע האָט זיך קוים באַרואיקט און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן. אָבער זי האָט נאָך נישט באַוויזן איינצושלאָפן, ווי עס האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין דער טיר. מיר — אויפגערעגטע פון די געשעענישן און איבער דער זאָרג וועגן טאַטן — האָבן זיך שטאַרק דערשראָקן. די מאַמע האָט געמיינט, אַז דאָס איז אַוואַדע די פּאָליציי געקומען זוכן מיך, דערפאַר וואָס איך האָב אַריבערגעקלעטערט איבערן פּאַרקן נישט אָפּשטעלנדיק זיך אף זייער באַפעל, און געראָטן, איך זאָל זיך באַ־האַלטן. איך האָב אָבער געעפנט די טיר און דערזען עפּעס אַ פרעמדע אידענע. זי האָט איבערגעגעבן, אַז דער מאַמעס מאַמע — אונדזער „קליינע" באָבע — איז פּלוצים שטאַרק קראַנק געוואָרן און אַז די באַלעבאָסטע ביי וועמען זי וואוינט האָט געשיקט זאָגן, אַז אויב מען וועט די אַלטע גלייך נישט צונעמען פון איר שטוב, וועט זי יענע אַרויסלייגן אף דער גאַס אַרויס און פּאָטער אָן אייסעק...

די מאַמע, אַז זי האָט דערהערט וועגן וואָס די אידענע איז געקומען, האָט זיך ראַפּטאָם אַ ריס אויף געטאָן פון געלעגער מיט אַן אויסגעשריי:

— אַ וויי‌טיק איז מיר! וואָס איז געשען? וואָס איז מיט דער מאַמען?...

און באַלד, ווי צו זיך אַליין, פאַרשולדיקט צוגעגעבן:

— אַז זי האָט בעשום אויפן נישט געוואָלט זיין באַ די קינדער. און איצט, אַז זי וועט שוין מוזן, דאַרף עס טרעפן ווען איך קאָן זי נישט אַריינבעמען...

— און וואָס איז מיטן פעטער זאַלמען־יאָסל? — האָט מיין אינגערער ברודער באַרעד זיך אָפגערופן, — ער מעג אויך האַלטן זיין קראַנקע מאַמע באַ זיך...

ער האָט געוואָלט גיין צו דער באָבען און באַזאָרגן וואָס מען דאַרף. אָבער די מאַמע — כאָטש זי אַליין איז געווען אַן אויסגעמאַטערטע פונעם איינפּאַקן די זאַכן, און אַ צעבראָכענע פון זאָרג וועגן טאַטן — האָט זיך גענומען אַנטאָן — גרייט צו גיין. איך האָב זי געפּרואווט אָפּרעדן, איר גענומען דערקלערן, אַז אין אַזאַ נאַכט, נאָך אַזאַ טאָג, איז פאַר איר געפערלעך אַרויסצוגיין, און אַז איך אַליין וועל בעסער צוגיין, אָבער זי האָט זיך געהאַלטן ביי איינס:

— דו בלייב אינדערהיים! דיך זוכט מען אַוואַדע! און איך, אויב עס האָט נישט געשאַדט דער אידענע צו גיין אין אַ שאַלקהאַפטיקן גאַנג, וועט איר אַוואַדע נישט שאַטן צו גיין אין אַ רעכטפאַרטיקן וועג...

און זי איז, צוזאַמען מיט מיין ברודער, אַוועק צו דער באָבען.

פאַרטאָג־צו איז מיין ברודער צוריקגעקומען, אַ מידער, אַן אויסגעווייקטער אין שווייס, און ער האָט מיר דערציילט:

— ס׳איז נישט געווען צו קריגן קיין דראָשקע אַפילו פאַר הונדערט רובל. און די גיכע־הילף האָט מען אויך נישט געקאָנט קריגן. האָב איך די באָבע אַריינגעשטעלט אין אַ זאַלץ־זעקל און אף מיינע פּלייצעס זי אַוועקגעטראָגן צום פעטער. אַ גליק, וואָס קיין פּאַטראָל האָט אונדז נישט אָנגעגענט, אַנדערש... די מאַמע איז געבליבן ביז דער דאָקטער וועט קומען, הערן וואָס ער וועט זאָגן...

ער האָט זיך אין אַנטועכץ אַוועקגעלייגט אפן בעט און גלייך איינגעשלאָפן. איך האָב געקוקט אף אים און ביי מיר אין קאָפּ האָט זיך אויסגעמאָלט דאָס בילד ווי ער — אַ אינגל פון קנאַפּע פופצן יאָר — טראָגט אף די פּלייצעס אַ לעבעדיקן מענטשן אין אַ זאַלץ־זעקל. אף מיינע ליפּן האָט זיך געריסן אַ פלוך:

— אַז פאַרשאָלטן זאָל זיין אַזאַ אָרדענונג, וואו מענטשן האָבן נישט קיין מענוכע אין לעבן און קיין געהעריקע הילף ווען זיי ווערן קראַנק!...

מיך האָט שטאַרק פאַרקלעמט ביים האַרצן און איך האָב באַגריפן, אַז דערפאַר וועט מען דאַרפן קעמפן, לאַנג קעמפן זיך דאָס צו דערשלאָגן...

* * * * *

# איך גיי צו פּערעצן

נישט לאַנג נאָך דעם ווי איך בין אָנגעקומען אַרבעטן צו הילעל עפּשטיינען, האָט מען ביי אונדז אין פאַבריק אָנגענומען אַ באַשטעלונג צו מאַכן שילדן פאַר דער נייער צייטונג, — „דער מאָמענט״.

די יאָטן, וואָס האָבן נאָך געדענקט די מאַיסעס, וועלכע איך האָב פאַר זיי געהאַט פאַרגעלייענט בעאייס מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט אין גרויסן אַרטעל, — זענען צו מיר צוגעשטאַנען מיט פאָדערונגען, אַז ווען מען וועט גיין אויפהענגען די שילדן ביי דער רעדאַקציע, זאָל איך מיט זיך מיטנעמען מיינע „שריפטן״, קעדיי זיי צו ווייזן עמעצן פון די שרייבער:

— ווער ווייסט, — האָבן זיי נישט אָן כויזעק געזאָגט, — עפּשער וועלן זיי טאַקע אָנערקענען דיין טאַלאַנט און מיר וועלן נאָך זוכע זיין צו האָבן אַן עמעסן שרייבער אין אונדזער פאַך!...

איך — כאָטש איך האָב אָפט פאַרגעלייענט פון מיינע „זאַכן״ אין פאַבריק און בין געווען צופרידן צו הערן, אַז עס איז די יאָטן געפעלן געווען, — האָב אָבער זיך געפילט געקווּעלט און נישט פאַרמאָגט קיין דרייסטקייט פאַרצוברענגען מיינע זאַכן פאַר עמעסע שרייבער, און איך האָב נישט געוואָלט הערן וועגן דעם.

— וואָס הייסט, — האָב איך געטאַינעט, — איך וועל נעמען דרייען מענטשן אַ קאָפּ? נישט זיי האָבן צייט דערויף און נישט עס פּאַסט אַריינצופאַלן אומגעריכט, ווי אַ יאָוון אין סוקע; נאָט, לייענט איבער מיינע זאַכן!...

האָבן זיי צוגעגעבן, אַז איך בין גערעכט און מער נישט גערעדט דערפון.

אָבער שפּעטער, ווען מיר האָבן געהאַט פאַרענדיקט די שילדן און גענומען זיך גרייטן צו גיין זיי אויפהענגען, האָט עמעצער פון די יאָטן ווידעראַמאָל גע־מאַכט דעם זעלבן פאַרשלאָג און איך האָב אים ווידער אָפּגעשלאָגן, כאָטש איך האָב שוין אויך אָנגעהויבן טראַכטן, אַז עס וואָלט עפּשער יאָ געווען אַ פּלאַן דאָס צו טאָן און איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן פאַר זיך אַליין וואו איך האַלט...

די שילדן האָבן געדאַרפט אויפגעהאָנגען ווערן, איינע — די גרעסערע — אויף דער מויער פון די נאַלעווקעס נומער 38, אַרויס צו דער גאַס, און די צווייטע — אַ קלענערע — ביי די פענצטער פון רעדאַקציע־לאָקאַל, אין דעם הויף גופע. קעדיי אַרויפצוציען די שילדן, האָבן מיר געדאַרפט דורך די פענצטער פון קאַנטאָר אַרונטערלאָזן שטריק צום הויף, צובינדן צו זיי די שילדן, און זיי אַרויפ־ציען און צופעסטיקן מיט דראָטן צום פּלאַץ. דער רעדאַקציע־לאָקאַל איז נאָך

דעמאָלט געווען ליידיק, אָן שרייב־טישן און אַלע אַנדערע נויטיקע מאַכשירים. אַפּילע קיין בענקל זיך צוצוזעצן האָט זיך דאָרט נאָך אויך נישט געפונען. דאָ און דאָרט האָבן זיך אַרומגעדרייט עטלעכע מענטשן, אַפּאַנים שרייבער און קאָנטאָר־אָנגעשטעלטע, רעדנדיק הייס צווישן זיך, ווי זיי וואָלטן זיך געפּילפּלט וואו וואָס אַוועקצושטעלן. צווישן זיי האָבן מיר דערקענט דעם רעדאַקטאָר, צווי פּרילוצקי, און דעם שרייבער מאָרדכע ספּעקטאָר...

אַז מיר האָבן שוין געהאַלטן ביים פּאַרטיק ווערן מיטן צופּעסטיקן די שילדן צום פּלאַץ, איז שאָלעם „וואַנץ" מיטאַמאָל צוגעגאַנגען צו ספּעקטאָרן, וועלכער האָט זיך גראָד אָפּגעשטעלט לעבן אונדז, און אים אַ זאָג געטאָן, אַז אַזוי ווי עס איז צווישן אונדז פאַראַן אַ באָכער וואָס שרייבט ליטעראַטור, וואָלט ער אים וועלן בעטן, ער זאָל אַ קוק טאָן און זאָגן זיין מיינונג...

ספּעקטאָר — אַ גוטמוטיקער און פריילעכער מענטש — האָט זיך שטאַרק פאַרנאַנדערגעלאַכט, אַזוי אַז זיין היפּשער בויך האָט אַזש גענומען זיך אונטערהוידען:

— איר זעט, פּרילוצקי, וואָס פאַר אַ גרויס פאָלק אונדזער פאָלק איסראָעל איז, — האָט ער שפּאַסיק געזאָגט צו פּרילוצקין, — אַפּילע ביי דער אַרבעט, ביים מאָלן שילדן, שאַפט עס אויך קולטור־ווערטן פאַר דער וועלט!...

און גלייך אַ פרעג געטאָן שאָלעמען:

— זאָל איך אָננעמען, אַז דאָס זענט איר טאַקע דער באַל־דאַוואָר?!...

ניין, נישט איך, פּאַניע ספּעקטאָר, — האָט שאָלעם זיך גענומען אָפּוואָרפן, — נישט איך, כאָלילע...

— איר דאַרפט זיך ניט שעמען, — האָט ספּעקטאָר אים גענומען מוטיקן, — שרייבן ליטעראַטור, אויב מען קען נאָר, איז נישט אַ זאַך מיט וואָס מען דאַרף זיך שעמען...

שאָלעם „וואַנץ" האָט זיך שוין גענומען בעטן:

— ערן וואָרט, פּאַניע ספּעקטאָר, אַז נישט איך, נאָר...

— וועלכער דען באָכער איז עס? — האָט ספּעקטאָר נאָך אַלץ נישט געגלויבט.

— לאָמיך אים כאָטש אָנקוקן...

איך, וואָס האָב אויפגעכאַפּט די רייד און געשטאַנען ביז איצט ווי אַ פּאַראַליזירטער, בין געקומען צו זיך און געוואָלט אַנטלויפן, נישט צו וואַרטן אַפּילע אָף צו קריגן „ביר־געלט", ווי דער שטייגער איז געווען נאָכן אויפהענגען שילדן. אָבער שאָלעם — דערשנאַפּנדיק, אַז איך וויל אַפּציען — האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אָף מיר, מיך אַ כאַפּ אַרום געטאָן מיטביידע הענט און, מאַמעש פאַרקלאַמערנדיק מיך אין אַ רינג, געשריגן:

— אָ, ניין, ברודערל, עס וועט דיר נישט געלינגען זיך אויסצודרייען פון דאַנען! דאָס איז אַ באַשלוס פון אַלעמען אין פאַבריק! וועסט דאַסמאָל מוזן ווייזן דיינע שריפטן צו רעב ספּעקטאָר. מיר מוזן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פעסטשטעלן, צי דיין שרייבן איז טאַקע געשריבן, אָדער עס איז סטאַם געבעבעט... מיר מוזן

וויסן, צי דו ביסט אַ פיש, אָדער אַ פּאַשעטע שטינקע...

ווי אַ פּאַרלוירענער, מיט טאַכנונימדיקע אויגן, האָבן איך געקוקט אַף ספּעקטאָרן, אַקוראַט ווי איך וואָלט דערוואַרט ער זאָל מיך אָפּראַטעווען, און זיך גענומען בעטן:

— אָ, אָן אַנדערשמאָל עפּשער, נישט איצט... איצט האָב איך סיי ווי סיי גאָרנישט מיט זיך. איך האָב מיינע זאַכן אין פאַבריק...

שאָלעם האָט מיך אַ גלי דורך געטאָן מיט זיינע פייערדיק־שוואַרצע אויגן און זיגעריש זיך צעלאַכט:

— איך האָב דאָס אין זינען געהאַט און זיי טאַקע יאָ מיטגענומען!...

ער האָט מיך אָפּגעלאָזט פון זיין קלעם, אַרויסגעשלעפּט פון זיין קעשענע צוויי העפטלעך, וועלכע ער האָט אין פאַבריק אַרויסגענומען פון מיין פּעקל מיט „שריפטן", וואָס איך האָב געווייגטלעך מיטגעבראַכט אַף פּאָרצולייענען, טאָמער וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט. האָט זיי דערלאַנגט ספּעקטאָרן, און מיך ווידער אַ כאַפּ אָן געטאָן ביי דער האַנט, אַז איך זאָל נישט קאָנען אַנטלויפן...

ספּעקטאָרן איז, קענטלעך, דער גאַנצער איניען פּאָרגעקומען טשיקאַווע און ער האָט אַלץ געהאַלטן אין איין לאַכן. ווען שאָלעם האָט אים דערלאַנגט די צוויי העפטלעך, איז ער אָבער גלייך געוואָרן ערנסט, האָט אַף גיך אַ בלעטער דורך געטאָן עטלעכע זייטלעך, זיך דאָ און דאָרט אָפּגעשטעלט אַף אַ רעגע מיט די אויגן, צומאָל געמאַכט א מינע אפן פּאָנים, וואָס האָט צו דער זעלבער צייט געקאָנט מיינען אי גוט אי שלעכט און, נאָכדעם ווי ער האָט אין דער שטיל עפּעס אַ זאָג געטאָן צו פרילוצקין, זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— איר וועט מיר מוחל זיין, יונגערמאַן. איר זעט דאָך, עס איז דאָ נאָך אַזאַ טויהו־וואַוואָהו, אָן אַ שטול און אָן אַ לייב און לעבן, אַז עס איז פּאַשעט אומעגלעך זיך צו קאָנצענטרירן. איך וואָלט אייך אָבער געראַטן, אַז איר זאָלט צוגיין זיך זען מיט פּערעצן. ער וועט איבערלייענען אייערע זאַכן און אייך שוין געווי זאָגן וואָס איז וואָס... איך וועל אייך געבן צו אים מיין רעקאָמענדאַציע...

ער האָט זיך צוגעבויגן צום פּאָרברעטל פון אַ פענצטער, אָנגעשריבן אַף זיינס אַ וויזיט־קאַרטל עטלעכע ווערטער צו פּערעצן, אַף דער צווייטער זייט דערפון אויפגעשריבן פּערעצס אַדרעס, צעגליאַנגע גאַס נומער 1 און, דערלאַנגענדיק מיר דאָס קאַרטל, צוגעגעבן:

— איך זע, יונגערמאַן, אַז איר זענט אַ שעמעוודיקער. אָבער עס איז זיך ניטאָ וואָס צו שעמען, און עס איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן. פּערעץ איז ניט קיין בער און פּאַרצוקט ניט קיין יונגע שרייבערס. ער איז אַ טאַטע צו זיי. אַז איר וועט האָבן צייט, גייט צו צו אים. יעדנפאַלס, אַז מען וויל זיין אַ שרייבער, טאָר מען זיך ניט שעמען...

איך האָב ספּעקטאָרן באַדאַנקט פּאַר זיין דערמוטיקונג און אייצע. שאָלעם איז אָבער געבליבן אומבאַפרידיקט:

— איך האָב געמיינט, פּאַניע ספּעקטאָר, — האָט ער זיך געדונגען, פּונקט ווי עס וואָלט אים עפּעס געקומען אַ כּיוון ביי יענעם, — איך האָב געמיינט, אַז איר אַליין וועט דערוויל איבערלייענען אַ פּאָר זייטלעך און אונדז גלייך אפן אָרט זאָגן אייער מיינונג. מיר מוזן עס דאָך וויסן...

ספּעקטאָר האָט, אַ לאַכנדיקער, זיך גענומען ווי פאַרענטפערן:

— זייט מוחל, יונגערמאַן, וואָס איך האָב אייך אַנטוישט. איר דאַרפט דאָך אַליין באַגרייפן, אַז דאָס קאָן מען ניט טאָן אָט אַזוי, שטייענדיק אף איין פוס... מען מוז זיך באַקוועם אַוועקזעצן, אַריינקוקן, איבערלייענען, גאַכטראַכטן, און דאָ איז דאָך אַפילו קיין איינציקע שטול נישטאָ...

שאָלעם „וואַנץ" האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, אַ פאַרשעמטער, און מער שוין גאָרנישט ניט געזאָגט. ער האָט בלויז אַ קוק געטאָן אף מיר, ווי איינער זאָגט, „דיין מאַזל, האָסט זיך ווידעראַמאָל אַדויסגעדרייט פון מיינע הענט, אָבער..."

מיר האָבן געקראָגן אונדזער „ביר־געלט", באַדאַנקט, און זיך פאַרנומען צוריק אין פאַבריק אַריין...

* * * * *

עס האָט גענומען אַ שפּאָר ביסל צייט ביז איך האָב זיך ענדלעך אָנגעגורט מיט גענוג מוט און באַשלאָסן צוגיין צו פּערעצן, קעדיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל טאָקע קלאָר מאַכן פאַר זיך אַליין ווי עס האַלט מיט מיין שרייבן...

נישט אַזויפיל דערמוטיקט, ווי פאַשעט געטריבן פון מיינע כאַוויירים אין פאַבריק, האָב איך זיך געלאָזט גיין מיט זיכערע טריט און מיט אַ פעסטן באַשלוס צו זען פּערעצן, רעדן מיט אים און הערן וואָס ער האָט צו זאָגן.

אַפּאָנים, אָבער, אַז באַשליסן איז איין זאַך, און טאָן איז שוין אַ צווייטע. וואָרים אַזוי גיך ווי איך בין נאָר צוגעקומען צום אָפענעם טויער פונעם הויז נומער 1 אף דער צעגליאַנע גאַס, און אַריינגעקוקט אין הויף אַריין, אין דער ריכטונג פון פּערעצס דירע, — בין איך ווידער געוואָרן אָפּהענטיק און מאַמעש דערפילט ווי די פיס מיינע בייגן זיך ביי די קני, אָט־אָט נאָר זיך אַראָפּצוזעצן. איך האָב מוירע געקראָגן און כאַראָטע געהאַט וואָס איך בין געגאַנגען. איך האָב זיך אָבער געשעמט פאַר זיך אַליין און גענומען זוכן ביי זיך אין געדאַנק אַ באַרעכטיקונג אף אַוועקצוגיין...

„מען טאָר נישט אַזוי, כאַפּ־לאַפּ, אַריינגיין צו פּערעצן", — האָב איך זיך אַליין געזאָגט, — „פריער דאַרף מען נאָכאַמאָל איבערלייענען די זאַכן, אויסבעסערן וואו מען דאַרף, איבערשרייבן אף ריין, נישט געקלעקט און געמעקט, סאָרטירן זיי לויטן כאַראַקטער און אינהאַלט און ערשט דערנאָך"...

איך האָב דערשפּירט ווי אַ שווייס האָט מיך באַשלאָגן און איך האָב גענומען זוכן אַ פלאַץ אַריינצוגיין טרינקען אַ גלאָז סאָדע־וואַסער און, אין איין וועג, אויך קויפן אַ פּעקל פּאַפּיראָסן, מאַכמעס גייענדיק אפן וועג אַהערצו און שטייענדיק אַ צייט ביים טויער, האָב איך אויסגערויכערט אַ גאַנץ פּעקל פּאַפּיראָסן...

נישט ווייט פונעם טויער, אין זעלבן הויז, האָב איך דערזען אַ קרעמל, — אַ דיסטריבוציע, וואו מען האָט פאַרקויפט פּאַפּיראָסן און וואו מען האָט אויך געקאָנט קריגן סאָדע־וואַסער. איך בין אַריינגעגאַנגען.

דאָס קרעמל — אַ שמאָלס און אַ לאַנגס — איז געווען געפּאַקט מיט מענטשן. בּאַ מיין אַריינקומען האָבן עטלעכע יונגעלייט, וואָס זענען דאָרט געשטאַנען, מיך אָפּגעמאָסטן מיט מאָדנע פאַרשערישע בליקן, געקוקט אַף די העפטן אין מיין האַנט און, איינער נאָכן אַנדערן, זיך אַ וואָרף געטאָן אַף מיר מיט פראַגעס:

— איר זענט אַ שרייבער, יונגערמאַן?...

— איר גייט, זעט אויס, אַרויף צו פּערעצן?...

— איר שרייבט פּאָעזיע, צי פּראָזע?...

— איר האָט זיך שוין געדרוקט ערגעץ?...

— וואָס איז אייער נאָמען, אייער פּסעוודאָנים?...

די פראַגעס האָבן זיך געשאָטן צוזאַמען און איינע נאָך דער צווייטער. און נישט וואַרטנדיק אַף מיין ענטפער, האָבן זיי זיך גענומען פאַרשטעלן פאַר מיר.

דער אייגנטימער פונעם קרעמל — אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר דרייסיק, מיט אַן אַנוואוקס פון שוואַרצן פוך אַרומגעזוימט אַרום זיין פּאָנים, וואָס האָט אויס־געזען אַנבלוטיק־בלאַס, און מיט אַ פּאָר באַגילדטע פּענסנע אַף זיין הויקערדיקער נאָז — האָט מיר צוגעטראָגן זיין האַנט, צוזאַמען מיטן גלאָז סאָדע־וואַסער, אַ זאָג געטאָן זיין נאָמען און צוגעגעבן:

— דער נאָמען איז בלויז גילטיק דאָ, אינעם קרעמל. פאַרן שרייבן האָב איך אַ פּסעוודאָנים. מיין פּסעוודאָנים איז „אַלייכעם־שאָלעם". יאָ, ווי איר זעט מיך דאָ, שרייב איך לויטן סטיל פון שאָלעם־אַלייכעמען, אָבער... זאָלן זיי אייך שוין זאָגן, איך שרייב פיל בעסער פון אים...

— שאָלעם־אַלייכעם מעג ביי אים פּעטשערעס הייצן! — האָט איינער פון דער פאַרזאַמלטער כעוורע אינעם קרעמל, אַ געשטופּלטער הויכער באָכער, מיט אַ דין פּישטשעבדיק קעלעכל, אַ זאָג געטאָן אין אַ טאָן, וואָס איז שווער געווען צו באַש־טימען צי עס איז ערנסט, אָדער כויזעק, — אָ, ווען זיינע ווערק וועלן דערשיינען, וועלן זיי מאַכן אַ רוישעם איבער דער וועלט!...

— איר האָט צייט עטלעכע מינוט? — האָט דער קרעמער מיך פּלוצים אַ פרעג געטאָן, — וועל איך אייך איינמיסטן פאַרלייענען מיינס אַ ווערק...

איך האָב זיך מיטאַמאָל דערפילט אומבאַקוועם צווישן דער דאָזיקער כעווּרע און איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַרן קרעמער, אַז גראָד איצט האָב איך קיין צייט נישט, ווייל איך האָב אַ באַשטעלונג מיט פּערעצן, און מוז זיין ביי אים צו דער מינוט. איך האָב אים אָבער צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל זיך אָפּפאַרטיקן ביי פּערעצן און אויב עס וועט נאָך זיין פריי, וועל איך אַריינקומען, אַנדערש וועל איך צוקומען אַן אַנדערשמאָל צו הערן אים פאַרלייענען...

אַרויסגעכאַפּט זיך מיט די עטלעכע ווערטער, אַז איך מוז זיין ביי פּערעצן,

האָב איך שוין קיין אַנדערע ברירע נישט געהאַט. איך האָב זיך דעריבער גלייך געזעגנט מיט אַלעמען אין קרעמל און, קעגן מיין ווילן, זיך געלאָזט גיין אין הויף אַריין, אַרויף צו פּערעצן...

איך בין אַריין אין קאָרידאָר, זיך געהויבן אַף די טרעפּ, געשפּאַצירט איבערן לאַנגן באַלקאָן, וואָס האָט געפירט צו דער טיר פון פּערעצס וואוינונג, אָבער... אַז איך בין צוגעקומען צו דער טיר איז מיין האַנט מיטאַמאָל ווי פאַרשטייפט געוואָרן און איך האָב זי פּאַשעט נישט געקאָנט אויפהייבן אַף אָנצוקלינגען אין טיר־גלעקל.

איך בין אַזוי געשטאַנען עטלעכע מינוט ביי דער טיר און, ענדלעך, ווי אַ גאַנעוו זיך גענומען רוקן אַף צוריק, זיך אַרויסגעכאַפּט פונעם טויער און בין אַוועק אַהיים. ביי פּערעצן בין איך נישט געוועזן...

מער בין איך שוין קיינמאָל נישט אַהינגעגאַנגען, כאָטש איך האָב דערנאָך געהאַט עטלעכע געלעגנהייטן. פּונקט אַזוי איז מיר שוין מער קיינמאָל נישט אויס־געקומען צו זען אָדער הערן וועגן דעם „נייעם גרויסן פאָלקס־הומאָריסט", „אַלייכעם־שאָלעם", וועלכער האָט געזאָלט איבערראַשן די וועלט מיט זיינע ווערק...

ביז היינט צו טאָג וויס איך נישט, צי איז יענער קרעמער טאַקע געוואָרן אַ שרייבער (מעג זיין נישט קיין „אַלייכעם־שאָלעם") און שרייבט ערגעץ אונטער זיין אייגענעם נאָמען, וועלכן איך געדענק נישט, אָדער ער שרייבט אונטער אַן אַנדערן פּסעוודאָנים, צי... עפּשער פאַרקויפט ער נאָך ערגעץ סאָדע־וואַסער, און יונגע־לייט, וואָס קומען צו אים אין קרעמל הערן פאַרלייענען זיינע נישט־געדרוקטע ווערק, כאַנפענען אים נאָך אַלץ, אַז ער איז גרעסער פון „שאָלעם־אַלייכעמען"...




דער קלוימערשטער „וואַרשטאַט" (צום וויטערדיקן קאַפּיטל).
רעכטס — יאַנקעוו־סימכע אייזען (איצט דיכטער און מאָלער אין איסראָעל); לינקס — שאָלעם „וואַנץ"; דריטער פון רעכטס — דעם מעכאַבערס ברודער, דאָוויד; אין צענטער, זיצנדיק — דער מעכאַבער.

# געיאָגט און געפּלאָגט

נאָך אַ פּאָר יאָר וואָס מיין פאָטער האָט אָפּגעאַרבעט אין קליינעם שטעטל, האָט זיין באַלעבאָס באַנקראָטירט, צוגעמאַכט די פאַבריק, און דער טאַטע איז ווידער געבליבן ווי אפן וואַסער. ער האָט זיך דעריבער צוריק אַריבערגעקליבן קיין וואַרשע מיט דער פאַמיליע און געדונגען אַ דירע...

פאַר מיר איז דאָס געווען אַן עמעסע יע[illegible]ע. נישט נאָר דערפאַר וואָס איך האָב זיך שוין מער נישט געדאַרפט וואַלגערן אפן אימפּראָוויזירטן באַלקאָנדל ביי הילעל עפשטיינען אין פאַבריק, נאָר דער איקער דערפאַר, וואָס נישט זייענדיק מער אָפּהענגיק אינעם שלאָף־פּלאַץ, האָב איך זיך געקאָנט פאַרגינען צו פאָדערן ביי אים אַ הויסאָפּע און גיין זוכן אַ צווייטע שטעלע ווען ער האָט עס מיר אָפּגעזאָגט.

קיין שטעלע האָב איך אָבער נישט געקאָנט קריגן, מאַכמעס עס איז געווען אינמיטן פון אַ שוואַכן סעזאָן. האָב איך זיך אַרויסגעלאָזט איבער די קראָמען פון די נאַלעווקעס און גענשע גאַסן, און געזוכט אָנצונעמען אַרבעט פאַר זיך. אָבער די סאָכרים — אַפּאָנים אָנקוקנדיק מיך, אַ יונג אינגל — האָבן מאַשמאָעס קיין צוטרוי נישט געהאַט צו מיר און מיר נישט געוואָלט געבן זייערע שילדן.

בין איך געפאַלן אף אַ פּלאַן. איך האָב זיך געזען מיט עטלעכע יאַטן פון פאַך, זיי דערציילט וואָס איך האָב פאַרטראַכט, און זיי געבעטן אַריבערקומען צו מיר מיטיקצייט פון אַ באַשטימטן טאָג. ווען זיי זענען געקומען, האָב איך זיי אַלע אויסגעשטעלט אפן הויף, לעבן מיינע פענצטער, מיקלוימערשט ביי דער אַרבעט, און געלאָזט נעמען אַ פאָטאָגראַפיע דערפון. מיט אָט דעם בילדל באַ זיך, האָב איך שוין לייכטער געקראָגן אַרבעט. די סאָכרים — זעענדיק, אַז איך האָב טאַקע אַ היפשן „אייגענעם וואַרשטאַט״ און רעכן אויך ביליק — האָבן מיר שוין נישט נאָר געטרויט זייערע שילדן, נאָר מיר אויך געגעבן אַן אַדעריוף אין פאָרויס...

מיר איז אָבער זייער שווער געווען זיך אַליין צו ספּראַווען מיטן אַראָפּנעמען און אויפהענגען די שילדן, מיט זוכן אַרבעט און אַליין זי טאַקע מאַכן, און איך האָב „מיין וואַרשטאַט״ געמוזט אויפגעבן. דאַן, נישט האָבנדיק קיין ברייררע, בין איך אַריבערגעגאַנגען צו פאַרשטעֶנדיקן, — דעם שילדן־מאָלער, וואָס האָט געוואוינט אף דער פאַווע גאַס, פונקט אַנטקעגן אונדז, און אים געפרעגט, צי ער וואָלט מיך געוואָלט צונעמען צו דער אַרבעט.

פאַרשטענדיק איז געווען אַ הויכער, דאַרער מאַן מיט אַ פאַרמאַכטן בלינדן אויג און מיט איבערן מויל אַריבערהענגענדיקע גרויסע וואָנצעס, וואָס זענען

טאָמיד נאָס געווען פון דעם אָפּטן אַרויסשפּייען דעם קיי־טאַבאַק־זאַפּט — אַ גע־וואוינשאַפט, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פון אַמעריקע, צוזאַמען מיטן געל־בלעכן, רונדיק־פּאַלעדיקן סורדוט, און די שמאָלע הויזן מיט בענדלעך אונטער די געלע געקנעפּלטע שיך. ער האָט פון דער הויך מיך זייטיק אַ מעסט אָפּ געטאָן מיטן אָפּענעם אויג זיינעם, זיך עטוואָס אַרונטערגעבויגן צו מיר און אויסגעפּאָנפּעט:

— „אָ־ראַיט״, וואָס־זשע קענסטו טאָן און וואָס ווילסטו קריגן?...

זיין דירעקטע פראַגע איז געקומען אַזוי פּלוצים, אַז איך האָב אפן מאָמענט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אָבער נאָך אַ רעגע נאָכטראַכטן, האָב איך אים געענטפערט אין זעלבן טאָן און נוסעך:

— וואָס איך קען — וועל איך אייך וויזן, וואָס איך וויל קריגן — וועט איר מיר דאַרפן וויזן!...

פאַרשטענדיק האָט העכער אַ פאַררוק געטאָן דעם געלן האַרטן קאַפּעלוש צום קאַרק צו, צוגעלייגט אַ דלאָניע צום שטערן און זיך צעשמייכלט:

— אָ, אַ „וויז גאַי? אָ־קעי!״ קום זשע אַרויף, וועלן מיר זיךביידע וויזן!

ער האָט מיך אָנגענומען אונטערן אָרעם, ווי ער וואָלט מוירע געהאַט, איך זאָל כאָלילע נישט כאַפּטע קריגן און אַנטלויפן, און מיך אַרויפגענומען צו זיך אין דער וואוינונג אפן צווייטן שטאָק. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער קיך, וואו ער האָט געהאַט זיין „שילדן־פאַבריק״, אַריינגעבראַכט פון פאַרהויז עפּעס אַ נישט־גרויסע, מיט ווייסן־געפאַרבטע שילד, זי אַוועקגעשטעלט אף צוויי טאַבו־רעטקעס — אָנשטאָט אַ „סטאַלוגע״, האָט פונעם וועסטל־קעשענע אַרויסגענומען אַ שטיקל פּאַפּיר, עס מיר דערלאַנגט און געזאָגט:

— דאָס איז דער אויפשריפט וואָס מען דאַרף מאַכן און... „שוט״, ברודערל, וועלן מיר זען וואָס דו יאָכלסט!...

איך האָב מיט אַ שטיקל קרייד אָנגעוואָרפן דעם אויסלייג־פּלאַן, אָפּגעשנעלט מיט פאָדים די שורעס, אויסגעסקיצירט די בוכשטאַבן און אַ פרעג געטאָן:

— מיט וואָסער קאָליר זאָל איך שרייבן, פּאַניע פאַרשטענדיק?

— ווייסע בוכשטאַבן אף אַן אולטראַמאַרין־טלאָ! — האָט ער, נישט קוקנדיק אַפילע צו מיר, ווי אָפּגעשניטן.

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרכידעשטער. איך האָב נישט פאַרשטאַנען, ווי אַזוי קאָן איך עס שרייבן מיט ווייסן, אַז דער טלאָ איז דאָך גאָר אַ ווייסער:

— איר מיינט אַוואַדע פאַרקערט, פּאַניע פאַרשטענדיק, — האָב איך איבער־געפרעגט, — מיסטאָמע אַ ווייסן טלאָ מיט בלויע בוכשטאַבן...

ער האָט זיך שאַרף אַ דריי אויס געטאָן צו מיר און אויסגעשפּיגן:

— איר מיינט אַוואַדע פאַרקערט, פּאַניע פאַרשטענדיק, — האָט ער נאָכגע־שפּעט, — ניין, איך מיין טאַקע: ווייסע בוכשטאַבן אף אַ בלויען טלאָ!...

איך האָב אַלץ נישט פאַרשטאַנען. פאַרשטענדיק האָט מיר דאַן דערקלערט, אַז ער אַרבעט אפן אַמעריקאַנישן שטייגער, וואו מען „שפּאַרעוועט״ אַריין דעם טלאָ,

דאָס הייסט, אַז מען שרייבט אַריין דעם טלאָ, איבערלאָזנדיק די בוכשטאַבן ווייס...

איך האָב זיך דערפילט אומבאַקוועם. דאָס איז געווען דעם ערשטן מאָל וואָס מיר איז אויסגעקומען צו „שפּאַרעווען״ — אַ סאָרט אַרבעט, וואָס מען האָט צווישן באַלמעלאָכעס אין וואַרשע געהאַלטן פאַר אַ צלאָפּישע, פּאַטשקענדיקע. איך האָב אַ טראַכט געטאָן זיך אָפּצוזאָגן פון דער אַרבעט און אַוועקגיין. אָבער איך בין דערביי אויך געוואָרן פאַראינטריגירט כאָטש איינמאָל דאָס צו פּרובירן טאָן און זען צי איך וועל עס קענען מאַכן, מאַכמעס דער פּראָצעס פון אַרבעט איז דאָ אינגאַנצן אַ פאַרקערטער און דאָס אויג דאַרף זען, אַז די בוכשטאַבן זאָלן אַמאָל נישט אַרויסקומען ראַכיטישע, קרומע, אָן שום לייב און לעבן...

און עס איז מיר געלונגען. נאָך מער, איך האָב זיך צוגעוואוינט און עס האָט מיך שוין אַפּילע מער נישט געאַרט אַזוי צו אַרבעטן. מיט די סכירעס בין איך אויך געווען צופרידן און איך בין געבליבן אַרבעטן...

מיך האָט אָבער שטאַרק געערגערט, וואָס איך האָב געדאַרפט אַרבעטן אין דער קיך. וואו עס איז אָפט געשטאַנען אַ שאַרפער רויך פון דער קיך־פּליטע. מיך האָט אויך געקוועלט די הויכע וואַנט פון אַרום פּאַוויאַק, וואָס האָט זיך געזען פונעם פענצטער, וועלכעס איז אַרויס אפן וויענזשענע געסל, און איך בין מאַמעש פאַר־צערט געוואָרן פון מאָרע־שכוירע בעאייס איך האָב געזען ווי די אַרעסטאַנטן שפּאַ־צירן אַמאָל אין ווייטן טורמע־הויף. אָפט האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אָט־אָט וועט דאָרט אויסברעכן אַ געשלעג, אָדער אַ שיסעריי פון די וועכטער...

איינמאָל, שטייענדיק ביי דער אַרבעט אף מיין געוויינטלעכן פּלאַץ אין דער קיך, האָט אין מיינע אויגן אַ בלענד געטאָן אַ טונקעלער פלעק אף דער טורמע־וואַנט. איך האָב אַ קוק געטאָן און דערזען, ווי אַ מאַן אין ציווילע קליידער, — איינער וואָס האָט זיך באַוויזן אויבן אף דער וואַנט — האָט זיך פלינק אַ לאָז אַראָפּ געטאָן צו דער גאַס, געבליבן זיצן אַ רעגע אף דער ערד וואו ער איז געפאַלן, באַלד זיך אויפגעהויבן און אויפגעכאַפּט אַ צווייטן און אַ דריטן, וואָס האָבן זיך, אַזוי ווי ער, אויך אַרונטערגעלאָזט פון דער וואַנט.

ווען אַלע דריי זענען שוין געווען אף די פיס, האָבן זיי זיך געלאָזט לויפן צו דער פּאַווע גאַס צו און אַריין אין הויף וואו מיר האָבן געוואוינט...

אין פּאַוויאַק־הויף איז גלייך אויסגעבראָכן אַ פייפעריי. וועכטער — מיט ביקסן אין די הענט — האָבן גענומען לויפן הין און צוריק ווי פאַרסאַמטע מייז. עטלעכע מינוט שפּעטער איז דאָס וויענזשענע געסל געווען פול מיט פּאָליציי און טורמע־וועכטער. זיי האָבן זיך געיאָגט אין אַלע ריכטונגען, געזוכט, גענישטערט אין די אַרומיקע הויפן און ווידער זיך צונויפגעקומען. באַלד זענען צו מיר אין וואַרשטאַט אַריינגעלאָפן צוויי פּאָליציאַנטן און מיך גענומען פרעגן, צי איך האָב עפּשער געזען דריי אַנטלאָפענע און וואוהין זיי זענען געלאָפן.

איך האָב געלייקנט אַז איך האָב עפּעס געזען, ווייל איך בין געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט. אָבער איין פּאָליציאַנט איז צוגעשטאַנען צו מיר מיט פראַגעס,

פאַרוואָס איך האָב פאַרלאָזט מיין פריערדיקע שטעלע און ווער עס האָט מיך אַהער אַריינגעשטעלט, ווייל זיי האָבן אַ כשאַד, אַז נישט נאָר ווייס איך וועגן די אַנטלאָפענע, נאָר אַז איך האָב עס סיגנאַליזירט צו זיי, אַז דער וועג איז פריי:

— מיר וועלן אָף דיר האַלטן אַן אויג, באַכערל, — האָט ער געזאָגט ביים אַוועקגיין, — און בעסער היט זיך די ביינער!...

צו יענער צייט זענען די באַדינגונגען ביי אונדז אין פאַך געוואָרן אַלץ ערגער און ערגער. דער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, וואָס האָט געהאַט עקזיסטירט אַ שטיקל צייט, איז זיך פאַנאַנדערגעפאַלן, און די באַלעבאַטים האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט, גענומען איינפירן לענגערע אַרבעט־שאָען און געשניטן די סכירעס בײַ יעדן איינעם. יענע, וואָס זענען געווען אַגרעסיוו אינעם פעריאָד פון נאָכן ערשטן סטרייק, האָבן זיי אינגאַנצן אַרויסגעוואָרפן פון דער אַרבעט און מען איז געווען מאַכטלאָז זיך קעגנצושטעלן. יעדער איינער אין פאַך האָט געוואוסט, אַז מען מוז צוריק אויפלעבן דעם פאַריין, אויב מען וויל נישט בלייבן אָפן כעסעד פון די באַלעבאַטים און זיין אָפּהענגיק אין זייער גוטן ווילן צו צאָלן סכירעס אין צייט, וואָס איז געווען אַ זעלטנקייט בײַ זיי...

פאַרשטענדיק האָט געהאַט אַן אייגנאַרטיקן וועג פון צאָלן סכירעס. יעדעסמאָל האָט אים בעאַייסן צאָלן אויסגעפּעלט אַ רובל אָדער צוויי, וואָס ער האָט צוגעזאָגט אָפּצוגעבן אָף דער צווייטער וואָך. ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט, אָבער דערפאַר — מיט אַ וואָך שפּעטער — האָט אים שוין, אַנשטאָט צוויי רובל, „צוגעפּעלט" דריי־פיר. אין צען וואָכן אַרבעט איז ער מיר אַזוי־אַרום געבליבן הינטערשטעליק צען רובל — פאַר קנאַפּע צוויי וואָכן סכירעס. איך האָב פּראָטעסטירט, געפּאָדערט מיין געלט און... סאָף־קאָל־סאָף איז געמוזט לאָזן שטיין אינמיטן דער וואָך און אַוועק זוכן אַ צווייטע שטעלע. דעם כויוו האָט ער מיר שוין קיינמאָל נישט אָפּגעגעבן...

האָבן מיר, אַ גרופּע אינגלעך, זיך דעריבער געטראָפן איינמאָל אין אָוונט אָף דער גאַס, זיך דורכגעשמועסט און באַשלאָסן צונויפצורופן אַ פאַרזאַמלונג צו זען צוריק אויפצולעבן דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַריין. מיר איז איבערגעגעבן געוואָרן די אויפגאַבע צו באַזאָרגן אַ דירע פאַר דעם צוזאַמענקום.

אין יענער צייט איז אָבער נישט געווען פון די לייכטע זאַכן צו קריגן אַ פּלאַץ פאַר אַ פאַרזאַמלונג. דער פּאָליציייאישער טעראָר און שפּיאָנאַזש אַפּילע מיצאַד די סטרוזשעס פון די הייף, איז געווען אַ שרעקלעכער. מען האָט נאָכגעקוקט יעדן איינעמס טריט און טאָט, און באַלד געלאָזט וויסן דער פּאָליציי וועגן דעם. עס זענען אָבער דאָך געווען אָרעמע מענטשן, וואָס האָבן ריזיקירט און געלאָזט דורכפירן אַ פאַרזאַמלונג ביי זיך אין שטוב, מאַכמעס מען האָט דערפאַר געצאָלט דער באַלעבאָסטע צו דריי אָדער פינף קאָפּיקעס פאַר יעדן וואָס איז געקומען...

איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּשער וועט מיין מאַמע, דערפאַר וואָס דער טאַטע דרייט זיך אַרום אָן אַרבעט, צוליב נויט דערלויבן איך זאָל פאַררופן די פאַרזאַמלונג ביי אונדז אין שטוב. איך האָב פאָרזיכטיק איבערגערעדט מיט איר

וועגן דעם, און איר דערקלערט, אַז אויב זי וועט איינוויליקן, וועט דאָס איר אַריינברענגען אַרום אַנדערהאַלבן רובל פֿאַרדינסט.

טכילעס האָט זי אַפּילע נישט געוואָלט הערן דערפֿון און געטאַינעט:

— איך וויל נישט מען זאָל ביי מיר אין שטוב מוירעד בעמאַלכעס זיין. דער קייסער איז אַ געזאַלבטער פֿון גאָט און מען טאָר זיך אים נישט קעגנשטעלן...

האָב איך איר פֿאַרזיכערט, אַז די פֿאַרזאַמלונג האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן קייסער, נאָר מיט פּאָשעטע באַלעבאַטים, וואָס זויגן אויס דאָס בלוט ביי די אָרעמע באַלמעלאָכעס און לערן־אינגלעך; אַז דאָס גייען מיר מאַכן אַכדעס קעגן זיי:

— אָט, — האָב איך געזאָגט, — ווען עס וואָלט געווען אַכדעס באַ די זייפֿן־זידערס, וואָלט איטשע גוטראַט, וואָס איז רייך געוואָרן פֿון טאַטנס קענטעניש און פּראַצע, אים נישט געקאָנט אַרויסוואַרפֿן און צונעמען דעם געלן לייבושן, וועלכן ער האָט געקראָגן פֿאַר עטלעכע רובל אַ וואָך ווינציקער!...

די מאַמע האָט אַ רעגע געטראַכט און זיך אָפּגערופֿן:

— דאָס איז עפּעס אַנדערש! צו מאַכן אַכדעס ביי מענטשן, וועל איך לאָזן!... און באַלד צוגעגעבן:

— אייגנטלעך, וואָלט איך פֿאַר אַזאַ זאַך נישט געדאַרפֿט אייך רעכענען קיין געלט, ווי עס פּירט זיך. אָבער... דו ווייסט דאָך, מיין זון, אַז קיין פּאַרנאָסע איז נישטאָ און די פּאָר גילדן וועלן גוט צוניץ קומען...

פֿון פֿרייד האָב איך אַרומגעכאַפּט דער מאַמען און איר אַ קוש געטאָן. גלייך בין איך אַוועק איבערצוגעבן עטלעכע יאַטן וועגן פּלאַץ און צייט, אַז זיי זאָלן עס איבערגעבן די אַנדערע. דעם סטרוזש פֿון אונדזער הויף האָב איך געגעבן אַ האַלב־קערבל, ער זאָל זיך מאַכן נישט־זעענדיק און נישט פֿרעגן קיין פֿראַגעס.

צום אָוונט פֿון דער פֿאַרזאַמלונג האָב איך אונדזערע פֿענצטער פֿאַרהאַנגען מיט שווערע קאָלדרעס, קעדיי מען זאָל אַפֿן הויף נישט זען קיין ליכט פֿון אינע־ווייניק. אַפֿן הויף האָב איך אַוועקגעשטעלט מיין יונגערן ברודער, אַז ער זאָל די אָנקומענדיקע ווייזן וואו צו גיין, און אַליין זאָל ער דערביי האַלטן אַן אויג, אויב עמעצער זאָל אָנקומען פֿאַרן סאָף פֿון דער פֿאַרזאַמלונג.

אַלץ איז געגאַנגען קעשורע. מיר האָבן זיך שטילערהייט דורכגעשמועסט, אויסגעקליבן אַ סעקרעטאַר און קאַסירער, באַשטימט וועגן דעם מיטגליד־אָפּצאָל און באַשלאָסן צו רופֿן אַ צווייטע פֿאַרזאַמלונג, באַלד ווי עס וועט אויסגעאַרבעט ווערן אַ פּלאַן פֿון אַקציע און פֿאָדערונגען צו די באַלעבאַטים.

מיר האָבן דורכגעפֿירט אונדזער אַרבעט אין זיכערקייט, אַז קיינער האָט נישט באַמערקט און נישט געוואוסט וואָס ביי אונדז אין שטוב איז פֿאַרגעקומען. אָבער עמעצער פֿון הויף האָט אַפֿאָנים דערשנאַפּט און געלאָזט וויסן דער פּאָ־ליציי. צום גליק איז די פֿאַרזאַמלונג שוין געווען פֿאַרענדיקט און איך בין געהאַט אַרויס מיט די לעצטע צוויי כאַווײרים אַף דער גאַס אַרויס, ווען די פּאָליציי איז אָנגעלאָפֿן און געמאַכט אַן איבערפֿאַל אַף אונדזער דירע...

אַז איך בין מיט אַ שאַ שפּעטער צוריקגעקומען, האָב איך נאָך פונוויטנס באַמערקט, אַז ביי אונדז אין שטוב איז שטאַרק ליכטיק און איך האָב דערזען אַף די ווענט באַוועגלעכע שאָטנס, לויט וועלכע איך האָב דערקענט, אַז דאָס איז פּאָ־ליציי, וואָס מאַכט אַ זוכונג. איך האָב זיך אַ רוק געטאָן צו דער וואַנט צו, טראַכ־טנדיק וואָס צו טאָן, און פלינק זיך אַ לאָז אַרויף געטאָן צו סאַרע דער שניידערקע, וועלכע האָט געוואוינט מיט אַ שטאָק איבער אונדז, און וואו עס האָט זיך נאָך געלויכטן — אַ סימען, אַז מען איז דאָרט נאָך נישט געשלאָפן.

איך האָב שטיל אָנגעקלאַפּט און, ווען סאַרע האָט מיר געעפנט די טיר, איר באַוויזן מיט אַ פינגער צו מיינע ליפּן, אַז זי זאָל שווייגן און מיך אַריינלאָזן. מיר האָבן באַלד אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, אַראָפּגעוואָרפן די שיך פון די פיס, קעדיי מען זאָל אונטן נישט הערן אונדזערע טריט, און זיך אַוועקגעזעצט נישט ווייט פון פענצטער, צו זען ווען די פּאָליציי וועט אַוועק און איך וועל קאָנען צוריק אַרונטערגיין צו זיך.

עס האָט געדויערט אַוואַדע אַ פּאָר שאַ איידער די פּאָליציי איז אַוועק און מען האָט ביי אונדז אונטן פאַרלאָשן דעם לאָמפּ. איך בין שוין גרייט געווען אַראָפּ־צוגיין, אָבער סאַרע איז באַשטאַנען, אַז זי וועט בעסער פריער אַרונטערגיין צו אונדז, מיקלוימערשט צו לייען ביי דער מאַמען אַביסל ריצן־אייל פאַר איר קינד. באַלד איז זי צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז איך מעג אַרונטערגיין.

ווען איך בין אַריינגעקומען אין שטוב, איז די מאַמע געווען אַן אויפגערו־דערטע. זי האָט מיר געזאָגט, אַז באַלד ווי די פּאָליציי איז אַוועק, האָט זי זיך געכאַפּט, אַז צוזאַמען מיט זיי זענען פאַרשוואונדן עטלעכע זאַכן פון הויז. עס האָט איר געפעלט דאָס מעשענע שטייסל מיטן מאַרזשער, מיינס אַ ניי אויבער־העמד און דעם טאַטנס אַ שאַכטל מיט נאָר־וואָס אָנגעשטאָפּטע פּאַפּיראָסן. די פּאָ־ליציי האָט אויך געהאַט פאַרנומען מיינע עטלעכע העפטן, אין וועלכע איך האָב געהאַט פאַרשריבן מיינע לידער און סקיצן, ווי אויך אַ טאָג־בוך, וואָס איך האָב געפירט די לעצטע פּאָר יאָר. די מאַמע האָט געזאָגט, אַז עס וואָלט בעסער געווען איך זאָל נישט שלאָפן אין הויז, ווייל די פּאָליציי וועט אַוואַדע ווידער קומען מיך זוכן, מאַכמעס זיי האָבן זיך שטאַרק נאָכגעפרעגט אַף מיר.

איך האָב אָבער אַף לאַנג נישט געדאַרפט אַוועקגיין פון הויז. אַביסל שפּעטער האָט דער טאַטע געקראָגן אַ נייע שטעלע ערגעץ אין אַ שטעטל פון לאָמזער גובערניע, און זיך אַרויסגעקליבן אַהינצו מיט דער גאַנצער פאַמיליע...

איך — נאָכן אָפּאַרבעטן עטלעכע וואָכן אין עטלעכע וואַרשטאַטן — בין צוריק אַוועק אַרבעטן צו הילעל עפּשטיינען און זיך ווידער איינגעאָרדנט אַ געלעגער אַף דעם אימפּראָוויזירטן באַלקאָנדל ביי אים אין וואַרשטאַט...

* * * * *

# אַ פאַרשטערטער ערשטער מאַי

די באָבע צערטל — דעם טאַטנס מאַמע, ווען מיר, קינדער, האָבן גערופן די „גרויסע" באָבע — איז געווען אַ פאַרשוין אַ אידענע און געהאַט אַ מאַיעסטעטישן אויסזען, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אָפּשיי צו איר. געשטאַמט האָט זי פון אַ גוויריש־סאָכרישער מישפּאָכע, און האָט אויך געהאַט אַ גוט לעבן ביי איר מאַן — דעם זיידן, וועלכער איז געווען אַ רייכער וואַלד־סויכער. ער איז אָבער יונג געשטאָרבן פון אַ בלוט־פאַרגיפטיקונג, וואָס ער האָט געקראָגן פון אָפּרייבן זיך דאָס געזעס בעאייס ער איז געפאָרן אַף אַ ברישקע קיין קראָקע צוליב זיינע מיסכאָרים. נאָך זיין טויט האָבן די געשעפטן געפּלאַצט ווי אַ פּענכער. די באָבע — אַ פאַראָרעמטע, אָן אַ גילדן באַרע געלט — איז שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין וואַרשע, וואו איר זון — מיין טאַטע, האָט איבער אָן אָפּגעלאָזטן שידעך (טאַקע איבער דער פאַראָרעמונג) זיך געפונען שוין פון פריער. ער האָט נישט געקאָנט בלייבן אין שטעטל נאָכדעם ווי די מעכוטאָנים האָבן אים אָפּגעשיקט די טנאָאים מיט די קאַלע־מאַטאָנעס און פאַרלאַנגט פון אים, אַז ער זאָל צוריק אָפּשיקן דעם גאָלדענעם זייגער...

די „גרויסע" באָבע איז אָבער אַלץ געבליבן אַן אָנגעבלאָזענע, שטאַלטנע מעיוכעסעסטע און נישט געוואָלט אָנקומען צו אירע קינדער. זי האָט אַפילע נישט געוואָלט וואוינען נישט ביים זון און נישט ביי דער טאָכטער — די מומע פערל. זי האָט זיך געהאַט איר פילאָזאָפיע:

— „אַליין — איז די נעשאָמע ריין!..."

כאָטש זי איז שוין געווען אַף דער עלטער, האָט זי זיך פונדעסטוועגן טאָמיד געהאַלטן ריין און געפּוצט, האָט געטראָגן אַ זיידענע אָדער סאַמעטענע קאָפּקע מיט קווייטן, פעדערן, בענדער און שפּיצן, וואָס האָט צוגעדעקט איר ריין־געגאָלטן קאָפּ. און כאָטש זי האָט געליטן פון עפּעס אַזאַ מין פּאַראַליז, וואָס האָט ביי איר פאַרשטייפט די געלענקען און אויסגעקרימט די פינגער פון אירע הענט און פיס, — האָט זי פונדעסטוועגן זיך אַליין מעפּאַרנעס געווען דורך איר אייגענער פּראַצע. זי איז געווען אַ „גייערין", געגעבן אַף אויסצוצאָלן זיידנצייג, טוך, לייוונט אָדער וועבל פאַר אויסשטייער צו אָרעמע קאַלע־מיידלעך, און אויך אַנדערע מינים סכוירעס צו אָרעמע באַלמעלאָכעס.

לעהייפעך דער „קליינער" באָבען, וועלכע איז געווען אַ וואויל־געלערנטע, — האָט זי, די „גרויסע" באָבע נישט געקענט שרייבן אָדער לייענען, אַ כוץ

דאַווגען אין סידער, לייענען אירע טכינעס און דאָס טייטש־כומעש. אָבער נישט געקוקט דערויף האָט זי דאָך אָנגעפירט איר קאָמפּליצירטן מיסכער און „פאַרשריבן” אין אַ ביכעלע אַריין יעדע סכוירע וואָס זי האָט וועמען געגעבן אָף אויסצוצאָלן. זי האָט אין דעם ביכעלע געהאַט אַ באַזונדער זייטל פאַר יעדן קונד אירן און, יעדעסמאָל וואָס זי האָט ביי וועמען געקראָגן די וועכנטלעכע ראַטע — אַ רובל, אָדער אַ האַלבן אפן כויוו, האָט זי מיט אַ בלייפּעֶנדל פאַרשריבן אַזעלכע מאָדנע קאָטשערעס און לאָפּעטעס, וואָס קיינער — אַפילע נישט קיין פּראָפעסאָר פון עגיפּטישע הערגליפן — וואָלט געקענט דעשיפרירן. זי, אָבער, האָט מיט בלויז איין קוק גלייך געקאָנט זאָגן ווער עס איז איר נאָך וויפל שולדיק; ווער עס צאָלט רעגולער די ראַטעס און צו וועמען זי דאַרף זיך שלעפּן אַ דריי־פיר מאָל מיט אירע קראַנקע, שטייפע פיס איבער די הויכע שטאָקן, איידער זי קאָן פון יענעם אַרויסרייסן אַ קערבל אפן כויוו... איבער אָט דעם „פאַרשרייבן” אירן איז טאַקע נאָך איר טויט פאַרפאַלן געוואָרן איר גאַנץ פאַרמעגן. קיינער פון אירע קונדן האָט זיך נישט געיאָגט מוידע צו זיין, אַז ער איז שולדיק געבליבן געלט. דער טאַטע האָט דעריבער געדאַרפט באַצאָלן סיי פאַר טאַכריכים און סיי פאַר קאַרקע, קעדיי זי צו קייווער־איסראָעל ברענגען...

געשטאָרבן איז די „גרויסע” באָבע ערעוו דעם ערשטן מאַי, און די לעוואַיע איז אויסגעקומען פונקט דעם ערשטן מאַי אינדערפרי, בעאייס די אַרבעטער אין וואַרשע זענען אַרויס אף די גאַסן מיט דעמאָנסטראַציעס...

איך — כאָטש איך האָב ליב געהאַט די „גרויסע” באָבע, ווייל זי פלעגט מיר אָפט געבן אַ פאָר גראָשן איך זאָל איר אַרויפטראָגן אַ פעקל מיט סכוירע צו אַ קוינע, אָדער אַרויפלויפן צו עמעצן נאָך אַ ראַטע — האָב אָבער געהאַט פאַרדראָס אף איר, וואָס זי האָט אויסגעקליבן צו שטאַרבן גראָד ערעוו ערשטן מאַי. איך בין געווען אַזוי אויפגעטראָגן, אַז איך האָב אַזש געטראַכט נישט צו גיין צו דער לעוואַיע.

פאַרדראָסן האָט מיך דער איקער דערפאַר, וואָס גראָד אָט דער ערשטער מאַי איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב געדאַרפט אנטייל נעמען אין דער דעמאָנסטראַציע. צו דעם דאָזיקן אַרבעטער־יאָנטעוו האָב איך זיך געגרייט מיט האַרץ־געפלאַטער און גרויס פיעטעט. נאָך מיט עטלעכע וואָכן פאַרן ערשטן מאַי האָב איך — צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יאַטן פון פאַך — געהאַט אויספלאַנירט ווי אַזוי אַריינצוציען נאָך אַנדערע אינגלעך, — יענע, וואָס האָבן זיך „נישט געמישט אין דעם”. מיר האָבן אַפילע געהאַט צוגעגרייט עטלעכע טראַנספאַראַנטן און רויטע פענער, און עס איז באַשטימט געווען, אַז איינעם פון די פענער זאָל טאַקע איך אַליין טראָגן ביי דער דעמאָנסטראַציע. אונדזער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין, דאָס הייסט, מיר, די „פאָרשטייערס” פונעם פאַריין, האָבן געהאַט אַ „זיצונג”, וואָס דאָס האָט אייגנטלעך געמיינט, אַז גייענדיק אף אונדזער בירזשע, אף דער דזשעלנע גאַס, נישט ווייט פון דער דזשיקע, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דאָס פאַך

מוז נעמען אנטייל אין דער דעמאָנסטראַציע און אַז נישט נאָר דאַרפֿן מיר זען צוגרייטן אַ פֿאָן פֿאַר זיך אַליין, נאָר — ווי מען האָט פֿאַרלאַנגט פֿון דער צענט־ראַלע — מיר מוזן מאַכן נאָך צוויי פֿענער פֿאַר צוויי אַנדערע פֿאַכן...

נישט אַזוי גרינג איז אונדז אָבער אָנגעקומען צו מאַכן די דאָזיקע דריי פֿענער. דערצו זענען געווען צוויי שטערונגען. ערשטנס, האָט מען זיי דאָך גע־דאַרפֿט מאַכן אין אַ וואַרשטאַט, און קיין מייסטער וואָלט זיכער נישט דערלויבט, אַז מען זאָל עס טאָן ביי אים. צווייטנס, טאַקע די פּראָבלעם פֿון קויפֿן דעם מאַטעריאַל פֿאַר די פֿענער. עס איז פּאַשעט געווען אַ גרויסע ריזיקע אַריינצוגיין אין אַ קראָם פֿון שניט־סכוירע און זיך הייסן געבן רויטן צייג אָדער זיידנס. באַלד פֿלעגן די סאָכרים נעמען פֿרעגן צו וואָס מען דאַרף דאָס האָבן און גע־פּראָבירט איינרעדן, אַז מען זאָל קויפֿן אַן אַנדערע קאָליר. עס איז געווען צו דערוואַרטן, אַז דער שניט־סויכער — קעדיי צו באַווייזן, אַז ער האָט דערמיט קיין שייכעס נישט געהאַט — זאָל מעלדן דער פּאָליציי וועגן אָט דעם פֿאַרקויף און דאָס וואָלט זיכער געמיינט צאָרעס פֿאַר אונדז...

איז וועגן דער ערשטער פּראָבלעם האָבן מיר זיך גיך אָן אייצע געטאָן. מיר האָבן צווישן זיך אָפּגעמאַכט, אַז איך און נאָך עטלעכע יאַטן וועלן עס מאַכן אין אַ שאַבעס, ווען מען אַרבעט נישט. מיר וועלן זיך פּאַשעט אַריינגאַנווענען אין וואַרשטאַט אַריין, פֿאַרשטעלן מיט שילדן דאָס פֿענצטער און די געגלאָזטע טיר, און וועלן איבערן טאָג פֿאַרטיק מאַכן די פֿענער. אָבער דאָס קויפֿן די סכוירע — דאָס איז געווען קימאַט אומעגלעך. וואָרים בעעמעס, וואָס וועלן מיר זאָגן דעם סויכער בעאייס ער וועט אונדז אַ פֿרעג טאָן צוליב וואָס ווילן מיר דאַווקע גראָד רויטע זיידנס און גראָד פֿאַרן ערשטן מאַי?...

מיר האָבן דעריבער ווידעראַמאָל אויפֿגענומען די פֿראַגע ביי אַ „זיצונג“ פֿונעם פֿאַריין און... איך בין געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן.

אַרונטערצו, אויף דער אַנדערער זייט פֿון דער זעלבער דזשעלנע גאַס, וואו מיר האָבן געהאַט אונדזער בירזשע, איז אויך געווען די בירזשע פֿון די וועש־נייטערקעס — איינע פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, פֿאַר וועלכער מיר האָבן טאַקע געדאַרפֿט צוגרייטן אַ פֿאָן. מיר, די צוויי פֿאַרשטייערס, האָבן אַריבערשפּאַ־צירט צו זיי און געהאַט אַ געמיינשאַפֿטלעכע „זיצונג“ מיט די פֿאַרשטייערס פֿון זייער פֿאַריין — צוויי נייטערקעס, פֿון וועלכע איינע איז געווען נאָך אַ יונג מיידל פֿון אַ יאָר אַכצן־ניינצן, און די צווייטע — אַ פֿרוי פֿון אַ יאָר פֿערציק. און אָט אַזוי, שפּאַצירנדיק די גאַס עטלעכע מאָל אַרויף און אַראָפּ, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז נישט נאָר וועלן זיי דאַרפֿן אָפּשטעפּן די זיימלעך אויף די פֿענער, נאָר אויך אַז זיי, די צוויי פֿרויען, וועלן גיין קויפֿן די סכוירע צוזאַמען מיט מיר און מיר וועלן עס מאַכן אויף אַזאַ אויפֿן, אַז עס זאָל נישט פֿאַלן קיין כשאַד...

אויף צומאָרגנס אין אָוונט זענען מיר אַלע דריי אַוועק אויף די נאַלעווקעס, צווישן די שניט־קראָמען, און זענען אַריין אין איינער וואָס איז אונדז געפֿעלן

בעסער ווי די אַנדערע. דער שניט־סויכער — אַן עלטערער איד מיט אַ שיינער, שוואַרצער באָרד — איז אונדז אַנטקעגנגעקומען מיט אַ ברייטן שמייכל:

— אַ גיט־נאַוונט, וואוס עט עץ זוגן גיטס?!...

די עלטערע פרוי, העניע האָט זי געהייסן, האָט געענטפערט:

— ווייזט אונדז עפּעס אַ שטיקל זיידנס אף אַ בלוזקע פאַר מיין מיידל!...

דער איד איז אַריין הינטערן בופעט, זיך אומגעקוקט אף דער פּאָליצע, וואו עס איז ביי אים אַפּאַנים געלעגן דאָס זיידנצייג, און אַ פרעג געטאָן:

— סאָרא שטאַיגער זיידנס ווילן זי האָבן?...

— כ'ווייס... — האָט העניע זיך ווי געאישעווט, — ווייזט מיר עפּעס אַ שיין שטיקל סכוירע מיט שיינע קווייטעלעך!...

דער איד האָט אַרונטערגענומען פון דער פּאָליצע אַ שטיק סכוירע, קונציק עס אַ צענעם געטאָן און אויסגעשפּרייט אפן בופעט. דערנאָך, אַנגעמענדיק אַ שפּיץ זיידנס און גלעטנדיק עס, האָט ער ווי אויסגעזונגען:

— דוס איז איצט אין דער מאָדע, — האָט ער אַ קוק געטאָן אף דער יונגערער, און מיט כניפע צוגעגעבן, — עס פּאַסט זייער גיט פאַר שאַינע מאַידלעך מיט סמוגלע פּענימלעך...

העניע האָט אויך אַ טאַפּ געטאָן דאָס זיידנס און איז געווען צופרידן. זי האָט פונדעסטוועגן זיך אַ ווענד געטאָן צו דער „טאָכטער":

— נו, ווי געפעלט עס דיר, ראָכעלע? זע נאָר ווי זי שטייט עפּעס נאָר ווי אַ גוילעם. וואָס שווייגסטו? ס'איז דאָך פאַר דיינעטוועגן...

די „טאָכטער" — זי האָט אַפילע גאָרנישט געהייסן ראָכעלע — האָט שעמעוודיק, אָבער מיט שטילער אַקשאָנעס, אַ ברום געטאָן:

— די מאַמעשי ווייסט גאַנץ גוט, אַז איך וויל אַ גאַנץ קליידל, נישט קיין בלוזקע מיט אַ יופּקע, און אַז איך האָב ליב גלאַטע קאָלירן, אָן צאַצקעס... וואָרים, אַז די מאַמעשי לאָזט שוין יאָ מאַכן, וויל איך זיין צופרידן...

און צו מיר שטיל צוגעוואָרפן:

— וואָס זאָגסטו, „אָרן"?...

איך האָב בלויז אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען און גאָרנישט געזאָגט.

דער סויכער, אַפּאַנים טראַכטנדיק, אַז אַזוי ווי פאַר אַ גאַנץ קליידל דאַרף מען האָבן מער סכוירע ווי פאַר אַ בלוזקע, האָט געהאַלטן מיטן מיידל:

— איך האָב שאַינע גלאַטע זיידנס — אַ פראַכט!...

און, נישט וואַרטנדיק אף קיין באַשטעטיקונג, אַראָפּגענומען פון דער פּאָליצע אַ שטיק גרין זיידנס און, פונקט ווי פריער, עס קונציק אַ צענעם געטאָן און צעלייגט איבער דעם בופעט:

— טאַפּן זי נאָר אָן אַ שטיקל סכוירע! — האָט ער געזאָגט, — עס איז אַ סאַטין־דע־ליאָן — פראַנצויזישע וואָרע — אַן אַנטיקל!...

העניע האָט אַ מעהייכעטייסעדיקן שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי זי וואָלט שוין

גרייט געווען צו הייסן אָפּשניידן. אָבער „ראָכעלע" איז געשטאַנען אַ גלייכגילטיקע און געוואַנדערט מיט די אויגן איבער דער פּאָליצע, וואו עס זענען געלעגן עטלעכע שטיקער רויטער זייד. זי האָט, ווי אין דער וועלט אַריין, געזאָגט:

— מיר געפעלט נישט קיין גרינס, מאַמעשי! מיר פּאַסט נישט קיין גרינס!

איך האָב דערפילט, אַז איך דאַרף זיך אַריינמישן:

— כ'מיין טאַקע, — האָב איך געזאָגט, — פּאַרוואָס אַרויפציען אַף „ראָכעלען" אַ גרינעם שעוויעס גאַר? זאָל די מעכוטענעסטע נעמען אַן אַנדער קאָליר, אַ שיינעם טונקל־בלוי, לעמאָשל. וואָס זאָגסטו, ראָכעלע?...

„ראָכעלע" האָט אַ ברויגעזן קוק געטאָן אַף מיר און זיך אָפּגעקערט:

— איך האָב פיינט גרין און האָס בלוי. איך האָב ליב רויט! וואָרים אַז שוין יאָ זיך לאָזן מאַכן אַ קלייד, ווייל איך דערפון האַנאָע האָבן...

איך האָב ווידער אַ הייב געטאָן מיט די אַקסלען:

— נע, צייט איך לעב, רויט גאָר?!...

העניע האָט אָנגעהויבן בייז ווערן:

— האָסט קיין סייכל נישט! — האָט זי זיך געבייזערט אַף דער „טאָכטער".

— וועלכעס באַלעבאַטישע מיידל טראָגט עס אַ רויט קלייד? מען וועט דאָך דיר נאָכלויפן איבער די גאַסן און נאָכטייטלען מיט די פינגער...

„ראָכעלע" האָט זיך אָבער נישט געלאָזט. זי האָט דרייסט געענטפערט:

— די מאַמעשי האָט אַליין געזען ברוכטשע דעם שויכעטס ניי קליידל, אויך אַ רויטס, און געזאָגט, אַז עס איז שיין. זי מעג? זי איז אויך אַ באַלעבאַטיש קינד. אַ כוץ דעם, וואָס דאַרף איך קוקן אַף יענעם? איך ווייס, אַז מיר פּאַסט רויט צום פּאָנים. עס מאַכט מיך אויסקוקן בעסער...

— וואָס זאָגט איך נישט צו איר? — האָט העניע זיך אַ ווענד געטאָן צום סויכער. — האָט איר שוין עפּעס אַ סאַך רויטע זיידנס פּאַרקויפט צו פיינע און לייטישע אידישע קינדער?

דער איד האָט זיך צעלאַכט:

— אַזויפיל גיטס זאָל איך האָבן! אָט, מיין אייגענע טאָכטער, זאָל לעבן, האָט זיך אָנומלטן אויך גענומען אַ רויט שטיקל זייד אַף אַ קלייד און אַזאַ יאָר שאַין אַף מיר ווי שאַין עס זעט אויס אַף איר...

— הערסטו שוין, מאַמעשי?! — האָט „ראָכעלע" טריומפירט.

העניע האָט זיך נאָך געאישעווט אַ ווייל און ענדלעך געזאָגט:

— מיילע־נו, ווייזט אַרונטער עפּעס אַ שיין שטיקל רויטע זיידנס!...

ווידער האָט דער סויכער אַ שפּרייט אויס געטאָן אַ שטיק סכוירע — אַ בלוטיק־רויטע זיידנס — פּונקט דאָס וואָס מיר האָבן געוואָלט. „ראָכעלע" איז דערצו ווי צוגעזאָגטן געוואָרן, האָט עס געטאַפּט, געקנייטשט אַ ברעג, עס אויפּ־געהויבן, געקוקט קעגן דער ליכט און היסלאַיוועסדיק געזאָגט:

— אוי, מאַמעשי, זע נאָר ווי שיין דאָס איז! ווי שיין!...

העניע האָט גענומען דאָס שטיק סכוירע, אַריבערגעוואָרפן אַ פּאָלע איבער „ראָכעלעס" אַקסל, עס אויסגעגלייכט, דראַפּירט אַרום איר טאַליע און געהייסן זי זאָל אַ קוק טאָן אין שפּיגל. „ראָכעלע" האָט זיגעריש געשמייכלט:

— נו, זאָל שוין טאָקע די מאַמעשי אַליין זאָגן צי עס פּאַסט מיר נישט...

העניע האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— וואָס זאָגסטו, „אָרן", האַ?...

— ווי די מעכוטענעסטע וויל, — האָב איך געהויבן מיט די אַקסלען, — קאָל־זמאַן זי איז נאָך אין אייער רעשוס — האָט איר די דייע. אָט, נאָך דער כאַסענע מערטשעם, אַז איך וועל געבן די מייע, וועל איך האָבן די דייע...

— אָבער ווי געפעלט זי דיר? — האָט העניע נישט אָפּגעלאָזט.

— זי איז מיר שוין לאַנג געפעלן, — האָב איך זיך געוויצלט. — און זי וועט מיר געפעלן אין יעדער קאָליר...

— אַ וואוילער יונגערמאַן, — האָט דער סויכער מיך קאָמפּלימענטירט, — קימץ נאָך דער כאַסענע מערטשעם, וועל איך אייך פיין באַהאַנדלען...

ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צום צאָל־שטאָק — גרייט אָפּצומעסטן די סכוירע און, ווי יוצא צו זיין, זיך אַליין אַ פרעג געטאָן:

— איז וויפל, זאָגט איר, דאַרף מען האָבן אויף אַ קלייד, לאָמיך נאָר זען... פּאַר אַ פּאָשעטע קלייד דאַרף מען האָבן אַכט איילן. אָבער אויב מיט פּאַנטיפלויש־קעלעך און פאַלבאַנעס, איז נייטיק צען איילן צום ווינציקסטנס...

„ראָכעלע" האָט זיך ווידער געדאַרפט אַריינמישן:

— עס וועט זיין אַ קלייד מיט, ווי איר רופט עס, פּאַנטיפלושקעלעך. איך וועל עס לאָזן מאַכן מיט פאַלדן און מיט אַ פאַלערינקעלע פון אויבן. איך רעכן, מאַמעשי, אַז מען דאַרף טאָקע האָבן צען איילן. וואָס זאָגסטו?...

מיטן פּרייז איז מען גיך דורכגעקומען און עטלעכע מינוט שפּעטער האָבן מיר אַרויסגעשפּאַצירט פון דער קראָם מיטן פּעקל זיידנס אונטער מיין אָרעם.

אַלץ איז דורכגעגאַנגען קעשורע. די צוויי פרויען האָבן איבערגענומען ביי מיר דאָס זיידנס און אויף צומאָרגנס עס מיר צוריקגעגעבן שוין צעשניטן אויף דריי טיילן און מיט אָפּגעזוימטע ברעגן פאַר דריי פענער.

דעם זעלבן שאַבעס האָבן מיר, דריי יאַטן פון טרעמבאָטשס וואַרשטאַט און צוויי כעוורע פון אַנדערע וואַרשטאַטן געאַרבעט אויף די פענער. צוויי האָבן געשריבן, אַנדערע צוויי האָבן געגילדט, און דער פינפטער האָט זיי אַרויסגעענדיקט. עס האָבן זיך באַקומען דריי בעעמעס פּראַכטיקע פענער, און מיר זענען זיכער געווען, אַז זיי וועלן פון אַלעמען באַוואונדערט ווערן בעאייס דער דעמאָנסטראַציע דעם קומענדיקן ערשטן מאַי יאָנטעוו.

מיין פּאַרדראָס און צעוויטיקטקייט איז דעריבער געווען זייער גרויס, בעאייס איך — אַהיימקומענדיק פון דער אַרבעט אין אָוונט ערעוו דעם ערשטן מאַי — האָב זיך דערוואוסט, אַז די „גרויסע" באָבע איז געשטאָרבן און אַז מאָרגן אינדערפרי,

טאַקע דעם ערשטן מאַי, וועט זיין די לעוואַיע. און כאָטש איך האָב נישט געהאַט בעדייע אויסצוזאָגן דעם טאַטן, אַז עס גרייט זיך אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע, האָב איך דאָך אים געפּרוּווט איבערצייגן, אַז ער זאָל אָפּלייגן די לעוואַיע אויף אַ טאָג נאָכן ערשטן מאַי, ווייל עס וועט פּאַסט זיין אַ סאַקאָנע צו גיין איבער די גאַסן בעאייס די אַרבעטער־מאַסן וועלן דאָרט דעמאָנסטרירן...

דער טאַטע האָט אָבער נישט געוואָלט הערן פון קיין אָפּלייגן. ער האָט גע־טאַיִנעט, אַז ערשטנס, לויטן אידישן דין טאָר מען נישט האַלטן קיין באַר־מינאַן מער ווי איבער נאַכט און מען מוז אים צו קוואָרע ברענגען אפן צווייטן טאָג. צווייטנס, אַז עס איז ביכלאַל נישט אין זיין האַנט, ווייל די באָבע איז געשטאָרבן אין שפּיטאָל און מען מוז זי אַרויסנעמען פון דאָרט, אַנדערש וועט מען זי מע־קאַבער זיין אפן ברודנער בעסוילעם. דריטנס, אַז עס איז נישקאָשע, קיינער וועט נישט טשעפּען אַ לעוואַיע...

איך האָב זיך געמוזט אונטערגעבן און בין געגאַנגען צו דער לעוואַיע, וואָס האָט זיך געצויגן דורך די זייטיקע הינטער־געסלעך, פונעם שפּיטאָל אין טשיסטע ביז צום בעסוילעם אויף דער אָקאָפּאָווע ביי דער גענשע גאַס, אַזוי אַז מיר האָבן אויסגעמיטן יענע גאַסן דורך וועלכע די דעמאָנסטראַציעס זענען געווען פּלאַ־נירט. צו דער דעמאָנסטראַציע בין איך שוין יענעם ערשטן מאַי, פאַרשטייט זיך, נישט געגאַנגען.

אין אָוונט, אַז מיר זענען אַהיימגעקומען פון בעסוילעם, האָבן מיר זיך דער־וואוסט, אַז די דעמאָנסטראַציעס זענען נישט דורך אָן בלוט־פאַרגיסונג. מען האָט דערציילט, אַז די פּאָליציי האָט געשאָסן אויף די דעמאָנסטראַנטן און אַז עס זענען געפאַלן אַ צאָל קאָרבאָנעס, פאַרוואונדעטע און אַפילע געהאַרגעטע.

דער טאַטע, בעאייס ער האָט זיך אָוועקגעזעצט שיווע, האָט בלויז טרויעריק אַ קוק געטאָן אויף מיר און ווי צו זיך אַ מורמל געטאָן:

— ווער ווייסט, עס קאָן זיין, אַז דו דאַרפסט גאָר דאַנקען דער באָבען, וואָס זי איז נעכטן געשטאָרבן און האָסט היינט געדאַרפט גיין צו איר לעוואַיע. ווער קאָן וויסן צי מיר וואָלטן מאָרגן נישט געדאַרפט גיין צו דיין לעוואַיע, ווען דו וואָלסט היינט געגאַנגען צו דער דעמאָנסטראַציע...

איך האָב אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך פאַרטראַכט...

* * * * *

# איך ווער אַ סטאַטיסט

מיין אינגערער ברודער באַרעך איז איינמאָל פלוצים צוגעקומען צו מיר מיט אַ געדולע און מיך פריידיק אַרומגעכאַפּט:

— ווייסט, — האָט ער אַ שטראַלנדיקער אויסגערופן, — איך בין געוואָרן אַ סטאַטיסט אין מוראַנאָווער טעאַטער ביי קאָמפּאַניעיעצן!...

איך, וואָס האָב שטאַרק ליב געהאַט טעאַטער און געכאַלעמט וועגן קאָנען ווען עס איז זיין הינטער די קוליסן, בין מיין ברודער מעקאַנע געווען. נאָך פון קליי־נערהייט, ווען איך בין קוים געווען עטוואָס עלטער פון זעקס יאָר, האָט טעאַטער מיך ווי פאַרקישעפט. דעמאָלט האָט דער טאַטע, איינמאָל אין אַ שאַבעס־צו־נאַכט, געזאָגט דער מאַמען, אַז ער האָט געקראָגן צוויי בילעטן צו גיין זען „מאַלקע שוואַרצנקאָפּ", וואָס מען שפילט אין די „קולאַרן", און געוואָלט זי זאָל מיטגיין. אָבער די מאַמע — אַ פאַנאַטיש־פרומע אידענע — האָט נישט געוואָלט הערן דער־פון. זי האָט געהאַלטן, אַז אַ איד — קאָל זמאַן ער איז אין גאָלעס — טאָר זיך נישט מעסאַמייעך זיין מיט טעאַטער. דערביי האָט זי דעם טאַטן אויסגערעדט, וואָס ער וויל גיין זען ווי פאַרשייטע נעקייוועס זינגען און טאַנצן. ער האָט איר גוטמוטיק אָפּגעענטפערט, אַז אויב זי וויל נישט גיין, וועט ער מיך מיטנעמען...

אַ גאַנצע וואָך נאָך דעם שמועס האָב איך, בעאייסן דאַוונען, גאָט געבעטן, אַז די מאַמע זאָל נישט כאַראַטע האָבן, און איך זאָל קאָנען גיין אין טעאַטער אַריין. וואָס טעאַטער איז אַזוינס, — האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געוואוסט און נישט באַגריפן. אין מיין פאַנטאַזיע האָט עס זיך אויסגעמאָלט ווי עפּעס אַ גאָר גרויסער גאָרטן, קימאַט אַ גאַן־אײדן, מיט אַלערליי אויסטערלישע גוטע פּיירעס, וואָס יעדער איינער רייסט דאָרט אָפּ פון צוים און עסט. אַז מען איז דאָרט פריילעך און אַז מען זינגט לידלעך, האָב איך געוואוסט סיי פון דער מאַמעס רייד און סיי פונעם ליד, וואָס זי אַליין פלעגט מיר אָפּט זינגען:

— „אין דעם בעסאַמיקדעש, אין אַ ווינקל כיידער,
זיצט די אַלמאָנע באַס־ציען אַליין;
איר בען יאָכידל, אידעלע, וויגט זי קעסיידער
און זינגט אים אַ לידל צום שלאָפן־גיין —
איי־ליו־ליו־ליו..."

די מאַמע איז טאַקע נישט געגאַנגען. מיך האָט זי אָבער אויסגעפּוצט אין מיין נייעם יעגער־גאַרניטערל מיטן גרינעם קאַפּעלישל, און אין די שטיוועלעך

מיט די שיינע כאַליעוועקעס, וואָס דער טאַטע האָט מיר געהאַט געקויפט אַ מאָטאָנע צו מיין זעקסטן געבוירנטאָג...

באַלד באַ מיין אַריינקומען אין טעאַטער, בין איך געווען פאַרגאַפט. אָבער אַנשטאָט אַ גאָרטן, וואָס איך האָב געכאַלעמט צו זען, איז עס גאָר געווען אַ גרויסע שאָפּע מיט אַ דיל פון ערד, און האָט געשמעקט מיט פערד־מיסט, אַקוראַט ווי ביים „שטומען" אַזריעלן אין שטאַל, מאַכמעס דאָס איז טאַקע געווען אַן אָרט וואו מען האָט געוויינטלעך מושטירט די פערד פון אַ הוסאַרן־פּאָלק.

די שפּיל גופע, וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען, געדענק איך נישט. אָבער איך בין געווען אַנטוישט. איך געדענק בלויז, אַז עס האָט מיך פאַרדראָסן וואָס מען זינגט נישט דאָס לידל „אין דעם בעסאַמיקדעש", נאָר גאָר לידלעך אָף פּויליש, וואָס איך האָב קנאַפּ פאַרשטאַנען. פונדעסטוועגן איז אין מיין זיקאָרן נאָך ביז היינט פאַרבליבן דער פריילעכער טאַנץ און דאָס מאַ־יאָפּעס־ליד, וואָס אַ כאָר פון פרויען און מענער — אָנגעטאָן אין בערד מיט פּייעס און אין לאַנגע קאַפּאָטעס מיט גרויסע טאַלעס־קאָטנס — האָבן לעבעדיק־פריילעך געזונגען, צופּאַטשנדיק דערביי מיט די הענט און צוטופּענדיק מיט די פיס, אומגעפער אַזוי:

„טידל־לידל־לאָם — פּאַטש־פּאַטש־פּאַטש!
לידל־טידל־טאָם — טופּ־טופּ־טופּ!
כאָסן־קאַלע, קאַלע־כאָסן, כאָסן־קאַלע — מאַזל טאָוו!..."

שפּעטער, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט ענדלעך דערלויבט אידיש טעאַטער אין וואַרשע, און קאַמינסקי מיט ספּיוואַקאָווסקין האָבן אָנגעהויבן שפּילן אין מוראַנאָווער פּאַרק, בין איך געווען ביי דער ערשטער פאָרשטעלונג „שולאַמיס", און דערנאָך קימאַט נישט פאַרפעלט קיין איינציקע פאָרשטעלונג, ביז זיי האָבן זיך צעקריגט און דאָס טעאַטער איז צוגעמאַכט געוואָרן אָף אַ צייט...

נאָכדעם, ווען קאָמפּאַניִיעץ האָט איבערגענומען דאָס טעאַטער, בין איך אויך געווען אַן אָפטער באַזוכער. איך האָב אָבער קיינמאָל נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיין הינטער די קוליסן, כאָטש מיין האַרץ איז מאַמעש אויס־געגאַנגען צו קענען דאָס טעאַטער און זען „פון וואַנען די פיס וואַקסן".

איך האָב דעריבער אויפגעלויכטן בעאייס מיין ברודער האָט מיר דערציילט, אַז ער איז געוואָרן אַ סטאַטיסט און קומט אַרויף הינטער די קוליסן...

דערציילט האָט ער מיר, אַז איינער, אָבערבערג, דער רעקוויזיטאָר פונעם מוראַנאָווער טעאַטער, וועלכער האָט אויך די פליכטן צוצושטעלן, ווען נויטיק, סטאַטיסטן, רעכנט צו 15 קאָפּיקעס פּאַר אַריינלאָזן הינטער די קוליסן, אי צו זיין אַ סטאַטיסט אי דערביי טאַקע אויך צו זען די פאָרשטעלונג...

— איז אויב דו ווילסט, — האָט ער מיר געזאָגט, — וועל איך רעדן מיט אָבערבערגן און דו וועסט אויך קאָנען זיין אַ סטאַטיסט...

טכילעס האָב איך זיך געקווענקלט, אָבער איך בין פאַרט באַהערשט געוואָרן פון מיין ליידנשאַפטלעכן פאַרלאַנג, און האָב איינגעוויליקט.

אין אַ שאַבעס נאָכמיטיק האָט מיין ברודער מיך גענומען אין מוראַנאָווער פּאַרק אַריין, צום הינטערשטן אַריינגאַנג פון דער בינע. ער איז אַריינגעגאַנגען און איז מיט עטלעכע מינוט שפּעטער צוגעקומען צו דער טיר מיט אַ יונגנמאַן, וועמען ער האָט אָנגעוויזן אויף מיר און אים אַ זאָג געטאָן:

— אָט דאָס איז מיין ברודער, פּאַניע אַבערבערג!

יענער האָט גענומען ביי מיר 15 קאָפּיקעס און מיך אַריינגענומען אין דער שאַפּע אַריין, וואָס איז געווען הינטער דער בינע פונעם טעאַטער.

ער, אַבערבערג, איז געווען אַ יונגערמאַן פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, מיט אַ דאַר־לענגלעך פּאָנים און מיט אַ וואָרצעלע אויפן שטערן. ער האָט גערעדט גיך, אַז עס איז מאַמעש שווער געווען צו כאַפּן אַ וואָרט, ביז מען האָט זיך נישט צוגעוואוינט צו אים. יעדע ווייל איז ער געוואָרן אויפגעקאָכט און געשריגן, אַז מען זאָל זיך נישט פּלאָנטערן אים אונטער די פיס און אים נישט דרייען קיין קאָפּ ביז ער וועט זיין פאַרטיק.

פאַרטיק — האָט געמיינט, ביז ער וועט באַזאָרגן די געהעריקע רעקוויזיט־זאַכן, וואָס פאָדערן זיך פאַר דער פאָרשטעלונג. פאַרן אָנפאַנגען שפּילן איז ער געווען שטאַרק פאַרפּאַרעט, געלאָפן הין און צוריק, טראָגנדיק עפּעס אַ זאַך אויף דער סצענע אַרויף פון זיין רעקוויזיט־קעמערל, אין אַ ווינקל פון דער שאַפע...

עס איז דעמאָלט, דאַכט זיך, געגאַנגען „כורבן־ירושאָלאָים". אַבערבערג האָט געבראַכט צו טראָגן אַ פּאַק מיט עפּעס אַזעלכע אויסטערלישע העמדלעך, האָט זיי אַ וואָרף געטאָן צו אונדז, אַן ערעך צען סטאַטיסטן, און בייז באַפוילן:

— טוט זיך איבער און גייט אַריין צו ראָטשטיינען זיך גרימירן!...

איך האָב געקוקט אויף מיין „טאָגע" און נישט געוואוסט ווי מען קריכט גאָר אַריין אין דעם. אָבער מיין ברודער, וועלכער האָט שוין געהאַט דערפאַרונג, האָט מיר געהאָלפן. נאָכדעם האָט ער מיך אַריינגעפירט אין גאַרדעראָבע, צו ראָט־שטיינען, וועלכער האָט יעדן פון אונדז אָנגעטאָן אַ באָרד אויף אַ גומעלע, אָדער גאָר מיט שוואַרצער פאַרב אָנגעשמירט אויפן פּאָנים אַ באָרד־געוויקס...

ראָטשטיין איז געווען דער קאָמיקער פון דער טרופּע און אויך דער „פּאַריק־מאַכער", וואָס דאָס האָט געמיינט, אַז ער האָט געהאַט דעם אויפזיכט איבער די פאַריקן און געדאַרפט גרימירן די סטאַטיסטן.

פאַרטיק מיטן גרימירן, האָט אַבערבערג אונדז דערלאַנגט עפּעס אַזעלכע מאָדנע הילצערנע פּיקעס, אונדז אַרויפגעפירט אויף דער בינע, געוויזן ווי און וואו צו גיין, וואו צו שטיין און וואָס צו טאָן בעאייס דער שפּיל...

איך בין געשטאַנען אויף דער בינע מיט פאַרגאַפטע אויגן, געהערט און דאָך געציטערט. די ליכטיקייט פון די רעפלעקטאָרן, די פאַלשקייט פון די געמאָלטע דעקאָראַציע־פּעסטונגען — דאָס אַלץ האָט מיך אי איבערראַשט אי אַנטוישט. ערשט דאָ האָב איך דערזען, אַז די זון, לעוואָנע, הייזער, גערטנער, וועלדער, זענען פאַלשע, נאָכגעמאַכטע... דאָס טראָגן אַ פאַלשע באָרד אין דער האַנט, האָט אויף

מיר געמאַכט דעם איינדרוק ווי יענער וואָלט געטראָגן אין האַנט זיין אייגענעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ. די וואַכעדיקע רייד פון די אַרטיסטן הינטער די קוליסן, וואָס זענען געווען אַזוי אַנדערשדיק פון דער געשפּילטער ראָלע, — האָט מיך שטאַרק געקרענקט. אָבער דער געאייל און געפּילדער האָט געטריבן מיינע געדאַנקען פון איין זאַך צו אַ צווייטער און מיך נישט געלאָזט זיך פאַרטראַכטן.

איך בין געשטאַנען אויף דער בינע מיט פאַרגאַפּטע אויגן, געהערט און דאָך נישט געהערט, געזען און דאָך נישט געזען די רייד און באַוועגונגען פון די שפּילער, אָבער פאַרט געהאַט גרויס הנאה פונעם איבערגעלעבטן...

דערפאַר אָבער, באַלד נאָכן ערשטן אַקט און בעאייסן אַנטראַקט, האָב איך ערשט בעעמעס דערפילט אויף זיך וואָס עס מיינט צו זיין הינטער די קוליסן...

סטאַשעק און אַנטעק — די צוויי בינע־אַרבעטער, וואָס האָבן געטוישט די דעקאָראַציעס — פלעגן זיך באַגיין גראָב מיט אַלעמען. דער ערשטער, סטאַשעק, אַ הויכער און דינער יונג פון אַ יאָר פינף און צוואַנציק, מיט בלויע מילדע אויגן און אַ גוטמוטיק פּנים — האָט מיקלוימערשט געבעטן, אַז מען זאָל זיך אים נישט דרייען אונטער די פיס און דערביי „אומווילנדיק״ אַ זעץ געטאָן מיט אַ דעקאָראַציע דעם וואָס איז געשטאַנען נאָענט. דער צווייטער, אַנטעק — דאַווקע אַ נידעריקער, אָבער געזונט ווי אייזן און מיט אַ רויט פּנים — איז גאָר געווען אַ מערדער. ער האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט, נישט געגעבן קיין וואָרענונג, אַז מען זאָל אַוועק פון וועג בעאייס ער האָט געגליטשט אַ קוליסע, נאָר ער פלעגט פּאַשעט מיט איר אַ פּאַר אַריין טאָן אין דער זייט פון יענעם, וואָס איז געשטאַנען אַפילו אָפּגערוקט און געווען זיכער ביי זיך, אַז ער איז אים נישט אין וועג. און נישט נאָר סטאַטיסטן פלעגן זיי אַזוי באַהאַנדלען, נאָר אַפילו די אַרטיסטן, שוין אָפּגערעדט פון די כאָריסטן און כאָריסטיקעס...

נישט איינמאָל פלעגן אויסברעכן געוויינען און געשרייען, ווען זיי האָבן עמעצן צו שטאַרק אַ פּאַרפּאַר געטאָן מיט אַ קוליסע אין דער זייט אַריין. עס האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן. האָט מען זיך דעריבער געהיטן און בעאייסן בייטן די דעקאָראַציעס, זיך פאַרשפּאַרט אין די גאַרדעראָבעס...

מיר, אָבער, די סטאַטיסטן, האָבן אין מוראַנאָווער טעאַטער קיין גאַרדעראָבעס נישט געהאַט, און וואו מיר זענען נישט געשטאַנען, איז עס אַלץ געווען „אונטער די פיס״ ביי די צוויי יונגען. איז נאָך געווען אַ מילדער אָוונט, זענען מיר אַרויס אין דער שאַפּע הינטער דער בינע, וואו עס האָט זיך געפונען אָבערבערגס רעקווי־זיט־קעמערל און וואו עס זענען אויף דער ערד געלעגן איינגעוויקלטע דעקאָראַציע־פאַרהאַנגען. טאָמער איז אָבער געווען אַ קאַלטער, פראָסטיקער אָוונט, איז אין שאַפּע געווען אומעגלעך צו זיין, ווייל מען האָט דאָרט פּאַשעט געקאָנט געפרוירן ווערן. עס איז געקומען דערצו, אַז די סטאַטיסטן האָבן איינמאָל, דורך אָבערבערגן, צוגעשטעלט אַ פאָדערונג צו קאָמפּאַניעצן, אַז אָדער ער שטעלט אַריין אַן איי־וועלע אין דער שאַפּע, אָדער ער וועט קיין סטאַטיסטן נישט האָבן.

דערווייל אָבער, ביז מען האָט אַוועקגעשטעלט דאָס אייוועלע, האָבן מיר געכאַפּט קלעפּ און סטוסאַקעס און אָפּטמאָל איז אַף איינעם אָדער מער אומגעריכט אַרויפגעפאַלן אַ שווערע קוליסע, ווי לעמאָשל: אַ שיף, אַ טראָן, אַ פעסטונג, טרעפּ, צי גאַר אַ בוים און ענלעכע שווער־וואָגיקע דעקאָראַציעס...

טיילמאָל, קעדיי אויסצומיידן די קלעפּ, האָבן עטלעכע סטאַטיסטן געפּרואווט זיך אַרויפכאַפּן אַפן שמאָלן באַלקאָנדל, וואָס אינדערהויך, איבער דער בינע, פון וואַנען עס זענען קאָנטראָלירט געוואָרן די הענגענדיקע דעקאָראַציעס. אָבער אויך דאָרט האָבן ביידע יונגען געטראָפן אונדז צו פּייניקן...

איך האָב געטראַכט און זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן איבער וואָס און פאַר־וואָס די צוויי יונגען ברענען מיט אַזאַ רעציכע. שפּעטער מיט אַ צייט האָב איך זיך אָבער דערוואוסט, אַז דאָס איז זייער שטייגער קאַמף קעגן אָבערבערגן, קעדיי אים צו צווינגען, ער זאָל זיך טיילן מיט זיי אין די פאַרדינסטן פון אַריינגעמען סטאַטיסטן, צי מען דאַרף זיי יאָ, צי מען דאַרף זיי נישט...

אָבערבערג ווידער האָט אַלץ געטאַינעט, אַז ערשטנס געהערן די סטאַטיסטן צו אים, פּונקט ווי עס געהערן צו זיי די „בעגאַפּעניקעס", וואָס זיי נעמען אַריין אַפן באַלקאָנדל אַרויף. צווייטנס, אַז אויב יאָ זיך טיילן, דאַרפן זיי אויך זיך טיילן מיט אים אין זייערע פאַרדינסטן פון די „בעגאַפּעניקעס".

יענע האָבן נישט געוואָלט איינגיין דערויף, אָבערבערג איז אויך געבליבן פאַראַקשנט, און די מילכאָמע צווישן זיי איז ווייטער אָנגעגאַנגען. געליטן האָבן אָבער מיר, די סטאַטיסטן, כאָטש אויך די „בעגאַפּעניקעס" האָבן טרוקן נישט אָפּגעשניטן. אָפּט האָט קאָמפּאַניִיעץ זיך „דערוואוסט", אַז אַפן באַלקאָנדל געפינען זיך אַ צאָל „לאַפּאַצאַנעס", און ער האָט זיי מעשאַלייעך געוועזן...

דאָס פאַרגעניגען און די צופרידנקייט, וואָס איך האָב געהאַט פון זיין אַף דער בינע אין טעאַטער, פלעגט מיר אָבער אויספאַלן באַקאָם אין וואַרשטאַט. די יאַטן האָבן מיך אויסגעלאַכט און מיר אָפּגעטאָן אַלערליי שפּיצלעך.

עס איז גראָד געוועזן אין אַ צייט, ווען מיין טאַטע האָט געקראָגן אַ שטעלע צו קאָכן זייף אין אַ קליין שטעטל ווייט פון וואַרשע און ער האָט אַהין אַריבער־גענומען די גאַנצע פאַמיליע. בלויז איך און מיין יונגערער ברודער זענען גע־בליבן אין וואַרשע צוליב אונדזערע שטעלעס. קיין דירע־געלט צו צאָלן האָב איך זיך דעמאָלט נישט געקאָנט פאַרגינען פון מיינע פאַרדינסטן, האָב איך דעריבער אין וואַרשטאַט זיך געמאַכט אַזאַ באַלקאָנדל, וואו איך בין געשלאָפן. יאַטן האָבן מיר געטאָן מאַמעש אין טויט אַריין. הערש „פּויער" האָט צוגעמאַסטעט איבער דער טיר אַן עמער מיט וואַסער, וואָס האָט — בעאייס איך בין ביינאַכט געקומען און געעפנט די טיר — זיך איבערגעקערט און מיך אינגאַנצן אָפּגעצוואָגן...

שאָלעם „וואַנץ" האָט זיך מיקלוימערשט אָנגענומען פאַר מיר:

— אַז ער איז אַ יאָלד און צאָלט נאָך צו מען זאָל אים לאָזן זיין אַ סטאַ־טיסט אין טעאַטער, איז שוין גענוג שטראָף! — האָט ער געזאָגט און זיך גענומען

באַרימען, — אַט, איך, אַז איך וויל גיין אין טעאַטער אַריין, צי אין דער אָפּערע, גיי איך מיר אינגאַנצן אומזיסט!...

זיין באַמערקונג האָט אַלעמען פאַראינטריגירט און מען איז צוגעשטאַנען צו אים, אַז ער זאָל אויסזאָגן דעם סאָד, קעדיי אויך מיר זאָלן אַמאָל קאָנען גיין אין גרויסן טעאַטער אַריין אומזיסט. נאָך לאַנגן בעטן האָט שאָלעם „וואַנץ״ זיך אונטערגעגעבן און געלאָזן געבומען דערציילן ווי אַזוי ער טוט דאָס:

— אַז מיר געפעלט אַן אָפּערע, וואָס איך וויל זען, — האָט ער אָנגעשטעלט אַן ערנסטע מינע, וואָס איז געווען אַ זעלטענע זאַך ביי אים, — טו איך זיך פריער אָן מיין שאַבעסדיקן גאַרניטער, פאַרקעם מיין טשופּרינע, שטעק אַריין אַ ווייס טיכעלע אין מיין ברוסט־קעשענע, קריג מיר ערגעץ אַ שטעקן, קעדיי איך זאָל אויסזען ווי אַן אינטעליגענט, און שפּאַציר מיר דורך דער ביעלאַנסקע גאַס צום טעאַטער־פּלאַץ צו. אַז איך זע עס איז שוין באַלד די צייט פון אָנהויבן, גיי איך מיר אַריין אין טעאַטער דאַווקע דורכן פראָנט־אַריינגאַנג און נעם זיך גאַנץ געשעפטמעסיק און גלייכגילטיק הייבן אויף די ברייטע טרעפּ צום באַלקאָן אַרויף. איך קלייב זיך אויס די ערשטע בעסטע טיר, וואו עס שטייט אַ בילעטן־אָפּנעמער, און איך טו אים גוטברודעריש אַ זאָג: „גוט נאָוונט, פּאַניע סטאַניסלאַוו״, כאָטש ער הייסט אַוואַדע אַן אַנדער נאָמען, און איך שפּאַן מיר דרייסט אַריין. יענער, וואָס הייסט גאָרנישט סטאַניסלאַוו, טוט אַזאַ זייטיקן קוק אויף מיר, ווי צו דערמאָנען זיך ווער איך בין, זיך דערמאַנט, גיט ער מיר אַ דערלאַנג די האַנט אין מיין זייט אַריין, פאַרשטייט זיך, און הייסט דעם „סטאַיקאָווע״, ער זאָל מיך אַרויספירן. ווער איך זיך נישט, ווייל עס איז נישט אין מיין טעווע זיך צו קריגן מיט פּאָליציאַנטן. שפּעטער, אַז איך בין שוין אויף דער גאַס אַן אַרויסגעוואָרפענער, טו איך זיך אַליין אַ זאָג:

— נו, שאָלעם, היינט ביסטו ווידעראַמאָל געגאַנגען אומזיסט אין טעאַטער אַריין! מען לאָזט אַלץ נישט אַריין אָן אַ בילעט!...

שאָלעם „וואַנץ״ האָט אַזוי נאַאיוו־ערנסט דערציילט אַט די מאַיסע, אַז ביזן לעצטן וואָרט קימאַט האָט זיך קיינער נישט געכאַפּט, אַז דאָס איז איינס פון זיינע כאַראַקטעריסטישע וויצעלעך. דערפאַר אָבער, ווען ער האָט פאַרענדיקט, האָבן אַלע — ווי צו פאַרדעקן דעם פאַרדראָס, וואָס מען האָט זיך געלאָזט פון אים אַזוי לייכט אָפּנאַרן — אויסגעבראָכן אין אַ גרויס געלעכטער...

* * * * *

# מײַן ערשטע ראָלע

נישט געקוקט אויף דעם אָפּלאַכן און כויזעק מאַכן מיצאַד מײַנע כאַווײרים אין וואַרשטאַט; נישט געקוקט וואָס הילעל עפּשטײן, מײַן באַלעבאָס האָט מיך געדראָעט, אַז ער וועט מיך אַוועקשיקן פון דער אַרבעט, ווײַל ער האַלט, אַז איך קאָן נישט אַרבעטן ווי געהעריק דערפאַר וואָס איך שלעפּ זיך אַרום יעדע נאַכט ביז צוויי אַזייגער פאַרטאָג, — בין איך דאָך ווײַטער אָנגעגאַנגען מיט מײַן לויפן קימאַט יעדע נאַכט אין טעאַטער אַרײַן. דער איקער האָב איך נישט דורכגעלאָזט קיין נײַע אויפפירונגען, און ביפראַט ווען איך — שוין ווי דער עלטסטער סטאַטיסט — האָב געדאַרפט אָנפירן מיט די אַנדערע...

דערווײַל איז מײַן ברודער געוואָרן אַ נאָענטער שמעלקע מיט די קאָמפּאַניעיעצעס. עס איז געווען אַזוי: איינמאָל איז צו אים צוגעקומען קאָמפּאַניעיעץ אַליין און האָט אין זײַן שיפּעליאַווע ליטוויש צו אים אַ זאָג געטאָן:

— הער נאָר צו, באָכערל, ביסט, זע איך, אַ סטאַטיסט און באַצאָלסט אַוואַדע יעדעס מאָל 15 קאָפּיקעס פאַר אַרײַנגיין. איז ווי וואָלסטו געוואָלט צו קאָנען אַרײַנקומען אין טעאַטער אינגאַנצן אָן געלט?

מײַן ברודער איז געווען פאַראינטערעסירט:

— וואָס דאַרף איך טאָן דערצו, פּאַניע קאָמפּאַניעיעץ — האָט ער געפרעגט.

— אָ, אַ קלייניקייט. — האָט ער געענטפערט. — נעם דאָס שאַכטל מיט דער מאַדאַם קאָמפּאַניעיעצס גאַרדעראָבע און טראָג עס איר נאָך אַהיים, און יעדן טאָג, פאַר די פאָרשטעלונגען, זאָלסטו נעמען די גאַרדעראָבע אין טעאַטער אַרײַן...

דער פּלאַן איז געפעלן מײַן ברודער און נישט נאָר האָט ער פון דעמאָלט אָן געבראַכט און אַהיימגעטראָגן דער מאַדאַם קאָמפּאַניעיעצס גאַרדעראָבע־שאַכטלען, נאָר ער איז דורך דעם אויך געוואָרן קימאַט ווי אַן אייגענער בען־באַיס בײַ זיי אין הויז און ווי אַן אייגענער אינעם טעאַטער גופע...

איינמאָל איז מײַן ברודער צוגעקומען צו מיר אויף דער בינע און געפרעגט:

— הער, ווילסט עפּשער פאַרדינען עטלעכע רובל?

— פאַרדינען? פאַרוואָס נישט? — האָב איך געענטפערט מיט אַ פראַגע, — אָבער בײַ וואָס? פאַר וואָס?...

מײַן ברודער האָט מיר דערציילט, אַז בעקאָרעוו דאַרף זײַן דער יערלעכער בענעפיס פאַר דער מאַדאַם קאָמפּאַניעיעץ, און ווען ער האָט געהערט, אַז זי וויל באַשטעלן אַ גרויסע לייוונטענע שילד אויף אַרויפצוהענגען אויפן פאָדערשטן פאַר־

האַנג, קעדיי דורך דעם צו מעלדן די באַזוכער פון טעאַטער, — האָט ער זיי פאַרגעשלאָגן, אַז איך, זיין ברודער, וואָס איז אַ שילדן־מאָלער, וואָלט ע׳ס געקאָנט מאַכן פאַר ביליקער. נו, און אַף ביליקער איז דאָך יעדער אַ באַלן...

איך האָב זיך צונויפגערעדט מיט קאָמפּאַניעיעצן און זיך אונטערגענומען צו מאַכן די שילד פאַר אַ ביליקן פרייז. ביגנייווע, אינמיטן נאַכט, האָב איך די שילד געמאַכט ביי זיך אין וואַרשטאַט. זי געבראַכט צו טראָגן און זי איז געפעלן געוואָרן. איך האָב די שילד צוגעפעסטיקט צום געהעריקן פּלאַץ אַפן פאַרהאַנג און געבעטן באַצאָלט. קאָמפּאַניעיעץ האָט דאָס אָבער אָפּגעלייגט פון איין טאָג אַפן אַנדערן. קוים מיט צאָרעס האָט איך ביסלעכווייז און צו האַלבע רובל דאָס אָפּגענומען אין עטלעכע כאַדאָשים. איך בין געווען אַזוי אויפגעטראָגן, אַז איך האָב זיך פאַרשוואוירן מער קיין אַרבעט נישט צו מאַכן פאַר קאָמפּאַניעיעצן.

אַפּאַנים, אָבער, אַז דער גייסט און די לופט פון דער בינע האָט זיך שוין צו טיף אַריינגעניאַדעט אין מיין בלוט אַריין און איך האָב זיך שוין נישט געקאָנט זען אין אַ פּאָזיציע פון נישט זיין הינטער די קוליסן. באַלד נאָכדעם, בעאייס קאָמפּאַניעיעץ אַליין האָט זיך גענומען גרייטן צו זיין בענעפיס, האָב איך ווידער געמאַכט אַ שילד און ווידער נאָכגעלאָפן אַ צייט נאָכן געלט...

שפּעטער מיט אַ צייט האָט מען אין טעאַטער זיך געגרייט אויפצופירן „דער יעשיווע־באָכער". איינער פון די אַקטן שטעלט פאַר אַ בעסוילעם. האָט קאָמפּאַניע־יעץ מיך צוגערופן און באַשטעלט ביי מיר אויפצומאָלן אַף קאַרדאָן אַ צאָל מאַציי־וועס, מיט די געהעריקע דוכנענדיקע הענט און אויפשריפטן אַף זיי...

איך האָב געקויפט קאַרדאָן, אויסגעשניטן פאַרשידענע מאַצייווע־פאָרמעס און גענומען מאַכן די אויפשריפטן. ווען איך בין צוגעקומען צום שרייבן די נעמען פון „געשטאָרבענע", איז מיר מיטאַמאָל איינגעפאַלן זיך אָפּצורעכענען מיט אַ פאַר געוועזענע באַלעבאַטים מיינע, וועלכע זענען מיר שולדיק געבליבן סכירעס, אָדער וואָס האָבן מיך אַף אַן אַנדער אויפן באַאַוולט. דעם סאַמע אויבנאַן האָב איך אָפּגעגעבן מיין געוועזענעם מייסטער, דעם בלינדן פאַרשטענדיקן.

צוויי טעג נאָך דער ערשטער פאַרשטעלונג פון „יעשיווע־באָכער" האָבן שוין אַלע אין שילדן־פאַך געוואוסט וועמען איך האָב „צו קוואורע געבראַכט" אַפן בעסוילעם פונעם מוראַנאָווער טעאַטער, און מען האָט גרויס האַנאָע געהאַט דערפון, אַ כוץ, פאַרשטייט זיך, די „באַערדיקטע" גופע...

ביסלעכווייז בין איך געוואָרן אַ גוטער פריינט מיט אָבערבערגן און אים אָפּט צוגעהאָלפן אויסשטעלן דעם געהעריקן רעקוויזיט אַף דער בינע. ער אַליין, אָבערבערג, וועלכער פלעגט אָפּט קריגן קליינע אַרויסטריט־ראָלן, פלעגט אין יענע אָוונטן ווערן אַזוי פאַרפאַרעט און נערוועז, אַזוי פאַרפלאָמט פון אומגעדולד צו דאַרפן זיך גרימירן, — אַז ער האָט שוין מאַמעש נישט געקאָנט באַזאָרגן דעם רעקוויזיט. אין אַזעלכע פאַלן האָט ער מיר איבערגעגעבן די אַרבעט און מיר אָפילע איינמאָל פאַרגעשלאָגן, אַז אויב איך וויל ווערן אַ שוטעף מיט אים, וועט

ער זיך טיילן מיט מיר סיי מיט די סכירעס זיינע, סיי מיט די זייטיקע פאַר־דינסטלעך ביים איינקויפן געוויסע זאַכן און סיי פון אַריינגעמען סטאַטיסטן.

ער האָט מיך אַזוי שטאַרק גענומען פאַרפאַלגן מיט אָט דעם פאָרשלאַג, אַז איך האָב זיך פּאַשעט געכידעשט פאַרוואָס עס גייט אים אַזוי אין לעבן. איך האָב אָנגעהויבן נאָכקוקן, נאָכפרעגן, און האָב אויסגעפונען, אַז ער וויל טיילוויז זיך באַפרייען פון דער רעקוויזיט־אַרבעט און זיך האָבן אַף וועמען צו פאַרלאָזן, קעדיי ער זאָל האָבן מער צייט צו שפּילן אין קאָרטן מיט די אַרטיסטן און כאָריסטן אין איינעם פון די גאַרדעראָבע־צימערלעך בעאייס די אַנטראַקטן...

איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּטשעפּען פון זיין צודרינגלעכקייט און האָב אים צוגעזאָגט נאָכצוטראַכטן און צו געבן בעקאָרעוו מיין ענטפער. אָבער אַז עס איז פאַרביי אַ וואָך און אַ צווייטע אָן מיין פּאָזיטיוון ענטפער, האָט ער געפּרואווט מיך איבערצוגעווינען דורך אַ צווייטן וועג

— אַז וועסט ווערן מיין שוטעף צום רעקוויזיט, — האָט ער מיר געזאָגט, — וועל איך זיך אויך טיילן מיט דיר אין די ראָלעס וואָס איך קריג...

דאָס האָט מיך שטאַרק געשמייכלט, אָבער איך האָב זיך אַלץ נישט געקאָנט דעצידירן צו ווערן רעקוויזיטאָר, ווייל דאָס וואָלט זיך זיכער שווער אָפּגערופן אַף מיין אַרבעט ביי מיין פאַך. האָב איך זיך נישט געאיילט דערצו.

זעענדיק, אַז איך רייס זיך נישט שטאַרק צו דעם, איז אָבערבערג איינ־מאָל צוגעקומען צו מיר מיט אַ דירעקטן אָנבאָט:

— הער נאָר, טאַטעלע, ווילסט שפּילן אַ ראָלע?...

איך האָב אים פאַרכידעשט אָנגעקוקט. דערויף האָט ער מיר געזאָגט, אַז מען גרייט זיך אויפצופירן די פּיעסע „ביירעם דעראַבינו גערשן", און ער האָט געקראָגן אַן אַרויסטריט־ראָלע אין דער פּיעסע. אָבער אַזוי ווי ער איז שטאַרק פאַרנומען מיט עפּעס אַ פּריוואַטן איניען, קאָן ער מיר איבערגעבן די ראָלע...

— און וואָס וועט קאָמפּאַניעיעץ זאָגן דערצו? — האָב איך אים נאָך אַלץ נישט געגלויבט.

— האָב נישט קיין זאָרג, טאַטעלע, — האָט אָבערבערג מיך באַרואיקט, — איך זאָג דיר, אַז אויב דו ווילסט שפּילן, וועסטו שפּילן...

— וואָס פאַר אַ ראָלע איז עס? — האָב איך אין ציטערניש געפרעגט, — איך מיין, וואָס דאַרף איך טאָן, זאָגן?...

אָבערבערג האָט מיר דערקלערט, אַז די ראָלע איז פון אַ הויף־דינער ביים סולטאַן אַז איך וועל דאַרפן אַריינקומען אין זיין פּאַלאַץ, זיך פאַרנייגן מיט אַ טיפן, ברייטן „סאַלאַאַם" און דערביי זאָגן צום סולטאַן:

— מאַיעסטעט. צוואַי יודען פאַרלאַנגען אַן אוידיענץ!...

— דאָס אַלץ?! — האָב איך, אַן אַנטוישטער, געזאָגט.

— דאָס איז דיר ווינציק פאַרן ערשטן מאָל? — האָט ער זיך געבייזערט.

ער האָט מיר געוויזן ווי אַזוי מען דאַרף אַריינגיין, דורך וועלכער זייט בינע,

ווי ווייט איך וועל דאַרפן גיין, ווי אַזוי צו מאַכן דעם „סאַלאַאַם" און — דער־לאַנגענדיק מיר אַ שטיקל פּאַפּיר אַף וועלכן עס זענען געווען אויפגעשריבן די עטלעכע ווערטער פון דער ראָלע — צוגעגעבן:

— אַז וועסט זיך אויסלערנען די ראָלע און זי דורכפּירן ווי עס דאַרף צו זיין, וועל איך שוין זען, אַז מען זאָל דיר געבן אַנדערע, גרעסערע ראָלן...

איך האָב געשוויגן. מיט אַ שטאָלצן געפיל און פריידיקע געדאַנקען בין איך יענע נאַכט אַהיימגעגאַנגען, אַלץ טראַכטנדיק:

„מיין ערשטע ראָלע אין טעאַטער... מיין ערשטער אויפטריט אַף דער בינע..."

אַ גאַנצע נאַכט בין איך געלעגן אפן געלעגער און זיך געדרייט אין אומ־געדולד. איך האָב געוואָלט איינשלאָפן, אָבער נישט געקאָנט, כאָטש די אויגן האָבן זיך געקלעפּט ביי מיר. איך האָב אָן אויפהער איבערגעכאַזערט די ווערטער און, ליגנדיק אפן בעט, געפּראָבירט מאַכן דעם געהעריקן „סאַלאַאַם".

אַף צומאָרגנס ביי דער אַרבעט, האָב איך נישט גערעדט קיין וואָרט וועגן דעם. איך האָב טכילעס געהאַט באַשלאָסן קיינעם נישט אויסצוזאָגן, אין מוירע, אַז מען וועט מיך ווידער אויסלאַכן. אָבער לאַנג האַלטן דעם סאָד האָב איך נישט גע־קאָנט. עס האָט זיך מיר פאַרוואָלט אַ בארים טאָן, זיך שטעלן אין פּאַסאַן אַריין און באַווייזן, אַז מיין אַרומלויפן אין טעאַטער איז פאָרט עפּעס ווערט געווען...

פאַרזיכטיק, מיט צעצויגענע, נישט דערזאָגטע ווערטער, האָב איך גענומען דערציילן וועגן דער נייער פּיעסע וואָס מען גייט אויפפירן, דערציילט די מאַיסע וועגן דעם כיירעם פון ראַביינו גערשן, און ענדלעך אויסגעפּלאַצט:

— איך האָב געקראָגן אַ ראָלע צו שפּילן אין דער פּיעסע!...

כעוורע האָבן דאָס נישט געוואָלט גלויבן און גענומען אָפּשפּעטן. שאָלעם „וואַנץ" האָט געשפּאַסט, ווי זיין שטייגער, און אַ זאָג געטאָן:

— מע'ט דאַרפן לייענען דאָקטער מוקדויניס קריטיק, הערן וואָס ער האָט צו זאָגן וועגן דיין שפּילן!...

יאָטן האָבן מיך אַזוי שטעכעלירט, אַז נישט נאָר האָט מיר שוין באַנג געטאָן וואָס איך האָב אויסגעזאָגט, נאָר איך האָב פּעסט אָפּגעמאַכט ביי זיך אָפּצוזאָגן זיך פון דער ראָלע בעאייס איך וועל אין אָוונט זען אַבערבערגן...

פון דער ראָלע האָב איך זיך נישט אָפּגעזאָגט. עפּעס האָט ביי מיר קיין מוט נישט געקלעקט אָוועקצוואַרפן פון האַנט אַ דערגרייכונג, וועגן וועלכער איך האָב אַזוי לאַנג געכאָלעמט. איך האָב געהאָפט, אַז כעוורע וועלן אַוואַדע אינגיכן פאַרגעסן אין גאַנצן איניען און מיט דעם וועט עס זיך ענדיקן...

פרייטיק, דעם אָוונט פון מיין ערשטן אויפטריט, איז ביי מיר געווען אַ פיינ־לעכער טאָג. דאַווקע האָט הילעל מיך יענעם טאָג אַרומגעשיקט טאָן געוויסע אַר־בעטן אין אַ ווייטער געגנט אין פּראַגע. ווען איך האָב דאָרט געענדיקט, האָט ערשט גענומען אַ שטיק צייט איידער איך בין אַהיימגעקומען, און זיך געדאַרפט יאָגן מיט אַרומוואַשן זיך און איבערטאָן, צו גיין אין צייט אין טעאַטער אַריין.

אָבערבערג האָט געזען מיין נערוועזקייט און מיך געהאַלטן אין איין דער־מוטיקן. ער האָט מיר געבראַכט דעם קאָסטיום — ווייסע ברייטע הויזן, אַ ווייסע טאָגע און אַ טורבאַן, מיר געגעבן אַ שווערד מיט אַ פאַרונדיקטן שפּיץ, וואָס מיר האָט זי אויסגעזען צו זיין גאָר אַ קאַזאַקן־שווערד, און מיך דערנאָך אַריינגעפירט צום „פאַריקמאַכער“, אַז ער זאָל מיך גרימירן...

ראָטשטיין איז עפּעס יענעם אָוונט געווען בייז און שטעכיק. ער האָט זיך שטאַרק געוואָרפן, וואָס איך דריי אים אַ קאָפּ אַזוי פרי, אַז עס איז נאָך דאָ גענוג צייט און אַז איך זאָל זיך דערוויילן נאָך אַביסל צולערנען די ראָלע...

אָפּגעשריגן, האָט ער מיך דאָך גרימירט, מיר צוגעקלעפּט אַ קליין לאָפּעטקע־בערדל און שוואַרצע שפּיציקע וואָנצעס און... איך בין געווען פאַרטיק...

איך געדענק שוין נישט אין וועלכן אַקט דאָס איז געווען. אָבער ביז צום אַרויסטריט מיינעם בין איך ווי אַ וואַך־הונט געשטאַנען ביי דער געהעריקער אַריינגאַנג־טיר, אין מוירע, אַז איך זאָל אַמאָל כאָלילע נישט פאַרשפּעטיקן...

ענדלעך האָט דער סצענאַריסט פונוויטן, מיט אַ שנעל פון זיינע פינגער, מיר אָנגעוויזן, אַז איך זאָל מאַכן מיין אויפטריט.

איך האָב אָן עפּן געטאָן די טיר, געמאַכט עטלעכע ברייטע שפּרייזן צום סולטאַן, וועלכער איז געזעסן אויף אַ טראָן אין צענטער פון דער הינטערשטער וואַנט. איך האָב געעפּנט דאָס מויל, גענומען רעדן, אָבער...

אין דעם מאָמענט האָט זיך איבערן טעאַטער אַ צעטראָג געטאָן אַ מוירעדיק־שטורמישער אַפּלאָדיסמענטן־געפּאַטש, צוזאַמען מיט הילכיקע אויסרופן:

— בראַוואָ!... בראַוואָ־ביס!...

די אויסרופן — ווי אַ האָגל פון קלעפּ איבער מיין קאָפּ און פּאָנים, אַז איך האָב שוין גאָרנישט געזען און גאָרנישט געהערט מער. די אויערן זענען מיר געווען פאַרקלונגען און דאָס מויל פאַרשטאָפּט...

ראַפּעל, דער סולטאַן, זיצנדיק אויפן טערקישן שטייגער מיט די פיס אונטער זיך, האָט מיך בייז אָפּגעמאָסטן און גענומען שעפּטשענדיק ברומען:

— רעד ווערטער, מאַמזער איינער! גיב פראַזע, אַ רועך אין דיין טאַטנס טאַטן אַריין!...

— מאַיעסטעט, — האָב איך גיך גענומען שלינגען, — צוואַי יודען פאַר־לאַנגען אַן אוידיענץ!...

— העכער, מאַמזער! — האָט ראַפּעל אַלץ געברומט, — זאָג נאָכאַמאָל, זאָג אַז מען זאָל דיך קאָנען הערן אין טעאַטער!...

קוים מיט אַנגסטן האָב איך איבערגעכאַזערט די עטלעכע ווערטער, זיך פאַרנייגט פאַרן סולטאַן און זיך גענומען הינטערוויילעכץ אַרויסרוקן.

ערשט הינטער די קוליסן, איידער איך האָב באַוויזן קומען צו זיך און אָפּ־אָטעמען פון דער שטאַרקער אויפרעגונג, איז קאָמפּאַניִעיעץ צוגעגאַנגען צו מיר, אויפגעהויבן אַ האַנט ווי מיר אַ פּאַטש צו טאָן און גענומען שרייען:

— פאַרטאָץ איינער, ווער האָט דיר געגעבן די ראָלע?

— אָבערבערג, — האָט איך קוים אויסגעשטאַמלט.

— אָט דער סוואָלאָץ?! — האָט ער זיך געקאָכט, — איך וועל דעם פאַרכוץ גלייך אַרויסוואַרפן פון טעאַטער!...

און כאַפּנדיק זיך אַפּאַנים, אַז איך בין דער שילדן־מאָלער, צוגעגעבן:

— האָסט אָנגעסטעלט אַ באַנדע בראַוואָ־פּאַטשער פאַר זיך, סטינקער איינער! מיט איין מאָל געוואָלט גלייך באַרימט ווערן, האָ?... ניין, ברודערל, פריער דאַרף מען זיך גוט אָנבידעווען אויף דער בינע איידער מען כאַפּט פּעטש פון פובליקום. איצט כאַפּט מען פּעטש פון דירעקטאָר!...

ער האָט ווידער אַ הייב געטאָן די האַנט ווי מיר צו דערלאַנגען, אַז איך האָב זיך אַזש אינסטינקטיוו אַ בייג אַראָפּ געטאָן אויסצומיידן אַ פּאַטש.

איך בין אַוועק אַ צעוויטיקטער אין רעקוויזיטן־קאַמערל אַריין, זיך אויס־געגרימירט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די „אַראַבישע" קליידער, זיך אָנגעטאָן אין מיינע אייגענע און צו זיך אַליין אַ זאָג געטאָן:

— פאַרברענט זאָל אינגאַנצן ווערן דאָס טעאַטער! מער שפּיל איך נישט!...

ביי מיר אין האַרצן האָט געברענט אַ טיפער פאַרדראָס אויף מיינע כאַווירים פון וואַרשטאַט און איך האָב אָפּגעמאַכט ביי זיך זיי אָפּצוצאָלן דערפאַר, כאָטש איך האָב בעאייס דעם קיין אַנונג נישט געהאַט ווי און מיט וואָס זיי אָפּצוצאָלן...

זונטיק, ביי דער אַרבעט, איז אין וואַרשטאַט טכילעס געווען אַן אָנגעצויגענע שטימונג. קיינער האָט, זעט אויס, נישט געוואָלט אָנהויבן רעדן וועגן דער גע־שיכטע. שאָלעם „וואַנץ" האָט אָבער נישט אויסגעהאַלטן און אויסגעפּלאַצט:

— איך האָב געקוקט אין ציַיטונג, אָבער דר׳ מוקדויני דערמאָנט אַפילע נישט דיין נאָמען. וואָלסט געדאַרפט צוגיין און אים געבן דערפאַר אַ פאַרציע!...

צוויי אָוונטן האָב איך זיך נישט געוויזן אין טעאַטער, סיי ווייל איך האָב זיך געשעמט און סיי ווייל איך האָב געטראַכט, אַז מיט דעם ענדיקט זיך מיין גאַנצע טעאַטער־קאַריערע. אָבער מער ווי די צוויי אָוונטן האָב איך נישט אויס־געהאַלטן. אפן דריטן אָוונט בין איך אַוועק אין טעאַטער, נאָר געזוכט אויסצומיידן אָבערבערגן. ער אָבער, אָבערבערג, האָט מיך דאַווקע אויפגעזוכט און, גלייך ווי גאָרנישט, מיר אַ זאָג געטאָן:

— האָסט טאַקע, טאַטעלע, צעהאַרגעט אַ ראָלע, וואָס ערגער דאַרף מען נישט. נאָר אַראָפּפאַלן ביי זיך דאַרף מען אויך נישט. עס מאַכט זיך. האָסט באַצאָלט פאַר האָבן אַ גרויס מויל און פאַר באַרימען זיך. און אַ באַרימער, ווייסטו דאָך, איז גוט צו שלאָגן. איצט, אָבער, אַז דו האָסט שוין געכאַפּט די ערשטע פּעטש, ווערסטו וויסן אַף אַ צווייטמאָל צו האַלטן דעם פּיסק!...

איך האָב צעעפּנט אַ פּאָר אויגן אַף אָבערבערגן, נישט פאַרשטייענדיק וואָס ער מיינט מיט דעם „אַ צווייטמאָל". איז עס מעגלעך, — האָב איך געטראַכט, — אַז נאָך אַזאַ דורכפאַל זאָל נאָך ווען עס איז זיין אַ צווייטמאָל?...

אינגיכן האָט מיר אָבערבערג אויך די פראַגע פאַרענטפערט. מיט אַ פּאָר וואָכן נאָך מיין ערשטן אויפטריט איז ער צוגעקומען צו מיר, מיר געגעבן אַ פאַרשריבן פּאַפּירל, און גאַנץ גלייכגילטיק מיר געזאָגט:

— דאָ, טאַטעלע, האָסטו די ראָלע פון שליסער אין „אישע־ראָ״. לערן זי אויס, נאָר געדענק: קיין וואָרט נישט צו דיינע פריינט. וועסט זיך נאָך מוזן אַ שטיקל צייט באַגיין אָן זייערע בראַוואָ־פּאַטשערייען!...

איך האָב מיט דאַנקבאַרע בליקן אַ קוק געטאָן אויף אָבערבערגן, צוגענומען ביי אים דאָס פּאַפּירל, עס פלינק אַ פאַררוק געטאָן צו זיך אין קעשענע אַריין, און גענומען צוגרייטן דעם רעקוויזיט פאַר דער מאָרגנדיקער פאָרשטעלונג.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך געהאַט מיין צווייטן אויפטריט, — דער שליסער אין „אישע־ראָ״. און כאָטש דאָסמאָל איז מיר שוין געגאַנגען אַ סאַך גלאַטיקער און איך האָב דערלאַנגט די פראַזע אין אַ גאַנץ הויכן טאָן, האָב איך פונדעסטוועגן שיר־נישט אויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער, בעת איך בין צו־געטראָטן צו ראַפּעלן און מאַדאַם ראַפּעל, וועלכע האָבן געשפּילט פּאָטער און טאָכטער, און וועלכע איך האָב געדאַרפט פאַרשפּאַרן אין טפיסע, זאָגנדיק:

— „עס טוט מיר צוואַר לויד, אָרעמע לויטע, זאָנדערן מיין פליכט...״

די דאָזיקע עטלעכע ווערטער האָב איך שוין געהאַט געלייענט אָוואַדע אַרום אַ הונדערט מאָל און אַפילו נישט געטראַכט וועגן זיי. אָבער בעאייסן אויסשפּילן די ווערטער, זענען זיי מיר מיטאַמאָל אויסגעקומען אַזוי מאָדנע לעכערלעך און קאָמיש. דער דייטשמערישער דיאַלעקט האָט פּאָשעט געגרילצט אין מיינע אויערן נאָר ווי אַ פערזענלעכע באַליידיקונג...

מיין שפּילן איז אַפּאָנים געפעלן און איך האָב פון דעמאָלט אָן שוין אָפט געקראָגן אַזעלכע שטייגער ראָלעס נישט נאָר פון אָבערבערגן, ביגנייווע, נאָר טאָקע פון די דירעקטאָרן גופא, פון קאָמפּאַניעיעצן, אָדער ראַפּעלן, און איך האָב שוין אַפילו געקראָגן באַצאָלט דערפאַר אַ פּאָר רובל...

* * * * *

# איך פאָר קיין פּאַלעסטינע

וואָס לענגער איך בין געוועןביים טעאַטער, אַלץ מער אַנטוישט בין איך געוואָרן אין אים. איך האָב אָנגעהויבן באַגרייפן, אַז דאָס טעאַטער, ווי עס איז ביי קאָמפּאַניעיעצן און ראַפּעלן, איז „באַלאַגאַנשטשינע". אף מיר האָט אַ שטאַרקע ווירקונג געהאַט דאָקטער מוקדוניס קריטיק־אַרטיקלען, און איך האָב נישט געקאָנט באַגרייפן פאַרוואָס די אַקטיאָרן זענען אַזוי בייז אף אים, בעאייס ער לערנט זיי און ווייזט זיי אָן די כעסרוינעס...

איך האָב אָנגעהויבן באַזוכן דאָס פּוילישע טעאַטער, געזען סיי דראַמעס, סיי אָפּערעטעס און עס איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז נישט נאָר זענען פאַראַן בעסערע פּיעסעס ווי „בינקע־פּינקע", „מישקע־מאַשקע פאָרן קיין אַמעריקע", אָדער „דער יעשיווע־באָכער", נאָר אַז עס איז אויך פאַראַן אַ בעסער מין שפּילן, אַן ערנסטערע באַציאונג מיצאַד אַקטיאָרן צום טעאַטער און צו זייערע ראָלעס. אַז אַפּילע אין אידישן טעאַטער קאָן זיין אַ בעסערע באַציאונג, האָב איך געזען בעאייס מאַרק אַרנשטיין האָט אויפגעפירט אינעם מוראַנאָווער טעאַטער די פּיעסע „זשאַן און מאַדלענאַ", און איבערהויפּט ווען פּערעץ הירשביין איז געקומען מיט זיין טרופּע יונגע אַקטיאָרן און אויפגעפירט זיינע ערנסטע פּיעסעס.

דאָ, אָבער, אין מוראַנאָווער טעאַטער, האָב איך געזען אַ מין העפקער־באַציאונג צום אוילעם, צו די ראָלעס, צו די פּיעסעס. אָפט האָבן די אַקטיאָרן נישט געקענט זייערע ראָלעס און נאָכגערעדט דעם סופליאָר ווי אַ פּאַפּוגאַי. מען האָט „געשפּילט" טעאַטער ווי עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

איך האָב זיך גענומען צום אָרגאַניזירן אַן אַמאַטאָרן־גרופּע, אָבער דאָ האָב איך דערזען, אַז מיר אַליין פעלט וויסן און קענטעניש. איך האָב זיך דערמאָנט אין ברעסלערס רייד, אַז ווען מען וויל עמעצן לערנען, מוז מען אַליין זיין געלערנט. דערצו, וואָס מער איך האָב געלייענט ביכער און זיך באַקענט מיט דער אידישער, פּוילישער און רוסישער ליטעראַטור, אַלץ גרעסער איז געוואָרן מיין באַגער צו וויסן. איך האָב פּראָבירט אַליין לערנען, אָבער גלייך אויסגעפונען, אַז איך מוז האָבן אַ לערער, וואָס זאָל מיך פירן אף אַ סיסטעמאַטישן וועג, און נישט אומאָרגאַניזירט, ווי איך האָב עס געטאָן. איך האָב זיך דעריבער דורכגערעדט מיט אַ סטודענט, מיט וועלכן איך האָב זיך גראָד באַקענט, און ער — פאַר אַ רובל אַ וואָך — האָט גענומען לערנען מיט מיר...

איך האָב דאַן איינגעטיילט מיינע אָוונטן אַזוי, אַז איך זאָל פאַר יעדן אָוונט

האָבן אַ באַשטימטע זאַך צו טאָן. איין אָוונט האָב איך אָפּגעטיילט פאַר מיינע פּראָבעס מיט דער דראַמאַטישער גרופּע, אַ צווייטן — פאַרן לערנען, אַ דריטן — אַף צום מאַכן די אויפגאַבעס, אַ פערטן — פאַר לעקציעס אָדער גיין אין טעאַטער, אַ פינפטן — פאַר מיין פּראָפעסיאָנעלן פאַריין, אַ זעקסטן — אַף צום לייענען ביכער און זשורנאַלן, און איין אָוונט — געלאָזט פריי, אין פאַל עס וועט זיך מיר מאַכן עפּעס אומגעריכטס.

אין יענער צייט בין איך געווען סימפּאַטיש צום פּויאַליי־ציאָניזם, — אַ דאַנק אַ סענטימענטאַלן עפּיזאָד, נאָך פון בעאייס איך בין אַלט געווען אַרום 10־11 יאָר. דעמאָלט האָט דער טאַטע מיך איינמאָל אין אַ שאַבעס צו מינכע מיט־גענומען אין דער ציאָניסטישער שול אַף דזשעלנע גאַס, נישט וואו ער האָט גע־וויינטלעך געדאַוונט, נאָר וואו עס איז געווען דער צענטער פון יענער גרופּע ציאָניסטן צו וועלכער ער האָט דעמאָלט באַלאַנגט. געזאָגט האָט ער מיר, אַז היינט וועט דאָרט זיין צו־גאַסט דאָקטער הערצל, און ער וויל איך זאָל גיין אים זען. געקומען אין שול אַריין, האָט דער טאַטע זיך דורכגערעדט מיט די גאַבאָאים און זיי איז „איינגעפאַלן", אַז איך — ווייל אַן 11 יאָריקער אינגל — זאָל לעקאָוועד דעם דאָקטער הערצל זיין דער באַל־קוירע, לייענען הייסט עס, די פאַרשע, בעאייס מען וועט אים אויפרופן צו אַן אַליע.

מיט האַרץ־ציטערניש און איראַס־האַקאָוועד האָב איך געלייענט די פאַרשע, און דאָקטער הערצל האָט מיר נאָכדעם אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ, זאָגנדיק עפּעס אַף דייטש, וואָס איך — איבער דער שרעק און צעטומלעניש — האָב נישט געקאָנט אויפכאַפּן. דער טאַטע און די אידן פון שול האָבן מיר אָבער שפּעטער געזאָגט, אַז דאָקטער הערצל האָט מיך געבענטשט און מיר געוואונטשן, אַז איך זאָל אויסוואַקסן אַ הייסער איד און אַ גרויסער ציאָניסט...

איצט, אַז אונדזער פּראָפעסיאָנעלער פאַריין איז אויך געווען אונטער דעם האַשגאָכע פון דער פּויאַליי־ציאָן, האָב איך שוין פון צייט צו צייט אויך באַזוכט זייערס אַ פּאַרטיי־פאַרזאַמלונג, כאָטש איך בין געבליבן אַ פּאַסיווער, ווייל איך האָב פּאַשעט קיין צייט נישט געהאַט צו גיין צו פּאַרטיי־פאַרזאַמלונגען, אַ כוץ אַמאָל אין אַ שאַבעס בייטאָג, טאַקע אין יענער שול אַף דזשעלנע גאַס...

איינמאָל, אין אַ שאַבעס פון פרילינג 1910, האָב איך ביי אַזאַ פאַרזאַמלונג געטראָפן אַוורעמל „באַניקער". ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער און טעוויע „צאַפּ" טראַכטן וועגן פאָרן קיין ערעץ־איסראָעל, און געפרעגט, צי איך וואָלט געוועזן אַ באַלן מיטצופאָרן. איך, וואָס די וואָר, האָב אין יענעם מאָמענט אַפּילע נישט גע־כאָלעמט וועגן דעם. אָבער אַז איך בין דערנאָך אַוועק צו זיך אַף דער דירע — אַ בעטל אין דער קיך ביי אַן אָרעמער אַרבעטער־פאַמיליע — האָב איך גענומען ערנסט טראַכטן וועגן פאָרן. מיר איז געווען נימעס דאָס וואַלגערן זיך אין דער פרעמד די לעצטע אַנדערהאַלבן יאָר, זינט מיינע עלטערן האָבן זיך אַריבערגע־קליבן קיין טשיזשעווע — אַ שטעטל אין לאָמזשער גובערניע, וואו דער טאַטע

האָט געאַרבעט. מיך האָט גענומען אימפּאָנירן דער געדאַנק וועגן פאָרן, ווערן אַן ערד־אַרבעטער און העלפן בויען דאָס צוקונפטיקע אידן־לאַנד. אַ כוץ דעם האָט מיך פּאַשעט פּאַראינטריגירט דאָס פאָרן, זען אַ וועלט, איבערהויפּט נאָך ווען איך האָב געהערט, אַז מען דאַרף פאָרן דורך אַדעס — די שיינע גרויסע שטאָט וואו מען לעבט, ווי איך האָב געהערט, פריי און אָן שום זאָרגן...

אין מעשעך פון דער וואָך האָב איך זיך דורכגערעדט מיט אַווראַמלען און טעוויען, און עס איז געבליבן, אַז איך פאָר אויך. עס איז בלויז געווען אַ פראַגע וועגן אַ פּאַספּאָרט און רייזע־קאָסטן. קיין געלט האָב איך נישט געהאַט גענוג, אָבער אַ פּאַספּאָרט — יאָ. טעוויע, וועלכער איז געווען אַ קינד פון פּאָרמעגלעכע עלטערן, האָט מיך אָבער פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיר אויסלייען אַ געוויסע סומע, אויב איך וועל מיטפאָרן און אים העלפן דורך מיינע פאַרבינדונגען דאָ הי, און דערנאָך, אין אַדעס, צוליב מיין קענען גוט רוסיש רעדן, אַז ער זאָל דאָרט קאָנען קריגן אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט. דאָס ערשטע האָבן זיי, אַווראַמל און ער, געוואָלט, אַז איך זאָל צוגיין זיך זען מיט מאָרדכע ספּעקטאָרן, וועלכער קען מיך, און ביי אים בעטן אַ רעקאָמענדאַציע־בריוו צו עמעצן אין אַדעס, וואָס זאָל אונדז דאָרט העלפן מיט ראָט און טאָט, צו קריגן די פּאַספּאָרטן און אַ פּאָר רובל צושטייער אַף די הויצאָעס...

נאָך די זעלביקע וואָך בין איך, צוזאַמען מיט זיי ביידן, אַוועק אין דער רעדאַקציע פון „מאָמענט" און זיך דערפרעגט צו ספּעקטאָרן. עס איז געווען צו באַוואונדערן ווי ער האָט מיך גלייך דערקענט און, נאָך איידער איך האָב אים באַוויזן צו זאָגן וועגן וואָס איך בין געקומען, האָט ער זיך אויפגעשטעלט, מיר דערלאַנגט די האַנט און אַ זאָג געטאָן:

— אָ, דאָס זענט איר דאָך דער יונגערמאַן וואָס שרייבט!... וואָס, איר האָט עפּעס געבראַכט מיט זיך אַף איבערצוקוקן?...

איך האָב אָנגעהויבן שטאַמלען פון צעטומלטקייט:

— יאָ, פּאַניע ספּעקטאָר, דאָס בין איך טאַקע דער זעלבער, אָבער איצט בין איך געקומען צו אייך נישט וועגן ליטעראַטור, נאָר...

און איך האָב אים דערציילט וואָס מיר ווילן.

ספּעקטאָר האָט אונדז געבעטן וואַרטן אַ ווייל. אַליין האָט ער זיך צוריקגעזעצט צום שרייבטיש און גענומען שרייבן אַ בריוול. אָפּגעשריבן, האָט ער עס נעט איינגעלייגט, אַריינגעטאָן עס אין אַ קאָנווערט, וואָס האָט געטראָגן דעם אַדרעס פון רעדאַקציע, אויפגעשריבן דערויף אַן אַדרעס און עס מיר דערלאַנגט:

— איר האָט דאָך אַוואַדע געהערט וועגן מוישע לייב ליליענבלום, — האָט ער געזאָגט, — דאָס האָב איך געשריבן צו אים. גיט דאָס אים איבער ווען איר וועט אָנקומען קיין אַדעס. ער איז זייער אַ האַרציקער מענטש און איך בין זיכער, אַז ער וועט טאָן אַלץ וואָס ער וועט קאָנען אייך באַהילפיק צו זיין!...

מיר האָבן האַרציק באַדאַנקט ספּעקטאָרן, וועלכער האָט אונדז באַגלייט צו

דער טיר, אונדז געוואונטשן אַ גליקלעכע רייזע און אַ גוטן אַקלימאַטיזירן זיך אין ערעץ־איסראָעל און — דערלאַנגענדיק אונדז די האַנט — צוגעגעבן:

— שרייבט אַמאָל אַ בריוול. לאָזט וויסן ווי עס דערגייט אייך דאָרט!...

מיר האָבן ווידער באַדאַנקט און זענען צופרידענע אַוועק.

אַ וואָך שפּעטער זענען מיר דריי שוין געזעסן אויף דער באַן, אפּן וועג קיין אָדעס, אין אונדזער רייזע קיין ערעץ־איסראָעל...

* * * * *

אין אָדעס האָבן מיר אַלע דריי געגומען בעשוטפעס אייך צימער אין אַ קליין האָטעלעכל אויף דער פּרעאָבראַזשענסקע לעבן דער מאַלאַ־אַרנאַוטסקע גאַסן, און באַלד ווי מיר האָבן נאָר באַוויזן אַוועקצושטעלן די וואַליזקעס און זיך אַרומגעוואַשן, האָבן מיר זיך געלאָזט גיין צו מוישע־לייב ליליענבלום.

ער, מוישע־לייב ליליענבלום — אַ הויכער, האַדראַס־פּאַנימדיקער איד מיט אַ גרויסער, ווייסער פּאַטריאַרכאַלער באָרד — האָט מיט אַ צאַרטער שטימע געבעטן אונדז זיצן, בעאייס ער האָט געלייענט דאָס בריוול פון ספּעקטאָרן, און דערנאָך, זיך איבערגייענדיק הין און צוריק איבערן צימער, צופרידן אַ זאָג געטאָן:

— זייער פיין, יונגעלייט, זייער פיין! דאָס געפעלט מיר! דריי פיינע באָכערים לאָזן איבער שטעלעס, פּאַרנאָסעס, פּאַכן; פאַרלאָזן זייערע היימען, טאַטע־מאַמע, און פאָרן בויען ערעץ־איסראָעל. און אַז מאָרדכע ספּעקטאָר קאָווירט נאָך פאַר אייך אויך, איז דאָך נישט שאַיך... אַגעוו, וואָס מאַכט ער עפּעס, ספּעקטאָר? ער איז נאָך אַלץ דער אייגענער גוטמוטיקער און לאַכנדיקער?...

ער האָט אַ פיר געטאָן מיט די הענט אַרום בויך, וואָס האָט געזאָלט מיינען, צי ספּעקטאָר איז נאָך קענעהאָרע מיטן זעלבן בייכל, און זיך צעשמייכלט:

— אַ וואוילער מענטש, ספּעקטאָר, אַ האַרציקער איד און אַ פיינער שרייבער דערצו... אַגעוו, ספּעקטאָר זאָגט מיר דאָ, אַז איינער פון אייך שרייבט ליטעראַטור. זייער פיין, זייער פיין... ווער זשע פון אייך איז דאָס?... האַקלאַל, איך רעכן, אַז עס וואָלט געווען אַ יוישער, מיר זאָלן צוגיין צו רעב מענדעלען. ער וועט זיך פרייען צו קענען אַזעלכע פיינע דריי יונגעלייט...

ער האָט אָנגעטאָן דעם סורטוק, אַ גלעט געטאָן די באָרד און צוגעגעבן:

— מיר וועלן זיך דורכרעדן און זען וואָס מען קאָן טאָן פאַר אייך...

עס האָט געמוזט זיין נישט זייער ווייט פון ליליענבלומס וואוינונג צו מענדעלעס, אָדער עפּשער האָבן מיר אין דעם פריינטלעכן שמועס מיט דעם גוטן לילענבלום נישט באַמערקט דעם מעהאַלעך. סיי ווי סיי, מיר זענען איינגיכן אָנגעקומען צום זיידן, רעב מענדעלע מויכער־ספאָרים, אין דער דירע.

באַלד ווי לילענבלום האָט אונדז פאָרגעשטעלט פאַר רעב מענדעלען, האָט ער, מענדעלע, אונדז אַלעמען אַריינגעבעטן אין דער סאַליע און אונדז געבעטן זיך זעצן צום גרויסן דעמבענעם טיש, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן שטוב. ער האָט דערביי געקוקט אויף אונדז דריי מיט זיינע טיפע פאָרשערישע אויגן, אונדז

אויסגעפרעגט פּראַטים וועגן אונדזער באַשעפטיקונג און וואָס עס האָט אונדז פּלוצים דערפירט צום באַשלוס צו פאָרן קיין ערעץ־איסראָעל.

וואָס מער ער האָט גערעדט צו אונדז, אַלץ מער האָט זיך דערפילט צו אים אַזאַ נאָענטקייט און היימישקייט, עפּעס נאָר ווי ער וואָלט געווען אַן אייגענער פעטער. נישט־באַמערקנדיק זענען דערביי פאַר אונדז אויסגעוואַקסן אַפן טיש גלעזער מיט טיי און לימענע און אַ גרויסער טעלער מיט קיכלעך, צו וועלכע עס האָט אונדז געפעלט דרייסטקייט זיך צוצורירן. מענדעלע, אָבער, האָט באַלד אַף שטום לאָשן אַ וויז געטאָן, אַז מיר זאָלן טרינקען, און שפּאַסיק צוגעגעבן:

— נישקאָשע, צו די קיכלעך דאַרף מען זיך נישט וואַשן. מען דאַרף נאָר מאַכן די בראָכע „מעזוינעס” און זאָל אייך וואויל באַקומען...

* * * * *

נישט זייער גרינג איז פאַר אידישע יונגעלייט אָנגעקומען צו קריגן אַן אויסלענדישן פּאַספּאָרט ביים אָדעסער גראַדאָנאַטשאַלניק טאָלמאַטשאָוו. און כאָטש מיר זענען געפאָרן קיין ערעץ־איסראָעל קלוימערשט ווי „באַגאָמאָלצעס” — גאָט צו בעטן, אַף דריי כאָדאָשים צייט, — האָט דאָך טאָלמאַטשאָוו געמאַכט שוועריקייטן פאַר אידישע יונגעלייט, וועמען ער האָט כוישעד געווען, אַז זיי ווילן אַנטלויפן פון רוסלאַנד, קעדיי זיך אויסצודרייען פון דאַרפן גיין דינער אין מילי־טער. עס האָט געדויערט עפּעס מער ווי צוויי וואָכן איידער מיר — מיט דער הילף פון מענטשן וועמען לילייענבלום און מענדעלע האָבן געבעטן — האָבן קוים גע־קראָגן צוויי פּאַספּאָרטן — פאַר אַוורעמלען און מיר, ווייל מיר זענען אַלט געווען קוים עפּעס מער ווי צו נייַנצן יאָר. טעוויען אָבער, ווייל ער איז שוין געווען אַרי־בער די צוואַנציק, האָט טאָלמאַטשאָוו קיין פּאַספּאָרט נישט געוואָלט אַרויסגעבן...

ביי אונדז האָט זיך דעריבער געשאַפן אַ מאָדנע לאַגע. טעוויע — דער וואָס האָט געהאַט גענוג געלט אַף הויצאָעס — האָט נישט געקאָנט פאָרן, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין פּאַספּאָרט; און איך — כאָטש איך האָב יאָ געהאַט אַ פּאַס־פּאָרט — האָב נישט געקאָנט פאָרן, ווייל איך האָב נישט געהאַט גענוג געלט. דאָס ביסל געלט, וואָס איך האָב בעאייסן אַרויספּאָרן פון וואַרשע יאָ געהאַט, איז אויך קימאַט צערונען געוואָרן איבער דער צייט וואָס מען האָט געדאַרפט וואַרטן אַף די פּאַספּאָרטן. וועגן דעם, אַז טעוויע זאָל מיר לייען אַף הויצאָעס, האָט שוין מער קיין רייד נישט געקאָנט זיין...

מיר זענען געווען פאַרצווייפלט און זיך קיין אייצע נישט געקאָנט געבן. די פּאָר רובל, וואָס לילייענבלום האָט צוגעזאָגט קריגן פאַר אונדז, וואָלטן נישט גענוג געווען פאַר אַ בילעט פאַר מיינטוועגן, אָפּגערעדט דערפון, וואָס אַוורעמלען האָט שוין אויך צוגעפעלט אַביסל געלט איבער די אומדערוואַרטע אויסגאַבן. זענען מיר געזעסן אין אונדזער האָטעל־צימער, געשמועסט, געזוכט וועגן, גע־מאַכט פּלענער, אָבער איין זאַך איז קלאָר געווען: אין בעסטן פאַל וועלן קאָנען פאָרן בלויז צוויי פון אונדז...

אַוורעמל האָט פאָרגעשלאָגן, אַז קוידעם־קאָל זאָלן פאָרן ער און טעוויע, — ווען מען איך זאָל געבן מיין פּאַספּאָרט, און אַז מיט אַ פּאָר כאַדאָשים שפּעטער וועט טעוויע מיר אָפּשיקן דעם פּאַספּאָרט, דורך געבן אים צו נוצן איינעם וואָס דאַרף צוריקפאָרן, נאָר איז דאָרט איבערגעשטאַנען זיין צייט. עס איז נויטיק געווען צו האָבן די געהעריקע צוריקפאָר־שטעמפּלען אפן פּאַספּאָרט, אַז מען זאָל קאָנען קריגן אַ פּאַספּאָרט אַ צווייטמאָל. זיין פאָרשלאַג האָט אַוורעמל מאָטיווירט מיט דעם, וואָס איך קען רעדן רוסיש בעסער ווי זייביידע, קאָן זיך ביכלאַל בעסער אויסטויגן אין דער פרעמד, און אַז ביז טעוויע וועט צוריקשיקן דעם פּאַספּאָרט מיט געלט אָף הויצאָעס, וועל איך דערווייל זיך דאָ קאָנען אַן אייצע געבן...

זיין פאָרשלאַג האָט מיר נישט זייער געשמעקט, אָבער איך האָב קיין אַנדערע ברייררע נישט געהאַט. די איינציקע זאַך וואָס איך האָב יאָ געקאָנט טאָן, איז נישט צו געבן טעוויען מיין אויסלענדישן פּאַספּאָרט, אַז ער זאָל אויך נישט קאָנען פאָרן. אָבער דאָס האָב איך ביי זיך נישט געקאָנט פּויעלן...

איך האָב דעריבער צוגעשטימט און געגעבן טעוויען מיין פּאַספּאָרט, אונטער זיין הייליקן צוזאָג מיר אומצוקערן אים, צוזאַמען מיט געלט אָף הויצאָעס, אין מעשעך פון דריי כאַדאָשים, און איידער דער פּאַספּאָרט וועט אויסגיין. ווי אַ מאַשקן, אַז ער וועט האַלטן וואָרט, האָט ער מיר געלאָזט זיין רוסישן פּאַס...

מיט אַ געבראָכן געמיט, אָבער פול מיט זיכערקייט, אַז עס וועט לאַנג נישט נעמען וועל איך אויך פאָרן, האָב איך זיי ביידע באַגלייט צום פּאָרט און אַליין בין איך געבליבן שטיין אונטן, מיט טרערן אין די אויגן און מיט אַ טיכל אין דער האַנט, ביז די שיף איז אַרויס פון האַפן און זיך דערווייטערט אינעם נעפּלדיקן אָוונט אַריין, הינטער דעם גרויען האָריזאָנט...

אַז איך בין צוריקגעקומען אין שטאָט אַריין, האָב איך גלייך גענומען מיין וואַליזקע מיט דער מאַנדאָלין, זיך אויסגעשריבן פון האָטעל און זיך געלאָזט גיין זוכן אַ ביליקערן פּלאַץ צום וואוינען. איך האָב זיך נאָכגעפרעגט און מען האָט מיר רעקאָמענדירט אַן אַכסאַניע ערגעץ אָף יעוורעיסקע גאַס. דאָרט, אין אַ ריזיקן צימער, אין וועלכן עס זענען — אין צוויי רייען — געשטאַנען אָנגעשטעלט פּערצן בעטלעך, האָב איך געקראָגן אַ בעטל, אַוועקגעשטעלט די וואַליזקע אונטער דעם, אויפגעהאנגען די מאַנדאָלין און זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן. אָף צומאָרגנס בין איך אַוועק אין שטאָט זוכן אַ שילדן־וואַרשטאַט און פרעגן וועגן אַרבעט.

מיר האָט אָפּגעגליקט. אפן סאָבאָר־פּלאַץ האָב איך דערזען אַ שיינע שילד: „זשיוואָפּיסעץ", בין אַריין פרעגן און האָב גלייך געקראָגן אַרבעט.

אין אָוונט בין איך אַ פריילעכער אַוועק צוריק אָף מיין דירע און דערביי איינגעקויפט פאַר זיך עפּעס אָף וועטשערע. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים טיש אין קיך און גענומען עסן. די באַלעבאָסטע איז געווען אַ פריינטלעכע עלטערע פרוי און האָט מיך מעכאַבעד געווען מיט אַ גלאָז טיי. נאָכן אָפּעסן, ווועלנדיק אָפּצאָלן דער באַלעבאָסטע פאַר איר גוטהאַרציקייט, האָב איך גענומען מיין מאַנ־

דאַלין מיט אַ ביכל נאָטן און זיך אַוועקגעזעצט אין קיך אַביסל שפּילן.

די באַלעבאָסטע האָט קאָמפּלימענטירט מיין שפּילן און מיר פאַרגעלייגט נאָך אַ גלאָז טיי, אָבער איך האָב זיך מיט דאַנק אָפּגעזאָגט און ווייטער געשפּילט. איך בין אַזוי פאַרטאָן געווען אין דעם שפּילן, אַז איך האָב אַפילע נישט געהערט ווי אין צימער איז עמעצער אַריינגעקומען. איך בין באַוואוסטזיניק געוואָרן וועגן דעם ערשט ווען איך האָב הינטער זיך דערהערט עפּעס אַזאַ צאַרטע, איידעלע פרויען־שטימע ווי אויסזינגען:

— אָ, איר שפּילט דאָך זייער פיין, בראַוואָ, בראַוואָ!...

איך האָב זיך אומגעקוקט און אַזש אויפגעציטערט. דערזען האָב איך:

הינטער מיר איז געשטאַנען אַ וואונדערלעך־שיינע מיידל פון אַ יאָר ניינצן־צוואַנציק, מיט אַ קאָפּ ברוין־בראַנזענע געקרייזלטע האָר, אַ פּאָנים — לויטער און צאַרט, און מיט אַ קישעפדיקן שמייכל אויף פעטלעכע שליפל־ליפּן אַרום צוויי רייען פּערלדיקע ציין, וואָס אַלץ צוזאַמען האָט צונויפגעשטעלט אַ וואונדערלעכע קאָמפּאָזיציע — נאָר ווי פון אַ קינסטלער געשאַפן...

און ווייל אַזוי, צוליב איר סעמעטרישער שיינקייט, בין איך ערשט געוואָרן שטאַרק דערשלאָגן בעאייס איך האָב דערזען, אַז אירע ביידע אויגן — גרויסע און אָפענע — זענען געווען באַצויגן מיט ווייסע מאַטע הייטלעך — אינגאַנצן בלינד. איך בין געבליבן שטיין ווי אַ פּאַראַליזירטער, געקוקט אויף איר און נישט געקאָנט אַרויסברענגען קיין וואָרט פון מיין צעעפנט מויל...

די באַלעבאָסטע האָט באַמערקט מיין צעטומלטקייט און איז צוגעגאַנגען:

— דאָס איז מיין טאָכטער, אַליאַ, אַ קורסיסטקע, — האָט זי געזאָגט, — איר וועט געפינען, אַז זי איז אַן אינטערעסאַנטע פּערזאָן צו שמועסן...

און זיך אַ ווענד געטאָן צו דער טאָכטער:

— באַקען זיך, אַליאַ, דער יונגערמאַן, וואָס האָט געשפּילט, איז אונדזער אַ נייער קוואַרטיראַנט. אַ וואַרשעווער. זיין נאָמען איז...

איך בין צוגעטראָטן צו אַליאַן, איר דערלאַנגט מיין האַנט און געזאָגט מיין נאָמען.

— איר שפּילט זייער האַרציק, — האָט זי ווידער ווי אויסגעזונגען מיט איר מוזיקאַלישער שטימע. — איר זענט אַ פּראָפעסיאָנעלער מוזיקער?...

איך האָב זיך לייכט צעלאַכט:

— איר מאַכט שפּאַס. דאָס שפּיל איך פאַר צייטפאַרטרייב, פאַר זיך אַליין...

זי האָט ווידער געלויבט מיין שפּילן, געבעטן צי איך וועל אַזוי גוט זיין און נאָכאַמאָל איבערשפּילן פאַר אירטוועגן שוּבערטס סערענאַדע. איך האָב עס, פאַרשטייט זיך, געטאָן. אַז איך האָב שוין געהאַט אָפּגעשפּילט, איז זי צוגעגאַנגען נאָענט צו מיר, אַרויפגעלייגט איר האַנט אויף מיין אַקסל און צנויאיש־שעמעוודיק שטיל אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— וועט איר מיר דערלויבן אַ קוק טאָן ווי איר זעט־אויס ? איך מיין... איר

ווייסט דאָך אַוואַדע ווי אַזוי מיר באַקוקן אַ מענטשן... איך בעט אייך מיר צו אַנטשולדיקן, אָבער איך וויל זען צי איך האָב זיך אייך ריכטיק אויסגעמאָלט...

געלאַסן און איידל האָט זי אַ פּיר געטאָן איר האַנט צום ערשטן איבער מיין קאָפּ, נאָכדעם האָט זי דורכגעפירט אירע צאַרטע פילבאַרע פינגער־שפּיצן איבער מיינס אַן אויער, אַן אויג, איבער דער נאָז, דער גאָמבע, דעם מויל, די ליפּן, און האָט שטיל אַ מורמל געטאָן:

— ניין, איך האָב זיך נישט גענאַרט. אַ מענטש, וואָס שפּילט אַזוי שיין און אַזוי האַרציק, דאַרף אַליין אויך שיין זיין. איך וויל דעריבער האָפן, אַז איר זענט אויך אַזוי האַרציק...

איך האָב געשוויגן. צופיל גערירט בין איך געווען פון איר בלינדקייט, אַז איך זאָל קאָנען אַ וואָרט אויסרעדן. זי האָט מיסטאָמע פאַרשטאַנען און אויך געשוויגן. דערנאָך, אַז איך בין ענדלעך געקומען צו זיך פון דער צעטרייסלונג, האָב איך זי אַ פרעג געטאָן:

— זאָל איך נאָך עפּעס שפּילן? ספּעציעל פאַר אייך...

— איר שפּילט פון נאָטן, זע איך, — האָט זי געזאָגט, — זאָגט זשע מיר פריער וואָסערע לידער האָט איר דאָרט...

איך האָב גענומען בלעטערן מיין נאָטן־ביכל און אויסגערופן די נעמען פון די לידער. זי האָט זיך איינגעהערט און, ווען איך האָב דערמאָנט דעם נאָמען „פּאַלאָנעז פון נאָסקאָווסקין״, האָט זי אַ הייב געטאָן די האַנט און מיך געבעטן, אַז איך זאָל דאָס שפּילן פאַר איר.

מיר זענען אַזוי געזעסן אַ שטיקל צייט. איך האָב געשפּילט עטלעכע זאַכן און מיר האָבן נאָך יעדער זאַך גערעדט וועגן דעם קאָמפּאָזיטאָר און דער מוזיק. איר מוטער האָט צוגעטראָגן טיי מיט קיכלעך, מאַמעש צוגעשטאַנען, אַז איך זאָל טרינקען, פאַרבייסן, און זיך אַ ווענד געטאָן צו דער טאָכטער:

— זאָג דו אים, אַליאַ, אַז ער זאָל זיך נישט לאָזן בעטן!...

פון יענעם אָוונט אָן בין איך געוואָרן היימישער מיט אַליאַן. יעדעסמאָל ווען איך בין געקומען פון דער אַרבעט און זיך אָוועקגעזעצט ביים קיך־טיש עסן מיין וועטשערע, איז זי שוין דאָרט געזעסן און געלייענט אַ בוך אין דער „בראַאיל״־שריפט. די מוטער האָט צוגעטראָגן טיי, אָדער קאַווע פאַר אונדז. איינמאָל, בעאייס אַליאַ איז נאָך נישט געווען ביים טיש און די מוטער, זעענדיק, אַז איך וואונדער זיך, האָט זי צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— אַליאַ האָט נישט געוואָלט זיין דערביי ווען איך וועל מיט אייך רעדן, ווייל זי פאַרשטייט, אַז איר וועט זיך פילן אומבאַקוועם. אָבער זי, אַליאַ, האָט היינט מיך פלוצים אַ פרעג געטאָן צי איר עסט ווען אַמאָל געקאָכטע שפּייז. זי האָט מיך געבעטן אייך פאַרצולייגן, אַז איר זאָלט עסן וועטשערע מיט אונדז צוזאַמען...

איך האָב זיך געפּרוּווט אָפּזאָגן, באַדאַנקט פאַר איר און אַליאַס אויפמערקזאַמקייט און גוטהאַרציקייט, אָבער זי האָט מיך מער נישט אָפּגעלאָזט:

— עס וועט אײַך נישט קאָסטן מער ווי עס קאָסט אײַך דאָס טרוקענע עסן און איר וועט דערמיט צופרידנשטעלן אַליאַן. זי קאָן נישט פאַרטראַגן, אַז איר...

איך האָב געמוזט אײַנווילּיקן אויף איר פאָרשלאַג.

וואָס אַ טאָג ווײַטער אַלץ נעענטערע פרײַנט זענען מיר געוואָרן, איך און אַליאַ. מיר האָבן געשמועסט וועגן ליטעראַטור — וואָס זי האָט וואונדערלעך פאַר־שטאַנען, און וועגן פּאָליטיק. ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין פּועלי־ציאָניסטיש געשטימט און בין אין אַדעס אויף מײַן וועג קיין פּאַלעסטינע, — האָט זי מיט אײדעלער איראָניע אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— זעט איר, דאָס האָב איך זיך נישט געריכט אויף אײַך. דאָס האָב איך נישט דערוואַרט פון אַזאַ באַוואוסטזיניקן אַרבעטער, אַן אינטעליגענט ווי איר...

זי האָט מיר גענומען געבן אַזעלכע אַרגומענטן, מיר גענומען אויפקלערן אַזעלכע זאַכן, וועלכע איך האָב פריער — כאָטש איך בין נישט אינגאַנצן רוי געווען — גאָרנישט געוואוסט און באַנומען. זי האָט מיר מאַמעש פּאַרטייטשט און אויפגעקלערט די לערע פון מאַרקסיזם און די פּראַקטיק פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי; די נאַציאָנאַלע פראַגע אין אַלע אירע פאַזן און אויפפאַסונגען מיצאַד די פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. זי האָט מיר גענומען באַווײַזן, אַז די אײנציקע לייזונג פון אידישער רעכטלאָזיקייט ליגט נישט אין אַנטלויפן ערגעץ אין אַן אָפּגעשטאַנען לאַנד, נאָר אין דער באַפרײַונג פון אַלע פעלקער, אין דער ערשטער ריי — דער אַרבעטער־קלאַס...

איר לאָגיק איז געווען אַזאַ געזונטע און לויטערע, אירע אַרגומענטן — אַזעלכע שלאָגנדיקע, אַז איך האָב דערפילט, אַז וויפל איך זאָל זיך נישט ווערן קעגן איר און צוריקשלאָגן, בין איך דאָך אַ פאַרשפּילטער...

דערווייל זענען אַריבער די דרײַ כאַדאָשים זינט אַוורעמל מיט טעוויען זענען אַוועקגעפאָרן, און איך האָב נאָך אַלץ נישט געקראָגן נישט מײַן פּאַספּאָרט און אַוואַדע נישט קיין געלט אויף צום פאָרן. עמעס, טעוויע האָט מיר געהאַט געשריבן אַ צווײ בריוו באַלד נאָך זײַן אָנקומען קיין פּאַלעסטינע, אין וועלכע ער האָט מיר געמאָלדן, אַז עס איז זייער נישט גוט; אַז ער דאַרף האָרעווען שווער און ביטער קוים אויסצושלאָגן זײַנע הויצאָעס, און מיר געגעבן אָנצוהערן, אַז אויב ער וועט נישט קריגן קיין געלט־שטיצע פון זײַנע עלטערן, וועלכע זענען געווען קעגן זײַן אַוועקפאָרן, וועט ער זײַן געצוואונגען צוריק אַהיימצופאָרן.

מער האָב איך נישט געהערט פון אים. סײַ ווי סײַ, דאָס האָט געהאַט אויף מיר אַ געהעריקע ווירקונג, אַז איך זאָל ווערן מער אויפנעמפעאיק פאַר אַליאַס אַרײַנ־דרינגענדיקע אויפקלערונגען. פון טאָג צו טאָג זענען מײַנע קעגן־אַרגומענטן געוואָרן אַלץ שוואַכער, לעפּישער און מיט ווינציקער איבערצייגונג און גלויבן אין זיי. אַליאַס רייד האָבן לייכטער געטראָפן אין ציל.

ווען זי, אַליאַ, האָט אַפּאַנים דערפילט, אַז איך בין שוין גרייט, האָט זי מיר קלאָר געזאָגט, אַז אויב איך וויל זיך אַנשליסן אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטי־

שער פּאַרטיי, וועט זי מיר געבן די נויטיקע פאַרבינדונגען. איינמאָל אין אַן אָוונט, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט אָפּגעגעסן וועטשערע און אַליאַס מוטער האָט שוין געהאַט אַראָפּגערוימט פונעם טיש, איז אַריינגעקומען אַ יונגערמאַן, אַ סטו־דענט, אין אַ מונדיר פון אינזשעניר־קורסן, און איז גלייך צוגעגאַנגען צו אַליאַן מיט אַ ברייטער באַגריסונג אויף רוסיש:

— דאָברי וויעטשער, אָלגאַ אַבראַמאָוונאַ, קאַק פּאָזשיוואַיעטיע?!...

אַליאַ האָט אים פריילעך געענטפערט און, אָנווייזנדיק אויף מיר, געזאָגט:

— באַקענט זיך, דאַוויד מאַיסעיעוויטש, אַ גוטער פריינט מיינער!...

דער סטודענט האָט וואַרעם געדריקט מיין האַנט, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געפּאַסטע טוזשורקע, זיך אַוועקגעזעצט לעבן אַליאַן און גענומען גאָר פריילעך פּלאַפּלען, אויסברעכנדיק יעדע וויילע אין אַ הילכיקן געלעכטער.

באַמערקט, אַז ער וויל עפּעס רעדן מיט אַליאַן, האָב איך זיך אויפגעשטעלט פונעם טיש און געוואָלט אַוועקגיין. אַליאַ האָט אָבער גלייך דערשפּירט מיין באַוועג־גונג און מיט פאַרוואורף אַ זאָג געטאָן:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ וועג? בלייבט דאָ! מיר האָבן נישט קיין סודעס פאַר אייך!...

אויך דער סטודענט האָט מיך געבעטן בלייבן און איך בין געבליבן זיצן. איך האָב זיך אָבער געפילט אומבאַקוועם. זיין מין באַנעמונג צו אַליאַן האָט מיר קלאָר געמאַכט, אַז ער איז פאַרליבט אין איר און ער וואָלט וועלן זיין אַליין מיט איר. עפּעס אַ מאָדנע שטילער פאַרדראָס האָט גענומען עגבערן אין מיין מויעך און אַן אומבאַשטימטע אייפערזוכט האָט גענומען פרעסן מיין האַרץ. איך האָב זיך אָבער געפלייסט עס נישט אַרויסצואווייזן, און גענומען זוכן אין געדאַנק אַ טערעץ אויף צו לאָזן זיי אַליין. איך האָב מיט אָנשטעל זיך אַ כאַפּ געטאָן:

— אוי, איך האָב דאָך נישט קיין פּאַפּיראָסן! איר וועט מיר אַנטשולדיקן...

איך האָב זיך געלאָזט גיין קויפן פּאַפּיראָסן, אָבער אפן וועג האָב איך אַלץ געטראַכט און זיך אַליין געפרעגט:

„איז עס מעגלעך? זאָל עס זיין, אַז איך... בין פאַרליבט אין אַליאַן?...”

אַ גאַנצע נאַכט, ליגנדיק אפן געלעגער ביי זיך, האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם, אָבער אַלץ נישט געקאָנט זיך געבן קיין קלאָרן ענטפער. און מאָדנע: מיין אייגענער אַרגומענט קעגן דעם איז נישט געווען, אַז איך קאָן נישט זיין פאַרליבט אין אַליאַן — אַ בלינדער, כאָטש זעלטן שיינער און קלוגער מיידל, נאָר פאַרקערט: אַז עס איז אומדענקבאַר זי זאָל גאָר זיין פאַרליבט אין מיר...

ביי אַ צווייטער געלעגנהייט, ווען דאַוויד מאַיסעיעוויטש איז געקומען אויף אַ באַזוך צו אַליאַן, האָט זי זיך אַריינגעזעצט צווישן אונדזביידן, האָט פאַרוואָרפן איין אָרעם אירן אַרום זיין האַלדז, דעם צווייטן אָרעם — אַרום מיינעם און, אַ קוש־טוענדיק צום ערשטן זיין באַק און דערנאָך מיין באַק, געזאָגט:

— אינגלעך, אינגלעך, איך וויל, אַז אירביידע זאָלט זיין גוטע פריינט צווישן זיך, איר הערט? מיר געפעלט נישט אייער אַנגעבלאָזנקייט אייבער אָף דעם צווייטן. איך האָב עס פיינט! אַ כוץ דעם, וויל איך טאַקע, אַז איר, דאַוויד מאָי־סעיעוויטש, זאָלט אים מיטנעמען צו דער קומענדיקער פאַרזאַמלונג פונעם פּאַר־טיי־קמערל און אים פאַרשלאָגן פאַר אַ מיטגליד...

און נישט פרעגנדיק, צי איך וויל אָדער בין גרייט דערצו, צוגעגעבן:

— דאָס איז וויכטיקער פון אַלץ! דאָס איבעריקע איז בלויז ביי־זאַכן!...

דאַוויד מאָיסעיעוויטש האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ ווי אַ פאַרשולדיקטער. דערנאָך, שוין ביים אַוועקגיין, האָט ער מיר אָנגעזאָגט וואו און ווען איך זאָל זיך באַגעגענען מיט אים צוליב דעם, און זיך פריינטלעך געזעגנט.

איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. ווען דאַוויד מאָיסעיעוויטש האָט נאָר געזאָגט, אַז אַליאַ רעקאָמענדירט מיך און קאָווירט פאַר מיר, האָט מען מיך אָנגענומען אָן שום פראַגעס.

איך האָב אָנגעהויבן ווערן אַקטיוו, בין יעדע וואָך געגאַנגען צו דער פאַר־זאַמלונג און גענומען אָף זיך געוויסע אויפגאַבעס דורכצופירן. איינמאָל, בעאייס איך האָב זיך געקליבן גיין צו דער פאַרזאַמלונג, איז אַליאַ פלוצלונג צו מיר צוגעקומען און — אַרויפלייגנדיק איר הייסע האַנט אָף מיין אַקסל, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אָבער מיט איר זינגענדיקער שטימע — ווייך אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר ווילט, וועלן מיר גיין צוזאַמען צו דער פאַרזאַמלונג!...

און אַזוי ווי איך האָב איבער דער אומדערוואַרטער ווענדונג נישט אַזוי גיך געענטפערט, האָט זי גלייך צוגעגעבן:

— אָ, איך וועל נישט זיין קיין לאַסט אָף אייך. איר וועט מיך נישט דאַרפן פירן...

איך האָב זיך דערפילט ווי אויסגעפּאַטשט און, קעדיי צו באַווייזן אַליאַן, אַז איך האָב אַפילע נישט געטראַכט וועגן דעם, זי אַ נעם געטאָן ביי דער האַנט:

—אָ, אַליאַ, ווי פאַלט אייך גאָר איין אַזאַ זאַך?! פאַרקערט, איך...

— נו, אַנטשולדיקט! — האָט זי שטיל געזאָגט, צולייגנדיק אירע צוויי פינגער צו מיינע ליפּן, אַז איך זאָל שווייגן, — איך האָב גאָרנישט געמיינט...

איך האָב געשוויגן, גענומען אַליאַן אונטערן אָרעם און מיר זענען אַוועק. דעם גאַנצן אָוונט האָב איך זיך אַלץ געפלייסט איר צו ווייזן, אַז זי איז מיר ליב און אַנגענעם, און אַז איך האָב גרויס פאַרגעניגן צו גיין מיט איר...

עס זענען פאַרביי אַ פּאָר וואָכן. איינמאָל, אין אָוונט, ווען איך בין — ווי געוויינטלעך — אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָב זיך אַרומגעוואַשן און זיך געזעצט צום טיש — גרייט צו עסן וועטשערע, איז אַליאַ צוגעטראָטן צו מיר, האָט אַרויפגעלייגט איר הייסע האַנט אָף מיין קאַרק און ווייך אַ זאָג געטאָן:

— אויב איר ווילט און זענט אין אַ שטימונג, וועלן מיר היינט גיין אין שטאָט־טעאַטער אַריין. באַגראַוו שפּילט מיט אַ קיִעווער טרופּע „באַלשאָי טשעלאָוויעק“ —

אַ פיינע דראַמע. איך האָב געקראָגן צוויי בילעטן. נו, וואָס זאָגט איר?...

איך האָב זיך געוואָלט אָפּזאָגן, אָבער באַגרייפנדיק, אַז איך וועל דערמיט אַליאַן ווײ טאָן, האָב איך מיט געמאַכטער היסלאַיוועס אויסגערופן:

— אָ, וואָסער צופאַל! ערשט פריער, גייענדיק פון דער אַרבעט, האָב איך געזען אַן אַפיש וועגן דער פאָרשטעלונג און געטראַכט אײַך פאַרצולייגן...

זי האָט אַ לייכטן כיינעוודיקן שמייכל געטאָן, פּונקט ווי זי וואָלט באַגריפן, אַז איך זאָג נישט דעם עמעס, און שטיפעריש אַ זאָג געטאָן:

— נו, איז דאָך אַוודע גוט! וועט איר פאַרשפּאָרן מיר פאַרצושלאָגן, נאָר בלויז דאַרפן אָננעמען מיין פאַרטיקן פאָרשלאַג. וואָס־זשע, גייט עס?...

גלייך נאָכן עסן האָב איך זיך איבערגעטאָן אין מיין בעסערן גאַרניטער, גענומען אַליאַן אונטערן אָרעם און אַוועקגעפאָרן מיט איר אין טעאַטער אַריין.

און איך האָב קיין כאַראַטע נישט געהאַט. די פּיעסע איז געווען אַף אַ פּאָ־ ליטישער טעמע — אַ קריטיק אַף מיניסטער וויטע, און די אַרטיסטן האָבן גאָר וואונדערלעך געשפּילט. די איינציקע זאַך, וואָס האָט מיך נערוועז געמאַכט, איז געווען אַליאַס נאָענטע האַלטונג צו מיר. זי איז געזעסן מיט אירע צוגעמאַכטע בלינדע אויגן און אויסגעשפּיצטע אויערן, האַלטנדיק איר קאָפּ אָנגעלענט אַף מיין אַקסל, און פון איר האָט געוויייעט אַף מיר אַזאַ הייסע רעגבאַרע פרויאיש־ קייט, וואָס האָט מיך שטאַרק באַאומרואיקט...

בעאייסן צוריקגיין פונעם טעאַטער האָט געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן. איך האָב צוגערופן אַ דראָשקע, איינגעזעצט אַליאַן און אַליין — שטעלנדיק זיך היג־ טערן קוטשערס פּלייצע — אים אָנגעזאָגט וואוהין צו פאָרן. דערביי האָט די דראָשקע אומגעריכט אַ ריר געטאָן און איך בין אומגערן אַ פאַל געטאָן אַף אַליאַן. איך האָב זיך געוואָלט אָפּרוקן, אַנטשולדיקן, אָבער זי, אַליאַ, האָט מיך שוין געהאַלטן פעסט אַרומגענומען און שטיל געשעפּטשעט:

— שווייגט! קיין וואָרט נישט! איך בעט אייך, קיין וואָרט נישט!...

זי האָט דאָס געזאָגט אין אַזאַ זיסן, ליידנשאַפטלעכן טאָן, אַז איך בין גע־ וואָרן אַן אָפּהענטיקער. איך האָב זיך, ווי אַ פאַרקישעפטער, אויסגעדרייט צו אַליאַן מיטן פּאָנים, זיך צוגעבויגן צו איר און איר אַ קוש געטאָן גלייך אין די ליפּן. זי האָט דעם קוש גערן און ווייליק אויפגענומען. איך בין אַזוי פאַר־ ציטערט געוואָרן פון איר הייסן אָפּענטפער און פון איר רייצנדיקן פרויען־ גערוך, אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר אַזש פאַרדרייט און איך האָב זיך דערפילט ווי שיקער. איך האָב זיך גענומען אַנטשולדיקן, אָבער אַליאַ האָט קלינגענדיק אַ לאַך געטאָן און געזאָגט:

— אָ, נאַרישער באָכער וואָס איר זענט! איבער וואָס אַנטשולדיקט איר זיך דאָס? איבערן לעבן? איבער אַ זיסער רעגע, וואָס איר האָט מיר, און אַוודע אויך זיך, פאַרשאַפט? האָב איך עס דען נישט געוואָלט? האָב איך אייך דען נישט אָפּגעענטפערט מיט מיין גאַנצער נעשאָמע, מיט מיין גאַנצן האַרץ?...

איך האָב פאַרשעמט געשוויגן ביז איך האָב זי אַהיימגעבראַכט, און זיך געפּלייסט מער נישט צו דערמאָנען אָדער אַפילו אָנצודייטן וועגן דעם.

איך האָב זיך געפילט געקוועלט און אָנגעהויבן שפּירן, אַז זי, אַליאַ, איז אַ לאַסט אויף מיר. איך האָב פּאַשעט מוירע געקראָגן צו קוקן אויף איר. איך האָב געטראַכט, אַז זי זעט מיך, מיינע געדאַנקען, און מאַכט אין האַרצן כויזעק פון מיר און מיין אינגלשקייט. איך האָב געגומען זוכן זי אויסצומיידן. אָבער זי האָט, זעט אויס, טאַקע דערפילט מיינע געדאַנקען און איינמאָל, ווען מיר זענען געבליבן אַליין אין קיך, מיר געגומען אויסרעדן:

— דער אומגליק מיט אייך איז, אַז טאָמער טוט איר אַ קוש אַ מיידל, מיינט איר שוין, אַז דאָס איז אַן אַדערויף, אַ פאַרפליכטונג כאַסענע צו האָבן. איך קוק דערויף נישט אַזוי. איך האַלט, אַז צוויי יונגעלייט וואָס געפעלן זיך, וואָס האָבן גייסטיקע געמיינשאַפטלעכקייטן צווישן זיך, און אויב איינער איז נאָר נישט דערווידער דעם אַנדערן, מעגן זיי, ביין, דאַרפן זיי אויסלעבן די דרינגענדיקע באַגערן. נישקאָשע, נישט אייך און נישט מיר איז עפּעס אָפּגעקומען פון יענעם געגאַרטן קוש. פאַרקערט: איך רעכן, אַז איך בין איצט פיל רייכער אין מיינע דערפאַרונגען, רייכער מיט דעם, וואָס איך בין געקושט געוואָרן פון אַ באָכער וועמען איך האָב ליב, אָבער וועמען איך וועל קיינמאָל נישט האָבן...

אַליאַס רייד האָבן מיך אַביסל אַיינגעשטילט, באַרואיקט, אָבער נישט גענוג אויף צו באַהערשן מיין שעמעוודיקייט און אומבאַקוועמקייט אין איר קעגנוואַרט. איך האָב געגומען טראַכטן וועגן אַרויסציען זיך פון זיי, זיך נישט באַגעגענען מער מיט אַליאַן, קעדיי אַזויאַרום זיך צו באַפרייען פון דער געדריקטקייט.

עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך זיך געזעגנט מיט אַליאַן, מיט איר מוטער, און זיך געגומען אַריבערקלייבן אין אַ פּריוואַטן צימער ביי אַ פאַמיליע...

אַליאַ האָט מיך גאַרנישט געפרעגט און מיר גאַרנישט נישט געזאָגט. זי האָב בלויז פאַרמעל מיר דערלאַנגט איר האַנט און שטיל אַ שניט געטאָן:

— איך האָף, איר וועט איבער מיר נישט רעזיגנירן פון דער פּאַרטיי!...

* * * * *

# איין דורכפאַל נאָכן צווייטן

אין אָדעס בין איך אָפּגעווען אַרום אַ ניין כאָדאָשים, און וואָלט עפּשער געבליבן לענגער. אָבער איך האָב פאַרלוירן מיין גוטע שטעלע און געאַרבעט בלויז צו עטלעכע טעג אין וואָך. מיר איז קלאָר געווען, אַז אויב איך וועל זיך גלייך נישט פאַרנעמען צוריק אַהיים, וועל איך נישט נאָר דאַרפן ליידן דאָ, אין דער פרעמדער שטאָט, הונגער און נויט, נאָר וועל אָפּילע נישט האָבן אַף הויצאָעס אַהיימצופאָרן. דערצו איז שוין געווען נאָענט צו פּייסעך און איך האָב געוואָלט זיין אַף יאָנטעוו אינדערהיים, באַ מיינע עלטערן...

איך האָב דעריבער ביי דער פאַרזאַמלונג פון פאַרטיי־קאָמערל געמאָלדן וועגן מיין באַשלוס. די כאַוויירים האָבן באַדויערט מיין אָפּפאָר און פּראָבירט מיך אָפּ־רעדן דערפון. איך האָב זיך גענומען געזעגענען מיט יעדן באַזונדער און, בעאייס איך בין צוגעקומען צום סעקרעטאַר, האָט ער מיך געבעטן, אַז איך זאָל בלייבן וואַרטן אַף אים, ווייל ער וויל זיך מיט מיר דורכרעדן.

מיר זענען אַרויס צוזאַמען. דאַן האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן:

— ווען רעכנט איר צו פאָרן, כאַווער?...

— אין אַ דריי־פיר טעג אַרום, — האָב איך געענטפערט.

— גוט, אויסגעצייכנט! — האָט ער אויפגעלויכטן און פאַרגעזעצט, — איר פאָרט דאָך איצט נישט דירעקט קיין וואַרשע, כאַווער, נאָר אין דעם שטעטל וואו אייערע עלטערן וואוינען. אויב אַזוי, וועט איר דאָך באַשטימט דאַרפן דורכפאָרן ברעסט־ליטאָווסק און ביאַליסטאָק, נישט עמעס?... האָבן מיר אַ שעליכעס פאַר איך. מיר ווילן איר זאָלט מיטנעמען מיט זיך צוויי קליינע קוישלעך מיט ליטע־ראַטור. עס איז נאָר־וואָס אָנגעקומען פון אויסלאַנד אַ נייער טראַנספּאָרט. מיר וועלן גלייך אָנשרייבן בריוו צו די געהעריקע פּערזאָנען, זיי צו־וויסן געבן ווען איר וועט אָנקומען אין זייערע שטעט און אַז זיי זאָלן אין צייט צוקומען צום וואָקזאַל עס אָפּצונעמען ביי אייך...

איך בין מאַסקים געווען. עטלעכע אָוונטן שפּעטער, ווען איך בין געקומען אַפן וואָקזאַל מיט מיין וואַליזקע און מאַנדאָלין, איז שוין דאָרט געווען דער סעקרעטאַר. ער האָט געהאַט צוויי קליינע קוישלעך מיט אָנגעהאַנגענע שלעסלעך, און מיר געהאָלפן זיך איינזעצן אין וואַגאָן אַריין.

ער האָט מיר איבערגעגעבן די צוויי שליסעלעך, מיר איינגערוימט דעם „פּאַראָל" — דאָס פּאַסיר־וואָרט, וואָס די צוויי פּערזאָנען, וועלכע וועלן קומען אין

בריסק און אין ביאַליסטאָק אָפּצונעמען ביי מיר די קוישלעך מיט ליטעראַטור, וועלן מיר דאַרפן זאָגן קעדיי זיך צו לאָזן דערקענען צו מיר.

— מיר האָבן זיי שוין געשריבן און זיי וועלן זיכער זיין אין צייט. — האָט ער ביים אַראָפּגיין מיר שטיל צוגעוואָרפן, — זאָרגט זיך גאָרנישט!...

איך האָב אָוועקגעשטעלט מיין וואַליזקע און די צוויי קוישלעך אונטער דער באַנק אַנטקעגן זיך, קעדיי איך זאָל קאָנען כאַפּן אַ קוק אויף זיי, און אַליין האָב איך גענומען איינדרימלען באַלד ווי דער צוג האָט זיך נאָר גערירט.

די רייזע ביז בריסק איז דורך בעשאָלעם. באַלד ווי איך בין אַראָפּ פונעם צוג אויף איבערצוזעצן זיך אויף אַ צוג אין דער ריכטונג פון ביאַליסטאָק, — איז צוגעקומען צו מיר אַ יונגערמאַן, אַ הייב געטאָן דאָס היטל, שטיל מיר איבער־געגעבן דעם געהעריקן „פּאַראָל" און צוגענומען זיין קוישל.

אָנגעקומען קיין ביאַליסטאָק, האָב איך, — מיט די צוויי פּעקלעך ביי די פיס און די מאַנדאָלין אָנגעהאַנגען איבערן אַקסל, — זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ באַנק אין וואָקזאַל פון דריטן קלאַס, וואַרטן אויף דער פּערזאָן, וואָס האָט געדאַרפט קומען אָפּצונעמען ביי מיר דאָס קוישל.

עס איז פאַרביי אַ שאָ און אַ צווייטע, און איך האָב אַלץ געוואַרט. איבער דער צייט זענען אָפּגעפאָרן עטלעכע צוגן אין דער ריכטונג פון טשיזשעווע, — דאָס שטעטל וואו מיינע עלטערן האָבן דעמאָלט געוואוינט. איך בין געוואָרן הונגע־ריק, אָבער מוירע געהאַט אויסצוגעבן די פּאָר גראָשן, ווייל דאַן וואָלט מיר געווען צוגעפעלט פאַר אַ בילעט אויף דער באַן. אַז עס איז אָבער פאַרביי נאָך אַ שאָ און אַ צווייטע און דער הונגער ביי מיר האָט זיך אַלץ געשטאַרקט, האָב איך באַשלאָסן צוצוגיין צום בופעט און נעמען אַ גלאָז טיי מיט פאַרבייסן. איך בין זיכער געווען, אַז ווען די פּערזאָן וועט קומען נאָך דעם קוישל, וועל איך ביי אים קאָנען קריגן צו „לייען" די עטלעכע קאָפּיקעס וואָס וועלן מיר פעלן.

איך האָב געלאָזט שטיין די פּעקלעך אויפן פּלאַץ און אַוועק צום בופעט. דער־ביי האָב איך קעסיידער געכאַפּט אַ קוק צו די זאַכן, עפּשער וועט עמעצער קומען מיך זוכן. עס איז אָבער קיינער נישט געקומען. די פּאַסאַזשירן אויפן וואָקזאַל האָבן זיך געיאָגט, ווער צו אַן אַוועקגייענדיקן צוג און ווער פון אַ נאָר־וואָס אָנגעקומענעם. דער סטאַנציע־זשאַנדאַרם האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן וואָקזאַל געלאַסן־געשעפטמעסיק, וואָרפנדיק זוכנדיקע בליקן אין אַלע זייטן.

אַז איך האָב שוין געהאַט איבערגעכאַפּט דאָס האַרץ, בין איך צוריק אַוועק צו מיין פּלאַץ אויף דער באַנק, און שוין אומגעדולדיק זיך גענומען דרייען און קוקן, נישט באַגרייפנדיק פאַרוואָס די פּערזאָן איז נאָך נישט געקומען:

„וואָס קאָן עס זיין?" — האָט איך זיך געכידעשט, — „עס איז דאָך געווען אָפּגעמאַכט, מען זאָל דאָ זיין באַלד אינדערפרי, צום אָנקומען פונעם צוג..."

איך בין רעכט בייז געוואָרן און עס האָט מיך גענומען פאַרדריסן, וואָס איך האָב אינגאַנצן גענומען אויף זיך די שעליכעס. איך האָב אַפילע גענומען טראַכטן,

אַז איך וועל בלויז וואַרטן ביז דעם 5ער צוג און אויב קיינער וועט ביז דאַן נישט האָבן געקומען, זאָל איך אַוועקפאָרן. איך האָב זיך אָבער גלייך דערמאַנט, אַז איך קאָן שוין אַפילו נישט פאָרן, פאַשעט דערפאַר וואָס איך האָב נישט גענוג געלט אף צום קויפן אַ בילעט.

איך בין געווען פאַרצווייפלט, געזעסן, געטראַכט און זיך געגעסן פון פאַר־דראָס. פלוצים האָב איך פון הינטער זיך דערפילט אַ האַנט אף מיין אַקסל. איך האָב זיך דערפרייט און, — זייענדיק זיכער, אַז דאָס איז מען ענדלעך געקומען נאָכן קוישל, — זיך אַ דריי אויס געטאָן. הינטער מיר איז געשטאַנען דער סטאַנ־ציע־זשאַנדאַרם:

— וואָס טוט איר אַזוי לאַנג דאָ, אפן וואקזאַל, יונגערמאַן? — האָט ער, פאַרשנדיק, מיך שאַרף אַ פרעג געטאָן, — איר וואַרט דאָ אף עמעצן?...

איך האָב זיך נישט פאַרלוירן און געענטפערט:

— אַזוי לאַנג? איך וואַרט אף אַ צוג קיין טשיזשעווע...

— און יענע צוגן, וואָס זענען אַוועק איבער דער צייט וואָס איר זיצט דאָ, זענען אייך נישט געפעלן געווען? — האָט ער מיט כויזעק אַ שטאָך געטאָן.

— איך פאַרשטיי נישט וואָס איר מיינט, — האָב איך זיך געמאַכט טאַמעוואַטע.

— ווייזט מיר אייערע דאָקומענטן! — האָט ער טרוקן אַ שניט געטאָן.

איך האָב אים דערלאַנגט מיין פאַספּאָרט.

— אָר־הום, — האָט ער דורכגעקוקט דעם פאַספּאָרט און פלוצים אַ ווייז אָן געטאָן אף מיינע פעקלעך, — און וואָס פירט איר דאָ מיט זיך?...

— מיינע זאַכן, פאַרשטייט זיך, — האָב איך געענטפערט, אָנווייזנדיק אף דער וואַליזקע, — קליידער און...

— נו, און אין דעם קוישל וואָס האָט איר? — האָט ער ווייטער געפרעגט.

איך האָב דערפילט איך בין אַריינגעפאַלן און זיך פּראָבירט אָפּוואַרפן:

— דער קויש... דער איז נישט מיינער! — האָב איך געשטאַמלט. — דאָס...

דער זשאַנדאַרם האָט זיך אַרונטערגעבויגן צו דער וואַליזקע און, געזען אַז זי איז צוגעשלאָסן, אַ זאָג געטאָן צו מיר:

— כאָטש מיר צווייפלען נישט אין אייער באַהויפּטונג, אָבער פונדעסטוועגן... אַ־נו־קאָ, ווייזט מיר נאָר דאָס שליסעלע, וועלן מיר אַ קוק טאָן...

איך האָב אים געגעבן מיינע שליסעלעך, וואָס זענען געווען אַרויפגעצויגן אף אַ רינגעל. ער, ווי אַ געניטער, האָט אַ קוק געטאָן אף זיי און גלייך געטראָפן וועלכעס שליסעלע ער דאַרף נוצן. אָן אַ וואָרט אויסצורעדן האָט ער אויפגעשלאָסן די וואַליזקע, אויפגעעפנט דאָס דעקל און, זעענדיק אפן סאַמע אויבן אָן איינגע־לייגטן גאַרניטער, — אַ קוק געטאָן אפן שלעסל, וואָס איז געהאנגען אפן קוישל. ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אף די שליסעלעך, גלייך גענומען דאָס געהעריקע און אויפגעשלאָסן דאָס קוישל:

— און איר האָט געזאָגט, אַז דאָס קוישל איז נישט אייער! — האָט ער

מיט זיגערישן כויזעק געשמייכלט, קוקנדיק אף די ביכלעך און די פּראָקלאַ־מאַציעס, וואָס זענען גאַנץ גאַנץ געדיכט געווען אָנגעפּאַקט אינעם קוישל.

— דאָס קוישל איז פאָרט נישט מיינס! — האָב איך זיך געוואָלט ראַטעווען.

— דאָס האָט אַ מיטרייזנדיקער מיך געבעטן אויפצופּאַסן דערויף ביז ער וועט צוריקקומען פון שטאָט. און דעריבער... דעריבער, — האָב איך, אַ האָפּענונגס־פולער פון דעם נייעם איינפאַל, פאַרגעזעצט, — דעריבער האָב איך טאַקע דורכ־געלאָזט די עטלעכע צוגן, ווייל איך האָב דאָך נישט געקאָנט און נישט געוואָלט פאַרנעמען אַ פרעמדן מענטשנס קוישל מיט זאַכן...

— איך פאַרשטיי, פאַרשטיי, — האָט דער זשאַנדאַרם געכויזעקט און אָנגעַ־הויבן אַרויסצונעמען מיינע זאַכן פון דער וואַליזקע. פאַרזיכטיק און געלאַסן האָט ער צעעפנט מיין גאַרניטער, געטאַפּט אין די קעשענעס, אין די פאַלדן, און אים אָוועקגעלייגט אף דעם דעקל פון דער וואַליזקע. אַזוי האָט ער אויך אַרויס־גענומען און אַוועקגעלייגט מיינע עטלעכע אויבערהעמדער, אַ פּאָר קראַוואַטן, אונטערוועש, זאָקן און... מיטאַמאָל:

איך האָב אַזש אָנגעהויבן ציטערן. אין זשאַנדאַרמס האַנט האָב איך דערזען דעם פּאַספּאָרט, וואָס טעוויע מאַטיס האָט מיר געהאַט געלאָזט פאַר אַ מאַשקן...

— אַזוי־אַזוי! — האָט דער זשאַנדאַרם געשניטן, זעענדיק, אַז דאָס איז אַ פּאַספּאָרט אף אַן אַנדערן נאָמען, — צוויי פּאַספּאָרטן! היינט גיי ווייס וועלכער עס איז דער ריכטיקער און ווער איר זענט...

— דער פּאַספּאָרט איז נישט מיינער! — האָב איך אָנגעוויזן אף זיין האַנט.

— דאָס איז טאַקע דעם מאַנס, וואָס האָט מיך געבעטן האַלטן זיין „קאָרזינע"...

— אינטערעסאַנט. און איר האָט זיין פּאַספּאָרט באַהאַלטן אין אייערע זאַכן...

ער האָט צוריק צוגעשלאָסן די וואַליזקע און דאָס קוישל, און מיך — צו־זאַמען מיט די שליסעלעך אוןביידע פּאַספּאָרטן — איבערגעגעבן צו אַ פּאָליציאַנט, יענער זאָל מיך אָוועקפירן.

דער פּאָליציאַנט, זעענדיק, אַז איך מאַטער זיך מיט די צוויי שווערע פּעק, האָט מיר פאַרגעלייגט, אַז אויב איך וויל און האָב געלט, וועט ער מיר דערלויבן צו דינגען אַ דראָשקע. איך האָב זיך אָבער נישט געקאָנט דערלויבן דעם לוקסוס, ווייל איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך טאָר זיך נישט לאָזן אָן אַ גראָשן בעאיים איך בין אַרעסטירט. איך האָב דעריבער ווייטער געטראָגן די צוויי שווערע פּעק, זיך אָפּגיסנדיק מיט שווייס, ביז איך בין ענדלעך אָנגעקומען אין דער פּאָליציי.

קוים אַ האַלבע שאָ נאָך דעם ווי מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין דער אַל־געמיינער קאַמער פונעם פּאָליציי־געפענקעניש, האָט זיך אָנגעהויבן אַ סעדרע אויספרעגענישן — איינמאָל דורך דער פּאָליציי און אַ צווייטמאָל דורך דעם זשאַנדאַרמעריע־פּאָלקאָווניק. זיי האָבן נאָר געוואָלט, איך זאָל זיך מודיע זיין, אַז דער קויש איז מיינער; אַז איך ווייס וואָס דאָרט איז געלעגן; זאָגן וואו איך האָב געקראָגן די ליטעראַטור און וואוהין איך פיר עס...

און קעדיי קוידעם־קאָל פעסטצושטעלן ווער איך בין אין דער עמעסן, האָט מען מיך אינמיטן דער נאַכט פאָטאָגראַפירט אין צוויי פּאָזיציעס ווי אַ קרימינעלן פאַרברעכער, און דערפון אַוועקגעשיקט קאָפּיעס צו דער פּאָליציי אין טשיזשעווע, קעדיי מיין פאָטער זאָל דאָרט באַשטעטיקן, צי איך בין טאַקע איך...

עטלעכע טעג שפּעטער — אַ פּאָר טעג נאָך פּייסעך — איז דער טאַטע געקומען קיין ביאַליסטאָק און, נאָכדעם ווי ער האָט מיך באַזוכט און זיך דערביי צעוויינט, אַוועק זיך זען מיט אַן אַדוואָקאַט, וואָס זאָל מיך פאַרטרעטן און פאַרטיידיקן. דער טאַטע האָט אים באַצאָלט אין פאָרויס פאַר זיין טירכע און אים אויך איבערגעלאָזט אַ געוויסע סומע פאַר מיר אויף באַדערפעניש און אויך אויף צו „שמירן" אויב, ווען און וועמען מען וועט דאַרפן...

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער איז געווען מיין פּראָצעס. דער ריכטער איז געווען זייער מילד צו מיר און, וואונדער איבער וואונדער, דער זשאַנדאַרם, וואָס האָט מיך אַרעסטירט און איז געווען אַן איידעס, האָט געזאָגט, אַז ער קאָן נישט געדענקען אויף זיכער, צי ער האָט דעם פרעמדן פּאַספּאָרט געפונען אין מיין וואַליזקע, אָדער אין דעם קוישל, וואָס אַ פרעמדע פערזאָן האָט מיר איבערגעלאָזט אויף אויפצופּאַסן, אַזוי ווי איך האָב די גאַנצע צייט געטאַיִנעט...

איך האָב אָפּגעשניטן מיט כעסעד. דער ריכטער האָט מיך באַשטראָפט אויף אַ טעכנישער קלאָגע פון האָבן מיט זיך אַ פרעמדן פּאַספּאָרט, און ער האָט מיר געגעבן די ברייֵרע, צי איך וויל זיצן דריי כאַדאָשים אין פּאָליציי־קאַמער, אָדער איין כוידעש אין טורמע. איך האָב אויסגעקליבן דאָס צווייטע, קעדיי וואָס גיכער אָפּצוקומען, און מען האָט מיך גלייך אָפּגעפירט אין דער שטאָטישער טורמע.

ווען מען האָט מיך, נאָכן כוידעש אָפּזיצן, אַרויסגעלאָזט פון טורמע, בין איך גלייך אַוועק צו דער באַן. עס איז געווען צוויי טעג פאַר שעוואועס און איך האָב געוואָלט באַצייטנס אָנקומען אין שטעטל אַריין, קעדיי נישט אַריינצופאַלן אום יאָנטעוו און דורך דעם פאַרשאַפן מיינע עלטערן נייעם פאַרדראָס און האַרצווייטיק.

אָנגעקומען אַהיים נאָך אַ פּאָר שאָ פאָרן, האָב איך זיך ערשט דאָרט אַרומגעוואַשן, אַרומגערייניקט און אַוועקגעפאַלן שלאָפן ווי אַ געהאַרגעטער. איך בין אַזוי פעסט געשלאָפן, אַז איך האָב אַפילע נישט געזען ווי די מאַמע איז בוידעק געווען מיינע קליידער, אַז עס זאָלן זיך אין זיי כאַלילע נישט פאַרוואַלגערן קיין לעבעדיקע ברואים; נישט געהערט ווי זי האָט אויסגעפּוצט מיין שאַבעסדיקן גאַרניטער, אויסגעוואַשן און אויסגעפּרעסט מיינס אַן אויבערהעמד, קעדיי איך זאָל יאָנטעוו האָבן וואָס אָנצוטאָן אויף צו גיין מיטן טאַטן אין שול אַריין דאַוונען.

טאַטע־מאַמע — כאָטש זיי זענען נאָך שטאַרק ברויגעז געווען אויף מיר דערפאַר וואָס איך האָב זיי פאַרשאַפט אַזאַ אַגמעס־נעפעש מיט מיין אַרעסט און דערביי זיי טאַקע אויסגעבראַכט געלט פאַרן אַדוואָקאַט און זשאַנדאַרם — האָבן זיי אָבער גרויס נאַכעס געהאַט פון מיר, בעאיס איך האָב אין שול געזאָגט דעם מאַפטער מיט אַזאַ ניגן פון טראָפּ, וואָס אַלע אידן אין שול האָבן מאַמעש באַוואונדערט.

די מאַמע איז גאָר געווען דערהויבן און געמוסערט מיינע אַנדערע ברידער:

— איר זעט, ער קען דאָך כאַטש! און ווען דער, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשן, וועט אים איינגעבן אַ געדאַנק צו ווערן צוריק אַ גוטער איד, — וועט ער קענען. איר, אָבער, גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד, זענט דאָך גאָים, עמעסע פויערים, און קענט נישט ווען איר זאָלט עס אַפילו וועלן...

די היימישע סוויוועו, דער מאַמעס אויפפּאַסונג, האָבן געהאַט אַ היילנדיקע ווירקונג אַף מיר און די גאַנצע טרויעריקע דערפאַרונג מיט מיין אַרעסט האָט אָנגעהויבן ביסלעכווייז אויסוועפּן. איך האָב זיך אויפגעהערט שעמען פאַר דעם טאַטנס שכיינים און, פאַרקערט, אָנגעהויבן קוקן אַף זיך ווי אַ העלד, וואָס האָט עפּעס דורכגעמאַכט. די יוגנט פונעם שטעטל — דער איקער באַלמעלאָכעס — האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צו טרעפן מיט מיר און האָבן צו מיר צוגעשיקט מיין יונגסטן ברידערל מיט אַ באַקאַשע, אַז אויב איך וויל אַזוי גוט זיין, זאָל איך דעם קומענדיקן שאַבעס נאָכמיטיק צוקומען אין ברוכטשעס פּרוכט־גאָרטן, וואו די יוגנט פון שטעטל קומט זיך געוויינטלעך צוזאַמען.

איך האָב זייער באַקאַשע נישט געקאָנט אָפּזאָגן, ערשטנס, אַז מען זאָל נישט זאָגן איך בין אַ גרויסהאַלטער; צווייטנס, ווייל מיר איז פּאַשעט נימעס געוואָרן צו זיצן אין הויז ווי אַ נאָזיר. איך האָב זיך שוין פאַרבענקט נאָך מענטשן, רעדן מיט זיי, דערציילן, הערן, דיסקוטירן. אַגעוו, האָב איך זיך טאַקע געוואָלט באַ־קענען מיט די יונגעלייט פונעם שטעטל, וועלכע האָבן מיך, ווי מיין ברודער האָט מיר דערציילט, גערופן „דער וואַרשעווער אינטעליגענט".

שאַבעס נאָכמיטיקצייט בין איך אַוועק אין סאָד אַריין. עס איז געווען אַ שיינער העל־זומערדיקער טאָג מיט אַ בלענדנדיקער לויטערקייט. אין ביידע זייטן פונעם שאָסעי האָבן זיך געזען צעגרינטע גראָזן און בלומען. די פּרוכט־ביימער, אין זייער גאַנצער גרינער פּראַכט, האָבן שוין מיט זייערע שווער־באַהאַנגענע צווייגן אָנגעזאָגט אַף גרויסער פּרוכט־שעפע. ברוכטשע, דעם גערטנערס טאָכטער, — אַ נידעריק־געפּאַקט מיידל מיט אַ רונדיק שיין עפּל־פּענימל און מיט גלאַנציקע, גרויסע, פלוים־בלויע אויגן, — האָט אַוועקגעוואָרפן איר פאַרפאַרעטקייט בעאייס זי האָט מיך דערזען אָנקומען מיט מיין ברידערל, און איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ שמייכל און אַן אויסגעשטרעקט פוקלע הענטל:

— ווילקאָמען! איר זשענט זשייער ווילקאָמען! באַלד וועלן זשיך סאָבירע־יען די מאָלאָדיאָזש און מיר וועלן דאָ גוט פאַרברענגען!...

זי האָט מיך אַריינגעפירט אין אַן „אַלטאַנקע", וואָס איז — מיט געדעקטע צווייגן, ווי אַ סוקע — געשטאַנען טיפער אין סאָד, און אין וועלכער עס האָט זיך געפונען אַ בופעט מיט טישלעך, וואו מען האָט פאַרקויפט פּרוכטן, קערלעך, ניס און סאָדע־וואַסער צו די געסט־באַזוכער.

ברוכטשע האָט אַוועקגעשיקט מיין ברידערל און מיך געבעטן זיצן. אַליין האָט זי זיך צוגעזעצט לעבן מיר און מיר גענומען דערציילן, אַז זי איז אויך

נישט אײנגאַנצן קיין קלײנשטעטלדיקע; אַז דאָס ראָוו איז זי גאָר אין ביאַליסטאָק, וואו זי איז אַ מאָדיסטקע אין אַ „מאַסטערסקאַיאַ" פון דאַמען־קליידער, נאָר אַז אַף די זומערס קומט זי אַהער, קיין טשיזשעווע, קעדיי אָרויסצוהעלפן דעם פאָטער אין דעם סאָד, וואָס ער האַלט שוין אַ סאַך יאָרן אין אַרענדע:

— וואָס זשיצן זשי אַזשוי שטיל? — האָט זי זיך מיטאַמאָל אַ ביינדל געטאָן צו מיר. — אַ שאָד וואָס די ווענגערקעס זשענען נאָך נישט טשייטיק און איך קאָן אייך נישט מעכאַבעד זשיין מיט אַ שיינעם עפּל פון אונדזשער אייגענעם אייך־האַדאַאָס, ווי די מוטער כאַווע האָט עס געטאָן מיט אַדאָם־האַרישענען!...

זי האָט אַ קאָקעטישן שמייכל געטאָן און פריילעך צוגעגעבן:

— אָבער איך האָף, אַז איר וועט נאָך אַוואָדע דאָ פּאַרווײלן ביז דאַן און... מיר וועלן איבער דער צייט נאָך ווערן גוטע פריינט צווישן זשיך...

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען יונגעלייט און מיידלעך. טייל מיידלעך, האָב איך באַמערקט, האָבן זיך אַריינגעכאַפּט פּאַרזיכטיק, ביגנייווע, ווי זיי וואָלטן זיך געהיטן פאַר עמעצן. אָבער באַלד ווי זיי זענען נאָר אַריין טיפער אין סאָד אַריין, אַזוי זענען זיי מיטאַמאָל ווי אויפגעלעבט געוואָרן, האָבן גענומען לאַכן צווישן זיך, פּלאַפּלען, אונטערזינגען, אָדער פלירטעווען מיט די באָכערים...

ברוכטשע האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר די אָנגעקומענע יונגעלייט און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן אַ נישט־פאָרמעלע פאַרזאַמלונג. כעוורע האָבן מיך באַוואָרפן מיט פראַגעס וועגן ליטעראַטור, טעאַטער און פּאָליטישע באַוועגונגען. איך בין פאַשעט געוועזן איבעראַשט צו הערן ווי דאָס ראָוו יונגעלייט זענען געווען באַהאַוונט אין פיל זאַכן, כאָטש זייער צוגאַנג איז געווען אַ פּראָווינציעלער און האָבן אַלץ אַרויפגעקוקט צו מיר, דעם גרויסשטאָטישן, וואָס האָט שוין געזען אַ וועלט...

ביין־האַשמאָשעס־צייט האָבן אַלע זיך אויסגעזעצט אפן גראָז, נישט ווייט פון דער „אַלטאַנקע", און מען האָט גענומען זינגען פאָלקס־לידער, אַרבעטער־לידער, האַלב־רעוואָלוציאָנערע, נאַציאָנאַלע און אַפילע באַנאַלע טעאַטער־לידער...

אַז עס איז געוואָרן פינצטערער, האָבן כעוורע — ווי פון זיך אַליין — זיך גענומען איינטיילן אין פאַרלעך און זענען — אָפּגעזונדערט, אַ באָכער מיט אַ מיידל — אַוועק טיפער אין סאָד אַריין.

איך און ברוכטשע זענען געבליבן אַליין אין דער „אַלטאַנקע". אַרום איז שטיל געווען, נאָר פון צייט צו צייט האָט זיך פונדערווייטנס, פון צווישן די ביימער אַרויס, אַהערדערטראָגן אַ שטיל, פאַרכאָלעמט געזאַנג, אַן איינגעהאַלטן געלעכטער און אַן אומקלאָר שושקעריי פון די פאַרלעך. עס איז געווען אַ שיינע אויסגעשטערנטע נאַכט. פון צווישן די געפלאָכטענע צווייגן איבער און אַרום דער „אַלטאַנקע" האָט אינעווייניק אַריין דורכגעבליקט אַ שטילע שווימענדיקע לעוואָנע, אַקוראַט ווי נאָר־וואָס פריש באַזילבערט מיט בענקשאַפט. דער געשמאַקער גערוך פון די רייפנדיקע פּיירעס אַף די אַרומיקע ביימער האָט אָנגעפילט די לונגען מיט כיעס, און דאָס האַרץ — מיט פרייד. ברוכטשע האָט זיך צוגערוקט נעענטער צו

מיר, אָנגעשפּאַרט איר אַקסל אָן מיינעם, צוגעלענט איר פלאַמיקע באַק צו מיינער, און שטיל גענומען זינגען:

— „...עס איז מער צום באַדויערן, ווי שולדיק,
וואָס מען האָט איר די ערע גערויבט;
מענער, מיט וואָס איז זי שולדיק,
אַז זי האָט געליבט און געגלויבט?!..."

כאָטש די ווערטער פון דעם ליד, וואָס איך האָב, אַגעוו, דעם ערשטן מאָל געהערט, זענען מיר אויסגעקומען באַנאַל־נאַריש, האָט דאָך ברוכטשעס זינגען מיך אינגאַנצן ווי באַוועלטיקט. זי האָט געזונגען מיט צערטלעכקייט, געשמאַק, ליריש — שיר נישט מיט געוויין, און דערביי מיט אַזאַ ערנסטער איבערצייגונג, אַז מיר איז אויסגעקומען פּונקט ווי דאָס וואָלט קיין ליד נישט געווען, נאָר פּאָשעט אַ נעשאָמע־אויסגוס, אַ פּערזענלעך געבעט, אַז מען זאָל איר, ברוכטשען טאַקע, מוחל זיין, ווייל זי איז נישט שולדיק...

אינמיטן זינגען האָט זי זיך מיטאַמאָל אַ קער געטאָן מיטן פּאָנים צו מיר, שאַרף אָנגעצילט אירע פינקלדיקע אויגן אויף מיינע, אַז עס האָט מיך אַזש גענומען גליען. איר הייסער אָטעם, גלייך אויף מיין פּאָנים, האָט גענומען צינדן מיינע גע־בליטן. דאָס שטיקל רוים צווישן איר און מיר, האָט זיך מיר געדאַכט, איז פון רעגע צו רעגע געוואָרן אַלץ קלענער און קלענער, איר פּאָנים — אַלץ נעענטער און נעענטער. אירע הויכע, שטייף־שפּיציקע בריסטן, האָב איך דערפילט, האָבן זיך שטאַרק געהויבן, פּרעסנדיק מיט קראַפט מיין ברוסט־קאַסטן. נישט ווויסנדיק אַליין ווי אַזוי דאָס איז געשען, האָב איך מיטאַמאָל דערזען, אַז איך האַלט זי, ברוכטשען, פעסט אַרומגענומען און... איידער איך האָב נאָך באַוויזן אַ טראַכט צו טאָן וואָס איך טו, — האָבן מיינע ליפּן זיך אַ זויג איין געטאָן אין אירע און איך האָב דערפילט אַ שאַרפן ברי פון איר פייערדיק־ליידנשאַפטלעכן ענטפער...

אַז איך האָב זיך קוים דאָך אָפּגעריסן פון ברוכטשען, האָט זי — גאָך אַלץ קוקנדיק מיר גלייך אין די אויגן אַריין — אַזוי ווי אַ ציטער געטאָן:

— אָ, ס'איז דאָך אַזוי גוט געליבט צו ווערן פון אַזאַ שיינעם באָכער ווי דו!

— איז זי מיטאַמאָל איבערגעגאַנגען אויף „דו", — איך האָב דאָך אַזוי שטאַרק געטרוימט צו האָבן און ליבן אַזאַ מאָן ווי דו...

און באַלד צוגעגעבן:

— וועסט אָפּט אַהערקומען צו דיינע עלטערן? וועסטו קומען צו מיר?...

— איך ווייס נישט. — האָב איך געזאָגט, — מיינע עלטערן קלייבן זיך בע־קאָרעוו צוריק אַריבער קיין וואַרשע. דער טאַטע האָט פאַרלוירן די שטעלע דאָ...

ברוכטשע, האָב איך באַמערקט, איז געוואָרן אַנטוישט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיטאַמאָל אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן:

— נו־גוט, וועל איך קומען צו דיר, קיין וואַרשע. גוט?!...

איך האָב זיך דערשראָקן פון איר באַמערקונג:

— אָ, מען דאַרף נישט! — האָב איך געשטאַמלט, — עס פּאַסט נישט...
ברוכטשע האָט זיך אויפגעשטעלט און ברויגעז אַ ברום געטאָן:
— אַבי איך האָב געמיינט, אַז דאָס איז געווען אַ ליבע־דערקלערונג...
איך האָב ברוכטשען גאָרנישט געענטפערט. איך האָב זיך אויך אויפגעשטעלט, זיך געזעגנט מיט איר און — אין געאייל, פּונקט ווי איך וואָלט אַנטלאָפן פון עפּעס אַ גרויס געפאַר — זיך געלאָזט אַהיים. אפן וועג, גייענדיק, איז מיר פּלוצים, איך ווייס אַליין נישט פאַרוואָס, געקומען אפן גערדאַנק אַליאַ, די בלינדע מיידל פון אָדעס און... איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך איר...
די זעלביקע וואָך בין איך אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע. באַלד ווי איך בין אָנגעקומען, פאַרנדיק נאָך אף דער דראָשקע פונעם וואָקזאַל, איז מיר אף דער דזשיקע גאַס אַנטקעגנגעקומען איינער פון די שילדן־מייסטערס — מוישע „גנידע". איך האָב אויסגעשריגן צום אים אַ באַגריסונג. ער — ווייזנדיק דעם דראָשקאַזש זיך אָפּצושטעלן — איז צוגעקומען צו מיר און אויסגערופן:
— אוי, איך כאַלעש אַוועק! דאָס ביסטו? וואו ביסטו ערגעץ פאַרפאַלן געווארן?... שאָלעם־אַלייכעם!... ביסט, זע איך, נאַר־וואָס געקומען, האַ?!...
ער האָט מיר פאַרגעשלאָגן, אַז אויב איך וויל קאָן איך זיך שטעלן אַרבעטן ביי אים און, נישט וואַרטנדיק אף ענטפער, אַ נעם געטאָן מיין וואַליזקע, באַצאָלט דעם דראָשקאַזש און מיך אַריינגעפירט צו זיך אין הויז אַריין...
אף צומאָרגנס האָב איך זיך מיט נישט גרויס כיישעק געשטעלט אַרבעטן.
ווידער האָב איך זיך גענומען צום לערנען און לייענען, און גענומען צוריק אָנקניפּן מיינע געוועזענע פאַרבינדונגען אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. די איינציקע זאַך, וואָס איך האָב אינגאַנצן אויסגעלאָזט, איז געווען דאָס טעאַטער. איך האָב פּאָשעט קיין צייט נישט געהאַט דערויף, ווייל עטלעכע טעג נאָך מיין אָנקומען, בעאייס איך בין אַריין צו הילעל עפּשטיינען אין וואַרשטאַט, זיך צו זען מיט מיינע פריינט־קאָלעגן, האָב איך דאָרט באַגעגנט טויבעלען — הילעלס שוועגערן, וועלכע איז — פון זינט איך האָב זי דאָס לעצטע מאָל געהאַט געזען — אויסגעוואָקסן פון אַ קליין מיידעלע אין אַ שיינער בליענדיקער פריילין. זי איז מיר געפעלן און איך האָב אַפּאָנים אף איר אויך געמאַכט אַ גוטן איינדרוק, און זי האָט מיך געבעטן איך זאָל איר דערציילן פון מיין רייזע...
אף דער אַנדערער וואָך האָב איך שוין געאַרבעט ביי עפּשטיינען און בין פאַרבעטן געוואָרן אַרויפצוקומען אין אָוונט אין שטוב אַריין אף אַ גלעזל טיי. איך האָב גענומען מיין מאַנדאָלין און בין אַרויף. טויבעלע איז אויך געווען, זיך געהאַלטן נאָענט צו מיר און, ווען אַלע זענען שוין געהאַט אַוועק שלאָפן, זענען מיר — די איינציקע — געבליבן זיצן ביים טיש און געשמועסט. נאָך דעם צווייטן אָדער דריטן אָוונט האָב איך איר דערקלערט, אַז איך האָב זי ליב, זי האָט מיך פאַרזיכערט, אַז זי האָט מיך אויך ליב און... מיר האָבן די ליבע פאַרזיגלט מיט הייסע קושן. מיר האָבן אָנגעהויבן אָפט צוזאַמען פאַרברענגען, אַמאָל אף שפּאַציר,

אַמאָל אין טעאַטער, אָבער דאָס ראָוו — איין שמועסן און קושן זיך טאַקע אין שטוב ביי איר שוועסטער און שוואָגער — די עפּשטיינס.

דאָ, מיט טויבעלען, בין איך זיכער געווען, איז עס נישט קיין צופעליקער, פאַרבייגייענדיקער פלירט, נאָר טאַקע עמעסע ליבע...

איך בין געווען גליקלעך צו זיין מיט איר צוזאַמען, זיצן מיט איר אין שפּעטע שטילע נעכט, זיך פאַרשיקערן ביז קאָפּ־שווינדל פון אירע הייסע קושן, אַריינ־אָטעמען ביז עקסטאַז דעם שמעקעדיקן רייעך פון איר האַלדז און נאַקן, פון אירע אויער־לעפּלעך... איך האָב ליב געהאַט גלעטן און געגלעט צו ווערן פון אירע צוויי דיקע, לאַנגע צעפּ, מיט וועלכע איך האָב זיך געשפּילט. און איך האָב שטאַרק האַנאָע געהאַט — בעאייס זי האָט צעלאָזט אירע האָר נאָכן וואַשן זיי — איינ־צוטוליען מיין פּאָנים אין דער קילקייט פון אירע סאַמעט־ווייכע, כוואַליעדיקע האָר, און רעדן, רעדן, רעדן... און צו רעדן איז דאָך געווען אַזויפיל! מיר האָבן געהאַט פיל זאַכן, וואָס האָט אונדז ביידע גלייך אינטערעסירט. זי איז געווען מיין גלייכן אַפילו לויטן פיזישן געבוי. מענטשן האָבן געזאָגט, אַז מיר זענען ענלעך איינער צום צווייטן נאָר ווי אַ שוועסטער מיט אַ ברודער...

מענדל „דראַגנ״, — הילעלס עלטסטער גוזעלן, — וועלכער פלעגט מיר אַלץ נאָכטאָן, פון שפּילן אַף דער מאַנדאָלין ביז לייענען די זעלבע צייטונג, — איז גע־וואָרן אייפערזיכטיק אַף מיר און זיך אויך פאַרליבט אין טויבעלען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ, מיט אינטריגעס און פּליאַטקעס — נאָר ווי אין ראָמאַנען. אָפט איז צווישן מיר און אים געקומען צו קריגעריי, הייס בלוט און צו אַ ברויגעז. זי, אָבער, טויבעלע, האָט זיך געהאַלטן נייטראַל, ווי אין אַ זייט, אַקוראַט ווי עס וואָלט זי ביכלאַל נישט אָנגעגאַנגען.

שפּעטער מיט אַ צייט, ווען עס איז פאַר מיר און מענדלען קלאָר געוואָרן, אַז טויבעלע האַלט אונדז ביידע אַפן שטריקל און אַז אַליין גייט זי גאָר אַרום מיט אַ דריטן, אַ סופיטן־מאָלער, און עס האַלט שוין באַלד ביי טנאָאים, — האָבן מיר זיך פאַרשעמט איינער פאַרן צווייטן און זיך איבערגעבעטן.

קעדיי צו פייערן דעם שאָלעם, האָב איך מענדלען איינגעלאַדן צו גיין מיט מיר און מיין שוועסטערקינד דאַוויד ריינדאַרף, צום זשורנאַליסטן־באַל, אין דער „שווייצאַרסקע דאָלינע״, וואָס איז געגעבן געוואָרן צו דער געלעגנהייט פון דער פאַריייניקונג פון די אידישע שרייבער און זשורנאַליסטן אין וואַרשע...

עס איז געווען אַ פּראַכטיקער באַל — מיט מאַסקעס און פאַרווייילונג. עסטער ראָכל קאַמינסקי, וועלכע איז גראָד געהאַט צוריקגעקומען פון גאַסטראָלירן אין אַמעריקע, איז אומגעריכט געקומען אין זאַל און אויפגעטראָטן אַף דער בינע, צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע שוישפּילער. באַוואוסטע שרייבער, קינסטלער און געזעלשאַפטלעכע טוער האָבן זיך אויסגעמישט מיט דער האַרעפּאַשנער אינטע־ליגענץ פון שטאָט און אַרומשפּאַצירט איבערן זאַל — אין אַ יאָנטעוו שטימונג.

בעאייסן אַרומשפּאַצירן האָב איך זיך אָנגעגעגנט מיט ספּעקטאָרן, וועלכער

איז געקומען אַנטקעגן מיט אַ גרופּע שרייבער. איך האָב זיך געשעמט פאַר אים און געוואָלט אים אויסמיידן. אָבער ספּעקטאָר, מיט זיין פענאָמענאַלן זיקאָרן, האָט בלויז אַ קוק געטאָן אַף מיר און גלייך אויסגערופן:

— הערט נאָר, זענט איר נישט אַמאָל דער יונגערמאַן, וואָס איז געהאַט געפאָרן קיין ערעץ־איסראָעל?!...

איך האָב זיך מודה געווען און אים בעקיצער דערציילט די סיבע פון מיין צוריקקומען. ער האָט, ווי באַזאָרגט, זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָרק:

— איי־איי, אַ שאָד, אַ שאָד! — האָט ער געזיפצט און צוגעגעבן, — נו, איך ווינטש, איר זאָלט נאָכאַמאָל פאָרן, טאָקע דערפאָרן און דאָרטן בלייבן!...

ווי צום אָנדענק פאַר מיר האָט ער דאָס אויפגעשריבן אַף אַ קאָרטל מיט זיין קאַריקאַטור, — איינס פון די פאַרשידענע קאַריקאַטור־קאָרטלעך פון שרייבער, וואָס מען האָט געקאָנט קויפן ביים באַל.

דערלאַנגענדיק מיר דאָס אונטערגעשריבענע קאָרטל, האָט ער זיך אַ ווענד געטאָן צו רעב מאָרדכעלע טשעמערינסקין און די אַנדערע אַרום אים:

— באַקענט זיך. דער יונגערמאַן איז אַ שילדן־מאָלער און... ער שרייבט אויך צו ביסלעך. איך האָף, אַז מיר וועלן נאָך אַמאָל הערן פון אים...

רעב מאָרדכעלע האָט פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס און זיך אַ וויצל געטאָן:

— צוויי וואַזשנע פּראָפעסיעס ביי וועלכע מען פאַרדינט וואַסער אַף קאַשע...

ער האָט גענומען ביי מיר דאָס קאָרטל מיט זיין קאַריקאַטור, וואָס איך האָב אים דערלאַנגט, און גלייך אָנגעשריבן דערויף אַ פערז:

„מאָלער: שיין דאָס שילד — פויל די סכוירע;
ליטעראַט: שיין דאָס בילד — אַלט די טוירע!"

ספּעקטאָר, און נאָך אים אַלע אַרום, האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט...




פאַרקלענערטע פאָטאָגראַפיע פון די אָריגינעלע אָנדענק־קאַרטלעך ביים זשורנאַליסטן־באַל

# די צענזורקע

מיר איז ווידער גוט געווען. טאַטע־מאַמע האָבן זיך צוריק אַריבערגעצויגן קיין וואַרשע, און איך האָב זיך שוין מער נישט געדאַרפט וואַלגערן אין דער פרעמד, ערגעץ אַף אַ קליין אייזערן בעטל אין אַ ווינקל פון אַ קיך. דאָ, ביי אונדז אין דער נייער דירע, האָב איך — צוזאַמען מיט מיין איני־גערן ברודער — געהאַט אַ באַזונדערן צימער מיט באַזונדערע צוויי בעטלעך, און איך האָב זיך פּאָשעט נישט געוואָלט אויפהייבן פונעם ווייכן געלעגער, נאָכדעם ווי איך האָב זיך דערויף געלייגט שלאָפן...

איינמאָל, אַ שאַבעס גאַנץ פרי, אינמיטן פון אַ טיפן שלאָף, האָב איך פלוצים דערהערט ווי דער טאַטע — מיט אַ רוף, וואָס איז פאַר מיר אויסגעקומען ווי עס וואָלט געקומען פון מיילן ווייט אַוועק — האָט מיך געוועקט.

איך האָב מיט גרויס אָנשטרענגונג קוים געעפנט די אויגן. די מידקייט פון האָבן זיך נעכטן געלייגט שלאָפן שפּעט אין דער נאַכט, — איז נאָך געלעגן גאַנץ שטאַרק איינגעקנאָדערט אין מיינע גלידער. דורך די שמאָל־צעעפנטע שפּעלטלעך פון מיינע מידע אויגן האָב איך געזען דעם טאַטן שטיין לעבן מיין בעט, און קוים געהערט ווי ער האָט גערעדט צו מיר:

— נו, וועק זיך שוין אַמאָל איבער! הייב זיך שוין אויף! — האָט ער גע־האַלטן אין איין טורקען מיך, — נו, זיי דאָך ניט אַזוי פויל. איך דאַרף נויטיק עפּעס רעדן מיט דיר!...

דער טאַטע, האָב איך געזען, איז שוין געווען אָנגעטאָן אין זיין שאַבעסדיקער „געהאַקטער” קאַפּאָטע — גרייט אַפּאָנים צו גיין דאַווענען אין שול אַריין. זיין טאַלעס־זאַק איז געלעגן אַפן טיש דערלעבן. איך האָב זיך מיט גוואַלד אַרויסגעריסן פונעם שלאָף און זיך האַלב אויפגעזעצט.

— הער, זון מיינער, — האָט דער טאַטע געזאָגט, צוזעצנדיק זיך אַף אַ בענקל לעבן מיין בעטל, — איך האָב צו דיר אַ באַקאָשע. איך בעט דיך, אַז דו זאָלסט מיך אויסהערן ביזן סאָף און עס מיר צוליב טאָן.

איך בין געווען פאַראינטריגירט. דער טאַטע איז אָנגעגאַנגען:

— דיין ברודער באַרעך איז נאָר־וואָס אָנגעקומען. ער געפינט זיך איצט אין אַ גרויסן קלעם. עס שטייט אים פאָר צו פאַרלירן דריי הונדערט רובל און נאָר דו אַליין קאָנסט זיי אים אָפּראַטעווען...

ערשט איצט האָב איך באַמערקט ווי מיין איינגערער ברודער, אַן אויסגעפּוצ־

טער, איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער טיר נישט ווייט פון אונדז און — זיך צוהערנדיק צום טאַטנס רייד — געקוקט אַף מיר מיט אומדרייסטע, שעמעוודיקע בליקן. מיך האָט שטאַרק געכידעשט צו זען אים איצט אין הויז. געוואוסט האָב איך, אַז ער איז ערשט נעכטן אַוועקגעפאָרן מיט אַ טרופּע אַמאַטאָרן צו שפּילן אידיש טעאַטער ערגעץ אין אַ שטעטל פון מלאַווער גובערניע.

— איך ־ווייס, — האָט דער טאַטע פאַרגעזעצט, — איך ווייס, אַז דו רעדסט ניט מיט אים, אַז איר זענט ברויגעז. איך בין אָבער זיכער, אַז וואָס־וואָס, נאָר פאַלן וועסטו אים ניט לאָזן. וועסט ניט דערלאָזן, אַז ער זאָל פאַרלירן זיינע שווער־פאַרהאַרעוועטע דריי הונדערט רובל...

איך האָב נאָך אַלץ נישט פאַרשטאַנען וואָס עס איז געשען און זיך דעריבער נישט גערירט פון בעט. איך האָב געקוקט אַפן טאַטן מיט פרעגנדיקע בליקן:

— אָ, צו וואָס די צוגרייטונגס־רעדע, טאַטע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — לאָמיך בעסער הערן וואָס דו ווילסט פון מיר...

— גוט, — האָט דער טאַטע גלייך צוגעשטימט, — זאָל זיין אָן צוגרייטונגס־רעדעס, ווי דו רופסט עס אָן. די אונטערשטע שורע איז, איך וויל, אַז זאָלסט העלפן דיין ברודער אָפּצוראַטעווען די פאָר רובל, וואָס ער האָט אַריינגעבראָקט אין דעם „גאָלדענעם" געשעפט. דו קאָנסט עס טאָן!...

ער איז ווידער איבערגעגאַנגען אין אַן אַפּאָלאָגעטישן טאָן, ווי צום פאַר־ענטפערן זיך:

— איך פאַרשטיי, אַז דו מוסט זיך אַוואַדע כידעשן, וואָס איך, אַ פרומער איד, בעט דיך טאָן אַזאַ זאַך, וואָס וועט דיך צווינגען צו פאָרן אום שאַבעס. וויל איך דיר דעריבער דאָ גלייך דערקלערן, אַז איך טו דאָס ניט צוליבן געלט, נאָר צוליב באָרעכס געזונט. דו ווייסט דאָך, אַז דאָס איז ביי אים שווער פאַרהאָרעוועט געלט. ער וועט נאָך כאָלילע קראַנק ווערן פון גריזאָטע, אויב ער זאָל פאַרלירן די פאָר רובל. ער וועט דאָס ניט איבערטראָגן. ער איז שוין איצט אויס מענטש און גייט אַרום ווי אַפן אוילעם־האַעמעס. איז אויב, כאָלילע, דו זאָגסט מיר אָפּ מיין באַקאָשע, אָדער אויב, די שאָ זאָל ניט זיין, עס זאָל דיר ניט געלינגען עפּעס אויפצוטאָן דאָרט, וועט ער, ניט געדאַכט זאָל עס זיין, זיך אַ מאַיסע אָנטאָן... און דאָס, זון מיינער, דאָס איז שוין פּיקועך נעפעש... און פּיקועך נעפעש, ווי דו ווייסט, איז דויכע שאַבעס...

איך האָב געשוויגן. דער טאַטע האָט זיך אַפּאָנים געכאַפּט, אַז ער רעדט דאָ צו מיר נישט דאָס וואָס ער וואָלט געדאַרפט, און האָט אַ שמייכל געטאָן:

— הע, איך רעד צו דיר רייד, אַקוראַט ווי דו וואָלסט געווען עפּעס אַ צאַדיק, אַ פרומער איד, וואָס איז נאָך קיינמאָל ניט געפאָרן אום שאַבעס. דער עמעס איז דאָך אָבער, אַז דו וועסט נאָך היינט מיסטאָמע פאָרן אַפן טראַמוואַי. איז אויב שוין יאָ מעכאַלעל שאַבעס זיין, טאָ זאָל עס כאָטש זיין צוליב אַ מיצווע...

איך האָב אַלץ גאָרנישט געענטפערט. איך האָב עפּעס נישט געקאָנט פועלן

באַ זיך צו ברעכן דעם ברויגעז מיט מיין ברודער, ווייל ער איז געווען דער שול־דיקער אין דעם. פאַרשטאַנען האָב איך אָבער, אַז אויב דער טאַטע האָט זיך שוין באַשלאָסן מיך צו בעטן טאָן אַזאַ זאַך, איז אים מיין ברודער אַוואַדע די יאָרן דערגאַנגען. איך האָב דעריבער איינגעוויליקט:

— איך טו עס דיר צוליב, טאַטע, — האָב איך אַ זאָג געטאָן, — אַנדערש...

דער טאַטע — אַ צופרידענער, וואָס ער האָט געפּויעלט באַ מיר — האָט זיך אויפגעשטעלט פונעם בענקל און, מיט דאַנק אין די אויגן, צוגעגעבן:

— באַלעמוטשע זשע ניט! טו זיך גלייך אָן און גיי, און גאָט זאָל העלפן, אַז זאָלסט מאַצליעך זיין. באָרעך וועט דיר שוין זאָגן וואָס, ווען און וואו...

ער האָט אַ נעם געטאָן דעם טאַלעס־זאַק פונעם טיש, געזאָגט אַ גוטן שאַבעס און איז אַוועק אין שול אַריין דאַוונען...

איך האָב זיך אויף גיך אָנגעטאָן און זיך גענומען ראַזירן. מיין ברודער איז געשטאַנען איבער מיר און אַלץ געזוכט ווי אָנצוהויבן רעדן. ענדלעך האָט ער מיט אַ געקינצלט שמייכעלע געזאָגט:

— די מאַמע איז ברויגעז. זי איז נישט מאַסקים געווען מיטן טאַטן, אַז עס איז פּיקועך נעפעש און זי איז דעריבער אַוועקגעלאָפן אין שול אַריין, קעדיי נישט צו זיין דערביי ווי דער טאַטע באַגייט אַזאַ שרעקלעכע אַווירע...

„די מאַמע", — האָב איך אַ טראַכט געטאָן, — „וויפל געזונט האָט עס זי, נעבעך, געמוזט קאָסטן, צו הערן אַז דער טאַטע האָט יאָ איינגעוויליקט צו רעדן מיט מיר וועגן דעם און מיך אומדירעקט באַוועגן צו פאָרן אום שאַבעס... זי, אַזאַ פאַנאַטיש־פרומע, אָבער אָרנטלעכע אידישע פרוי..."

עס איז מיר געוואָרן אומבאַקוועם צו טראַכטן וועגן דעם און איך האָב פון דער זייט, אין דער דריטער פּערזאָן, אומדירעקט געפרעגט מיין ברודער וועגן וואָס עס האַנדלט זיך דאָרט. מיין ברודער האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן און גענומען שטאַמלען ווי אַ פאַרשולדיקטער:

— פאַרשטייסט... איך... ע... איך האָב געדונגען אַ טעאַטער, אַראָפּגעבראַכט אַ טרופּע אַמאַטאָרן, אָפּגעדרוקט און צעקלעפּט אַפישן איבערן שטעטל דאָרט, אַז מען וועט היינט אָוונט שפּילן אידיש טעאַטער. ערשט דער פּאָליצמייסטער פון שטעטל האָט מיר נעכטן אָוונט געלאָזט וויסן, אַז ער וועט נישט לאָזן שפּילן, סיידן איך וועל אים צושטעלן אַ צענזורקע...

— אַ צענזורקע? — האָב איך מיט פאָרוואורף איבערגעפרעגט און אויפגע־הערט זיך ראַזירן. — וואָס זשע דאַרף מען מיך? קריגט מען אַ צענזורקע און פאַרטיק אַן אייסיק...

מיין ברודער האָט שיר גענומען וויינען:

— אָ, איך האָב שוין געזוכט, געפרעגט אומעטום, אַפילע געווען ביי קאָמ־פּאַניעיעצן. אָבער גראָד פאַר דער פּיעסע וואָס מיר דאַרפן שפּילן, האָב איך נישט געקאָנט קריגן קיין צענזורקע...

— קאָמפּאַניעיעץ האָט נישט קיין צענזורקע? — האָב איך זיך געכידעשט, — עפּעס גלויבט זיך עס מיר נישט!...

— מיר גלויבט זיך אויך נישט, אָבער אַזוי האָט ער געזאָגט...

— נו, — האָב איך מיט כויזעק אַ פרעג געטאָן, — האָט זיך געלוינט צו זיין אַ מעשאָר'עס ביי אים און באַ זיין ווייב, דער גראָבער מאַדאַם? נאָכטראָגן איר די פּעקלעך אַזויפיל יאָרן, אַז איצט, ווען מען דאַרף אַ טויווע פון זיי, זאָל מען עס נישט קאָנען קריגן?...

— איך האָב שוין געטראַכט וועגן דעם, — האָט ער געבראָכן געענטפערט, — אָבער אַזוי זענען שוין מענטשן, ווייזט אויס. פאַרגעסן די טויוועס וואָס מען האָט זיי געטאָן...

איך האָב געשמייכלט. געטראַכט האָב איך, „נו, און דו פאַרגעסט נישט? דו וועסט דען נישט פאַרגעסן די טויווע וואָס איך טו דיר איצט?..."

— וואָס פאַר אַ פּיעסע דאַרף מען שפּילן? — האָב איך אַ פרעג געטאָן, ווע־לנדיק צוריק אַרויפפירן די רייד צום דירעקטן פּונקט.

— הערצעלע מעיוכעס. — האָט ער געענטפערט.

— הערצעלע מעיוכעס? — האָב איך זיך געוואונדערט, — נו, און פאַר דער פּיעסע איז נישטאָ קיין צענזורקע?...

איך האָב זיך מיטאַמאָל צעשמייכלט:

— נו, אַז מען האָט נישט קיין צענזורקע איז וואָס? גיט מען דעם פּאָליצ־מייסטער אַ צענערל, וועט ער אַליין אונטערשרייבן אַ צענזורקע...

מיין ברודער האָט זיך פאַרשעמט:

— שוין געפּראָבירט. אָבער דו ווייסט דאָך, אַז איך קען נישט קיין רוסיש רעדן. אַזוי גיך ווי איך האָב נאָר אָנגעהויבן רעדן צום פּאָליצמייסטער, האָט ער מיך פּאָשעט געהייסן גיין...

— נו־גוט, — האָב איך אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט. — איז עפּשער דאָ אַ צענזורקע פון עפּעס אַן אַנדער פּיעסע?

— איך האָב עטלעכע צענזורקעס, — האָט ער גלייכגילטיק געענטפערט, — אָבער וואָסער ווערט האָבן זיי, ווען דער פּאָליצמייסטער וויל דאַווקע האָבן אַ צענזורקע פון הערצעלע מעיוכעס — די פּיעסע וואָס מען דאַרף שפּילן...

איך האָב ווידער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

— וואָס ער וויל איז אײן זאַך, און וואָס ער וועט קריגן — איז שוין גאָר אַ צווייטע. נו, לאָמיך נאָר זען וואָסערע צענזורקעס עס זענען פאַראַן...

מיין ברודער האָט אויפגערוקט אַ שופלאָד פון דער שאַפע, אַרויסגענומען אַ פּאַק מיט פּיעסן־ביכלעך און העפטן. איך בין צוגעגאַנגען, דורכגעקוקט די פּיע־סעס, וועלכע זענען געווען צענזורירט מיט רויטע שטעמפּלען און, אַרויסנעמענדיק איינע פון צווישן זיי, געגומען לאַכן:

— אָט די צענזורקע וועט מאַכן די קונץ!...

— דאָס איז דאָך אָבער אַ צענזורקע פון „דוואוירעלע מעיוכעסעס", — האָט מיין ברודער זיך געבידעשט. — דאָס איז דאָך גאָר אַ גאַנץ אַנדערע פּיעסע!...

— טאַקע? — האָב איך איראָניזירט, — אָט דאָס איז דאָך ערשט די קונץ... סיי ווי סיי, עס וועט שוין זיין רעכט. — האָב איך אים בערויקט, אַ כאַפּ געטאָן מיין מאַנטל אף זיך און אויסגערופן, — נו, געגאַנגען זאָל ווערן!...

מיר זענען אף גיך אַוועק צום וואקזאַל און מיט אַ האַלבער שאָ שפּעטער זיך שוין געטראָגן אפן וועג צום שטעטל, וואו מיין ברודער מיט זיין טרופּע אַמאָטאָרן האָבן דעם זעלבן אָוונט געדאַרפט שפּילן „הערצעלע מעיוכעס"...

* * * * *

דער פּאָליצמייסטער — אַ דיקלעכער מיטליעריקער פּאָלקאָווניק מיט גרויסע, גרוילעכע וואָנצעס, אַקוראַט אַזעלכער ווי עס ווערט געוויינטלעך געמאָלן אף בילדער — האָט זיך גאַנץ פריי געלאָזט רעדן, נאָכדעם ווי ער האָט צוגענומען דאָס צען־רובלדיקע פּאַפּירל, וואָס איך האָב געהאַט אַוועקגעלייגט אף זיין שרייב־טיש אין אַ געלן קאָנווערט. ער האָט גענומען ביי מיר די צענזורקע, אויסגעשפּרייט אפן טיש ביי זיך דעם אַפּיש, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט אף אונטערצושרייבן, און גענומען לייענען. אַז ער איז צוגעקומען צום טיטל־נאָמען „הערצעלע מעיוכעס", וואָס איז מיט גרויסן, רויטן שריפט געווען געדרוקט אפן אַפּיש, האָט ער גענומען מאַכן פאַרגלייכן צווישן דעם און דער טיטל־שורע אפן צענזורירטן העפטל. ער האָט דערביי גאַנץ שווער געהאָרעוועט און עס איז קלאָר געווען, אַז ער קאָן נישט געפינען צווישן דיביידע די מינדסטע ענלעכקייט:

— מילינקי מאָי, — האָט ער ענדלעך אַ זאָג געטאָן, נישט צו שאַרף און נישט צו ליבלעך, אָנקוקנדיק מיך בעאייס מאַיסע מיט אַזעלכע מאָדנע אויגן, ווי איינער זאָגט: „וואָס טוט זיך דאָ?" און צוגעגעבן, — דאָ... דאָ איז דאָך אָנגע־געבן גאָר אַן אַנדערער נאָמען...

איך האָב, אַזוי ליבלעך ווי נאָר מעגלעך און אַזוי איבערצייגנדיק ווי עס האָט זיך נאָך געלאָזט, זיך צובייגנדיק, אַ זאָג געטאָן:

— אַנטשולדיקט, הער פּאָלקאָווניק. עס איז טאַקע עמעס, אַז אפן אַפּיש דאָ שטייט אַנדערש ווי עס שטייט אף דער צענזורקע. אָבער אַ קלוגער מענטש ווי איר קאָן באַלד דערקענען, אַז דאָס איז איינס און דאָס זעלבע...

— דאָס זעלבע? — האָט דאָס צענערל אין אים גערעדט, — איך ווייס אידיש. איך נעמנאָזשקאָ געפּאַרשטיי. איז ווי דאָ דאָס זעלבע?...

— זיכער דאָס זעלבע. — האָב איך שוין דרייסטער גערעדט. — אָט, זעט אַליין, וואַשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע: דאָ שטייט „דוואוירעלע". דאָס, ווייסט אַוואַדע דער הער פּאָליצמייסטער, איז אַ נאָמען, — אַ נאָמען פון אַ מיידל, אַ באַרישניע...

— פּראָווילנאָ! — האָט ער צוגעשטימט. — דוועירעלע—אַ באַרישניעס נאָמען.

— נו, — האָב איך קימאַט זיגעריש פאַרגעזעצט, — און הערצעלע, הערצע־לע ווייסט דער הער פּאָלקאָווניק וואָס עס מיינט?...

— הער־צע־לע?... — האָט ער גענומען מיט אַ פינגער דרייען די ליפּ, — אַ־יאָ, הערצעלע, דאָס מיינט דאָך „דושקאַ" — נעשאַמעלע. ניט ריכטיק?...

— ריכטיק, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָדיע! — האָב איך אים אַ שמייכל געטאָן. הערצעלע מיינט „דושקאַ". דאָס מיינט, אַז דאָס מיידל דוואָירעלע איז אַ דושקאַ, אַ הערצעלע, און באַכערים האָבן זי ליב. נו, און „מעיוכעס" ווערט געבויגן אין „ראַדיטעלני פּאַדעזשד" אַף „מעיוכעסעס", אָט, ווי לעמאָשל „סטאָל" ווערט אין „ראַדיטעלני פּאַדעזשד" געבויגן אַף „סטאָלאַ"...

— פּאָנימאַיו, — האָט ווידער דאָס צענערל גויווער געווען אין אים. — יאָ, איך פאַרשטיי שוין. אָבער פאַרוואָס האָט איר עס מיר גלייך ניט געזאָגט?...

ער האָט אַ נעם געטאָן די פּען, זי איינגעטונקען אינעם טינטערל, וואָס ביי אים אפן שרייב־טיש, האָט מיט גרויסע בוכשטאַבן אויפגעשריבן איבער דער גאַנ־צער ברייט פונעם אַפּיש: „לויט דעם און דעם נומער פון דער בייגעלייגטער צענ־זורקע פון פּעטערבורגער צענזאָר — ראַזרעשאַיו", דערלויב איך, הייסט עס, צו שפּילן, און — מיט אַ געקינצלטן אונטערשריפט — אָװעקגעלייגט זיין כסימע. דאָן האָט ער איינגעלייגט דעם אַפּיש און מיר דערלאַנגט מיט אַ צװאַװונטש:

— מאַכט גוטע געשעפטן!...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, מיר געדריקט די האַנט און צוגעגעבן:

— עס קאָן זיין, אַז איך וועל זיך עפּשער אין אָוונט צוכאַפּן אין טעאַטער אַריין, זען ווי איר שפּילט. אַ, איך האָב ליב צו זען אידישע כאַיקעס און דאַרעטשקעס שפּילן אין ליבע. איך האָב ליב אידישע „דושקאָס"...

— איר וועט זיין ביי אונדז אַן אָנגעלייגטער גאַסט, וואָשע וויסאָקאָבלאַגאָראָ־דיע! — האָב איך העפלעך אַ זאָג געטאָן און בעאייס דעם געטראַכט, — „זאָלסט בעסער אַ פּוס צעברעכן, איידער וועסט קומען אין טעאַטער אַריין"...

ער האָט מיך באַגלייט צו דער טיר און צווײדייטיק אַ זאָג געטאָן:

— איך בין טאָמיד גרייט אַרויסצוהעלפן אידישע אַרטיסטן!...

* * * * *

**מיין ברודער**, וועלכער האָט געוואַרט אַף מיר אינדרויסן, האָט זיך דערפרייט מיט די רעזולטאַטן. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער וועט מיר די טויווע קיינמאָל נישט פאַרגעסן, און מיר האָבן זיך פאַרנומען צום טעאַטער...

ווען מיר זענען צוגעקומען, האָב איך דערזען, אַז דאָס „טעאַטער" איז גאָר אַ גרויסע שאָפּע פון דער שטעטלשער פייער־לעשער־קאָמאַנדע. דרויסן, לעבן דעם ברייטן טויער, זענען געשטאַנען עטלעכע אַרויסגעפירטע וועגעלעך מיט פּעסלעך אַף זיי, אַ וואָגן מיט עטלעכע לייטערס און קישקעס, און פיר פערד — צוגעבונדן צו סלופּעס — נישט ווייט פון זיי.

מיר זענען אַריין אינעווייניק, וואו די גאַנצע טרופּע האָט אין אומגעדולד געוואַרט אַף אונדז. זיי האָבן געוואוסט וועגן די צאָרעס און מוירע געהאַט, אַז זייער אַהערקומען איז געווען אומזיסט און מען וועט דאַרפן צוריקפאָרן נישט־

האָבנדיק געשפּילט. מיין ברודער האָט זיי געוויזן דעם אונטערגעשריבענעם אַפּיש און זיי געהייסן גיין אָפּעסן, צו זיין אין צייט פאַר דער פאָרשטעלונג.

מיטאָמאָל איז פונעם רעדל אַקטיאָרן אַרויסגעטראָטן אין פאָרויס די „פּרי־מאַדאָנע" פון דער טרופּע. זי — אַ געפּאַקט, קיילעכדיק מיידל פון אַ יאָר 19־20, מיט אַ בלאָנדן קאָפּ צעשויבערטע, קרייזלדיקע האָר, אַ צוגעקלעפּטן שוואַרצן כייק־פּינטעלע אָף דער רעכטער זייט פון דער שאַרף־עקיקער גאָמבע, און מיט אַ גאַנץ היפּשן ביוסט — האָט געמאָלדן, אַז בעאייס מיר זענען געוועזן ביים פּאָליצ־מייסטער, האָט די טרופּע באַשלאָסן צו שפּילן היינט גאָרדינס „דער ווילדער מענטש", אָנשטאָט „הערצעלע מעיוכעס", וואָס מען האָט געזאָלט שפּילן...

מיין ברודער איז געוואָרן אַ פּאַרציטערטער:

— וואָס? — האָט ער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן, — „דער ווילדער מענטש" גאָר?... וואָס הייסט? איך האָב דאָך אַ דערלויבעניש אָף „הערצעלע מעיוכעס". דער פּאָליצמייסטער וועט דאָך אונדז כ'וויס ניט וואָס טאָן דערפאַר... אַ כוץ דעם, האָבן מיר דאָך אַנאָנסירט, צוגעזאָגט...

— נו, אַ גרויסער אומגליק, צוגעזאָגט, — האָט די „פּרימאַדאָנע" געלאַכט.

מיין ברודער, זעענדיק, אַז עס האַלט שלעכט, האָט זיך אָנגעכאַפּט:

— נו, און וואָס וועגן אַ פּיעסע, וועגן פּראָבן?...

— אַ פּיעסע איז דאָ, — האָט די „פּרימאַדאָנע", מאַיסע ברייינדעלע קאָזאַק, דרייסט געענטפערט. — און וואָס שייך פּראָבן, וועלן מיר זיך טאַקע גלייך אַ נעם טאָן און שוין צוטרעטן צו פּראָבע...

מיין ברודער האָט זיך געוואָרפן, געדראָעט, אַז ער פאָרט גלייך אַוועק, אַז ער האָט דאָס גאַנצע טעאַטער אין דער ערד און זאָלן זיי שפּילן וואָס זיי ווילן...

— אַז איך האָב קיין דייע נישט, בין איך נישט אייער דירעקטאָר און בין נישט פאַראַנטוואָרטלעך! — האָט ער געשריגן. — שפּילט אייך אַפילע „האַמלעט", אויב עס געפעלט אייך!...

ער האָט אַ כאַפּ געטאָן זיין מאַנטל מיטן הוט און גענומען אַוועקגיין, אָבער קיינער האָט אים נישט געפּרוווט אָפּשטעלן אַפילע. די טרופּע האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז ער וועט דאָס נישט טאָן; אַז ער קאָן נישט לאָזן פאַרלוירן גיין די געלטער, וואָס ער האָט באַצאָלט דירע־געלט פאַר דער שאָפּע, פאַר דרוקן אַפישן, אַרונטערברענגען די טרופּע און נאָך אַנדערע אויסגאַבן...

און זיי האָבן אויסגעפירט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז די גאַנצע טרופּע באַשטאַנען פון קימאַט אייגענע צווישן זיך. אַ ברודער אירער, דער „פּרי־מאַדאָנעס", איז עס געוועזן דער וואָס האָט אין אונדזער אָפּוועזנקייט געאַרבעט דערפאַר, אַז מען זאָל שפּילן „דער ווילדער מענטש", ווייל — ווי ער אַליין האָט געזאָגט וועגן זיך — ער שפּילט לעמעכן פונקט ווי מייערסאָן, אַזוי אַז קיינער קאָן נישט זען דעם מינדסטן אונטערשייד...

האַקלאַל, עס איז געוועזן פאַרפאַלן. זיי האָבן געדראָעט, אַז אויב נישט „דער

ווילדער מענטש", וועט אינגאַנצן קיין פאַרשטעלונג נישט זיין. מיין ברודער — קעדיי צו ראַטעווען די פּאָר הונדערט רובל — האָט געמוזט צושטימען און... מען האָט זיך געשטעלט מאַכן פּראָבע...

דער באַכער, וועלכער האָט געדאַרפט שפּילן לעמעכן, האָט גענומען איינטיילן די ראָלן און... אַזוי ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס פעלט איין מאַן פאַר דעם פערסאָנאַל, האָט ער פאַרגעשלאָגן, אַז איך, ווייל איך האָב סיי ווי נישט וואָס צו טאָן, זאָל שפּילן די ראָלע פון שמועל לייבליך...

איך האָב זיך געפּראָבירט אָפּזאָגן, ווייל איך האָב געהאַט פּלאַנירט צוריק־צופאָרן אַהיים באַלד ווי איך וועל האָבן געקראָגן די דערלויבעניש. מיין ברודער איז אָבער צוגעשטאַנען צו מיר און שיר נישט געוויינט, בעטנדיק, אַז איך זאָל אים נישט איבערלאָזן אין אַזאַ סיטואַציע:

— נאָך אַלעמען, — האָט ער געטאַיִנעט, — ביסטו דאָך געקומען מיר העלפן, דאַרפסטו מיר העלפן מיט וואָס עס איז נאָר נויטיק...

איך האָב עטלעכע מאָל דורכגעלייענט די ראָלע, איבערגעפרישט אין מיין זיכּאָרן די פּראָזע און געהאָפט, אַז דאָס איבעריקע וועט שוין דערגאַנצן דער סופלער און איך וועל זיך שוין ווי נישט איז דורכשלאָגן...

נאָך צוויי מאָל מאַכן פּראָבע זענען מיר זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען אויף איבער־צובייסן. מיין ברודער האָט מיך גענומען אין עפּעס אַ היימישער רעסטאָראַציע, וואו ער האָט נאָך פריער געהאַט באַשטעלט צוויי מיטיקן...

* * * * *

אַרום זיבן אַזייגער בין איך אַוועק אין טעאַטער. אָנגעקומען אַהין, איז די גאַנצע טרופּע שוין געווען פאַרזאַמלט און אַ טייל — אַפילו גרימירט. איך טו אַ קוק און בלייב דערשטוינט. איינער פון זיי, דער „פּרימאַדאָנעס" כאָסן, זע איך, איז גאָר גרימירט פאַר שמועל לייבליך — די ראָלע, וואָס איך דאַרף שפּילן. און נאָך איידער איך באַוויז צו פרעגן וואָס דאָס מיינט, קומט צו די „פּרימאַדאָנע" צו מיר און טוט מיט אַ קאָקעטיש כיינדעלע אַ זאָג:

— מיין ברודער, וואָס רעזשיסירט, האָט איינגעזען, אַז איר וועט מאַכן אַ בעסערן אַלעקסאַנדער איידער אַ שמועל לייבליך. און אַזוי ווי מיין כאָסן איז בעסער צוגעפּאַסט פאַר דער ראָלע פון שמועל לייבליך, וועט ער זי שפּילן...

— אָבער, — האָב איך זיך גענומען דינגען, — מען האָט דאָך פריער גע־האַט באַשטימט אַזוי און איך האָב געלערנט די ראָלע...

— וואָס דאַרפט איר זיך דינגען? — האָט זי זיך געאַקשנט, — אַזוי וועט עס מוזן זיין. איך וועל ניט שפּילן זעלדען מיט קיין אַנדערן שמועל לייבליכן, נאָר מיט אים. איר וועט דאַרפן שפּילן אַלעקסאַנדערן...

— אָבער, גאָט מיינער, — האָב איך אַלץ פּראָטעסטירט, — איך האָב דאָך געלערנט די ראָלע און קען אַפילו קיין וואָרט נישט פון דער אַנדערער...

— איז וואָס־זשע, — האָט זי ווידער גענומען קאָקעטירן צו מיר, — נעמט

מען און מען כאַפּט אַ קוק אין דער פּיעסע און מען לערנט זיך אויס די ראָלע. איך ווייס, אַז איר וועט נאָר וועלן — וועט איר קענען... יעדנפאַלס, האָבן מיר דאָך אַ סופלער, אַ גוטן סופלער און ער וועט אײַך דערלאַנגען די פּראָזע גלײַך אין מויל אַרײַן...

איך האָב זיך קעגנגעשטעלט, אָבער עס האָט מיר נישט געהאָלפן. זיי האָבן גערעדט, אַז אָט נעמען זיי, גרימירן זיך אויס און...

— אָדער עס גייט ווי עס איז באַשלאָסן פון דער טרופּע, אָדער איר וועט דאַרפן אַליין שפּילן אַלע ראָלן! — האָט זי זיך אַרויסגעשטעלט. — מיר גיבן אײַך פינף מינוט צײַט צו באַשליסן...

מײַן ברודער, װעלכער איז שוין געהאַט געזעסן אין קאַסע בײַם בילעטן־פאַרקויף, אַז ער האָט זיך דערוואוסט וואָס דאָ קומט פאָר, האָט אַ פאַרשליס געטאָן די קאַסע און געקומען צו לויפן אין איין אָטעם הינטער די „קוליסן". ער האָט גענומען אײַנטאַינען מיט זיי, פאַרגעוואָרפן, גערעדט, אָבער דער סאָף איז געווען, אַז ער האָט אויסגעשפּיגן און זיך גענומען בעטן בײַ מיר:

— אַז געהאַרגעט זאָלן זיי ווערן מיטן טעאַטער צוזאַמען! מער טו איך שוין נישט אַזאַ נאַרישקייט! איך בעט דיך, טו מיר די טויווע און שפּיל אַלעקסאַנדערן. אויב וועסט וועלן, וועסטו פון איר מאַכן די גרעסטע ראָלע.

איך האָב זיך אונטערגעגעבן און זיך געזעצט גרימירן...

נאָך פאַרקלענערונגען פון די אָנדענק־קאַרטלעך בײַם זשורנאַליסטן־באַל.

# איך „שרייב“ אַ „פּיעסע“

די פֿאַרשטעלונג איז אָנגעגאַנגען נישט ערגער און נישט בעסער ווי איך האָב דערוואַרט. דער אוילעם אין טעאַטער האָט אָבער וואַרעם אַפּלאָדירט נאָך אַ שטאַרקער פּראָזע, אָדער סצענע, און נאָך דעם פֿאַלן פֿון פֿאָרהאַנג. בעאייסן ערשטן אַנטראַקט זענען צו אונדז הינטער די קוליסן אַרויפֿגעקומען עטלעכע יונגעלייט און מיידלעך, וואָס האָבן געוואָלט זיך באַקענען מיט יעדן פֿון אונדז פּערזענלעך. איינער האָט אַפּילע — ווי עס פֿירט זיך באַ לייטן — צוגעטראָגן דער „פּרימאַדאָנע“ אַ בוקעטל בלומען. אַ צווייטער האָט באַוואונדערט און געלויבט דעם וואָס האָט געשפּילט לעמעכן — דעם „ווילדן מענטש“...

נאָכן צווייטן אַקט זענען די זעלביקע יונגעלייט אַרויפֿגעקומען שוין נישט מיט אַזאַ באַגייסטערונג ווי פֿריער, אָבער דאָך מיט גענוג קאָמפּלימענטן, און האָבן געבעטן זיי צו באַזאָרגן מיט אַ קאָפּיע פֿון דער פּיעסע, קעדיי זיי זאָלן זי אַליין קענען אויפֿפֿירן אין שטעטל ביי אַ צווייטער געלעגנהייט...

מיר איז געוואָרן פֿאַרדעכטיק, וואָס מיין ברודער ווייזט זיך נישט. געוואוסט האָב איך, אַז די קאַסע איז שוין צוגעמאַכט און קיין בילעטן פֿאַרקויפֿט ער שוין נישט. איך האָב — אין גרים — זיך אַ כאַפּ אַרויס געטאָן אין דרויסן, געקוקט אַהין, אַהער, נאָכגעפֿרעגט באַ יענע וואָס זענען געשטאַנען ביי די טירן, אָבער קיין גענויען ענטפֿער נישט געקאָנט קריגן פֿון קיינעם.

„עפּשער איז ער געלאָפֿן אַ ביס טאָן?“ — האָב איך געטראַכט, — עפּשער איז ער אַוועק באַזאָרגן וועטשערע און נאַכט־לעגער פֿאַר דער טרופּע...“

מיר האָבן אָפּגעשפּילט, אָבער מיין ברודער האָט זיך אַלץ נישט געוויזן. אַלע האָבן זיך אויסגרימירט, געוואַרט. פּלוצים האָט די „פּרימאַדאָנע“ אויסגערופֿן:

— העי, כעווריע, וואו איז ערגעץ אונדזער דירעקטאָר?...

— אויב ער האָט נישט אָפּגעצויגן! — האָט עמעצער ווי אָפּגעענטפֿערט.

— עס וואָלט געווען אַ כידעש ווען ער וואָלט נישט אָפּגעצויגן! — האָט אַ דריטער צוגעוואָרפֿן. — וואָרים וועדליק די געשעפֿטן וואָס ער האָט דאָ געמאַכט, וואָלט עס געווען אַ נעס, אויב ער וועט — נאָכן באַצאָלן פֿאַר דער שאָפּע און די קלעזמאָרים — נאָך האָבן אויף הויצאָעס אַליין אַהיימצופֿאָרן...

— יאָ, אָבער אַוועקפֿאָרן אַזוי, אָן אַ זיי־געזונט, האָט ער נישט געטאָרט! — האָבן אַנדערע געמורמלט און געבליבן שטיין ווי פֿאַרלוירענע, פֿאַרלאָזטע, נישט וויסנדיק וואָס צו טאָן און וואוהין צו גיין.

אַהיימצופאָרן איז שוין צו שפּעט געווען. שוין נישט געווען קיין צוג קיין וואַרשע ביז אַף צומאָרגנס אינדערפרי. און וואו צו גיין שלאָפן — האָט מען אויך נישט געהאַט. כעוורע זענען צוגעשטאַנען צו מיר מיט טאַינעס און פּראַגעס, אָבער איך האָב זיי קיין שום ענטפער נישט געקאָנט געבן.

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירע, האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אין דער שאַפּע. דער סטרוזש האָט אויסגעלאָשן די גאַז־לאָמפּן אין „טעאַטער" און אַף דער בינע. ער האָט אַפילו געפּאָדערט, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן דאָס פּלאַץ, אָבער די „פרימאַדאָנע" האָט — קאָקעטירנדיק — אים באַוויזן, אַז אינדרויסן איז צו קאַלט צו זיצן און אַז דער דירעקטאָר וועט אַוואַדע באַלד אָנקומען.

האָט דער סטרוזש נאָכגעגעבן, כאָטש ער האָט אונדז געבעטן זיין שטיל, ווייל אויב דער באַלעבאָס זאָל זיך כאַלילע דערוויסן, אַז ער האָט נישט פאַרשלאָסן די שאַפּע און אונדז געלאָזט אינעווייניק, וועט ער פאַרלירן די שטעלע...

כעוורע האָבן זיך דערפילט הונגעריק און מיד. איינער האָט פאָרגע־שלאָגן, מען זאָל זיך צונויפלייגן צו 25 קאָפּיקעס און אַרויסשיקן קויפן עפּעס אַף איבערצוכאַפּן. אָבער די געוועלבלעך זענען שוין געווען פאַרמאַכט. קוים מיט געבעטע האָט דער סטרוזש געפּויעלט ביי אַ קרעמער ער זאָל אונדז פאַרקויפן עט־לעכע ברויטלעך מיט הערינג. ער אַליין האָט געבראַכט אַ טשייניק טיי מיט גלעזער, און מיר האָבן זיך גענומען צו דער אַכילע אין דער פינצטער...

בעאייסן עסן — כאָטש מען האָט דעם סטרוזש צוגעזאָגט שטיל צו זיין, — האָבן יאַטן דאָך נישט געקאָנט באַהערשן זייער אויפרעגונג און קאַאַס, און האָבן צווישן איין ביס און אַ צווייטן געזידלט און געשאָלטן דעם דירעקטאָר אין טויט אַריין. זיי זענען אַזוי בייז געווען, אַז ווען ער וואָלט אַפילו שוין יאָ געקומען, וואָלטן זיי אים צעריסן אַף שטיקלעך. עס איז שוין געווען 2 אַזייגער ביינאַכט. אין שאַפּע איז קאַלט געווען און מען האָט אַזש גענומען ציטערן.

וואוהין צו גיין שלאָפן איז נישט געווען. טייל יאַטן האָבן זיך, מידע, אויסגעלייגט אַף די בענק אינעם „זאַל" גופע. די אַנדערע האָבן זיך פּאַשעט אַוועקגעזעצט אפן נישט־זייער ריינעם דיל פון דער בינע, אָנגעלענט איינער אין צווייטנס אַקסלען און... געפּרואווט דרימלען...

גאַנץ פרי, דורכגענומענע פון דער קעלט, האָט מען זיך אויפגעהויבן, זיך אַביסל אָפּגעשטויבט און זיך אַרויסגעלאָזט אין דרויסן אַרויס. מען האָט זיך אַוועקגעזעצט אַף די צוויי בענק לעבן דעם אַריינגאַנג, און געוואַרט, אַז די יונגע, האַרבסטיקע זון זאָל אַרויס און דערוואַרעמען די שטייפע גלידער...

יענע פון אונדז, וואָס האָבן געהאַט געלט מיט זיך, זענען אַוועק אין אַ טיי־הויז באַלד ווי מען האָט עס נאָר געעפנט, און זיך אַביסל דערוואַרעמט מיט טיי. די „פרימאַדאָנע" מיט איר כאָסן און ברודער זענען אַוועק צום וואָקזאַל און מיטן ערשטן צוג צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע. די אַנדערע וואָלטן דאָס אויך געטאָן, אָבער זיי האָבן נישט געהאַט מיט זיך גענוג געלט אַף באַן־בילעטן.

אויך איך האָב נישט געהאַט קיין געלט, נישט נאָר אַף אַ בילעט, נאָר אַפילע אַף קיין גלאָז טיי. נעכטן, אין געאייל אַוועקצופאָרן מיט מיין ברודער צו קריגן די דערלויבעניש אַף צום שפּילן, האָב איך — ביים איבערטאָן זיך אין מיין שאַבעסדיקן אָנצוג — פאַרגעסן אַרויסצונעמען פון די וואָכעדיקע קליידער דאָס געלט־טייסטערל מיט די סכירעס, און אויך מיינע דאָקומענטן. אַ גליק, וואָס קיינער האָט מיך אין וועג נישט געפרעגט אַף אַ פּאַספּאָרט, אַנדערש וואָלט איך אַוואַדע געדאַרפט גיין מיטן עטאַפּ קיין וואַרשע, אָדער עפּשער גאָר קיין יוזעפאָוו...

און אויב פאַר מיר איז נאָך ווינציק געוועזן די פּערזענלעכע צאָרעס און דער פאַרדראָס וואָס מיין יונגערער ברודער האָט מיך געלאָזט אין אַזאַ פאַרלעגנ־הייט, זענען נאָך יאָטן טכילעס אָנגעפאַלן אַף מיר מיט זידלערייען, אַז איך — דעם דירעקטאָרס אַ ברודער — האָב געוואוסט וועגן זיין פּלאַן צו אַנטלויפן און איך בין דערפאַר אויך פאַראַנטוואָרטלעך פאַר לאָזן זיי אין אַזאַ לאַגע. עס האָבן זיך אַפילע שוין גענומען הייבן פויסטן קעגן מיר אין זייער גרויסן קאַאָס. מיר איז קוים געלונגען זיי איבערצוצייגן, אַז איך בין אומשולדיק.

— אַ סימען האָט איר דאָך, — האָב איך געטאַינעט, — אַז איך אַליין בין פונקט אין אַזאַ לאַגע ווי איר אַלע דאָ, אָן אַ גראָשן געלט. ווען איך וואָלט פאַר־מישט געווען, אָדער כאָטש געוואוסט, וואָלט איך דאָך געפאָדערט פון דעם ברודער מיינעם, ער זאָל מיר לעכאָל האַפּאָכעס לאָזן געלט אַף אָפּצועסן עפּעס...

האָבן זיי איינגעזען מיין גערעכטע טאַינע, זענען געוואָרן פריינטלעכער צו מיר און האָבן מיך אַריינגענומען אין דער קאָמפּאַניע פון באַאוולטע, אַזוי צו זאָגן. דערפאַר אָבער זענען זיי צוגעשטאַנען צו מיר מיט פראַגעס:

— וואָס זשע וועט זיין? וואָס טוט מען? ווי קומט מען פאָרט אַהיים?...

איך האָב געטראַכט און מיר איז מיטאַמאָל איינגעפאַלן:

— די איינציקע הילף וואָס איך קאָן זען, — האָב איך געזאָגט, — איז, אַז מיר זאָלן דורכפירן נאָך אַ פאָרשטעלונג און פאַרדינען אַף הויצאָעס...

— דאָס וואָלט געווען אַ פּלאַן, — האָבן אַלע צוגעשטימט, — אָבער ערש־טנס, איז די פרימאַדאָנע מיט איר כאָסן און ברודער אַוועקגעפאָרן, און מיר זענען בלויז עטלעכע מענטשן געבליבן. צווייטנס, וואו נעמט מען אַ פּיעסע?...

דאָס איז טאַקע געווען אַ פראַגע, אָבער איך האָב געפונען אַן ענטפער:

— קוידעם־קאָל, — האָב איך געזאָגט, — דאַרף מען קריגן דאָס טעאַטער און גלייך נעמען פּובליקירן, אַז היינט ביינאַכט וועט זיין אַ פאָרשטעלונג. דאָס איבעריקע — וועלן מיר דערווייל טראַכטן און זען...

מיין פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרן. איינער איז גלייך אַוועק צום אייגנ־טימער פון דער שאַפּע און האָט קימאַט מיט טרערן יענעם דערציילט וואָס עס האָט געטראָפן. יענער איז געוואָרן גערירט און אונדז דערלויבט צו נוצן די שאַפּע פאַרן אָוונט איבגאַנצן אָן געלט.

אַנדערע יאָטן זענען אַוועק איבער די קרעמלעך, געקראָגן עטלעכע בויגנס

פּאַק־פּאַפּיר, אַף וועלכע איך האָב מיט האַלץ־קוילן אויפגעשריבן מעלדונגען וועגן דער פאָרשטעלונג, און זיי האָבן זיי צעהאַנגען אַפן מאַרק און ביים „טעאַטער". דערווייל האָב איך זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן וועגן אָנשרייבן עפּעס אַ זאַך, וואָס מען זאָל קאָנען לייכט אויסשפּילן מיט די פאַרבליבענע עטלעכע מענטשן. איך האָב זיך גראַד דערמאָנט אין עפּעס אַ פאַנטאָמימע־שפּיל, וואָס איך האָב אַמאָל געהאַט געזען אין פּראַגער פּאַרק, פון וואָס דער עולם האָט שטאַרק האַנאָע געהאַט און געלאַכט. האָב איך די זעלביקע מאַיסע, „אַ סקעלעט", ווי עס האָט געהייסן, פאַרדראַמאַטיזירט מיט די געהעריקע ווערטער, זי באַקליידט מיט אידי־שע קליידער און כאַראַקטערן, און דערפון געמאַכט אַ דראַמאַטישע שפּיל.

געהאַנדלט האָט עס זיך וועגן אַ שיין מיידל, וועמעס געליבטער — אַן אָרימער סטודענט — עס ווערט פאַרטריבן פון איר רייכן איינגעשפּאַרטן פאָטער, מיט אַן אָנזאָג, ער זאָל מער נישט וואַגן קומען זען זיין טאָכטער. דער באָכער פאַרשטעלט זיך דאַן פאַר אַ גייסט פון דעם מיידלס זיידע און פאַרפאָלגט דעם פאָטער אַזוי לאַנג מיט פאַרשידענע שטיק און קונצן, ביז יענער — אַן אויסגעשעפּטער — שיקט נאָך דעם באָכער און מאַכט אים כאַסענע מיט דער טאָכטער.

קיין פולע צוויי שאָ האָט נישט געדויערט און איך האָב די „פּיעסע" געהאַט פאַרטיק — אויפגעשריבן אַף געלן בייטל־פּאַפּיר, וואָס יאַטן האָבן געקראָגן אין די קרעמלעך. איך האָב איינגעטיילט די ראָלעס, דורכגעפירט אַ פּאָר פּראָבעס מיט דער כעווראַ, און דאָס איבעריקע זיך פאַרלאָזט אַפן סופלער.

צום אָוונט האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום פופציק מענטשן, וואָס האָבן באַ־צאָלט צו האַלבע קערבלעך פאַר אַריינלאָזן זיי זען די שפּיל. און כעווראַ האָבן געטאָן אַלץ איבער די קויכעס צו געבן דער זאַך אַ פּאָנים און צו פאַרווײלן דעם עולעם אַפן בעסטן אויפן. נאָך דער שפּיל האָט קימאַט יעדער איינער פון דער גרופּע פאַרגעטראָגן עפּעס וואָס ער האָט געדענקט פון אויסווייניק, צי דאָס איז געווען אַ מאָנאָלאָג, צי אַ פּאָעמע, צו סטאַם עפּעס אַ סצענקע, אַבי אויסצופילן דעם אָוונט און זיך קאָשער פאַרדינען די פּאָר גראָשן...

פון די אַריינגעקומענע געלטער האָבן מיר באַצאָלט די כויוועס אין דער גאָרקיך און אין טיי־הויז, וואו מען האָט אונדז אויסגעליען דעם טאָג עסן און, אַף געדונגענע צוויי דראָשקעס, זיך אין גאַלאָפּ אַ לאָז געטאָן צום וואָקזאַל, צו פאַרכאַפּן דעם לעצטן אָפּגייענדיקן צוג קיין וואַרשע...

* * * * *

# דער גורל

אַז איך האָב געהאַט אָפּגעאַרבעט עטלעכע וואָכן ביי טרעמבאַטשן אין שילדן־וואַרשטאַט, איז איינמאָל צו מיר צוגעקומען שלוימעלע — איינער פון די באַלמעלאָכעס — און מיר געזאָגט, אַז ער וואָלט זיך וועלן דורכרעדן מיט מיר וועגן עפּעס, נאָכדעם ווי מען וועט אַוועקלייגן די אַרבעט.

שלוימעלע „פילאָזאָף" — אַזוי האָט מען אים גערופן אין פאַך, צוליב דער גרויסער קוטשמע לאַנגע שוואַרצע האָר און צוליב דעם גרויסן „בינדע"־שניפּס, וואָס ער האָט געטראָגן — איז געווען אַ באָכער פון אַ יאָר 19־20 און איז שוין געווען אַ פולער געזעלן. געשמועסט האָט מען אין פאַך, אַז ער איז אַ פייערדיקער סאָציאַליסט, אַ בונדיסט. ער איז געווען אַ שווייגנדיקער און פאַרטראַכטער — טאַקע מאַמעש אַ פילאָזאָף. שאָלעם „וואַנץ", וועלכער האָט אים, ווי יעדן איינעם, געקרוינט מיט אָט דעם צונאָמען, פלעגט אָפט כויזעק מאַכן און אים הינטער די אויגן גערופן „פולער־זאָק", איבער זיין אָפּגעזונדערטקייט.

אין אָוונט, ווען מיר האָבן אַוועקגעלייגט די אַרבעט און זיך גענומען וואַשן די הענט, האָט שלוימעלע זיך צוגערוקט צו מיר און פאַרטרוילעך געזאָגט:

— ווילסט עפּשער מיטגיין מיט מיר צו אַ פאַרזאַמלונג?...

זיין פראַגע איז געווען אַזוי אומדערוואַרט און דירעקט, אַז איך האָב נישט געקאָנט זאָגן „ניין", און בלויז אַ פרעג געטאָן:

— ווען? וועגן וואָס און פון וועמען איז זי גערופן?...

— וואָס איז דער כילעק? — האָט ער געמאַכט אַ סוידעסדיקע מינע, ווי דאָס וואָלט געווען אַ פאַרשווערונג, און צוגעגעבן, — קום, וועסטו זען. איך קאָן דיך פאַרזיכערן, אַז עס וועט זיין אינטערעסאַנט...

איך האָב יענעם אָוונט סיי ווי נישט געהאַט וואָס צו טאָן און וואו צו גיין, האָב איך אים צוגעזאָגט מיטצוקומען. שלוימעלע האָט מיך שוין נישט אָפּגעלאָזט פון אויג. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן גיין מיט אים צוזאַמען עסן וועטשערע אין רעסטאָראַן פון קאָנסום־פאַריין, וואָס האָט זיך געפונען עטוואָס העכער אף דער דזשיקע גאַס, נישט ווייט פונעם וואַרשטאַט וואו מיר האָבן געאַרבעט.

מיר האָבן גענומען צו פאָרציעס ציבעלעס מיט שמאַלץ, געטרונקען קעפיר, און אַזוי אָפּגעזעסן ביים טישל שמועסנדיק ביז אַרום ניין אַזייגער. שלוימעלע האָט זיך ראַפּטאָם אַ הייב אויף געטאָן און געזאָגט:

— נו, צייט צו גיין! קום!...

מיר האָבן באַצאָלט און אַרויס אויף דער גאַס. געווען איז גראָד אַ מילדער ווינטער־אָוונט און נישט שטאַרק קאַלט. שלוימעלע איז אָבער געגאַנגען זייער וואַרעם אָנגעטאָן, מיט אַ וואָלענעם שאַל אַרום האַלדז, טיפע קאַלאָשן אויף די פיס און פוטערנע הענטשקעס אויף די הענט. מען האָט דערקענט אויף אים, אַז ער איז אַ מענטש וואָס האָט זיך שטאַרק ליב און היט זייער דאָס געזונט. איך האָב פאַר־רויכערט אַ פּאַפּיראָסל און אים פאַרגעשלאָגן איינעם, אָבער ער האָט עס נישט אָנגענומען, מאַכמעס עס איז נישט געזונט צו רויכערן...

שלוימעלע איז געגאַנגען באַ מיין זייט און געשוויגן. ער איז געווען, האָט אויסגעזען, שטאַרק פאַרטראַכט וועגן עפּעס. איך האָב אַפילע געוואָלט איבערשלאָגן און אים ווידער פרעגן וואָס פאַר אַ פאַרזאַמלונג דאָס איז, פון וואָסער פּאַרטיי גערופן און צוליב וואָס פאַר אַ צוועק, אָבער ער האָט פּלוצים אַ זאָג געטאָן:

— מוסט מיר אָבער צוזאָגן, אַז וואָס עס זאָל נישט זיין, צי עס וועט דיר יאָ געפעלן, אָדער נישט, מוז עס בלייבן אַ סאָד און קיין לעבעדיקער מענטש טאָר נישט וויסן וואו, ווער און וועגן וואָס די פאַרזאַמלונג איז געווען...

איך האָב אים צוגעזאָגט. מיר זענען דאַן אַריין אויף וואָלינסקע גאַס — אַ שמאָל געסל ביי דער דזשיקע. אַז מיר זענען אָפּגעגאַנגען אַ הונדערט טריט פון ראָג, האָט שלוימעלע זיך אַרומגעקוקט צי מען גייט אים נישט נאָך, מיך אַריינ־געפירט אין אַ הויף אַריין און דאָרט, אין אַ ווינקל, זיך גענומען הייבן אין אַ טונקעלן קאָרידאָר איבער אַלטע קרעכצנדיקע שטיגן אויף אַ דריטן שטאָק אַרויף...

ער האָט אָנגעקלאַפּט און עמעצער האָט געעפנט די טיר. מיר זענען אַריין אין אַן איין־צימערדיקער פּאַציאַטקע, וואָס איז געווען זייער אָרעם און אָפּגעלאָזן. צוויי אַלטע ביליקע אייזערנע בעטלעך, מיט פלאַכע שטרוי־זעק, האַלב צוגעדעקט מיט געבלימטע דעקן, זענען געשטאַנען ביי איינער פון די מעשופּעדיקע דאַך־ווענט; אַ גרין געפאַרבטער קופערט, אַ נישט־געפאַרבט טישל מיט עטלעכע טאַבו־רעטקעס — ביי דער צווייטער. דאָס איינציקע פענצטער, ווי אַ קאַנורע, פאַרהאַנ־גען מיט אַ טונקעלער קאָלדרע; אין איין זייט „קאַנורע" — אַ קליין קיילעכיק טישל מיט אַ וואַזאָן פאַלשע בלומען, און אין דער צווייטער — אַ ביכער־שאַפּקעלע מיט אָנגעוואָרפענע ביכער און צייטונגען אויף די פּאָליצעס. ביי דער אַריינגאַנג־טיר, רעכטס, זענען אויף אַ בענקל געשטאַנען צוויי צוגעדעקטע הילצערנע עמערס, איינער אָפּפאַנים פאַר טרינק־וואַסער און דער צווייטער — פאַר פּאָמאָיעס. אויפן צודעק־ברעטל איז געשטאַנען אַ בלעכענע קוואָרט — אַ שעפּ צום טרינקען. אין דער לינ־קער זייט פון דער טיר איז געשטאַנען אַ קיך־אויוון מיט שוואַרצע, צעגליטע רערן, פון וועלכע עס האָט געזעצט אַ היץ און רויך. אין צימער איז געווען שטיקנדיק נישט פריש. אויפן טישל איז געשטאַנען אַ קעראָסין־לאָמפּ, וואָס האָט צעוואָרפן גרוי שוואַרצע שאָטנס אויף די מעשופּעדיקע דאַך־ווענט, אָפּמאָלנדיק אויסטערליש־איינגעהויקערטע, צעקרימטע פיגורן, וואָס האָבן מאַמעש אָנגעוואָרפן אַ פּאַכעד...

איך בין געבליבן שטיין אומבאַקוועם לעבן דער טיר, און שלוימעלע האָט

מיך גענומען פֿאַרשטעלן פֿאַר די צוויי מיידלעך — די באַוואוינער פֿונעם צימער. ערשט איצט, נאָכדעם ווי מיינע אויגן האָבן זיך שוין געהאַט עטוואָס צוגעוואוינט צו דער אומאַנגענעמער טונקלקייט אין צימער, האָב איך דערזען, אַז זיי, די צוויי מיידלעך, זענען אין דער וואָר געווען נישט שענער אָדער אינטערעסאַנטער ווי די שאָטנס זייערע אויף די ווענט.

איינע פֿון די מיידלעך האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ טאַבורעטקע לעבן טישל און מיך געבעטן זיצן. אַליין האָט זי זיך צוגעזעצט לעבן מיר, גענומען רעדן און אויספֿרעגן מיין פּאָליטישן גלויבן, וואָס איך דענק וועגן דער אָדער יענער פֿראַגע, און צי איך גלויב, אַז עס וועט נאָך ווען קומען אַ דערלייזונג פֿון אַרבעטער־קלאַס. דערביי האָט זי מיר מאַמעש נישט געגעבן קיין געלעגנהייט צו ענטפֿערן. זי האָט געשטעלט די פֿראַגעס און זי אַליין האָט אויך געענטפֿערט.

זי האָט מיר גיך אָנגעהויבן ווערן דערווידערדיק, דער איקער איבער איר שמייכלען צו מיר דורך אַ מויל פֿאַרפּוילטע ציין און דינינקע בלויע ליפּן. איך האָב פּאַשעט נישט געקאָנט קוקן גלייך אויף איר, ווייל איך האָב מוירע געהאַט, אַז איך וועל זיך פֿאַנאַנדערלאַכן איבער דער פֿאַרזעעניש. זי איז געווען אַזוי אָפּ־שטויסנדיק מיעס, אַזוי שלומפּערדיק און אומזויבער אָנגעטאָן, אַז עס האָט מיך אַזש גענומען נודיען אפֿן האַרצן. זי האָט אַוואַדע געמוזט זיין אַריבער די דרייסיק יאָר אַלט, אָבער זיך מאָדנע געכיינדלט, אָקוראַט ווי זי וואָלט געווען אַ מיידעלע פֿון אַ יאָר 18־19 און די גרעסטע שיינקייט אין דער וועלט...

די צווייטע איינוואוינערין, וועלכע איז צוגעקומען, צוטראָגנדיק אַ גלאָז טיי און מיך געבעטן טרינקען, איז געווען אַביסל יונגער, אָבער נישט שענער פֿון דער ערשטער. זי — מיט אַן אָנשטעל פֿון אַ געלערזאַמער — האָט געטראָגן אַ פּאָר גאָלדענע פּענסנע אויף איר גרויסער האַרבאַטער נאָז, און האָט סטאַם פֿאַרמאָגט אַלע מיסע־מעשונעדיקע מיעסקייט־איינפֿאַלן פֿון דער נאַטור. הויך, דאַר — מאַמעש הויט און ביינער, און סטוטלעוואַטע — שיר נישט אַ הויקער. איר פּאָנים — אַ געלבלעך־טונקלס — צעשטשערבעט פֿון טיפֿע פּאָקן־לעכער און באַדעקט מיט שוואַרצע פֿלעקן, — האָט דערצו נאָך פֿאַרמאָגט גאַנץ היפּשע האָריקע שפּראָצונגען אויף דער שפּיץ נאָז און דער שפּיציקער גאָמבע. די האָר אירע — מאַטע, אָן שום גלאַנץ און לעבן — צעטיילט אין צוויי צעפּ, מיט אַ געלן שרינט אין מיטן... אויך דאָס גלאָז, פּונקט ווי דאָס טעצעלע און דאָס לעפֿעלע — צעשטשערבעט און נישט איבעריק ריין, אַזוי אַז עס האָט מיך פּאַשעט געאיבלט און איך האָב זיך נישט צוגערירט דערצו. אין געדאַנק האָב איך אַפֿילע פּראָבירט געפֿינען אַ זכות אויף זיי פֿאַר דער אָפּגעלאָזנקייט, און געטראַכט, אַז שולדיק אין דעם איז די אָרעמקייט. איך האָב אָבער געפֿילט, אַז דאָס איז נישט קיין פֿאַרענטפֿער...

די „דאָקטערשע" האָט אָפּאָנים דערפֿילט מיין איבל און קלוג אַ זאָג געטאָן:

— בלויז פּוסטע מענטשן פּראַנטעווען און גיבן זיך אָפּ מיט ערדישע שיינ־קייטן. זיי זוכן צו פֿאַרגיטיקן מיטן מאַטעריעלן, וואָס עס פֿעלט זיי אין גייסטיקן.

אינטעליגענטע מענטשן האָבן גאָר קיין געדולד און קיין צייט נישט צו אָט אַזעלכע קליינינקייטן אין דער נאַרישער וועלט...

איך בין נישט מאַסקים געווען, כאָטש איך האָב געפילט, אַז אַ שטיק עמעס איז דאָ אין די רייד אירע. איך האָב געוואָלט זאָגן, אַז מענטשן מיט אַן איידעלן, גייסטיקן אינהאַלט, דאַרפן אויך ליב האָבן, אַז דאָס אויסערלעכע זאָל זיין שיין און איידל... איך האָב אָבער געשוויגן, נישט וועלנדיק זיך אַריינציען אין אַ שמועס, מאַכמעס איך האָב שוין פּאַשעט כאַראַטע געהאַט וואָס איך בין ביכלאַל אַהערגעקומען פּאַטערן אַן אָוונט...

באַלד האָבן אָנגעהויבן אָנקומען נאָך מענטשן — דאָס ראָוו פּרויען, און אַלע — עלטערע מיידלעך, מיעסקייטן...

איך בין אָבער שטאַרק איבעראַשט געווען צו זען, אַז צווישן די אָנגעקומענע איז אויך געווען מיינס אַ כאַווער, יאַשקע „קאַטאַר" פון מינסק, וועלכער האָט געאַרבעט ביי הילעל עפּשטיינען. יאַשקע איז געווען אַ פריילעכער יאַטל — דער היפּעך פון שלוימעלע „פילאָזאָף" — טאָמיר מיט אַ וויץ, אַ גלייך־ווערטל, און קיינמאָל נישט גערעדט וועגן באַוועגונגען, פּאַרטייען, אָדער פּאָליטיק, כאָטש אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער איז אַ רעוואָלוציאָנער און באַלאַנגט צו די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. „קאַטאַר" האָט מען אים גערופן דערפאַר, ווייל ער האָט געליטן פון אַ פאַרלייגטער נאָז און פלעגט קעסיידער פאַרמאַכן דאָס מויל און בלאָזן מיט דער נאָז אָף צו עפענען די פאַרלייגטקייט. אַז ער האָט מיך דערזען, איז ער צוגעקומען, מיר דערלאַנגט אַ האַנט און פריילעך, אָף זיין שטייגער, צוגעוואָרפן:

— העי, ווי קומט עס אַ קויען אָף אַ בעס־האַקוואָרעס? ביסטו זיכער, אַז דו האָסט נישט פאַרבלאָנדזשעט?!...

יאַשקע האָט געוואוסט, אַז איך בין אַן עסטעטישער באָכער, האָב ליב זיך שיין צו קליידן און האָב פיינט אָפּגעלאָזנקייט ביי אַנדערע. איך האָב דעריבער געטראַכט, אַז ער מיינט מיט זיין פראַגע, פאַרוואָס איך בין געקומען צווישן אַזעלכע, ביי וועמען דאָס שפּילט אַ קנאַפּע ראָלע, און האָב גאָרנישט געענטפערט.

סיי ווי סיי, די פאַרזאַמלונג האָט זיך אָנגעהויבן. די „דאָקטערשע" מיט דער פּענסנע האָט געהאַט דעם פאַרזיץ און גערעדט מיט אַ שטימע ווי אַ ר'יבאייזן:

— אין נאָמען פון דער שאָפּענהאַוער־גרופּע, דערקלער איך די פאַרזאַמלונג פאַר געעפנט!...

זי האָט צוגערופן איינע פון די מיידלעך צו זיך, פאַר סעקרעטאַר, און געמאָלדן, אַז דער טאָג־אָרדענונג באַשטייט פון לייענען שאָפּענהאַוערן. באַלד האָט זי געעפנט אַ־בוך און גענומען אַרויסלייענען פון אים אַ צאָל אַפאָריזמען, וואָס זענען מיר פאַרגעקומען באַנאַל און נאַריש. איך האָב אָבער גאָרנישט געזאָגט, נאָר זיך ווייטער צוגעהערט. ווען די „דאָקטערשע" האָט געהאַט איבערגעלייענט אַרום אַ צענדליק אַפאָריזמען, האָט זי אָוועקגעלייגט דאָס בוך לעבן זיך און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינע דיסקוסיע.

אַלע — דאָס ראָוו מיידלעך — האָבן געגרעדט אין זעלבן טאָן. זיי האָבן געגלויבט דעם גרויסן פילאָזאָף שאָפּענהאַוער, וועלכער האָט אַזאַ טיפע פאַרשטענ־דיקייט און כאָכמע אויסצודריקן די געפילן פון מענטשן, און האָבן אים שטאַרק קאָמפּלימענטירט פאַר זיין גרינדלעכן אויסטייטש פון דעם נאַרישן לעבן...

איך האָב מיטאַמאָל דערפילט אַ טיפן עקל צו די פּעסימיסטישע רייד. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף שלוימעלען, געוואָלט אים פרעגן נאָך וואָס ער האָט מיך דאָ אַהערגעבראַכט. אָבער ער, האָב איך געזען, איז געזעסן אַ פאַרטראַכטער, מיטן קאָפּ אַריבערגעהאַנגענע האָר פאַרזונקען אין ביידע הענט אַריין און מיט די בליקן צו דער ערד אַראָפּ, ווי ער וואָלט דאָרט געזוכט עפּעס אַן ענטפער. איך האָב אים לייכט אַ ריר געטאָן ביים אָרעם, אָבער ער, אַלץ נישט אויפהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט אַן אומגעדולדיקן טרייסל געטאָן מיט די אַקסלען, פון וואָס איך האָב זיך אָנגעשטויסן, אַז ער וויל איך זאָל אים נישט באַאומרואיקן...

איצט האָב איך זיך שוין געוואָלט אויפהייבן און אַוועקגיין. איך האָב נישט געהאַט דעם מינדסטן אינטערעס נישט אין דעם וואָס דאָ איז פאָרגעקומען און נישט אין די מענטשן. אָבער גראָד דעמאָלט, ווען איך האָב געמאַכט אַ באַוועג זיך אַ הייב צו טאָן, האָט די „דאָקטערשע" געמאָלדן, אַז באַלד וועט מען ציען דעם גורל. דאָס האָט מיך פאַראינטריגירט און איך בין געבליבן. איך האָב זיך שוין געהאַט געכאַפּט מיט וועמען, וואָסער מין קלוב איך האָב דאָ צו טאָן, און עס האָט זיך מיר געוואָלט בייזיין ביים ציען דעם גורל. איך האָב שוין אַמאָל געהאַט געהערט וועגן דעם, אַז עס עקזיסטירן איצט אַזעלכע זעלבסטמאָרד־קלובן, וואו אַנטוישטע רעוואָלוציאָנערן נאָך דער דורכגעפאַלענער רעוואָלוציע קומען זיך צוזאַמען און מען וואַרפט אַ גורל, ווער עס זאָל אָפּטאָן דער וועלט אַף טערקיש און אָנשפּייען איר אין פּאָנים דורך זעלבסט־פאַרטיליקונג. איך האָב אָבער קיינמאָל קיין כשאַד נישט געהאַט, אַז שלוימעלע „פילאָזאָף", אָדער איבערהויפּט יאַשקע „קאַטאַר" זאָלן האָבן אַ שאַיכעס צו אַזאַ נאַרישן, פאַרברעכערישן קלוב...

דער איניען האָט מיך געגומען עגבערן און איך האָב פאַרטראַכט געוואָלט זיך דערגרונטעווען צו אַ דערקלערונג, פאַרוואָס די נעכטיקע רעוואָלוציאָנערן, קעמפער אַף באַריקאַדן, זענען מיטאַמאָל געוואָרן אַזעלכע פּאַכדאָנים און מוירע געקראָגן פאַר דער ווירקלעכקייט. מיינע געדאַנקען האָבן מיך ווייט פאַרטראָגן, אָבער מיטאַמאָל האָב איך דערפילט אַ שטורכע אין מיין זייט און איך האָב זיך אומגעקוקט. יאַשקע „קאַטאַר" האָט מיר אָנגעוויזן, אַז די פאַרזיצערין ווענדט זיך צו מיר. איך האָב אויפגעהויבן מיינע אויגן צום טיש צו:

— ווילט איר, כאַווער, לאָזן אַריינטראָגן אייער נאָמען אין דעם גורל? — האָט זי מיך גאַנץ פּאָשעט אַ פרעג געטאָן, — איך נעם אָן, אַז אויב איר זענט אַהערגעקומען, מיינט עס, אַז איר האָט אָנגענומען אונדזער אידעאַל און איר זענט גרייט זיך צו באַטייליקן אין אונדזער טעטיקייט...

און דאַן, אָפּוואַרטנדיק אַ וויילע, דירעקט מיך אַ פרעג געטאָן:

— זענט איר גרייט אויסצודריקן אייער פּראָטעסט קעגן דער פּאַרטעטרישער וועלט דורכן העכסטן מענטשלעכסטן אופן, דורך זעלבסטמאָרד, אויב נויטיק?...

איך בין געבליבן זיצן ווי אַ געפּלעפּטער און נישט געענטפערט, אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט אַ דראַנג זיך אויפצושטעלן און זי גוט אָנזידלען.

— כאַפּט אייך דער טייוול, מיט אייער מעשוגאַאַס! — האָב איך איר געוואָלט זאָגן. — ווער האָט אייך דאָס רעכט געגעבן צו רעדן אין נאָמען פון דער רעוואָלוציע גאָר? ווער דאַרף אייך, אייערע אידעאַלן און אייערע פּראָטעסטן?!...

איך האָב זיך אָבער באַהערשט און אַ שמייכל געטאָן. געטראַכט האָב איך, אַז איך וועל מיטשפּילן און זאָלן זיי דענקען אַז איך בין אַ זייעריקער.

די „דאָקטערשע" האָט אַפּאָנים טאַקע אָנגענומען מיין שמייכל פאַר אַ צושטימונג, און געענטפערט מיט אַ שמייכל, פאַר וועלכן איך האָב געפילט ווי צוצוגיין צו איר און איר אָנשפּייען גלייך אין די אויגן אַריין. זי האָט געזאָגט:

— איר וועט, כאַווער, פריער דאַרפן געבן אייער ערן־וואָרט, אייער פּראָלעטאַרישע שוואוע, אויסצופירן די סטאַטוטן און רעגולאַציעס פון דעם קלוב, אין אַלע צייטן, אַף אַלע וועגן, ווי געהעריק...

איך האָב ווידער אַ שמייכל געטאָן און געשוויגן.

בעאייס אָט די רייד אירע, האָט די סעקרעטאַרקע געהאַלטן אין איין שרייבן, ווי איך האָב פאַרשטאַנען, נעמען אַף שטיקלעך פּאַפּיר, וואָס אַ צווייטע האָט גלייך איינגעדרייט אין רערלעך און זיי אויסגעלייגט אפן טיש לעבן זיך. באַלד האָט עמעצער צוגעטראָגן צוויי קאַפּעליושן. אין איינעם האָט די „דאָקטערשע" אַריינגעוואָרפן די איינגערערלטע צעטעלעך מיט די נעמען פון די אָנוועזנדיקע, און אין צווייטן קאַפּעליוש האָט די סעקרעטאַרקע אַריינגעלייגט אַנדערע קוויטלעך, און צוויי מיידלעך זענען צוגעטראָטן און גענומען ציען דעם גורל:

— בערל בערמאַן! — האָט איינע אויסגערופן, אויפוויקלענדיק אַ קוויטל.

— ליידיק! — האָט די צווייטע, באַקוקנדיק איר צעטעלע, געמאָלדן.

— גיטל גרינבערג! — האָט די ערשטע ווידער אויסגערופן.

— ליידיק! — האָט די צווייטע מאָנאָטאָן געמאָלדן.

אַזוי זענען דורך אַרום זעקס ציאונגען און אַלע זענען באַגלייט געוואָרן מיט „ליידיק". דער זיבעטער אַרויסצי איז געווען מיין נאָמען. איך האָב זיך מיט נייגער איינגעהערט.

— אַקציע! — האָט די צווייטע מיידל מיט פרייד אויסגעשאָסן.

דער גורל איז געווען געענדיקט. די „דאָקטערשע" איז צוגעגאַנגען צו מיר, גענומען מיין האַנט און, אַ דריק טוענדיק זי, פריילעך געזאָגט:

— איר זענט אַ מאַזלדיקער יאָט, כאַווער! גלייך ביי דער ערשטער פאַרזאַמלונג און שוין אַרויסגעצויגן דאָס צעטעלע פאַר אַקציע. איך באַגריס אייך!...

און גלייך, מיט אַזאַ זעלבסטפאַרשטענדלעכער זיכערקייט, צוגעגעבן:

— פינף טעג ווערט אייך געגעבן, כאַווער! אין פינף טעג אַרום וועט איר

דאַרפן האָבן דורכגעפירט דעם גורל אייערן! אויב איר זאָגט עס צו, וועט איר די פינף נעכט האָבן די פּריווילעגיע צו בלייבן דאָ, מיט איינער פון די כאַווער־טעס, וועלכע איר וועט זיך אויסקלייבן!...

איך האָב דערפילט ווי די הענט בייסן מיר. איך האָב גאָרנישט געזאָגט. איך האָב זיך בלויז אויפגעשטעלט, אַ שפּיי געטאָן און אויסגעשריגן:

— אַז געהאַרגעט זאָלט איר דאָ אַלע ווערן, אידיאָטן! באַגייט אייך זעלבסט־מאָרד, אויב איר ווילט, און וואָס גיכער — אַלץ בעסער פאַר דער וועלט!...

און, נישט אומקוקנדיק זיך אַפילו אויף שלוימעלע „פילאָזאָף", אָדער אויף יאַשקע „קאַטאַר", בין איך האַסטיק אַרויסגעלאָפן, אַז איך האָב אַפילו נישט גע־זען וואָסער איינדרוק מיין האַנדלונג האָט איבערגעלאָזט אויף זיי דאָרט...

אויף צומאָרגנס האָב איך גערעדט צו שלוימעלען און אים אויסגעלאַכט:

— מיילע, — האָב איך געזאָגט, — די פאַרשלומפּערטע „דאָקטערשע", אָדער כאַשקע די סעקרעטאַרקע, צי די אַנדערע „קראַסאַוויצעס" דאָרט, אַז זייער אידעאַל איז זעלבסטמאָרד, פאַרשטיי איך נאָך. זיי — אַזעלכע ווילדע מיעסקייטן, וועמען די נאַטור האָט אַזוי שטאַרק געקריוודעט און זיי קאָנען נישט קריגן אפן גלייכן, נאָרמאַלן אויפן אַ באַכער וואָס זאָל זיי ליב האָבן, און זיי ווילן אַזויאַרום נעקאָמע נעמען אין דער נאַטור און זיך דערביי אָנזעטיקן מיט דער ליבע פון אַ יונגן באָכער — קאָן איך נאָך פאַרשטיין. אָבער דו, און יאַשקע, אַזעלכע צוויי שיינע, געזונטע יאַטן, וואָס האָט איר צו טאָן אין אַזאַ פאַרברעכערישן קלוב? וואָס האָט אייך אַזוי פאַרביטערט און אַנטוישט, צו ווילן אַנטלויפן פון דער שיינער וועלט און פון דעם איינמאַל געלעבטן לעבן?!...

שלוימעלע האָט מיר נישט געוואָלט ענטפערן, אַפּאַנים נישט געהאַט וואָס צו זאָגן. ער איז פון דעמאָלט אָן ברויגעז געוועזן אויף מיר און מער נישט גערעדט צו מיר, אַפילו נישט וועגן איניאַנים פון דער אַרבעט אין וואַרשטאַט...

יאַשקע, אָבער, אַז איך האָב אים געזאָגט דאָס זעלביקע, האָט זיך אויסגע־לאַכט און מיך געפּראָוואוט איבערצייגן, אַז די צייט וועט מיך נאָך דערפירן צום עמעסן אידעאַליזם, וואָס האָט נישט דעם מינדסטן שאָטן פון מאַטעריאַליסטישער פּוסטקייט און פאַלשער איינרעדעניש אַז מען לעבט קלוימערשט:

— וואַרט צו, ברודערל, — האָט ער געזאָגט, — כאַפּ נאָר עטלעכע גוטע און פיינלעכע קלעפּ פונעם לעבן, וועסטו דעמאָלט זען ווער עס איז גערעכט!...

און אין גוטן מוט צוגעגעבן:

— כאָטש מיר צעגייען זיך אין דער לעבנס־פילאָזאָפיע, האָף איך אָבער, אַז מיר וועלן בלייבן גוטע פריינט ביז צום טויט...

— ביז דיינעם, מיינסטו, — האָב איך שפּאַסיק צוגעוואָרפן...

* * * * *

עס איז פאַרביי אַ שטיקל צייט און איך האָב שוין געהאַט ווי פאַר־געסן אין דעם גאַנצן איניען וועגן דעם זעלבסטמאָרד־קלוב און דער פאַרזאַמלונג.

וועלכע איך האָב באַזוכט און וואו איך האָב אַרויסגעצויגן דעם „מאַזלדיקן" גורל. איבער דער צייט האָב איך זיך געהאַט צעקריגט מיט טרעמבבאַטשן, מיין באַלעבאָס, און בין פאַר פּורים־צייט אַוועק אַרבעטן צו מוישע „גנידע". איך בין געווען פאַרנומען מיט זיך, מיט מיין ניי־אויפגעפלאַמטער ליבע צו סאַלאַמעאַ. איך בין געווען פאַרטאָן אין מיין מאַנדאָלין־שפּילן און אין לערנען זיך טאַנצן, וואָס זי, סאַלאַמעאַ, איז באַשטאַנען, אַז איך זאָל זען קענען, כאָטש איך האָב גע־האַלטן פון טאַנצן פּונקט ווי פון זעלבסטמאָרד...

איינמאָל, מיטיקצייט, איז שאָלעם „וואַנץ", וועלכער האָט געאַרבעט ביי טרעמ־באַטשן, אַריינגעקומען צו מיר אין וואַרשטאַט און דערציילט, אַז שוין עטלעכע טעג וואָס שלוימעלע „פילאָזאָף" איז נישט געקומען צו דער אַרבעט, און אַז ווען מען האָט אים, שאָלעמען, צוגעשיקט צו יענעם אַהיים אויסצוגעפינען די סיבע, האָט שלוימעלעס מוטער, אַ דערשלאָגענע, מיט געוויין אים געזאָגט:

— ער האָט אָפּגעגעסן וועטשערע, געזאָגט, אַז ער גייט אַרונטער אויף עטלעכע מינוט אין גאַס נאָך פרישער לופט און וועט באַלד אַרויפקומען. אָבער פון דעמאָלט אָן, שוין אַ וואָך צייט, איז ער פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין...

זי האָט זיך ווידער צעכליפּעט און פאַרגעזעגנט:

— ער האָט דאָך אָבער נישט געקאָנט ווייט אַוועקגיין. ער האָט נישט גע־נומען דעם פאַלטן אויף זיך, אַפילע אויסגעטאָן די קאָלאַשן, דעם שאַליק, כאָטש עס איז יענע נאַכט געווען אַ קאַלטע און אַ סליאָטעדיקע... נישט אַנדערש, אַז זשאַנ־דאַן האָבן אים אָפּגעוואַרט, אַרעסטירט און פאַרשיקט קיין סיביר... איך האָב אָבער טאָמיד געזאָגט, אַז די פאַרטייען וועלן ברענגען אַן אומגליק אויף אים...

אַז שאָלעם האָט געענדיקט איבערגעבן מיר וואָס שלוימעלעס מוטער האָט אים געזאָגט, האָט ער מיך נאַאיוו אַ פרעג געטאָן:

— רעכנסטו, אַז עס איז טאַקע מעגלעך מען זאָל עמעצן אַרעסטירן, פאַר־שיקן קיין סיביר, און נישט לאָזן וויסן וועגן דעם זיין מוטער?...

איך האָב נישט געענטפערט. אין מיין מויעך האָט זיך בליציק אַ טראָג דורך געטאָן יענע פאַרזאַמלונג, דער גורל, און איך האָב אַ ציטער געטאָן...

דעם ערשטן טאָג פייסעך, זיצנדיק אין זאַקסישן גאָרטן מיט מיין פריינט און פאַך־קאָלעגע, מענדל „דראַנג", — האָב איך געקויפט אַ פוילישע צייטונג, מאַכמעס קיין אידישע צייטונג אין יענעם טאָג, דאַכט זיך, נישט געווען. איך האָב זי גענומען דורכבלעטערן און אינסטינקטיוו אַ קוק געטאָן אין דער רובריק וועגן טויטע. איך האָב מיטאַמאָל דערזען:

„שליאָמאָ פיינשטיין, אַ באָכער פון אַ יאָר 19 אָדער 20, איז נעכטן געפונען געוואָרן אין דער ווייסל, לעבן דער ,סאַסקע־קעמפּע'. דאָס פאַלמעסן האָט באַוויזן, אַז ער איז שוין עטלעכע וואָכן טויט פון דערטרינקען זיך..."

איך בין אַזוי צעוויייטיקט אויפגעבראַכט געוואָרן נאָכן איבערלייענען אָט די עטלעכע שורעס, אַז איך האָט אַזש אָנגעהויבן ציטערן. איך האָב זיך געזעגנט

מיט מענדלען און זיך גלייך געלאָזט גיין אַף וואָלינסקע גאַס, צו יענע מוידן אין צימער אַריין. איך בין יענעם מאָמענט גרייט געווען מיט מיינע אייגענע הענט צו דערשטיקן די צוויי מיעסקייטן, וואָס האָבן דאָרט געוואוינט, און וועלכע זענען, אָן שום סאָפּיק, געווען שולדיק אין שלוימעלעס אומברענגען זיך...

אַז איך בין אָבער אָנגעקומען אַפן פּלאַץ און אָנגעקלאַפּט, האָט מיר אַן עלטערע אידענע געעפנט די טיר און, אַף מיין אָנפרעגן זיך וועגן די מיידלעך, מיר געענטפערט, אַז זי ווייסט נישט וועגן זיי, ווייל זי אַליין האָט זיך ערשט מיט אַ וואָך פאַר יאָנטעוו אַריבערגעקליבן אַהער אין דער דירע...

איך האָב זיך אַנטשולדיקט, געזאָגט אַ גוטן יאָנטעוו און בין אַוועק. פאַרשטאַנען האָב איך, אַז זיי, די צוויי מוידן, — מוירע האָבנדיק פאַר מיין קומען, — האָבן זיך באַצייטנס אַרויסגעקליבן, נישט איבערלאָזנדיק קיין שפּור פון זיך.

איך האָב אויפגעזוכט יאָשקען, געפּרואווט רעדן מיט אים וועגן דעם, קעדיי אויסצוגעפינען זייער נייעם אַדרעס, אָבער ער האָט מיר גאַנץ טרוקן און קאַלט געענטפערט, אַז ער רעדט נישט וועגן די זאַכן און אַז...

— יעדנפאַלס, — האָט ער מיר אויסגערעדט, — וואָס גייט עס דיך אָן די אידעאַלן וואָס אַנדערע האָבן? זעסט דאָך, מען האָט דיך נישט געצוואונגען זאָלסט אויספילן דיין גוירל. איז וואָס־זשע ווילסטו נאָך?...

איך האָב צו שטאַרק ליב געהאַט דעם יאָשקען, אַז איך זאָל זיך צעקריגן מיט אים איבער דעם. האָב איך געשוויגן און בין אַוועק...

דעם ערשטן טאָג שעוואועס, נאָכמיטיקצייט, איז יאָשקע געקומען צו מיר אין הויז אַריין און מיך פאַרבעטן אַרויסצוגיין מיט אים אַף אַ שפּאַציר. איך האָב עס גערן אָנגענומען. האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט איבער דער דזשיקע גאַס, געטראַכט אַריינגיין אין אַ דערבייאיקן קינאָ־טעאַטער, אָבער ווייל מען האָט דאָרט געוויזן אַ בילד, וואָס מיר האָבן שוין געזען, זענען מיר אנשטאָט דעם אַריין אין רעסטאָראַן פון קאָנסום־פאַריין, באַשטעלט צו פלעשלעך קעפיר און זיך אַזוי פאַרשמועסט, טרינקענדיק איין פלעשל נאָכן אַנדערן...

עס איז שוין געווען באַלד אָוונט, און איך האָב געדאַרפט אַהיימגיין, ווייל איך האָב דערוואַרט מיינעם אַ קוזין צו גאַסט. האָב איך זיך געזעגנט מיט יאָשקען, וועלכער האָט מיר צוגעזאָגט צו זען זיך מיט מיר אַף צומאָרגנס. איך האָב אים איבערגעלאָזט אין רעסטאָראַן, וואו ער האָט גענומען עסן וועטשערע, און איך בין אַוועק אַהיים צו זיך...

אַ דריי שאָ שפּעטער, גייענדיק אַף דזשיקע גאַס צו באַגלייטן מיין גאַסט, האָב איך זיך אָנגעגעגנט מיט אַרעלע „הויקער", וועלכער איז געווען שטאַרק צעפלאַמט, און ער האָט קימאַט שטאַמלענדיק צו מיר אַ זאָג געטאָן:

— האָסט שוין געהערט די נייעס? יאָשקע... יאָשקע „קאַטאַר", וועלכער האָט געוואוינט ביי מיר, איז נאָר־וואָס באַגאַנגען זעלבסטמאָרד!...

איך האָב דערפילט אַ שטיקעניש אין האַלדז און קוים אויסגעשריגן:

— עס קאָן נישט זיין! איך האָב דאָך ערשט מיט אַ פּאָר שאָ צוריק גערעדט מיט אים אין קאַנסום־פּאַריין־רעסטאָראַן. עס איז נישט מעגלעך!...

— צום באַדויערן איז עס אַ פאַקט! — האָט אַרעלע געשלונגען די טרערן.

— אָט לויף איך עס דאָך טאַקע איצט צו שיקן אַ טעלעגראַמע צו זיין מוטער... איך האָב זיך אַלץ נישט געקאָנט גלויבן:

— ווי אַזוי? — האָב איך געפרעגט, — וואָס האָט ער געטאָן?...

— ער האָט אויסגעטרונקען סאַם און, קעדיי צו מאַכן זיכער, זיך דערצו נאָך אַרונטערגעוואָרפן פון דריי מיט אַ האַלבן שטאָק, פון קאָרידאָר־פענצטער ביי אונדז אין הויז... אַ, זיין צעשמעטערטער קערפּער — שרעקלעך!...

איך האָב דערפילט, אַז איך פאַל כאַלאַשעס. אַרעלע און מיין קוזין האָבן מיך אונטערגעכאַפּט און אַריינגעפירט אין אַ דערבייאיקן סאָדע־וואַסער קרעמל, מיר צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער און מיך געקרעפטיקט.

איך האָב נישט געקאָנט האַלטן אָפן מיינע אויגן און אַלץ געמורמלט:

— אַזעלכע ווערעמדיקע מיעסקייטן! האָבן זיך פאַרלייגט אומצוברענגען די יונגע באַכורים, נעקאָמע נעמען אין זיי פאַר זייער אייגענער באַליידיקונג!...

און באַלד נאָך דעם, האָב איך מיט אַ ביטערן שמייכל צוגעגעבן:

— און וויפל האָט עס געפעלט, אַז אויך איך זאָל שיר נישט פאַלן אַזאַ קאָרבן פון זייער פאַרלייגטער פאַסטקע?...

מיין קוזין האָט מיך פאַרכידעשט אָנגעקוקט און געהויבן מיט די אַקסלען...



בילד פון מעכאַבער אַרום יענער צייט.

# ליקע־כאַמעס

דער טאַטע האָט ווידעראַמאָל פאַרלוירן די שטעלע. דער באַלעבאָס פון דער פאַבריק, וואו ער האָט געאַרבעט, האָט באַנקראָטירט און די פאַבריק איז פאַרכאַסמעט געוואָרן. דער טאַטע איז געבליבן ווי אפן וואַסער, אָן פאַרנאָסע. פאַר אַ מעשעך פון אַ פאָר כאַדאָשים איז ער יעדן אָוונט אַהיימגעקומען אַ מידער פון זוכן אַרבעט און דערביי איז זיין קרעכץ־לידעלע: „וויי־צע־, וויי־צע" געוואָרן אַלץ מאָרע־שכוירעדיקער און פאַרביטערטער. ביז איינמאָל אין אַן אָוונט — נאָכדעם ווי ער האָט אונטערברומענדיק דאָס לידעלע אַרומגעשפּאַנט איבערן צימער עטלעכע מאָל הין און צוריק — האָט ער זיך פלוצים אָפגעשטעלט און אַנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, איך פאָר קיין אַמעריקע!...

די מאַמע — וואַשנדיק דאָס געפעס פון דער וועטשערע — איז געבליבן שטיין מיט שטייפע הענט און האָט מיט אויסגעגלאָצטע אויגן געקוקט אפן טאַטן:

— וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? — האָט זי אים איבערגעפרעגט.

דער טאַטע האָט זיך געווישט דעם שוויס און געענטפערט, אַז קיין שטעלע קאָן ער נישט קריגן אין דער איצטיקער שלעכטער צייט און עס בלייבן דעריבער פאַר אים צוויי ברײרעס, — די ווייסל, אָדער... אַמעריקע...

די מאַמע, אַ צעווייטיקטע, האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— אַ קלאָג איז מיר! שיין זיך דערלעבט! אף די עלטערע יאָרן צו דאַרפן ווערן נאַ־ווענאַד, אַוועקצופאָרן אין דער טרייפענער מעדינע, וואו עס איז נישטאָ קיין אידישקייט, קיין שאַבעס, קיין יאָנטעוו, קיין...

און, כליפּענדיק, גענומען שרייען:

— וועסט נישט פאָרן! הערסט? וועסט נישט פאָרן! איך וועל נישט לאָזן, אַז מיין מאַן זאָל אַוועקפאָרן און דאָרט ווערן אַ גאָי און... סיידן, — האָט זי שוין שטילער צוגעגעבן, — סיידן וועסט פריער אַריינגיין מיט מיר צו אַ ראָוו און מיר געבן אַ געט... ניין, איך וועל קיין אַגונע נישט בלייבן!...

דער טאַטע האָט געשמייכלט און איר אויסגערעדט:

— רעדסט ווי אַ נאַרישע אידענע! אַז איינער וויל טאָן שלעכטס, דאַרף ער דערצו נישט לויפן קיין אַמעריקע. ער קאָן עס טאָן הי. נאָר... אויב דו ווילסט אַ געט; אויב ווילסט ריזיקירן מיך צו לאָזן פריי, אַז איך זאָל קאָנען טאָן וואָס איך וועל וועלן זייענדיק דאָרט, ווייט פון די אויגן, איז די ברײרע באַ דיר...

די מאַמע האָט אויסגעווישט די אויגן מיט די ברעגן פון איר פאַרטעך און אָנשוויגן געוואָרן. זי האָט שוין מער נישט געַרעדט קעגן טאַטנס באַשלוס צו פאָרן קיין אַמעריקע, נאָר פאַרקערט, גענומען צוגרייטן פאַר זיין נעסיע. זי האָט אויס־פּאַראָכטן זיין וועש, געררייניקט די קליידער און זיי איינגעפּאַקט אין אַ וואַליזע, צוזאַמען מיטן טאַלעס און טפילין, דעם קיטל און... זיינע צוגעגרייטע טאַכריכים. דער טאַטע האָט זיך אַפילע געבייזערט אַף איר, נישט געוואָלט זיי נעמען, און געטאַינעט, אַז ער פאָרט קיין אַמעריקע לעבן און נישט שטאַרבן. אָבער די מאַמע האָט פאָרט אויסגעפירט אירס. זי האָט געזאָגט:

— אַז מען פאָרט צווישן גאָים, מוז מען נעמען מיט זיך דאָס אידישקייט!

אָן אָוונט שפּעטער, ווען איך בין אַהיימגעקומען פון דער אַרבעט, האָט דער טאַטע גענומען איינטאַינען מיט מיר, אַז איך זאָל מיטפאָרן מיט אים. ער האָט מיר געמאַכט באַוויזן, אַז אין וואַרשע איז נישטאָ קיין שום טאַכלעס פאַר מיר, אַ כוץ בלייבן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק אָן אַ שטעלע...

— דערצו, — האָט ער לעסאָף צוגעגעבן, — דאַרפסטו אין אַ יאָר־צוויי אָרום זיך שטעלן צום פּריזיוו און... ווילסט דאָך נישט גיין דינען „פּאַניען"...

איך האָב גאָרנישט געענטפערט. אָנשטאָט דעם האָב איך איבערגעלייענט פאַרן טאַטן צוויי דערציילונגען פון ז. ליבין, אין וועלכע ער באַשרייבט די אַמעריקאַנער שוויץ־פאַבריקן און די אַרבעטער־נויט; און עטלעכע לידער פון מאָריס ראָזענפעלדן, אין וועלכע ער באַזינגט די ליידן, פּיין און עקספּלואַטאַציע פון די אַרבעטער אין אַמעריקע. דערנאָך האָב איך איראָניש צוגעגעבן:

— אָט האָסטו דיר די אַמעריקאַנער גליקן צו וועלכע דו פאָרסט!...

דער טאַטע האָט אַרויפגעלייגט אַ האַנט אַף מיין פּלייצע און געזאָגט:

— ערשטנס, איז דאָס אויסטראַכטענישן פון שרייבערס. צווייטנס, אויב עס איז אַפילע יאָ עמעס, איז פאָרט אַלץ גלייכער צו שוויצן אין אַן אַמעריקאַנער שאַפּע און האָבן אַ שטיקל ברויט, איידער דאָ צו גליווערן פון הונגער...

ער האָט זיך אויפגעשטעלט, מיר געקוקט אין די אויגן און געשמייכלט:

— שיינע ווערטער זענען נישט מער ווי רייד. איך ווייס דאָך די עמעסע סיבע פאַרוואָס דו ווילסט נישט פאָרן — טויבעלע... מיינסטו, אַז ווען זי וואָלט געהאַט אַזאַ געלעגנהייט, וואָלט זי זיך אָפּגעזאָגט, באַשער — די „הייליקע" ליבע!... אָבער איך וועל דיך נישט צווינגען. אַז וועסט זיך מעיאַשעוו זיין און באַשליסן יאָ צו פאָרן, — וועל איך דיך מיטנעמען. אַנדערש וועט באַרעך פאָרן מיט מיר...

אַ וואָך צייט האָב איך זיך געראַנגלט מיט זיך. אָט בין איך שוין גרייט געווען צו זאָגן דעם טאַטן, אַז איך פאָר מיט אים, אָבער באַלד האָב איך זיך אָפּגעוואָרפן דערפון, ווייל איך האָב נישט געקאָנט פאַרלאָזן טויבעלען...

צום טאַטנס אָוועקפאָרן, בעאַיס איך בין געקומען אָפן וואָקזאַל צו באַגלייטן אים און מיין ברודער, האָט דער טאַטע — שוין האַלטנדיק ביים אַריינגיין אין וואַגאָן אַריין — זיך אויסגעדרייט צו מיר און מיר פעסט אַ זאָג געטאָן:

— האַקלאַל, ביסט אַלץ געבליבן איינגעשפּאַרט? ווילסט נישט פאָרן?!...

איך האָב געשוויגן. דער טאַטע האָט ווידער גערעדט:

— אויב האָסט כּאַראָטע און ווילסט יאָ פאָרן — זאָג! וועט באָרעך דיר געבן זיין קוישל מיט די זאַכן, ער וועט אַהיימגיין און דו וועסט פאָרן מיט מיר!...

איך האָב זיך צעקושט מיטן טאַטן און מיטן ברודער, געדריקט זייערע הענט און געבליבן שטיין אַ שווייגנדיקער ביז דער צוג איז אַוועק...

* * * * *

עטלעכע וואָכן נאָכן טאַטנס אַוועקפאָרן, האָב איך — איינמאָל אינ־דערפרי, נאָכן קומען צו דער אַרבעט — זיך דערוואוסט, אַז טויבעלע גייט אַרום מיטן סופיטן־מאָלער מענדל פעפער, און וועט בעקאָרעוו שרייבן טנאָאים מיט אים.

טכּילעס האָב איך נישט געוואָלט גלויבן די מאַיסע. אָבער אין אָוונט, באַלד נאָך דער אַרבעט, בין איך אַוועק אַף דער קופּיעצקע גאַס, וואו טויבעלע איז גע־ווינטלעך געזעסן אין פאָטערס קראָם פון מעשוואַרג, און האָב זי, ווי טאָמיד, אַ רוף געטאָן, פייפנדיק אַ געוויסע מעלאָדיע. זי איז אָבער נישט אַרויסגעקומען. האָב איך גענומען וואַרטן ביז זי וועט צומאַכן די קראָם, קעדיי צו רעדן מיט איר פּערזענלעך און הערן פון איר מויל, צי דאָס איז טאַקע עמעס. אָבער אָט האָב איך דערזען ווי מענדל פעפער איז צוגעקומען, איז אַריין אין קראָם, וואו זי, טויבעלע — מיין „עמעסע" ליבע — האָט זיך פריילעך אַ וואָרף געטאָן אין זיינע אָרעמס אַריין און מיט ליידנשאַפטלעכער פרייד אים געגענטפערט אַף זיין קוש. אַ צעווייטיקטער האָב איך זיך אָפּגערוקט פון פענצטער, זיך אַריינגערוקט אין אַן אַריינגאַנג פון אַ דערבייאיקער קראָם און פון דאָרט געזען ווי טויבעלע, מאַמעש הענגענדיק אַף יענעמס אָרעמס, האָט זיך אין פריילעכן געפּלאַפּל געלאָזט גיין מיט אים אין דער ריכטונג פון אירע עלטערנס הויז...

איך האָב זיך דערפילט ווי אויסגעפּאַטשט און אויסגעכויזעקט, נישט ווי־סנדיק וואָס צו טאָן. אַף מיינע ליפּן האָט זיך געריסן אַ קלאָלע אַף דעם מיידל וואָס האָט מיך אַזוי אָפּגענאַרט, אָבער מיין מויעך האָט מיר אונטערגעזאָגט גאָר פאַרקערט: אַז אויב איך האָב זי טאַקע בעעמעס ליב, דאַרף איך איר ווינטשן גליק און אַלדאָס גוטס, כאָטש זי האָט אַזוי געטאָן...

איך בין אַהיימגעגאַנגען מיט אַ געזונקענעם קאָפּ. מיך האָט שטאַרק געער־גערט בלויז איין זאַך: פאַרוואָס דאָס איז נישט געשען פריער, פאַרן טאַטנס אַוועקפאָרן, אַזוי אַז איך זאָל האָבן געקאָנט מיטפאָרן מיט אים...

איין טרייסט האָב איך אָבער געהאַט, וואָס איך אַרבעט שוין מער נישט ביי הילעל עפּשטיינען, איר שוואָגער. איך האָב זיך נישט געקאָנט פאָרשטעלן ווי אַזוי איך וואָלט דאָרט געקאָנט איבערטראָגן, ווען זי, טויבעלע — ווי איר שטייגער איז געווען, בעאייסן קומען צו איר שוועסטער — וואָלט זיך אַריינגעכאַפּט אין וואַרש־טאַט אַ פּלאַפּל צו טאָן מיט אונדז, באָכערים... וואָס וואָלט איך איר דען דעמאָלט געקאָנט זאָגן? ווי וואָלט איך איר גאָר געקאָנט קוקן אין די אויגן אַריין?...

איך האָב זיך געפּלייסט צו פאַרגעסן. אָפּגעמאַכט האָב איך, אַז מער וועל איך זיך שוין אין קיין מיידל נישט פאַרליבן. וואָרים אויב זי, טויבעלע, דאָס מיידל וועלכע איך האָב געהאַלטן פאַר אַזוי ערלעך און אומשולדיק — אַ מאַלעך, האָט מיר געקאָנט אַזוי אָפּטאָן, וואָס קאָן איך שוין דערוואַרטן פון אַנדערע?...

ווי אַלעמאָל אין אַ שווערן געמיט, האָב איך אויך דאַסמאָל זיך ערנסט גענומען צום לערנען, לייענען ביכער, און מיט מער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער פּראָפעסיאָנעלער אַרבעט, נישט נאָר פון מיין אייגענעם פאַך, נאָר אויך אין אָרגאַניזירן די אַרבעטער פון אַנדערע פאַכן. עס האָט אויסגעזען, אַז איך הויב אָן אינגאַנצן פאַרגעסן אין טויבעלען...

* * * * *

**די צייטונגען** האָבן געמאָלדן, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט פאָרקומען אַ ליקע־כאַמע. צו מיר אין וואַרשטאַט באַ מוישע „גנידע״, וואו איך האָב דעמאָלט געאַרבעט, זענען געקומען עטלעכע אינגלעך פון די אַרומיקע שילדן־פאַבריקן, מיט באַקאָשעס אין נאָמען פון די געזעלן דאָרט, אַז איך זאָל — ווי אַנומלטן, בעאייסן אויפשיין פון האַלעיס קאָמעט — האַלטן פאַר זיי אַ שמועס מיט דערקלערונגען וועגן דעם זעלטענעם נאַטור־וואונדער...

צום טאָג פון דער ליקע־כאַמע האָבן כעוורע זיך געמאַכט דעם מיטיקצייט־איבעררייס מיט אַ שאָ פריער ווי געוויינטלעך, און זענען אַלע — אַרום אַ צען־צוועלף — געקומען צו מיר. איך בין אַרויף מיט זיי אפן דאַך, מיטגענעמענדיק מיט זיך די פאַרקאָפּטשעטע שטיקלעך גלאָז, וואָס איך האָב געהאַט צוגעגרייט פאַר זיי, קעדיי זיי זאָלן קאָנען בעסער באַטראַכטן די פאַרטונקלטע זון.

אַרומגערינגלט פון אַלעמען — בין איך געזעסן, געקוקט דורכן שוואַרצן גלאָז און גערעדט. פּלוצים האָב איך הינטער זיך דערהערט אַ פרויען־שטימע:

— נו, און פאַר מיר וועסטו האָבן אַ פאַרקאָפּטשעט גלעזל?...

איך האָב זיך אומגעקוקט. לעבן מיר איז געשטאַנען טויבעלע. איך האָב אַזש גענומען ציטערן פון אויפרעגונג, נישט וויסנדיק וואָס איר צו זאָגן. זי האָט איבערגעכאַזערט איר ווענדונג:

— גיב מיר אַ שטיקל גלאָז. איך וויל אויך הערן דיין דערקלערונג!...

איך האָב זיך אָנגעטאָן אַ קויעך, איר געגעבן אַ שטיקל פאַרקאָפּטשעט גלאָז און גענומען פאָרזעצן מיין דערקלערונג. מיר איז אָבער מער נישט געגאַנגען. מיין געדאַנק האָט זיך געפּלאָנטערט. אַלע זענען אַוועק אומצופרידענע...

אַ בייזער אף זיך און אף טויבעלען, האָב איך — נאָך אַלעמען — זיך גענומען אַרונטערלאָזן פונעם דאַך דורך די טרעפּ, צוריק אין וואַרשטאַט אַריין. אונטן, שוין ביי דער סאַמע טיר פון מוישעס וואוינונג, האָב איך דערפילט אַ לייכטן באַריר אף מיין אַרבל. טויבעלע — ווי פון אונטער דער ערד אַרויסגעוואַקסן — האָט זיך נאָענט צוגעלענט צו מיר און שטיל אַ שעפּטשע געטאָן:

— איך וויל דיר זאָגן, אַז דעם היינטיקן שאַבעס־צו־נאַכט דאַרף זיין די

טנאָאים ביי מיר און מענדל פעפער. אָבער דו אַליין קאָנסט מאַכן, אַז עס זאָל נישט צושטאַנד קומען. אַלץ איז איצט געווענדט אין דיר...

זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט, מיך גענומען קושן, און מיט טרערן דערציילט, אַז זי איז אינגאַנצן אומשולדיק; אַז דאָס האָבן אירע עלטערן, צוזאַמען מיט איר שוואָגער הילעל עפּשטיין, זי געצוואונגען איינצוגיין אפן שידעך מיט יענעם; אַז זי האָט דערצו צוגעשטימט אָן איר האַרץ, און אַז... אויב איך בין גרייט איר מויכל צו זיין די שוואַכקייט, נעמען און ביגנייווע אַוועקפאָרן מיט איר אין אַ צווייטער שטאָט ערגעץ, דאָרט כאַסענע האָבן און צוריקקומען, שטעלנדיק איר מישפּאָכע פאַר אַ געשעענעם פאַקט, — איז זי גרייט אָט אפילע די מינוט...

איך האָב געקוקט אף איר, אף איר ליכטיק פּאָנים, און ביטער געשניטן:

— איך גאַנווע נישט! אויב דו האָסט זיך נישט געקאָנט שטעלן קעגן די דייניקע און פאַרטיידיקן דיין ליבע צו מיר, קאָן איך גאַרנישט טאָן... איך וויל נישט מען זאָל זאָגן, אַז אויב איך וואָלט נישט אָנגעווענדט קיין גנייווישע שטיק, וואָלט איך דיך קיינמאָל נישט געקאָנט קריגן...

טויבעלע האָט געהאַלטן מיין האַנט אין אירער, זי געדריקט און געגלעט, און געשוויגן. אַ וויל שפּעטער האָט זי פּלוצים צוריק אַ הייב אויף געטאָן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אף מיר מיט עפּעס אַזעלכע קאַלטע, טרוקענע אויגן, אַז איך האָב זי פּאָשעט נישט געקאָנט דערקענען. איר ליכטיק פּאָנים איז מיטאַמאָל אין מיינע אויגן געוואָרן אַלץ טונקעלער און קלענער, שוואַרצער און וויטער — עפּעס נאָר ווי אַ זון, וואָס ווערט פאַרכאַפּט אין אַ ליקוי־כאַמע. איך האָב געמורמלט:

— זאָל דיר זיין מיט מאַזל אין דיין אויסדערוויילטער צוקונפט! זאָלסט עס קיינמאָל נישט דאַרפן באַדויערן!...

זי האָט ראַפּטאָם אַ לאָז אַרויס געטאָן מיין האַנט, זיך שאַרף אַ דריי אויס געטאָן און איז מיט דריבנע אייליקע טריט אַוועק...

דעם טאָג פון אירע טנאָאים האָב איך איר צוגעשיקט אַ בוקעט בלומען, און אין דער צייטונג „מאָמענט” געלאָזט אָפּדרוקן אַזאַ באַצאָלטע באַגריסונג:

„צו דיינע טנאָאים, טויבעלע, ווינטשט דיר גליק — איך”...

* * * * *

# „מאַנאַ־ליזאַ" וויל מיך פאַרקנאַסן

מיין לעצטער באַלעבאַס — פאַר מיין אַוועקגיין אין מיליטער, וואו איך האָב דריי יאָר געדינט דעם צאַר און, שוין ביים סאַמע ערעוו אַהיימגיין, ערשט געדאַרפט גיין אין דער מילכאָמע, זיך צו שלאָגן פאַר אים, — איז געווען: מוישע „גנידע"...

„גנידע" — דעם צונאָמען, האָט ער, ווי יעדער איינער אין שילדן־פאָך, געקראָגן אָדער פון אַרעלע „הויקער", אָדער פון שאָלעם „וואַנץ", וועלכע האָבן אַלעמען געקרוינט מיט צונעמענישן. פאַרוואָס עפּעס „גנידע" — ווייס איך נישט. ער איז דאַווקע געווען דער היפּעך פון דעם וואָס „גנידע" האָט מיך זיך סוגעס־טירט. אַ הויכער, אַ גלייכער און נישט קיין מיעסער, אַ כוץ וואָס די גרויסע נאָז זיינע, וועלכע האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ היפּשער רויטער פלום. אַ וויצלער, אַ גוטמוטיקער און — אַפילע אַלס באַלעבאָס — נישט קיין שלעכטער און צוגעלאָ־זענער. איך געדענק נישט, איך זאָל אים ווען עס איז האָבן געזען אַ בייזן. ער האָט ליב געהאַט אַ הוליע צו טאָן, איבערהויפּט ווען זיין ווייב איז נישט געווען דערביי, און אויך געוואָלט — אָפּטמאָל אף זיין כעזשבן — אַז מיר, זיינע באַלמעלאָכעס, זאָלן מיטהוליען...

דערפאַר איז זי, גוטשע, אָדער „דזשאַקאָנדאַ, מאָנאַ־ליזאַ" — ווי מען האָט זי אין פאָך גערופן, מאַכמעס איר מיעסקייט — געווען אַ ביטערע און זלידנע. שאָלעם „וואַנץ" פלעגט וועגן איר זאָגן: „שוואַרץ איז זי, אַ טאַאַם האָט זי, — האָט זי אינאיינעם אַ שוואַרצן טאַאַם"... זי איז געווען אַ קליינינקע — אַ העלפט די הויך פון איר מאַן — מאַמעש אַ מייזעלע. ער, מוישע, פלעגט זיך אָפט ביטער וויצלען וועגן דעם און ציניש געכויזעקט:

— אָ, מיין ווייב, דו שפּילסט זיך מיט איר!... זי איז זייער אַ קלוגע, זי רעדט מיר טאָמיד צו דער זאַך...

פאַר איר, איבערהויפּט פאַר איר פּיסקל, האָט מען זיך געדאַרפט היטן — אַ שרעק. זי איז געווען אַ מין גאַבעטע, יעדנס פּריוואַטע געשעפטן זענען געווען ביי איר אָפן קאָפּ און יעדן איינעם האָט זי געהאַלטן אין איין געבן אייצעס, אַז די און די מיידל פּאַסט נישט פאַר אים, אַז זי האָט פאַר אים אַ בעסערן שידעך, אָדער זי פלעגט סטאַם אַריינוואַרפן שניידנדיקע ווערטלעך און שטעכלקעס אין אירע רייד אף יענעמס כעזשבן...

דערפאַר איז זי אָבער געווען אַ באַלעבאָסטע — אַ זעלטנקייט, און קאָכן־באַקן

האָט זי געקאָנט — נאָר פאַרן קייסערס טיש. אירע פאַרשידנאַרטיקע שפּייזן האָבן פאַרמאָגט דעם געשמאַקסטן טאַאַם אַף דער וועלט...

ווען איך האָב געאַרבעט ביי אָט דעם מוישע „גנידע״, איז מיר געווען וואויל ווי די וועלט. ביי אים בין איך געווען ווי אַן אייגענער, היימישער מענטש. נישט נאָר בין איך געווען דער עלטסטער געזעלן און פאַרדינט מיינע פּופּצן רובל אַ וואָך, נאָר איך האָב אויך ביי אים געגעסן און איינגעשטאַנען אַף לאָזשי, פאַר וואָס איך האָב גוטשען געצאָלט פינף רובל אַ וואָך. געשלאָפן בין איך אין דעם שפּייז־און גאַסט־צימער, אַף אַ קאַנאַפּע, וואָס זי, „דזשאַקאַנדאַ מאָנאַ־ליזאַ״, אָדער דאָס דינסט־מיידל ציפּע, האָט פאַר מיר יעדן אָוונט אויסגעבעט...

צו יענער צייט זענען מיינע עלטערן און ברידער־שוועסטער שוין געווען אין אַמעריקע און איך האָב דעריבער געדאַרפט וואוינען אין דער פרעמד. איך — ווייל איך האָב געהאַט נאָך עטוואָס מער ווי אַ יאָר צום פּריזיוו, האָב נישט געוואָלט פאָרן אויך מיט דער מאַמען, ביז איך וועל — ווי איך האָב געגלויבט — באַפרייט ווערן פון דאַרפן גיין דינען. דערצו בין איך דעמאָלט געווען פאַרליבט אין אַ מיידל, וועלכע האָט געוואוינט טאַקע אפן זעלבן הויף וואו איך האָב געאַר־בעט, און דאָס האָט געהאַט די גרעסטע ווירקונג, אַז איך זאָל נישט וועלן פאָרן...

סאַלאָמעאַ — אַזוי האָט געהייסן מיין נייע ליבע — איז געווען אַ טונקל־בלאָנדע, נישט זייער קיין הויכע, אָבער אַ שלאַנקע און צאַרטע, ווי אַ שיין געוויקס. זי האָט זיך געקליידט פּאַצעטיש, לויט דער לעצטער פּאַריזער מאָדע, אין די פיינסטע קליידלעך, לאַקירטע אָפּערע־שיכלעך מיט הויכע, גראַציעז־געפורעמטע פראַנצויזישע קנאַפּל און אין זיידענע, לייב־קאָלירטע זאָקן — קליידונג, וואָס איז געווען סיי עקזאָטיש, סיי רייצנדיק פאַר מיר, אין ווענעמס סוויווע די מיידלעך האָבן זיך אַזעלכעס נישט געקאָנט פאַרגינען. פריינט מיינע, — דער איקער טאַקע מוישע „גנידע״ און זיין ווייב — האָבן מיך געוואָרנט, אַז זי, סאַלאָמעאַ, — אַזאַ פּאַצעטקע — איז נישט פאַר מיר, אַן אַרבעטער באַכער, און אַז זי איז בלויז אויסן מיך אויסצונוצן און נעמען ביי מיר מאַטאָנעס. אָבער ווער האָט עס געהערט די דאָזיקע אייצעס און וואָרנונגען? איך בין געווען שטאַרק פאַרליבט אין איר. נאָכן דורכפאַל פון מיין ערשטער „עמעסער״ ליבע מיט טויבעלען, איז סאַלאָמעאַ געווען מאַמעש אַ באַלזאַם פאַר מיין צעבראָכן האַרץ...

זי, סאַלאָמעאַ, האָט געוואוינט צוזאַמען מיט אירע עלטערן, ברידער און אַ יונגערער שוועסטער, אפן זעלבן הויף וואו איך האָב געאַרבעט און געוואוינט. איך האָב טאַקע געוואָרפן מיין אויג אַף איר, בעאייס זי איז איינמאָל געהאַט גע־קומען מיט איר פאָטער באַקוקן און דינגען אַ דירע דאָרט אין הויף. פון יענעם מאָמענט אָן בין איך געוואָרן אומרואיק און האָב באַלד — עטלעכע טעג נאָך זייער אַריינקלייבן זיך אַהינצו — אַזוי מאַנעווורירט, אַז אירס אַ ברודער האָט מיך איינגעלאָדן אַרויף צו זיי אין שטוב אַריין...

די גאַנצע פאַמיליע אירע האָט זיך פאַרנומען מיט מאַכן קראַוואַטן. איינער

פון די ברידער, עזרע, האָט געשניטן די סכוירע און, צוזאַמען מיטן אינגערן, זיי געשטעפּט אױף די מאַשינען. סאַלאָמעאַ און איר שוועסטער האָבן פאַרענדיקט די קראַוואַטן ביי האַנט און פאַנאַנדערגעטראָגן די פאַרטיקע סכוירע צו די אָפּ־נעמער. דער פאָטער אַליין — אַ דיקלעכער מאַן פון אַ יאָר פופציק, מיט אַ גע־גאָלטער מאָרדע און מיט ריזיקע וואָנצעס, וואָס האָט אים געמאַכט אויסזען ווי אַ פּאַליאַק — האָט די קראַוואַטן געשטעמפּלט מיט גאָלד־שטעמפּלען. אין קיך באַ זיי זענען געשטאַנען אַ צאָל גאַז־איוועלעך, אויף וועלכע עס האָבן זיך געגליט די מעשענע שטעמפּלען — פאַר יעדער פירמע אַן אַנדער סטיל און אויפשריפט...

סאַלאָמעאַ האָט אָבער צו מיין ליבע געהאַט אַ קאָנקורענטקע, וועגן וועלכער נישט זי און נישט איך האָבן געהאַט דעם מינדסטן וויסן אַפילע. דאָס איז געווען ציפּע — דאָס דינסט־מיידל באַ מיינע באַלעבאַטים. טכילעס האָב איך אַפילע קיין כשאַד נישט געהאַט וועגן דעם און איך פלעג אָננעמען איר וואַרעמע באַציאונג צו מיר ווי אַ פּאַשעטע גוט־פריינטשאַפט. עס איז מיר נישט איינגעפאַלן צו טראַכטן, אַז איר זיס שמייכלען, בעאייס זי האָט מיר צוגעטראָגן דאָס עסן, האָט עפּעס אַ באַזונדערן מיין. איך האָב אויך נישט באַמערקט ווי זי פלעגט — בעאייטן צוטראָגן מיין טעלער צו מיר — קימאַט שטענדיק, ווי אומווילנדיק, זיך אַ צו נאָענטן בייג־צו טאָן צו מיר, אַזוי אַז איר הייסער אָטעם פלעגט דערביי אַ ברי טאָן מיין באַק אָדער האַלדז, צי בעאייסן צונעמען אַ טעלער אומגערן אָנרירן מיין האַנט...

זי, ציפּע, איז געווען נישט קיין מיעסע מיידל. זי איז אָבער געווען פונקט דער היפּעך פון סאַלאָמעאַן, סיי אין אויסזען און סיי אין דער האַלטונג. בעאייס יענע איז געווען אַ גלייכע, אַ שלאַנקע און געפּוצטע, איז די — כאָטש נישט ני־דעריקער פון יענער — געווען אַ דיקע, עטוואָס סוטולעוואַטע און אַן איינפאַכע. בעאייס סאַלאָמעאַ איז געווען אַ בלאַסלעכע, איידעלע און צוגעפּראַוועט מיט רוזש און ליפּן־פּאָמאַדע, האָט די געהאַט אַ נאַטירלעך רויטן קאָליר אין אירע פּולע, אָנגעבלאָזענע באַקן. סאַלאָמעאַס פינגער זענען געווען דינע און לאַנגע, אַזעלכע איידעלע און גלאַטע; ציפּעס, אָבער, זענען געווען קורצע, גראָבע, פאַרהאָרעוועטע און שאַרסקע. סאַלאָמעאַ איז געווען אַ באַלעזענע און גערעדט אַן אויסגעאיידלטן גראַמאַטיקאַלישן פּויליש, וועגן וועלכן מען האָט געשמועסט, אַז אַפילע פּאַליאַקן רעדן נישט אַזוי קאָרעקט, — האָט אָבער ציפּע נישט געקענט קיין וואָרט פּויליש און אַפילע איר אידיש איז געווען אַ פּראָווינציאַלער, אַ פאַרצויגענער... סאַלאָמעאַ איז געווען ראַפינירט און אינטעליגענט, האָט ליב געהאַט אָפּערעס, מוזיק און ביכער, אָבער ציפּע האָט נישט געהאַט קיין באַגריף וועגן די אַלע זאַכן און איר גרעסטער גייסטיקער פאַרגעניגן פלעגט זיין ווען עס זענען אַמאָל אין הויף גע־קומען קונצן־מאַכערס, אָדער אַ קאַטערינשטשיק...

ביידע אָבער, סיי סאַלאָמעאַ און סיי ציפּע, האָבן ליב געהאַט מיין שפּילן אויף דער מאַנדאָלין. אין די אָוונטן, ווען איך בין פריי געווען, האָב איך זיך אַוועק־געזעצט לעבן אָפענעם פענצטער אין עס־צימער ביי מוישען און געשפּילט. די

קלאַנגען פלעגן זיך צעגיסן איבערן שמאָלן, קאַסטן־אַרטיקן הויף, און שכיינים האָבן זיך צוגעהערט צו די לידער וואָס איך האָב געשפּילט. טיילמאָל האָב איך געזען ווי אינדערהויך, אין די פענצטער ביי די ליאַנקערס, האָבן זיך אַרויסגע־רוקט עטלעכע קעפּ, — צווישן זיי סאַלאָמעאַ — זיך צוהערנדיק צו מיין שפּילן. אָפט האָב איך אויך באַמערקט ווי ציפּע — מיט אַ האַנט אונטער דער גאָמבע — איז געשטאַנען אין דער טיר און אַ פאַרכאַלעמטע זיך צוגעהערט ביז איך האָב גע־ענדיקט דאָס ליד. דאַן איז זי צוגעקומען און מיט אָפּשיי הייזעריק אַ פרעג געטאָן:

— עפּשער ווילן זי אַ גלאָז טיי, צו דערכאַפּן דאָס האַרץ?...

זי איז געווען גליקלעך, אַז איך האָב אָנגענומען דעם קיבעד פון איר...

* * * * *

ציפּע האָט געהאַט אַ שוועסטער, עלטער פאַר איר מיט עטלעכע יאָר. יענע, דאָבע האָט זי געהייסן, — כאָטש זי האָט דאַווקע געהאַט אַ דין, גלייך פיגורל, — איז אָבער געווען אַן אומגליקלעכע אױף אַן אַנדער אופן. זי האָט געהאַט אָנגעצונדענע טראַכאָמע־אויגן, וואָס זענען געווען באַזוימט מיט רויטן און האָבן טאָמיד געטרערט. איבער דעם האָט זי נישט געקאָנט קריגן קיין שטעלע, ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט האַלטן ביי זיך אין שטוב אַ דינסט מיט אַזעלכע „זאַראַזליווע" און שרעק־אָנוואַרפנדיקע אויגן.

האָט זי זיך געמוטשעט, דאָבע; געפליקט פעדערן אין די יאַטקעס, געטאָן נאָך אַנדערע ענלעכע שטייגער אַרבעטן, אָבער אויך דאָס איז געווען נישט גענוג, אַז זי זאָל זיך קאָנען מעפאַרנעס זיין, אָדער זיך מאַכן אַ קליידל. איז זי טאַקע געגאַנגען קימאַט אין שמאַטעס. ציפּע פלעגט דעריבער אָפּט איבערלאָזן אַ לעפל געקעכץ פאַר דער שוועסטער און טיילמאָל, פון אָפּגעשפּאָרטן „לעצט־געלט", וואָס זי האָט געקראָגן פון געסט אָדער פון אונדז — באַלמעלאָכעס, געגעבן יענער אַ פאָר גילדן, אַז זי זאָל זיך קויפן אַ שוך, אַ קליידל. עס האָט אָבער קנאַפּ וואָס געהאָלפן אויפצוהייטערן זי. זי איז קעסיידער געווען אַ טרויעריקע, אַ דער־שלאָגענע און אַ שווייגנדיקע. יעדעסמאָל, ווען זי איז געקומען צו דער שוועסטער, פלעגט גוטשע, די „מאַנאַ־ליזאַ", באַדויערנדיק שאָקלען מיטן קאָפּ:

— אַ ביטער ראַכמאָנעס אױף דעם מיידל, נעבעך!...

ציפּע האָט זיך מאַשמאָעס געשעמט מיט איר און פלעגט איר אָפּט אָנזאָגן, אַז זי זאָל ווינציקער קומען. יענע איז אָבער געווען אַן עלנטע, אַן אומגליקלעכע, און איז — ווען דער עלנט אָדער דער הונגער איז זי באַפאַלן — דאַווקע יאָ געקומען אָפּצועסן און אויסצורעדן זיך ס'האַרץ פאַר דער שוועסטער.

איינמאָל, נאָכן אָפּעסן וועטשערע, ווען זי, דאָבע, איז געזעסן ביי דער שוועס־טער אין קיך און דאָרט „אָפּגעלעקט די טעלער", — האָט גוטשע פלוצים אַ זאָג געטאָן צום מאַן און צו מיר:

— עך, ווען מען קאָן דאָבען כאַסענע מאַכן...

מוישע האָט אַ לאַך געטאָן:

— כאַסענע מאַכן? גיי שוין, ווער ווייס עס נעמען אַזאַ שטיק פּאַקראַקע?...

גוטשע איז אָבער געוואָרן ערנסט:

— דער אויבערשטער האָט פאַר יעדן צוגעגרייט זיין זיווג. מיסטאָמע דרייט זיך אַרום אַף דער וועלט אַ באָכער, אָדער אַן אַלמען, וואָס...

— נו, גיי געפין אים! — האָט מוישע געכויזעקט. — איך האָב מוירע, אַז אויב עס איז ערגעץ יאָ דאָ איר זיווג, מוז ער אַוואַדע זיין נאָך אַן ערגער שטיק קאַליקע ווי זי, אַ מעשוגענער, אָדער אַ צעדרייטער...

ער האָט זיך אַזש אַ שוידער אָפּ געטאָן:

— גאָט זאָל מיך נישט שטראָפן פאַר די רייד. ווער ווייס עס גאָר קאָנען צוגיין צו אַזאַ שטיק אומגליק, סיידן...

די דאָזיקע רייד, האָט אויסגעזען, זענען געווען צופעליקע, אָן שום ערנסט און אָן באַזונדערן מיין. אָבער ביי גוטשען אין מויעך האָבן די רייד זיך איינגעגראָבן, זעט אויס, און זי האָט שוין נישט אויפגעגעבן דעם געדאַנק פון צו נעמען זיך אַרומקוקן, עפּשער וועט זי געפינען עפּעס אַ שידעך פאַר דאָבען.

זי האָט מער נישט איינגערוט, גוטשע. זי האָט גענומען רעדן מיט שכיינים, באַקענטע, גוטע פריינט. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט, געפאָרשט, און...

אַ פּאָר וואָכן נאָך דעם שמועס, האָט גוטשע, בעאייסן עסן, איבערגעגעבן, אַז זי האָט געפונען אַ כאָסן פאַר דאָבען און אַז זי גרייט שוין צו אַ זעאונג:

— און אויב זיי וועלן זיך איינס דאָס אַנדערע געפעלן, — האָט זי פריידיק אַ זאָג געטאָן, — וועלן מיר, מיט גאָטס הילף, איינגיכן האָבן אַ כאַסענע...

— אַלעוואַי! — האָט מוישע אַ צי געטאָן מיט די אַקסלען און אומגלויבלעך געזאָגט, — פון דיין מויל אין גאָטס הויזן!... ווער איז די צאַצקע?...

— וועסט שוין זען דאָס גרייטע! — האָט זי ברויגעז געענטפערט.

מיט עטלעכע אָוונטן שפּעטער איז פאָרגעקומען די זעאונג. דאָבע — נישט ווייסנדיק וועגן גאָר — איז, ווי אַלעמאָל, געזעסן ביי איר שוועסטער אין קיך און געטרונקען טיי מיט ברויט. איך בין געזעסן און געשפּילט אַף דער מאַנדאָלין. מוישע איז אַוועקגעגאַנגען ברענגען דעם באָכער. עס האָט געדאַרפט הייסן, אַז ער האָט אים צופעליק געבראַכט, קעדיי צו שענקען אים זיינס אַ געטראָגן רעקל. „מאַנאַ־ליזאַ״ האָט מאַמעש געשיינט אין אַ וויסער בלוזקע, וואָס האָט נאָך מער אונטערגעשטראָכן איר שוואַרצקייט. מיר האָבן אומגעדולדיק געוואַרט.

ענדלעך איז מוישע אָנגעקומען און געפירט מיט זיך איינעם, עפּעס אַן עלטערן באָכער, וואָס אפן ערשטן קוק האָט מען געקאָנט זען אַף אים, אַז ער איז נישט איבערגעשפּיצט. אין געגנט איז ער געווען באַקענט קימאַט אַלעמען. ער פלעגט אַרומגיין איבער דער דזשיקע און אַרומיקע גאַסן, מיט אַ פלאַך אָפן קעסטעלע אָנגעהאַנגען פונעם קאַרק מיט אַ רימענדל, און אין וועלכן עס זענען געלעגן עטלעכע שאַכטלעך שוועבעלעך. האַלטנדיק אין די הענט צו צוויי שאַכטלעך, איז ער אַרומגעגאַנגען און אויסגעזונגען מיט אַ ספּעציעלן ניגון:

— צוואַי פאַר אַ דראַיאַ — לאַפּשן זאַפּלקעס, צוואַי — דראַ גראַשן, צוואַי — דראַ גראַשן... לאַפּשן זאַפּלקעס, לאַפּשן זאַפּלקעס!...

וויפל שוועבעלעך ער פלעגט פאַרקויפן דורכן טאָג און וויפל ער האָט עס געקאָנט פאַרדינען דערביי, — האָט קיינער נישט געוואוסט. געשמועסט האָט מען אָבער, אַז סיי צוליב זיין אָרעמען, אומגליקלעכן אויסזען און סיי דערפאַר וואָס שוועבעלעך האָבען אין קראָם געקאָסט צו צוויי גראַשן אַ שאַכטל, — האָבן פיל פאַרבייגייער און באַלעבאָסטעס געקויפט ביי אים די שוועבעלעך.

סיי ווי סיי, דער שידעך, זעט אויס, איז טאַקע געווען אַ זיווּג מין האַשאָמאַיִם. דער באָכער און דאָס מיידל זענען זיך געפעלן און גוטשע האָט טאַקע גלייך אפּן פּלאַץ באַשלאָסן צו פראַוון די כאַסענע אין אַ פּאָר וואָכן אַרום...

ביי אידן איז אַלעמאָל געווען אַ שטאַרקער געפיל צו האַכנאָסעס־קאַלע און מען פלעגט נישט דערלאָזען קיין אידיש מיידל פאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ. אָבער דאָסמאָל האָט מען מאָמעש געאַרבעט מאַיסים. אַלע האָבען זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט צו פראַוון אַ שיינע כאַסענע קעדאָס ווערעדין...

מוישע, גוטשע, מיר — די אַרבעטער און לערן־אינגלעך, די שכיינים פון הויז, קרעמער פון אַרום, מוישעס און גוטשעס פריינט און קרוויוים, — אַלע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צו גרייטן די כאַסענע, מען האָט גענומען ביישטייערונגען, סיי אין געלט סיי אין כאַפייצים, ביי באַקענטע און פריינט. באַ יעדן סויכער, פאַר וועמען מיר האָבן געמאַכט שילדן, האָבן מיר צונויפגענומען פאַרשידענע זאַכן, אָדער באַרע געלט, און דאָס אַלץ אַוועקגעלייגט באַ מוישען אין הויז, אונטער גוטשעס האַשגאָכע. אין אַ פּאָר וואָכן האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום אַ הונדערט רובל, אַ כוץ קליידער, הויז־מאַכשירים און אַפילע מעבל. עס איז קלאָר געווען, אַז מיר וועלן האָבן אַ שיינע, דערפאָלגרייכע כאַסענע...

* * * * *

נאָך פון דאַנערשטיק נאָכמיטיק אָן, צוויי טעג פאַר דער כאַסענע, איז גוטשע, די „מאַנאַ־ליזאַ", געווען פאַרפאַרעט מיט צוגרייטן צו דער כאַסענע, וואָס איז געווען באַשטימט אף שאַבעס־צו־נאַכט, טאַקע ביי איר אין הויז. זי האָט געבאַקן לעקעכער, שטרודלען און קיכלעך (און זי האָט געקענט באַקן!). ציפּע האָט קאָשער געמאַכט די דריי הינער און דאָס פליישׁ, וואָס מען האָט געקראָגן בייגעשטייערט פון די שכיינישע יאַטקעס. מוישע „גנידע" האָט צוגעפּראַוועט און איבערגעגאָסן די בראָנפנס אין שיינע, קאָלירטע קאַראַפקעס אַריין, סיי אייגענע און סיי געליענע באַ שכיינים. די לערן־אינגלעך האָבן געוואַשן די טעלער און געשייערט די לעפל־מעסער־גאָפּל, וואָס מען האָט צוזאַמענגעבראַכט פון וואו מען האָט נאָר געקאָנט. שאַבעס, גלייך נאָכן עסן, האָט מוישע, מיט מיין הילף, צוגע־נומען דעם גרויסן, דעמבענעם עס־טיש, אַז עס זאָל זיין פּלאַץ פאַר די געסט, און אין וואַרשטאַט־צימער צוגעגרייט עטלעכע שילדן אף קאָזלעס, אַוועקצושטעלן די דערוואַרטע מאַטאָנעס — דראַשע־געשאַנק, און שפּעטער פאַרן מאָלצייט...

באַלד נאָך האַוודאָלע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען געסט צו דער כאַסענע — עטלעכע ווייטע קרויווים פון קאַלעס צאַד און כאַסנס צאַד, מוישעס און גוטשעס נאָענטע מישפּאָכע און אויך שכיינים. די טישן אין וואַרשטאַט־צימער זענען געוואָרן באַלייגט מיט פּרעזענטן, וואָס יעדער גאַסט האָט מיטגעבראַכט.

מוישע האָט זיך אַרומגעפּאָרעט, געגעבן באַפעלן די דריי קלעזמאָרים, וואָס ער האָט געהאַט געקראָגן, ווען און וואָס צו שפּילן; אָנגעזאָגט דער מאַרשעליק, ווען און ווי אַזוי אויפצורופן, און אָנגעוויזן יעדן נייעם גאַסט וואו זיך צו זעצן. בעאייס דער כופּע, וואָס איז געשטעלט געוואָרן אין דרויסן, האָבן אַלע שכיינים — לויט מוישעס פאַרלאַנג פון פריער — צוגעטראָגן לאָמפּן און לעכט אין די געעפנטע פענצטער, און אַזויאַרום באַלעבט און באַלויכטן דעם הויף. מוישע אַליין האָט מעסאַדער־קידושין געווען, געזונגען, געמאַכט אַלעמען צו זינגען און ביכלאַל מעסאַמייעך געווען כאָסן־קאַלע...

גוטשע, אַן אויסגעפּוצטע, האָט אַרומגעהאַוועט ווי אַ מעכוטענעסטע, וואָס מאַכט כאַסענע איר אייגענע מעזינקע. זי האָט געטאַנצט מיט כאָסן־קאַלע דאָס מיצווע־טענצל, און געשלעפּט צום טאַנצן ציפּען, וועלכע איז געווען ווי אַ פאַר־לוירענע און די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין וויינען...

נאָכן מאָלצייט מיט דער גילדענער יויך, האָבן די קלעזמאָרים אויפגע־שפּילט אַ פריילעכן „וויוואַט" און אַ „דאָבראַ־נאָץ". מען האָט דעם פּאָרל גע־וואונטשן מאַזל־טאָוו און זיי אַוועקגעפירט אין זייער אייגענער דירע — אַ פּאַציאַטקע, וואָס איז נאָך פון פריער געדונגען און צוגעגרייט געוואָרן...

די כאַסענע איז געווען געענדיקט...

עס איז שוין געווען ווייט נאָך האַלבער נאַכט ווען דער אוילעם איז זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען. איך און מוישע האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום אויפרוימען, אַראָפּגענומען די פאַרבליבענע זאַכן פונעם טיש און אַריינגעטראָגן דאָס געפּעס אין קיך אַריין. גוטשע — אַן אויסגעמידטע פון די עטלעכע טעג אָנגעשטרענגטער אַרבעט — איז אַוועקגעפאַלן אַן אויסגעשעפּטע אין איר שלאָף־צימער.

מוישע האָט אַפילע געהייסן ציפּען, זי זאָל איבערלאָזן דאָס געפּעס־וואַשן אַף מאָרגן, אָבער זי האָט נישט געפאָלגט. און כאָטש זי אַליין איז מאַשמאָעס אויך געווען זייער מיד, האָט זי פונדעסטוועגן זיך אַף גיך איבערגעטאָן און זיך אַוועק־געשטעלט וואַשן דאָס געפּעס...

איך אַליין — אויך זייער אַ מידער — האָב זיך אַוועקגעלייגט שלאָפן אַף מיין פּלאַץ, אַף דער קאַנאַפּע, כאָטש זי איז נישט געווען אויסגעבעט. איך האָב בלויז אַ נעם געטאָן פון שלאָף־צימער מיין קישן מיט דער קאָלדרע, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער און די שיך און זיך אַוועקגעלייגט.

שלאָפן האָב איך אָבער ניט געקאָנט. מיינע געדאַנקען זענען געווען פאַר־נומען מיט סאַלאָמעאַן. מיך האָט שטאַרק געקרענקט, וואָס זי האָט מיר נישט געוואָלט צוליב טאָן און אַריינקומען צו דער כאַסענע, צו העלפן מעסאַמייעך זיין

די אָרעמע כאַסן־קאַלע און, דערביי, טאַקע מיר געבן די געלעגנהייט זיך צו שטעלן אין פּאַסאַן מיט מיין מיידל און זי פאַרשטעלן פאַר די געסט. עס האָט מיר ווי געטאָן איר קאַלטער, גרויסהאַלטערישער ענטפער, אַז זי גייט נישט אין קיין פּלעצער וואָס זענען נישט איר גלייכן... איך האָב אין אָט דעם זאָג אירן געפילט אַן אָנצוהערעניש, אַז אויך איך בין נישט איר גלייכן... איך האָב אין מיין געדאַנק איבערגעכאַזערט די עטלעכע ווערטער, זיי געוואויגן און געמאָסטן, אָבער בעשום אויפן נישט געקאָנט באַשליסן אַף זיכער וואָס זי האָט געמיינט...

אין דעם, ליגנדיק אַזוי פאַרטראַכט אין מיינע מאַכשאָוועס, האָב איך מיט־אַמאָל פונוויטן, ווי פון פערטן שטאָק וואו סאַלאָמעאַ האָט געוואוינט, דערהערט אויסרופן מיין נאָמען. איך האָב זיך — אַ פּאַראַינטריגירטער — אויפגעזעצט און פאַרכידעשט זיך איינגעהערט. געטראַכט האָב איך, אַז עס האָט זיך מיר אָוואַרע געמוזט אויסדאַכטן, ווייל עס איז דאָך פאַשעט פיזיש אוממעגלעך צו קאָנען הערן פון אַזאַ ווייטער הויך ווי פון סאַלאָמעאַס וואוינונג...

איך האָב זיך שוין געוואָלט צוריקלייגן און זיך ווידער איבערדעקן מיט דער קאָלדרע, ווי עס האָט זיך ווידעראַמאָל דערהערט מיין נאָמען. דאָסמאָל, אָבער, האָב איך זיך שוין געכאַפּט, אַז דער רוף איז גאָר געקומען פון קיך און אַז די שטימע — כאָטש אַ צאַרטע און פאַרבענקטע — איז גאָר ציפּעס...

דאָס האָט זיך איבערגעכאַזערט עטלעכע מאָל, און יעדעסמאָל אַלץ טיפער און צעוויטיקטער — עפּעס אַזוי ווי פון איינעם וואָס רופט נאָך הילף. איך האָב זיך דערשראָקן און אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּשער איז ציפּען דאָרט, אין קיך, שלעכט געוואָרן און זי רופט דאָס מיך צו הילף...

איך האָב זיך אָבער געפוילט אָנצוטאָן, און אַריינצוגיין אַזוי, אין דער אונטערוועש, האָב איך אויך נישט געוואָלט. האָב איך דעריבער געוואָרט, עפּשער וועט דאָס רופן פאַרט אויפהערן. אָבער אָנשטאָט דעם האָט זיך באַלד צו מיר אַ דערטראָג געטאָן ציפּעס צעפּייניקטער רוף, און איך — נישט וואָרטנדיק מער און נישט טראַכטנדיק שוין וועגן שעמען זיך — בין, אַזוי ווי איך בין געווען, אין דער אונטערוועש, אַריינגעגאַנגען אין קיך, צו ציפּען...

עס איז געווען פינצטער. בלויז אַ לייכטע בלאַסקייט — אַן אָפּשפּיגלונג פון דער ווייטער לעוואָנע אין אַן אַנטקעגנאיבערדיקן פענצטער — האָט פאַרצויגן דאָס צימער מיט אַ גרויער שיין. ציפּע, האָב איך געזען, איז געלעגן אין בעט, אָבער די קאָלדרע איז געווען אַף איר בלויז אַרום אַ העלפט צוגעדעקט, און דאָס טיף־אויסגעשניטענע העמדל אַף איר — לויז נאָכגעלאָזט. ערשט איצט האָב איך פלוצים דערזען, אַז זי, ציפּע, פאַרמאָגט אַזעלכע שיינע, פאַרשפּיציקטע בריסטן, וואָס האָבן זיך שטייף געטורעמט אַרויפצו מיט זייערע ברוינע וואַרצע־לעך... איך האָב מיטאַמאָל דערשפּירט דעם שאַרפן קישעפדיקן פרויען־רייעך, וואָס האָט זיך געטראָגן פון איר פולבלעכן קערפּער, און וועלכער האָט געצויגן און געמאַניעט צו זיך...

איך האָב דערפילט ווי אַ מין שיקרעס און אַזש אָנגעהויבן ציטערן. אָבער איך האָב זיך גלייך באַהערשט און צאַרט אַ פרעג געטאָן:

— זי האָבן מיך גערופן, ציפּע?...

— יאָ, — האָט זי קורץ, מיט אַ מאָדנע הייזעריקייט, אָפּגעענטפערט.

— וואָס האָבן זי געוואָלט? — האָב איך, אַוועקקוקנדיק, ווייטער געפרעגט.

— איך... ע... האָב מוירע, — האָט זי געענטפערט, — שטאַרק מוירע...

— וואָס־זשע ווילן זי פון מיר?! — האָב איך מיט פאַרוואורף געזאָגט.

— איך שעם זיך, — האָט זי שטיל געזאָגט, אַראָפּלאָזנדיק די וויעס. — אָבער איך וויל אין בעטן, זי זאָלן זיך אַוועקזעצן דאָ, אפן ברעג בעט, ביז איך וועל אַנשלאָפן ווערן...

איך האָב נאָכגעטראַכט אַ ווייל, צי איך זאָל עס טאָן, און באַשלאָסן, אַז קיין בייז איז נישטאָ אין דעם. איך האָב זיך צוגעזעצט...

פלוצים האָט זי מיט איר הייסער האַנט אַ נעם אָן געטאָן מיינע, זי צוגעטראָגן צו איר ברוסט און שטאַרק צוגעדריקט:

— זי הערן ווי מיין האַרץ קלאַפּט פון שרעק? — האָט זי הייזעריקלעך געשעפּטשעט, האַלטנדיק פאַרמאַכט די אויגן, — איך האָב אַזוי מוירע...

מיטאַמאָל, אָפּזאָגנדיק דאָס, האָט זי זיך גענומען אָפּרוקן צו דער וואַנט...

איך האָב זיך געוואָלט אַ הייב אויף טאָן, אָבער זי האָט מיך שטאַרק צוגעהאַלטן ביי דער האַנט און מיר פאַרגעוואָרפן:

— זי ווילן שוין גיין און מיך איבערלאָזן דאָ אַליין?... איך האָב דאָך אַזוי שטאַרק מוירע, אַזוי שטאַרק מוירע...

— איך קאָן דערצו גאָרנישט העלפן! — האָב איך בייזלעך אַ זאָג געטאָן און געפרעגט, — וואָס ווילן זי פון מיר?...

— איך וויל... — האָט זי גענומען שטאַמלען מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן און באַלד אף גיך ווי אויסגעשאָסן, — איך וויל זי זאָלן מיר אַ קוש טאָן!...

איך האָב זיך, וואָס אַן עמעס, אַ בייג צו געטאָן און שוין געוועזן נאָענט מיט מיינע ליפּן צו אירע. איך האָב זיך אָבער גלייך באַהערשט און זיך גענומען אַוועק־רייסן פון איר. אין דעם מאָמענט האָב איך זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז עפּעס איז די גאַנצע מאַיסע דאָ זייער מאָדנע. מיר איז שטאַרק פאַרדעכטיק געוואָרן, וואָס זי, ציפּע, אַזאַ צנועסדיק, אומשולדיק מיידל, זאָל אַזוי האַנדלען...

מיט האַסטיקע טריט בין איך צוריק אַוועק צו זיך אין צימער און זיך אַוועק־געלייגט אף דער קאַנאַפּע. נאָך עטלעכע מאָל האָב איך געהערט ציפּען אויסרופן מיין נאָמען, אָבער איך האָב שוין מער נישט געוואָלט אַריינגיין צו איר. איך האָב פאַשעט מוירע געקראָגן פאַר איר. איך האָב דעריבער אַריבערגעצויגן די קאָלדרע איבערן קאָפּ און בין אַנשלאָפן געוואָרן...

אינדערפרי — ס׳איז געווען זונטיק — האָב איך זיך, ווי געוויינטלעך, גע־שטעלט אַרבעטן. אַז עס איז געקומען די צייט צו טרינקען קאַווע, איז מיר גלייך

געוואָרן קאַשע, וואָס נישט ציפּע — ווי טאָמיד — האָט מיך גערופן עסן אָנבייסן, נאָר גאָר מוישע אַליין. איך האָב זיך אָבער געמאַכט נישט־וויסנדיק און בין אַריין אין עס־צימער.

„דזשאַקאָנדאַ, מאָנאַ־ליזאַ" האָט מיר צוגערוקט אַ טעלער מיט זעמל, פּוטער, קעז און אָנגעגאָסן אַ גלאָז קאַווע. בעאייס דעם האָט זי עפּעס אַזוי מאָדנע זייטיק געקוקט אַף מיר מיט אירע שוואַרצע, פאַרשערישע אויגן, אָבער גאָרנישט געזאָגט.

מיטיקצייט — ווידער דאָס זעלביקע. איך בין געזעסן ביים טיש, געגעסן און געטראַכט, פאַרוואָס ציפּע דערלאַנגט נישט דאָס עסן, ווי אַלעמאָל, נאָר גוטשע. איך האָב דערפילט אַ פּיינלעכע שווערקייט איבער זיך, ווי געהיטן פון טויזנטער אויגן. איך האָב מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן און אַ פרעג געטאָן:

— וואָס איז דאָ עפּעס היינט? פאַרוואָס אַזאַ שווייגעניש?...

גוטשע האָט שפּאַטיש מיך אָנגעקוקט און אַ זאָג געטאָן צום מאַן:

— זע נאָר, מוישע, דאָס כאַמיקל! ער פרעגט נאָך, דער צאַדיק...

איך האָב נישט געוואָלט אַריינגיין אין קיין איבעררייד און געשוויגן. אָבער איר שטעכעלירן איז מיר אַריין אין דער נאָז. שפּעטער, שוין אין וואַרשטאַט, האָב איך זיך אַ ווענד געטאָן צו מוישען:

— וואָס איז דאָ געשען? — האָב איך אים שאַרף געפרעגט. — עפּעס שטעכע־לירט מיך גוטשע מיט צאַדיקל, כומיקל; ציפּע איז נישטאָ. וואָס איז עס?...

— ווילסט מיר זאָגן, אַז דו ווייסט טאַקע ניט? — האָט מוישע אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגן אַף מיר און ערנסט געענטפערט מיט אַ פראַגע, — וואָס איז, ביסט עפּשער אַ נאַכט־וואַנדלער און האָסט עס געטאָן אין שלאָף?...

איך בין געוואָרן אומגעדולדיק:

— וואָס דרייט איר אַ קאָפּ פון דער זייט? — האָב איך ברויגעז פאַרגעוואָרפן.

— איר האָט עפּעס צו זאָגן — זאָגט! אין וואָס ווער איך באַשולדיקט?...

— ביסט היינטיקע נאַכט געווען אין קיך? — האָט ער שוין דירעקט מיך אַ פרעג געטאָן.

— געווען. — האָב איך געענטפערט. — וואָס איז דען אויב יאָ? איך בין אויך נעכטן געווען, אייערנעכטן, און וועל, אַזוי האָף איך, זיין אויך מאָרגן און איבער־מאָרגן... רעדט קלאָרע דיבורים. וואָס איז?...

— אוי! — האָט זיך מוישע אַ כאַפּ געטאָן, — עפּשער ביסטו טאַקע אַ נאַכט וואַנדלער און ווייסט אַפילע נישט וואָס דו האָסט געטאָן, אָדער געוואָלט טאָן...

— וואָס האָב איך געוואָלט טאָן? — בין איך שוין רעכט בייז געווען.

— האָסט געוואָלט קריכן צו ציפּען, האַ? געוואָלט זי קושן, נאָר זי האָט דיך נישט געלאָזט, אַ יאָ?

מיך האָט שטאַרק אַ ברי געטאָן און איך האָב גענומען ביטער לאַכן:

— אָ, אַזוי איז די מאַיסע! — האָב איך געזאָגט, — איצט ווייס איך שוין: איך וויל זי — נישט... נו, מיילע, אַבי בלויז געוואָלט...

— הערסט דאָך, — האָט מוישע שוין גענומען רעדן גאַנץ אָפן, — זי איז גאַנץ פרי אַריין מיט אַ געוויין צו גוטשען און איר אַלץ דערציילט...

— אַזאַ קור...! — האָב איך אַ שריי אויס געטאָן, אָבער איבערגעהאַקט אין מיטן וואָרט. — דאָס איז דאָך...

איך האָב מוישען דערציילט וואָס און ווי אַזוי אַלץ איז פאָרגעקומען, און ער — כאָטש עס איז קלאָר געווען, אַז ער גלויבט מיר נישט — האָט זיך גענומען קראַצן אין קאַרק, ווי נאַכטראַכטנדיק, און ענדלעך אַ זאָג געטאָן:

— ווערדליך דו דערציילסט — ביסטו גערעכט! ווערדליך זי דערציילט — ביסטו אַ פּאַסקודניאַק! וועמען זשע גלויבט מען דאַ פאַרט?...

— גלויבט קיינעם נישט! — האָב איך געזאָגט, — פאַרשט עס אויס...

מוישע האָט זיך פאַרטראַכט און מיר צוגעזאָגט נאָכצופאָרשן דעם גאַנצן איניען. מיט עטלעכע טעג שפּעטער, בעאייס מיר זענען — ווי געוויינטלעך, נאָכן אָפּטראָגן און אויפהענגען אַ שילד — אַריין אין אַ רעסטאָראַן כאַפּן אַ שנעפּסל, האָט מוישע זיך צוגעבויגן צו מיר, מיך באַשוואוירן איך זאָל קיינעם נישט וואָגן אויסצוזאָגן און האָט מיר פאַרטרויט:

— ס'איז געווען איר קאָפּ, גוטשעס. זי האָט גענומען צו ערנסט איר ראָלע אַלס שאַדכנטע, און געוואָלט דורכפירן אַ שידעך צווישן דיר און ציפּען. נאָר ווייל זי האָט געוואוסט, אַז דו ביסט פאַרליבט אין סאַלטשען און עס וועט זיין שווער דיך אָפּצורעדן פון איר, — האָט זי פאַרטראַכט די אַלטע ווייבערשע קונץ און דיך אַזויאַרום געוואָלט צו קוואורע פירן...

און, דערלאַנגענדיק מיר זיין האַנט, צוגעגעבן:

— איך מוז דיר זאָגן, ברודער, אַז דו ביסט אַ „מאַלאַדיעץ", וואָס דו האָסט געקאָנט ביישטיין דעם ניסאָיען. איך — אָף דיין פּלאַץ, זעסטו, וואָלט שוין זיכער געווען אַ באַגראַבענער...

ער האָט זיך ברייט צעלאַכט און געהייסן געבן צו נאָך גלעזלעך בראָנפן...

* * * * *

אַ טעווע האָב איך געהאַט, אַז טאָמיד ווען איך בין איבער עפּעס געווען שטאַרק פאַרביטערט אָדער צעווייטיקט, האָב איך זיך אַריינגעוואָרפן אין אַרבעט. צי דאָס איז געווען דורך נעמען זיך שרייבן עפּעס אַ זאַך, אָדער דורך אַקטיוויטעט אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, — אַבי צו פאַרטרייבן די געדריקטקייט פון זיך. דאָסמאָל האָב איך נישט געדאַרפט זוכן מיט וואָס זיך צו פאַרגעסן. עס איז גראָד געווען וואָס צו טאָן.

אין וואַרשע האָט מען זיך געהאַלטן אין גרייטן צו דער וואַל־קאַמפּאַניע פאַר דעפּוטאַטן צו דער פערטער דומע. די צאַרישע רעגירונג — קעדיי צו מאַכן ענג פאַרן פאָלק, דער איקער די מינאָריטעטן, אַז זיי זאָלן נישט קאָנען דערוויילן צופיל פון זייערע מענטשן — האָט איינגעטיילט וואַרשע אָף צוויי וואַל־דיסטריקטן, מיטן רעכט פאַר צוויי דעפּוטאַטן. די רוסישע קאָלאָניע, וועלכע איז געווען אַ

גאָר קליינער פּראָצענט אין וואַרשע, האָט געקראָגן דאָס רעכט צו שיקן איין דעפּוטאַט, און די פּאָליאַקן — צוזאַמען מיט די אידן — וואָס זענען געווען די גרעסטע צאָל אין שטאָט, אויך בלויז אָן איינציקן דעפּוטאַט...

די דאָזיקע איינטיילונג האָט אַרויסגערופן גרויס אומצופרידנקייט און פאַר־ביטערטקייט ביי דער באַפעלקערונג און געשאַפן שאַרפע קאַמפן צווישן די פאַר־שידענע קעגנגעזעצטע פּאָליטישע גרופּירונגען. איינע — די „נאַראָדאָווע־דעמאָק־ראַטן" — אָן אולטראַ־נאַציאָנאַליסטיש־אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי — איז באַשטאַנען אַרויסצושטעלן אַלס פּאַרטרעטער פון וואַרשע די קאַנדידאַטור פון איר פירער, דעם ווילדן אַנטיסעמיט ראָמאַן דמאָווסקי, זיך איינגאַנצן נישט רעכענענדיק מיט די אידן, וואָס זענען געווען די גרעסטע צאָל וואַל־באַרעכטיקטע אין וואַרשע. עס האָבן נישט געהאָלפן די טאַענות פון מיצאַד די אידישע פּאַרטייען, אַז ווייל עס איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט פאַר בלויז אָן איינציקן דעפּוטאַט פון שטאָט, זאָל דער קאַנדידאַט זיין אָננעמבאַר פאַר אַלעמען. יענע זענען באַשטאַנען אויף זייערס, אַז וואַרשע איז פּוילן, און פּאָליאַקן וועלן אַרויסשטעלן דעם וואָס זיי ווילן...

די אַנדערע טייל פּאָליאַקן — אַ מין פאַראייניקטער פראָנט פון אַלע פּראָגרע־סיווע און אַרבעטער־גרופּעס — האָבן אַרויסגעשטעלט די קאַנדידאַטור פון טאַמאַש יאַגעלאָ — אַ מיטגליד פון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, „פּע־פּע־עס", וועלכער האָט אַגעוו אָפּגעשטאַמט פון אַמאָליקן פּוילישן קעניג יאַגעלאָ...

און פּונקט ווי די „נאַראָדאָווצעס" ביי די פּאָליאַקן, אַזוי האָבן זיך צווישן אידן געפונען עקסטרעמע נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע גרופּעס, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז נישקשה, וואַרשע איז פּונקט אַזוי אידיש ווי פּויליש, אויב טאַקע נישט מער אידיש, ווייל די אידן זענען דאָך פאַרט די מאַיאָריטעט וואַל־באַרעכטיקטע איינוואוינער פון וואַרשע. זיי האָבן געהאַלטן, אַז אידן דאַרפן זיך נישט רעכענען מיט סענטימענטן ביי די פּאָליאַקן, נאָר אַרויסשטעלן אָן אייגענעם קאַנדידאַט, — אַ איד, וועמען מען וועט זיכער קאָנען דערוויילן, צי עס וועט די פּאָליאַקן יאָ זיין געפעלן, אָדער נישט...

אָבער די מאַיאָריטעט אידישע מענטשן פון שטאָט — קימאַט אַלע פּאַרטייען, אָנגעהויבן פון אַלגעמיינע ציאָניסטן ביז די בונדיסטן — האָבן באַשלאָסן צו שטיצן יאַגעלאָן. מען האָט געהאַלטן, אַז עס איז בעסער אַ סאָציאַליסט, איידער צו דערלאָזן אַזאַ אַנטיסעמיט ווי דמאָווסקי זאָל דערוויילט ווערן...

מיר, אַ גרופּע יונגע באָכערים, סיי נאַציאָנאַל־געשטימטע און סיי די וואָס מיט רעוואָלוציאָנערע נייגונגען, האָבן זיך אַ נעם געטאָן צום אויפקלערן די פּאַשעטע אידישע מאַסן, אַז זיי זאָלן זיך נישט לאָזן פאַרפירן פון די „נאַראָדאָוו־צעס" און זייער טאַענע, אַז מיט שטיצן יאַגעלאָן וועט באַוויזן ווערן, אַז די אידן זענען סאָנים פון פּוילן, און מען וועט זיך דערפאַר מיט זיי אָפּרעכענען. באַלאָדן מיט פלוג־בלעטלעך און ציַיטונגען זענען מיר געגאַנגען פון הויף צו הויף, גערעדט, אַגיטירט און גערופן די אידן צו שטיצן יאַגעלאָן.

איינמאָל, אַזוי אַרומגייענדיק איבער די הייף, האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די אָרטאָדאָקסן קלייבן זיך צו פאַראַטן דעם פאַראייניקטן פראָנט, האַלטנדיק, אַז מען טאָר זיך נישט איינרייסן מיט די „נאַראָדאָווצעס" און מען דאַרף שטיצן זייער קאַנדידאַט ראָמאַן דמאָווסקי, כאָטש ער איז אַזאַ אַנטיסעמיט. מיר האָבן געהערט, אַז אַ פאַרטרעטער פון די אָרטאָדאָקסן זיצט טאַקע איצט אין ראַטהויז מיט פאַרטרעטער פון די „נאַראָדאָווצעס", צו באַשמועסן און פאַרהאַנדלען מיט זיי וועגן אַרויסקומען מיט אַקטיווער שטיצע פאַר זייער קאַנדידאַט...

אויפגעצאַרנטע, צעוויטיקטע, האָבן מיר זיך אַ לאָז געטאָן צום ראַטהויז, וואו די קאָנפערענץ איז אָנגעגאַנגען, און זיך געשטעלט וואַרטן אַף דעם אידישן פאַרטרעטער. מיר האָבן נישט געדאַרפט לאַנג וואַרטן. יענער, אַ באַוואוסטער גוויר פון וואַרשע און פירער ביי די אָרטאָדאָקסן — אויב איך האָב קיין טאָעס נישט, איז דאָס געווען יעכעזקל פאַרבשטיין — איז אַרויסגעקומען אַ פאַרשוויצטער, אין געאייל זיך אַ לאָז געטאָן צום טעאַטער־פּלאַץ אַנטקעגן, און גענומען אויפזעצן זיך אַף אַ צוגעפאָרענעם טראַמוואַי. מיר — איך, צוזאַמען מיט נאָך אַ דריי־פיר יאַטן — האָבן זיך אויך אַ שפּאַר אַרויף געטאָן אַפן טראַמוואַי און, אין דעם געדרענג אַף די טרעפּלעך, יענעם אָפּגעשלאָגן די זייטן. איינער פון אונדז האָט מיט אַ גוט־געצילטן שטיין אים אַ זעץ געטאָן אין אַן אויג אַריין, פון וואָס יענער איז בלינד געוואָרן אפן גאַנצן לעבן...

דערווייל איז טאַקע געוואָרן דער אַנטיסעמיט ראָמאַן דמאָווסקי, אָבער די „נאַראָדאָווצעס", אין זייער ווילדן כוליגאַנישן האַס, האָבן סיי ווי סיי דערקלערט אַ בלוטיקן באָיקאָט קעגן די אידן. זיי האָבן אַוועקגעשטעלט וועכטער ביי אידישע קראָמען אין וואַרשע, און געשלאָגן, געמיימעסט יעדן פוילישן מענטש, וואָס האָט געוואָגט אַריינצוגיין אין אַ אידיש געשעפט עפּעס קויפן...

עס האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע צייטן פאַר די אידן אין פוילן...



דער מעכאַבער אַלס סאָלדאַט



דער מעכאַבער אפן פראָנט

צום קאַפּיטל: „איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער", זייט 295.

# איך פאָר צום פּריזיוו

מיין האָפענונג, זיך צו באַפרייען פון דאַרפן גיין דינען „פאָניען“, האָט געפּלאַצט. דער „סאָלטיס“ פון דער גמינע, וואו איך בין געווען צוגעשריבן, — אַן אַלטער פויער מיט אַ געשווירענער באַרשט־באָרד און אין אַ שאָפּן־פּעלצל, — האָט טאַקע בײַ מיר צוגענומען די 25 רובל, מיטן צוזאָג צו אַרבעטן אַז מען זאָל מיך נישט צונעמען, אָבער האָט גאָרנישט אויפגעטאָן. דער מיליטערישער דאָקטער, וועלכער האָט דורכן זעלבן „סאָלטיס“ אָנגענומען הונדערט רובל, פאַרזיכערנדיק מיך צו באַפרייען, — האָט אַפילע יאָ געשטימט דערפאַר, אָבער דער צווייטער — אַ ציווילער אידישער דאָקטער, וואָס איז צוגעזעצט געוואָרן צו דער „פּריסוסטווע“, — האָט אַרגומענטירט, אַז איך וועל קאָנען דינען אין דער „ניעסטראָיעוואָי־קאָמאַנדע“, נישט געקוקט וואָס דער מיטלסטער פינגער פון מיין רעכטער האַנט איז פאַרשטייפט געווען פון אַן אַמאָליקער אָפּעראַציע...

נאָך דעם פּסאַק־דין „גאָדיען“, האָט מען מיך — צוזאַמען מיט די אַנדערע רעקרוטן, וואָס זענען יענעם טאָג צוגענומען געוואָרן — אַוועקגעשיקט ווי אַרעסטאַנטן מיט דער באַן אין דער גובערניע־שטאָט לובלין, צום דאָרטיקן וואָינסקע־נאַטשאַלניק, וואו מען האָט אונדז — לויט דער פאַרזיכערונג פון נאַטשאַלסטווע אין פּילעוו — געדאַרפט פאַרשרייבן, קלאַסיפיצירן, באַשטימען וואוהין געשיקט צו ווערן, און אָפּלאָזן אָף צוויי וואָכן אַהיים, צו באַזאָרגן די אייגענע געשעפטן.

ווי עס האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, האָט דער וואָינסקע־נאַטשאַלניק פון לובלין פאַרהאַלטן די אידישע רעקרוטן, און אַ טאָג־צוויי נאָכן אָנקומען זיי פאַנאַנדערגעשיקט אין פּאָלקן פון פאַרשידענע געגנטן איבער רוסלאַנד.

איך — צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע אידישע רעקרוטן — בין באַשטימט געוואָרן צו פאָרן קיין מערוו, אין מיטל אַזיע, און מען האָט אונז טאַקע גלייך גענומען גרייטן צום וועג. מיך האָט דאָס שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב גענומען דערקלערן דעם אַדיוטאַנט, אַז איך בין נישט גרייט; אַז איך דאַרף נאָך איינקאַסירן געלט ביי מיין באַלעבאָס און, דער איקער, אַז איך האָב אַפילע נישט מיטגענומען מיט זיך קיין וועש, קליידער, ראַזיר־מעסער און נאָך אַנדערע קלייניקייטן, וואָס אַ מענטש — אַפילע אַ סאָלדאַט — דאַרף האָבן. עס האָט אָבער נישט געהאָלפן. דער אַדיוטאַנט האָט געזאָגט, אַז ערשטנס, דאַרף אַ סאָלדאַט גאָרנישט האָבן, ווייל ער קריגט אַלץ פון דער קאַזנאַ; צווייטנס, אַז דאָס איז דער געזעץ און ער וועט מיך נישט אָפּלאָזן אַהיים אַפילע אָף איין מינוט...

איך האָב זיך אָבער נישט אָפּגעשראָקן און געענטפערט, אַז איך בין נאָך דערווייל נישט קיין סאָלדאַט, האָב נאָך קיין שוואוע נישט געגעבן און אַז איך רעכן זיך נישט מיטן וואָינסקע־נאַטשאַלניקס איינשטעל, וואָס איז קעגן די אָנגענומענע רעגולאַציעס אין פרידן־צייט, אָפּצולאָזן די רעקרוטן אַף צוויי וואָכן, זיי זאָלן זיך קאָנען צוגרייטן און זיך געזעגענען מיט די אייגענע — אַ זאַך, וואָס די נישט אידישע רעקרוטן געניסן יאָ ביי אים. איך האָב דערביי זייטיק אָנגעדייט, אַז מען קאָן זיך ביי דער ערשטער געלעגנהייט אויסדרייען, אַהיימפאָרן און זיך צושטעלן ווען מען האָט שוין אַלץ באַזאָרגט פאַר זיך...

דער אַדיוטאַנט האָט זיך אַ צאַפּל געטאָן און מיך אָפּגעמאָסטן:

— אייגנטלעך, — האָט ער געזאָגט, — וואָלט איך דיך שוין איצט געדאַרפט אַרעסטירן און דיך אַוועקשיקן מיטן עטאַפּ אין פּאָלק אַריין. אָבער איך וועל שוין זען, אַז דו זאָלסט זיך נישט קאָנען אַוועקדרייען...

שפּעטער, אָוונטצו, ווען מיר — אַ גרופּע פון אַרום דרייסיק אידישע רעקרוטן — האָבן מאַרשירט צו דער באַן, באַוואַכט פון צוויי סאָלדאַטן, האָב איך זיך פּאַשעט אויסגעדרייט אינמיטן גאַנג און אַוועקגעשפּאַנט אין דער פאַרקערטער ריכטונג. איך בין אַוועק אין הויז פון מיין פריינט און פּאַד־קאָלעגע שילעם סיטמאַן, וועלכער איז צו יענער צייט גראַד געווען אין לובלין, זיך צוצושטעלן צום פּריזיוו. נאָך עטלעכע שאָ פאַרברענגען מיט אים באַ זיינע עלטערן אין הויז, האָט ער מיך באַגלייט צום וואָקזאַל און איך בין צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע...

גאַנץ פרי, אַזוי ווי איך בין נאָר אָנגעקומען, בין איך אַוועק צו מיין באַלעבאָס מוישע „גנידע". און ווייל ער איז געווען הינטערשטעליק מיט דער אַרבעט און געוואָרט אַף מיר מיט אַ גרויסער שילד פון עטלעכע טיילן, וואָס האָט געדאַרפט אַף צומאָרגנס אָפּגעטראָגן ווערן, האָב איך גלייך, זיך נישט אָפּרוענדיק פונעם וועג אַפילע, זיך אַוועקגעשטעלט צו דער אַרבעט.

„מאַנאַ־ליזאַ", מוישעס ווייב, האָט לעקאָוועד מיין אָנקומען צוגעגרייט אַ ספּעציעלן פרישטיק, אָנגענעמענדיק, אַז איך בין באַפרייט געוואָרן. איך, ווידער, זעענדיק איר האַנאָע, האָב אַ טראַכט געטאָן מיטצושפּילן און זיי מאַכן צו גלויבן, אַז איך בין טאַקע באַפרייט געוואָרן.

די אַרבעט האָט געברענט. עס איז געווען אַ דאַנערשטיק און איך האָב געדאַרפט אונטעריאָגן, אַז מען זאָל די גרויסע שילד טאַקע קאָנען אַף צומאָרגנס אָפּטראָגן. איך האָב פלינק „אָפּגעקלאַפּט" די שורעס, אויסגעסקיצירט די בוכשטאַבן און געצומען שרייבן מיטן גאָלד־גרונט, צו וועלכן איך האָב צוגעטאָן „טערעבינע", אַז עס זאָל גיך טריקענען, קעדיי מען זאָל באַלד קאָנען גילטן... איך האָב געאַרבעט גיך, פלינק, און בין פאַרטיק געוואָרן מיט דעם שרייבן אַקוראַט ווען מוישעס ווייב האָט גערופן צום מיטיק, וואָס איז אויך, לעקאָוועד מיר, געווען אַ ספּעציעלער, אַ קימאַט־יאָנטעווודיקער.

נאָכן מיטיק האָבן מיר, איך און מוישע, זיך אַוועקגעזעצט צום גילטן. מיר

האָבן געהאַט אויספּלאַנירט, אַז באַלד ווי מיר וועלן האָבן אָפּגעגילדט איין טייל־שטיק פון דער שילד, זאָל איך זיך נעמען זי אויסצוועגדיקן און באַשאָטענען, און ער, מוישע, וועט אָנגיין מיטן גילטן די אַנדערע שילד־טיילן...

אינמיטן דעם, אַזוי ווי מיר זענען געווען פאַרטאָן אין דער אַרבעט, איז אַריינגעלאָפן „מאַנאַ־ליזאַ" און אין איין אָטעם אַ זאָג געטאָן דעם מאַן:

— מוישע, גרינבערג גייט אַהער! ער קומט אַוואַדע נאָכן דירע־געלט!...

מוישע „גנידע" — פונקט ווי אַ פייער וואָלט אויסגעבראָכן אונטער אים — האָט זיך אַ ריס אויף געטאָן פונעם בענקל אָף וועלכן ער איז געזעסן, אַזש דער ווינט, וואָס ער האָט צעטראָגן, האָט צעיאָגט דאָס בלעטל גאָלד פונעם קישעלע. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן אַ שטיק וואַטע, וואָס מיר האָבן גענוצט אָף אָפּצופּוצן די געגילדטע בוכשטאָבן, דערמיט אַ פאַרדעק געטאָן דאָס גאַנצע פּאָנים זיינס, אַזוי אַז עס האָבן זיך בלויז אַרויסגעזען צוויי אויגן־לעכער און דער שפּיץ פון דער נאָז. מיט עטלעכע ברייטע שפּרייזן איז ער אַריין צו זיך אין שלאָף־צימער און — אַזוי ווי ער איז געווען, אין די קליידער און מיט די שיך — זיך אַריינגעוואָרפן אין בעט אַריין און גענומען שטיל אונטערקרעכצן.

אין דער רעגע איז אַריינגעקומען גרינבערג, דער ווירט פונעם הויז, און זיך געפרעגט אָף מוישען. „מאַנאַ־ליזאַ" האָט פאַרבראָכן די הענט און — אַריינ־פירנדיק אים אין שלאָף־צימער אַריין — גענומען וויינען:

— אַזאַ אומגליק, פּאַניע גרינבערג! פון דער העלער הויט און...

איך, כאָטש עס האָט מיך געשטופּט צו לאַכן, בין צוזאַמען מיט גרינבערגן און דער „מאַנאַ־ליזאַ" אויך אַריין אין שלאָף־צימער און זיך צוגעקוקט:

מוישע — דאָס פּאָנים איינגאַנצן אין וואַטע געהילט — האָט דורך די לעכער געקוקט אָף גרינבערגן מיט אַזעלכע ווייטיקפולע בליקן, פון וועלכע מען האָט זיך פּאַשעט געקאָנט דערשרעקן, און אויסגעקרעכצט אומפאַרשטענדלעכע קלאַנגען. גרינבערג האָט, קענטיק, זיך טאַקע דערשראָקן און מיטפילנדיק געזאָגט:

— גאָט מיינער, רעב מוישע, וואָס איז געשען? נעכטן האָב איך דאָך אייך געזען אָף דער גאַס אַ געזונטן, אַ לעבעדיקן! וואָס איז מיטאַמאָל געשען?...

מוישע האָט אַלץ געקרעכצט, מאַכנדיק דעם איינדרוק ווי ער וואָלט געוואָלט רעדן, נאָר קאָן נישט איבער די ווייטיקן. „מאַנאַ־ליזאַ" האָט אַ זאָג געטאָן:

— וואָרים ווי לאַנג נעמט עס ביי אַ מענטש קראַנק צו ווערן?!...

גרינבערג האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאָפּ און געשוויגן. „מאַנאַ־ליזאַ" האָט ווידער, מיקלוימערשט שטיל, אָבער גרינבערג זאָל הערן, זיך געקלאָגט:

— געהאַט צוגעגרייט געלט צו באַצאָלן דירע־געלט, קומט דער טייוול און נעמט עס צו. אַזאַ אומגליקלעך מאַזל!... וואָס טוט מען איצט?...

— זאָרגט זיך איצט נישט וועגן דעם דירע־געלט! — האָט גרינבערג קוים אַרויסגערעדט און מען האָט געזען אַז עס קומט אים אָן נישט גרינג, — זאָל ער פריער געזונט ווערן. מיר זענען נישט קיין גאַזלאָנים. איך וועל וואַרטן...

ער האָט צוגעלייגט זיין האַנט צום פּלאַץ אויף דער קאָלדרע, וואו עס האָט זיך געהויבן מוישעס האַנט, זי אַ קוועטש געטאָן און צוגעגעבן:

— איך וועל זיין די קומענדיקע וואָך. זעט דעמאָלט צו האָבן געלט...

ער האָט זיך געזעגנט און איז אַרויס. אַזוי ווי ער האָט נאָר צוגעמאַכט די טיר הינטער זיך, איז מוישע פלינק אַרויס פונעם בעט, אַראָפּגענומען די וואַטע פונעם פּאָנים און, ווי גאָרנישט, זיך צוריקגעזעצט גילטן די שילד...

פאַרנאַכט, ווען איך האָב אָוועקגעלייגט די אַרבעט און מען האָט זיך געזעצט עסן וועטשערע, האָב איך ערשט דערציילט דעם עמעס, אַז מען האָט מיך צוגענומען צום מיליטער און אַז איך בין אָוועק אָן דערלויבעניש בעאייס מען האָט אונדז געפירט פונעם „סבאָרני־פּונקט" צום וואָקזאַל, אויף אָוועקגעשיקט צו ווערן.

אויפן מאָמענט האָט מיין דערציילן אַמוזירט סיי מוישען, סיי זיין ווייב, און זיי האָבן שטאַרק געלאַכט בעאייס איך האָב פאַר זיי פאָרגעשטעלט ווי אַזוי איך האָב עס געטאָן. פּלוצים, אָבער, האָב איך באַמערקט ווי „מאַנאַ־ליזאַ" האָט אַ שאַרפן קוק געטאָן אויף מוישען, ער אויף איר, און זייערע פּענימער זענען מיטאַמאָל באַ זיי ווי פאַרשטיינערט געוואָרן. זי האָט זיך אַ ווענד געטאָן צו מיר:

— וואו־זשע וועסטו שלאָפן די עטלעכע נעכט ביז וועסט זיך צושטעלן?...

איך האָב געשוויגן, נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן אויף דער אומגעריכטער פראַגע, ווייל ביז דעם מאָמענט איז ביי מיר קיין שום צווייפל נישט געווען, אַז איך וועל ווייטער עסן און שלאָפן באַ זיי פונקט ווי ביז אַהער. איך האָב געטראַכט וואָס צו זאָגן, אָבער מוישע איז מיר פאַרלאָפן דעם וועג:

— פאַרשטייסט דאָך מיסטאָמע אַליין, אַז דאָ וועסטו נישט קאָנען זיין. מען וועט דיך אָוואַדע קומען זוכן דאָ און איך וויל נישט האָבן קיין צאָרעס...

איך האָב געפּרואווט דערקלערן, אַז זיי דאַרפן קיין מוירע נישט האָבן, יעדנ־פאַלס נישט פאַר עטלעכע טעג. וואָרים איידער מען וועט זיך דאַרט כאַפּן אַז איך פעל; איידער מען וועט זיך איבערשרייבן מיט דער היגער פּאָליציי און איידער מען וועט נעמען מיך זוכן, וועל איך שוין אָוואַדע זיין אין פּאָלק. עס האָט מיר אָבער נישט געהאָלפן.ביידע זענען געשטאַנען פעסט, אַז נישט נאָר קאָן איך מער נישט שלאָפן באַ זיי, נאָר אַפילע אויך נישט אַרבעטן...

מער האָב איך נישט געבעטן. איך האָב בלויז פאַרלאַנגט, ער זאָל מיר באַ־צאָלן פאַרן טאָג אַרבעט און מיר אָפּגעבן דעם כויוו וואָס איז מיר געקומען נאָך פון פריער. מוישע האָט אָבער אַ הייב געטאָן מיט די פּלייצעס:

— האָסט דאָך אַליין געזען, — האָט ער טראַציק געלאַכט, — די קונץ וואָס איך האָב געדאַרפט מאַכן ווען דער ווירט איז געקומען נאָך דירע־געלט!...

ער האָט מיר אָבער צוגעזאָגט, אַז מאָרגן אין אָוונט, נאָכדעם ווי ער וועט האָבן אָפּגעטראָגן די שילדן, וועט ער מיר זיכער באַצאָלן.

איך בין אַרויס אַ בייזער און אָן געזעגענען זיך. אַ באַזאָרגטער — אָן אַן אויסקוק וואו צו גיין — בין איך געבליבן שטיין אויפן הויף. אויפן מאָמענט האָב

איך אַפילו אַ טראַכט געטאָן אַרויפצוגייין פרעגן ביי סאַלטשעס עלטערן, עפשער וועלן זיי מיך לאָזן איבערנעכטיקן באַ זיי, אָבער סאַלטשעס קאַלטע האַנדלונג פאַר מיין אַוועקפאָרן, האָט מיך צוריקגעהאַלטן. איך האָב גענומען וואַנדערן איבער דער דזשיקע גאַס, אין האָפענונג צו באַגעגענען עמעצן פון מיינע פאַך־קאָלעגן, וואָס זאָל מיר העלפן קריגן אַ פלאַץ אף איבערצושלאָפן די נאַכט. איך האָב געזוכט אין די קאַוויאַרניעס, אין קאָנסום־פּאַריק, און ערשט אַרום צען אַזייגער דערזען יאַנקעוו־סימכע אייזן (ער איז איצט אַ מאָלער און אידיש־דיכטער אין איסראָעל), וואָס האָט געאַרבעט ביי אַרעלע „הויקער". איך האָב אים דער־ציילט וועגן מוישעס האַנדלונג, און ער איז געוואָרן אַן אויפגעציטערטער:

— אָט האָסטו דיר באַלעבאַטים! אַ גוטער, זאָגט מען, איז ער, אָבער אַז עס קומט צו עפּעס, זעט מען ערשט די פּאַסקודנע נעשאָמע!...

— עס איז נישט אַזויפיל ער, — האָב איך געפּרוּאווט מוישען פאַרטיידיקן מיט אַ האַלב מויל, ווייל איך אַליין האָב עס זיך נישט געקאָנט גלויבן אף אים.

— דאָס איז זי, „מאָנאַ־ליזאַ", דער זיסער מענטש, צו אַלדע טייוול!...

— אַזוי? פון וועז אַן וואָרפט זיך עס מוישע „גנידע" אונטער „מאָנאַ־ליזעס" ווילן? — האָט מיין פריינט שטעכיק געפרעגט און אַ זאָג געטאָן, — קום!

ער האָט מיך אַוועקגעפירט צו אַרעלעס וואַרשטאַט אף די נאַלעווקעס, אויפגע־שלאָסן די טיר, פאַרשטעלט מיט אַ שילד דאָס פענצטער, אָנגעצונדן די עלעקטריע און — אף אַ שילד, אַריבערגעלייגט אף קאָזלעס — געמאַכט פאַר מיר אַ געלעגער.

אף צומאָרגנס האָב איך ביי אים געבאָרגט טלעכע רובל, געדונגען אַ פלאַץ צום שלאָפן און אין אַוונט בין איך אַוועק צו מוישען נאָכן געלט. אָבער ער, אָנשטאָט מיר צו באַצאָלן, האָט גאָר גענומען קלאָגן, אַז דער פאַרוואַלטער פונעם געשעפט, וואו ער האָט אָפּגעטראָגן די שילדן, איז אַוועקגעפאָרן פון שטאָט און ער האָט דעריבער נישט געקראָגן באַצאָלט פאַר די שילדן...

איך בין געווען אין אַ שווערן קלעם. איך האָב שוין גאַנץ קלאָר געזען, אַז קיין געלט באַ מוישען וועל איך נישט קריגן. איך האָב דעריבער דורכן שאַבעס־דיקן טאָג זיך נאָכגעפרעגט און געקראָגן טלעכע טעג אַרבעט ביים בלינדן פאַרשטענדיקן, כאָטש קיין כיישעק צו אַרבעטן ביי אים האָב איך נישט געהאַט. איך האָב זיך אָבער נישט געטאָרט פאַרגינען צו זיין אויסקלייבעריש. איך האָב נישט געקאָנט בלייבן אָן געלט, און געמוזט זען פאַרדינען טלעכע רובל...

רעדנדיק מיט יאַקעוו־סימכען וועגן מיין געקוועלטער פינאַנציעלער לאַגע, האָט ער מיר פּלוצים געמאַכט אַ מאָדנע פאָרשלאַג. ער האָט מיר דערציילט, אַז די בעוורע „טוימכיי־כוילים" וועט קומענדיקן שאַבעס־צו־נאַכט דורכפירן אַ גרויסן מאַסקן־באַל, וואו מען וועט געבן ווערטפולע פריזן, און ער האָט פאַרענדיקט:

— הער נאַר, דו ביסט דאָך עפּעס אַ בעריע אף צו מאַכן גוטע מאַסקעס. איז וואָלסטו טאָקע אַ טראַכט געטאָן און געשאַפן עפּעס אַזוינס, וואָס... איך בין זיכער, אַז וואָלסט אויך דאָסמאָל געקאָנט געווינען דעם ערשטן פריז — אַ זילבערנע

זיבן־רערנדיקע מענוירע, אין דער ווערט פון אַריבער פופציק רובל!...

דער איניען איז מיר געפעלן און מיך האָט אָנגעכאַפּט אַ כיישעק צו געווינען די מענוירע, קעדיי זי צו פאַרקויפן. איך האָב גענומען טראַכטן וועגן אַ טעמע פאַר אַ מאַסקע, וואָס זאָל קאָנען געווינען. איך בין אַוועק אין מיין דירע, וואָס איך האָב געהאַט געדונגען אַף דער וואָך, און גענומען דורכקוקן די צייטונגען. אין יענער צייט איז אין פּוילן אָנגעגאַנגען אַ באָיקאָט קעגן די אידן, דערפאַר וואָס מען האָט געוואָגט צו שטימען קעגן דעם אַנטיסעמיטישן קאַנדידאַט ראָמאַן דמאָווסקי, און געשטיצט דעם סאָציאַליסט יאַגעלאָ. איך האָב געטראַכט וועגן אָט דער טעמע און ווי זי אויסצודריקן אין אַ מאַסקע. איך האָב געמאַכט עטלעכע סקיצן און אין אַ שאָ צייט איז דער גאַנצער פּלאַן פאַרטיק געווען ביי מיר.

איך האָב גענומען מיינס אַן אַלטן אַנצוג, אָפּגעשניטן דעם רעכטן פוס פון די הויזן און אים לייכט צוגענייט צו די הויזן פון מיין גוטן שאַבעסדיקן אַנצוג. איך האָב געקראָגן אַן אַלטע קאַפּאָטע, זי איבערגעשניטן אינמיטן דער פּלייצע, און די רעכטע העלפט צוגעטשעפּעט צו מיין רעקל. אַזוי האָב איך אויך געטאָן מיט אַ וועסטל — אַן אַלטע רעכטע העלפט צוגעטשעפּעט צו דעם נייעם. דערנאָך האָב איך געקראָגן צוויי פּלאַכע אָפענע קעסטלעך און צוגעטשעפּעט שטריקלעך צו זיי, אַז איך זאָל זיי קאָנען אָנהענגען אַף די אַקסלען. אין איין קעסטל האָב איך אַריינגעלייגט עטלעכע סידורים, מעזוזעס, ציציס, טפילין, אַ טאַלעס און נאָך אַנ־דערע זאַכן פון אידישן רומל; און אין צווייטן — פּאַטשערקעס, ציילעמלעך, געבעט־ביכלעך, שעפּסעלעך און נאָך אַזעלכע זאַכן פונעם קריסטלעכן כלאַם. צום אידישן קעסטל האָב איך צוגעקלאַפּט אַ שילדל מיט אַן אויפשריפט, אַז: „איך פאַרקויף נישט מיין סכוירע צו קריסטן"; און אַפן אַנדערן — דער קריסטלעכן קעסטל — אַז: „איך פאַרקויף נישט די סכוירע צו קיין אידן"...

אין אָוונט פונעם באַל האָב איך זיך פאַרגרימירט. די אידישע העלפט — מיט באָרד און פּייע, און די נישט־אידישע — מיט אַ האַלבער שליאַכעסטקע וואָנצע. אַף איין פוס האָב איך אָנגעטאָן אַ שטיוול, און אַפן צווייטן — אַ שוך. אַפן קאָפּ האָב איך — אין דער אידישער זייט — געטראָגן אַ קליין פּויליש־אידיש היטעלע, און אַף דער אַנדערער — אַ האַלבן קאַפּעליוש. איך בין אַוועק צום באַל אַ זיכערער, אַז איך וועל קריגן דעם ערשטן פּריז — די זילבערנע מענוירע...

און אַזוי האָט עס טאַקע אויסגעזען. באַלד ווי איך האָב זיך נאָר באַוויזן אין זאַל, האָבן סיי די געסט און סיי די איינאָרדענער פון באַל באַוואונדערט דעם איינפאַל, און גענומען שמועסן צווישן זיך, אַז אָט די מאַסקע פאַרדינט אַן שום צווייפל דעם ערשטן פּריז. איך האָב, אָבער, זעט אויס, קיין מאַזל נישט געהאַט. גראַד יענעם טאָג האָט דער וואַרשעווער פּאָליציימייסטער אַרויסגעגעבן אַ פאַרבאָט אַף מאַסקירטע מענער אין עפנטלעכע פּלעצער. זיין מאָטיוו איז געווען: צו פאַרהיטן דעם אוילעם פון רויבער־איבערפאַלן. געשמועסט האָט מען אָבער, אַז דאָס איז גאָר געווען אַזאַ פּאָליטישער צוג...

סיי ווי סיי, בלויז אַרום אַ שאָ פאַרן גראַנד־מאַרש, האָבן זיך אַריינגעריסן אין זאַל אַ צענדליק פּאָליציאַנטן, און געפאָדערט, אַז די מענער זאָלן טייקעף אַרונטערנעמען די מאַסקעס און ווייזן זייערע אידענטיפיקאַציעס. זיי האָבן אונדז אַלעמען, אַרום אַ צענדליק מאַסקירטע, אַריינגעטריבן אין קיך־צימער פון זאַל און אַוועקגעשטעלט אַ וואַך איבער אונדז. מיר האָבן אַפן פּלאַץ זיך דורכגערעדט און באַשלאָסן נישט אַרונטערצונעמען די מאַסקעס אין זאַל, ווייל מען האָט סיי ווי סיי אונדז געהאַלטן ביים פאַרנעמען און אַוועקפירן אין ראַטהויז אַריין...

איך בין געווען אַ פאַרצווייפלטער. זיכער בין איך געווען, אַז ווייל איך האָב נישט קיין דאָקומענטן, מאַכמעס מיין פּאַספּאָרט איז געבליבן ביים וואַינסקע־נאַטשאַלניק, — וועט מען מיך אין ראַטהויז פאַרהאַלטן און אָפּשיקן מיטן עטאַפּ אין פּאָלק אַריין. בין איך געזעסן און ביטער געשמייכלט איבער מיין שלימאַזל:

„טאַקע נייטיק געדאַרפט גיין צו אַ מאַסקן־באַל", — האָב איך זיך געטראַכט, — „און זיך אַליין אַריינוואַרפן אין די פּאָליציייאישע לאַפּעס אַריין..."

אַליין נישט ווילנדיק פאַרוואָס, האָב איך נערוועז גענומען טאַפּן מיט די פינגער אין מיינע קעשענעס, פונקט ווי איך וואָלט דערוואַרט עפּעס אַ נעס. פּלוצים האָב איך, אין אַ קעשנקעלע פונעם אַלטן האַלבן וועסטל, אָנגעטאַפּט עפּעס אַ פּאַפּירל. איך האָב עס אַרויסגענומען, איין קוק געטאָן דערויף און האָב זיך צעשמייכלט. דאָס איז געווען אַן אַלטע פּאָליציי־לעגיטימאַציע, וואָס איך האָב געהאַט געקראָגן מיט אַ יאָר צוריק, בעת איך האָב געהאַט אַוועקגעשיקט מיין פּאַספּאָרט אין דער גמינע, אים אויסצובייטן אויף אַ נייעם.

ווען עס איז אָנגעקומען מיין ריי צום פּריסטאַוו, האָב איך אים דערלאַנגט אַט דאָס צעקנייטשטע פּאַפּירל און... מען האָט מיך גלייך באַפרייט... בין איך — אין דעם אויסטערלישן קאָסטיום און מיטן גרים אויף זיך — געגאַנגען אין פריען פאַרטאָג איבער די שלאָפנדיקע וואַרשעווער גאַסן, און אַ טיפער פאַרדראָס האָט מיר געפרעסט אין האַרצן. איך בין אַוועק אויף מיין קוואַרטיר, זיך אַרומגעוואַשן, אַראָפּגענומען פון מיין אָנצוג די צוגענייטע טיילן און זיך געלייגט שלאָפן. איך בין געווען פעסט אַנטשלאָסן נישט צו בלייבן לענגער אין שטאָט און נאָך דעם זעלבן אָוונט אַוועקגעפאָרן זיך צושטעלן צום וואַינסקע נאַטשאַלניק...

מיטיקצייט — אַן אָנגעלאָדענער מיטן פאַרדראָס פון איבערגעלעבטן — בין איך ווידער אַוועק צו מורישען, אין האָפענונג, אַז עפּשער איצט, פאַר מיין אַוועקפאָרן, וועט ער מיר פאַרט באַצאָלן וואָס ער איז מיר שולדיק. אָבער ווידעראַמאָל, ווי יעדעסמאָל פריער, האָט ער זיך געשוואוירן באַ ווייב און קינדער, אַז ער האָט נישט קיין געלט, און מיר צוגעזאָגט דאָס אָפּצושיקן אין פּאָלק אַריין. און אַז איך בין צוגעשטאַנען און געזאָגט, אַז איך וועל נישט אַוועקגיין אָן געלט, האָט זי, „מאַנאַ־ליזאַ", מיט שטעכיקער אָנצוהערעניש, מיר טראָציק אַ זאָג געטאָן:

— קאָנסט אונדז אָנקלאָגן פאַר דער פּאָליציי, אויב דו ווילסט!...

דאָס האָט שוין מורישע אַפּאָנים נישט געקאָנט פאַרליידן. ער האָט מיר אַ וואונק

גערטאָן, איך זאָל אַרויסגיין און וואַרטן אויף אים אינדרויסן. באַלד איז ער טאַקע אַרויסגעקומען, מיר דערלאַנגט פֿינף גאָלדענע פֿינפֿערלעך און געזאָגט:

— נעם דערוויילע דאָס צו. דאָס איבעריקע וועל איך דיר צושיקן!...

איך האָב געשוויגן און געמאַכט אַ באַוועג צום אַוועקגיין. מוישע האָט מיך אָבער פֿאַרהאַלטן:

— וואָס זשע, — האָט ער שמייכלענדיק געשטאַמלט, — וועסט טאַקע אַוועקגיין אַ ברוגזער און זיך נישט געזעגענען? זעסט דאָך, עס איז איר קאָפּ...

ער האָט מיך גענומען אין אַ רעסטאָראַן און באַשטעלט צוויי שנאַפּסן:

— נו, פֿאָר געזונט און זיי מאַצליח! — האָט ער געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן. — איך בעט דיך, געדענק מיך נישט צום שלעכטן!...

און אָוונט איז ער געקומען צו דער באַן מיך באַגלייטן צו מיין אָפּפֿאָר קיין לובלין. ווען איך האָב דערזען די מאַסן פֿריינט און באַקענטע, וואָס זענען געקומען מיך באַגלייטן, בין איך שטאַרק גערירט געוואָרן און דערפֿילט אַ טיפֿן פֿאַרדראָס וואָס איך דאַרף אַוועקפֿאָרן. ווען דער צוג האָט גענומען רירן, האָב איך — שטייענדיק אויפֿן טרעפּל פֿון וואַגאָן — צעוויינטיקט אויסגערופֿן:

— אַדיע, זייט געזונט! ווער ווייסט צי מיר וועלן זיך נאָך ווען זען...

אין מיין נעסיע פֿון „וואָינסקע־נאַטשאַלניק" ביז קיין מערוו — מיין דינסט־פּלאַץ אין מיטל־אַזיע — האָב איך זיך גענומען גענוג צייט און עס האָט געדויערט העכער זעקס וואָכן ביז איך בין אָנגעקומען. אויפֿן וועג האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין יעדער גרויסער שטאָט, פֿאַרבראַכט צו גאַנצע וואָכן אין קיעוו, פּאָלטאַווע, כאַרקאָוו, ראָסטאָוו אויפֿן דאָן, און באַקו. אַז איך בין ענדלעך אָנגעקומען קיין מערוו, האָט מען מיר אויפֿן וואָקזאַל געזאָגט, אַז אין שטאָט הערשט די „טשומאַ", און איך וועל דעריבער דאַרפֿן גיין דורך אַ הינטערוועג צום שטאַב.

איך בין נישט שטאַרק באַגייסטערט געווען פֿון אָט דער ידיעה...



אויף מיליטער־דינסט, אַלס מיטגליד אין דער מוזיק־קאָמאַנדע.
(דער מעכאַבער זיצט אין דער פֿאָדערשטער ריי, אינמיטן, דער זעקסטער פֿון רעכטס)

# איך בין אַרויס אַ לעבעדיקער

(אַ קיצער פון דער 900 זייטיקער טרילאָגיע מיט דעם נאָמען, וואָס נעמט אַרום אַ 5 יאָריקן פעריאָד, פון אַרום דעצעמבער 1912 ביזן סאָף פון 1917, באַלד נאָך דער גרויסער סאָציאַלער רעוואָלוציע)

ווען איך בין אין סאָף יאַנואַר 1913 אָנגעקומען קיין מערוו, אין שטאַב פון דער 4טער טורקעסטאַנער בריגאַדע, האָט מען מיך דאָרט באַשטימט און געשיקט אין 13טן שיסער-פּאָלק. איך בין אַריינגעפאַלן אין דער 7טער ראָטע, אין אָפּטייל פון ביטערן יעפרעיטאָר יעפרעמאָוו.

לאַנג האָב איך נישט געליטן פון אים. אַ פּאָר טעג נאָך מיין אָנקומען, בעאייסן דורכקוקן מיינע קעסטלעך, האָט דער ראָטע-קאָמאַנדיר, קאַפּיטאַן בערג, באַמערקט אין זיי אַ קעסטל טעאַטער-גרים און מאָלער-פאַרבן, און מיך געפרעגט:

— ביסט, זע איך, אַ קינסטלער-מאָלער און אַ שוישפּילער?...

— גאַנץ ריכטיק, אייער הויך-וואויל-געבירטיקייט! — האָט איך אָפּגעשאָסן, וויסנדיק, אַז אין דער אַרמיי דאַרף מען טאָמיד זאָגן, אַז מען קען אַלץ.

עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען מיך גערופן אין פּאָלק-קאַנצעלאַריע און מיר באַפוילן צו שאַפן אַ טעאַטער אפן באַטאַליאָן-הויף, און אויך צוגרייטן פאַרן באַטאַליאָן אַ פאָרשטעלונג צום קומענדיקן „פּאַסכע"-יאָנטעוו.

מען האָט מיר צוגעטיילט אַ צאָל סאָלדאַטן באַלמעלאָכעס, מיט וועלכע איך האָב אָנגעפירט, מיר געגעבן די נויטיקע מאַטעריאַלן און געלט אַף אויסגאָבן, און איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט. איינמאָל, בעאייס איך בין געשטאַנען און געמאָלט אַ דעקאָראַציע, האָט מען מיך ווידער גערופן אין קאַנצעלאַריע. דאָרט האָט מען מיר געזאָגט, אַז פון לובלינער וואָינסקע-נאַטשאַלניק איז אָנגעקומען אַ מעלדונג וועגן מיין העפקערדיקן אַוועקגיין און אַז איך וועל דעריבער איבער-געגעבן צום מיליטער-געריכט פאַר אַ מישפּעט.

אַ וואָך שפּעטער האָט מען מיך, פון דער אַרבעט, געפירט אונטער אַ וואַך צו דער קאַנצעלאַריע. אין אַ באַזונדערן צימער זענען עטלעכע אָפיצירן געזעסן ביי אַ גרין-געדעקטן טיש און געמישפּעט אַ סאָלדאַט. איך האָב געדאַרפט וואַרטן אַף מיין ריי. אין דעם איז צו מיר צוגעקומען אַן אָפיציר מיט אַ קליין לאָפּעטקע-בערדל און מיט ברילן, מיך גענומען אַן אַ זייט און שטיל מיר אַ זאָג געטאָן:

— איך בין שטאַבס-קאַפּיטאַן אַנדרעי ווישינסקי. איך דאַרף אייך פאַרטיידיקן. קאָנט איר מיר געבן פאַקטן, אַז איך זאָל האָבן מיט וואָס צו אָפּערירן?...

איך האָב אים געדאַנקט און זיך געכידעשט פאַרוואָס ער האָט זיך צו מיר געווענדט נישט אַף „דו", ווי עס איז געווען דער שטייגער אין מיליטער, נאָר אַף „איר". אָבער דאָ האָט מען אַ רוף געטאָן מיין נאָמען און איך בין צוגעטראָגן

צום טיש. דער פּאַרזיצער — אַ פּאָלקאָווניק — האָט גיך אָפּגעמורמלט דעם באַשול־דיקונג־אַקט, און דער פּראָקוראָר — אַ שטאַבס־קאַפּיטאַן — האָט גענומען רעדן, פּאַדערנדיק, מען זאָל מיך שטרענג באַשטראָפן, ווייל אַ העפקערדיק אַוועקגיין און נישט הערן אַן אָפיצירס באַפעל, איז אַ גרויס פאַרברעכן פאַר אַ סאָלדאַט...

איך האָב געטראַכט צו ענטפערן און דערקלערן, אַז בעאייס איך בין אַוועק פון וואָינסקע־נאַטשאַלניק בין איך נאָך קיין סאָלדאַט נישט געווען; אַז איך האָב געמוזט אַהיימגיין, ווייל דער וואָינסקע־נאַטשאַלניק האָט נישט געוואָלט רעכענען זיך מיט מיינע בויטן און, דער איקער, ווייל מיך האָט פאַרדראָסן וואָס ער האָט די נישט־אידישע רעקרוטן גראָד יאָ באַפרייט, נאָר בלויז די אידן נישט...

מען האָט מיך אָבער נישט געלאָזט רעדן. אנשטאָט דעם איז דער שטאַבס־קאַפּיטאַן ווישינסקי אַרויסגעטראָטן, אָנווייזנדיק, אַז אויב מען וועט מיך באַשטראָפן מיט אַרעסט, וועט דער גאַנצער פּאָלק ליידן, מאַכמעס דאָ שטייט פאַר אונדז נישט קיין פּאַשעטער סאָלדאַט, נאָר אַ קינסטלער, אַ מאָלער און שוישפּילער, וואָס דינט מיט זיין וויסן און פאַרשאַנערט דעם גאַנצן פּאָלק...

די אָפיצירן האָבן זיך איבערגעקוקט, גענומען שטיל שמועסן צווישן זיך און... אַרויסגעטראָגן אַ פּסאַק־דין: צוויי וואָכן אַרעסט, נאָר אַז איך זאָל דאָס אָפּזיצן ערשט זומער־צייט, ווען איך וועל קיין טעאַטער אַרבעט נישט האָבן...

ביז זומער איז נאָך ווייט געווען און איך האָב זיך נישט געזאָרגט. דערווייל פלעג איך אין די פרייע אָוונטן און אין די זונטיקס זיך אַריינכאַפּן אין דעם „בריגאַדע־כאָר" — די מוזיק־קאָמאַנדע פון דער 4טער בריגאַדע, וואָס האָט זיך נישט אָנגעהערט מיטן פּאָלק, אַ כוץ וואָס די באַשפּייזונג איז געווען פון דער פּאָלק־קיך. איך האָב גערעדט מיט די מוזיקאַנטן, מיטן עלטסטן, זיי דערקלערט, אַז איך שפּיל אויף מאַנדאָלין, קען נאָטן, און וויל זיין אין דער קאָמאַנדע...

אין אָנהויב זומער איז אין פּאָלק־באַפעל געווען געמאָלדן, אַז איך ווער אַריבערגעפירט אין „בריגאַדע־כאָר". דער קאַפּעלמייסטער, סאָוואָראָף, האָט מיר געגעבן צו שפּילן אויף דער פלייט און באַשטימט אַ סאָלדאַט מיך צו לערנען.

אַזוי האָב איך אַ גאַנץ יאָר אָפּגעדינט אין קאָמאַנדע, געגאַנגען שפּילן אין שטאָט־גאָרטן און אויף אָפיצירישע בעלער. סאָף מאַי 1914 האָט מען די קאָמאַנדע אַרויסגערופן קיין פירוזאַ — אַ גאָרטן־שטעטל ביי דער פּערסישער גרענעץ, וואו דער זומער־שטאַב פון קאָרפּוס־קאָמאַנדיר האָט זיך געפונען. דאָרט, אין שטאַב־גאָרטן, האָבן מיר יעדן אָוונט געשפּילט פאַר די שפּאַצירנדיקע אָפיצירן און זייערע דאַמעס, און האָבן אָפּט געקראָגן פון זיי „טרינק־געלט" פאַרן שפּילן.

איינמאָל, נאָכדעם ווי מיר האָבן אָפּגעשפּילט און זיך פאַרנומען אַהיים, — האָט אונדז אָפּגעשטעלט אַן אומבאַקאַנטער גענעראַל און באַפוילן, אַז מיר זאָלן איבער אַ נייס זיך שטעלן שפּילן. ער אַליין — אַ שיקערער — האָט דיריגירט. נאָכדעם, אַז ער האָט אונדז געלויבט און געגעבן „טרינק־געלט", האָט ער פּלוצים אַ פרעג געטאָן, צי מיר זענען גרייט אָפּצוגעבן די לעבנס פאַרן צאַר. פון זיינע

רייד איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז עפּעס וויכטיקס איז געשען, אָדער דאַרף געשען, און מיר זענען פאַרכידעשטע און אויפגערעגטע אַוועק צו זיך אין לאַגער אַריין...

אף צומאָרגנס האָט מען אין פּירוזאַ שוין געוואוסט, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ מילכאָמע. די אַרטילעריע, וואָס איז אויך דאָרט געשטאַנען אין לאַגער, איז צוריקגעפאָרן קיין מערוו. די קאַנצעלאַריע־שרייבער זענען געוואָרן סוידעסדיק און נישט געוואָלט ענטפערן. מיטאַמאָל, און מיר פאָרן אויך אָפּ קיין מערוו.

אונדזער קאַזאַרמע איז געווען פאַרנומען פון פרעמדע ציווילע מיטליאָריקע מענטשן, וואָס מען האָט מאָביליזירט. מען האָט זיי אָנגעטאָן אין מיליטערישער קליידונג, זיי אַביסל מושטירט און אַוועקגעשיקט ווייטער...

נאָך אַ פּאָר וואָכן פון אַרויסבאַגלייטן ניי־פאָרמירטע פּאָלקן צו דער באַן, האָבן מיר זיך אויך אויפגעזעצט און אָפּגעפאָרן קיין קראַסנאָוואָדסק און באַקו. געוואוסט האָבן מיר שוין, אַז מיר זענען אין קריג מיט די דייטשן, אָבער אונדז האָט מען גאָר געשיקט קיין טיפליס, אין קאַווקאַז. דאָרט שטעלן מיר זיך אַוועק אין פּאַלאַטקעס אף אַ גרויסן הויף אין עק שטאָט, און יעדן טאָג באַגלייטן מיר נייע טיילן צו דער באַן — אין דער ריכטונג צו דער טערקישער גרענעץ...

אַ פּאָר כאַדאָשים שפּעטער איז טערקיי אויך אַריינגעטראָטן אין דער מיל־כאָמע, און מיר פאָרן אַוועק קיין סאָראָקאמיש — די לעצטע באַן־סטאַנציע פאַר דער טערקישער גרענעץ. עס איז אַ שטאַרקע פראָסט און דער אַדיוטאַנט באַפעלט אונדז צו שלאָפן אינדרויסן, נישט דערלויבנדיק אונדז צו נעמען אַפילע צו ביסלעך היי אף אונטערצובעטן זיך און נישט צו דאַרפן ליגן אפן הוילן שניי:

— מען דאַרף זיך צוגעוואוינען, — זאָגט ער, — שלאָפן אין דער קעלט!

פון פראָנט הויבן אָן אָנקומען מאַסן פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן, און אפן האַרצן ווערט קאַלעמוטנע. מיר מאַרשירן אַוועק און גייען אַריבער די גרענעץ. דאָרט נעמט מען ביי אונדז צו די אינסטרומענטן און מען שיקט אונדז אף דעם שלאַכט־פעלד אָפּצורוימען די פאַרוואונדעטע און באַערדיקן די געפאַלענע. דאָס איז אַ פיינלעכע אַרבעט און עס פעלן קאָרבאָנעס אין אונדזערע רייען...

נאָך אַ צייט אפן פראָנט, פון זיגן און מאַפּאָלעס, פון שלאַכטן און שטיל־שטאַנדן, ווערן מיר אַ טייל פון 13טן פּאָלק און גייען אַריבער צום פּאָלק־שטאַב, וואו מיר שפּילן פאַרן קאָמאַנדיר, אַ כוץ ווען מען שיקט אונדז אפן פראָנט...

ערעוו סאָף פון 1916 האָב איך געקראָגן אַ באַפעל פון פּאָלק־קאָמאַנדיר צו באַשאַפן אַ טעאַטער הינטערן פראָנט. צוליב דעם פאָר איך קיין טיפליס, צו קויפן די נויטיקע זאַכן. דאָרט הער איך, אַז אין לאַנד איז אומרואיק און דאָס פּאָלק פאָדערט גלייך אָפּצושטעלן די מילכאָמע. ווען איך קום צוריק אין פּאָלק אַריין, נעם איך זיך צו דער אַרבעט, אָבער דערביי שמועס איך זיך דורך מיט עטלעכע יאַטן פון קאָמאַנדע און דערצייל זיי וואָס עס הערט זיך. מיר — צוזאַמען מיט עטלעכע טעלעגראַפיסטן — פאָרמירן זיך אין אַ קרייזל, און זיי שטעלן אונדז צו די נייעסן, וואָס קומען אָן טעלעגראַפיש, וועגן די געשעענישן. אָפט וויסן מיר

פריער פון די אָפיצירן וואָס עס איז פאָרגעקומען און ווי עס האַלט אין לאַנד.

איינמאָל, ביי אַ שטילער פאַרזאַמלונג אין אונדזער זעמליאַנקע, איז אַריינ־געלאָפן אַ טעלעגראַפיסט און דערציילט, אַז נאָר־וואָס איז אָנגעקומען אַ מעלדונג, אַז דער צאַר ניקאָלאַי איז געצוואונגען געוואָרן זיך אָפּצוזאָגן פון טראָן. צווישן אונדז ברעכט אויס אַ פרייד און מיר באַשמועסן ווי צו האַנדלען. שפּעטער, בעאייס מיר זענען געזעסן אין טעאַטערל און געשפּילט, איז דער קאָמאַנדיר אַרויף אויף דער בינע מיט אַ רעדע, אַז דער צאַר האָט צוליב קראַנקהייט געמוזט אויפגעבן דעם טראָן און אים איבערגעגעבן זיין ברודער. דערביי האָט ער פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן שפּילן „באָזשע־צאַריאַ־כראַני״, ווי אַ טפילע פאַרן צאַרס געזונט.

איך און גרישונין — אַ כאַוער פון קאָמאַנדע — שפּרינגען אַרויף אויף דער בינע און, נישט געקוקט אַפן קאָמאַנדירס סטראַשונקעס, נעמען דערקלערן פאַר די סאָלדאַטן דעם עמעס וועגן די געשעענישן. מיר רופן אַלעמען צו שטיין געאייניקט און שאַפן סאָלדאַטן־קאָמיטעטן אויף אָפּצוהיטן די אייגענע אינטערעסן.

אין פאָלק שאַפט זיך אַ געהויבענע רעוואָלוציאָנערע שטימונג. אַפילע אָפּ־געשטאָנענע אומוויסנדיקע סאָלדאַטן דערפילן, אַז עפּעס אַ גרויסע זאַך איז געשען און אַז אויב די רעוואָלוציע וועט זיגן, וועט זיין אַ סאָך צו אַלע זייערע ליידן. זיי שליסן זיך אָן אין דער פאָדערונג: גלייך אָפּצושטעלן די מילכאָמע!

אונדזער גרופּע, וועלכע האָט ביז דער סאַמע רעוואָלוציע זיך געהאַלטן איי־ניק מיט איין אידעאַל און באַגער — כאָטש מיר זענען געווען פון פאַרשידענע פּאָליטישע ריכטונגען — האָט אין עטלעכע כאָדאָשים נאָך דער רעוואָלוציע זיך אָנגעהויבן שאַרף פאַנאַנדערגיין איבער פאַרשידענע פראַגעס. סטעפּאַקין — דער עלטסטער פון קאָמאַנדע, אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער, שטעלט זיך קעגן סאָוועט און אָרגאַניזירט אַן אָפּאָזיציע. שפּעטער, בעאייס מיר גייען אָפּ פון פראָנט און דער־וויסן זיך, אַז ווייסע באַנדעס קעמפן קעגן די רעוואָלוציאָנערע כאַיאַלעס, באַשליסט די מערהייט זיך אַריינצוואַרפן אין קאַמף און העלפן באַפעסטיקן די רעוואָלוציע. אָבער סטעפּאַקין רופט זיינע אָנהענגער זיך נישט צו מישן און אָהיימגיין...

מיר, די מערהייט, דערשלאָגט זיך ענדלעך קיין באַטום, דערנאָך קיין באַקו, און מיר טרעטן אַריין אין קאַמף מיט די באַנדיטן.

אין דער שלאַכט הינטער דערבענט ווער איך פאַרוואונדעט. אַ ביקסן־קויל טרעפט מיך אין דער קני פון לינקן פוס און... ווען איך קום צו זיך, געפין איך זיך אויף אַ טיש אין וואָקזאַל, און אַ דאָקטער גרייט זיך צו אַמפּוטירן מיין פוס.

איך בין געלעגן אַ צוווייטיקטער, געציילט די כלאָראָפאָרם־טראָפּנס, וואָס דער דאָקטער האָט מיר געגעבן, און דערביי זיך איינגעהערט ווי מיינע כאַ־ווירים — אין זייער זיג — פאָרן אָפּ ווייטער, טיפער אין לאַנד אַריין...

איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ שווערער, פאַרנעפּלטער פאַרגעסנקייט...

* * * * *

# נאָכן פייער

פון דער אָפּעראַציע, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט אַף אַ טיש אינעם וואַרט־צימער פון וואָקזאַל נישט ווייט פון דערעבענט, האָב איך אָפּגעשניטן אַ גליקלעכער. דער דאָקטער — כאָטש פאַר דער אָפּעראַציע איז ער געווען זיכער, אַז ער וועט מיר מוזן דעם פוס אַמפּוטירן, — האָט בעאייס דער אָפּעראַציע זיך געכאַפּט אַף אַ פּאָרטל, דורך וועלכן ער האָט מאַמעש אַ וואונדער באַוויזן און מיר דעם פוס אָפּגעראַטעוועט. שפּעטער, ווען איך בין צו זיך געקומען פונעם כלאָראָפאָרם, בין איך שוין נישט געלעגן אפן טיש, נאָר אַף אַ טראַגע — גרייט אַוועקגעפירט צו ווערן. דער דאָקטער — מיט אַ צופרידענעם שמייכל אפן פּאָנים — האָט מיר געקלאַפּט איבערן אַקסל און פריילעך געזאָגט:

— איר זענט אַ מאַזלדיקער יאַט, ברודערל! אַ פּאָר כאַדאָשים אין גיפּס, און אייער פוס וועט זיין ווי אַ נייער!...

איך האָב געקוקט אפן דאָקטער מיט פאַרטרערטע אויגן און, בעאייסן דריקן זיין האַנט, פלוצים דערפילט אַ דראַנג, אים אַרומצוכאַפּן און אים אַ קוש טאָן פון דאַנקבאַרקייט. דער דאָקטער האָט אַפּאָנים פאַרשטאַנען און אַ זאָג געטאָן:

— וואָס ווילט איר טאָן, כאַווער? קיין באַזונדערן דאַנק קומט מיר נישט! איך האָב בלויז געטאָן וואָס יעדער דאָקטער וואָלט געטאָן...

ער איז אַוועק פון מיר. אַביסל שפּעטער האָט מען מיך אַריבערגעטראָגן מיט דער טראַגע אין אַ שפּיטאָל־וואַגאָן און מיך אַוועקגעפירט קיין באַקו, וואו מען האָט מיך אַריינגעלייגט אין אַ שפּיטאָל פון „זעמסקע־סאָיוז”.

דער שפּיטאָל, די שפּייז און די באַהאַנדלונג איז דאָרט געווען אַ גאַנץ אַנדערע ווי אין די מיליטערישע שפּיטאָלן וואו מיר איז אויסגעקומען צו ליגן מיט אַ צייט פריער. די קראַנקן־שוועסטער זענען געווען ליבע, האַרציקע מיידלעך, וואָס זענען אפן מינדסטן רוף פון אַ פּאַציענט געקומען צו לויפן העלפן. אין די צעווייטיקטע מאָמענטן האָבן די פּאַציענטן אָנגענומען די הילף און צוגעלאָזטקייט פאַר אַ סימען, אַז נישט אַנדערש נאָר די שוועסטער האָט זיך פאַרליבט און וואַרט, מען זאָל איר אַרויסווייזן קעגנזייטיקע פאַרליבטקייט...

און מאָדנע: כאָטש איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז בלויז אַן איינרעדעניש, בין איך אָבער אַליין — אַוואַדע איבער דער איינזאַמקייט און בענקשאַפט נאָך אַן אייגענעם, אַ נאָענטן, אַ ליבן, און אַביסל טאָקע צוליב דער וואַרעמער צוגעלאָזנקייט פון דער שוועסטער — אויך פאַרפירט געוואָרן און זיך גענומען איינ־

רעדן, אַז איר באַציאונג צו מיר איז עפּעס מער ווי די פליכטן פון אַ קראַנקן־שוועסטער. פון טאָג צו טאָג איז אָט דער געפיל געוואָרן ביי מיר אַלץ שטאַרקער און צודרינגלעכער, ביז... איינמאָל, ווען די שוועסטער איז געשטאַנען איבער מיר בעאייסן אויסבעסערן דאָס רונדע קישן אונטער מיין קני, און דער וואַרעם־שמע־קיקער גערוך פון איר קערפּער האָט מיך אַ ברען געטאָן, — האָב איך זי אַרומ־גענומען, צוגעצויגן צו זיך, איר אַ קוש געטאָן אין דער סאַמעט־גלאַטער באַק און אויסגעשטאַמלט:

— ראַכיל אַבראַמאָוונאַ, איך... איך האָב אייך... ליב...

— איך האָב אייך אויך נישט פיינט. — האָט זי מיט ברויגעזן פאַרוואורף זיך איידל באַפרייט פון מיר. — איך האָב אָבער נישט דערוואַרט אַזאַ האַנדלונג... איך בין אַ פאַרהייראַטע פרוי, האָב שוין אַ קינד פון צוויי יאָר...

אירע ווערטער זענען פאַר מיר געווען ווי פייערדיקע בייטשן איבערן פּנים און איך האָב זיך געגריזשעט איבער מיין אומאיידעלן טאַט. איך האָב זיך מאַמעש געשעמט צו קוקן אויף איר און זיך געפילט אומבאַקוועם בעאייס זי האָט גענומען עפּעס טאָן פאַר מיר און אַרום מיר. עטלעכע טעג האָב איך זיך געפּייניקט און געוואָלט זיך אַנטשולדיקן. אָבער ווען עס איז געקומען דערצו, האָב איך קיין וואָרט נישט געקאָנט אַרויסרעדן. ענדלעך האָב איך געבעטן דעם דאָקטער, אַז ער זאָל מיך איבערשיקן אין אַ צווייטן שפּיטאָל, אויב מעגלעך, קיין טיפליס...

מיט עטלעכע טעג שפּעטער בין איך שוין געווען אין טיפליסער מיליטערישן שפּיטאָל און זיך געערגערט איבער דעם, וואָס איך האָב געבעטן מיך איבערצופירן. זייענדיק דאָ, אינעם מיליטערישן לאַזאַרעט, האָב איך ערשט געקאָנט אָפּשאַצן די באַהאַנדלונג און באַציאונג אינעם שפּיטאָל פון „זעמסקע־סאָיוז”. עס איז אָבער געווען אַ פאַרפאַלענע זאַך און איך האָב געמוזט שאָלעם מאַכן מיט דעם. סיי ווי סיי האָט עס אויסגעזען, אַז איך וועל אינגיכן אַרויס פון שפּיטאָל, ווייל דער פוס, — ווי דער דאָקטער האָט צוגעזאָגט, — האָט זיך וואונדערלעך גוט געהיילט.

אַז איך בין אַרויס פון שפּיטאָל, האָב איך טאַקע געהאַט מיינע ביידע פיס, אָבער איך האָב נאָך געהאַט שטאַרקע ווייטיקן בעאייסן גיין. דער דאָקטער האָט מיך אָבער פאַרזיכערט, אַז עס וועט אינגיכן אויפהערן. ער האָט מיך דערביי געראָטן זיך צו פלייסן אַוועקגעשיקט צו ווערן אין אַן אָפּרו־הויז אויף אַ שטיקל־צייט...

דאָס איז אָבער געווען אַן אומעגלעכקייט. די נייע רעגירונג פון גרוזיע, אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע, האָט נישט באַוויזן איינצושטעלן אָרדענונג אין לאַנד, און די אַלע פאַרשידענע סאַנאַטאָריעס און אָפּרו־הייזער האָבן נאָך אַלץ — פונקט ווי פריער — געהערט צו פריוואַטע מענטשן, און ווער עס האָט נישט פאַרמאָגט קיין געלט, האָט זיך נישט געקאָנט באַנוצן מיט זיי...

נישט האָבנדיק קיין אַנדערע ברירע, האָב איך זיך — אַן אַנגעלענטער אויפן שטעקן — אַרויסגעלאָזט איבער דער שטאָט, זוכן אַ וואוין־צימער פאַר זיך און אויך אַ קוק טאָן וועגן פּרנסה. פאַרן קיין וואַרשע האָב איך נישט געהאַט

צוליב וואָס. מיין גאַנצע פאַמיליע איז שוין, פון נאָך פאַר דער מילכאָמע, געווען אין אַמעריקע, וואוהין איך אַליין האָב קיין כּיישעק נישט געהאַט צו פאָרן...

* * * * *

איך האָב באַגעגנט אַ פּאָר געוועזענע סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך איינגעאָרדנט און געבליבן וואוינען אין טיפליס. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז עס האַלט זיך ביים גרינדן אַ פאַרבאַנד פון געוועזענע מיליטער־לייט, וואָס זאָל זיך אָפּגעבן מיט די פּראָבלעמען פון די וואָגלענדיקע אידישע סאָלדאַטן, וועלכע זענען געבליבן שטעקן אין שטאָט אָן מעגלעכקייטן צו פאָרן ווייטער, קעדיי זיך צו דערשלאָגן צו זייערע אייגענע היים־שטעט.

איך בין אַוועק אין הויז פון דער אידישער קעהילע אף בעלגישער גאַס און אַריינגעגאַנגען צו דער זיצונג פונעם איניציאַטיוו־קאָמיטעט. גראַד ביי מיין אַריינ־קומען האָט געהאַלטן אין רעדן איינער פונעם קאָמיטעט, דער מיליטער־דאָקטער טאַרנאָגראַדסקי — אַ שיינער הויכער מאַן מיט אַ פיינער בלאָנדער באָרד. ער האָט דערציילט, אַז די וואָגלענדיקע אידישע סאָלדאַטן, וואָס ווילן אַהיימפאָרן און ווענדן זיך נאָך הילף צו דער קאַסירערין פונעם לאָקאַלן צדאָקע־קאָמיטעט, שטייען זיך אויס כּאַרפּעס און דערנידעריקונגען, איידער זיי קריגן די באַשטימטע פינף רובל, וואָס זענען קוים גענוג אף צו דערפאָרן ביז באַקו — דעם ערשטן אידישן צענטער נאָך טיפליס. ער האָט דערקלערט, אַז מען וואָלט געדאַרפט בעטן באַ זיי אַ בעסערע באַציאונג און, צו דער זעלבער צייט, זען צו שאַפן אייגענע מיטלען, קעדיי צו געבן די נויטבאַדאַרפטיקע מער הילף...

נאָך אים האָב איך געבעטן אַ וואָרט און דערקלערט, אַז עס וואָלט געווען פיל בעסער אויפצופאָדערן די צדאָקע־כּעוורע, זי זאָל איבערגעבן אַ געוויסע סומע דעם ניי־געגרינדעטן פאַריין פון מיליטער־לייט, קעדיי די אָרגאַניזאַציע אַליין זאָל אויסטיילן די הילף און איינשפּאָרן די סאָלדאַטן די דערנידעריקונגען.

— ערשטענס, — האָב איך מאָטיווירט מיין פאָרשלאָג, — וועט דאָס באַפרייען די אידישע נויטבאַדאַרפטיקע סאָלדאַטן פון דורכגיין די פּיין פון שפּיילעס ביים בעטן די פּאָר רובל ביי מענטשן, וואָס זענען סיי לויטן שטאַנד און סיי לויטן באַ־גריף אַזעלכע, וואָס פאַרשטיין נישט דעם סאָלדאַט און באַטראַכטן אים ווי אַ שנאָרער, וועלכער קומט נאָך אַ נעדאָווע. צווייטנס, וועט די סאָלדאַטן־אָרגאַני־זאַציע קאָנען אָנהאַלטן אַ בעסערן קאָנטראָל צו זען, אַז קיין שווינדלער זאָלן נישט קומען בעטן געלט צו עטלעכע מאָל אונטער פאַרשידענע נעמען, און דורך דעם באַרויבן אַנדערע סאָלדאַטן פון זייער באַרעכטיקטער הילף.

מיינע רייד זענען אויפגענומען געוואָרן מיט באַגיטיקונג פון אַלע בייזייענדיקע און פונעם צייטווייליקן קאָמיטעט, און מען האָט מיך גלייך צוגעצויגן פאַר אַ מיטגליד. שפּעטער, ביי דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג, בין איך דערוויילט געוואָרן פאַר סעקרעטאַר און האָב באַקומען אַן אויפגאַב צו זען ווירקן ביי דער צדאָקע־כּעוורע די נויטיקע קאָנצעסיעס, און דערביי איינשטעלן אַ געהעריקן קאָמיטעט.

וואָס זאָל יעדן אָוונט זיצן אין קאָנטאָר פון פאַרבאַנד, אַף אַרויסצוגעבן די גע־העריקע הילף צו סאָלדאַטן, וואָס וועלן זיך מעלדן נאָך דעם.

צוליבן דערפאָלג פון פאַריין אין העלפן און רעגולירן די נויטן פון די וואָגלענדיקע סאָלדאַטן, זענען מיר — איך, דאָקטער טאַרנאָגראַדסקי און דאָקטער ראַטנער, אויך אַ מיטגליד פון קאָמיטעט — אָפט געפאָרן קיין באַקו, צו העלפן אויך דאָרט איינשטעלן אַ פאַרבאַנד אויף צו העלפן די דאָרטיקע מיליטער־לייט...

די דאָזיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט האָט מיר אָבער קיין פּאַרנאָסע נישט געגעבן. מיין אַמט איז געוועזן אַן אומבאַצאָלטער, און צו קריגן אַרבעט אין טיפ־ליס איז געווען קימאַט אַן אומעגלעכקייט. ביי שילדן־מאַלעריי איז געווען טויט. עס איז דעריבער געבליבן פאַר מיר איין זאַך צו טאָן — דאָס וואָס דאָס ראָוו פון די פאַרוואָגלטע סאָלדאַטן אין טיפליס האָבן געטאָן — אַרויסצופאָרן ערגעץ אין אַ דערבייאיקער געגנט און פון דאָרט אַהערברענגען געוויסע פּראָדוקטן...

איך — ווייל איך בין אַביסל באַקאַנט געווען מיט דערעבענט, פון דער צייט ווען מיר האָבן דאָרט געפירט דעם קאַמף קעגן די ווייסע באַנדעס — האָב באַשלאָסן אַהינצופאָרן און אַהערברענגען אַ צאָל פעסלעך מיט הערינג, — אַ פּראָדוקט, וואָס איז לאַכלוטן נישט געווען צו קריגן אין שטאָט פון זינט דער רעוואָלוציע. איך האָב געמאָלדן אין קאָמיטעט וועגן מיין אָפּפאָר, אַף איבער דער צייט איבערגעגעבן מיינע פליכטן צו אַ צווייטן, און בין אָוועקגעפאָרן קיין דערעבענט. קיין רייזע־קאָסטן, פּונקט ווי פאַר פראַכט, האָט דעמאָלט קיינער אין אַ סאָלדאַטן־מונדיר נישט געצאָלט. האָב איך געקויפט צען פעסלעך הערינג, זיי אויפגעלאָדן אין אַ ליידיקן פראַכט־וואַגאָן, וואָס האָט געדאַרפט פאָרן קיין באַטום, געבראַכט די הערינג קיין טיפליס און גלייך, טאַקע ביים וואָקזאַל, זיי פאַרקויפט מיט היפשן רעווער, וואָס האָט מיר אַף אַ צייט געקלעקט אַף הויצאָעס. שפּעטער, אַז דאָס געלט האָט שוין געהאַלטן ביים אויסלאָזן זיך, בין איך ווידעראַמאָל געפאָרן, ווידער גע־בראַכט צען פעסלעך הערינג און ווידער פאַרדינט אַף אַ פאָר כאַדאָשים פּאַרנאָסע.

ביסלעכוויז בין איך געוואָרן אַ טוישעוו אין טיפליס. איך האָב אָנגעהויבן גיין צו די בעלער, וואָס די דאָרטיקע אידן האָבן דורכגעפירט יעדן שאַבעס־צו־נאַכט אינעם זאָל אַף בעלגישער גאַס. די בעלער, וואָס זענען געגאַנגען אונטערן נאָמען „אַ שעלעכל טיי", זענען געווען אינטערעסאַנט און האָבן אַריינגעבראַכט אַ האַכנאָסע פאַר דער דאָרטיקער צדאָקע. דער אוילעם איז געזעסן אַרום טישלעך, געטרונקען טיי מיט טאָרט, וואָס די דאַמעס האָבן געבאַקן, און מען האָט זיך דערביי צוגע־הערט צו די דעקלאַמאַציעס, געזאַנג און שפּיל פון אָנגעזעענע אידישע קינסטלער. אָבער די פאָרטראָגן זענען ס'רוב געווען אין רוסיש און דאָס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן. איך האָב געטראַכט, פאַרוואָס זאָל מען נישט געבן עפּעס אויך אין זאַפּטיקן, פּראַכטיקן אידיש. איינמאָל, פאַר אַזאַ אָוונט, האָב איך זיך אַליין פאַר־געשלאָגן אויפצוטרעטן מיט אַ פאָרלעזונג פון שאָלעם־אַליינעמען און טאַקע פאָרגעלייענט „דעם דייטש", פונעם בוך וואָס איך האָב מיט זיך מיטגעבראַכט. דער

אוילעם איז מאַמעש געווען באַגייסטערט פונעם זעלטן־געהערטן, אָבער שטאַרק־געגאַרטן אידישן וואָרט. אויגן זענען אָנגעגאָסן געוואָרן מיט עפּעס אַזאַ היימיש־וואַרעמען גלאַנץ, פּענימער האָבן זיך צעלויכטן און הענט האָבן היסלאַיוועסדיק געפּלעסקעט ביים אַפּלאָדירן, אַקוראַט ווי מען וואָלט זיך געפרייט ביי דער כאַסענע פון אַן אייגענער, שוין לאַנג נישט געזעענער טאָכטער. מען האָט געפּאָדערט מער און מער און איך בין געווען געצוואונגען קימאַט יעדן שאַבעס־צו־נאַכט אויפצוטרעטן מיט פאָרלייענונגען.

איינמאָל, נאָך אַזאַ אויפטריט מיינעם, איז צו מיר צוגעקומען אַ יונגע פרוי, זיך פאָרגעשטעלט פאַר מיר און, ווי מיט פאָרוואורף, אַ זאָג געטאָן:

— פאַרוואָס זאָלט איר זיך נישט אָנשליסן אין אונדזער דראַמאַטישער געזעלשאַפט? אָ, מיר דאַרפן דאָך אַזוי נויטיק האָבן נייע יונגע קויכעס!...

זי האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס און די צייט ווען עס דאַרף זיין אַ זיצונג פון דער פאַרוואַלטונג און באַשטאַנען, אַז איך זאָל אומבאַדינגט קומען:

— איך וועל אייך פאָרשלאָגן פאַר אַ מיטגליד, — האָט זי ליב געשמייכלט, — און איך דערוואַרט, אַז איר וועט מיך נישט אַנטוישן...

— אַ דאַנק פאַר אייער אינטערעס און צוטרוי, מאַדאַם אַווגוסטאָווסקי־קאַגאַן, — האָב איך געזאָגט, — איך האָף, אַז מיר וועלן נאָך שפּילן אַמאָל צוזאַמען...

צום באַשטימטן אָוונט בין איך געקומען צו דער זיצונג, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט אַרום אַכט פּערזאָן. לויטן ערשטן קוק אויף זיי האָב איך גלייך געזען, אַז דאָס זענען מענטשן נישט פון מיין קלאַס. אַלע — אַזעלכע זעלבסטצופרידענע און וואוילהאָבנדיקע. איך האָב אַפילע געטראַכט צו בעטן דער מאַדאַם אַווגוסטאָווסקי־קאַגאַן, זי זאָל מיך נישט פאָרשלאָגן פאַר קיין מיטגליד, אָבער זיך גלייך באַרעכנט, אַז אויב די דאָזיקע מענטשן גיבן זיך אָפּ מיט דער אידישער קולטור אין אָט דער רוסיפיצירטער שטאָט צווישן די אַסימילירטע און אָפּגעפרעמדטע אידן, מאַכט שוין נישט אויס ווער זיי זענען...

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז קימאַט די גאַנצע פאַרוואַלטונג, דער איקער די מענער, באַשטאַנען פון רייכע לייט, סאָכרים. בונימאָוויטש, לעמאָשל, — גענעראַל־פאָרטרעטער פון דער פאַרזיכערונג־געזעלשאַפט „ראָסיאַ"; יאַנאָווסקי — אַ ברילִיאַנטן־סויכער; אָרלאָוו — אַ סויכער פון עלעקטרישע איינריכטונגען; די ברידער יאַפע — גרויסע אימפּאָרטירערס; קאַצענעלבאָגן — אַ דענטיסט פון הויכן קלאַס, און אַפילע די פרויען אויך פון וואוילהאָבנדיקן מיטל־קלאַס...

נאָכדעם ווי די פאַרוואַלטונג האָט געהאַט באַהאַנדלט געוויסע איניאָנים און באַשלאָסן די קומענדיקע אויפפירונג, דעם פּערסאָנאַל און רעזשיסער, האָט די מאַדאַם אַווגוסטאָווסקי־קאַגאַן מיך פאָרגעשלאָגן פאַר אַ מיטגליד. גלייך האָבן אַלע, וואָס זענען פריער געווען פאַרנומען מיט דעבאַטירן און מיך קימאַט ווי נישט באַמערקט, אַ קער געטאָן די אויגן אויף מיר, אַז איך האָב זיך אַזש דערפילט אומבאַקוועם. נאָך אַ רעגע שווייגן, האָט דער יוסטער בונימאָוויטש אַ זאָג געטאָן:

— איידער מיר נעמען אָן דעם פאָרשלאָג, האָב איך אַ פראַגע צום יונגנמאַן.
און, נישט וואַרטנדיק אַף דערלויבעניש פונעם פאָרזיצער, געפרעגט:
— איך זע, איר טראָגט אַ סאָלדאַטן־שינעל. מיינט עס, אַז איר זענט נאָך אין דער אַרמיי, אָדער וואָס?...
איך האָב אים פאַרכידעשט אָנגעקוקט און נישט געענטפערט.
— איר פאַרשטייט, יונגערמאַן, — האָט בונימאָוויטש פאַרגעזעצט, און איך האָב געפילט אַז ער רעדט מיט אויטאָריטעט, אויסדריקנדיק די מיינונג פון אַלע אַרומזיצנדיקע, — מיר האָבן אַ פּונקט אין אונדזער „אוסטאַוו" (געזעצן), אַז מיר טאָרן נישט אַריינעמען פאַר אַ מיטגליד אין אונדזער דראַמאַטישער געזעלשאַפט קיין מיליטער־לייט פון נידעריקערן ראַנג...
— וואָס טוט זיך דאָ, מיינע הערן? — האָב איך ביטער געשריגן, — איך וויל דאָ נישט רעדן וועגן דער נאַרישקייט פון אַזאַ געזעץ. איך וויל בלויז פרעגן, צי ווייסט איר גאָרנישט, אַז אין רוסלאַנד איז פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע און עס גילטן מער נישט קיין צאַרישע באַגרענעצנדיקע געזעצן? אָדער...
בונימאָוויטש האָט זיך נישט געקימערט פון מיין פאָרוואורף און געזאָגט:
— עס קאָן זיין, יונגערמאַן, אַז איר זענט גערעכט. אָבער מיר האָבן דאָך אַזאַ „אוסטאַוו". עפשער דאַרף מען אים טאַקע בייטן, אָבער דערווייל...
איינער פון די יאָפע־ברידער איז אַרויסגעטראָטן:
— דערווייל האַנדלען מיר דאָ נישט וועגן בייטן אָדער אַרויסנעמען פּונקטן אין אונדזערע געזעצן. ווען מיר וועלן רופן אַן אַלגעמיינע מיטגליד־פאַרזאַמלונג, וועט מען דעמאָלט באַשליסן. וועט זיך די נייע דעמאָקראַטישע אָרדענונג טאַקע באַפעסטיקן, וועלן מיר, פאַרשטייט זיך, דאַרפן בייטן. אויב אָבער...
אַלע מענער, אַ כוץ יאַנאָווסקין, האָבן אַפּלאָדירט זיינע רייד. יאַנאָווסקי האָט זיך אויפגעשטעלט, אַ שמאַרע געטאָן מיט דער נאָז, וואָס דאָס איז געווען זיינס אַ נערוועזע געוואוינשאַפט, און געזאָגט:
— איך מיין, גאַספּאַדאַ, אַז מיר האַנדלען דאָ נישט ריכטיק. וואָס הייסט, אויב עס וועט זיך באַפעסטיקן די דעמאָקראַטישע אָרדענונג? וואָס זשע, איר ווילט, אַז מען זאָל אונדז האַלטן פאַר קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן?!...
דאָס האָט אַפּאָנים געווירקט. די עטלעכע „אַריסטאָקראַטן" האָבן זיך ווי איינגעקאָרטשעטע אין זיך אַריין און אַנטשוויגן געוואָרן. יאַנאָווסקי האָט געמאַכט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל גלייך פאַררופן אַן אַלגעמיינע מיטגלידער־פאַרזאַמלונג, אויפצונעמען די פראַגע וועגן דעם פאַרעלטערטן „אוסטאַוו", און דערווייל זאָל מען מיך אַריינעמען פאַר אַ צייטווייליקן, נישט־פולבאַרעכטיקטן מיטגליד, אָן שטים־רעכט, פאַרשטייט זיך, נאָר מיט רעכט פון פולער באַטייליקונג...
איך האָב פּראָטעסטירט און געזאָגט, אַז אויב איך טרעט אַריין פאַר אַ מיטגליד, וועל איך עס טאָן בלויז אַף פולער גלייכבאַרעכטיקונג און שטימרעכט. האָט מען מיך געבעטן אַרויסגיין אַף אַ ווייל פון צימער און אינדערשטיל באַשמועסט

וואָס צו טאָן. ווען מען האָט מיך צוריק אַריינגערופן, האָט די מאַדאַם אַווגוסטאָוו־סקי־קאָגאַן מיך באַגריסט מיט מיין אָנגענומען ווערן...

איך בין געוואָרן אַ מיטגליד אין דער דראַמאַטישער געזעלשאַפט. ביי דער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז דער „אוסטאָוו״ געביטן געוואָרן. און מאַדנע: יעדער איינער האָט דאָן געטאַינעט, אַז ער איז טאָמיד געווען קעגן דעם פינצטערן, אויטאָקראַטיש־צאַרישן „אוסטאָוו״ און אַז עס איז שוין לאַנג צייט געווען איינ־צופירן אַן עמעסע קאָנסטיטוציע מיט גלייכבאַרעכטיקונג פאַר אַלעמען...

די טיפליסער דראַמאַטישע געזעלשאַפט איז געווען אַ מאַזלדיקע. זי האָט געשפּילט אידיש טעאַטער אונטערן צאַר, בעאייס איבער גאַנץ רוסלאַנד האָט מען עס געדאַרפט מאַסקירן מיט „דייטש״. זי האָט געהאַט אַ גרויסאַרטיק טעאַטער מיט דעקאָראַציעס, קאָסטיומען, פּאַרוקן און גרים — פאַר אַן אָפּצאָל פון עטלעכע רובל אַ יאָר. דאָס איז געווען צו פאַרדאַנקען אַן אַרמענער מיטן נאָמען זובאַלאָוו. וועלכער האָט אויפגעבויט און אויף זיין נאָמען געלאָזט דער שטאָט אַ פאָלקס־הויז, מיט אַ טעאַטער־זאַל, אַ ביבליאָטעק, ספּאָרט־צימערן און דאָס גלייכן. ער האָט אָבער געשטעלט איין באַדינג, אַז אַלע מינאָריטעטן, וואָס וואוינען אין טיפליס, זאָלן זיך פריי באַנוצן מיט דעם, און אַז דאָס הויז ווערט צוריקגעצויגן אויב מען וועט קעגן וועמען עס איז דיסקרימינירן...

סיי ווי סיי, איך האָב זיך אַקטיוו באַטייליקט סיי דורך מיטשפּילן און סיי אין דער פאַרוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט. אינגיכן האָט מען מיר איבערגעגעבן אויפצופירן אַ נייע פּיעסע און איך בין געוואָרן איינער פון די רעזשיסערן אין דער טעאַטער־גרופּע...



אַ טייל מיטגלידער פונעם טיפליסער דראַמאַטישן קרייז (דער מעכאַבער — אונטן, רעכטס).

# קאָרטן־שטיבלעך

אין טיפליס האָב איך זיך איינגעלעבט אי פּאָליטיש אי געזעלשאַפטלעך, אָבער עפּעס האָט מיר דאָך געפעלט. איך האָב זיך געפילט איינזאַם. מיין דירע — אַ פיצל קעמערל, וואו איך האָב זיך קוים געקאָנט אַ באַוועג טאָן ווען איך בין אַרונטער פונעם שמאָלן אייזערנעם בעטל — האָט נאָך פאַרשווערט מיין איינזאַמקייט. און כאָטש איך האָב זיך שוין געהאַט דערוואָרבן פיל פריינט, אַ פּאָזיציע אין דראַמאַטישן קרייז און אין דער לינק־רעוואָלוציאָנערער פּויאַליי־ציאָן פּאַרטיי, וועלכע איז אין טיפליס געפירט געוואָרן פון אַווראָם מאַכטיי, — האָב איך אָבער אין די פרייע אָוונטן זיך געפילט פאַרלוירן. איך האָב געשפּירט, אַז איך גיי אויס פון בענקשאַפט נאָך אַן אייגענעם, אַ נאָענטן...

קיין פּאַרנאָסע איז אויך נישט געווען. קיין אַרבעט איז נישט געווען צו געפינען — כאָטש אויסצוגיין. פיל געוועזענע סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אַף פאַרשידענע האַנדל־געביטן. טייל זענען געפאָרן קיין רוסלאַנד, אַריינשמוגלענדיק בראַנפן אין ספּעציעלע קאַנען, וואָס זיי האָבן געלאָזט מאַכן צוגעפּאַסט צום פאָרעם פונעם בויך און די פיס. אַנדערע זענען געפאָרן קיין קוטאַיס און פון דאָרט געבראַכט זעק מיט זאַמד־צוקער. די באַן־וואַגאָנען זענען טאָמיד געווען פול מיט זעלנעריש־געקליידטע כעוורע, וואָס האָבן אָנגעפּאַקט אַף די פּאָליצעס און אונטער די בענק זעק מיט צוקער און אַנדערע סכוירעס. די מיליציאַנטן האָבן זיך געמאַכט ווי נישט־זעענדיק, ווייל זיי האָבן צום אייסעק נישט צוגעלייגט...

די אָפּזונדערונג מיצאַד קאַווקאַז פון איבעריקן גאַנצן רוסלאַנד, האָט געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג אַפן גאַנצן האַנדל און פּראָדוקציע. דאָס ביסל סכוירע, וואָס מען האָט יאָ אַריינגעפירט, איז געווען זייער טייער. מענטשן האָבן זיך גענומען צו האַנדלען מיט יעדן מין אַרטיקל, וואָס מען האָט נאָר ביי זיך אין הויז געפונען. אַ פאַרזשאַווערטער טשוואָק, אַ האַמער אָן אַ הענטל — זענען געווען טייערע סכוירעס. אַ פּאָר אַלטע הויזן, אַן אַלטמאָדיש פרויען־קליידל, צעקרימטע שיך — זעלטענע אויצרעס. אַפילע אַלטע שמאַטעדיקע קאָרטן האָט מען אַפן מאַרק פאַרקויפט צו רובל און צו צוויי אַ טאַליע. די סאַמע בעסטע סכוירעס זענען אָבער געווען זעלנערשע זאַכן: העמדלעך, שינעלן, שיך, ליילעכער, ציכלעך און דאָסגלייכן. די, וואָס האָבן געהאַט פאַרבינדונגען מיט אויפזעער פון מיליטער־סקלאַדעס, האָבן פאַרדינט מאַמעש אויצרעס בעשותפעס מיט יענע, וועלכע האָבן זיי אַרויסגעגעבן די סכוירעס פון די סקלאַדן, קעדיי זיי צו פאַרקויפן צו מאַרק־הענדלער...

איך האָב אַזעלכע פאַרבינדונגען נישט געהאַט און קיין אייגענע זאַכן אַף צום פאַרקויפן — אויך נישט. האָב איך פּראָבירט אָפּקויפן און צוריק פאַרקויפן, אָבער איך האָב זיך דערצו נישט אויסגעטויגט. איך האָב אָפּט באַצאָלט פאַר אַן אַרטיקל צוויי מאָל אַזויפיל ווי פאַל איך האָב דערפאַר געקאָנט קריגן.

דערווייל איז מיר מאַטעריעל געוואָרן אַלץ ערגער און ענגער. צום זומער צו, ווען די טעטיקייטן אין די אָרגאַניזאַציעס זענען אָפּגעשטעלט געוואָרן, בין איך געפאָרן מיט מיינס אַ באַקאַנטן קיין אָדעס, האָב מיט אים בעשוטפעס געקויפט מעדיקאַמענטן — מעדיצינישע אַרטיקלען, וואָס האָבן אויסגעפעלט אין טיפליס, און מיר האָבן נישקאָשעדיק פאַרדינט דערביי. איך האָב אָבער מער ווי דאָסמאָל נישט געוואָלט פאָרן, ווייל עס איז געווען ריזיקאַליש, סיי איבער דעם פּעטליורע־רעזשים אין אָדעס, און סיי איבער דעניקינס אין שוואַרץ־יאַם געביט. אַ כוץ דעם האָט זיך שוין מאַמעש נישט געלוינט צו פאָרן, ווייל איצט זענען שוין געקומען סאָכרים פון אָדעס אָפּצוקויפן די מעדיקאַמענטן אין טיפליס...

איך האָב ווידער גענומען זוכן אַרבעט, בין אַרומגעגאַנגען איבער די געשעפטן און געוואָלט אָננעמען אַרבעט פאַר זיך. אָבער די געשעפטלייט האָבן געהאַט זייערע אַלטע שילדן און אַפילע נישט געטראַכט וועגן לאָזן זיי איבערפאַרבן...

דעמאָלט, זיצנדיק אַזוי איינמאָל אין אָוונט באַ זיך אין קעמערל, האָב איך זיך פאַרבענקט נאָך טאַטע־מאַמע און ברידער־שוועסטער, וואָס אין אַמעריקע, און האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז עפּשער וואָלט געווען אַ פּלאַן, אַז איך... און כאָטש איך האָב ביז דאַן געהאַט באַקעמפט אין זיך יעדן געדאַנק וועגן פאָרן קיין אַמעריקע, — האָב איך אָנגעשריבן צום טאַטן אַ בריוו מיט אָנצוהערענישן...

איינמאָל, בעאייס עס האָט שוין פאַר מיר אויסגעזען, ווי דער הימל וואָלט צו דער ערד געפאַלן, האָב איך אין גאַס באַגעגנט מיינס אַ געוועזענעם אָפיצירס פרוי, וועלכע האָט געהאַט באַזונדערע געפילן צו מיר. זי האָט מיר דערציילט, אַז איר מאַן איז אַוועק פון איר און אַז איך וועל זיין ביי איר אַן אָנגעלייגטער גאַסט. דערנאָך, זיצנדיק מיט איר אין אַ „דוכאַן” ביי אַ גלעזל וויין, האָט זי — אָפּמעסטנדיק מיינע נישט צו גוטע קליידער — מיך פּלוצים אַ פרעג געטאָן:

— נו, און מיט וואָס באַשעפטיקט איר זיך איצט? איך מיין...

— דערווייל, — האָב איך אומבאַקוועם געענטפערט, — דערווייל טו איך גאָרנישט. עס איז נישטאָ וואָס צו טאָן און ביי וואָס עפּעס צו פאַרדינען...

— זעט איר, — האָט זי שמייכלענדיק זיך געכיינדלט, — ווען איר וואָלט זיך אָבער געהאַלטן נאָענט מיט אייערע פריינט, וואָלט איר דורך זיי זיכער געקאָנט געפינען עפּעס. אָט, איך, אַשטייגער, וואָלט אייך געקאָנט רעקאָמענדירן...

איך האָב אויפגעהויבן מיינע בליקן. זי איז אָנגעגאַנגען:

— יאָ, איך וואָלט אייך, לעמאָשל, געקאָנט פאַרבינדן מיט אַ פּערזאָן, וואָס פאַרמאָגט טויזנטער טאַליעס איין־מאָל־געשפּילטע קאָרטן, און איר וואָלט געקאָנט גוט פאַרדינען אין דעם. דאָס איז איצט ביי אונדז גוטע סכוירע...

אפן מאָמענט האָט מיר אָט דער איניען אויסגעזען לעכערלעך. „וואָסער געשעפט איז עס גאָר קאָרטן?" — האָב איך געטראַכט, — „וויפל דאַרף מען זיי דאָס גאָר האָבן און, דער איקער, וויפל קאָן מען עס איינגאַנצן פאַרדינען דערביי?"... אָבער זי, מיין פריינט, האָט מיר געגומען אויפקלערן דעם איניען:

— איר פאַרשטייט, — האָט זי, וואַרעם־דריקנדיק מיין האַנט, מיר געזאָגט, — אייך וועט אַ טאַליע קאָרטן קאָסטן אַ פינף־צען קאָפּיקעס, און איר וועט זיי קאָנען פאַרקויפן צו די מאַרק־הענדלער צו רובל אָדער מער — לויטן מאַרק־פּרייז...

איך האָב געשמייכלט און פאַרזיכטיק צוגעוואָרפן:

— נו, און איר, עליזאַוועטאַ פעטראָוונאַ, איר וועט דאָך אויך דאַרפן עפּעס פאַרדינען אין דעם געשעפט, ניין?...

זי האָט קאָקעטיש אַ שמייכל געטאָן, אַזוי אַז די קנייטשלעך אַרום אירע גרויע אויגן און אַרום מויל האָבן זיך ווי פאַרלוירן און זי האָט אפן מאָמענט אויסגעזען יונג, שיין און אַפילו רייצנדיק־באַגערעריש. אירע פולע, צוגעפּאַרבטע ליפּן האָבן זיך אַ וויקל געטאָן מיט עפּעס אַזאַ הונגעריק־אַרויסרופערישער ליידנשאַפט און זי האָט ווי אויסגעזונגען:

— איך? אָ, וואָס דאַרף דען אַ פרוי? אַ פרוי קאָן זיך באַגיין מיט אַ קוש אנשטאָט פרישטיק, אַ גלעט אנשטאָט מיטיק, און אַ צערטל — אנשטאָט אַ קליידל...

זי האָט ווידער אַ שפיל געטאָן איבער מיין האַנט מיט אירע הייסע, אומרו־איקע פינגער און, מיט אַ בליק אין אירע גרויע אויגן, צוגעגעבן:

— ניין, ערנסט גערעדט, איך נויטיק זיך נישט אין קיין פאַרדינסטן און וואָלט נישט גענומען. נאָך אַלעמען זענען מיר דאָך עפּעס גוטע פריינט...

זי האָט צוגערופן אַ דראָשקע און מיר זענען צוגעפאָרן צום אַריסטאָקראַטישן גרוזינישן קלוב. זי האָט דעם שווייצאַר געגעבן איר וויזיט־קאַרטל און אין אַ ווייל שפּעטער זענען מיר שוין געזעסן אין קאָנטאָר מיטן פאַרוואַלטער.

זי האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר אים און געזאָגט וואָס זי וויל ער זאָל טאָן פאַר מיר. ער האָט זיך אַביסל געקווענקלט, געזאָגט, אַז ער האָט זיינע פריערדיקע אַלטע אָפּקויפער און אַז ער וואָלט נישט וועלן זיך איינשאַפן קיין סאָנים. אָבער זי, עליזאַוועטאַ פעטראָוונאַ, האָט אף אים אַ שטעל אָן געטאָן אירע שפּילעוודיק־גרויע אויגן און די רויטע אָנגעברויגעזטע ליפּן מיט דעם זעלביקן רייצנדיקן כיין ווי פריער אף מיר, און ער האָט גלייך נאָכגעגעבן.

ער האָט מיך אַרונטערגענומען אין קעלער אונטער דער קאָנטאָר, און איך האָב פאַר זיך דערזען גרויסע קעלער־צימערן — באַשטעלט מיט פאַליצעס אַרום די ווענט און מאַסן פעקלעך קאָרטן געדיכט אָנגעלייגט אף זיי. ער האָט גלייך געקראָגן פון ערגעץ אַ ליידיק זאַליץ־זעקל און מיך אַ פרעג געטאָן:

— וויפל טאַליעס וואָלט איר וועלן האָבן איצט, פאַרן ערשטן מאָל?...

— כ'ווייס, — האָט איך זיך געאיישעוועט, — גיט מיר דערווייל אַ הונדערט, אָדער צוויי הונדערט פעשלעך, אויב עס מאַכט נישט אויס פאַר אייך...

ער האָט מיך געהייסן האַלטן דעם זאַק צעעפנט און גענומען אַריינצײלן די טאַליעס קאָרטן, וואָס זענען אין פּאָרלעך געווען צוזאַמענגעבונדן מיט אַ פּאָדים:

— איר פאַרשטייט, מיין פריינט, — האָט ער מיר דערקלערט, — זיי קומען אין פּאָרלעך דאָ פון דער „באַקאַראַ"־שפּיל. יעדע טאַליע האָט אַן אַנדער קאָליר און געמעל אפן „העמדל". עס קאָן זיין, אַז אין איין טאַליע זאָל פעלן אַ געוויסע קאָרט, וואָס איר וועט געפינען אין אַ צווייטער טאַליע ווער ווייסט וואו. איר וועט דערפאַר פריער דאַרפן די קאָרטן דורכקאָנטראָלירן, סאָרטירן און דערגאַנצן...

איך האָב גענומען דעם זאַק קאָרטן און בין צוריק אַרויף מיטן פּאַרוואַלטער אין קאָנטאָר, וואו עליזאַוועטאַ פּעטראָוונאַ האָט געוואָרט. איך האָב באַצאָלט צען רובל און אים באַדאַנקט. זי האָט ווידער אַ שמייכל געטאָן צו אים:

— איך האָף, אַלעקסעי אַראַמיאַנאָוויטש, אַז איר וועט גוט באַהאַנדלען אונ־דזער פריינט און אים געבן סכוירע ווען ער וועט דאַרפן...

ער איז צוגעטראָטן צו איר, עלעגאַנט גענומען איר האַנט אין זייבער, זי צוגעטראָגן צו זיינע ליפּן און דערנאָך, מיט צעגאָסענער זיסקייט, געזאָגט:

— אָ, וואָסער פראַגע, עליזאַוועטאַ פּעטראָוונאַ! אַפילו אַ מיליאָן טאַליעס!... וואָס וועל איך דען נישט טאָן פאַר אַזאַ ליבן פריינט ווי איר. מיין טייערע...

ער האָט געעפנט אַ פלאַש וויין, אָנגעגאָסן דריי גלעזער און מיך געבעטן צו טרינקען פאַרן געזונט פון דער געערטער דאַמע, עליזאַוועטאַ פּעטראָוונאַ...

איך האָב זיך געזעגנט, געלאָזט זיי ביידע אין קאָנטאָר און בין אַוועק. איך האָב גענומען אַ דראָשקע און אַוועקגעפאָרן מיט די קאָרטן צו זיך אין קעמערל. דאָרט האָב איך זיך אַ נעם געטאָן צום נאָכקאָנטראָלירן זיי און צוזאַמענצושטעלן פון זיי פולע, נישט־געמישטע פּעשלעך, — אַ גאַנץ שווערע אַרבעט...

צום ערשטן האָב איך אַף דער קאָלדרע פון מיין בעטל אויסגעלייגט די קאָרטן לויט די קאָלירן און געמעלן פון די „העמדלעך", און גלייך האָבן זיך געשאַפן אַריבער צוואַנציק פאַרשידנאַרטיקייטן. נאָכדעם, אַז אַלע קאָרטן זענען שוין געווען אויסגעלייגט און איינגעטיילט, האָב איך גענומען איין געוויסן קאָליר און געמעל און זיי פאַנאַנדערגעטיילט לויט די „פאַרבן" — רויט צו רויט, אייכאַ צו אייכאַ, גרין צו גרין און שעל צו שעל. פּאַרטיק מיט דעם, האָב איך ערשט יעדע „פאַרב" צעלייגט לויט די „מינים" — טויזן באַזונדער, איינסלעך, צווייטלעך, מעלאָכים, מאַלקעס און אַזוי ווייטער. ערשט נאָך דעם, אַז איך האָב שוין געהאַט אַלע „מינים" פונעם באַשטימטן קאָליר, האָב איך פון יעדער קופּקע גענומען אַן איינציקע קאָרט און אַזויאַרום צוזאַמענגעשטעלט אַ פולע טאַליע, וואָס איך האָב פאַרבונדן מיט אַ פאָדים באַזונדער. אַזוי האָב איך אָפּגעאַרבעט ביזן אָוונט...

אַף צומאָרגנס בין איך אַרויס אפן מאַרק מיט עטלעכע פּעשלעך קאָרטן אין קעשענע. איך בין צוגעגאַנגען צו איינעם, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט מיט צווי טאַליעס קאָרטן אין דער האַנט, און האָב אים אַ פרעג געטאָן:

— וויפל לייזסטו אַ טאַליע קאָרטן, לאַנדסמאַן?...

— צוויי רובל! — האָט ער געשעפטמעסיק־טרוקן געענטפערט.

— און וויפל וואָלסטו מיר געצאָלט פאַר מיינס אַ טאַליע קאַרטן? — האָב איך אים געוויזן מיין סכוירע, — מיינע זעגען קימאַט נייע, אומגענוצטע...

— וויפל האָסטו זיי? — איז ער גיריק ווי צוגעזאָטן געוואָרן צו מיר.

— מער ווי דו ווייסט דאַרפן, — האָב איך געלאַכט.

ער איז נישט אָפּגעטראָטן, פאַרגעלייגט צו רובל אַ טאַליע און טאַקע גלייך אָפּגעקויפט ביי מיר אַלע קאַרטן וואָס איך האָב געהאַט...

צומאָרגנס בין איך ווידער אַוועק אין גרוזינישן קלוב און שוין גענומען צוויי זעקלעך מיט קאַרטן. איך בין אַוועק אַהיים, זיך גענומען זיי סאָרטירן און אַזוי אָפּגעאַרבעט צוויי טעג ביז איך האָב זיי פאַרטיק געמאַכט. אָבער נאָך איידער איך בין פאַרטיק געוואָרן, איז מיין אָפּנעמער שוין געווען ביי מיר און זיי אַלע אָפּגעקויפט. אינגיכן האָבן זיך אויך אַנדערע דערוואוסט און מען איז געקומען צו מיר פון באַקו און באַטום צו קויפן אָט די „גאָלדענע" סכוירע...

וועגן פּאַרנאָסע האָב איך זיך שוין נישט געהאַט צו באַקלאָגן. דערפאַר אָבער איז מיין איינזאַמקייט געוואָרן שווערער און שאַרפער. איך האָב דעריבער באַשלאָסן נישט צו וואַרטן ביז איך וועל הערן פון אַמעריקע, נאָר זען כאַסענע האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, און זיך באַפרייען פון מיין באַגרעבעניש...

גראָד האָט זיך מיר פּונקט געמאַכט אַזאַ געלעגנהייט. איינמאָל, ביי אַ סימכעלע אין הויז פון מיינעם אַ פריינט, האָב איך זיך באַקאַנט מיט אַ מיידל פון אָדעס, וועלכע איז אַהערגעקומען צו גאַסט צו אירס אַ שוועסטער. איר שטילקייט און צוריקגעהאַלטנקייט האָט מיך אימפּאָנירט און — בעאייס איך האָב זי באַגלייט אַהיים, פאַרן געזעגענען זיך — זי דירעקט אַ פרעג געטאָן, צי זי וואָלט וועלן מיט מיר כאַסענע האָבן. אַ שעמעוודיקע האָט זי מיך אָנגעקוקט, נישט געמאַכט קיין אָנשטעל, אַז די פראַגע איז געקומען אומגעריכט און דערפאַר קאָן זי מיר גלייך נישט געבן קיין ענטפער. שטיל, קוים וואָס איך האָב געהערט, האָט זי אַ זאָג געטאָן, אַז איך געפעל איר אויך און זי האָפט, אַז מיר ביידע וועלן זיך אויסלערנען ווי צו אַכטן און ליב האָבן איינער דעם צווייטן...

צוויי וואָכן שפּעטער, פאַר פּייסעך אין 1918, האָבן מיר כאַסענע געהאַט און זיך אַריינגעקליבן אין אַן אייגענער דירע — אַ ריזיק צימער. דאָס איז מיר געפעלן, ווייל דאָרט האָב איך געקאָנט האָבן רעפּעטיצעס מיטן דראַמאַטישן קרייז, בעאייס איך וועל דאַרפן רעזשיסירן...

עטלעכע וואָכן נאָך מיין כאַסענע איז צו מיר אַריינגעקומען מיין אָפּנעמער און מיר געזאָגט, אַז ער האָט פאַר מיר אַ נייעם קוינע אַזש פון וולאַדיקאַווקאַז, וועלכער דאַרף און וויל קויפן קאַרטן אין די טויזנטער טאַליעס. דורכגעקומען מיט אים וועגן זיין מעקלעריי, האָט ער מיך צונויפגעפירט מיט יענעם קוינע, וועלכער האָט גלייך באַשטעלט טויזנט טאַליעס קאַרטן, מיט אַ פאַרלאַנג, אַז איך זאָל יעדע וואָך האָבן פאַר אים גרייט פּונקט אַזויפיל.

אַזוי זענען פאַרביי עטלעכע וואָכן. דער מאַן איז געקומען רעגולער, גענומען די טויזנט טאַליעס, וואָס איך האָב צוגעגרייט, באַצאָלט און איז אַוועק.

איינמאָל, אין אַ פאַרנאַכט, בעאייס איך בין געזעסן און סאָרטירט קאָרטן, האָט זיך צו מיר אין שטוב פּלוצים אַריינגעשטעלט פּאָליציי, פאַרנומען אַלע מיינע קאָרטן און מיך אין קאָמיסאַריאַט. איך בין געווען איבעראַשט. אף וויפל איך האָב געוואוסט און מען האָט מיר געזאָגט, האָב איך דאָ קיין שום אומגעזעצלעכע זאַך נישט געטאָן. גענוצטע קאָרטן האָט מען געמעגט פאַרקויפן.

ערשט אין קאָמיסאַריאַט האָב איך זיך דערוואוסט די סיבע פון מיין אַרעסט. נאַראָמאָוו, דער פאַרוואַלטער פון גרוזינישן קלוב, ביי וועמען איך האָב געקויפט די קאָרטן, איז דאָרט געשטאַנען און מיט קאַאס זיך געוואָרפן אף מיר:

— צען יאָר דאַרף מען אייך געבן דערפאַר! קיין סיביר פאַרשיקן, צו אַלדע טייוול!... געהערט אַ זאַך: איך טו אים אַ טויווע, ער זאָל האָבן פּאַרנאָסע, איז עס אים ווינציק; קלעפּט ער אַרויף פאַלשע באַנדעראָלן אף די אַלטע קאָרטן און פאַרקויפט זיי פאַר נייע! און נאָך צו וועמען? — צו אונדזער קלוב!...

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט מען זיך אין זיין קלוב געפירט אַזוי: בעאייס אַ באַדינער פלעגט עפענען אַ נייע טאַליע קאָרטן פאַר די שפּילער, האָט ער אף דער טויז־רויט אַרויפגעקלאַפּט דעם קלוב־שטעמפּל. די פאַרגאַנגענע וואָך, אָבער, ווען ער האָט געעפנט אַ טאַליע קאָרטן און געוואָלט אַרויפלייגן דעם שטעמפּל, האָט ער דערזען, אַז די טויז־רויט איז שוין אַ געשטעמפּלטע. האָט ער געעפנט אַ צווייטע און אַ דריטע טאַליע פון דעם זעלבן קאַסטן, וואָס דער קלוב האָט ערשט געהאַט געקויפט, און דערזען, אַז אַלע קאָרטן דאָרט זענען גענוצטע, נאָר גוט אַרומגערייניקטע, און אַז די באַנדעראָלן אף זיי זענען געפעלשטע...

נאַראָמאָוו איז געווען זיכער, אַז דאָס האָב איך געטאָן און מיך געלאָזט אַרעסטירן. עס האָט מיר גענומען אַ צייט אים צו באַרואיקן און פאַרזיכערן, אַז איך בין אומשולדיק, און אַז איך האָב אַ כשאַד אף מיינס אַ קוינע...

האָט מען מיך באַפרייט, כאָטש די קאָרטן האָט מען מיר שוין נישט אומגעקערט. מען האָב אָבער אַוועקגעשטעלט ביי מיר אין שטוב אַ פּאָליציסט אין ציווילן אָנטאָן און, בעאייס דער מאַן פון וולאַדיקאַווקאַז איז געקומען, ווי אַלעמאָל, נאָך פרישע קאָרטן, האָט מען אים אַרעסטירט און ער האָט זיך גלייך מוידע געווען. ער האָט זיך בלויז געכידעשט ווי אַזוי עס האָבן זיך דורכגעריסן די נישט־אָפּגעוואַשענע טייז, און ווי אַזוי אַ קאַסטן מיט גראָד אַזעלכע קאָרטן איז אָנגעקומען דאַווקע צום גרוזינישן קלוב, כאָטש ער האָט זיך געהיטן דערפון...

סיי ווי סיי, קיין קאָרטן האָב איך שוין מער נישט געקראָגן און מיין גאַנצע „פּאַרנאָסע” האָט מיטאַמאָל געפּלאַצט טאַקע נאָר ווי אַ קאָרטן־שטיבל...

* * * * *

**די קאַווקאַזער** שוטפעסדיקע רעפּובליק, וואָס איז באַשטאַנען פון די דריי נאַציאָנאַליטעטן־געגנטן: גרוזיע, אַרמעניע און אייזערביידזשאַן, איז זיך

צעפאַלן. די גרוזינער האָבן געשאַפן אַן אייגענע, גרוזינישע רעפובליק און אָנגע־הויבן אַ שאַרפע נאַציאָנאַליזירונג אין לאַנד. מען האָט אַרויסגעוואָרפן די נישט־גרוזינער פון די שטעלעס אין אַלע אַנשטאַלטן, סיי פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע און סיי רײן־קולטורעלע. אַפילו פאַר דער אָפּערע האָט מען פון אויסלאַנד געבראַכט שוואַכע דריט־קלאַסיקע זינגער, אַבי זיי זאָלן נאָר געווען גרוזינער, און זיי גע־שטעלט אנשטאָט די פריערדיקע — די אידישע, רוסישע און אַנדערע אַרטיסטן...

פאַר אַ נישט־גרוזין איז דעריבער געוואָרן פּאַשעט אומעגלעך צו עקזיסטירן. איך האָב זיך דורכגערעדט מיט מיין פרוי, און מיר האָבן באַשלאָסן צו פאָרן קיין אָדעס, צו אירע עלטערן. מיר האָבן אויספאַרקויפט דאָס ביסל אָרעמקייט, איינ־געפּאַקט די קליידער און בעטגעוואַנט אין איר ריזיקן קויש אַריין, און זיך פאַר־נומען קיין באַטום, — אין האָפענונג דאָרט צו קריגן אַ שיף קיין אָדעס, — אַ זאַך, וואָס איז אין יענע טעג געווען קימאַט אַן אומעגלעכקייט...

איך בין אָוועק צום פּאָרט און פון אַ מאַטראָז זיך דערוואוסט, אַז ביינאַכט דאַרף אָפּגיין אַ זעגל־שיפל קיין סוכום, וואו עס איז לייכטער צו געפינען אַ שיף קיין אָדעס. ער האָט מיך געבראַכט צום קאַפּיטאַן, וועמען איך האָב באַצאָלט צו פופציק רובל אַ פּאַרשוין, און אינמיטן נאַכט האָבן מיר — אַרום פופציק פּאַסאַ־זשירן, צעלייגטע אויפן דעק — אַרויסגעזעגלט אויפן קליינעם זעגל־שיפל „נאָש"...

צו אונדזער שלימאַזל האָט יענע נאַכט דער ווינט גאָר געבלאָזן צום ברעג צו, און וויפל דער קאַפּיטאַן האָט נישט מאַנעווּרירט מיט די זעגלען, איז דאָס שיפל אַלץ צוגעקומען צו אַן אַרויסשטראַץ אין יאַם, אַז ער האָט געדאַרפט זיך צוריק פאַרנעמען וויטער אין יאַם אַריין און זיך צוריקלאָזן, אין האָפענונג, אַז עפּשער וועט אים דאָסמאָל געלינגען זיך אַריבערצוכאַפּן אַריבערן אַרויסשטראַץ... בעאייסן דריטן פּרואוו איז פּלוצים צווישן די פּאַסאַזשירן אויפן שיפל אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־צופאַל. עפּעס אַ רוסישער טשינאָווניק, וואָס האָט צוליב דער נאַציאָנאַלי־זירונג פאַרלוירן די שטעלע און געפאָרן קיין רוסלאַנד, האָט זיך אָנגעפּרעסן מיט אוגערקעס און אַרבוזן, איז אינמיטן נאַכט קראַנק געוואָרן און איז, נאָך עטלעכע שאָ מאַטערן זיך, געשטאָרבן. דער קאַפּיטאַן האָט פּאַרקירעוועט צוריק קיין באַטום, וואו מען האָט אונדז פאַרנומען אין קאַראַנטין...

איך בין אָבער געווען פּעסט אַנטשלאָסן נישט צו בלייבן זיצן צוויי וואָכן. אינמיטן נאַכט האָב איך — צוזאַמען מיט מיין ווייב — זיך אַרויסגעגאַנוועט פונעם אַרומגעצוימטן פּלאַץ, געקראָכן אויף אַלע פיר צווישן אָנגעלייגטע קלעצער, און זיך ענדלעך דערשלעפּט צו אונדזער קויש, וואָס איך האָב געלאָזט שטיין הפקר אויפן שיפל. צום גליק האָב איך אין פּאָרט באַלד געפונען אַ דאַמפּ־שיף, וואָס האָט — מיט אַ באַרזשע — געדאַרפט אין אַ פאָר שאָ אַרום אָפּפאָרן קיין סוכום.

איך האָב ווידער באַצאָלט פאַר דער נעסיע, אַרויפגענומען דעם קויש מיט די זאַכן און זיך איינגעמאַסטשעט אויפן דעק פון דער באַרזשע. שפּעט ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין סוכום און דאָרט דערזען שטיין אַ פאַראַנקערטע שיף, וועלכע

— ווי מען האָט מיר געזאָגט — דאַרף צומאַרגנס אָפּשווימען קיין פּעאַדאַסיע.
איך בין אַוועק זיך נאָכפרעגן, און אויסגעפונען, אַז די דאַזיקע שיף איז געדונגען פון די טיפליסער ברידער יאַפּע, מיטגלידער אין דראַמאַטישן פאַריין. מיך האָט דאָס שטאַרק געפרייט, ווייל איך בין געווען זיכער, אַז זיי וועלן מיך אויפנעמען אַף דער שיף. איך בין אָבער אַנטוישט געוואָרן, בעאייס איך האָב געהערט, אַז די ברידער יאַפּע זענען גאָרנישט דאָ, און אַז איך וועל דאַרפן פאַר־האַנדלען מיטן קאַפּיטאַן פון דער שיף וועגן אַרויפנעמען אונדז.
דער קאַפּיטאַן האָט אָבער נישט געוואָלט הערן וועגן אויפנעמען אונדז. די שיף, האָט ער געזאָגט, איז איבערגעלאָדן און ער קאָן נישט אַרויפנעמען אַפילע אַן איינציקן פונט מער. איך האָב געבעטן, אַפּעלירט, נאָר אָן דערפאָלג. אָבער מיין אַקשאָנעס האָב איך נישט אויפגעגעבן. בעאייס איך בין אַרונטער פון שיף, האָב איך אַ וואונק געטאָן צו דעם מאַטראָז, וועלכער האָט מיך אַרויסבאַגלייט, און איך האָב פאַר אַ פיינער מאַטבייע געפּויעלט ביי אים, אַז ער זאָל מיך און מיין ווייב „אַרויפשוואַרצן" אַף דער שיף. איז ער באַשטאַנען, אָבער אַז איך האָב אים געוויזן דעם גרויסן קויש, האָט ער אַ ציטער געטאָן און מיר אומגעקערט מיין געלט:
— אַזאַ ריזיקע באַנדורע, — האָט ער געזאָגט, — קאָן איך אַף דער שיף נישט אַרויפנעמען אומבאַמערקט פון קאַפּיטאַן...
איך האָב אים דערלאַנגט נאָך אַ מאַטבייע און צוגעזאָגט שפּעטער נאָך מער צו פאַרגיטיקן. דאַן האָט ער זיך אַ קראַץ געטאָן אין קאַרק, אַ מורמל געטאָן: „לאַדנאָ", און מיך געהייסן גיין ברענגען מיין ווייב צו דער שיף.
איינציקוויז, מיט געליענע בילעטן פון אַנדערע פּאַסאַזשירן, האָט דער מאַט־ראָז אונדז אַרויפגעפירט אַף דער שיף אַרויף און אונדז פאַרשטעקט אונטן, אין אַ מאַטראָזן־קאַיוטע, ביז נאָכן בילעטן־קאָנטראָל. אונדזער קויש איז אָבער אַלץ געשטאַנען פאַרלאָזן אפן ברעג, לעבן דער שיף, און איך האָב מוירע געקראָגן, אַז ער וועט פאַרפאַלן ווערן מיט מיין גאַנצן האָב און גוטס...
די שיף האָט דעם ערשטן פייף געטאָן, די הויביצעס האָבן אויפגעהערט צו הודזשען. פּאַסאַזשירן האָבן נישט גערן פאַרלאָזט דעם פּראַכטיק־שיינעם ברעג, און געלאָסן געשפּאַנט איבערן בריקל אַף דער שיף אַרויף. די שיף האָט דעם צווייטן פייף געטאָן, דאָס בריקל איז אויפגעהויבן געוואָרן, אָבער מיין קויש איז נאָך אַלץ געשטאַנען פאַרלאָזן אפן ברעג. איך האָב מיט טאַכגונימדיקע בליקן געזוכט מיין מאַטראָז, אָבער אים נישט געזען. דאָס האַרץ איז מיר מאַמעש איינגעפאַלן. ענדלעך איז געגעבן געוואָרן דער דריטער פייף און... איך האָב דערזען ווי דער קויש הייבט זיך מיטאַמאָל אין דער לופטן, ווערט אַריינגעקירעוועט אַף דער שיף אַרויף און איך האָב פרייער אָפּגעאָטעמט...
נאָך דריי מעסלעס פאָרן זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין פּעאַדאַסיע. דאָ איז שוין געווען לייכט צו קריגן אַ שיף קיין אָדעס. האָבן מיר זיך אויפגעזעצט און — אין פרייד פון אַ קימאַט־דערגרייכטן ציל — אַרויסגעשוואומען...

דער יאַם צווישן פּעאָדאָסיע און אָדעס איז געווען אַ שטורעמדיקער. די שיף האָט זיך געוואָרפן ווי אַ שפּענדל אין די ווינטיקע וואַסער־טאָלן. מיר זענען דאָס אָבער גיך איבערגעקומען און אויפן צווייטן טאָג דערגרייכט אָדעס.

אַ פריילעכער, וואָס איך האָב דערגרייכט מיין ציל, האָב איך ביים פּאָרט געדונגען אַ דראָשקע און קוידעם אַוועקגעשיקט מיין ווייב אַהיים. אַליין בין איך דערנאָך געפאָרן אויף אַ וואָגן מיט אונדזער קויש און די אַנדערע זאַכן.

פון דער וועטשערע, וואָס מיין שוויגער האָט צוגעגרייט, האָב איך גאָר קיין האַנאָע נישט געהאַט. איך האָב זיך געקלאָגט, אַז דאָס עסן איז ביטער און האָט קיין טאַם נישט. אַ פאַרכידעשטע האָט די שוויגער מיך אָנגעקוקט און גענומען מיר באַווייזן, אַז די פיש זענען געווען צאַפּלדיקע בעאַיס זי האָט זיי געקויפט און, אַ סימען, אַלע ביים טיש האָבן פון זיי האַנאָע געהאַט...

שפּעטער אין אָוונט איז קלאָר געוואָרן די סיבע פון מיין אומצופרידנקייט. איך האָב זיך געקליבן אַוועקצוגיין איבערצוגעבן צו עטלעכע מענטשן בריוו, וואָס איך האָב געקראָגן ביי פריינט אין טיפליס, אָבער דערביי דערפילט עפּעס אַזאַ שווערע מידקייט אין קערפּער און פּאַשעט די אויגן נישט געקאָנט אָפן האַלטן. מיין פרוי איז צוגעקומען, האָט מיר אַ טאַפּ געטאָן דעם שטערן און אויסגערופן:

— האָסט היץ! גיי נישט היינט! לייג זיך בעסער צו אַביסל!...

איך האָב אָבער נישט געפאָלגט און בין יאָ אַוועק אָפּטראָגן די בריוו אויף די געהעריקע אַדרעסן. ווען איך בין שפּעטער צוריקגעקומען, האָב איך שוין קוים געקאָנט שטיין אויף די פיס. עס האָט מיר געשווינדלט אין די אויגן און געבראָכן אין די געלענקען. דער דאָקטער, וואָס מיין ווייב האָט גערופן, האָט געזאָגט, אַז איך האָב די „שפּאַנישע אינפלוענציע" און אַז איך וועל זיך מוזן לייגן אין בעט אַריין, אויב איך וויל נישט, אַז עס זאָל מיך אינגאַנצן אַוועקלייגן...

האָב איך קיין בריירע נישט געהאַט און זיך געלייגט אין בעט. אויף צומאָרגנס האָב איך שוין געהאַט עטלעכע שוטפים. צום ערשטן — מיין פרוי, דערנאָך — איר מוטער, אַ שוועסטער און — יעדער איינער פון דער מישפּאָכע...

ביי מיר איז עס אָבער אַפּאָנים געווען אין אַ מילדער פאָרם. צען טעג נאָך מיין אַוועקלייגן זיך, און איך בין צוריק געווען אויף די פיס — געזונט...

איך האָב זיך אָנגעהויבן אַרומקוקן וועגן אַרבעט, אָבער אומזיסט. פּונקט ווי אין טיפליס, נאָר מיט אַ צוגאָב פון טעראָר און אומזיכערקייט. יעדן טאָג האָט מען געהערט וועגן גאַנצע אומגעבראַכטע פאַמיליעס, וואָס די פּעטליוראָווצעס האָבן דורך דער פאַרגאַנגענער נאַכט דערמאָרדעט...

עטלעכע וואָכן נאָך מיין אָנקומען, האָט זיך איינמאָל אינדערפרי פּלוצים דערהערט אַ שרעקלעכער אויפרייס, אַז דאָס הויז האָט זיך אַזש צעוויגט. באַלד האָבן זיך צעטראָגן נאָך אויפרייסן און וואָס ווייטער — אַלץ שטאַרקער און אָפטער. פון קיך־פענצטער האָט מען געזען ווי צום הימל האָט זיך געהויבן אַ ריזיק פייער און געדיכטער רויך.

די אויפרייסן זענען געוואָרן אַזוי אויפטרייסלענדיק, אַז עס איז פּאַשעט געוועזן אַ מוירע צו שטיין און קוקן אין יענער זייט צו. באַלד האָט מען זיך דער־וואוסט, אַז דאָס רייסן אַזוי אויף קאַנאָנען־סנאַריאַדן אינעם אַרסענאַל, און אַז עס איז אַ גליק, האָט מען געזאָגט, וואָס עס רייסן גראָד יענע סנאַריאַדן, וועלכע ליגן מיט די נעז אין דער ריכטונג פון שטאָט אַרויס. אין מוירע פון די אויפ־רייסן האָט מיין פרויס פאַמיליע — באַגליך מיט אַלע אַנדערע איינוואוינער פונעם הויף — זיך פאַרנומען אין עפּעס אַ טיפן קעלער, וואָס אַנטקעגן אף דער גאַס, וואו מען האָט געהאָפט מער־וויניקער באַשיצט צו זיין...

נאָך עטלעכע טעג האָבן די אויפרייסן דאָך אויפגעהערט. דער אוילעם האָט לייכט אָפּגעאָטעמט און זיך געקליבן צוריקגיין אין די הייזער אַריין. אָבער אָט, איידער מען האָט נאָך באַוויזן אַן ערשטן טראָט צו מאַכן, האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי פון מאַשין־ביקסן אף די אַרומיקע גאַסן. מען האָט זיך נאָכגעפרעגט און זיך דערוואוסט, אַז דאָס גייט איצט אַן אַ פאַרמעסט־קאַמף צווישן פּעטליורעס און סקאָראָפּאַדסקיס באַנדעס פאַרן באַזיץ פון דער שטאָט...

דאָס שיסעריי איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ שאַרפער און נעענטער, און מען האָט נישט געקאָנט אַרויסגיין אף דער גאַס. מיר איז אויסגעקומען צו גיין אין דרייען געבויגן איינצוקויפן שפּייז פאַר דער פאַמיליע. דערפאַר, באַלד ווי איך בין צוריקגעקומען, האָב איך אנטשלאָסן אַ זאָג געטאָן צו מיין ווייב:

— געניע, מיר פאַרן צוריק קיין טיפליס! דאָס זענען נישט מיינע קאַמפן און איך וויל נישט אומקומען פון וויס־גוואַרדייאישע, העטמאַנישע קוילן!...

מיין ווייב האָט פאַרשטאַנען און צוגעשטימט...





דער מעכאַבער און זיין פרוי, געניע,
אַ קורצע צייט נאָך דער כאַסענע.

# צו נייע ברעגן

נאָך מיין צוריקקערן זיך קיין טיפליס, האָב איך גאַנץ ערנסט באַשלאָסן זיך דאָרט איינצובירגערן אַף שטענדיק. דער קאַווקאַזער קלימאַט, דער אַרט לעבן דאָרט און די סוויווע ביכלאַל, האָט געמאַכט טיפליס פאַר אַ באַגערנדיק פלאַץ צו וואוינען. און וואָלט נאָר דאָרט געווען פּאַרנאָסע און דאָס אידישע געזעלשאַפטלעכע לעבן אַביסל מער אידיש־פאָלקסטימלעך, וואָלט עס פאַר מיר געווען דער אידעאַלסטער פלאַץ, וואָס איך האָב זיך נאָר געקאָנט ווינטשן...

אַ כוץ די פאָר אידישע קולטור־אָרגאַניזאַציעס, ווי די דראַמאַטישע געזעלשאַפט און — נאָך דער רעוואָלוציע — די פּויאַליי־ציאָן פאַרטיי און די „בונד"־גרופּע, איז אין טיפליס קיין אידיש קולטורעל לעבן נישט געווען. דאָס געזעלשאַפטלעכע און פּאָליטישע לעבן אין שטאָט איז געווען באַהערשט פון די אַלגעמיינע ציאָניסטן און צעאירי־ציאָן, וועלכע זענען געווען רוסיש־אַסימילאַטאָריש, כאָטש דער צופלוס פון פאַרבליבענע אידישע סאָלדאַטן פון פוילן און ליטע האָט צוביסלעך אָנגעהויבן באַווירקן אויך די אָרגאַניזאַציעס מיט אידישלעכע שטימונגען...

קיין אידישע צייטונגען און זשורנאַלן האָט מען דאָרט אויך נישט געהאַט. פאַר אַ שטיקל צייט פלעגט נאָך אַמאָל עמעצער ברענגען, אָדער קריגן פון קיעוו אַ נומער אָדער צוויי פון דער דאָרטיקער נייער אידישער צייטונג „נייע צייט", פון וועלכער מוישע קאַץ איז געווען רעדאַקטאָר, און וועלכע האָט שטאַרק דערמאָנט אין „פריינט", סיי מיטן כאַראַקטער און אינהאַלט, סיי מיט דער ערנסטקייט און טאָן. ביי אונדז פלעגט פּאַשעט זיין אַ יאָנטעוו ווען אַזאַ נומער צייטונג איז אָנגעקומען, און זי איז געגאַנגען פון האַנט צו האַנט, ביז עס זענען פון איר געבליבן בלויז צויטן. אָבער אינגיכן איז דאָס שוין אויך נישט געווען און עס איז פּאַשעט נישט געבליבן מער אין וואָס זיך צו וואַרעמען...

דאָס פּאָליטישע לעבן איז אויך געווען מאָנאָטאָן. די העגעמאָניע האָבן געהאַט די אַלגעמיינע ציאָניסטן. ערשט נאָך דער מילכאָמע האָט זיך געשאַפן אין שטאָט די פּויאַליי־ציאָן פאַרטיי און די „בונד"־גרופּע. און בעאייס דער „בונד" האָט געשטיצט די גרוזינישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע רעגירונג אין אירע אָפּנויגן פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם, — איז די פּויאַליי־ציאָן פאַרטיי, פאַרקערט, געווען קריטיש און האָט געקעמפט, כאָטש נישט מיט צו גרויסער מאַכט און ווירקונג, קעגן זייער פאַראַט. די גרוזינישע קאָמוניסטישע פאַרטיי, וועלכע איז געווען אונטערדריקט מיצאַד די מענשעוויסטישע הערשער, האָט גוט געוואוסט

די פּאָזיציע פון דער פּויאַליי־ציאָן, און האָט איר איבערגעגעבן — מיט מאַכטייען אַלס אויפזעער — צו פאַרוואַלטן מיט דער פּאַרטיי־דרוקעריי, וועלכע איז פאַרמעל געווען אַף אַ פּריוואַטן נאָמען, און וואו עס האָבן זיך געדרוקט אַלע קאָמוניסטישע אויסגאַבעס אין די פאַרשידענע קאַווקאַזער שפּראַכן...

אויפגעלעבט האָט די שטאָט ערשט בעאייס די וואַלן צום אידישן נאַציאָנאַל־ראַט. דאָ האָבן די קעגנערשע פּאַרטייען זיך פּאַשעט פאַרמאָסטן מיט וואָרט און טאַט צו דערשטיקן איינע די אַנדערע...

איך, ווי אַ מיטגליד פון דער פּויאַליי־ציאָן פּאַרטיי, בין געווען אַ קאַנדידאַט פאַרן נאַציאָנאַל־ראַט, דער דריטער אפן צעטל. אָבער אַזוי ווי די פּאַרטיי האָט באַוויזן צו דערוויילן בלויז צוויי דעפּוטאַטן, בין איך געבליבן קאַנדידאַט, צו פאַרנעמען אַ פּלאַץ אויב איינער פון די ערשטע צוויי וועט דורך עפּעס אַ סיבע זיך נישט קאָנען באַטייליקן אין די זיצונגען פון נאַציאָנאַל־ראַט...

* * * * *

**טעלעכע כאַדאָשים** נאָך מיין צוריקקומען, האָב איך געקראָגן אַ בריוו פון אַמעריקאַנער קאָנסול אין גרוזיע, אַז ער האָט פון אַמעריקע דערהאַלטן אַן „אַפידעיווויט" פון מיין פּאָטער אַף אַריבערצונעמען מיך אַהין, און ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן, איך זאָל צוקומען אים זען וועגן אַ „וויזע"...

ווי אַ שיין ליכט אין אַ כמאַרנע טאָג אַזוי האָט מיך דערפרייט די מעלדונג, און איך בין דעם זעלבן טאָג אַוועק צום קאָנסול. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז דער געהילף־קאָנסול געווען אַ מאַן מיט וועמען איך האָב זיך מיט אַ צייט צוריק געהאַט באַקענט ביי אַ ליאַמע אין הער בונימאָוויטשס הויז, נישט וויסנדיק דערביי אַפילע ווער ער איז. ער האָט מיך דערקענט און זיך צו מיר באַצויגן מער ווי פריינטלעך. נאָכן ענטפערן אים אַף געוויסע פראַגעס, וואָס זיין סעקרעטאַר האָט גלייך פאַרשריבן אַף אַ שרייב־מאַשין, האָט ער מיך געראָטן אַוועקצושיקן קיין וואַשינגטאָן די וויזע־אַפּליקאַציע נישט דורך פּאָסט, ווי געוויינטלעך, ווייל דאָס וועט זיין אַ פאַרצויגענע זאַך, נאָר טוען עס טעלעגראַפיש, אַז עס זאָל דער־לעדיקט ווערן אין עטלעכע טעג.

איך האָב איינגעצאָלט די נויטיקע קאָסטן פון די טעלעגראַמעס אַהין און צוריק, אים באַדאַנקט פאַר זיין מיטהילף, זיך געזעגנט און בין אַוועק מיט זיין צוזאָג מיר צו מעלדן גלייך ווי די „וויזע" וועט אָנקומען באַגיטיקט.

אַהיימגעקומען פונעם קאָנסול, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין ווייב האָט געבוירן אַ זון און דאָס האָט מיך נאָך מער דערמוטיקט צו פאָרן. איך בין געווען אַנטשלאָסן צו פאָרן באַלד ווי איך וועל נאָר קריגן די וויזע.

אין לאַבוד זענען דערווייל די געשעענישן געלאָפן מיט בליציקער גיכקייט. אָט האָט מען גערעדט, אַז די אַרבעטער אין אייזערביידזשאַן האָבן רעוואָלטירט קעגן זייער פּסעוודאָ־סאָציאַליסטישער רעגירונג, וואָס האָט זיי געהאַלטן פאַר־שקלאָפט נישט ווינציקער ווי די צאַרישע, האָבן געעפנט די גרענעץ און אַריינ־

געבעטן די באָלשעוויקעס, צו העלפן זיי באַפעסטיקן די אַרבעטער־מאַכט. מיט אַ טאָג נאָך דעם האָבן זיך אין גרוזיע פאַרשטאַרקט די רעפּרעסיעס קעגן די דאָרטיקע אַרבעטער, איבערהויפּט די נישט־גרוזינער. מען האָט אַרויסגעשיקט פון לאַנד יעדן „פרעמדן״ אויף וועמען מען האָט נאָר געהאַט אַ חשד, אַז ער איז קעגנעריש געשטימט. בעשטיקע האָט מען אויך געשמועסט וועגן דעם מאָרד פון 22 פירנדיקע פּראָפעסיאָנעלע און פּאָליטישע טוער, וואָס די מענשעוויסטישע רעגירונג פון גרוזיע האָט אין געהיים דורכגעפירט. שרעק, פאַרצווייפלונג און טעראָר האָט אַרויסגעבליקט פון די אויגן באַ יעדן פאַשעטן בירגער. פערזענלעכע סאָנים האָבן געקראָגן אַ געלעגנהייט זיך אָפּצורעכענען מיט יעדן איינעם, דורך צושיקן אַן אַנאָנים בריוועלע דער פּאָליציי, אַז די געגעבענע פערזאָן האָט גערעדט קעגן דער גרוזינישער רעגירונג. איבער אָט דעם טעראָר און דער שרעק האָט דער גאַנצער האַנדל און אינדוסטריע זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. דער יאָקרעס איז געוואָקסן פון רעגע צו רעגע צוגלייך מיט דעם פאַלן פונעם געלט־ווערט. עס וואָלט זיכער געקומען צו אַן אָפענעם רעוואָלט ווען נישט דאָס ענגלישע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין גרוזיע און געשטיצט די גרוזינישע רעגירונג אויף אַלע אויפאַנים...

אין אָט דעם דאָזיקן צושטאַנד האָב איך אין אַ געוויסן פרימאָרגן געקראָגן אַ מעלדונג פונעם קאָנסול, אַז די וויזע מיינע איז באַגיטיקט און איך זאָל צוקומען זי אָפּנעמען, קעדיי צו פאָרן ווען איך וועל גרייט זיין.

איך האָב זיך געלאָזט גיין צום קאָנסולאַט, אָבער אַזוי ווי איך בין נאָר אַרויס אויף דער גאַס האָב איך באַמערקט אַן אויפגעברויזטן אומרו. מען האָט זיך געשושקעט, אַז אַרום שטאָט, אויף די בערג, גייען אָן קאַמפן צווישן די מאַסן און דעם רעגירונג־מיליטער; אַז טיילן פון דער נאַציאָנאַלער גוואַרדיע האָבן רעוואָלטירט, זענען אַריבער אויף דער זייט פונעם פאָלק און אַז דאָס ענגלישע מיליטער עוואַקואירט זיך פון לאַנד אַרויס...

איך בין אַוועק צום קאָנסולאַט, אָבער ער איז געווען געשלאָסן. אויף דער טיר איז געווען צוגעקלעפּט אַ מעלדונג, אַז דער קאָנסול איז אַוועק קיין קאָנ־סטאַנטינאָפּאָל און אַז מען זאָל זיך אַהין ווענדן וועגן אַלע אָסאָקים.

אַן אָנטוישטער און פאַרלוירענער בין איך געבליבן שטיין, נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו טאָן. איך בין געגאַנגען אָן אַ ציל איבער דער הויפּט־גאַס און אַלץ געטראַכט ווי אַזוי אַלץ גייט מיר מיט דער פוטער אַראָפּ. מיטאַמאָל האָב איך זיך איבערגעוועקט פון מיינע מאַכשאָוועס איבערן טומל וואָס האָט זיך דער־הערט. איך האָב אויפגעהויבן מיינע בליקן און דערזען אַ מאַדנע פּאַראַד. אין מיטן גאַס האָבן עטלעכע גרוזינישע סאָלדאַטן געפירט אַ באָרוועסן, אָפּגעריסענעם און נישט־געגאָלטן מאַן, וואָס האָט געטראָגן אַ שילד אויף זיך:

„איך בין אַ פאַרעטער־באָלשעוויק, וואָס האָט געוואָלט אומברענגען דאָס לאַנד! איך בין ווערט דערשאָסן צו ווערן — וואו מען פירט מיך איצט טאַקע!״

די פאַבריצירטע מאַכינאַציע האָט געמאַכט אַף מיר אַ פּיינלעכן איינדרוק און איך האָב אַפּילע מער נישט געוואָלט קוקן דערויף. אָפּגייענדיק עטלעכע גאַסן האָב איך זיך באַגעגנט מיט כ׳ מאַכטיי, — דעם פירער פון דער פּויאַליי־ציאָן פּאַרטיי אין גרוזיע, און ער האָט מיר איבערגעגעבן, אַז די מיטגלידערשאַפט האָט באַשלאָסן זיך צו באַוואָפנען און אַרויסגיין העלפן קעמפן אַף דער זייט פון די אַרבעטער־מאַסן. ער האָט מיר אויך דערציילט, אַז די דריי „גויעכס״ פון דער רעגירונג, — גוי זשאָרדאַניאַ, גוי ראַמישווילי און גוי טשכעאידזע, זענען פאַרטאָג נאָך אַנטלאָפן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אין אַן ענגלישן עראָפּלאַן, אָבער האָבן באַפוילן זייערע אָנהענגער אָנצוהאַלטן דעם קאַמף.

איך האָב געקראָגן מיין ביקס און בין אַוועק מיט אַלע אַנדערע צום „דאַוויד־באַרג״. אַף צומאָרגנס אינדערפרי האָבן אין שטאָט אַריין אָנגעהויבן אַריינמאַרשירן אָפּטיילן פון דער רויטער אַרמיי. די באַציאונג פונעם אוילעם צו זיי איז געווען אַ געמישטע. מען האָט דערקענט, אַז פיל באַציען זיך צו די רויטע מיט כשאַד און מוירע — אַ רעזולטאַט פון דער קעסיידערדיקער פּראָפּאַגאַנדע, וואָס איז אָנ־געגאַנגען פאַר די פּאָר יאָר. דאָס האָט זיך אָבער געענדערט צום בעסערן מאַמעש מיט יעדער שאָ, אַזוי ווי מען האָט נאָר געזען ווי אָרגאַניזירט און ווי געזעצלעך די רויטע אַרמיי באַציט זיך צו אַלעמען...

מיטן איינשטעלן פון אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג אין לאַנד, האָט זיך גלייך אָנגעהויבן אַ טיילווייזע סאָוועטיזאַציע. די פּראַגע וועגן פּאַרנאָסע איז גלייך געלייזט געוואָרן. עפּעס ווי דורך אַ נעס, דורך אַ מאַגיש שטעקעלע, איז געוואָרן אַרבעט פאַר יעדן איינעם וואָס האָט נאָר געוואָלט אַרבעטן. און געוואָלט האָט גראָד קימאַט יעדער איינער, מאַכמעס אַפּילע יענע, וואָס האָבן נאָך געהאַט מיט וואָס צו האַנדלען, האָבן געפונען פאַר פיל פּראַקטישער צו פאַרשרייבן זיך אַף אַרבעט. אַן אויסנאַם זענען געווען בלויז די גאָר גרויסע ספּעקוליאַנטן, וואָס האָבן געהאַט באַהאַלטענע סקלאַדעס מיט סכוירעס, צו וועלכע די נייע אַרבעטער־רעגירונג האָט זיך נאָך נישט געהאַט דערקליבן. צווישן אַזעלכע זענען געווען די צוויי אַרמע־נישע ברידער כאַראַטיאַנץ, וואָס האָבן ערגעץ אַף אַ פּראַכט־סטאַנציע אין אַ שטעטל נישט ווייט פון טיפליס געהאַט שטיין אַ צאָל וואַגאָנען מיט צוקער, אָבער וואָס זענען אין די פּאַפּירן געווען באַצייכנט ווי וואַגאָנען מיט קלעפּקעס פאַר הערינג־פּעסלעך. אויך דער סויכער בערקאָוויטש, וואָס האָט מיט אַ פּאָר טעג צו־ריק געהאַט איבערגעשריבן אַ העלפט פון זיינע הייזער אַף זיין ווייבס נאָמען, אין האָפענונג, אַז ביי אַ פּרוי וועלן די באָלשעוויקעס נישט קאָנפיסקירן. ער האָט אין זיינע קעלערס געהאַט ליגן טויזנטער פאָר מיליטערישע שטיוול, וואָס זענען געווען פאַרשריבן אפן נאָמען פון זיינע שוטפים — די ברידער יאַפּע, בעאייס אין זייערע קעלערס זענען געלעגן סקלאַדעס מיט ליילעכער און שינעלן אף זיין, בערקאָוויטשס נאָמען. די דאָזיקע קונץ איז זיי געלונגען פּריער, בעאייס די גרו־זינישע רעגירונג האָט געהאַט געמאַכט זוכונגען און נישט געקאָנט קאָנפיסקירן

גאַר, ווייל די באַפעלן זענען געווען צו קאָנפיסקירן בלויז באַשטימטע סכוירעס, וואָס געהערן צו אים פערזענלעך. דערפאַר, אָבער, ווען די „טשעקאַ" איז געקומען זוכן, האָט זי שוין געהאַט פאַפירן, וואָס האָבן באַפולמעכטיקט צו קאָנפיסקירן יעדער מין סכוירע אף וועמעס נאָמען מען וועט עפּעס נאָר געפינען באַהאַלטן צוליב ספּעקולאַציע־צוועקן...

אין די אַרבעטער־קרייזן און ביכלאַל צווישן פאָלקס־מענטשן איז געוואָרן אַן אויפלעבונג און אַן אַקטיווע טעטיקייט. מען האָט אָרגאַניזירט אַרבעטער־און באַלמעלאָכישע קלובן, ספּאָרט־אָרגאַניזאַציעס און קולטור־דראַמאַטישע קרייזן, קעדיי צו באַפרידיקן די קולטור־באַדערפעענישן פון די ברייטע מאַסן.

ביי אַ זיצונג פון ליטעראַרישן פאַריין איז אויפגעקומען די פראַגע וועגן דרוקן אידישע ביכער און אַ אידישן קאַלענדאַר. די איינציקע צאַרע איז געווען, וואָס עס זענען נישט געווען קיין אידישע זעצערס. דער איינציקער אידיש־זעצער אין טיפליס — אַ פאַרבליבענער סאָלדאַט, סטריקאָווסקי, האָט געאַרבעט אין אַ דרוקעריי און איז געווען פאַרנומען מיט דער רעגולערער אַרבעט. אַקסלראָד — איינער פון די טוער איגעם פאַריין — האָט געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז איך — ווייל איך האָב געהאַט אַ יעדיע אין דעם פאַך — זאָל ווערן אַ זעצער. איך האָב דעם פאָרשלאַג אָנגענומען. מען האָט מיך אַריינגעשטעלט אין איינער פון די נאַציאָ־נאַליזירטע דרוקערייען, וואו מען האָט איינגעשטעלט אַ אידישן אָפּטייל און וואוהין מען האָט אַנגעבראַכט אידישן שריפט פון אַלע דרוקערייען אין שטאָט.

איך, צוזאַמען מיט סטריקאָווסקין, האָבן זיך גענומען צו דער אַריבעט. צום ערשטן האָבן מיר זיך גענומען אויפצוזעצן, ביי האַנט, דאָקטער ראַטנערס ערשטן בוך קינדער־לידער. באַלד נאָכדעם האָב איך, טאַקע אונטער סטריקאָווסקיס אָנווייזונג, זיך גענומען צום זעצן דעם לועך. אין די אָוונטן האָב איך, צוזאַמען מיט אַקסלראָדן, רעדאַקטירט דעם לועך, צונויפגעזאַמלט און צוזאַמענגעשטעלט אידישע וויצן, גלייכווערטלעך, דאַטעס און פאַקטן פון באַרימטע אידישע מענטשן: שרייבער, קינסטלער, רעוואָלוציאָנערן און אַנדערע גרויסע לייט ביי אידן. בייטאָג, ווידער, האָב איך דאָס אויסגעזעצט אף אַריינצושטעלן אף די לינקע זייטן פון די לועך־בלעטלעך.

איך בין געווען שטאַרק באַגייסטערט פון דער אַרבעט און דעם ערשטן מאָל פאַר אַ לאַנגער צייט געווען צופרידן פונעם געדאַנק, אַז איך עס מיין ברויט פון קאָשערער, פאַרדינטער פראַצע...

* * * * *

מיין פרייד האָט נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. עטלעכע וואָכן נאָכן אָנהויבן אַרבעטן, האָב איך — איינמאָל אין שפּעטן אָוונט, אַהיימגייענדיק פון אַ פּראָבע מיטן דראַמאַטישן קרייז, וואו איך האָב רעזשיסירט אַ נייע פּיעסע — פּלוצים דערפילט אַ שאַרפן שמערצלעכן זעץ אין גראָבן פינגער פון מיין לינקן פוס, אַקוראַט ווי עס וואָלט מיר ווער מיט דער שאַרף פון אַ האַק דערלאַנגט. איך האָב

אַרויסגעלאָזט אַ פאַרצווייפלט־פּײנלעכן געשריי און מער קיין טראָט נישט געקאָנט מאַכן. די פריינט מיינע, וואָס האָבן מיך דעמאָלט געהאַט באַגלייט — קענענדיק מיין שטענדיקע פריילעכקייט און וויציקייט, — האָבן אָנגענומען, אַז דאָס איז אַוואַדע אויך אַזאַ שפּאַס מיינער, און זיי האָבן זיך פאַנאַנדערגעלאַכט. איך, אָבער, בין געבליבן שטיין, פאַרבייסנדיק מיט מיינע ציין די ליפּן פון גרויס ווייטיק. איך האָב פּראָבירט זיך אָנשטרענגען אויפצוהייבן דעם פוס, אָבער נישט געקאָנט. עפּעס נאָר ווי ער וואָלט מיטאַמאָל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שווערן קלאָץ, וואָס איז נישט פאַר מיינע קויכעס. דער ווייטיק איז געוואָרן אַלץ שאַרפער, שניידנדיקער, אַז איך האָב זיך אַזש אָנגעהויבן אַראָפּזעצן אַף דער ערד.

מיינע פריינט האָבן מיך אַ כאַפּ געטאָן אונטער די אָרעמס און מיך אַוועקגעזעצט אַף אַ טרעפּל פון אַ דערבייאיקער צוגעמאַכטער קראָם. נאָך עטלעכע מינוט זיצן האָבן די שאַרפע ווייטיקן עטוואָס נאָכגעלאָזט און איך האָב זיך צוריק אויפגעשטעלט, אין אַ פאַרזוך ווייטער צו גיין. אָבער באַלד ווי איך האָב נאָר אַ שטעל געטאָן דעם פוס אַף דער ערד, האָט דער ווייטיק ווידער אַ שאַרפן שניט געטאָן און איך בין אומגעפאַלן.

איצט האָבן שוין מיינע פריינט געזען, אַז עס איז טאַקע גאָרנישט קיין שפּאַס אַזאַ. צוויי יאַטן האָבן פון זייערע הענט פאָרמירט אַ בענקעלע, די אַנדערע האָבן מיך דערויף אַרויפגעזעצט און מען האָט מיך גענומען טראָגן צו מיר אין שטוב, וואָס איז געווען נישט ווייט דערביי. איינער פון דער גרופּע איז דערווייל צוריק אַוועק אין אידישן צענטער, אויפצוזוכן איינעם פון די דאָקטוירים, וואָס האָבן זיך דאָרט נאָך געדאַרפט געפינען, און אים בעטן, ער זאָל קומען אַ קוק טאָן וואָס עס איז געשען מיט מיין פוס.

עטלעכע מינוט שפּעטער בין איך, אין ספּאַזמאַטישע ווייטיקן, שוין געלעגן ביי זיך אין הויז אַף אַ קושעטקע, און מיינע פריינט האָבן פאָרזיכטיק און געלאַסן גענומען אַרונטערציען די קליידער פון מיר, היטנדיק זיך דערביי נישט אָנצורירן מיין פוס, מאַכמעס דער קלענצטער באַריר מיט אַ פינגער האָט מיר פאַרשאַפט גסיסעדיק־פּײנלעכע קאָנוואולסיעס.

באַלד איז אָנגעלאָפן דאָקטער ראַטנער. ער האָט באַקוקט און באַטאַפּט מיין פוס און זיך געכידעשט. דער פוס איז געווען ריין, נישט געשוואָלן און נישט קאָלירט. ער האָט געטראַכט און געמאַכט דעם דיאַגנאָז: „שאַרפע אַטאַקע פון רעוומאַטיזם”, פאַרשריבן עפּעס אַ שמירעכץ, געהייסן באָדן דעם פוס אין הייס וואַסער און מיך פאַרזיכערט, אַז אין אַ טאָג־צוויי וועט אַלץ זיין אין אָרדנונג.

עס זענען אָבער אַריבער צוויי־דריי וואָכן און די ווייטיקן האָבן נישט נאָכגעלאָזט אַף קיין האָר אַפילע. יעדן טאָג זענען געקומען צו מיר אָדער דאָקטער טאַרנאָגראַדסקי, אָדער דאָקטער ראַטנער, אָפט אַפילע ביידע צוזאַמען. זיי האָבן געטאַפּט און געהויבן מיט די אַקסלען, נישט קאָנענדיק באַשטימען וואָסער כאַלאַס דאָס איז. איין זאַך זענען זיי אָבער זיכער געווען, אַז עס האָט נישט קיין

שייכעס מיט דער וואונד אָדער דער אָפּעראַציע פון מיט אַרום צוויי יאָר צוריק. אַ כשאַד האָבן זיי געהאַט, אַז דאָס איז אַן אָנצינדונג פון די נערוון און בלוט־געפעסן, מאַכמעס מיין אויפציטערן ביי דעם סאַמע מינדסטן באַריר.

נישט קענענדיק אַליין באַשטימען צווישן זיך וואָס עס איז מיט מיר און ווי מיר צו העלפן, האָבן די צוויי דאָקטוירים באַשלאָסן צו רופן צוויי נערוון־ספּעציאַליסטן און דורכפירן אַ קאָנסוליום. זיי האָבן זיך געווענדט צום קאָמי־סאַריאַט פון פאָלקס־געזונט און מען האָט באַוויליקט צו שיקן צוויי פון די גרעסטע ספּעציאַליסטן — פּראָפעסאָר עלדאַראָוו פון טיפליסער פּאַטאַלאָגישן אינסטיטוט, און פּראָפעסאָר עמפּימאָוו פון פּעטראָגראַדער פּאַטאַלאָגישן אינסטיטוט, אַזוי ווי ער האָט זיך דעמאָלט גראָד געפונען אין טיפליס.

אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן דער קאָנסוליום און נאָך לאַנגע באַטראַכטונגען און נאָכטראַכטענישן זענען די דאָקטוירים געקומען צום באַשלוס, אַז די אָנצינדונג איז אַ רעזולטאַט פון צופיל אַקטיוויטעט און אַ דאַנק דער אָרעמער שפּייז־דיעטע. זיי האָבן געאייצעט, אַז מען זאָל פאַר מיר פאַרלאַנגען פון דער רעגירונג אַ פאַרשטאַרקטע דיעטע, מיט מילך, וויין, ווייס ברויט, אייער און אָפּ. זיי האָבן דערביי באַמערקט, אַז עס וואָלט געווען ראַטזאַם איך זאָל אָף אַ שטיקל צייט פאָרן קיין אויסלאַנד, בערלין לעמאָשל, וואו איך וואָלט געקאָנט געניסן פון בעסערע שפּייז און קומען צו זיך. דערווייל, האָבן זיי געראָטן, זאָל מען מיך זען אָוועקשיקן אין מינעראַלע, אָדער בלאָטע בעדער, וואָס וועט זיכער, אויב נישט אינגאַנצן עלימינירן די קראַנקהייט, איז לעכאָל האַפּאָכעס פאַר־לייכטערן די שאַרפע ווייטיקן.

דער קאָמיסאַריאַט האָט באַוויליקט אַלע פאַרלאַנגען. די איינציקע שוועריקייט איז געווען די, וואָס מיין פרוי האָט יעדן טאָג געדאַרפט גיין אַ מעהאַלעך ראָוו צו קריגן די געהעריקע שפּייזן פאַרן טאָג, און איך האָב געדאַרפט קראַנקערהייט זיך ניאַנטשען מיטן קינד. אויך האָט דער קאָמיסאַריאַט מיר צוגעטיילט אַ פּלאַץ אין וואַגאָן אָף דער באַן, צו פאָרן אין די בלאָטע־בעדער פון אַכטאַלאַ — אַ פאַרוואָרפן דערפל אין גרוזיע. מען האָט מיר אָבער דערביי אָנגעזאָגט, אַז אַלץ איז דאָרט צעשטערט און צעבראָכן, די מאַכשירים — צעשלעפּט פון די אָרומיקע פּויערים בעאייס דער רעוואָלוציע, און אַז איך וועל דעריבער זיך דאָרט דאַרפן אַליין אַן אייצע געבן ווי איך וועל קאָנען.

אָף צומאָרגנס האָט מען מיך אָפּגעפירט צו דער באַן, און איך — מיט אַ קי־שעלע, אַ קאָלדרע, אַ פּעקל שפּייז, עטלעכע פאַרלעך וועש מיט זייף און אַ האַנטעך — בין אַוועקגעפאָרן צו די בלאָטע־בעדער. עטלעכע שאָ שפּעטער איז די באַן אָנגעקומען צו דער סטאַנציע אַכטאַלאַ. פון וואַקזאַל ביז צו די בעדער איז געווען, האָט מען מיר געזאָגט, אַ היפּשער מעהאַלעך. בין איך קימאַט אָף אַלע פיר אַרויס־געקראָכן פונעם קליינעם וואַקזאַלעכל און אינדרויסן געדונגען אַ מין אַלט־פרענ־קישע בריטשקע, וואָס האָט מיך אַהינצו אַוועקגעפירט.

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט דער קאָמיסאַריאַט גאָרנישט איבערגע־טריבן וועגן דעם צושטאַנד פון די „בעדער". פאַרקערט: עס איז נאָך פיל ערגער געווען. די ריי הייזלעך מיט די איינצל־צימערן זענען געווען האַלבע כורוועס — אָן שויבן, אָן טירן, און אַנדערע אַפילו אָן דילן, מאַכמעס די פויערים פון די אַרומיקע דערפער האָבן בעאייס דער רעוואָלוציע אַרויסגעריסן די ברעטער אַף צום באַהייצן זייערע היימען. נישט געקוקט דערויף זענען דאָך ס'ראָוו צימערלעך געווען פאַרנומען פון פריער־געקומענע כוילאָאים, און מיר איז אויסגעקומען, בעשוטפעס מיט נאָך צוויי אָנגעקומענע, זיך איינצואָרדענען אין אָט אַזאַ צימערל און שלאָפן אַף דער הוילער ערד, מיט בלויז אַ קאָלדרע אונטער זיך.

צום גליק איז עס געווען אין מיטן זומער און עס האָט נישט שטאַרק אויס־געמאַכט וואָס עס זענען קיין טירן־פענצטער נישט געווען. דער עיקר איז דאָך געווען די „בלאָטע", און דאָס — ווי די אַלט־געזעסענע כוילאָאים האָבן זיך גע־ווויצלט — האָבן די פויערים נישט געקאָנט צעראַבירן פאַר אייגענע נוצן...

נאָך אַביסל אָפּרוען זיך פונעם וועג האָב איך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער, געבליבן בלויז אין די הויזן און זיך פאַרנומען צו די „בעדער", וואָס האָבן זיך געפונען עטוואָס ווייטער, אין אַ טאָל, אַהינטער דעם בערגל אַף וועלכן די הייזלעך זענען געשטאַנען. קימאַט אַ קריכנדיקער, און מיט דער הילף פון צוויי אַנדערע קראַנקע, וועלכע האָבן נאָך געקאָנט גיין אַף די פיס, האָב איך זיך מיט גרויס מאַטערניש דערקליבן אַהינצו.

אַזוי ווי מיר האָבן נאָר אַריבערגעטראָטן דעם ברעג פונעם הויך־פּלאַך — די ליניע צום באַרג־אַרונטער, האָט פאַר די אויגן זיך אַ שפּרייט געטאָן אַ מאָדנע פּאַנאָראַמע: אַ טאָל, וואָס איז סיי לויטן געררוך און סיי לויט דער קאָליר געווען גאַנץ אַנדערש ווי אויבן, אפן בערגל. בעאייס אויבן איז געווען אַ שעפע פון גרינס, מיטביימער און געדיכט־צעוואַקסענעם, נישט־אָפּגעקאָסעטן גראָז, וואָס האָט געשמעקט מיט פרישקייט און לופטיקייט, — איז דער טאָל דאָ, ביז דער צווייטער זייט, וואו עס האָט זיך אויך אַרויסגעהויבן אַ באַגרינטער באַרג, — גע־ווען ברוינלעך־גרוי, אָן דעם מינדסטן סימען פון אַ שפּראָצונג, און עס האָט זיך געשפּירט אַ שטיקנדיקער רייעך פון סירקע. דער פאָרמאָט פונעם טאָל — אַן אָוואַלער — האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ פאַרבלאָנדזשעטן מידבאַר. אפן דנאָ פונעם דאָזיקן ברוין־גרויען טאָל זענען געלעגן, ווי צעוואָרפן אין פאַרשידענע גרויסן און פאָרמאָטן, גלאַנציקע שוואַרצע פלעקן — די נאַטירלעכע בלאָטע־באַ־סעינען, פון וועלכע עס האָט זיך געהויבן אַ גרויע פּאַרע. אין עטלעכע באַסעינען, די קלענערע, זענען געלעגן בופל־אָקסן, וואָס האָבן זיך געפּאַטשקעט אין די בלאָטעס. אין דעם גרעסטן באַסעין — אַ רונדער אין פאָרם — האָבן זיך געזען קערפּערס פון מענטשן, וואָס זענען ווי געזעסן אפן אויבערפלאַך, איינגעשמירטע אין דער טונקל־גרויער בלאָטע, און זיך געוואָרעמט קעגן דער זון.

די אויסטערלישע פּאַנאָראַמע, דער מאָדנער געבוי פון די באַסעינען, האָט

ביי אַלעמען אַרויסגערופן גרויס כידעש און באַוואונדערונג. מען האָט געשמועסט, אַז מיט הונדערטער טויזנטער יאָרן צוריק איז אָט דער טאָל גאָר געווען אַ הויכער באַרג, אַף וועלכן עס זענען פאָרגעקומען וואולקאַן־אויסברוכן, און אַז דערנאָך, ווען די אויפרייסן האָבן אויפגעהערט, איז דער באַרג אַרונטערגעזונקען נידעריקער ווי די אַרומיקע טאָלן און אַז אָט די „בלאָטעס" דאָ זענען טאַקע די לאַווע און כעמישע איבערבלייבענישן אין יענע קראַטערס...

איך בין דערקראָכן צו דעם באַסעין, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די הויזן און אַריינגעקראָכן אין דער „בלאָטע". איך האָב זיך געוואָלט אַראָפּטונקען אין איר, אָבער דאָס איז מיר נישט געלונגען, מאַכמעס די געדיכטקייט פון דער בלאָטע האָט געהאַלטן דעם קערפּער אין דער הויך. ענדלעך האָבן אַנדערע, פריער־געקומענע כוילאָאים מיר געוויזן וואו און ווי אַזוי מען דאַרף דאָס טאָן קעדיי צו קאָנען האַלטן דעם קערפּער כאָטש אַ העלפט איינגעטונקען, דערביי פאַרזיכערנדיק מיך, אַז איך דאַרף נישט מוירע האָבן, ווייל מען קאָן דאָ בעשום אויפן נישט דערטרונקען אָדער איינגעזונקען ווערן.

די „בלאָטע" — אַן אָנגענעם־הייסע — האָט מיר גלייך „פאָליובעט" און איך האָב מאַמעש געפילט ווי איך קאָן לייכטער באַוועגן די פיס אַן וויטיקן. קיין דאָק־טער, וואָס זאָל אויפפאַסן און פאַרשרייבן ווי לאַנג מען דאַרף זיין אין דער באָד, איז נישט געווען. זענען טאַקע טייל קראַנקע אָפּגעלעגן גאַנצע טעג, קימאַט פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג, גלויבנדיק, אַז וואָס מער — אַלץ בעסער. איינער האָט אַפילע געשלונגען די שטינקענדיקע בלאָטע, אין זיכערקייט, אַז דאָס וועט אים גיכער געזונט מאַכן. איך, נאָכן אָפּליגן אין דער „בלאָטע" אַרום אַ שאָ צייט, בין אַרויס און זיך אַוועקגעלייגט באַקן קעגן דער זון, ביז די בלאָטע איז אַף מיר פאַרהאַרטעוועט געוואָרן ווי גראָבער לעדער. שפּעטער, אַז איך בין שוין גרייט געווען צוריקצוגיין אין צימער אַריין, איז אויפגעשוואומען די פראַגע ווי אַזוי זיך אַרומצוואַשן און זיך אָפּצורייניקן פון דער בלאָטע. קיין וואַסער אַרום איז נישט געווען. די ספּעציעלע קאַמער אַף צום וואַשן זיך, וואוהין עס האָבן זיך אַמאָל געהאַט געצויגן רערן מיט וואַסער פונעם בערגל אַרונטער, איז אויך געווען צעשטערט, און אַ ליידיקער פאַריאָסעמטער קעסל איז געהאַנגען אַף אַ הויכן געשטעל. עטלעכע פּויערים זענען געשטאַנען מיט עמערס וואַסער און פאַרקויפט צו ביסלעך פאַר גאַנץ היפּשע פרייזן, וואָס נישט יעדער האָט זיך געקאָנט פאַרגינען.

מיר, די קראַנקע, האָבן אָפּגעהאַלטן אַ פאַרזאַמלונג צו באַשטימען וואָס צו טאָן. און באַשלאָסן זיך צו באַשטייערן מיט צו 25 קאָפּיקעס אַ טאָג יעדער און פאַר דעם געלט דינגען אַ צוויי פּויערים, וואָס זאָלן אונדז באַזאָרגן מיט וואַסער און אַנדערע נויטיקייטן. די וואַסער־סאָכרים האָבן זיך אַפילע געבונטעוועט, אָבער מיר האָבן אויסגעפירט. אַף צומאָרגנס האָבן צוויי פּויערים פון אַ דערבייאיקן דערפל קעסיידער געטראָגן וואַסער און געהאַלטן פול דעם איינציק־געבליבענעם

קעסל, פון וועלכן עס האָט אַרויסגעסטאַרטשעט אַ שפּריצער. מיר האָבן אויך באַשטימט וויפל וואַסער און ווי לאַנג יעדער איינער מעג באַנוצן דעם שפּריצער, און דאָס אָפּגעהיטן מיט אַ זעלטענער זעלבסט־דיסציפּלין.

נאָך עטלעכע טעג זיין אין די „בעדער" האָבן מיר אויך איינגעשטעלט פאַר זיך אַ געמיינשאַפטלעכע, קאָאָפּעראַטיווע קיך. ביז דאַן האָט יעדער איינער זיך געדאַרפט פאַרשאַפן זיין אייגענע שפּייז — דאָס ראָוו מילך מיט ברויט, אַמאָל אויך אַן איי, וואָס פּויערטעס האָבן געבראַכט פון די דערפער. מיט דעם איינשטעל פון דער קיך האָבן מיר שוין איינמאָל אין דריי טעג געהאַט אויך פלייש, וואָס דער געזונט־קאָמיסאַריאַט האָט אָף אונדזער באַקאָשע אונדז צוגעשטעלט פאַר האַלבע קאָסטן, און מיר האָבן מאַמעש אויפגעלעבט...

נאָך פיר וואָכן זיין אין אַכטאַלאַ, און דעם טעגלעכן באָדן זיך, זענען פון טיפליס מיטאַמאָל אָנגעקומען צוויי אינזשענערן מיט אַ צאָל אַרבעטער און מען האָט זיך גענומען צום צוריק אויפשטעלן דאָס באָד־פּלאַץ. איך האָב זיך שוין געפילט פיל בעסער, כאָטש איך האָב זיך נאָך געדאַרפט אָנשפּאַרן אָף קוליעס און זיך אָפּשטעלן נאָך יעדע עטלעכע צענדליק טריט, קעדיי די אָנגעלאָפענע וויטיקן זאָלן אָפּטרעטן. סיי ווי סיי, מיין דערלויבעניש האָט זיך געענדיקט און איך בין צוריקגעפאָרן, אַהיים קיין טיפליס...

* * * * *

אין די עטלעכע וואָכן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין די „בלאָטע־בעדער" פון אַכטאַלאַ, האָט זיך נישט נאָר מיין אייגענער געזונט־צושטאַנד פיל פאַרבעסערט, נאָר אויך די לאַגע אין לאַנד, דער איקער אין טיפליס, האָט זיך אָף אַזויפיל געביטן צום בעסערן, אַז אַלץ האָט אויסגעזען קימאַט ווי נאָרמאַל. בעאַיס מיין אַהיימקומען האָב איך נאָך ביים וואקזאַל באַמערקט די ענדערונג. די טראַמוואַיען, וואָס זענען געהאַט ווי פאַרשוואונדן באַלד נאָכן זיג פון די אַרבעטער־מאַסן, האָבן ווידער אָנגעפילט די גאַסן מיטן לעבעדיקן געקלאַנג. אויך די דראָשקעס, וואָס זענען בעאַיס מיין אַוועקפאָרן נישט געווען, האָבן ווידער, פּונקט ווי אַמאָל, טומלדיק קורסירט איבער די גאַסן מיטן פערדישן פּאָדקאָווע־געקלאַפּ...

דאָס אינערלעכע לעבן פון שטאָט איז אויך געוואָרן לעבעדיקער, אַקטיווער. די קולטור־טעטיקייט האָט מאַמעש געברויזט. פּענימער האָבן געלויכטן ביי די שפּאַצירנדיקע מענטשן, בעאַיס זיי זענען אין די פאַרנאַכטן אַוועק אין זייערע גאָרטן־קלובן צו פאָרשטעלונגען, לעקציעס, טענץ און אַנדערע פאַרווײלונגען...

איך בין געווען שטאַרק געקרענקט. מיר איז אַזוי שווער געווען צו מאַכן דעם נויטיקן ריס און — גראָד איצט, אין אָט דער אויפלעבונג — אַוועקפאָרן קיין אויסלאַנד, איבערלאָזנדיק הינטער זיך די אַלע טעטיקייטן וועלכע איך האָב טאָמיד אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, און די דערגרייכטע פרייהייט צו וועלכער איך האָב אַזויפיל יאָרן געשטרעבט... מיר איז אויסגעקומען עפּעס נאָר ווי איינער, וואָס אַנטלויפט פון אַ געליבטער מיט וועלכער ער איז אַרומגעגאַנגען יאָרן לאַנג,

אַלץ געהאַפּט אַפן כאָסענע־טאָג, און אַט —ביים אַנקום פון זיין אויסגעטרוימטן גליק — זיך אויפגעהויבן און איז אַוועק דערפון...

אין מיין מויעד האָב איך דעריבער אַנגעהויבן בויען אַ האָפענונג, אַז עפּשער איצט, ווען מיר איז אַזוי בעסער געוואָרן, וועל איך פאָרט קאָנען בלייבן...

איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט מיינע דאָקטוירים. געהאַפּט האָב איך, אַז זיי וועלן איינשטימיק זיין מיט מיר. איך האָב פאַשעט געוויינט פאַר זיי, נאָכדעם ווי דאָקטער ראַטנער האָט מיר גאַנץ ערנסט אַ זאָג געטאָן:

— מיט אַזעלכע זאַכן שפּילט מען זיך נישט! עס איז, אָדער איר פאָרט אַוועק און ראַטעוועט זיך דאָס לעבן, אָדער... איר וועט עס דאָ פאַרלירן...

און זעענדיק מיין געבראָכנקייט, מיט אַ פינטל פון אויג צוגעגעבן:

— ערשטנס, קאָן מען פונדערווייטנס אויך האַנאָע האָבן. צווייטנס, ווער קען עס זאָגן, אַז דאָרט וואו איר פאָרט וועט בעקאַרעוו נישט קומען דערצו?...

מיין פריינט איטשע מאַיער שפּילריין, אַ פילאָלאָג, האָט שפּאַסיק געזאָגט:

— יאָ, אַמעריקע איז אויך אַ לאַנד! און וועגן דעם אַמעריקאַנישן לאַשן דאַרפסטו זיך אויך נישט זאָרגן. עס איז בלויז אַ צעקאַליעטשעטער אידיש... וואַסער איז באַ זיי — וואָטער, ברויט — ברעד. אַ קו — קאַו, אַן אָקס — אָקס, און אַ שויטע — איז „פול”. טאָ זיי זשע נישט קיין „פול” און פאָר!...

געזען, אַז עס איז פאַרפאַלן, האָב איך גענומען מיינע דאָקומענטן און דעם פאַרשריפט פון די פּראָפעסאָרן, און בין אַוועק אין אויסלאַנד־קאָמיסאַריאַט, צו בעטן אַ פאַספּאָרט מיט אַ דערלויבעניש אַרויסצופאָרן קיין אויסלאַנד...

עס האָט נישט לאַנג גענומען און איך האָב געקראָגן די דערלויבעניש און אַן אויסלענדישן פאַספּאָרט. איך האָב ווידער אויספאַרקויפט דאָס מעבל פונעם הויז און אַ טייל פון מיינע און מיין ווייבס קליידער, האָב איינגעפּאַקט די נויטיקע זאַכן, צוזאַמען מיט אַ טייל פּאַפּירן מיינע, און בין מיט מיין ווייב און 13 כאַדאָשים־דיקן זון אַוועק קיין באַטום. דאָרט האָבן מיר זיך אויפגעזעצט אף אַ פראַכט־שיף קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, וואו עס האָט זיך געפונען דער אַמעריקאַנישער קאָנסול פון טיפליס מיט מיין פאַרטיקער וויזע קיין אַמעריקע...

— סאָף —

# ערן-צעטל

פון די פריינט, עמעסע ליבהאָבער פון געדרוקטן פּראָגרעסיוון אידישן וואָרט, וועלכע האָבן אין די יאָרן פון מיין שווערן לעבן מיר געהאָלפן דורך ברענגען מיינע ווערק צו די לייענער-מאַסן. זאָל דאָס זיין צו זייער אייביקער לויב!

י. א. אַבראַמאָוויטש
ז. אַראָנסאָן
לינאַ אַזעראָוו (טאָמס ריווער)
אייב אייזענבערג
שייקע אייזנמאַן

אַרן בערג
מאָריס באָרטניק
פיליפ בעקער
יאָסל בראָנשטיין (פילאַ)
מאַקס בראָנשטיין
סאָניע בראָנשטיין
מאָריס בילאַנדער
מאָריס בין (יאָנגסטאָן)
סאָניע בערמאַן
סאָל ביאַלער

נעיטן גערלאַק
ראָוז געווירץ (סאַן-פראַן)
דזשאָו גאָלדריטש (מינעאַפּ)
עליע גראָסבאָום
בען גודמאַן (טשעלסי)
ה. געווירץ (וועסט נ. י.)
סאָל. גאָלדמאַן
י. גאָלדמאַן (לאָס אַנדזש)

גאָלדע דוביצקי
סעם דאַווידזאָן (סט. פּאָול)
מאַקס דזשענקינס (פּיטסבורג)

דר. א. ווינשטיין
מייער וואַרשאַווסקי
וואָלף ווייס
איצכאָק וואָגשאָל
ל. ווינער

סעם זוסמאַן

ס. טיקאָצקי (עליזאַבעט)
מרס׳ ד. טאַבאַקמאַן (קליוו)
דאָוויד טוירנער

יאַקעוו יעלין

ב. כאַזאַנאָוו

עני און בעני לאַמבערט
י. ליף
טעוויע לעווין
ס. לעיבאָוויטש
איידע לעווין (באַלטימאָר)
נאַדיע לון (לאָס אַנדזש)
באָוויירים ליכטנשטיין (קליוו)
מ. לאַזאַרוס (פּראָווידענס)

מאָריס מאַרקוס
מערי מערלין (לאָס אַנדזש)

ראָוז נעמצאָוו (לעיקוואָוד)

זעליק סמאָלאָוו
מאָריס סאָוויטש (פּעטערסאָן)
אַלעקס סיראָטאַ
לאָטי סטיין
מיני סמאָלער
כ׳טע סעגער (שיקאַגאָ)
מאַקס סילווערשטיין
שילעם סיטמאַן
י. סאָטענבערג

מייער פּערלין

רייזל פענסטער
העלען פענסטער
ריילי פּיליצער (פּעטערסאָן)

ס. פישער (פּיבאָדי)
בען פינקענטאַל

איצכאָק צפּאָס

טשאַרלז קעלבערג
סאָפיע קאָרסון
מאַניע קליינבערג
נ. ד. קאָרמאַן (פילאַ)
טש. קליינפעלד (טשעלסי)
סעם קופער (באַלטימאָר)
שיפרע קעסלער (דעטרויט)
מערי קאָרסאָן (קליוולאַנד)
דר. פ. קאַמעניר
כ׳טע ס. קאַלמאַן (טאָראָנטאָ)
סערע קאָהען

עמיל רייכערסאָן
ה. ראָוסט (סט. פּאָול)
מאַקס ראָזנצווייג

נעיטן שייפער
הערש שטיינהאַרט
קלאַראַ שולמאַן (וואַשינגטאָן)
העטי שליץ (פּאָרטסמוט)
סאָניע שניידער
סעם שפּיגעל
זישע שאַפּיראָ
י. שייפער
אָסקאַר שניידערמאַן
דזשאָו שיפער (דעטרויט)
לואי שומאַן
הערי שערמאַן
ריווקע שויכעט (דעטרויט)
הערי שוסטער
יאַנקעוו שעוואַך (אַרגענטינע)

---

# „ספּאָנסאָרס" און מיטגלידער פונעם דאַווידזאָן בוך-קאָמיטעט

ש. אַלמאַזאָוו
י. ב. ביילין
אַרן בערג
יאָסל בראָנשטיין (פילא.)
בען גאָלד
איטשע גאָלדבערג
נעיטן גערלאַק
גאָלדע דוביצקי
דר. א. ווינשטיין

רואוון זאַלצמאַן
רואוון יוקלסאָן
ל. כאַנוקאָוו
א. לעכאָוויצקי
נאַכמען מייזעל
א. מאַימודעס
פ. נאָוויק
גדאַליע סאַנדלער
א. עלעף (קליוו.)

מאַקס פּערלאָוו
י. פריד
סאָפיע קאָרסון
מוישע קאַץ
קלאַראַ שולמאַן (וואַש.)
דזשאָו שיפער (דעט.)
נעיטן שייפער, פּאָרזיצער
הערש שטיינהאַרט, סעקרעטאַר
אַלעקס סיראָטאַ, קאַסירער

# אינהאַלט



---

## רעשימע פון בילדער אין דעם בוך



---

שאַר־בלאַט און הילע — געצייכנט פון מעכאַבער